אינסטיטוט פאר ייִדישער קולטור בא דער אלוקראַיִנישער
וויסנשאפטלעכער אקאדעמיע. ליטעראַרישע סעקציע

# י. אקסענפעלדס ווערק

אונטער דער רעדאקציע פונ
מ. ווינער

ערשטער באנד

מעלוכע־פארלאג „ליטעראטור אונ קונסט“
כארקאָװ 1931 קיִעוו

די ביבליאָגראַפישע פאַרצייכענונג
פונעם בוך און די שיפערן פאַר
ביבליאָטעק-קאַטאַלאָגן זײַנען אָפּגע-
דרוקט אין „צײַטשריפט פון דרוק“ און
אין דעם „קאַרטן-רעפּערטואַר“ פון
דער אוקראַיִנישער ביכער-פּאַלאַטע.

אלוקר. פּאָליגראַפישע פאַרייניקונג,
קיִעוו. 2-טע דרוקערײַ וואָראָווסקיס גאַס, 42
ב. № 3998. געדר. 3.000 24 דר.-ב.
שטאָטליט 1150.

# י. אקסענפעלדס ווערק

מיט א ביאָגראפיע און ביבליאָגראפיע, אָפהאנדלונגען,
אָנמערקונגען, א גלאָסאר און פאקסימיליעס

# צו דער אויסגאבע

אינ דער ייִדישער האסקאָלע־ליטעראטור ביז מענדעלענ האָט קיינ איינציקער בעלעטריסט ניט ארומגענומענ אזוי פיל אקטועלע געזעלשאפטלעכע פראָבלעמעס אונ זיכ ניט אָפגערופנ אפ זיי מיט אזא אויספירלעכקייַט, טעמפעראמענט אונ פילבארקייַט, ווי אקסענפעלד אינ זייַנע ווערק. קיינער האָט ניט אזוי פינקטלעכ אונ גרינטלעכ באשריבנ די סאָציאַלע אונ עקאָנאָמישע טיפנ, דעמ עקאָנאָמישנ אונ עטנאָגראפישנ שטייגער פונ זייַנ צייַט. בא קיינעמ געפינענ מיר ניט אזוי אומיטלבאר אונ קאָנצענטרירט אָפגעשפיגלט די געזעלשאפטלעכע פאקטנ אונ די טענדענצנ פונ דער ייִדישער האסקאָלע; — ניט ווי זיי באווייַזנ זיכ קייַלעכיק אונ אָפגעשליפנ אינ מער אָדער ווייניקער ט ע אָ ר ע ט י ש ע פראָגראמעס, נאָר אזוי ווי זיי האָבנ זיכ אויסגעווירקט אינעמ לעבנ מיט אלע זייערע אָפענע אונ פארהוילענע מאָטיוונ. אינ אקסענפעלדס ווערק האָבנ מיר אנ עמעסנ אוצער מאטעריאלנ פארנ דערלערנענ דעמ לעבעדיקנ שטייגער פונ יענער צייַט אונ דעמ אינעווייניקסטנ מעהוס פונ דער האסקאָלע.

די געשיכטע פונ דער ייִדישער ליטעראטור אינ דער ערשטער העלפט 19־טנ יאָרהונדערט געפינט זיכ נאָכ בא הייַנטיקנ טאָג אינ א זייער רויענ, דערווייַליקנ צושטאנד, זי האלט ערשט באמ אָנהייב פונ א וויסנשאפטלעכער דורכארבעטונג. עס הייבנ זיכ ערשט אָנ אָנצומערקנ אירע הויפט־שטריכנ, אנטוויקלונגס־ליניעס אונ פעריִאָדנ. די דערווייַל פעסטגעשטעלטע אנטוויקלונגס־ליניעס זייַנענ זייער דינע, פארלירנ זיכ אמאָל אינ טונקלקייַט, רייַסנ זיכ אָפט איבער. עס איז אָפט שווער צו דערקענענ אונ צו דערזענ די קאָנטינויִטעט פונ די שרייַבער־דורירעס. עס האָט אמאָל א פאָנעמ, ווי א שרייַבער פונ יענער צייַט וואָלט מאמעש אָנגעהויבנ צו שאפנ די ליטעראטור אפסנייַ, אָנ שומ טראדיציעס, אָנ שומ פאָרגייער אינ דער ייִדישער ליטעראטור. פונדאנענ נעמט זיכ, אז מיר האָבנ אמאָל די נעטיִע צו באטראכטנ די קלאסיקער פונ דער אנדערער העלפט 19 יאָרהונדערט, אשטייגער, ווי זיי וואָלטנ אינ דער ייִדישער ליטעראטור גופע קיינ שומ פאָרגייער ניט געהאט אונ זיי וואָלטנ מיט זיי אינ קיינ שומ צוזאמענהאנג ניט געשטאנענ. אמאָל שרייַבנ מיר זיי צו דערגרייכונגענ, וואָס זייַנענ שוינ לאנג פ א ר זיי אופגעטונ געוואָרנ, אונ באמערקנ מעמיילע ניט ווי געהעריק די אייגנטלעכע אידעאָלאָגישע אונ פאָרמאלע נייַסנ, וואָס אונטערשיידט זייער שאפנ פונעמ שאפנ אינעמ פריִעריקנ פעריִאָד. פונדאנענ נעמט זיכ, לעמאָשל, וואָס מיר באצייכענענ אונ כאראקטעריזירנ איינהייַטלעכ, קימאט אָנ שומ דיפערענצירונג, א פעריִאָד פונ קאָרעוו הונדערט יאָר — פונ מענדל לעפינ ביז מענדעלענ (אונ מענדעלע אויכ אייַנגעשלאָסנ), — אלס האסקאָלע סטאמ, כאָטש „די האסקאָלע" האָט אינ מעשעכ פונ א גאנצנ יאָרהונדערט עטלעכע מאָל אונ גרינטלעכ געביט איר באזיס אונ איר סאָציִאַלע פונקציע. אינ א באשטימטער מאָס נעמט זיכ אויכ פונדאנענ די אָרעמקייַט פונעמ קריטישנ דיפערענצירנ די פאָרמאל־קינסטלערישע זייַט פונ די פארשידענע שרייַבער אינ מעשעכ פונ א גאנצנ יאָרהונדערט, די אָרעמקייַט פונעמ קריטישנ דיפערענצירנ, וואָס באגרענעצט זיכ אָפט דעריקער בלויז מיט א „קוואנטיטאטיוונ" אָפשאצנ, וואָס מעסט בלויז אויס דעמ טאלאנט־גראד אונ ווערט, אונ לאָזט זיכ ניט אריינ אינ דעמ ספעציפישנ, אייגנארטיקנ, כאראקטעריסטישנ באטייַט פונ דער פאָרמ אינ יעדנ פעריִאָד באזונדער, פונ דער פאָרמ, וואָס איז ענג צונויפגעבונדנ מיט די געגעבענע געזעלשאפטלעכע באציִונגענ, אָבער אויכ מיט די באקומענע ליטעראַרישע טראדיציעס.

דערדאָזיקער „אומהיסטאָרישער“ צוגאנג ווערט אמאָל נאָך מער פארשטארקט דורך דער פאָרשטעלונג, אז העיויס אסאך וויכטיקע ווערק פונ דער יִדישער ליטעראטור אינ דער ערשטער העלפט 19 יאָרהונדערט זײַנעַנ צו זייער צײַט ביכלאל ניט געדרוקט געוואָרנ — איז פונדאנענ געדרונגענ, אז זיי זײַנעַנ ניט צו זייער צײַט אונ ניט אינ א שפּעטערדיקער צײַט נישט געווענ קיינ געזעלשאפטלעכ אונ ליטעראריש־ווירקנדיקער פאקטאָר. דידאָזיקע פאָרשטעלונג איז אָבער ניט ריכטיק. קלאָר, אז די ניט אינ דער צײַט געדרוקטע ווערק האָבנ נישט געקאָנט אזוי ווירקנ, ווי זיי וואָלטנ געווירקט, ווענ זיי זאָלנ יאָ געדרוקט ווערנ צו דער צײַט. אָבער עס איז אָנ שום סאָפעק פעסטגעשטעלט, אז א וויכטיקע, אמאָל גאָר באדײַטנדיקע, ווירקונג אפ די צײַט־מענטשנ האָבנ אפילע די צו דער צײַט ניט געדרוקטע ווערק יאָ געהאט. ניט בלויז די ניט־געדרוקטע מ א ס ק י ל י ש ע פאָלקס־לידער (לעמאָשל, פונ גאָטלאָבערנ א. א.), וואָס זײַנעַנ ארײַנ „אינ די מאסנ“ אונ זײַנעַנ דאָרט אמאָל אפילע אינגאנצנ „פארשווונדנ“, נאָר אויכ די גרעסערע ווערק אונ פּיעסעס (לעמאָשל, פונ לעווינזאָנענ — לויט גאָטלאָבערס איידעס־זאָגנ, האָט „די העפקער וועלט“ צירקולירט איבער גאנצ וואָלינ אונ נאָכ ווײַטער [1]), — פונ עטינגערנ, אקסענפעלדנ א. א.), וואָס זײַנעַנ געגאנגענ אינ קסאוו־יאדנ פונ האנט צו האנט, האָבנ געהאט א באדײַטנדיקע געזעלשאפטלעכע אונ ליטערארישע האשפּאָע, לעפּאָכעס אפ די מאסקילישע אונ שרײַבערישע קרײַזנ. יעדנפאלס אָבער אפ אזויפיל, אז דידאָזיקע האשפּאָע האָט אפ א וויכטיקנ אויפנ באשטימט די פאָרמ־טראדיציעס, די אנטוויקלונגס־קאָנטינויִטעט, די קינסטלערישע צוגרייטונג אונ אויספאָרמירונג פונ דער ליטעראטור־שפּראכ אונ פונ די ליטערארישע זשאנרענ — ביז צו מענדעלענ אונ פּערעצנ (אונ פונ זייער שאפנ גופע אויכ).

גריבאָיעדאָווס „Горе от ума“, קרילאָווס מעשאָלימ אונ דער באוווסטער טייל פונ פּושקינס לידער אונ עפּיגראמעס האָבנ אלס קסאוו־יאדנ בעלי־סאָפעק אסאך פריִער געווירקט אפ דער רוסישער געזעלשאפטלעכקײַט אונ ליטעראטור, איידער זיי זײַנעַנ געדרוקט געוואָרנ. ווענ דידאָזיקע ווערק וואָלטנ ביכלאל ניט דערשינענ אינ דרוק, וואָלט זייער באטײַט פאר דער רוסישער ליטעראטור־אנטוויקלונג געווענ א קלענערער, ווי ער איז פאקטיש געווענ, אָבער א ניט־אויסמעקבארע ווירקונגס־שפּור וואָלט פונ זיי אינ דער געזעלשאפטלעכקײַט אונ אינ דער ליטעראטור פאָרט געבליבנ. דער ליטעראטור־היסטאָריקער וואָלט זיכ אויכ דאנ פאר דער דערקלערונג פונ די איבעריקע ליטערארישע צײַט־דערשײַנונגענ ניט געקאָנט באגיינ אָנ א גרינטלעכער אויספאָרשונג פונ דידאָזיקע ווערק. מע רעדט דאָכ וועגנ טויזנטער האנטשריפטלעכע קאָפּיעס, וואָס זײַנעַנ צו יענער צײַט אומגעגאנגענ פונ גריבאָיעדאָווס פּיעסע.

די מאסשטאבנ זײַנעַנ דאָ, אינ דער יִדישער ליטעראטור, פארשטייט זיכ, אינ יעדער באציִונג געוואלדיק פארשידענע. אָבער אויב מיר רעדנ וועגנ דער רעלאטיוו קלײנער יִדישער ליטעראטור אינ דער ערשטער העלפט 19 יאָרהונדערט, מוזנ מיר צו איר צוגיינ אינ אלע פּראָטימ מיט אנטשפּרעכנדיקע מאָסנ. מיר מוזנ דאָ שטענדיק געדענקענ דעמ „ווערדליג אונ פּאָדליג“, די רעלאטיווע וואָג. אונ דאָ האָבנ שוינ, לעמאָשל, די צענדליקער קאָפּיעס פונ עטינגערס „סערקעלע“ געשפּילט א באשטימטע וואָגיקע ראָל. מיר ווייסנ זיכער, אז א גאנצע ריי יִדישע שרײַבער פונ יענער צײַט זײַנעַנ באקענט געווענ מיט עטינגערס ווערק דורכ קסאוו־יאדנ אונ זײַנעַנ פונ זיי באווירקט געוואָרנ. דאָס אייגענע דארפ מענ זאָגנ וועגנ אקסענפעלדס ווערק. לויט די מאָסנ פונ דער יִדישער ליטעראטור צו יענער צײַט אונ פונ דער דעמאָלטיקער פּראָגרעסיווער יִדישער געזעלשאפטלעכקײַט, האָבנ דידאָזיקע אונ ענלעכע ווערק אָפּגעשפּילט א היפּשע געזעלשאפטלעכע אונ ליטערארישע ראָל. די צאָל יִדישע מאסקילימ איז דעמאָלט ביכלאל געווענ פארהעלטניסמעסיק ניט קיינ גרויסע. א גאָר וויכטיקער טייל פונ זייערע ווירקונגענ איז

[1]) זע אויכ: פּ. א. אלאבינ אינ „Русская Старина“ 1879, ציטירט אינ „ספר הזכרונות“ פונ ד. ב. נאטאנזאָנ, ז. 154 (אויסג. 1894): „דידאָזיקע בראָשור איז געווענ פארשפּרייט צווישנ לעווינזאָנס באקענטע אונ פּרײַנט אלס קסאוו־יאד...“

געגאנגענ אפנ מינדלעכנ, בריוולעכנ און האנטשריפטלעכנ אופנ („...מי ממשכילי בני ישראל המעטים בארצנו אז ערב לבו לגשת אל בית הדפוס לתת לספרו מהלכים ?" זע א. ב. גאָטלאָבער: „הגזרה והבניה" אינ „הבקר אור" 1879, ז. 975). די ליטעראַרישע פאקטנ פונ יענער צײַט און סוויווע מוז מענ אָפּשאצנ לויט זײער רעלאטיווער וואָג. אינ די ראמענ פונ דער ייִדישער געזעלשאפטלעכקײַט און ליטעראטור פונ ערשטער העלפט 19 יאָרהונדערט אינ אוקראַיִנע פארנעמענ פונדעסטוועגנ די קארגע און קנאפּלעכע ווערק, וואָס זײַנענ טײלווײַז ביכלאל קײנמאָל ניט געדרוקט געוואָרנ און פארלוירנ געגאנגענ, און צומטײל מיט א שטארקער פארשפּעטיקונג דערשינענ, און וואָס זײַנענ צו זײער צײַט אומגעגאנגענ אלס קסאוו־יאדנ, — פּאָרט א באשטימטנ ערנסטנ אָרט. די ראָל פונ דערדאָזיקער צוערשט קסאוו־יאדישער ליטעראטור איז געווענ אפּ אזויפיל וויכטיק, אז אָנ איר פינקטלעכער דערלערנונג וועט זיכ די אויספאָרשונג פונ דער ייִדישער געשיכטע און געזעלשאפטלעכקײַט פונ יענער צײַט און אויכ פונ דער ליטעראטור, אפילע פונ דעמ שפּעטערדיקנ, ווײַט מער אנטוויקלטנ „קלאסישנ" פּעריאָד, ניט קענענ באגײנ. ניט בלויז ווײַל דידאָזיקע ליטעראַרישע דאָקומענטנ שטעלנ מיט זיכ פאָר א קאָנצענטרירטנ אויסדרוק פונ דער דעמאָלטיקער געזעלשאפטלעכקײַט און קענענ דערפאר דינענ אלס קוואלנ־מאטעריאל פונ א באשטימטנ ווערט, נאָר אויכ ווײַל זײ האָבנ אפּ א געוויסנ אופנ באווירקט און אויסגעפורעמט די ליטעראַרישע טראדיציע. פונקט אזוי „ווי יעדע נײַע טעאָריע מוז קוידעמקאָל אָנקניפּנ אָנ דעמ ביז־איצטיקנ געדאנקענמאטעריאל, וואָס זי געפינט — ווי שטארק זי זאָל ניט זײַנ פארוואָרצלט אינ די עקאָנאָמישע טאטזאכנ" (ענגעלס, „אנטי־דירינג", ז. 1), פונקט אזוי מוז אויכ יעדע נײַע שטרעמונג אינ דער ליטעראטור אָנקניפּנ פעדימ אָנ דער ביזדעמאָלטיקער ליטעראַרישער אנטוויקלונג, אפילע ווענ זי באקעמפט די ביזדעמאָלטיקע ליטעראַרישע סיטואציע און איז לאכלוטנ א רעזולטאט פונ נײַע עקאָנאָמישע און סאָציאַלע טאטזאכנ.

פאר דער פאָרמאלער זײַט פונ א ליטעראטור אינ א נײַער אָדער באנײַטער שפּראכ קענענ ניט קלעקנ ב ל ו י ז די טראדיציעס פונ אנדערש־שפּראכיקע ליטעראטורנ, ווײַל איר פאָרמאלע אנטוויקלונג איז דעמאָלט אינ א באזונדערס שטארקער מאָס אָפּהענגיק ניט בלויז פונ דעמ צושטאנד אינ די באווירקנדיקע ליטעראטורנ, נאָר אויכ פונ דעמ גראד שפּראכלעכער און פאָרמאלער צוגערײטקײַט און אויספורעמונג פונ די אויסדרוק־מעגלעכקײַטנ אינ דער אײגענער ליטעראטור גופע. א נײַע ליטעראַרישע טקופע, וואָס פירט ווײַט ארויס די ליטעראטור פונ די באקומענע טראדיציעס אָדער וואָס ברעכט גאָר מיט זײ אינגאנצנ, מוז, פונדעסטוועגנ, אינ אזא אָנהײבערישנ פּעריאָד, ווענ די ליטעראטור־שפּראכ ביכלאל און די קינסטלערישע פאָרמעס פונ די נײַע סאָציאַלע גרופּעס ביפראס הײבנ זיכ ערשט אָנ אויסצופורעמענ, נעמענ אינ אכט די ביזדעמאָלטיקע דערגרײכונגענ פונ דער אײגענער ליטעראטור און אָנעמענ צו זײ א באשטימטע — אלצײנס אינ וואָסער מאָס נעגאטיווע אָדער פּאָזיטיווע — פּאָזיציע. א נײַע „נאציאָנאלע" ליטעראטור האָט די פונקציע צו לײזנ א ספּעציפישנ פּראָבלעמעס־קרײַז, אָדער צוצופאסנ אלגעמײנע פּראָבלעמ־לײזונגענ צו א באזונדערער סוויווע. צוליב דעמ אנטשטײט דאָכ א נײַע „נאציאָנאלע" ליטעראטור. דידאָזיקע ספּעציפישקײַט פונ דער פּראָבלעמאטיק דערלויבט ניט זיכ באנוגענענ מיט ליטעראַרישע האשפּאָעס פונ אנדערע ליטעראטורנ און צו איגנאָרירנ, באזונדערס אינ דער ערשטער צײַט פונ אנטוויקלונגס־פארלויפ, די אײגענע, זאָל זײַנ יונגע טראדיציעס. זי דארפ דידאָזיקע טראדיציעס האָבנ ניט בלויז קעדײ צו קאָנענ באוועלטיקנ די ספּעציפישע פּראָבלעמאטיק לויט די אלגעמײנע פּרינציפּנ, נאָר אפילע צוליב דעמ קעדײ אלצ בעסער ארויסצוגעפינענ און צו פארפולקומענ די בעסטע צופאסונגס־מעטאָדנ פאר די אידעאָלאָגישע און פאָרמאלע האשפּאָעס פונ אנדערע קולטור־ און ליטעראטור־טכומענ, קעדײ צומ בעסטנ צ ו צ ו ג ר ײ ט נ די אויסדרוק־מיטלענ פונ דער נײַער נאציאָנאלער ליטעראטור פאר די אלגעמײנע געדאנקענ און זײערע פאָרמעס. די ייִדישע ליטעראטור פונ דער אנדערער העלפט 19 יאָרהונדערט און אפילע די ווערק פונ די קלאסיקער זײַנענ דורכויס ניט קײנ „מעשה בראשית", זײ זײַנענ געשטאנענ אינ אנ ענגנ צוזאמענהאנג — סײַ אפּ א

פאָזיציונ, סײַ אפּ א פארנײנענדיקנ אויפנ — מיט דער ליטעראטור פונ דער ערשטער העלפט 19 יאָרהונדערט. אָנ דער דערלערנונג פונ דער ליטעראטור אינ דער ערשטער העלפט 19 יאָרהונ־דערט וועלנ אונדזערע קענטענישנ וועגנ די קלאסיקער בלײַבנ פראגמענטאריש.

באשטימטע ליניעס פונ קאָנטינויִטעט — כאָטש טאקע פונ א דיִאלעקטישער קאָנטינויִ־טעט — מערקנ זיכ שוינ אָנ אפילע הײַנט, באמ שטארק דערווײַליקנ צושטאנד פונ דער ליטע־ראטור־געשיכטע פונ 19 יאָרהונדערט. זיי ציִענ זיכ פונ אייכל, וואָלפזאָנ, מענדל לעפינ, דעמ מע־כאבער פונ דער אנאָנימער „די גענארטע וועלט״, עטינגער, לעווינזאָנ, אקסענפעלד, איבער גאָטלאָ־בער, גאָלדפאדנ — ביז צו מענדעלע אונ פערעצ. מיר הייבנ שוינ אָנ צו דערזענ די שאפערישע באציִונגענ צווישנ באשטימטע גרופּעס אונ דוירעס יִדישע מאסקילימ פונ דער ערשטער העלפט 19 יאָרהונדערט. עס הייבנ זיכ שוינ אפילע אָנ אָנצומערקנ, כאָטש טאקע דערווײַל נאָכ אינ גענוג אלגעמיינע שטריכנ, אכוצ קלענערע נעבנ־ליניעס, — צוויי הויפּט־ליניעס, וואָס ציִענ זיכ זײַט דעמ אָנהייב פונ דער האסקאָלע ביז צומ אָנהייב 20 יאָרהונדערט, צוויי הויפּט־ליניעס, וואָס האָבנ זיכ טאקע קעגנזײַטיק באווירקט, וואָס טיילנ זיכ אָבער לויט זייער סאָציִאלנ אונ פאָרמאלנ מעהוס שטארק אָפּ איינע פונ דער אנדערער.

מיר זעענ איינ הויפּט־ליניע, וואָס ציט זיכ גענוג דײַטלעכ פונ דעמ אנאָנימוס, וואָס האָט געשריבנ „די גענארטע וועלט״, פונ עטינגערנ, עפראיִמ פישלזאָנ (לויט מ. עריקס נאָכווײַז — דער מעכאבער פונ „טעאטער פונ כסידימ״), מאקמאנ, פערעצנ, — אונ די צווייטע ליניע, וואָס ציט זיכ פונ לעווינזאָנ, אקסענפעלד, גאָטלאָבער, גאָלדפאדנ, איבער ליניעצקי, מענדעלע, ביז צו שאָלעמ־אלייכעמענ. דידאָזיקע ליניעס אנטוויקלענ אונ אונטערשיידנ זיכ לויט דעמ פארשידענעמ היסטאָרישנ אנטוויקלונגס־גאנג אונ אנטוויקלונגס־טעמפּ פונ בורזשוי־אזיִע אונ קליינבירגערטומ אינ צוויי, סײַ עקאָנאָמיש, סײַ סאָציִאל, סײַ פּאָליטיש, פארשידנארטיקע קאנטנ, זיי צעטיילנ זיכ טעריטאָריִאל צווישנ פּוילנ אונ אוקראיִנע. דיִאלעקטאָלאָגישע דיפערענצנ צווישנ די צוויי ליניעס שפּילנ דאָ א נעבנזעכלעכע ראָל. דעריקער איז דאָ וויכטיק די פארשידנארטיקײַט פונ די עקאָנאָמישע, סאָציִאלע אונ פּאָליטישע אומשטאנדנ, אפּ וועלכע עס האָט זיכ געבויט א פארשידנארטיקע היסטאָרישע אנטוויקלונג. די „פּויליש״ ליניע ווײַזט פונ אָנהייב אָנ א דײַטלעכערנ בירגערלעכנ כאראקטער, זי באזירט זיכ אפּ אנ אנטוויקלטערער אונ מער שטאָטישער עקאָנאָמיק (מיט אביסל אנטוויקלטערע פּראָדוציר־אויפּאנימ אונ געזעלשאפטלעכע באציִונ־גענ), אפּ א פריִער אונ גיכער אנטוויקלטער בירגערלעכקײַט. זי איז דעריבער פריִער אונ גיכער אריבערגעגאנגענ צו קלאָמערשט מער עסטעטישע [1] פאָדערונגענ, די געזעלשאפטלעכע מאָ־טיוונ זײַנענ גיכער אָפּגערוקט געוואָרנ אפּנ צווייטנ פּלאנ. די „אוקראיִנישע ליניע״ ווײַזט פונ אָנהייב־אָנ א דײַטלעכערע אָפּפארבונג פונ מיטל־ אונ קליינבירגערלעכנ — ד. ה. רעלאטיוו, פאר יענער צײַט,

1) עס איז כאראקטעריסטיש, אז אינ עטינגערס פּראָספּעקט הערנ מיר נאָר עסטעטישע מאָ־טיוונ פאר זײַנ שרײַבנ (עטינגערס כתבים, I ז. XXVIII): „עכ האָב צוגעזענ, אז די ביכלעכ זענענ זייער אסאכ מענטשנ געפעלנ״; „עכ האָב געזענ, אז זיי זענענ דעמ אוילעמ זייער שטארק געפעלנ״ א. א. וו. — בעייס אקסענפעלד גיט אָנ פאר זײַנ שרײַבנ בלויז סאָציִאלע מאָטיוונ (זע ווײַטער). דער יונגער פערעצ דערקלערט (אינ זײַנ בריוו פונ 1888 — „שריפטנ פונ יִדישנ וויסנשאפטלעכנ אינסטיטוט״, ווילנע, 1929, בד. III, ז. 382), אז ער שרײַבט ניט פאר די ברייטע מאסנ, „נאָר פאר זיכ, צומ אייגענעמ פארגעניגנ, אונ אויב איכ דערמאנ מיכ אמאָל אינ דעמ לייענער, איז ער פונ א העכערנ געזעלשאפטלעכנ קלאס״. ער כאראקטעריזירט דעמ כילעק צווישנ זיכ אונ שאָלעמ-אלייכע־מענ: „איר קליידט אָנ אנדערע נאקעטע געדאנקענ פונ אנ אנדערער וועלט אונ מער פונ דער רע־אלער וועלט, אונ איכ, ווי א מענטש, וואָס שרײַבט צוליב זײַנ פארגעניגנ, אונ לויט דער שטימונג בעייסנ שרײַבנ, נעמ פונ אלע וועלטנ אינײַנעמ״ — ד. ה. אויכ פונ דער „ניט־רעאלער״ וועלט. אקעגנ אָבער מענדעלע אונ שאָלעמ־אלייכעמ זײַנענ, ביכלאל גענומענ, פונ אָנהייב אָנ צוגעגאנגענ צו זייער שרײַבנ לויט געזעלשאפטלעכע מאָטיוונ.

פונ א געזעלשאפטלעכ מער פראָגרעסיוונ — כאראקטער. זי באזירט זיכ אפ א בירגערלעכ ווײַנ־קער אנטוויקלטער דאָרפישער אונ פראָווינציעל־קלײנשטעטלדיקער עקאָנאָמיק. זי איז אָבער מער דורכגעדרונגענ פונ דער געזעלשאפטלעכער פראָבלעמאטיק, צוליב די אָפּגעשטאנענע, פארשארפ־טערע אונ געענגטערע עקאָנאָמישע, סאָציאלע אונ פּאָליטישע באדינגונגענ אונ צוליב די אלגע־מײַנע געזעלשאפטלעכע סטירעס אינעמ לאנד. „דאָס איז אנ אלטע אָבער א שטענדיק נײַע מײַסע. ווענ א באשטימטער קלאס לעבט פונעמ עקספּלואטירנ א צווייטנ קלאס, וואָס שטייט אפ א נידעריקערנ שטאפּל פונ דער עקאָנאָמישער לייטער אונ ווענ דערדאָזיקער העכערער קלאס האָט שוינ דערגרייכט די פולע הערשאפט אינ דער געזעלשאפט, דעמאָלט באטײַט פאר דעמדאָזיקנ קלאס פאָרויס־גײנ — אראָפּלאָזנ זיכ טיפער. אינ דעמ פאקט ליגט די דערקלערונג פאר דער אינ־פלוג ניט פארשטענדלעכער אונ אפילע ניט ווארשײַנלעכער דערשײַנונג, אז אינ לענדער, ווו די עקאָנאָמיק איז אנ אָפּגעשטאנענע, באווײַזט זיכ די אידעאָלאָגיע פונ די הערשנדיקע קלאסנ גאָרניט זעלטנ אסאכ העכער איידער אינ די פאָרגעשריטענע לענדער“ [1] (ג. וו. פּלעכאנאָוו — „די קונסט אונ דאָס געזעלשאפטלעכע לעבנ“. ווערק, בד. XIV, ז. 149).

די פאמעלעכערע אנטוויקלונג צומ בירגערטומ האָט זיכ אינ די אוקראאינישע קאנטנ גיכ באגעגנט מיטנ מיטל־ אונ קלײנבירגערלעכנ שטראָמ אונ האָט זיכ טיילווײַז אונ אָפּט אויס־געמישט מיט די רעלאטיוו פּראָגרעסיווערע מיטל־ אונ קלײנבירגערלעכע פאָדערונגענ. דאָס האָט אָפּגעהאלטנ די „אוקראאינישע“ ליניע, אז זי זאָל זיכ גיכ „בארויקנ“ אונ באפרידיקנ אונ אריבער־גײנ פונ געזעלשאפטלעכע צו מער עסטעטישע אופגאבעס. די סאָציאלע אָריענטירטקײַט פונ דער־דאָזיקער „ליניע“ איז צוליב דער בירגערלעכער אומבאפרידיקטקײַט לויטנ היסטאָרישנ אנטוויק־לונגס־גאנג אינ רוסלאנד געבליבנ וואכיקער, פילבארער אונ בוילעטער. זי האָט זיכ דײַטלעכער אונ שארפער געלאָזט פילנ, זי האָט זיכ פריער אָדער נאָכ אלצ געמוזט פארבינדנ מיטנ קלײנעמ בירגערטום, מיט דער „מעלאָכע“ אונ אפילע מיט דער אָרעמשאפט. „ווענ די בורזשואזיע — זאָגט פּלעכאנאָוו (דאָרט, ז. 150) — האָט זיכ ערשט באמיט זיכ דערשלאָגנ צו באפרײַונג פונעמ יאָכ פונ דער וועלטלעכער אונ גײַסטלעכער אריסטאָקראטיע, ד. ה. ווענ זי איז נאָכ אלײנ געווענ א רעוואָליוציאָנערער קלאס, דעמאָלט האָט זי נאָכגעפירט נאָכ זיכ די גאנצע ארבעטנדיקע מאסע, וואָס האָט פאָרגעשטעלט אײנ־ינעמ מיט איר דעמ „דריטנ“ שטאנד. אונ דעמאָלט זײַנענ די פאָרגעשריטענע אידעאָלאָגנ פונ דער בורזשואזיע אויכ געווענ די פאָרגעשריטענע אידעאָלאָגנ פונ דער „גאנצער נאציע מיט אויסנאמ פונ די פּריווילעגירטע“. מיט אנדערע ווערטער: דעמאָלט זײַנענ פאראנ געווענ פארהעלטניסמעסיק זייער ברייטע טכומענ פארנ פארקער צווישנ מענטשנ, צוליב וואָס עס האָבנ געדינט אלס מיטלענ די שאפונגענ פונ די קינסטלער, וואָס זײַ־נענ געשטאנענ אפ א בורזשואזנ שטאנדפּונקט. אָבער ווענ די אינטערעסנ פונ דער בורזשואזיע האָבנ אופגעהערט צו זײַנ די אינטערעסנ פונ דער גאנצער ארבעטנדיקער מאסע, אונ באזונדערס ווענ זיי האָבנ זיכ פײַנטלעכ צונויפגעשטויסנ מיט די אינטערעסנ פונ פּראָלעטאריאט, דעמאָלט זײַ־נענ זייער פארשמאָלט געוואָרנ די טכומענ פונ דעמדאָזיקנ פארקער“. — די „פּוילישע“ ליניע האָט זיכ לויט איר געזעלשאפטלעכער אנטוויקלונג געקאָנט מער אָריענטירנ אפ די צו אירע באדינגונגענ פארהעלטניסמעסיק נעענטערע דײַטשע אונ פּוילישע ליטעראטורנ (עטינגער, מאקמאנ, פּערעצ א. א.), די „אוקראאינישע“ ליניע האָט זיכ אינ יעדנ פעריאָד גיכער אונ ענגער געקאָנט אָנשפארנ אפ דער רוסישער ליטעראטור אונ איר געזעלשאפטלעכער פּראָבלעמאטיק (אקסענפעלד, מענדעלע, שאָלעמ־אליינעמ א. א.).

דער עטאפּ, וואָס עטינגער באטײַט אינ דער „פּוילישער“ ליניע, באטײַט אקסענפעלד אינ דער „אוקראאינישער“ ליניע. די הויפּט־שטריכנ פונ בײדע ליניעס באווײַזנ זיכ שוינ זייער בוילעט אינעמ שאפנ פונ דידאָזיקע צוויי באדײַטנדיקסטע שרײַבער אינ דער ערשטער העלפט 19 יאָרהונדערט. אינ

[1] מײַנ קורסיוו — מ. וו.

קינסטלעריש־פאָרמאלנ זינענ עטינגער איז געווענ דער ווײַט גרעסטער שרײַבער פונ די ערשטע צוויי דריטל אינ 19 יאָרהונדערט. זײַנע צוגרייטערישע אופטוענ בענעגייע שפראכ אונ פאָרמ דערמאָנענ אינ א געוויסער מאָס די ראָל פונ זשוקאָווסקינ אינ דער רוסישער ליטעראטור. אָבער דער געזעלשאפטלעכער אידייִשער אינהאלט פונ זײַנע ווערק איז גענוג אָרעמ, בלאס אונ ווייניק אָריגינעל. עטינגער איז נעבליבנ שטעקנ אינ די ראמענ פונ דער אינ אייראָפע שוינ לאנג דורכגעארבעטער קאָנווענציאָנעלער בירגערלעכ־אופקלערערישער פראָבלעמאטיק אונ האָט אינ אידעאָלאָגיש־געזעלשאפטלעכנ זינענ ניט געפירט קיינ איינ טריט ווײַטער פונ אייכל־וואָלפזאָנ אונ פונ דער אנאָנימער „די גענארטע וועלט". גאָר אנדערש אקסענפעלד. די אקטועלע אונ אימפעטפולע געזעלשאפטלעכקײַט, וואָס מיר געפינענ שוינ אינ לעווינזאָנס ייִדישע (מער „רעטאָרישע") פראגמענטנ, ווערט בא אקסענפעלדנ שטארק פארברייטערט אונ *קינסטלעריש* רעאליזירט. דער פארנעמ פונ זײַנ געזעלשאפטלעכער פראָבלעמאטיק, זײַנ געזעלשאפטלעכער טעמפעראמענט, זײַנ באשרײַבערישע לײַדנשאפטלעכקײַט, זײַנ ברייטער, אביסל גראָבלעכ־האמעטנער, געזונטער טאלאנט מאכט אימ פאר א ביז גאָר אינטערעסאנטנ — אויב ניט פארנ אינטערעסאנטסטנ — שרײַבער פונ דער ערשטער העלפט 19 יאָרהונדערט. אקסענפעלדס שאפנ פארנעמט אזא צענטראלנ אונ וויכטיקנ כאראקטעריסטישנ אָרט אינ דער ליטעראטור פונ יענעמ פעריִאָד, אז אָנ א גרינטלעכער דערלערנונג פונ זײַנע ווערק, פונ זײַנ אָרט אונ באטײַט אינ דערדאָזיקער ליטעראטור קענ מענ ניט באקומענ קיינ ריכטיקע פאָרשטעלונג וועגנ די אָנהייבנ אונ וועגנ דער אנטוויקלונג פונ דער ייִדישער ליטעראטור אינ 19 יאָרהונדערט. זײַנ שאפנ איז פונקט אזוי ווי עטינגערס — אונ אינ אסאכ פראָטימ נאָכ א מער ווערטפולער — *אָריִענטיר־פונקט* פאר דער געשיכטע פונ דער ייִדישער ליטעראטור אינ יענעמ פעריִאָד.

די עלעמענטארסטע אונ וויכטיקסטע פאָרהאנאָכע פארנ דערלערנענ א שרײַבערס ווערק איז די מעגלעכקײַט צו לייענענ זײַנע טעקסטנ אינ א פארלאָזלעכער אויסגאבע. די געדרוקטע ווערק אקסענפעלדס, וואָס האָבנ זיכ אָפגעהיט פונ זײַנ ליטעראַרישער ירושע, זײַנענ אָבער פארהעלטניסמעסיק ראריטעטנ. זעלטנ האָט עמעצער פונ די, וואָס האָבנ וועגנ אקסענפעלדנ געשריבנ — טאקע עמעס געהאט די מעגלעכקײַט זיכ צו באקענענ מיט *אלע* זײַנע אָפגעהיטע ווערק. צומטייל איז דאָס טאקע די סיבע, פארוואָס עס זײַנענ וועגנ זײַנ שאפנ געזאָגט געוואָרנ גענוג מעשונעדיקע קוריאָזנ. אקסענפעלדס ביכער זײַנענ שוינ איצט ביכלאל פאראנ אינ זייער ווייניק עקזעמפּליארנ, זיי ווערנ וואָס א מאָל זעלטענער, אכוצדעמ זײַנענ זיי צעוואָרפנ אינ עפנטלעכע ביבליִאָטעקנ פונ פארשידענע לענדער. עס איז אונדז ניט באקאנט קיינ איינ ביבליִאָטעק אינ דער וועלט, ווו עס זאָלנ זײַנ קאָנצענטרירט אלע זעקס (אינאיינעמ מיט דער נאָר אפ רוסיש פאראנענער דערציילונג „За двумя зайцами") אָפגעהיטע ווערק פונ אקסענפעלדנ — אינאיינעמ. אזוי, לעמאָשל, האָט זיכ אונדז ניט אײַנגעגעבנ צו געפינענ אינ די ביבליִאָטעקנ פונ ראטנפארבאנד ביכלאל — אנ עקזעמפּליאר פונ אקסענפעלדס פראָזע־ווערק „דאָס שטערנטיכל" אונ מיר האָבנ זיכ געמוזט פארשאפנ א קאָפּיע פונעמ עקזעמפּליאר, וואָס געפינט זיכ אינ דער בערלינער מעלוכע־ביבליִאָטעק. די איבעריקע ווערק האָבנ מיר געמוזט צונויפזאמלענ פונ די ביבליִאָטעקנ אינ קיִעוו, לענינגראד אונ אָדעס [1]. פונ עטינגערס ווערק איז שוינ פאראנ א געזאמלטע טעקסט־קריטיש באארבעטע אויסגאבע, פונ אקסענפעלדס ווערק ניט. עס איז פאראנ געווענ די סאקאָנע, אז דער שלעכטער דרוק־גוירל, וואָס האָט באגלייט אקסענפעלדס שאפנ, זאָל זיכ אויסלאָזנ אויכ צו יענעמ קליינעמ טייל, וואָס האָט זיכ פונ זײַנע ווערק יאָ אָפגעהיט. עס איז אָבער נאטירלעכ, אז די יונגע ייִדישע מארקסיסטישע ליטעראטור־פאָרשונג באווײַזט א באזונדערנ אינטערעס אונ וויל זיכ אָנעמענ פאר יענעמ פראָגרעסיוונ שרײַבער, וועמעס

[1] פאר פרײַנטלעכנ אנטקעגנקומענ אינ דעמ פראט זאָגנ מיר ארויס אונדזער דאנק דער לענינגראדער ביבליִאָטעק באמ אזיִאטישנ מוזיי פונ דער וויסנשאפטלעכער אקאדעמיע אינ ס.ס.ר.ר., דעמ מענדעלע־מוזיי אינ אָדעס, דער צענטראלער ביבליִאָטעק אפנ נאָמענ פונ מ. ווינטשעווסקי אינ קיִעוו, דער ייִדישער אקאדעמישער ביבליִאָטעק אינ אָדעס אונ דער מעלוכע־ביבליִאָטעק אינ בערלינ.

ליטעראַריש שאַפן איז אַזוי שאַרף און דערפאָלגרייַך געווען פון די אַמאָליקע רע־
אַקציאָנערע אָבסקוראַנטישע קרייַזן.

צווישן די אויפגאַבעס, וואָס די ליטעראַרישע סעקציע פונעם אינסטיטוט פאַר ייִדישער קול־
טור האָט זיך באַלד באַם אָנהייב פון איר גרינדונג (דעמאָלט האָט דער אינסטיטוט עקזיסטירט
אַלס קאַטעדרע פאַר ייִדישער קולטור) געשטעלט אַלס אַרבעטס־פּלאַן פון די קומענדיקע יאָרן, איז
געווען אָנגעמערקט די אַרבעט איבער אַ ווּיסנשאַפטלעך־מאַרקסיסטישער געשיכטע פון דער ייִדי־
שער ליטעראַטור זייַט סאָף 18 אָנהייב 19 יאָרהונדערט ביז אויפן הייַנטיקן טאָג. עס איז אָבער
שוין דעמאָלט קלאָר געווען, אַז די פאַראַנענע „פאָראַרבעטן” פון די פאַרשידענע בירגערלעך ייִדי־
שיסטישע ליטעראַטור־היסטאָריקער און ליטעראַטור־שרייַבער וועלן אין דעם פּראַט גאָר ווייניק קע־
נען נוצן. ניט בלויז איבער זייערע אידעאָלאָגישע פּאָרהאַנאָכעס, וואָס פאַרטונקלען און פאַרקרי־
מען די געשיכטס־באַטראַכטונג, נאָר אויך איבער דער „אימפּרעסיאָניסטישער” אומוויסנשאַפטלעכ־
קייט און אומפּינקטלעכקייַט, וואָס באַזירט זיך (אַכוץ זעלטענע אויסנאַמען) ניט אויף ערנסטע אויס־
פאָרשונגען. פאַר דער ליטעראַרישער סעקציע איז געשטאַנען די אויפגאַבע אָנצוהייבן פונסנייַ
ווייַל אָן אַ גרינטלעכער אָפּסנייַ אַנאַליזירנדיקער אויספאָרשונג פון די וויכטיקסטע שרייַבער וועט
מען ניט קענען צוטרעטן צום אויפבוי פון אַ סינטעטישער מאַרקסיסטישער געשיכטע פון דער ייִדי־
שער ליטעראַטור. פאַרן אָנהייב איז געווען באַזונדערס וויכטיק צו באַאַרבעטן דאָס שאַפן פון יענע
צענטראַלע שרייַבער אין דער ערשטער העלפט 19 יאָרהונדערט (עטינגער און אַקסענפעלד), וואָס קע־
נען דינען אַלס אָריענטיר־פונקטן אויף אַרויסצובאַקומען די ריכטיקע קאָנצעפּציע פון גאַנצן
צייַט־אָפּשניט. אַלס וויכטיקסטער הילפס־מיטל דערצו איז נייטיק געווען צו פאַרשאַפן פאַר דער
אויספאָרשונג צ ו ט ר י ט ל ע כ ע אָווטענטישע, קריטיש־פאַרלאָזלעכע טעקסטן פון דערדאָזיקער
ליטעראַטור (פון דער ערשטער העלפט 19 יאָרהונדערט) גופא, באַזונדערס און אין דער ערשטער
ריי פון אַקסענפעלדס ווערק, וואָס זייַנען געבליבן ווייניק צוטריטלעך צוליב זייער זעלטנקייַט, און
וואָס זייַנען ביז איצט ניט אַרויסגעגאַנגען אין אַ געזאַמלטער אויסגאַבע מיט די עלעמענטאַר־ניי־
טיקסטע באַלייט־אַרבעטן. דעריבער איז שוין באַלד אינעם ערשטן פּלאַן פון דער ליטעראַרישער
סעקציע (פון יאָר 1927) געווען אָנגעמערקט דאָס אַרויסגעבן אַקסענפעלדס ווערק אין אַ געזאַמלטער
אויסגאַבע. דערדאָזיקער פּונקט פונעם פּלאַן ווערט איצט אויסגעפירט.

———

עס איז קלאָר, אַז דאָס איבערגעבן די הוילע טעקסטן וואָלט ניט אַנטשפּרעכן און וואָלט ניט
דערפילט דעם אײ ג נ ט ל ע כ נ צוועק, וואָס די ליטעראַרישע סעקציע איז אויסן געווען מיט דער
אויסגאַבע. עס איז נייטיק געווען צו באַלייטן די טעקסטן מיט אַזעלכע אַרייַנפירן, וואָס מערקן אָן אַ
שטיקל וועג — און באַטייַטן שוין אַ שטיקל פּרווו און אָנהייב — פאַר דעם אייגנטלעכן צוועק פון דער
אויסגאַבע: פאַר דער אויפשטעלונג פון אַ ייִדישער ליטעראַטור־געשיכטע. דער מיין איז ניט געווען
סטאַם אַן אַרכיוו פון אינטערעסאַנטע ליטעראַטור־דענקמאָלן, נאָר טאַקע שוין ערשטע אָנמערקנדיקע
פּרווון און פאָראַרבעטן צו אַ געשיכטע פון יענעם פּעריאָד, פאָראַרבעטן, וואָס גרופּירן זיך אַרום
טעקסטן. פונדאַנען נעמט זיך, אַז די באַלייטנדיקע אַרייַנפירן (געשריבענע פון פאַרשידענע מע־
כאַברים) וועלן זיך ניט שמאָל און ספּעציאַליסטיש באַגרענעצן מיט דער טעמע „אַקסענפעלדס
שאַפן”. דער ציל פון דער אויסגאַבע האָט שוין מעמיילע דיקטירט אַרומצונעמען אין די באַלייטנ־
דיקע אַרבעטן די וויכטיקסטע פּראַגעס, וואָס די אויספאָרשונג פון דער ייִדישער האַסקאָלע־ליטע־
ראַטור שטעלט פאַר אונדז. מיר האָבן דערצו געשטרעבט, אַז אין סאַכאַקל זאָלן זיך פון אַלע
אַרייַנפירן אינאיינעם באַקומען ניט בלויז די באַלויכטונג פון אַקסענפעלדס שאַפן, נאָר אין אַ באַ־
שטימטער מאָס אַן אויספירלעכע פאָראַרבעט צו דער געשיכטע פון דער ייִדישער האַסקאָלע־ליטע־
ראַטור אין דער ערשטער העלפט 19 יאָרהונדערט. מיר וועלן זיך דעריבער באַמיִען צו צעוויקלען
און צו באַהאַנדלען סייַ אין די אַרייַנפירן צו די איינצלנע בענדער און ביכער, סייַ, און באַזונ־

דערס, אינ לעצטנ באנד, ווו עס וועלנ זיכ קאָנצענטרירנ א ריי ספעציִעלע טעמעס פונ פארשידענע
מעכאברימ — די וויכטיקסטע פראָבלעמעס פונ דער ייִדישער האסקאָלע־ליטעראטור. מיר קענענ זיכ
אינ אונדזערע ארבעטנ ניט אומקריטיש באזירנ אפ די היסטאָרישע קאָנצעפּציעס אונ פאקטנ־
פארקניפונגענ פונ די בירגערלעכע געשיכט־שרײַבער, אפילע ווו סע גייט ניט וועגנ ליטע־
ראטור־געשיכטע, נאָר וועגנ אלגעמיינער אונ ייִדישער געשיכטע ביכלאל; אונ ווײַל די
מארקסיסטישע געשיכטע פונ ייִדנ הייבט זיכ ערשט אָנ צו אנטוויקלענ, האָבנ מיר געהאלטנ פאר
נייטיק צוצוגעבנ צו יענע ווערק אקסענפעלדס, וואָס ברענגענ בולעט צומ אויסדרוק באשטימטע גע־
זעלשאפטלעכע האסקאָלע־פראָבלעמעס — באזונדערע ארײַנפירנ, מער געזעלשאפט־געשיכטלעכע איי־
דער ליטעראטור־היסטאָריש אָריִענטירטע, ווו עס ווערנ רעווידירט די בירגערלעכע האנאָכעס וועגנ
די ייִדישע געזעלשאפטלעכע באוועגונגענ אינ יענער צײַט אונ ווו מיר פרווונ זיכ זיי צו באלײַכטנ
פונ אונדזער שטאנדפונקט. דידאָזיקע געזעלשאפטלעכ־געשיכטלעכע ארבעטנ,— וואָס מוזנ באטראכט
ווערנ, ווי קאָמענטאריעס אונ עקסקורסיעס,— דארפנ אונדז העלפנ ריכטיק צו באלײַכטנ אקסענפעלדס
שאפנ אונ די ליטעראטור פונ זײַנ פעריִאָד אפנ יעסאָד אונ אינ צוזאמענהאנג פונ דער עקאָנאָמי־
שער אונ געזעלשאפטלעכער סיטואציע.

———

די אויסגאבע איז אויסגערעכנט אפ פיר בענדער.

ערשטער באנד. אנ אלגעמיינע אָפּהאנדלונג צו אקסענפעלדס דראמאטישע ווערק; א היסטאָ־
ריש־געזעלשאפטלעכער ארײַנפיר צו „דער ערשטער ייִדישער רעקרוט": „די האסקאָלע אונ די רע־
קרוטשינע"; דער טעקסט פונ „דער ערשטער ייִדישער רעקרוט"; א היסטאָריש־געזעלשאפטלעכער
ארײַנפיר צו „די גענארטע וועלט"; דער טעקסט פונ „די גענארטע וועלט"; אָנמערקונגענ אונ
עקסקורסיעס, פאקסימיליעס פונ די טעקסטנ אונ פונ אקסענפעלדס בריוו, פארשידענע מאטעריאלנ
א. א. וו.

צווייטער באנד. די טעקסטנ פונ „מאנ אונ ווײַב — שוועסטער אונ ברודער", „קאפּצנ־אוישער־
שפּיל" מיט די געהעריקע ארײַנפירנ, אָנמערקונגענ אונ עקסקורסיעס, פאקסימיליעס א. א. וו.

דריטער באנד. אנ אלגעמיינע אָפּהאנדלונג צו אקסענפעלדס פּראָזע; א היסטאָריש־געזעל־
שאפטלעכער ארײַנפיר צו „דאָס שטערנטיכל"; דער טעקסט פונ „דאָס שטערנטיכל"; א היסטאָריש־
געזעלשאפטלעכער ארײַנפיר צו דער דערציילונג „נאָכ צוויי האָזנ"; דער רוסישער טעקסט פונ
דערדאָזיקער דערציילונג („За двумя зайцами"); א ייִדישע איבערזעצונג פונ דער דערציילונג,
אָנמערקונגענ אונ עקסקורסיעס, פאקסימיליעס א. א. וו.

פערטער באנד. אקסענפעלדס ביִאָגראפיע אונ א פולע ביבליִאָגראפיע צו זײַנ שאפנ;
די וויכטיקסטע מאטעריאלנ צו זײַנ ביִאָגראפיע; א סאכאקלדיקע אָפּהאנדלונג
וועגנ דער האסקאָלע אונ דער ייִדישער ליטעראטור אינ דער ערשטער העלפט
19 יאָרהונדערט (אינ פוילנ, ליטע אונ רוסלאנד); צוויי ארבעטנ וועגנ אקסענפעלדס אָרט אינ דער
ייִדישער ליטעראטור: 1) וועגנ די פּאָרגייער פונ אקסענפעלדנ, 2) וועגנ דער ווירקונג פונ אקסענ־
פעלדס שאפנ אפ דער ייִדישער (אונ ייִדיש־רוסישער) ליטעראטור; אנ אָפּהאנדלונג וועגנ פּארא־
לעלע ליטערארישע דערשײַנונגענ אינ דער רוסישער, אוקראיִנישער אונ אנדערע ליטעראטורנ;
וועגנ אקסענפעלדס שפּראכ, די אייגנטימלעכקײַטנ פונ זײַנ דיִאלעקט, גראמאטיק, סטיל, לעק־
סיק, פאָנעטיק, אויסלייג א. א. וו.; וועגנ אקסענפעלדס שאפנ אלס עטנאָגראפיש־היסטאָרישער
קוואל; אויסצוגנ פונ דער וויכטיקסטער אונ עלטסטער קריטיק אונ ליטעראטור וועגנ אקסענפעלדנ;
פארשידענע פאקסימיליעס; אנ אויספירלעכער גלאָסאר צו אלע ווערק אקסענפעלדס.

אזא אויספירלעכער גלאָסאר איז נייטיק דערפאר, ווײַל אסאכ פונ די ווערטער, וואָס אקסענ־
פעלד באנוצט, זײַנענ שוינ לאנג ארויס פונ געברויכ, א היפּשנ טייל פונ זיי געפינענ מיר ניט
אינ קיינ שומ ניט נײַערנ, ניט עלטערנ ייִדישנ ווערטערבוכ. באזונדערס נייטיק ווערט דער גלאָסאר
איבער דעמ, וואָס די טעקסטנ ווערנ געדרוקט אינ אונדזער נײַער אָרטאָגראפיע, אזוי ארומ ווערט

נאָך א ווייַטערדיקער טייל עלטערע, ווייניק געברויכלעכע און האלב פארגעסענע ווערטער — פרעמד־לעכער פאר א ברייטערן קרייַז לייענער. אינעמעסן וואָלט נייטיק געווען צו ברענגען דעם גלאָסאר אין יעדן באַנד באַזונדער, מיר האָבן זיך אָבער דערפון געמוזט אָפּזאָגן, ווייַל מיר וואָלטן געמוזט איבערכאַזערן דעם גרעסטן טייל ווערטער אין אלע בענדער, אָדער דער לייענער וואָלט געמוזט זוכן באַשטימטע ווערטער אין אלע דרייַ בענדער. איז שוין דעריבער בעסער געווען צו ברענגען דעם גלאָסאר א געזאמלטן אף איין אָרט. אין די פארשידענע בענדער פון דער אויסגאַבע וועלן מיטארבעטן די כ״כ: אויסלענדער, באָראָוואָי, גורשטיין, ווינער, זארעצקי, יודיצקי, ליטוואַקאָוו, עריק, רעזניק.

———

די טעקסטן פון אקסענפעלדס ווערק ווערן געבראַכט לויט די איינציקע דרוקן, וואָס האָבן זיך פון אקסענפעלדס שאַפן אָפּגעהיט: „דער ערשטער יודישער רעקרוט אין רוסלאנד... אָדער א מעשה פין קלאָמערשט חתן כלה״ (לייפציק, 1862 אָדער 1861); „דער אוצר אָדער די גינארטע וועלט״, אָדעס, ת״רל (1870), דרוק־דערלויבעניש פון דער צענזור 1869; „מאן און ווייב—שוועסטער און ברידער״... אָדעס, 1867; „קבצן עושר שפיל״, אָדעס, ת״רל (1870), דרוק־דערלויבעניש פון דער צענזור 1869; „דאָס שטערינטיכל אָדער שבת חנוכה אין מעזיביז״, (לייפציק, 1862 אָדער 1861); די רוסישע דערציילונג „За двумя зайцами“ פון „Вѣстникъ Русскихъ Евреевъ“ 1872, נומערן 17—21.

די טעקסטן ווערן געבראַכט פינקטלעך אזוי ווי אין די געדרוקטע פאָרלאגעס. נאָר אין גאנץ זעלטענע ערטער, ווו עס איז באַשייַמפּערלעך ארויסגעפאלן א וואָרט, אָדער ווו מיר לייגן פאָר אן אנדערן „לייען־אויפן״ פון א וואָרט, ווערט עס ארייַנגעשטעלט אונטער אזא צייכן [ ]. אין די זעלטענע ערטער, ווו א באַשייַמפּערלעכער טאָעס דיקטירט צו פארבייַטן אן אָס אָדער וואָרט מיט אן אנדער אָס אָדער וואָרט, ווערט אכוצדעם דאָס אויסגעביטענע געשטעלט אונטער אזא צייכן ( ).

אין צוויי וויכטיקע פּראָטים נויגן מיר אָבער פאָרט אָפּ פון די אָריגינאַל־דרוקן: וואָס שייַעך אָ פּ ש ט ע ל ־ צ יי כ נ ס און אָ ר ט אָ ג ר א פ י ע. דער ערשטער פראט וועט קיינע באַזונדערע טייַנעס ניט ארויסרופן, דעריבער וועלן מיר אים בלויז קורץ באַגרינדן. די אָפּשטעל־צייכנס אין די אָריגינאַל־דרוקן טראָגן א צופעליקן ניט אויסגעהאלטענעם כאראקטער, זיי זייַנען אומבאַהאָלפן פארטיילט, פול מיט צופעליקע גרייַזן און פארטונקלען זייער אָפּט דעם מיין און דאָס פארשטענדעניש. עס איז נאָך א גרויסער סאָפּעק צי שטאמען טאקע דידאָזיקע אָפּשטעל־צייכנס פון אקסענפעלדס האנט, אָבער אפילע אויב יאָ — וואָלט אויך דערלאָזבאר און אפילע נייטיק געווען זיי צו פאריכטן. עס איז קלאָר, אז דורך נייַע אָפּשטעל־צייכנס ווערט שוין ארייַנגעטראָגן א באַשטימטע אינטערפּרעטאציע, צו וועלכער ניט יעדער און ניט אומעטום און שטענדיק וועט וועלן מאַסקים זייַן. עס איז ניט אויסגעשלאָסן און מע דארף רעכענען, אז מיט דער צייַט וועלן דאָ אין דעם פּראָט ארייַנגעטראָגן ווערן קאָרעקטיוון. מיט דערזעלבער שוועריקייַט אָבער באַגעגענען זיך דאָך אלע אויסגאַבעס, וואָס פאסן צו עלטערע — און אפילע נייַע — טעקסטן צו דער נייַער אָרטאָגראַפיע און אינטערפּונקטאציע.

אויספירלעכער דארף מען זיך אָפּשטעלן אפן צווייטן פּראָט, מיט וועלכן מיר ווייַכן אָפּ פון די אָריגינאַל־דרוקן: אפ דעם, וואָס אלע טעקסטן אקסענפעלדס ווערן געבראַכט אין א ו נ ־ ד ז ע ר נ ייַ ע ר אָ ר ט אָ ג ר א פ י ע. דאָס קען עפּשער ארויסרופן טייַנעס — מוזן אונדזערע מאָטיוון גענויער באַגרינדעט ווערן.

פ א ר איבערגעבן די טעקסטן אין דער א ל ט ע ר אָ ר י ג י נ א ל ע ר אָרטאָגראַפיע זייַנען פאראן דרייַ הויפּט־ארגומענטן: 1) אָפּצוהיטן די אוטענטישע פינקטלעכקייַט פונעם אָריגינאַל (אָדער דרוק־פאָרלאגע); 2) די נוצלעכקייַט פון דער אלטער אָרטאָגראַפיע פארן אויספאָרשן די געשיכטלעכע פאָנעטיק, דיאַלעקטאָלאָגיע, די עטימאָלאָגיע פון זעלטענע ווערטער, באַשטימטע פּראָטים פון דער עלטערער „גראמאטיק״ און פון דער געשיכטע פון דער אָרטאָגראַפיע; 3) איבער־

צוגעבן דעם כאראקטער פון צייַט־עכטקייַט און צייַט־סטיל. דער ארגומענט 3 איז קימאט אידענטיש מיטן ארגומענט 1 און איז בלויז זייַן ברייטערע דערקלערונג.

קעגן דער אָריגינאַלער אָרטאָגראפיע רעדן אָבער אזעלכע מאָטיוון:

1) מיר האָבן נישט קיין שום זיכערקייַט, אז די אָרטאָגראפיע פון די געדרוקטע טעקסטן שטאמט טאקע אינגאנצן פון אקסענפעלדס האנט גופא. גיכער פאר אלץ שטאמט זי דעריקער פון אקסענפעלדן, אָבער צומטייל אויך פון די פארשידענע זעצערס און קאָרעקטערס. דער מאָמענט פון „אווטענטישקייַט״ פאלט אזוי ארום אין א היפשער מאָס אָפּ.

2) די אָריגינאַלע אָרטאָגראפיע באגרענעצט די צוטריטלעכקייַט און פארשטענדלעכקייַט בלויז צוליב א קליינעם קרייַז צוגעגרייטע לייענער. די אויסגאבע דארף אָבער זייַן צוטריטלעך פאר א ברייטערן קרייַז לייענער, וואָס אינטערעסירט זיך מיט דער געשיכטע פון דער יִדישער ליטעראטור. אקעגן דעמדראָזיקן מאָטיוו שפּילט דאן דער ארגומענט „עכטקייַט פון צייַט־סטיל״ גאָר א קליינע ראָל 1). דערצו נאָך איז אין דער אָרטאָגראפיע פון די אָריגינאַל־דרוקן פאראן אזויפיל צופעליקייַטן, ניט־אויסגעהאלטנקייַטן, אומרעגלמעסיקייַטן, גרייַזן פונעם זעצער, פעלער פון דער מאשין, פארוקטע, אוועקגעשפּרונגענע נעקודעס, צעוואָרפענע אויסיעס א. א. וו., אז מע קען ניט אייַנזען, צוליב וואָס דאָס אלץ דארף איבערגעכאזערט און רעפּראָדוצירט ווערן. עס באמערקט זיך אין דער אָרטאָגראפיע פון די אָריגינאַל־דרוקן א דייַטלעכע נעטיִע צו פאָנעטישן איבערגעבן דעם דיִאלעקט. דאָסדאָזיקע שטרעבן ווערט אָבער ניט קאָנסעקווענט דורכגעפירט. אפילע בא איינעם און דעמזעלבן וואָרט געפינענ מיר אין דעם פראט ניט־אויסגעהאלטנקייַטן. היפּאָטעטיש רעקאָנסטרויִרן אקסענפעלדס פאָנעטיק אין אזוינע ניט־אויסגעהאלטענע פאלן וואָלט ניט געהאט קיין שום בארעכטיקונג.

3) עס איז קימאט ניט מעגלעך אייַנצונעמען די טעכנישע שוועריקייַטן באם איבערגעבן אָט־אָ די אלע ניט־אויסגעהאלטנקייַטן, צופעליקייַטן, טאָעסן א. א. וו. וויפל מאָל מע האָט אין אויסלאנד געפּרווט איבערצוגעבן עלטערע יִדישע טעקסטן מיט דער אָרטאָגראפיע פון יענער צייַט האָט מען עס בלויז געטון אן ערעך און לאכלוטן ניט פּינקטלעך (באזונדערס וואָס שייַעך די נעקודעס ביִכלאל און די נעקודעס אונטער די וואָקאלן ביפראט), דערבייַ זייַנען נאָך צוגעקומען נייַע גרייַזן אָן א שיר. פּינקטלעך איבערגעבן די אָרטאָגראפיע מיט אלע אירע גרייַזן און צופעליקייַטן איז מעגלעך נאָר דורך א דורכויסיקער פאָטאָגראפישער פאקסימיליע. דאָס אָבער האָבן מיר ניט געהאלטן פאר נייטיק צו טון.

4) דער גרעסטער טייל אויסגאבעס און איבערדרוקן פון עלטערע שרייַבער און אפילע פון קלאסיקער אין אלע שפּראכן ווערט געוויינלעך געבראכט אין דער אָרטאָגראפיע פון דער נייַער

---

1) דערדאָזיקער מאָטיוו ווערט שוין ארויסגעשטעלט אין יאָר 1869 אפילע קעגן דער אָרטאָגראפיע פון אקסענפעלדס קסאוו־יאדן גופא. אין „קול מבשר״ 1869, נומ. 26, זז. 180—181 לייענען מיר אין אן ארטיקל פון אן אנאָנימען שרייַבער (א. צעדערבוים?): „...מעגלעך, מען וואָלט זיי (די קסאוו־יאדן אקסענפעלדס—מ. וו.) געדארפט איבערזעען פאר דעם דרוקן, פילייַכט איז בויטיק, נאָך די יעצטיגע אומשטענדן מאנכעס צו ענדערן, בעזאָנדערס די אָרטאָגראפיע, ווייַל ה׳ אקסענפעלר האָט זיך געמאכט אן אייגענע שרייַבארט; נאָר אזוי ווי הייַנט האָט מען אָנגענומען קימאט אלגעמיין אן אנדערע, קען דאָס ערשווערן די לעזער...״—מיר קענען ניט אנטשיידנדיק אָפּשאצן, ווי ווייַט די ארויסגעבער פון יענע ווערק אקסענפעלדס, וואָס זייַנען דערשינען נאָך דעם ארטיקל, האָבן זיך צוגעהערט צו דערדאָזיקער אייצע, פאָשעט דערפאר ווייַל מיר וויסן ניט ווי ווייַט די אָרטאָגראפיע פון די פריִער־געדרוקטע שטימט מיט דער אָרטאָגראפיע פון אקסענפעלדס קסאוו־יאדן, און ווי ווייַט מע האָט שוין דעמאָלט אקסענפעלדס אָרטאָגראפיע—אוואדע ניט צו אלע צייַטן אן איינהייַטלעכע און אויסגעהאלטענע—פאריכט אָדער ניט פאריכט. און טאקע צוליב דעם באקומט דער מאָטיוו פון צוטריטלעכקייַט נאָך מער וואָג און בארעכטיקונג.

ציַיט, ווײַל דורך דער אלטער אָרטאָגראַפיע ווערן די טעקסטן „מומיפיצירט״ און ניט צוטריטלעך.
אפ דערדאָזיקער טראַדיציע קענען מיר זיך פארלאָזן — באַזונדערס בא אן ערשטער געזאַמלטער
אויסגאַבע פון אן אווטער, וואָס איז אויסגערעכנט אויך פאַר ברייטערע לייענער־קרײַזן. מיר קענען
זיך איין דעם פראט ניט אָריִענטירן אפ די מער פעדאַנטישע שטרענג־אקאַדעמישע אויסגאַ־
בעס, וואָס קענען שוין געוויינלעך פאַרסאַכאַקלען די דערפאַרונגען פון א גאַנצער ריי פריִערדיקע
פּאָפּולערע אויסגאַבעס פאַר א ברייטערן לייענער־קרײַז. מע דאַרף נעמען אין אַכט, אַז די אַנטוויק־
לונג און די פאַרוואַנדלונג פון דער אָרטאָגראַפיע פון דער ייִדישער שפּראַך זײַט די אקסענפעלד־
דרוקן ביז הײַנט איז אָן אן ערעך א גרעסערע, איידער בא דעם ראָוו אייראָפּעיִשע שפּראַכן אי־
נעם גלײַכן צײַט־אָפּשניט. דערבײַ מוז מען אָבער פון דער אנדערער זײַט פעסטשטעלן, אַז גראָד
דער דיִאַלעקט פון אקסענפעלדס ווערק וועט דורך דער נײַער אָרטאָגראַפיע ניט לײַדן קיין באַזונ־
דערן שאָדן. אקסענפעלדס דיִאַלעקט לאָזט זיך פאַרהעלטניסמעסיק גרינגער ארײַנפּאַסן אין אונדזער
הײַנטיקער אָרטאָגראַפיע, איידער, לעמאָשל, עלטערע פוילישע „דיִאַלעקט״־ווערק, ווי די אַנאָנימע
„געגאַרטע וועלט״ אָדער „דאָס טעאַטער פון כסידים״ (צוליב דער באַזונדערער רײַכקייט פון וואָ־
קאַלן און וואָקאַלישע אָפּווײַכונגען אין די פוילישע דיִאַלעקטן).

אלס רעקאָמפּענסאַציע פאַר דעם, וואָס ווערט ארויסגעזאָגט אלס 1 און 3 ארגומענט פון די
אָנהענגער פאַר איבערגעבן די אלטע אָרטאָגראַפיע, און קעדיי געבן א שטיקל מעגלעכקײַט זיך צו
באַקענען מיט דער געשיכטלעכער פאָנעטיק, דיִאַלעקטאָלאָגיע, עטימאָלאָגיע, לעקסיק, גראַמאַטיק און
געשיכטלעכער אָרטאָגראַפיע פון אקסענפעלדס שפּראַך וועלן מיר ברענגען: 1) פון יעדן ווערק עטלעכע
מוסטער־זײַטלעך אין פאָטאָגראַפישע פאַקסימיליעס; 2) א פאַרסאַכאַקלענדיקע אויספאָרשונגס־אַרבעט
וועגן די פּראַגעס, וואָס זײַנען נאָר־וואָס אָנגערופן געוואָרן; 3) אינעם גלאָסאַר, וואָס וועט קומען
אינעם לעצטן באַנד, וועלן אלע ווערטער, וואָס ווײַכן אָפּ אפ אן אינטערעסאַנטן אויפן פון דער
אָריגינאַל־אָרטאָגראַפיע, איבערגעכאַזערט ווערן לויט דער אָרטאָגראַפיע פון די אָריגינאַל־דרוקן.

וואָס שײַעך דער אָרטאָגראַפיע פון העברעיִשע ווערטער, האָבן מיר זיך אזוי געפירט. יענע
העברעיִשע ווערטער, וואָס זײַנען נאָך ביז הײַנט אין געוויינלעכן און ניט צו־זעלטענעם געברויך,
אָדער וואָס א ברייטערער לייענער־קרײַז קען זיך גרינג מעשײַער זײַן זייער באַטײַט — האָבן מיר
געבראַכט אין דער נײַער ייִדישער פאָנעטישער אָרטאָגראַפיע. אנדערע העברעיִשע ווערטער, וואָס
ווערן נישט מער באַנוצט אין ייִדיש אָדער וואָס געהערן מער צו די מאַקאַראָניזמען פון כסידיש־
לאָמדישן לאָשן, האָבן מיר ניט באַטראַכט ווי באַשטאַנדטיילן פון דער ייִדישער שפּראַך, נאָר ווי
ציטאַטעס און מאַקאַראָניזמען, און אלס אַזעלכע האָבן מיר זיי געבראַכט לויטן העברעיִשן אויסלייג.
אן אַבסאָליוטע קריטעריע איז דאָ זייער שווער צו געפינען, דעריבער קענען מיר ניט זאָגן, אַז
עס האָט זיך אײַנגעגעבן צו זײַן אין דעם פּראַט אַבסאָליוט אויסגעהאַלטן.

די ייִדישע ווערטער האָבן מיר אלע געבראַכט אין דער נײַער אָרטאָגראַפיע—אַכוץ יענע זעלטע־
נע אויסנאַמעס, ווו דער דיִאַלעקט פון די פאָרלאַגעס ווײַכט אָפּ פון אונדזער ליטעראַטור־שפּראַך
ניט בלויז מיט א וואָקאַל, נאָר מיט א דײַטלעכן קאָנסאָנאַנט. (דערמיט איז, פאַרשטייט זיך,
ניט געמיינט דאָס פאַרבײַטן ג׳ אפ א פאָנעטישן ק׳, אָדער ס׳ אפ צ׳ א. א. וו.). מיר האָבן געהאַלטן פאַר
נייטיק צוצופּאַסן די אָרטאָגראַפיע פון די פאָרלאַגעס צו אונדזערער, אָבער ניט זייער
שפּראַך. פאַרבײַטן דײַטלעכע קאָנסאָנאַנטן, וואָס כאַזערן זיך רעגלמעסיק איבער, דורך אנדערע—
וואָלט געהייסן אומנייטיקערהייט פאַריכטן און פעלשן די שפּראַך. אזוי, לעמאָשל, האָבן מיר קאָרי־
גירט אַזעלכע ווערטער ווי: ארגיר (ערגער), מאָן (מאַן), סטאַנעס (סטיינעס), דעך (דאָך), מעניסטער
(מיניסטער), אויסגעבויעט (אויסגעבויט), דיקאָנטשיט (דעקאָנטשעט), אינעווענין (אינעווייניק), גריי־
נים (גרינעם), נאָהינט (נאָענט), שאָליכץ (שאָלעכץ), פעדרינ (פעדערן), זעך (זיך), גיראָהע (גראָע),
פּר איבל (פאַריבל), און אפילע הײַלעניש (אײַלעניש) א. אז. וו. מיר האָבן אָבער ניט געהאַלטן פאַר
נייטיק צו פאַריכטן ווו די פאָרלאַגע ברענגט — און נאָר דאָרט — : טשאָגילסקע (שטשאָגילסקע),
אויוונ־אָן (אויבנ־אָן), ׳אָלט (וואָלט), צישן (צווישן), אימיטן (אינמיטן), רײהינג (רויִק), יאַרמיקע

(יארמולקע), וואָריג (וואָרעמ), פארשארט (פארשיַט — זע אויכ „טעאטער פונ כסידימ“, „היסט. שריפטנ“, ז, ווילנע, ז. 673), בראמפנ (בראָנפנ), צומויפ (צומאויפ zum Hauf' — צונויפ) א. א. וו. דידאָזיקע לעצטע רעשטלעכ אָרטאָגראפישער אייגנטימלעכקיַט, וואָס זענענ אזוי ענג פארבונדנ מיט אקסענפעלדס דיאלעקט, האָבנ מיר געהאלטנ פאר מעגלעכ אָפּצוהיטנ, כאָטש מיר האָבנ אויכ דאָ ניט געקענט געפינענ קיינ אבסאָליוטע גרענעצ אונ קריטעריע. אויב איינס פונ די דערמאנטע ווערטער ווערט אינ דער פאָרלאגע אינ פארשידענע ערטער געבראכט לויט א פארשידענעמ אויסלייג — האָבנ מיר ניט געהאלטנ פאר נייטיק דעמ אויסלייג פונ דידאָזיקע ווערטער צו פאראיינהײַטלעכנ אונ מיר זענענ נאָכגעגאנגענ אינ יעדנ באזונדערנ פאל נאָכ דער פאָרלאגע. אויכ לייגנ מיר אויס אמאָל „מענ“ אונ אמאָל „מע“, שטענדיק ווי אינ דער פאָרלאגע. דאָרט ווו „איינ“ האָט די פונקציע פונ „אנ“ — פאריכטנ מיר אפ „אנ“, ווו עס שטייט אָבער „איינ“ אָנשטאָט „א“ — לאָזנ מיר שטיינ „איינ“.

א פינקטלעכע אונ זיכערע דאטירונג פונ אלע ווערק אקסענפעלדס האָט זיכ נאָכ ניט איַינגעגעבנ. מיר האָבנ דעריבער באשלאָסנ צו ברענגענ די ווערק אינ אזא סיידער, וואָס דוכט זיכ אונדז דערוויַל אלס א כראָנאָלאָגיש־ריכטיקער. מיר האלטנ פאר מעגלעכ אונ ווארשיַינלעכ, אז וויַיטערדיקע אויספאָרשונגענ וועלנ דידאָזיקע כראָנאָלאָגיע קאָריגירנ.

די „אָנמערקונגענ אונ עקסקורסיעס“ צומ סאָפ פונ יעדנ באנד וועלנ באהאנדלענ באשטימטע דעטאלנ, וואָס פאָדערנ לויט אונדזער איַינזענ א היסטאָרישע באלויכטונג, אָדער וואָס זיַינענ פארבונדנ מיט אנ אלגעמיינערנ ברייטערנ אינטערעס. ביָאָגראפישע, ביבליָאָגראפישע אונ ליטעראטור־היסטאָרישע פאקטנ (דאטעס, ליטערארישע האשפאָעס א. א. וו.) וועלנ ברייטער אונ אויספירלעכער באהאנדלט ווערנ אינ די ארבעטנ פונ לעצטנ באנד, וויַיל אסאכ דאטעס, דעטאלנ אונ פאקטנ וועלנ זיכ ערשט פארסאכאקלענ אינעמ פארלויפ פונ דער ארבעט איבער די ערשטע דריַי בענדער.

לעסאָפ דארפ נאָכ מיט דאנק פארצייכנט ווערנ, אז בא דער ארבעט איבערנ ערשטנ באנד האָבנ דער רעדאקציע מיטגעהאָלפנ מיט ווערטפולע אָנוויַיזונגענ אונ באמערקונגענ די כ״כ נ. אויסלענדער, א. גורשטיינ, מ. עריק, אונ באזונדערס בא דער קאָרעקטור — כ׳ כ. לייבאָוויטש.

מ. וו.

קיִעוו, 1930.

# וועגנ אקסענפעלדס פיעסעס

## 1. דער סאָציאַלער באַזיס

דער פאַקט, וואָס א טייל מאסקילימ האָבנ גענומענ שרײַבנ אינ ייִדישער שפּראַכ ווערט אמאָל אויסגעטײַטשט ניט בלויז ווי איינער פונ די דעמאָקראַטישע שטריכנ אינ דער בירגערלעכער ייִדישער אויפקלערונג, נאָר טאַקע ווי א מינ שליכעס פונ די אָרעמסטע שיכטנ אפּ ארויסצוזאָגנ זייערע אינטערעסנ. דאָס פאַרפירט אמאָל אויסצוטײַטשנ דעמ סאָציאַלנ באַטײַט פונ פאַרשידענע דערשײַנונגענ אינ דער מאסקילישער ליטעראַטור אלס פּראָגרעסיווע טענדענצנ פונ די ארבעטנדיקע אונ אָרעמסטע שיכטנ, כאָטש אינעמעסנ באַווײַזט דידאָזיקע ליטעראַטור, באַזונדערס אינ אָנהייב פונ איר אנטוויקלונג, טאַקע א פּראָגרעסיווע טענדענצ — אָבער דעריקער פונ בורזשואַזנ קלאַס. די ייִדישע ליטעראַטור זײַט אָנהייב XIX יאָרהונדערט ווענדט זיכ צומ נידעריקסטנ האַמוינ, דאָס שליסט אָבער ניט אויס, אז זי זאָל זיכ דאָסראָוו באַוועגנ אונטערנ דאָמינירנדיקנ אינטערעס פונ בורזשואַזנ קלאַס, מיט וועמעס טענדענצנ זי איז דורכגענומענ אונ וועמעס שליכעס זי דאַרפ אויספירנ צווישנ די סאַמע נידעריקסטע קלאַסנ. דעריבער איז עס א טאָעס צו מיינענ, אז ווײַל די ליטעראַטור אינ ייִדיש ווענדט זיכ דעמאָלט צו די סאָציאַל־נידעריקסטע שיכטנ אונ איז דעמאָלט אויסנ דעריקער נאָר דעמדאָזיקנ לייענער (אכוצ דער ייִדישער פרוי, וואָס איז אינ דער העברעיִשער שפּראַכ ניט איווּרעדיק געווענ אונ אגעוו אויכ סאָציאַל ווייניק טעטיק) — הייסט דאָס, אז זי מוז אינזינענ האָבנ אונ זיכ באַזירנ אפּ די אינטערעסנ פונ דעמדאָזיקנ לייענער־אוילעמ.

דידאָזיקע גרונט־קאָנצעפּציע, וואָס ווערט שווײַגנדיק אָדער בעפּיירעש אָנגענומענ פונ באַשטימטע ליטעראַטור־קריטיקער, איז אָבער פאַלש, מעמיילע זײַנענ די דערקלערונגענ, וואָס זי קענ געבנ פאַר פאַרשידענע ליטעראַרישע דערשײַנונגענ אונ פּראָטימ פונ יענעמ פּעריאָד, אויכ פאַלש.

אזוי, לעמאָשל, איז פאַראַנ א נעטיִע אויסצוטײַטשנ אקסענפעלדס „ערשטנ ייִדישנ רעקרוט", ווי א סאָציאַלנ פּראָטעסט פונ די אָרעמסטע קעגנ די רײַכע, צו זענ אינ דער פיגור נאַכמענ דער גרויסער, אינ דעמ קאָרבנ פונ דער

רעקרוטשינע — א מין אפּאָטעאָז פונעם „האמוינישן מענטש", און אין זײַן גוירל — בלויז א שארפע טײַנע קעגן די גוירים. אז מע האלט זיך פינקטלעך בא די ליטעראַרישע פאקטן גופא, געפינט מען טייקעף אזויפיל סטירעס אין אזא מין איינזײַטיקער פאָרמולירונג פון דער טענדענץ, אז זי קען לאַכלוטן ניט באפרידיקן.

עס וואָלט אָבער געפירט צו ניט קיין קלענערע סטירעס, ווען מיר זאָלן דרינגען פון אקסענפעלדס באשײַמפּערלעכער סימפּאטיע פאר באשטימטע גרויס־בירגערלעכע פיגורן אין זײַנע ווערק, אז זײַן שאפן גיט א פולן און אדעקוואטן אויסדרוק פון די גרויסבירגערלעכע אינטערעסן. עס באווײַזט נאָך ווייניק אויב א שרײַבער מאָלט דאָס לעבן פון די רײַכע, און אפילע מיט היספּײַלעס און סימפּאטיע, קעדיי מע זאָל אים מעגן אונטערוקן די טענדענצן גראָד פון יענע שיכטן. אזא שרײַבער קען אמאָל זײַן דער אויסדריקער פון אסאך א נידע־ריקערן שיכט און אפילע קלאס. גראפן און פרינצן אין א ליטעראַרישער פּאָלקסמײַסע באטײַטן לאכלוטן ניט, אז דאָ ווערן אויסגעדריקט די סאָציאַלע טענדענצן פון גראפן און פרינצן. זייער אָפט באטײַט דאָס נאָר בלויז, אז דער פאנטאזיע־אידעאל אָדער די טעמאטיק און דער שטאָף פון באשטימטע, דאפקע נידעריקע און אָפּגעשטאנענע קלאסן האָט געקענט אין יענעם אנטוויקלונגס־עטאפּ אנטליגן ווערן נאָר בא יענע פיגורן. פונקט אזוי באווײַזט דאָס גע־לעגנטלעכע אויסמאָלן פון רײַכן סאָכרים־שטאנד און זײַן שטייגער־לעבן ניט שטענדיק, אז דער שרײַבער האָט דורכויס אויסגעדריקט די קלאסן־טענדענצן פון זײַנע פיגורן. בא א קנאפּ דיפערענצירטער און ווייניק באוווסטזיניקער אָרעמשאפטס־מאסע איז די פיגור פון העכסטן קלאס דער גראף, דער גוויר א. א. וו. אן אידעאל און ליבלינגס־טעמע אין עם בוך. נאכמען דער גרויסער, די געזעלן, וואָס טרינקען מיט נאכמענען אין שענק, די בעלפערס און דינסטן ליפשע די מויד — דאָס איז אקסענפעלדס לייענער־אוילעם; פאר די נאכמענס פונקט ווי פאר אקסענפעלדן, איז דער גוויר ר' ארן א אידעאל־פיגור, כאָטש ער נארט אָפּ נאכמענען און עפשער טאקע אויך אקסענפעלדן גופא.

ס'איז א גרויסער כילעק צי דער שרײַבער באציט זיך, לעמאָשל, צום גווירישן לעבן, ווי א קליינבירגערלעכער פיליסטער צו זײַן אידעאל און ווונטש אָדער ווי אן אָפּגעשטאנענער האמוין־מענטש צו א פאנטאסטישן כאָלעם; צי ווי א באוווסטזיניקער קלאסן־סוינע צום שטייגער פון זײַנע קעגנער, אָדער ווי א קלאסן־מיטגליד, וואָס מאָלט פאר זײַן אייגענעם קלאס מיט זעלבסטפאר־שטענדלעכקײַט, פינקטלעכסטער קענטעניש פון די אינטימסטע דעטאלן, מיט אײַנגעהאלטענע ווערטער און קארגע אָנצוהערענישן און אפילע מיט „גרויס־וועלטישער" איראָניע פונויבן אראָפּ — זײַן אייגענע היימישע סוויווע.

אויב מיר וועלן דעמדאָזיקן מאָמענט אזוי דיפערענצירן, אָריענטירנדיק זיך דערבײַ אויף דער סאָציאלער טענדענץ, וואָס מיר דארפן ארויסבאקומען דורך

א פינקטלעכנ אנאליז, וועט אונדז טייקעפ קלאָר ווערנ דער כילעק צווישנ דעמ אויפנ ווי עס מאָלט עטינגער, לעמאָשל, אונ ווי עס מאָלט אקסענפעלד דאָס באלעבאטיש־גווירישע לעבנ. עטינגער שילדערט א שטוב פונ א פארמעגלעכנ פארוועניו, אקסענפעלד מאָלט אופגעקומענע גווירימ (אינ „ערשטנ ייִדישנ רעקרוט" „מאנ אונ ווייַב" א. א. וו.); אָבער בא עטינגערנ פילט זיכ די איראָניע פונ אנ אָרגאנישנ אונ לאנגאָניקנ „פולווערטיקנ" פאָרשטייער פונ די העכערע מיטל־בירגערלעכע שיכטנ. ער כויזעקט מיט „ווערדע" איבער די לאפסוסנ אונ אומ־געלומפערטקייַטנ פונעמ פארוועניו (סערקעלע). בא אקסענפעלדנ, פארקערט, פילנ מיר דאָס היספּייַלעס פונ א ייִנגערנ, פראָסטערנ אונ קליינשטעטלדיקנ בירגערלעכנ שיכט, וואָס שטארבט אוועק פונ ייִרעס־האקאָוועד, ארייַנקוקנדיק דורכנ פענצטער צומ גרויסנ גוויר [1]), א היספּייַלעס, וואָס קוויקט זיכ נאָכ מיטנ גווירס שטייגער אונ מאָלט אימ מיט פארליבטקייַט. אכוץ אלעמ באווייַזט זיכ דאָ, פארשטייט זיכ, דער כילעק צווישנ דעמ שטאָטישנ שוינ לאנג פארפונ־דעוועטנ אונ „קולטורעלנ" גוויריש־באלעבאטישנ שטייגער פונ א געגנט, וואָס איז נעענטער צו מייַרעוו־אייראָפּע (לעמבערג אונ אפילע זאמאָשטש) אונ דעמ מער האמעטנעמ פראָסטערנ שטייגער פונ א „ייִנגערנ" קליינשטעטלדיקנ אוק־ראיִנישנ גוויר. דערדאָזיקער שטייגעריש־קולטורעלער כילעק טאָר אונדז אָבער ניט פארשטעלנ דעמ סאָציִאלנ כילעק אינעמ צוגאנג פונ דידאָזיקעביידע שרייַבער.

אויב מיר זאָגנ, אז אקסענפעלד איז געווענ א מאסקיל, האָבנ מיר דערמיט נאָכ ניט גענוי באשטימט אונ ארומגעשריבנ זייַנ ספעציפישנ סאָציִאלנ באָדנ. די האסקאָלע, די ייִדישע אופקלערונג איז אנ אלגעמיינע בירגערלעכע באַ־וועגונג, וואָס האָט ארומגענומענ פארשידנ־דיפערענצירטע קלאסנ־פאָרשטייער אינ פארשידנ־ניואנסירטע שיכטנ־אינטערעסנ. עס זייַנענ פאראנ געווענ קלאסנ־מעסיק גאָר פארשידענע מאסקילימ. עטינגער איז געווענ א מאסקיל אונ לעווינזאָנ איז אויכ געווענ א מאסקיל — זיי באציִענ זיכ אָבער פאָרט ניט אלצ־איינס צומ רעקרוטנ־געזעצ, לעמאָשל. א טייל מאסקילימ פארטרעטנ געניוג דייַטלעכ באשטימטע אינטערעסנ פונ דער בורזשואזיִע, אנדערע ווידער אסאַכ מער די אינטערעסנ פונ קליינבירגערטומ אונ אינ א באשטימטער מאָס אפילע פונ דער אָרעמשאפט.

די האסקאָלע איז, אלגעמיינ גערעדט, פונקט ווי די קלאסישע מייַ־רעווודיקע אופקלערונג, די אידעאָלאָגיע פונעמ דעמאָלטיקנ מיטלבירגער אינ זייַנ איבערגאנגס־עטאפּ צומ בורזשוא — כאָטש זי וויל דעמאָלט קלאָמערשט ארומנעמענ די „גאנצע מענטשהייַט" (זע ענגעלס: „אנטי־דירינג", דייַטשע אויסגאבע, בערלינ,

---

1) לעמאָשל: „... אקעגנ דער טיר, אינ דער אנדערער שטוב ארייַנ, העגנט א גאנצ גרויסער שפּיגל, אונ נאָכ פּאָקאָיעס אונ פּאָקאָיעס..." (ז. 158). ווי דייַטלעכ פילט זיכ די פּראָווינציִעלע אימ־באהאָלפענע היספּייַלעס פארנ גווירס וווינונג „אונ נאָכ פּאָקאָיעס אונ פּאָקאָיעס".

1928, זז. 1—4, 154—155, 274 א. א.) די טענדענצ זיכ סאָציאַל צו אָריענטירנ אפּנ בורזשוא און אפילע אפּנ גרויסבורזשוא באדינגט דעמאָלט אָבער ניט שטענדיק אנ אנטשפּרעכנדיקע אלצייִנסע באַציִונג פונ אלע מאסקילימ צו אלע איבעריקע קלאסנ. עס זייַנענ דאָ מעגלעכ געווענ די פארשידנסטע קאָמפּליצירטסטע קאָמבינאציעס. אויב מיר וועלנ דיפערענצירנ די מאסקילימ אפּ אנ אייִנזייַטיקנ צו־אלגעמיינעמ אויפנ, בלויז לויט גאנצע קלאסנ, וועט דאָס אונדז פירנ צו פארוויקלטע סטירעס. מיר קענענ, לעמאָשל, ארויסגעפינענ, אז א שרייַבער א פאָרשטייער פונ א באשטימטנ „קלאס״ האלט פאר זייַנע ערגסטע „קלאסנ־סאָנימ״ גראָד א היפּשנ טייל פונ דעמזעלבנ קלאס גופע, וואָס געהער אָבער צו אנ אנדערנ עקאָנאָמישנ שיכט מיט לאכלוטנ קעגנזעצלעכע עקאָנאָמישע אינטערעסנ. עס איז דעריבער ניט ריכטיק, אויב מיר רעדנ געוויינלעכ וועגנ מאסקילימ און האסקאָלע סטאמ, אָנ שומ דיפערענצירונג, פונקט אזוי ווי וועגנ דעמ ייִדישנ בירגערטומ פונ יענער צייַט, אשטייגער עס וואָלט געווענ א האָמאָגענע גרופּע מיט א דורכויס אייִנהייַטלעכנ כאראקטער און אייִנהייַטלעכע אינטערעסנ.

די אידעאָלאָגיע פונ דער מאסקילישער אינטעליגענצ[1], פונ די שרייַבער און טעאָרעטיקער, איז טאקע שטארק באווירקט פונ דער קליינער גרופּע ייִדישער גרויסבורזשואזיע, וואָס האָט זיכ שוינ דעמאָלט אָנגעהויבנ צו אנטוויקלענ, פונ די אויפגעקלערטע רייַכע סאָכרימ, גרויסע מעלוכישע פּאָדריאטשיקעס, הויפּט־פאכטערס, באנקירנ, פאבריקאנטנ א. א. וו. און פונ זייערע אינטערעסנ. דידאָזיקע בירגערלעכע גרופּע האָט געגעבנ דער ליטעראַרישער האסקאָלע דעמ „סאָציאַלנ אידעאַל״ און האָט געווירקט אפּ איר אידעאָלאָגיע, פונקט ווי זי האָט „שטאדלאָניש״ געווירקט אפּ דער מעלוכע. די מאָסמיטלענ פונ דער מעלוכע בענעגייע די ברייטע ייִדישע מאסנ זייַנענ אינ א באשטימטער, גענוג באדייַטנדיקער מאָס, ניט געקוקט אפּ די צוויִעסדיק־שטאדלאָנישע אָנשטעלנ פונ קאָל־מינע „דעפּוטאטנ״, אונטערגעזאָגט געוואָרנ דירעקט פונ דידאָזיקע ייִדישע גרויסבורזשואזע גרופּעס[2]. די בירגערלעכע אויפקלערונג שטיצט זיכ אינ א באשטימטנ אנטוויקלונגס־עטאפּ אפּ דער מאָנארכישער מעלוכע, דאָס דארפּ דעמאָלט אינ ערשטער ריי פארשטייַפנ איר פּאָזיציע קעגנ „דעמ אדל״, קעגנ „די מיסברויכנ פונ די פעאָדאלנ״,— אָבער אויכ קעגנ דעמ „ווילדנ האמוינ״, וועמעס טייַנעס און פּאָדערונגענ די אויפקלערונג רופט ארויס און צעבלאָזט אינ איר בירגערלעכנ קאמפּ קעגנ אדל.

דערדאָזיקער פאקט באשטימט די באַציִונג פונ א היפּשנ טייל מאסקילימ צו די הארבע און שווערע מאָסמיטלענ. די קליינע גרופּע ייִדישע גרויסבורזשואזיע האָט ניט עקזיסטירט א זעלבשטענדיקע בלויז אקעגנ אנדערע ייִדישע קלאסנ־גרופּירונגענ; זי איז געווענ א טייל פונ דער אל־

1) זע „אָנמערקונגענ און עקסקורסיעס״.

2) זע ווייַסער זז. 114—117

געמיינער גרויסבורזשואזיע און האָט, ווי נייטיק, אויסגעפירט איר שליכעס בענעגייע א באשטימטן טייל יידישן מיטלשיכט און אָרעמשאפט. די פּאָליטיק פון דער גרויסבורזשואזיע בענעגייע יידן איז דיקטירט געוואָרן פון אזעלכע נויטווענדיקייטן: אײַנשטילן, זאָל זײַן דערווײַל און אָפּנארעריש, די טײַנעס פון פויער (לײַבייגענעם) און פונעם ניט־יידישן שטאָטישן קליינבירגער, אפילע אפּן כעשבן פון יידישן; אומשעדלעך מאכן דעם מיטל־ און קליין־האנדל; קרעפטיקן דעם מיליטאריזם; פּראָלעטאריזירן אָדער אגראריזירן ברייטע מאסן אָרעמשאפט; זיך באפרײַען פון צדאָקע־אָל און פון פילאנטראָפּישע צושטײַערן; באשאפן אן אינטעליגענץ א. א. וו. דאָס קלאָמערשטע מיטפילן די אָרעמע מאסן, די פארשידענע ווייכהארציקע זשעסטן און פראזעס זײַנען דאָ געווען דער געוויינלעכער פילאנטראָפּיש־סאנטימענטאלער אָנשטעל. פון דידאָזיקע פּאָליטישע אינטערעסן ווערן אין א היפשער מאָס באווירקט די הויפּט־שטריכן אין דער אידעאָלאָגיע פון דער טעאָרעטישער און בעלעטריסטישער האסקאָלע.

„אין א היפשער מאָס באווירקט", אָבער ניט אויסשליסלעך. מיר געפינען ניט באַ אַלע מאַסקילים אין דערדאָזיקער הויפּט־ליניע אן אבסאָליוט־אויסגעהאלטענע איינהײַטלעכקײַט. עס איז א וועזנטלעכער כילעק, לעמאָשל, צווישן דעם אויפן ווי עטינגער סאָלידאריזירט זיך מיט דער גרויסבורזשואזיע, און דעם אויפן ווי אקסענפעלד טוט דאָס, אָדער גאָר לעווינזאָן. די גראָדע אנטוויקלונג פון דער גרויסבורזשואזער דאָמינאנטע ווערט באַ א טייל פון די־דאָזיקע מאסקילים געשטעלט אונטערן דרוק פון די אָרעמע מאסן און איבער־געבראָכן, כאָטש אין רעזולטאט ווערן די סטירעס זייער אָפּט אײַנגענומען פון דער שטארקערער דאָמינאנטע. פאר אַלע פאָרשטייער פון דער טעאָרעטיש־בעלעטריסטישער האסקאָלע איז דער סאָציאלער אידעאל, וואָס גיט די סאָציאלע אָריענטירונג—דער רײַכער „אופגעקלערטער" גוויר, זיי שטייען אין זײַן דינסט. אָבער אונטערן דרוק פון די ברייטע ארבעטנדיקע און אָרעמע מאסן, וואָס מוזן נאָך דערווײַל אמאָל גענומען ווערן אין אכט, צוליב דעם קאמף פון דער אלגעמיינער בורזשואזיע קעגן דעם העכערן קלאס, קעגן דעם פעאָדאלן רעזשים [1], דערגייען א טייל מאסקילים צו האנאָכעס און צו א מיטגעפיל פאר די נידע־ריקערע שיכטן. דאָס דריקט זיך אויס אין סאנטימענטאלע זשעסטן און פילאנ־טראָפּישע פראזעס, אָדער אין די פאנטאזיעפולע כאלוימעס, וואָס ווערן פאָר־געשפּיגלט דעם מאסן־לייענער, לעמאָשל, ווי אזוי אן אָרעמער מעשאָרעס אָדער א בעלפער האָט זיך דערשלאָגן צו גרויס אשירעס (מיכל מאציוווע, נויעכ ענגלענדער א. א. וו.). דידאָזיקע „פּאָלקיסטישקײַט" איז שטענדיק באם אופ־שטרעבנדיקן בירגערטום א מיטל, קעדיי בעסער צו ווירקן אפ די ברייטסטע מאסן, אָבער אויך א צייכן פון זײַן אָפּטימיזם, וואָס נעמט זיך קלאָמערשט קעמפן מיט די פולע דערשײַנונגען אין דער אייגענער קלאסן־סוויווע.

[1]) זע „אָנמערקונגען און עקסקורסיעס".

די טענדענצ פונ עטינגערס אָריִענטאציע אפנ גרויסבירגערטום איז אָנ סאָפעק א דײַטלעכערע אונ מער באוווסטזיניקע איידער אקסענפעלדס—כאָטש דאָס באטײַט נאָכ ווײַט ניט, אז עטינגערס שאפנ איז אנ אדעקוואטער אויסדרוק פונעמ אייגנטלעכנ גרויסבירגערטום. דער סאָציִאלער „אידעאל״ איז אי בא עטינגערנ אי בא אקסענפעלדנ דער אייגענער—דער אופגעקלערטער רײַכער גוויר; מיר פילנ אָבער אינ דער אידעאָלאָגיע פונ אקסענפעלדס שאפנ, אז זי פאלט שטארקער ארונטער אונטערנ דרוק פונ ברייטערע מיטעלע אונ אפילע אָרעמע מאסנ. די שאטירונגענ אינ דער אידעאָלאָגיע פונ די פארשידענע מאסקילים דיפערענצירנ זיכ דעריקער ניט לויט דעמ פארמעגנס־גראד אָדער דער אלגעמיינער סאָציִאלער שאצונג פונ דעמ אָדער יענעמ שיכט, וועלכנ דער מאסקילישער שרײַבער רעפּרעזענטירט אינ זײַנ שאפנ, נאָר לויט דער פארשידענער אנטוויקלונג פונ די פּראָדוציר־קויכעס, פונ די אויסטויש־אויפאנים אונ פונ די געזעלשאפטלעכע באוועגונגענ אינ פארשידענע קאנטנ (גאליציע־פוילנ, ליטע אָדער אוקראִינע) אונ אינ פארשידענע פעריִאָדנ; לויט דער פארשידענער עקאָנאָמיק פונ די פארשידענע שיכטנ, לויט די פארשידענע אויפאנימ, ווי זיי דערווערבנ זייער פארנאָסע, לויט די פארשידענע באדינגונגענ, מיט וועלכע דאָס איז פארבונדנ—אונ לויט די באציִונגענ פונ אינטערעסנ־שוטפעסדיקײַט אָדער קעגנזעצלעכקײַט, וואָס דידאָזיקע באדינגונגענ שאפנ.

אקסענפעלדס אידעאָלאָגיע באזירט זיכ אפ אנ עקאָנאָמיק, וואָס איז מער ווי עטינגערס פארבונדנ מיטנ דאָרפ (אָדער בײַדאָרפישנ קליינעמ שטעטל), אונ איז שטארקער אָפּהענגיק פונעמ פּאָרעצ אונ דער לײַבייגנטומ־סיסטעמ. די עקאָנאָמיק, וואָס קומט צומ אויסדרוק אינ עטינגערס אידעאָלאָגיע, איז שוינ א מער זעלבשטענדיק אנטוויקלטע, סאָכריש־שטאָטבירגערלעכע. אפ דער עקאָנאָמיק, וואָס איז שטארק אָפּהענגיק פונעמ פּאָרעצ, קוקט עטינגער פונויבנ אראָפּ, מיט א לײַכטנ ביטל (זע „סערקעלע״,—„כתבים״, בד. II, זז. 423—424).

דער שיכט, וועלכנ עטינגער רעפּרעזענטירט, איז שוינ ווײַטער אוועק אינ דער בירגערלעכער אנטוויקלונג, איז אלס אזעלכער עלטער אונ מער פארפונדעוועט איידער דער אנטשפרעכנדיקער שיכט, אפ וועלכנ אקסענפעלד באזירט זיכ. עטינגער טרעט ניט אזוי טעמפעראמענטפול ארויס קעגנ יענע באשטימטע אָפּגעשטאנענע גרופעס מיטלבירגערטומ, וועלכע אקסענפעלד באקעמפט אזוי שארפ, ווײַל א גאנצע ריי שארפע עקאָנאָמישע קעגנזאצנ, וואָס באקעמפנ זיכ אינעמ אוקראִינישנ שטעטלשנ בירגערטומ, זײַנענ אינ דער מער שטאָטישער סוויווע, וועלכע עטינגער רעפּרעזענטירט, גאָר אנדערש גרופּירט אונ פארמאָגנ אנדערע אינטערעסנ־ראדיוּסנ. די בורזשואז־עקאָנאָמישע פארפונדעוועטקײַט איז אינ אקסענפעלדס קאנט א שוואכערע; סײַ די עקאָנאָמיק, סײַ די אידעאָלאָגיע איז דעריבער א ווייניקער שטאנדהאפטיקע אונ אויסגעשפּראָכענע. די פארמעגנס, ביפראט פונ מיטלבירגערטומ, זײַנענ יִינגער, קלענער, זייער עקאָנאָמישע סיטו־

אציע איז וויינקער פארזיכערט, דעריבער איז די באציִונג צו די נידעריקערע און אָרעמערע שיכטן א וואקלדיקע, ניט פעסטע און אמאָל טאקע אינ א באַשטימטער מאָס א „צוגעלאָזענערע". דעם גרויסן גוויר מאָלט אקסענפעלד שטענדיק מיט סימפּאטיע און יִירעס־האקאָוועד. אנ עמעסן רײַכנ גרויסבירגער באַגעגענען מיר אָבער זעלטנ אינ זײַנ שאפנ; די ארנס, נויעכ ענגלענדערס, אָקסמאנס און זײַנע ברעסלער באקאנטע („אשירימ, א טייל גרויסע אשירימ, א טייל ניט זייער רײַכ, נאָר טאָמיד אינ אסאָקימ"—„שטערנטיכל") זײַנען די געציילטע אויסנאמעס. געוויינלעכ זײַנען זײַנע „אשירימ" דורכויס מיטעלע בירגער, לויטנ שטייגער פונ „מאני דעמ רײַכנ" („ווײַל דו ביסט טאָמיד א קאפּצנ מיינסטו, אז איכ האָב מיליִאָנען מײַנ אייגנס, ווי אלע קאפּצאָנימ מיינען אפּ איינ אוישער"; אינעמעסן פארמאָגט ער „עפשער צוויי טויזנט רענדלעכ"—„די גענארטע וועלט", ז. 316). נויעכ ענגלענדער (אינ „מאנ און ווײַב") דערקלערט דעמ כילעק צווישנ דעמ אײַנגעפונדעוועטנ אויסלענדישנ בירגערלעכנ פארמעגנ און דעמ קליינעמ ניט־שטאנדהאפטיקנ נײַ־אופגעקומענעמ פארמעגנ אינ „פוילנ" (געמיינט איז אוקראִינע). אינ פוילנ, אז עמעצ איז „רײַכ און האָט עטלעכע טויזנט רענדלעכ אפילע", איז דאָס נאָר אזוי לאנג ער איז געזונט, ווערט ער קראנק און שטארבט „ווערט גאָר אויס אשירעס"—לעהייפּעכ צום אײַנגעפונדעוועטנ אויסלענדישנ בירגערלעכנ פארמעגנ, וואָס בלײַבט א פארמעגנ אפילע נאָכנ טויט פונעמ אוישער. די פּראָבלעמ פונעמ „יוירעד", פונעמ דעקלאַסירטנ בירגער, כאזוערט זיכ דערפאר אזוי אָפט איבער בא אקסענפעלדנ. זײַנ באציִונג צומ דעקלאסירטנ פארבט אָפּ אפּ זײַנ באציִונג צו די נידעריקערע שיכטנ ביכלאל, און שאפט דערצו א מינ איבערגאנג. עס איז כאראקטעריסטיש, אז בא עטינגערנ איז דער „יוירעד", די פיגור פונעמ פאראָרעמטנ (מארקוס) א סטודענט; בא אקסענפעלדנ (נאכמענ), — א מאיאסעניק. בא עטינגערנ ענדיקט זיכ מיט אימ „גוט", בא אקסענפעלדנ—טראגיש. די טענדענצ פונ זײַנ סאָציִאלנ אידעאל אפּנ אופגעקלערטנ רײַכנ גרויסבירגער קענ אקסענפעלדנ ניט אָפּהאלטנ אמאָל צו דערפילנ און אפילע אינ א באשטימטער מאָס אויסצודריקנ (זאָל זײַנ אינ א זייער אײַנגעהאלטענער און אומדירעקטער פאָרמ) באשטימטע קעגנזעצלעכקײַטנ צווישנ דעמ מיטלבירגערלעכנ שיכט, וועלכנ ער רעפּרעזענטירט—און דעמ גרויסבירגערלעכנ שיכט (לעמאָשל, אינ „ערשטנ יִדישנ רעקרוט"). עטינגערס אידעאָלאָגיע באוועגט זיכ דײַטלעכער צומ גרויסבירגערטומ (כאָטש זי איז ניט קיינ גרויסבירגערלעכע אידעאָלאָגיע), אקסענפעלדס—מער צומ קליינבירגערטומ און צו דער דעקלאסירטער אָדער ארבעטנדיקער אָרעמשאפט, כאָטש אינ טאָכ באזירנ זיכ ביידע שרײַבער אפּ א גענוג ענלעכנ סאָציִאלנ שיכט.

וואָסערע שטעטלשע שיכטן־פאָרשטייער פירט אקסענפעלד ארויס אין זײַנע ווערק און ווי באציט ער זיך צו זייערע פארהעלטענישן?

עס איז נייטיק ניט בלויז צו אידענטיפיצירן די צוגעהעריקײַט פונעם הויפּט־טיפּאזש אקסענפעלדס צו באשטימטע סאָציִאלע שיכטן און עקאָנאָמישע גרופּעס, אופצודעקן דעם סאָציִאל־עקאָנאָמישן מעהוס פון זייערע פארהעלטענישן צווישן זיך, פון זייערע פארבינדונגען און קאָנפליקטן,—נאָר אויך אקסענפעלדס באציִונג צו זײַן טיפּאזש אלס פאָרשטייער פון באשטימטע סאָציִאל־עקאָנאָמישע גרופּעס. דאָס קען מיטהעלפן ארויסצובאקומען די שטריכן פונעם סאָציִאלן עקוויוואלענט פאר אקסענפעלדס שאפן.

עס זײַנען נאָך ביז איצט לאכלוטן ניט גענוגנדיק אויסגעקלאָרט געוואָרן די סאָציִאל־עקאָנאָמישע דיפערענצן צווישן די פארשידענע גרופּעס אין די ראמען פון די באזונדערע שטעטלשע שיכטן פון יענער צײַט. די סומארישע דיפערענציִאציע לויט גאנצע קלאסן און עקאָנאָמיש ניט־האָמאָגענע שיכטן קאָן אָבער ניט שטענדיק קלעקן. א פרווו סאָציִאל־עקאָנאָמיש צו קלאסיפיצירן א טייל פון אקסענפעלדס טיפּאזש איז שוין אמאָל געמאכט געוואָרן דורך י. לעשטשינסקי[1], ניט קעדיי פעסטצושטעלן דעם סאָציִאלן מעהוס פון אקסענפעלדס שאפן, נאָר מער צוליב היסטאָרישע צוועקן. זײַנע ווערק ווערן באטראכט און אויסגענוצט אלס היסטאָרישער קוואל.

דידאָזיקע קלאסיפיקאציע האָט אָבער עטלעכע וויכטיקע כעסרוינעס. ערשטנס, שטיצט זי זיך ניט אפ דער אויספאָרשונג און דערפארונג פון אלע ווערק אקסענפעלדס, נאָר אפ צוויי פון פינף. צווייטנס, איז די קלאסיפיקאציע ניט קיין פינקטלעכע דיפערענצירנדיקע, באזונדערס גראָד בא יענע גרופּעס, וואָס דארפן אונדז דאָ, צוליב אונדזער אופגאבע מער אינטערעסירן—בא די גרור־פעס פון מיטלבירגערלעכן שיכט, וואָס בלײַבן בא לעשטשינסקין צעשווומען און ניט גענוג דײַטלעך צעגרענעצט. אָבער גראָד אין די ראמען פון דעם ברייטן שיכט, וואָס געפינט זיך צווישן דער שטעטלשער גרויס־בורזשואזיִע פון איין זײַט, און דער אָרעמשאפט פון דער אנדערער זײַט, באוועגן זיך דערי־קער אקסענפעלדס אינטערעסן. דאָ דארפן מיר זוכן זײַן סאָציִאלן באזיס, אָבער אויך די קעגנערישע עלעמענטן, קעגן וועלכע ער קעמפט, זײַנע שותפעסדי־קײַטן, אדעקוואטקײַטן, קעגנזאצן און סטירעס; גראָד דאָ געפינען זיך די גרופּעס, וואָס אקסענפעלד רעפּרעזענטירט אידעאָלאָגיש, און אויך זײַנע הויפּט־קעגנער. אויב מיר געפינען ניט ארויס די סאָציִאל־עקאָנאָמישע דיפערענצן צווישן די גרופּעס אין דעם דאָזיקן מיטלשיכט גופע, וועלן מיר ניט קענען דערקלערן און ארויסבאקומען פונוואנען עס נעמט זיך, לעמאָשל, זײַן הויפּט־קעגנערשאפט גראָד צו א טייל דאפקע פון זײַן אייגענעם שיכט. בעערעכדיק־אינטויִטיווע פעסטשטעלונגען וועלן דאָ גאָרנישט קלאָר מאכן.

[1] „דאָס יידישע עקאָנאָמישע לעבן אין דער יידישער ליטעראטור“, לייפּציק, 1922, זז. 18—25.

דער וויכטיקסטער כיסאָרן אין לעשטשינסקיס קלאַסיפיקאַציע איז אָבער דאָ פאַר אונדז דאָס, וואָס זי גיט לאַכלוטן ניט אַקסענפעלדס באַציִונג, זיין פּאָזיציע צו די טיפּן אַלס פאָרשטייער פון פאַרשידענע בעסטגעשטעלטע שיכטן און גרופּעס, זיין פאַרהעלטעניש צו זיי, זייער אָרט אין זיין שאַפן. לעשטשינסקי באַהאַנדלט אַקסענפעלדס ווערק, ווען ער רעדט, ווי קוואַלן פאַר געשיכטע,— אָדער ער באַהאַנדלט, אַזוי צו זאָגן, די געשיכטלעכע פאַקטן אַפ וויפל זיי געפינען זיך אין אַקסענפעלדס ווערק. איןביידע פאַלן— דער צווייטער דערלויבט זיך גיכער איידער דער ערשטער — ווערן בעסטגעשטעלט היסטאָרישע פאַקטן און ניט ליטעראַטור־היסטאָרישע. אַשטייגער, מע וואָלט געקענט אַרויסגיין פון דער האַנאָכע, אַז אַקסענפעלד האָט זיינע סאָציִאַל־עקאָנאָמישע טיפּאַזשן געשילדערט „אומבאַטייליקט״, אָביעקטיוו, אַזוי צו זאָגן, אָן א סובּיעקטיווער באַציִונג. אָדער עס באַקומט זיך קימאַט, אַז אַקסענפעלדס באַציִונג איז אַן עופעל גלייך צו דער באַציִונג, וואָס דער קלאַסיפיקאַטער האָט צו די קלאַסיפיצירטע טיפּאַזשן.

פאַר אונדז אָבער ליגט דאָ דער טראָפּ ניט אַפ דער פעסטשטעלונג פון די היסטאָרישע פאַקטן, וואָס שייעך די טיפּאַזשן און די גרופּעס, וואָס זיי רעפּרעזענטירן. פאַר אונדז איז דאָ לעפּאָכעס פונקט אַזוי וויכטיק די סאָציִאַל־עקאָנאָמישע אידענטיפיצירונג פון די טיפּן אַלס ליטעראַטור־היסטאָרישע פאַקטן, ד. ה. אַקסענפעלדס באַציִונג און שאַצונג פון דידאַקטישע פאַקטן מיר ווילן דאָ ניט אַרויסדרייען באַשטעטיקונגען פאַר היסטאָרישע טאַטזאַכן פון ליטעראַרישע ווערק, נאָר מיר ווילן מיט דער הילף פון געשיכטלעכע באַוווסטע טאַטזאַכן אויסקלאָרן א ליטעראַרישע טאַטזאַך: אַקסענפעלדס סאָציִאַלע פיזיאָנאָמיע — אין פאַרבינדונג מיט די געזעלשאַפטלעכע שטרעבונגען פון דער האַסקאָלע ביכלאַל.

עס פאַרשטייט זיך דעריבער, אַז אונדזער קלאַסיפיקאַציע דאַרף און מוז אין א געוויסער מאָס בלייבן א „סובּיעקטיווע״, א גענומענע פון אַקסענפעלדס שטאַנדפּונקט, אַזוי ווי סע באַקומט זיך פון זיינע ווערק — און א „רעלאַטיווע״, ווייל אַקסענפעלד איז ניט מעכוייעו געווען דאָ אין אַלע פּראָטים צו זיין אַבּסאָליוט אויסגעהאַלטן. ביפּראַט נאָך, אַז די פאַקטן גופע זיינען אויך ניט אין אַלע פאַלן געווען אויסגעהאַלטן. די קלאַסיפיקאַציע לויט אַקסענפעלדס ווערק האָט שוין מעמיילע אין זיך א היפּשע דאָזע פון זיין באַנעמ גופע — כאָטש מיר באַמיִען זיך זי אויסקלאָרן לויט די היסטאָריש־בעסטגעשטעלטע טאַטזאַכן.—

1. פאָרשטייער פונעם העכסטן אָבער צאָלנמעסיק קליינעם גרויסבירגערלעכן שיכט געפינען מיר אין אַקסענפעלדס שאַפן, אַזוי ווייט עס איז צו אונדז דערגאַנגען, פאַרהעלטניסמעסיק ווייניק און אויך נאָר פונעם האַנדלסקאַפּיטאַל (פאָרשטייער פונעם אינדוסטריע־קאַפּיטאַל פירט אַקסענפעלד ביכלאַל ניט אַרויס). געוויינלעך איז עס אַן אויפגעקלערטער פילאַנטראָפּישער רייכער סוחר, וואָס

איז עקאָנאָמיש פארבונדן אָדער מיטן אדל, בא וועלכן ער קויפט איַין לעבע־דיקע און ניט־לעבעדיקע פּראָדוקטן פאר ארויספירן אין וויַיטן אינלאנד (און מיסטאמע אויך אין אויסלאנד), אָדער מיט ציווילע באאמטע און ארמייִשע אָפיצערן. צו דעמדאָזיקן שיכט געהערן, אלציינס צי זיי ווערן ארויסגעפירט דורך אקסענפעלדן צי נישט — די גרויסע פּאָדריאטשיקעס פאר דער ארמייִשער און ציווילער מאכט, סאָכרים, וואָס פירן ארײַן אויסגעארבעטע ארטיקלען פון אויסלאנד: פרײַסן, עסטרײַך א. א. וו. (געוויינלעך לוקסוס־זאכן), די גרויסע מיטניקעס (גענעראל־פאכטערס פאר קאָלערליי אָפּצאָלן), גרויסע פּראָפּינאטערס, גרויסע הויז־באזיצער, גרויסע גיטער־פאכטערס [1] (וואָס האָבן אָפּט קעגן דעם געזעץ געהאט לײַבייגענע), באנקירערס, פאבריק־באזיצערס א. א. וו. אונטער דער עקאָנאָמישער האשפּאָע פון דעמדאָזיקן שיכט פאלן אומיטל־באר ארונטער א ריי קלענערע קאפּיטאליסטן פון מיטלבירגערטום, וואָס זײַנען מיט אים פארבונדן ניט לויט זייער פארמעגנס־לאגע, נאָר לויט די שוטפעסדיקע געשעפטן און אינטערעסן, לעמאָשל, דערפאר, ווײַל זיי קויפן אײַן און זאמלען פארן גרויסן סוחר די נייטיקע פּראָדוקטן. צום קליינהאנדל— אזוי ווײַט ער שטייט ניט אין דינסט פון גרויסן סוחר—פארהאלט זיך דערדאָזיקער קלאס אין א שארפן אינטערעסן־קעגנזאץ, ווײַל ער צעדריבלט אים די פּראָדוקטן־מאסע און קאָנקורירט מיט אים. דורך א נאָענטער באַרירונג מיטן פּאָרעץ, מיטן באאמטן און מיט אויסלענדישע ייִדן אָדער מיט ייִדן פון „אופגעקלערטע קאנטן” [2]) האָבן זיי באקומען באשטימטע גענוג אויבערפלעכ־לעכע אופגעקלערטע שטריכן און מאנירן פון אופירונג. פון קאָהאָלס אָל און פון זײַן רעליגיעזער האשגאָכע איז דערדאָזיקער שיכט געוויינלעך אין א היפּשער מאָס באפרײַט. ער אינטערעסירט זיך מיט קאָהאָלשע איניאָנים דעריקער נאָר פון „פילאנטראָפּיע”, ד. ה. אזוי ווײַט עס טויג פאר זײַנע באזונדערע אינטערעסן.

א פאָרשטייער פון דעמדאָזיקן העכסטן שיכט, כאָטש טאקע בלויז אין א קליינשטעטלדיקן פאָרמאט, ארן קלוגער, ווערט אינעם פארשוין־צעסל פון

---

[1]) מעגלעך, אז מיר דארפן אין דעם פאקט זוכן איינע פון די סיבעס פארן פאטאָס, וואָס די האסקאָלע האָט באוויזן פאר ערדארבעט און קאָלאָניזאציע.

[2]) ארן קלוגער („דער ערשטער ייִדישער רעקרוט”) דערציילט, אז ער האָט זיך „געלערנט” אין ווארשע; גויעך ענגלענדער („מאן און ווײַב”)—אין ענגלאנד; אָקסמאן און זײַנע כא וויירים, די רײַכע פּאָדריאטשיקעס („שטערנטיכל”) — אין ברעסלע. דאָס אייגענע זעען מיר בא יענע פאָרשטייער פון מיטלבירגערטום, וואָס זײַנען עקאָנאָמיש פארבונדן מיט דער גרויסבירזשואזיע. פינכעס דער רויטער („דער ערשטער ייִדישער רעקרוט”), וואָס בארימט זיך מיט זײַן קענען „רוסיש און ייִדיש שרײַבן און לייענען”, האָט באקומען זײַן אופקלערונג אין ערדיטשעוו און דורך דעם, וואָס ער האָט זיך „געגנוג אָנגעהערט צווישן די בראָדער און צווישן אנדערע מענטשן, וואָס זײַנען געווען אין אנדערע מדינעס אַרוּם פּעטערבורג און אין מאָסקווע”.

„ערשטנ יִדישנ רעקרוט” אזוי כאראקטעריזירט: „דער גרעסטער אוישער אינ שטאָט, א געלערנטער אינ קאָלערליי כאָכמעס אונ לעשוינעס; ער איז א כאָשעוו באמ סאר פונ דער שטאָט; זייַנ האנדל איז מיט אָקסנ קיינ ווארשע”. זייַנ ווייַב פערעלע „איז זייער שיינ אונ זייער קלוג אונ זייער גוט”.

די מעלוכע באציט זיכ צו דעמ שיכט, אזוי ווייַט עס דערלויבט דאָס איר שטעלונג צו דער בורזשואזיִע ביכלאל, מיט פאָרזיכטיקער געניגטקייַט, ווייַל ער איז ענג פארבונדנ מיטנ אגראר־אדל, מיטנ אופקומענדיקנ אינדוסטריע־קאפיטאל אונ אכוצדעמ אויכ דירעקט מיט וויכטיקע אינטערעסנ פונ דער מעלוכע, לעמאָשל, צוליב דער טעטיקייַט פונ די מעלוכישע פאָדריאטשיקעס אונ צוליב דער שטייַער־פעיִקייַט פונ דעמדאָזיקנ גאנצנ שיכט.

אכוצ ארנ קלוגער געפינענ מיר אינ אקסענפעלדס פיעסעס בלויז נאָכ איינ פאָרשטייער פונ דעמ העכסטנ בירגערלעכנ שיכט,— נויעכ ענגלענדער („מאנ אונ ווייַב”), וואָס ווערט אינעמ פארשוינ־צעטל כאראקטעריזירט ווי „זייער רייַכ”. ער האָט אָבער זייַנ פארמעגנ געמאכט אינ אויסלאנד אונ האלט זיכ אופ אינ „ווימיסלע” בלויז ווי א גאסט. ער איז גיכער פונ אלצ א טראדיציאָנעלער מייַסעדיקער טעאטראלער רעקוויזיט איידער א קאָנקרעט־שטייגערישע פיגור. אלע איבעריקע „רייַכע”, וואָס אקסענפעלד פירט ארויס אינ די פיעסעס, ווערנ פונ אימ גופע דעמאסקירט אלס גענוג מיטעלע קרעמער אָדער ארענדאטערס, אונ ווי דורכויס פראָבלעמאטישע „אשירימ” (מאני דער רייַכער אינ דער „געגנארטער וועלט”, אוורעמל דער פוילישער אינ „קאפצנ־אוישער־שפיל” א. א. וו.). אינ „שטערנטיכל” ווערנ אגעוודיק ארויסגעפירט א גאנצע ריי פאָרשטייער פונ דער בורזשואזער קאטעגאָריע: דילאָנ, מארגאָסינ, דאווידזאָנ, הײַלפערינ, לאנדע, בלומענפעלד א. א. וו. (פונקט ווי דילאָנ—מינאסטאמ נעמענ פונ היסטאָריש קאָנקרעטע פארשוינענ), וועגנ וועלכע אקסענפעלד זאָגט, אז זיי „זייַנענ אלע געוועזנ בעריעס מענטשנ, געניטע פאָדריאטשיקעס, מענטשנ, וואָס האָבנ א נאָמענ אפ דער מעדינע, פונ דער היימ מעיוכאָסימ, אשירימ, א טייל גרויסע אשירימ, א טייל ניט־זייער רייַכ, נאָר טאָמיד אינ אסאָקימ, קלוגע, אופגעקלערטע מענטשנ...” (קאפ. 15). דערעכ־אגעוו דערמאָנט אויכ אקסענפעלד א „גרויסנ אוישער” גאווריִעל גיטעלעס, א באנקיר (קאפ. 8). אביסל אויספירלעכער ווערט דאָרט באהאנדלט דער בורזשווא אָקסמאנ.

מע קענ, הייסט עס, פעסטשטעלנ, אז דער אויסגעשפראָכענער גרויסבירגער פארנעמט „קוואנטיטאטיוו” גאָר א קנאפנ אָרט צווישנ אקסענפעלדס טיפּנ. ווו אקסענפעלד באשעפטיקט זיכ טאקע גאָר אויספירלעכ מיטנ שטייגער אונ מיט די שטייגערישע טאטנ פונ אזא פיגור (אינ „ערשטנ יִדישנ רעקרוט”)—טוט ער דאָס גיכער פאר אלצ קעדיי דידאָזיקע פיגור צו מוסערנ.

אינ דער אייגענער צייַט דארפ מענ אָבער אויכ פעסטשטעלנ, אז גראָד פונ דעמדאָזיקנ שיכט נעמט אקסענפעלד זייַנ סאָציאלנ א י ד ע א ל, די סאָציאלע

אָריִענטאציע און שאצונגס־מאָס. לויט דער מאָס מעגלעכקייט, וואָס אנדערע שיכטן אָדער אינדיווידן האָבן זיך מיט דער צייַט ארופצוכאפּן צו דעמדאָזיקן העכסטן שיכט, געווענדט זיך דערעכ־קלאַל דער אויפן, ווי אקסענפעלד שאצט זיי אָפּ. וויפל מאָל אקסענפעלד באגעגנט זיך אין זייַנע ווערק מיט עכטע פּאָר־שטייער פון העכסטן שיכט, מאָלט ער זיי, זייערע מישפּאָכעס און זייער שטייגער מיט ייִרעס־האקאָוועד און מיט סימפּאטיע. אין „ערשטן ייִדישן רעקרוט" ווערט ארגן פון אָנהייב ביז צום סאָף[1] באהאנדלט מיט גרויסן אָפּשייַ און דערכערעצ. די אייגנטלעכע „אידעאל־פיגור" אין דער פּיעסע איז ער, דער וואָרטפירער און רעזאָניאָר פון אקסענפעלדס האסקאָלע־אידעאָלאָגיע, פּונקט ווי אָקסמאנ אין „שטערנטיכל". זייַן גאנצן שטייגער שטעלט אקסענפעלד אוועק פאר א מוסטער. די פּינכעסעס און ייִסראָליקס האָבן נאָר אפּ אזויפיל א ווערט, אפּ וויפל זיי דערנעענטערן זיך צום אידעאל־טיפּ און אפּ וויפל עס פאלט אפּ זיי א שייַן פון אים. נאכמען דער גרויסער, דורך וועמעס דרייסטן מויל ארגן (און מיט אים אקסענפעלד) לאכט אָפּ פון די גילויואטעס, פּסיאַיאָכעס, פון די פּארנאָסיי־כוידעש, פונעם ראָוו און דער רעבעצן, און וואָס ווייַזט אפילע פארן פּאָרעצ ניט קיין באזונדערן אָפּשייַ—האָט פאר ארגנען דעם גרעסטן דערכערעצ.

2. אנ אנדערן שיכט, דעם מיטלבירגערלעכן, צו וועלכן עס געהערט דער הויפּט־טיפּאזש אין אקסענפעלדס שאפן, דארף מען אויסטיילן אין צוויי גרופּעס. ניט לויטן סימען פון דער פארמעגנס־לאגע, נאָר לויט דער עקאָנאָמישער טענדענצ פון יעדער גרופּע: אין I) א העכערער גרופּע און II) א נידעריקערער מער קליינבירגערלעכער גרופּע. א טייל פּאָרשטייער פון דער נידעריקערער גרופּע זייַנען אסאך מאָל רייַכער געווען ווי די פּאָרשטייער פון דער העכערער גרופּע, אָבער סייַ די אלגעמיינע געזעלשאפטלעכע ווערט־אָפּשאצונג, סייַ די מעלוכע און סייַ די האסקאָלע־אידעאָלאָגן האָבן זיי צוליב זייער אָפּגעשטאנענער און ספּעציפישער עקאָנאָמישער טענדענצ — נידעריקער איידער יענע קלאסיפיצירט. און דאָס איז דאָ פאר אונדז זייער וויכטיק.

I. די מיטגלידער פון דער העכערער מיטלבירגערלעכער גרופּע זייַנען נאָך דאָסראָוו דערוויַיל ניט קיין „גילדעניקעס", אָבער זיי שטרעבן דערצו און קומען דערצו אמאָל אָן, כאָטש עס שטייַגט אריבער זייערע שטייַער־קויכעס. זיי זייַנען פארבונדן מיטן העכסטן שיכט סייַ עקאָנאָמיש, סייַ לויטן שטייגער. פּונקט אזוי זייַנען זיי אָפּטמאָל עקאָנאָמיש פארבונדן מיטן פּאָרעצ, מיט דער ארמיי און מיטן פיסקוס (קלענערע פּאָדריאטשיקעס, קאָמיסיאָנערן בא גרויסע

[1] דער לעצטער שטריך פון ארגן קלוגער אין דער פּיעסע, כאָטש מע ווייסט שוין דעמאָלט זייַן גאָר ניט שיינע ראָל אינעם טראגישן געשעעניש, איז פּאָרט נאָך אלצ א ביז גאָר „אידע־לער": ער גיט געלט די שאמאָסים און ווייַזט, מע „זאָל גיכער צונעמען דעם מעס, קעדיי בית זאָל קענען יענע ראטעווען..." זייַט 194.

פּאָדריאַטשיקעס, קליינע האָלצ־אונטערנעמערס, פּאָטשט־האַלטערס, קליינע אַקציזניקעס, „שטאָט־ארענדאַטערס״ א. אז. וו.). דעמ צאָל פּת קאָהאָל טראָגנ זיי נאָכ דערוויַל (לעמאָשל, וואָס שיַעכ שטיַערנ אונ דאָס סאָלידארישע אַכריַעס פאר אָפּגעבנ די געהעריקע צאָל רעקרוטנ). אינ דעמ פראַט זיַנענ זייערע אינטערעסנ ניט אידענטיש מיט די אינטערעסנ פונ העכסטנ שיכט, אָבער אפילע דאָ פארבינדנ זיי זיכ אָפּטמאָל מיטנ העכערנ שיכט, קעדיי זיכ מיט זיַנ הילפ צומבעסטנ פונעמ אָל באַפריַענ. זיי האַלטנ זיכ העכער פונ קאָהאָל אונ זיַנע איניאָנימ, זיי מוזנ זיכ אָבער מיט דידאָזיקע איניאָנימ אָפּגעבנ. פאקטיש געהערנ זיי אינ א באַשטימטער מאָס אויכ צו יענער קאטעגאָריע, וואָס פּרעסט אויס א ו מ י ט ל ב א ר דעמ פויער. אינ זיי איז די מעלוכע וויַט ניט אַזוי פארינטערעסירט ווי אינ ייִדישנ גרויסבירגערטומ, עס פעלנ דער מעלוכע אויס די באַזונדערע דערקענ־אונ דיפערענציר־מיטלענ אַפּ זיי אויסצוטיילנ פונ דער גאנצער איבעריקער מאסע פונ ייִדישנ מיטלבירגערטומ.

די פאָרשטייער פונ דערדאָזיקער העכערער קאטעגאָריע מיטלבירגערטומ אינ „ערשטנ ייִדישנ רעקרוט״ זיַנענ: ייִסראָליק אָקריַנער אונ פינכעס דער רויטער. ייִסראָליק אָקריַנער ווערט כאַראַקטעריזירט: „אויכ (ווי ארנ — מ. וו.) אנ אָקסנהענדלער, א קלוגער ייִד, א שוטעפ אַפּ א קליינעמ כיילעק מיט ר׳ ארנ״ (ד. ה., אַז ער קויפט פאר זיַנעטוועגנ אופ די נייטיקע אָקסנ־סכוירע — מ. וו.). מאכלי, זיַנ וויַב, „איז א גרויסע מעיור־כעסעס״. וועגנ פינכעס דעמ רויטנ זאָגט דער פארשווינ־צעטל, אַז מע „האָט אימ ליב אינ ניביוואַלע, ער האַלט די שטאָט־ארענדע״. ציפרע, זיַנ וויַב, איז „זייער שיינ, אונ קלוג, אונ זייער גוט״. פרומעלע, זיַנ טאָכטער, איז „זייער א שיינ, קלוג, גוט מיידל״. אינ דער „געגנאַרטער וועלט״ געהערנ צו דערדאָזיקער קאטעגאָריע: מאַני דער ריַיכער („דער גרעסטער אוישער אינ שאַריווקע, ער האַנדלט מיטנ פּאָרעצ פונ דער שטאָט, ער האָט א גרויס איַנפאָר־הויז; אַכוצדעמ, האַלט ער א פּאָטשטאָווע סטאַנציע אינ א דאָרפּ, א מיַל פונ דער שטאָט״; — אינ דער פיעסע וויַזט זיכ אָבער ארויס, אַז דער „ריַיכער״ איז גאָר ניט אַזוי ריַיכ, אַז ער האָט סאַכאַקל „עפּשער 2000 רענדלעכ״ זיַנ אייגנס, זע ז. 316), אונ דער שאַפער אַפּ זיַנ סטאַנציע, ייִסראָעל שטשופּאַק, וואָס ווערט דאָנ מאַניס איידעמ („א יונגער יונג פונ 20 יאָר, א שטשאָגיל אונ קענ זייער וויל שריַבנ מאָסקוויטעריש, א דורכגעטריבענער קלוגער יונג״ — אגעוו: די טיפּישע פיגור פונ דעמ מינ, וואָס מע האָט אינ אַביסל א שפּעטערער צײַט פאראַלגעמיינערנדיק אָנגערופנ — „אַקציזניק״). אינ „קאַפּצנ־אוישער־שפּיל״ זעענ מיר ארענענ פונ „ערשטנ ייִדישנ רעקרוט״ אינ א פריִערדיקנ אַנטוויקלונגסעטאַפּ, בעיס ער געהער נאָכ צו דער העכערער מיטלבירגערלעכער קאטעגאָריע („א יונגער מאַנ, וואָס קענ לעשוינעס אונ איז דערצו א לאַמדנ, א שריַבער אונ א קלוגער אונ כאָשעוו בא דעמ סאַר״). אינעמ „שטערנטיכל״ באַגעגענענ

מיר עטלעכע פיגורן פון דעם מין, אין ערשטער ריי אָבער מיכל מאַציוועס דעמאָלט, ווען ער האָט זיך דערשלאָגן צו דער מאדרייגע פון א מיטל־פּאַרמעגלעכן אונטער־פּאָדריאַטשיק).

די עקאָנאָמישע הויפּט־כאַראַקטעריסטיק פון דערדאָזיקער גרופּע מיטלבירגערטום איז: אָדער זי באַשעפטיקט זיך ביכלאַל ניט מיט געוויינלעכער קרעמעריי, נאָר מיט פּאָדריאַדן, אַקציזן, שטאָט־אַרענדע א. א. וו., אָדער לעפּאָכעס ניט מיט אַזא האַנדל, וואָס שטייט דעריקער אין דירעקטער באַציִונג מיטן קאָנסומענט. יענע פאַרשטייער פון קרעמעריי, וואָס קויפן אויף די פּראָדוקטן באַם קליינעם פּראָדוצירער און פירן זי דירעקט צו צום געברויכער, רוידעפּט אַקסענפעלד מיט זיין גאַנצער טעמפּעראַמענטפולער סינע. און פאַרקערט: צו פאַרשטייער פון מיטלבירגערטום, וואָס באַשעפטיקן זיך ניט מיטן קליינפּאַרקויף, נאָר מיט אַזא מיסכער, וואָס קויפט אויף און זאַמלט פּראָדוקטן פאַרן גרויסהאַנדל (ייִסראָליק אָקריינער, די קאָמיסיאָנערן, די אונטער־פּאָדריאַטשיקעס), באַציט זיך אַקסענפעלד מיט וואַרעמער סימפּאַטיע.

עס וועט אונדז דערפון און פון אַנדערע פאַקטן קלאָר ווערן, אַז אַקסענפעלד איז דער סאָציאַלער אויסדריקער גראָד פון דערדאָזיקער קאַטעגאָריע מיטלבירגערטום. דער גרויסבירגער איז דער סאָציאַל־אָריענטירנדיקער אידעאַל, אָבער אַקסענפעלד איז ניט דער אויסדריקער פון דער גרויסבורזשואַזיע, וועלכע ער פירט זעלטן אַרויס און וועמעס אייגנטלעכע אינטערעסן ער קען אין טאָך ניט באַנעמען, כאָטש ער פאַרטיידיקט זיי געוויינלעך. ער באַנעמט ניט דעם קלאַסן־אינטערעס און דעם שטייגער פון דער גרויסבורזשואַזיע, כאָטש ער רעדט וועגן איר מיט יִרעס־האַקאָווועד, אָבער ווי א פרעמדלעכער און פון דער זייט. עמעסע אינטימע קענטעניש פונעם לעבנשטייגער באַווייזט אַקסענפעלד נאָר דאָרט, ווו ער מאָלט די קינסטלעריש און צאָלמעסיק וויכטיקסטע טיפּאַזשן אין זיינע ווערק: דאָס מיטלבירגערטום, קליינבירגערטום און אפילע די אָרעמשאַפט. דידאָזיקע סוויווע איז אים היימיש. און ערשט דאָ, באַ דידאָזיקע שיכטן קענען מיר פּינקטלעכער אַרויסדרינגען אַקסענפעלדס דיפערענצירטע קלאַסן־טענדענצן, ערשט דאָ, אין דידאָזיקע קלאַסן־טכומען דערהערן מיר באַ אים א קלאָרן דיפערענצירטן קלאַסן־אינטערעס.

וו. צו דער גאַנצער איבעריקער הויפּט־מאַסע פון קליינבירגערטום באַציט זיך אַקסענפעלד מיט טיפער פאַראַכטונג און סינע. עס איז דער איינציקער „קלאַסן־סוינע”, וועלכן ער פירט אַרויס אין זיינע ווערק. לויט זייער באַשעפטיקונג זיינען דאָס די „גרעסערע” (אין א קליינשטעטלדיקן פאָרמאַט) און קלענערע קרעמערס (מעג זיין אפילע פאַרמעגלעכע) — קליינע קלייטניקעס, מעקלערס, אויפקויפערס פון פּראָדוקטן, קליינע כאַלפּאָנים, יאַרידניקעס, קרעטשמערס, קאָלערליי לופטמענטשן, קליינע וואָכערערס, קאָנטראַבאַנדיסטן, שאַדכאָנים; קורץ, דער עקאָנאָמיש „פאַר־

קריפלטער" און לויט דער „בילדונג" אָפגעשטאנענער טייל קליינבירגערטומ, וואָס שטערט סײַ דעמ גרויסהאנדל אונ סײַ יענע גרופּעס מיטלבירגערטומ, וואָס זײַנענ מיט אימ פארבונדנ. מיט דערדאָזיקער גרופּע רעכנט זיכ די מעלוכע נאָר ווייניק, זי ענטפערט זי איבער, דורכ פארשידענע מאָסמיטלענ, צו די סטיכיעס אונ אינטערעסנ־קעגנזאצנ, וואָס הערשנ צווישנ אדליקנ אגראריער, דעמ האנדלס־קאפּיטאל אונ דעמ אינדוסטריע־קאפּיטאל, אונ וואָס ווארפנ מיט זיי, ווי אינ א שפּיל, פונ איינ עק אינעמ אנדערנ. דידאָזיקע גרופּע ווידער באמיט זיכ אראָפּווארפנ, ווי ווײַט מעגלעכ, דעמ אָל פונ די מאָסמיטלענ אפ דער אָרעמשאפט.

פונ דעמ טייל מיטלשיכט שטאמענ די הויפּטמאסנ אָנהענגער פונ כאסידיזמ, וואָס איז צו יענער צײַט דער פארקריפלטער אידעאָלאָגישער איבערבוי פאר זייער פארקריפלטער עקאָנאָמיק. עס איז נאָכ ניט גענוגנדיק אויסגעפאָרשט געוואָרנ די באציִונג פונ דער כסידישער דאָקטרינע, לעפּאָכעס פונ יענער צײַט, צו דער שמוגלערישער עקאָנאָמיק, כאָטש זי איז זייער א דײַטלעכע. עס קענ ניט זײַנ קיינ צופאל, וואָס דער כאסידיזמ איז אנטשטאנענ אונ האָט זיכ אמ־שטארקסטנ פארשפּרייט אינ די גרענעצ־געגנטנ, אונ וואָס ער האָט געהאט אזא באדײַטנדיקע צאָל אָנהענגער צווישנ די שמוגלערס. עס איז דאָכ באוווּסט, אז די כסידישע שמוגלערס פלעגנ זיכ אייצענ מיטנ רעבנ אינ זייערע שמוגלער־געשעפטנ אונ אָפּטמאָל אימ צוציִענ פאר א שוטעפ.

עס דארפ נאָכ אויסגעפאָרשט ווערנ דער צוזאמענהאנג פונעמ ניסימ־גלויבנ אונ דער „מיסטיק" פונ כאסידיזמ מיט דער סוידעספּולער אונ אומזיכערער עקאָנאָמיק פונ די כסידישע אָנהענגער. דער כאסידיזמ דארפ אופגעדעקט ווערנ, אלס דער רעליגיעז־אידעאָלאָגישער איבערבוי פונ אנ עקאָנאָמיק, וואָס מוז זיכ רעכענענ מיט דער ריזיקע פונ שיקנ פליטעס אפנ וואסער, מיט דער קרעטשמער־ארענדאטערס אָפּהענגיקײַט פונ פּריצישע קאפּריזנ, מיט דער צופעליקײַט אונ סוידעסדיקער אוואנטיוריסטישקײַט פונ דער שמוגלערײַ, מיט דער פינאנ־ציעל פויל פארפונדעוועטער קרעמערישקײַט א. א. וו. דידאָזיקע עקאָנאָמישע גרופּע איז צו יענער צײַט אויכ דער אייגנטלעכער באזיס פונעמ קאָהאָל. די אלע טאטזאכנ ווארפנ א שײַנ אפ אקטענפעלדס פארביסענער קעגנערשאפט צו כסידעס אונ קאָהאָל.

דעמ קאמפ קעגנ כאסידיזמ דארפנ מיר באנעמענ ניט בלויז, ווי די מאסקי־לימ גופא זאָגנ, אלס קעגנערשאפט צומ אָפּהאלט אונ צומ שטערער באמ שאפנ אנ אינטעליגענצ אונ באמ פארשפּרייטנ בילדונג, נאָר אויכ, אונ עפּשער דערי־קער, ווי די קעגנזעצלעכקײַט פונ גרויסבירגערטומ אונ א טייל מיטלבירגערטומ צומ רעליגיעז־אידעאָלאָגישנ איבערבוי פונ אנ אָפּגעשטאנענער אנאכראָניסטישער עקאָנאָמישער סיסטעמ. דער קלאָמערשטער „פּאָלקיזמ" פונ דער כסידישער דאָקטרינע איז, לעפּאָכעס צו יענער צײַט, שוינ ניט מער ווי בלויז א פאר־קריפלטע פאָרמ פונעמ שטרעבנ זיכ אָפּאָרטוניסטיש צו פארבינדנ מיטנ אָרעמ־

מערב קליינבירגערלעכע האמוינ, דעריקער קעגנ דעמ שטארקערנ האנדלס־קאפּיטאל. דער קאמפ פונ כאסידיזמ קעגנ די קליינשטעטלדיקע מאסקילימ־אפּיקאָרסימ איז דער ענטפער פונ דידאָזיקע מיטלבירגערלעכע גרופּעס אפנ אָנגריפ פונ דעמ נייַכאָרמירטנ האנדלסקאפּיטאל (עפשער אויכ — אָנהייבנדיקנ אינדוסטריע־קאפּיטאל), וועמעס אידעאָלאָגישע שליכעס דידאָזיקע קליינשטעטלדיקע בונטארנ (ביאור־אונ דיקדוק־אפּיקאָרסימ) האָבנ אינ א באשטימטער מאָס אָפּגעשפּיגלט, — כאָטש זיי האָבנ זיכ לאָכלוטנ ניט באנוגנט בלויז מיט דער אָריענטאציע אפנ „אופגעקלערטנ גוויר” אונ האָבנ אויכ פונ זייער צאד אפּ א „פּאָלקיסטישנ” אויפנ זיכ געפּרווט פארבינדנ מיט די אָרעמסטע מאסנ קעגנ דעמ קרעטשמעריש־הענדלעריש־שמוגלעריש אָפּגעשטאנענעמ טייל בירגערטומ.

די סאָציאלע הויפּט־אָריענטאציע פונ דער האסקאָלע אינ יענער צייַט — אפנ רייַכנ סויכער, אפנ גרויסנ האנדלס־קאפּיטאל אונ זייַנע העלפער פונ מיטל־בירגערטום, — האָט געמוזט געפינענ אנ אויסדרוק אינ איר נעגאטיווער באַציִונג צו יענער קרעמעריש־מעקלערישער בירגערלעכער גרופּע (וו), אקעגנ וועלכער דער גרויסער האנדלסקאפּיטאל האָט אָפּט געפירט א שארפנ פארניכ־טונגס־קאמפּ. ווייַל די קאָנטראבאנדיסטישע עקאָנאָמיק פונ דערדאָזיקער קליינ־בירגערלעכער גרופּע האָט דורכגעבראָכנ דעמ שוצ פונ צאָל־פּראָטעקציאָניזמ, האָט צעדריבלט דעמ האנדל אונ געשטערט דאָס אופזאמלענ די נייטיקע פּראָ־דוקטנ־מאסע אונ די פאריינקונג פונעמ האנדל אינ ווייניקע הענט. דידאָזיקע קליינבירגערלעכע גרופּע איז געקראָכנ מיט איר דריבנער קאָנקורענצ אינ אלע שפּאלטנ, האָט קאליע געמאכט די פּרייַזנ, אונ אכוצ אלעמענ ארויסגערופנ בא דער מעלוכע, מאכמעס איר פּאָליטיק אינ דער פויערימ־ אונ מיעשטשאנעס־פראגע, באגרענעצונגענ, וואָס שייַעכ „האנדלענ אומעטומ”, באגרענעצונגענ, פונ וועלכע דער גרויסער האנדל פלעג זיכ געוויינלעכ ארויסדרייענ, וואָס האָבנ זיכ אָבער ניט אָנגענעמ אָפּגערופנ אפנ נאָרמאלנ גאנג פונ זייַנע געשעפטנ. אינ יענעמ פּעריאָד גייט די פּאָליטיק פונעמ יידישנ גרויסהאנדל־קאפּיטאל זייער שארפ קעגנ דעמ קאָנטראבאנדיסטישנ קלענערנ קליינקרעמערטום — אונ טאקע קעגנ דעמדאָזיקנ שיכט איז געווענדט דער אימפּעט פונ אקסענפעלדס פּאראכ־טונג אונ סינע. אינ זיי שלאָגט ער די כסידימ, דאָס קאָהאָל, די אָפּגעשטאַ־נענקייַט, גראָבקייַט אונ צוויִעס.

די גרויסע סאָכרימ מיט אויסלאנד האָבנ געמוזט ארויסטרעטנ קעגנ די „פּעקלערס”, וואָס האָבנ דורכגעבראָכנ די באשיצנדיקע צאָל־סיסטעמ[1]. די גרויסע מיטניקעס, גענעראל־פּאכטערס פונ אלערליי שטייַערנ אונ אָפּצאָלנ האָבנ געמוזט זייַנ (פונקט אזוי ווי זייערע אָנגעשטעלטע) קעגנערס פונ יענע, וואָס האָבנ געפּרווט די אָפּצאָלנ אויסצומייַדנ; די הויפּט־ פּראָפּינאטערס אונ אקציזניקעס—קעגנ די קליינע ברויזנ־פּאכטערס, „רענדארעס”, קרעטשמערס,

---

[1]) זע אָנמערקונגענ אונ עקסקורסיעס”.

סאמאָגאָנשמשיקעס. דער גרויסהאנדל — קעגנ דעמ צעדריבלענדיקנ קליינהאנדל, וואָס שטערט אימ אופזאמלענ די פראָדוקטנ אונ פירט זיי דירעקט צומ פארברויכער. די פאבריקאנטנ — קעגנ די קליינפראָדוצירער. די גרויסע פאקטערס בא די פריצימ, די וואָכערערס, וואָס האָבנ באזאָרגט די גרויסע גיטער־באזיצער מיט די נייטיקע פינאנסנ — האָבנ געמוזט זייַנ קעגנ קליינינקנ פאקטער, וואָס איז באמ פאָרעצ געווענ א האלבער מעשאָרעס, קעגנ דעמ פראָדוקטנ־אופקויפער אינ דאָרפ, קעגנ דעמ קליינינקנ הויזירער. די גרויסע הויז־באזיצער, ערד־באזיצער (קעגנ געזועצ!) אונ גרונט־פאכטער — קעגנ יענע שיכטנ, וואָס האָבנ זיי קאָמפּראָמיטירט אונ ארויסגערופנ מאכמעס זייער עקאָנאָמישער טעטיקייַט באגרענעצונגענ פונ ווינ־טכומ.

אינ „ערשטנ יידישנ רעקרוט" געהערנ צו דערדאָזיקער גרופּע: שלוימע פסיאַכע „פארנעס־כוידעש אינ שטאָט, א קרעמער, א גראָבער יונג"; בראָכע, זייַנ ווייַב, „רעדט שיפּליאַווע אונ איז זייער א בייזע, זי איז א בעריע אינ קלייט"; הערש־לייב, זייַנ פארגרעבטער אונ אידיאָטישער זונ. ווייַטער: וועלוול גיליוזאטע, „אויכ א פארנעס־כוידעש, ער האנדלט מיט פעל, אויכ אנ אמאָ־רעצ". באביידע פארנאָסימ ווערט באטאָנט זייער גראָבקייַט אונ אָפּגעשטאַ־נענקייַט, זיי — ווי ס'ווערט שוינ קלאָר אפילע בלויז פונ די נעמענ זייערע — ווערנ געמאָלט קימאט קאריקאטוריסטיש. וועלוולס ווייַב, כאנצי, א שאדכנטע, ווערט אינ פארשוינ־צעטל כאראקטעריזירט, ווי „זייער קלוג", זי איז אָבער „א שלאַנג", א „יימאכ־שמוניצע" (זע ז. 195 — 196). אכוצדעמ געהערנ צו דער קאטעגאָריע די גאנצע מאסע ניט געניטער אויסגעמאָלטע קאָהאָלשע באַ־לעבאטימ, וואָס פארזאמלענ זיכ צו א קאָהאָלשער אסיפע בא שלוימע פסיאַכע אינ שטוב: „דאָס זייַנענ אלצ יעכידימ (פּאָשעטע מיטגלידער פונ קאָהאָל — מ. וו.) אונ שטאָט־באלעבאטימ, קרעמערס, שענקערס, כאלפאָנימ, האָזנ־העג־דלערס, וואקס, האָניק אונ וואָס האנדלענ מיט כיילעוו". זיי אינייינעמ מיט די פארנאָסימ זייַנענ דאָס „דער קאָהאָל", געפירטע אונ אָנפירער, וואָס האלטנ זיכ אזוי וויילד נאריש אפ דער אסיפע (קיינ באלמעלאָכעס ווערנ דאָ ניט ארויסגע־פירט, — ווי האָט מענ צו אסיפעס ניט גערופנ, כאָטש זיי זענענ זיכ עפּעשער צונויפגעלאָפנ אונ געשטאנענ אינדרויסנ). דידאָזיקע גאנצע גרופּע ווערט דורכ אקסענפעלדנ צונויפגענומענ אונטערנ באגריפ „די גאנצע האָלאָטע" (זע ז. 156, 163). צו דער אייגענער קאטעגאָריע געהערט אויכ די אלטע שענקערקע ליפּשע די מויד. גאוורילע שעד, דער שיקער, וואָס איז „מעשונע גאָר קיינ שאמעס ניט" אונ וועלכנ קאָהאָל נעמט צו פאר א „לאָווטשע" צו די רעקרוטנ, שטייט שוינ, ווי א „לומפּ" אפנ ראנד פונ א דריטנ שיכט, פונ דער אָרעמשאפט.

אינ „מאנ אונ ווייַב" געהער צו דער גרופּע מיטלבירגערטומ, צו וועלכנ אקסענפעלד באציט זיכ נעגאטיוו: ייסראָעל סאָסיס, „דער גרעסטער אוישער אינ שטאָט, פארנעס־כוידעש, נאָר א גרויסער קאמצנ". אינ „קאפּצנ־אוישער־שפּיל": —

כאַים פלוט, „א כאָסיד, א ווײַנשענקער, ער איז א מערשער אינ שטאָט"; נויעכ דעמ מאַגידס, „אנ אלטער כאָסיד, וואָס בא אימ ליגט ר' מייער באַל־האנעס־געלט... אונ ער לעבט טאקע דערפונ; בא אימ שטייענ גוטע ייִדנ; כאָטש ער קענ אפילע ניט לערנענ, איז ער א שיינער ייִד", ליפע דער שווארצער, „אויכ א כאָסיד, א כאלפנ, וואָס ער האנדלט מיט אוורעמל דעמ פוילישנס געלט" א. א. וו. אינ דער „געגנארטער וועלט": — יידל פעקלמאכער, „א יונגערמאנ, וואָס זײַנ מאסע־מאטנ איז סכוירע צו פעקלענ"; צאלי, א מעקורעוו באמ רעבנ, „א הוליאק, א יונגערמאנ פונ 36 יאָר אונ טויג פאר א בײַשפילער"; נויעכ, „א פראָסטער רענדאר, וואָס האלט מילנ ארומ שפיצעניצ" א. א. וו.[1]) אזעלכע פיגורנ ווי שויעל אָסטרער, דער כאָסיד, וואָס שיקט געהילצ (פליטעס) קיינ דאנציק, איז א „צווישנ־פיגור", וואָס שטייט צווישנ דער ערשטער אונ צווייטער גרופע מיטלבירגערטומ, פונקט אזוי ווי די פיגור בערל־יאָסעמ שטייט צווישנ דער צווייטער אונ דער אָרעמשאפט.

וואָרעמ עס דארפ באַטאָנט ווערנ: די קלאסיפיצירונג איז ביז צו א געוויסער מאָס א רעלאטיווע. אויב מיר פרווונ אויסטיילנ אקסענפעלדס „טיפאזש" אינ פארשידענע סאָציאלע אונ עקאָנאָמישע גרופעס, ווילנ מיר דערמיט לאכלוטנ ניט זאָגנ, אז מע קענ פעסטשטעלנ אינ אקסענפעלדס שאפנ אנ אבסאָליוט אויסגעהאלטענע אונ דורכויס באוווסטזיניקע דיפערענצירונג פונ די פארשידענע סאָציאלע אונ עקאָנאָמישע גרופעס. באוווסטזיניקע אויסגעהאלטנקײַט איז דאָ גאָרניט מעגלעכ אונ גאָרניט נייטיק צו זוכנ, אונ קענ אונ דארפ אינ קינסטלערישע שילדערונגענ פונ יענער צײַט ניט געפונענ ווערנ.

אָבער די „ניט־ריינע", ניט אינגאנצנ אויסגעשפראָכענע צווישנ־פיגורנ, וואָס פארייניקנ אינ זיכ אינ א געוויסער מאָס סאָציאל־עקאָנאָמישע אָדער סאָציאל־פסיכאָלאָגישע כאראקטער־שטריכנ פונ צוויי פארשידענע גרופעס, די איבער־גאנג־פיגורנ, צו וועלכע דער מעכאבער באציט זיכ מעמיילע אפ א „געמישטנ אויפנ" — טאָרנ אונדז ניט שטערנ אונ אָפהאלטנ פעסטצושטעלנ די בוילעטע טענדענצ אקסענפעלדס, לויט וועלכער עס אָריענטירט זיכ דעריקער זײַנ גרופירונג פונ די טיפנ אונ זײַנ באַציִונג צו די פארשידענע גרופעס אונ שיכטנ. אזא צווישנ־פיגור איז, לעמאָשל, אוורעמל דער פוילישער („קאפצנ־אוישער־שפיל"), „אנ אוישער אינ דער שטאָט ניביוואלע, ער האלט די שטאָט־ארענדע פונעמ סאר אונ איז א גרויסער קרעמער דערצו. א טייל פונ דער שטאָט האנדלענ מיט זײַנ געלט. ער איז א גראָבער יונג". לויט באשטימטע סאָציאלע אונ עקאָנאָמישע סימאָנימ געהער דערדאָזיקער פארשוינ צומ גרויסבירגערטומ. ער איז אָבער עקאָנאָמיש אונ לויט א טייל אינטערעסנ שטארק פארבונדנ מיט דער

[1]) אינ „שטערנטיכל" באגעגענענ מיר א גאנצע ריי ענלעכע פיגורנ (אויספירלעכ אָדער בלויז אגעוודיק באהאנדלט). עס וואָלט אָבער צו ווײַט געפירט, ווענ מיר זאָלנ זיי דאָ אלע דערמאָנענ אונ ציטירנ די כאראקטעריסטיקנ, וואָס אקסענפעלד גיט וועגנ זיי.

אָפּגעשטאנענער גרופּע מיטלבירגערטומ (זיי האנדלענ מיט זייַנ געלט), ער איז אליינ א כאָסיד, א „גראָבער יונג" — באהאנדלט אימ אקסענפעלד פונקט אזוי ווי אלע איבעריקע פיגורנ פונעמ אָ פּ ג ע ש ט א נ ע נ ע מ טייל מיטלבירגערטומ.

3. וואָס שייַעכ דעמ קלערוס, דעמ „גייַסטלעכנ שטאנד" דארפ מענ זאָגנ, אז ביכלאל האָט ער אינ דער ייִדישער סוויווע ווייַט ניט געהאט אזא „וואָגיקע" סאָציאלע אונ עקאָנאָמישע באדייַטונג אונ האשפּאָע ווי אינ דער קריסטלעכער סוויווע. דער ייִדישער קלערוס האָט קיינמאָל ניט געהאט די שטארקע מעלוכישע אונטערשטיצונג ווי דער קריסטלעכער, ער איז מיט דער מעלוכע אָנ אנ ערעכ ווייניקער געווענ אומיטלבאר פארבונדנ. מיר געפינענ ניט אינ דער ייִדישער סוויווע קיינ אויסגעהאלטענע אנאלאָגיע פאר די גרויסע קירכלעכע אונ קלויסטערישע (מאָנאסטירישע) גיטער, פארמעגנס אונ געשעפטנ, פאר דער געוואלדיקער וועלטלעכער מאכט אונ האשפּאָע פונ די קירכנ־הערשער, אונ פאר דער שטארק־פארצווייַגטער אונ דערבייַ צענטראליזירטער היעראַרכיע פונ דער גייַסטלעכקייַט (בלויז וואָס שייַעכ דעמ לעצטנ פראט זעענ מיר א ווייַטע אנאלאָגיע אינ דער כסידישער היעראַרכיע). קיינ פּאָליטיש אונ עקאָנאָמיש ז ע ל ב ש ט ע נ ד י ק ע קלעריקאלע מ א כ ט, ווי בא קריסטנ, איז בא ייִדנ, לעפּאָכעס אינעמ 19 יאָרהונדערט, ניט פאראנ געווענ, — כאָטש ביכלאל איז די פאראזיטישע אונ אינ יעדנ זינענ שעדלעכע ראָל פונ ייִדישנ קלערוס גענוג ענלעכ געווענ צומ קריסטלעכנ.

צו דער אייַנטיילונג פונעמ קריסטלעכנ קלערוס אינ „וועלטלעכער", אזוי צו זאָגנ „ציווילער אונ רעגולערער", טעאָלאָגיש געשולטער גייַסטלעכקייַט פונ איינ זייַט, אונ אינ קלויסטערישע (מאָנאסטירישע), ווייניקער „געלערנטע", אָבער מאָנאכיש־דיסציפּלינירטע אָרדנס פונ דער אנדערער זייַט, באגעגענענ מיר אינ דער ייִדישער סוויווע פונ יענער צייַט יאָ א באשטימטע אנאלאָגיע. די ראבאָנימ־דאיאָנימ זייַנענ געווענ די „רעגולערע" אונ „ציווילע", טעאָלאָגיש געשולטע גייַסטלעכקייַט, לעהייפּעכ צו די כסידישע רעבעס (אונ זייערע „הויפנ"), וואָס זייַנענ געווענ טעאָלאָגיש ווייניקער געשולט, גראָבער, פאנאטישער אונ „מיסטישער", אונ וואָס ווייַזנ א באשטימטע ענלעכקייַט צו די „אירעגולערע אונ ווילדע" סטארצעס פונ פראוואָסלאווישע קלויסטערס. פונקט ווי דאָרט, געפינענ מיר אויכ דאָ די אינסטיטוציע פונ פּיליגרימענ (אוילײ־רעגל), פונ הייליקע געלטגאָבנ (וואָס האָבנ באמ כסידישנ „סטארעצ" געשטראָמט אינ זייַנ פּריוואטער קעשענע, אונ ניט ווי אינ קריסטלעכנ אינ דער קאסע פונ מאָנאסטיר), פונ באגנאָדיקטע מעקוראָווימ. פונקט ווי ד'ער „סטארעצ", גיט דער רעבע זייַנע אָנהענגערס נעוויִיִש־זנאכערישע אייצעס, פריידיקט באגייַסטערטע אימפּראָוויזירטע טוירעס, וואָס האָבנ אינ זיכ אמאָל הערעטישע עלעמענטנ (אָפּנויגנ פונ דער אָרטאָדאָקסאלער רעליגיעזער דאָקטרינ) א. א. וו.

די בירגערלעכע אופקלערונג ביכלאל האָט זיך צו דער „רעגולערער" וועלטלעכער גייַסטלעכקייַט באצויגן אסאך טאָלעראנטער איידער צו דער מאָנאסטירישער פון פארשידענע מאָנאכישע אָרדנס. בעיקר זי האָט די פארשידענע מאָנאכישע אָרדנס (לעמאָשל, דעם יעזויִטישן א. א.) באקעמפט מיט אן אויסגעהאלטענער פארביסנקייַט, האָט זי זיך אָפט געטון גוטמוטיק און אפילע בעפייַרעש פּאָזיטיוו פארהאלטן צו דער וועלטלעכער גייַסטלעכקייַט. דאָס ליגט אין דער טעווע פון דער בירגערלעכער אופקלערונג, וואָס איז אין טאָג לאָכלוטן ניט אויסן אויסצוראָטן די רעליגיע, נאָר בלויז ארומצוגרענעצן די פּאָליטישע און סאָציִאַל־עקאָנאָמישע מאכט־פּרעטענזיעס פון דער קירכע און אָפּצושוואכן דעם אליאנס צווישן קירכע און פעאָדאליזם.

אויך די ייִדישע האסקאָלע, וואָס האָט פון אָנהייב אָן אזוי שארף באקעמפט דעם כאסידיזם, האָט זיך געוויינלעך דורכויס פּאָזיטיוו און מיט אָפּשייַ באצויגן צו דער אינסטיטוציע פון די „רעגולערע" ראבאָנים־דאיאָנים. דער קאמף קעגן כאסידיזם באטייַט דורכויס ניט א קעגנערשאפט צום קלעריקאליזם ביכלאל. אזוי שארף לעווינזאָן טרעט ארויס אין דער „העפקער־וועלט" קעגן די כסידישע רעבעס — וועגן די געלערנטע ראבאָנים רעדט ער מיט דייַטלעכן דרעכערעץ.

דער פרעמדער ליטוואק אין דער „העפקער־וועלט" שטעלט אקעגן צו די נעגאטיווע וואָלינער באדינגונגען דעם אידעאל־צושטאנד, וואָס האָט קלאָמערשט געהערשט אין דער ליטע, ווו דער כאסידיזם איז ניט געווען אזוי פארשפרייט. „נאָר בא אייַך אין וואָלין גילטן די נארישקייַט; בא אונדז ווייסט מען גאָרניט, וואָס איז עס א רעבע, וואָס איז עס א באל־מויפעס; בא אונדז זייַנען נאָר כאָשעוו לאָמדים, כאכאָמים, אזוי ווי פארצייַטן איז געווען... פארוואָס הערט מען נישט קיין ראביִים אין דער גאנצער וועלט? איך בין געווען אין ערעצ־ייִסראָעל, אין איטאליע, אין אשקענאז און נאָך אין קאמע מעדינעס; מע ווייסט גאָרנישט, וואָס איז עס ראביִים, וואָס איז עס אָ נ ש ט ע ל נ. עס איז דאָ גרויסע לאָמדים, גרויסע כאכאָמים, עמעסדיקע ייִדן מיט ייִרעס־שאָמאיִם, קענען אפּאָל שטיין פאר א סראָרע, פאר א מיילעך, ווען דער אוילעם באדארף עפעס א נייטיקן אינטערעס, קוקן אמאָל אריין אין קאָהאָלס זאכן, דער געמיינער מאן זאָל כאסווּעשאָלעם ניט געקריוודעט ווערן, זיי גיבן אכטונג, עס זאָל זייַן ערלעך קאָהאָל, ערלעכע ראטמאנעס, ערלעכע טוערס, וואָס זאָלן עוסק זייַן בצרכי צבור באמונה..." דאָס איז לעווינזאָנס מיינונג, וואָס שייַעך דער ראָל פון די ראבאָנים. ווי באוווּסט, שפּילן אין לעווינזאָנס רעפאָרם־פּלענער די ראבאָנים און קרייַז־ראבאָנים, דאָס בעסדין, דאיאָנים, מוירע־הוירעאָעס, מאגידים און מויכיכים, — פונקט אזוי ווי די שולן און בעסמעדרעשן, — א וויכטיקע פּאָזיטיווע פונקציע. ער פאָדערט בלויז פון זיי א פוריטאנישע רעפאָרם פון די מידעס און א ביסל עלעמענטארע בילדונג. אין דער „העפקער־וועלט" שטעלט ער אקעגן צו די געלערנטע ראבאָנים — די שווינדלערישע רעבעס: „בא אונדז

(אין דער ליטע — מ. וו.) האָבן די ראבאָנים כיירעם געגעבן, מען זאָל גאָרניט פעקלען. דעם פעקל־מאכער נעמט דער ראָוו מיט קאָהאָל און זײַנען אים מויסער צו דער פּאָליציע... אונדזערע ראבאָנים האָבן נאָך געלערנט אין יווירע־דייע, אַז עס איז א גרויסע מיצווע א פעקל־מאכער מויסער צו זײַן צום מאל־כעס, מען זאָל מיט אים פאַסטופּאיען פאָ זאקאָנו. ווײַל ער איז אַן אויבער־יִיסראָעל, און איז גוירעם קלאל־ייִסראָעל פּיל שלעכטס". אַפ דעם ענטפערט דער וואָלינער: „...מאריך יאָמימ זײַן זאָלן איַערע ראבאָנים! בא אונדז ליגן אָבער די לאָמדים גאָר אין דער ערד, מײַנע סאָנים. בא אונדז פירן אָבער כסידישע ראבייִמ דאָס רעדל. זיי קוקן נישט אין טאכלעס אריַין, זיי זאָגן, זיי קוקן אין הימל אריַין. זייערע קינדער אליין האָבן אָפּט שטעקן געלט אין פעקל. סטײַטש א פעקל־מאכער איז דאָך בא די ראבייִמ גאָר דאָס אייבערשטע פון דעם שטייסל. ווער גיט מער געלט דעם רעבן ווי א פעקל־מאכער? ווער איז מער כאָשעוו בא זיי ווי א פעקל־מאכער?" אין דעמדאָזיקן רעזאָנירן האָבן מיר ניט בלויז די קלאָר־פאָרמולירטע באציִונג פון דער האסקאָלע אין יענער צײַט צום ראביניזם און כאסידיזם, נאָר אויך שוין אַן אָנצוהערעניש אַפ א וויכטיקן טייל פון די מאָטיוון פאר דערדאָזיקער באציִונג.

געווי די אייגענע דיפערענצירונג צווישן מיסנאגדישע געלערנטע ראבאָנים־דאיאָנים און כסידישע רעבעס געפינען מיר אויך בא אקסענפעלדן. די כסידישע רעבעס און זייערע „בײַשפּילערס", גאבאָיִמ און אָנהענגערס, רוידעפט ער מיט א פארביסענער סינע, די געלערנטע „אָרנטלעכע" פרומע ראבאָנים און דאיאָנים באהאנדלט ער מיט בעפיירעשער סימפאטיע און מיט אָפּשיַי. כאָטש טאקע אמאָל, און באזונדערס דאיאָנים, מיט א קאַפ גוטמוטיקער איראָניע, פּונקטבן אראָפּ (לעמאָשל, ר׳ בעני, דעם דײַען פון דער „געגנארטער וועלט", וואָס ווערט כאראקטעריזירט סײַ אין פארשוין־צעטל, סײַ אין פארלויף פון דער אקציע, ווי „א זאָקן, א לאמדן, — ער איז א שאדכן צומאָל אויך, ניט זייער קלוג, נאָר זייער פרום"; אָדער דעם דײַען ר׳ געדאליע אין „ערשטן ייִדישן רעקרוט" — כאראקטעריזירט דער דערציילער, פינכעס דער רויטער: „א גרויסער שויטע... איטלעכער נאר איז זיך קלוג, נאָר אלע אנדערע קער ער אָן א נאר"). מיט דײַטלעכן דערעכערעץ און סימפאטיע מאָלט אקסענפעלד די פיגור פונעם ראָוו שלוימע האקויען („מאן און ווײַב"). דער ראָוו און דער דײַען דארפן העלפן אָפּהיטן די בירגערלעכע מאָראל און די בירגערלעכע אוטאָריטעט.

מיט שארפער טעמפעראמענטפולער סינע מאָלט אקסענפעלד די רעבעס און די כסידים, אלע זייערע האנדלונגען, רייד, באוועגונגען און האוויַיעס. אפילע ווו ער דערמאָנט זיי בלויז דערעכ־אגעוו קען ער זיך ניט אייַנהאלטן צו מאכן וועגן זיי א שארפע באמערקונג. „דער וואָס ווייסט נעבעך גאָרנישט, מיינט, אַז דער רעבע, דער גוטער־ייִד, — וואָס זיי רופן גוטער־ייִד, בעעמעס אָבער זײַנען די רעבעס, וואָס איך קען עטלעכע, ניט גוט, און ניט ייִד—ווייסט אלצ..."

(„דער ערשטער יִדישער רעקרוט". ז. 160), אָדער ז. 165 : „אָט דעמ געלט־נייזער
(געמיינט איז א באשטימטער רעבע — מ. וו.) האָב איכ פארטריבנ אונ רעכנ
דאָס מיר פאר דער גרעסטער מיצווע... וואָס דער נייזער האָט געקאָסט די
שטאָט, איר זאָלט דאָס וועלנ אויסגעבנ אפ בייטיקערע זאכנ, וואָלט איר געהאט
א ראָוו, עפעס איינ ערלעכנ לאמדנ אינ שטאָט...". (אקסענפעלד האלט דאָס געלט,
וואָס מע דארפ אויסגעבנ פאר „א ראָוו עפעס אנ ערלעכנ לאמדנ" לאכלוטנ ניט פאר
ארויסגעוואָרפנ, נאָר פארקערט, פאר א „נייטיקער זאכ"). מיט סארקאסטישע
שטריכנ שילדערט אקסענפעלד דעמ וויינִיק־באוווסטנ רעבנ לייב שפיצעניצער
אינ דער „גענארטער וועלט"), אָבער נאָכ אסאכ בייזער אונ שארפער מאָלט ער
דעמ „באוווסטנ" מאָטעלע טשערנאָבילער אונ זײַנע גאבאָימ אונ מעקוראָווימ
(כאִימ פלוט, נויעכ דעמ מאגידס, ליפע דער שווארצער א. א. וו. אינ „קאפצנ־
אוישער־שפיל") אונ די נאָכמער „בארימטע", באָרוכ פונ מעזשיבעזש (דעמ
באלשעמס אייניקל), יעשיִע־העשל פונ אפטע אונ א ריי אנדערע „היסטאָ־
רישע" רעבעס, וועגנ וועלכע אקסענפעלד דערציילט דערעכ־אגעוו אינעמ
„שטערנטיכל".

4. דער נידעריקסטער שיכט, דער ברייטער האָרעפאשנער אונ אָרעמער
האמוינ ווערט אינ אקסענפעלדס ווערק פארהעלטניסמעסיק וויינִיק ארויסגעפירט,
כאָטש טאקע אסאכ מער איידער ווי, לעמאָשל, טיפנ פונ דער גרויסבורזשור־
אזיִע [1]). צו דעמדאָזיקנ קלאס געהערנ קוידעמקאָל אָרעמע באלמעלאָכעס (די
מעלאָכע איז צו יענער צײַט, באזונדערס אינ די קליינע אוקראִינישע שטעט־
לעכ, א שטארק דעגראדירטע אונ פאראָרעמטע), געזעלנ, מעשאָרסימ, בעלפערס,
גאָר דריבנע הענדלערס, וואָס פירנ זייער סכוירע מיט זיכ, מארק־זיצערקעס,
פארשידנערליי אָרעמשאפט, „איירעווניקעס", מומכימ, באלעגאָלעס, בעטלערס, דע־
קלאסירטע א. א. וו. אינ „ערשטנ יִדישנ רעקרוט" שפילט דערדאָזיקער שיכט —
אכוץ דער פיגור פונ דעקלאסירטנ נאכמענ — קימאט קיינ שומ ראָל ניט. עטלעכע
ניט געגויער אויסגעמאָלטע געזעלנ : שנײַדערס, שוסטערס אונ קירזשנערס ווערנ
אינ „ערשטנ יִדישנ רעקרוט" ארויסגעפירט בלויז ווי סטאטיסטנ אפ אויסצו־
הערנ נאכמענס שפאָט־לידער קעגנ דעמ אָפגעשטאנענעמ טייל מיטלבירגערטומ.
עס האָט א פאָנעמ, ווי ווענ ארנ, דער בורזשוא, וואָס האָט די שפאָט־לידער
פאר נאכמענענ פארפאסט, וואָלט גערופנ צו הילפ קעגנ דעמ פארהאסטנ טייל
מיטלבירגערטומ — גראָד די נידעריקסטע אָרעמסטע מאסע, די געזעלנ (שנײַדער־
שוסטער־ אונ קירזשנער־יונגענ) אונ די דעקלאסירטע אָרעמשאפט (נאכמענענ

[1]) יִדישע פאבריק־ארבעטער, וואָס זײַנענ שוינ צו יענער צײַט פאראנ געווענ אינ אסאכ
א גרעסערער צאָל ווי מע פלעג ביז איצט מיינענ (זע די ארבעט פונ א. יודיצקי : „יִדישע ארבעט
אונ יִדישער קאפיטאל אינ דער ערשטער העלפט 19 י"ה אינ רוסלאנד", וואָס ווערט געדרוקט אינ
די היסטאָרישע שריפטנ פונ אינסטיטוט פאר יִדישער קולטור בא דער אוקראִינישער אקאדעמיִע פונ
וויסנשאפטנ אינ קיִעוו, בד. ו), אונ אויכ קאָלאָניסטנ ווערנ אינ אקסענפעלדס ווערק ניט דערמאָנט.

און דעם לאָוטשע גאוורִיעל שעד), באַ וועלכע עס דארף אונטערגעריסן ווערן די אויטאָריטעט פון יענעם אָפּגעשטאנענעם טייל מיטלבירגערטום.

אין „מאַן און ווײַב" ווערן שוין יאָ ארויסגעפירט א גאַנצע ריי פיגורן פון דעם שיכט און אין גענוג אקטיווע ראָלן: לייזער קריוואָשייע, „א שנײַדער פון יִדישע ארבעט"; די שטומע, זײַן ווײַב; דאָבריש, „א שאמעסטע אין דער ווײַבערשער שול, אן אַלמאָנע, אן אלטע יִדענע"; נעסי די מומכעטע, „איר מאַן איז געווען א מומכע אין שטאָט און איז געשטאָרבן"; כאַיִם קלאפּ, „א מארשעלעק אפ דער כאסענע מיט זײַן כעוורוסע קלעזמער, וואָס שפּילן". — יִצכאָק פּארשיוועער, „דער שנײַדער־יונג" און די ניכפּעניצע, „א מויד, וואָס גייט אין די הײַזער, א פרעמדע אונטערגעוואָרפענע קאפצנטע" זײַנען דעקלאַסירטע. אין „קאַפּצן־אוישער־שפּיל" קומט פאָר בלויז איין פיגור, וואָס געהער אין אייגנטלעכן זינען צו דער אָרעמשאפט,—יעראכמיִעל דער איירעוונִיק, אָבער אין „שטערן־טיכל" פירט אקסענפעלד ארויס א גאַנצע ריי פיגורן פון דעמדאָזיקן נידעריקסטן שיכט, פון וועלכע מיר וועלן דאָ בלויז דערמאָנען די צענטראַלע פיגור, מיכל, אין זײַן יוגנט־צײַט, בעייס ער איז נאָך געווען א בעלפער, און פיני די זיצערקע.

אקסענפעלדס באַציִונג צו די פארשידענע גרופּעס פון דעמדאָזיקן שיכט איז ניט קיין אַלצייִנע. ביכלאַל, אין א ל ג ע מ יי נ ע שטריכן (פארשטייט זיך, ניט אבסאָליוט אויסגעהאלטענע) מערקט זיך אָן א באשטימטע דיפערענציִאציע אין זײַן באַציִונג. צו טיפּן פון באַלמעלאָכעס און פון סטאַם אָרעמשאפט פארהאַלט זיך אקסענפעלד דערעכ־קלאַל אפ א ווייניק־אויסגעשפּראָכענעם און גענוג אײַנגעהאַלטענעם אויפן, ניט בעפּיירעש קעגנעריש און נעגאטיוו, אָבער אויך נ י ט ב א ז ו נ ד ע ר ס ווילגענויגט. זײַן באַוווסטזיניקע באַציִונג צו די־דאָזיקע טיפּן איז א רעזערווירט־„טאָלעראנטע", אמאָל אביסל א „פּאָלקיסטיש" באַפאַרבטע, כאָטש ער ווײַזט צו זיי ע ר ש ט יי ג ע ר א דײַטלעכע אנטיפּאטיע. זײַן שאפן שטייט אונטערן סאָציִאַלן דרוק פון דידאָזיקע מאסן, ווי שטענדיק דאָס שאפן פון א בירגערלעכן אופקלערער (פון „דריטן שטאנד"), וואָס מוז זיך באַמיִען ארומנעמען אין קרײַז פון דער באַוועגונג אויך דעם קליינבירגערלעכן און האָרעפאשנעם האַמוין. אָבער קיין באַזונדערס דײַטלעכע סימפּאטיע צום באַלמעלאָכע, לעמאָשל, וועלן מיר דערעכ־קלאַל אין אקסענפעלדס שאפן ניט געפינען, כאָטש די האַסקאָלע האָט לויט איר פּראָגראַם געוויינלעך פּראָפּאגירט די מעלאָכע [1]).

---

[1]) אין אקסענפעלדס שאפן פעלט אינגאנצן דערדאָזיקער פּראָגראַם־פּונקט פון דער האַסקאָלע, וואָס האָט געשפּילט אזא וויכטיקע ראָל באַ די גאַליציִשע מאסקילים און צומטייל אויך אין דער רוסישער האַסקאָלע. אין בעסטן פאַל געפינען מיר בלויז די אָבליגאַטע געזעל־שאפטלעכע אפּאָלאָגיע פון דער באַשעפטיקונג מיט מעלאָכע: „דאָס, וואָס ער איז א שנײַדער, איז באַ מיר קיין בושע ניט. איר ווייסט, רעבע, אז אונדזער טוירע־האַקדוישע הייסט ליב האָבן די מעלאָכע. איר מיינט, ווײַל אין פוילן (געמיינט איז אוקראַיִנע—מ. וו.) איז א באַלמעלאָכע מע־

אין זײַנע שילדערונגען פֿונעם שטייגער בײַ באַלמעלאָכעס און אָרעמשאַפֿט פֿילן מיר, אַז ער איז געוויינלעך אין בעסטן פֿאַל ניט שטאַרק פּערזענלעך „באַטייליקט“ און אַז ער גייט צו צו דידאַקטישע פֿאַקטן מיט אַ היפּשער מאָס עטנאָגראַפֿישער נײַגעריקייט פֿון אַן אינטעליגענט, וואָס גראַבלט זיך אין אַן עקזאָטיש־פֿרעמדלעכן, שטאַרק פֿאַרביקן, אָבער אין טאָך פֿאַר אים ווייניק צוציִענדיקן און אַפֿילע אַנטיפּאַטישן אָרעמען געסל.

דאָס גראָטעסקע אין זײַנע בילדער פֿון אָרעמקייט און נויט (לעבאָשל, די ערשטע סצענע אין „מאַן און ווײַב“‚ וואָס דערמאָנט לויט פֿאַרשידענע פּראָטים אַזוי שטאַרק אין באַשטימטע כאַראַקטעריסטישע קינסטלערישע שטריכן בײַ מענדעלען) שטאַמט ניט פֿון שטאַרקער סינע, נאָר גיכער פֿון אַ מין אינטעליגענטישער קוריאָזקייט, וואָס וויל „אַנטדעקן“ אונטער דער אייגענער נאָז פֿרעמדלעכע עקזאָטישע וועלטן און דעמדאָזיקן שטייגער אײַנגעהאַלטן קריטיקירן. די שילדערונג איז דאָ ניט קיין בייזוויליקע, אַמאָל אַפֿילע אַ גוטמוטיקע, „פֿאָלקיסטיש“ באַפֿאַרבטע, אָבער געוויינלעך ניט קיין איבעריק סימפּאַטיזירנדיקע. די שילדערונג איז דאָ קימאַט „נאַטוראַליסטיש“ פּינקטלעך, „אָביעקטיוו“, אָן דײַטלעכער פּאַרטייִשקייט. דאָס הייסט, אַז דער שרײַבער איז דאָ אין דעם ווינקל ניט שטאַרק און באַוווסטזיניק אויסן אַרײַנצוברענגען אַן ענדערונג. עס געפֿעלט אים שטאַרק ניט, אָבער ער איז דאָ אַ פֿרעמדער און געזעלשאַפֿטלעך ווייניק פֿאַראינטערעסירט.

גאָר אַנדערש איז אויסגעפֿעלדס באַציִונג צום טיפּ פֿון דעקלאַסירטן. וויפֿל מאָל אויסגעפֿעלד באַגעגנט זיך אין זײַן שאַפֿן מיט אַ דעקלאַסירטן — און דאָס געשעט גענוג אָפֿט — פֿאַרטיידיקט ער אים און באַהאַנדלט אים מיט וואַרעמער סימפּאַטיע. פֿאַרן דעקלאַסירטן נעמט ער זיך שטאַרק אָן. וויפֿל מאָל ער נעמט זיך אָן פֿאַר דער קריוודע פֿון דער אָרעמשאַפֿט, באַווײַזט זיך דערנאָך אינעם גאַנג פֿון דער אַנטוויקלונג, אַז דאָס גייט ניט וועגן אַ „לומפּ“, אַ סטאַם אָרעמען, אָדער וועגן אַ טיפּישן באַלמעלאָכע, נאָר געוויינלעך וועגן אַ טיפּישן דעקלאַסירטן. דער „הויפּט־העלד“ אין דער פּיעסע „דער ערשטער ייִדישער רעקרוט“ (ניט די אידעאַל־פֿיגור!) איז דאַפֿקע אַ דעקלאַסירטער, נאָכמער דער גרויסער, ער איז די הויפּט־פֿיגור, אַרום וועלכער עס דרייט זיך די הויפּט־אַקציע. ער שטאַמט גראָד פֿון „אַ גוטער מישפּאָכע“, ער איז אַ מעיוכעס, אַ זון פֿון מאַכלי, ייִסראָליק אָקרײַנערס צווייטן ווײַב, ער איז אָבער „אין שטאָט אַ מאַיאַסעניק, אַ צאָרע, אַ שיינער קלוגער יונג, אַפֿילע מיט מײַלעס, נאָר ניט קיין לײַט“. דאָס רע־

ווזע, אָבער אין יענע (מײַרעוור־אייראָפּעיִשע — מ. וו.) מעדינעס זײַנען באַלמעלאָכעס גרויסע לײַט“. ער ברענגט באַלד אַ מאָשל פֿון שנײַדערס, גרויסע גווירים אין יענע לענדער (פֿערטע סצענע פֿון „מאַן און ווײַב“. דאָרט איז אויך פֿאַראַן אַן אַפּאָלאָגיע פֿון „מעשאָרסים“, אַנאַלאָגיש צו עטינגערן אין דעם „פֿעטער פֿון אַמעריקע“ II, ז. 505), ער און עטינגער מיינען אָבער גווירישע זין, וואָס גייען אַלס „וואָלאָנטערן“ אָפּ זיך צו לערנען און געניט צו ווערן בײַ רײַכע גווירים.

קרוטן־געזעצ איז געווענדט קעגנ דעמ גאנצנ אָרעמענ קלאַס, אקסענפעלד נעמט זיך אָבער אָנ בלויז פארנ דעקלאַסירטנ, נאָר דאָ שטעלט זיך אָפּ אקסענפעלדס קריטיק פונ דעמ אויפנ, ווי מע פירט דאָס געזעצ אויס. אויך דער „שניידער־יונג" יִצכאָק פארשיוועך אונ די „אונטערגעוואָרפענע קאפצנטע" די ניכפעניצע („מאנ אונ ווייב"), פאר וועמענס גורל דער מעכאבער דייגעט זיך גענוג באַ־שיימפערלעך, זיינענ דעקלאַסירטע. מיכל מאציייווע (אינ זיינ פריעריקער „בעלפערישער" סיטואציע, — אגעוו, פונקט ווי נויעכ ענגלענדער אינ זיינ פרי־ריקער לאגע אלס וועלוול כאלצ), וועלכנ אקסענפעלד באהאנדלט מיט א־זא דייטלעכער סימפאטיע, אונ פיני די זיצערקע (ביידע פיגורנ — פונ „שטעדי־טיכל") ווייזנ אויך באשטימטע שטריכנ פונ דעקלאַסירטקייט.

בא דער אומזיכערער לאגע פונ א ווייניק־פארפעסטיקטנ מיטלבירגערטומ איז אזא באציִונג צומ דעקלאַסירטנ זייער פארשטענדלעך. אקסענפעלד ווייזט אונדז דעמ דעקלאַסירטנ אינ דער אופשטרעבנדיקער אונ אינ דער אָפּגייענדיקער ליניע. לעמאָשל: מיכל מאציייווע, וועלוול כאלצ (אלס נויעכ ענגלענדער), זיינע ביידע קינדער — אונ נאכמענ דער גרויסער. אינ ביידע פאלנ מיט סימפאטיע אונ ווילגענויגטקייט. דאָס דריקט זיך אויך אויס אינ דעמ נאִיוונ אויפנ, ווי אקסענ־פעלד וויל באווייזנ, אז די דעקלאַסירטע האָבנ פערספעקטיוונ זיך אומגעריכט ווידער ארופצוכאפנ צו דער פאָזיציע, וואָס זיי „געהער". אינ דערווירקלעכקייט זיינענ די פערספעקטיוונ געוויינלעכ געווענ גאָר קליינע — מוז דער מעכאבער אָנקומענ צו „אוואנטיוריסטישע" פאסירונגענ לויט דער פאָלקסטימלעכער טראַ־דיציע, קעדיי פאָרט צו דערווייזנ דאָס, וואָס ער דארפ נייטיק האָבנ.

אינ דער יִדישער סוויווע האָט דעמאָלט באדייטנדיק שטארקער געהערשט דער אינטערעס פונ גרויסנ האנדלסקאפיטאל איידער פונ אינדוסטריע־קאפיטאל, אונ מעמיילע איז שטארקער געווענ דער אינטערעס קעגנ יענעמ טייל מיטל־שיכס, וואָס איז געווענ פארבונדנ פונ איינ זייט מיטנ קליינפראָדוצירער אונ פונ דער אנדערער זייט דירעקט מיטנ קאָנסומענט — איידער דער אינטערעס קעגנ דער אָרעמשאפט אונ פאר די מיטלענ זי צו באקעמפנ אונ צו פראָ־לעטאריזירנ. די פארינטערעסירטקייט אינ מיליטאריזמ, וואָס באשיצט די מערק, באריייכערט דעמ פאָדריאטשיק א. א. וו. איז גרעסער געווענ איידער די פארינטערעסירטקייט אינ מענטשנ־מאטעריאל פאר דער פאבריק. האָבנ זיך דעמאָלט די מאסקילימ, א סאָציאל אונ עקאָנאָמיש ניט האָמאָגענע גרופּע, געקענט דערלויבנ צו האָבנ סטירעס אינ זייער באציִונג צו אזעלכע פראָבלע־מעס ווי, לעמאָשל, דאָס רעקרוטנ־געזעצ, לעפּאָכעס וואָס שייעך דעמ אויפנ, ווי עס איז דורכגעפירט געוואָרנ אינ לעבנ, כאָטש ביכלאל האָבנ זיי עס אלע פראָפּאגירט. אקסענפעלד, לעמאָשל, האָט זיך געקענט דערלויבנ א מינ איינגעהאלטנ מיטגעפיל צו באשטימטע שיכטנ אָרעמשאפט, באזונדערס וואָס שייעך די אָנווענדונג פונעמ געזעצ אפּ געוויסע פארשוינענ, וואָס געהערנ צו

דער אָרעמשאפט אונ זײַנען אָבער נאָענט, אלס דעקלאסירטע, צום העכערנ מיטלבירגערטום אונ אויכ צו דער נידעריקסטער קאטעגאָריע „מאסקילים”, צו די בונטאריש־געפילסמעסיקע קלײנשטעטלדיקע „אפיקאָרסים”, צו וועלכע נאכמענ געהער אינ א באשטימטער מאָס.

מע מעג האלטנ, אז מיט דער פיגור נאכמענס האָט אקסענפעלד, אפ זײַנ שטײגער אונ אזוי ווײַט דאָס איז לויט זײַנ קלאסנ־מעהוס מעגלעכ געווענ, געוואָלט געבנ אָנצוהערנ אפ די גאנצע אָרעמע מאסע. עס איז ניט קײנ צופאל, וואָס נאכמענ ווערט ארויסגעפירט ווי א כאווער פונ די שוסטערשע, שנײַדערשע אונ קירזשנערשע געזעלנ. עס איז אָבער אויכ ניט קײנ צופאל, וואָס אקסענפעלד פירט ארויס ווי א הויפט־העלד ניט אײנעמ פונ דידאָזיקע געזעלנ, נאָר גראָד א דעקלאסירטנ, א נאָענטנ דאפקע צום העכערנ מיטלבירגערטום, א זונ פונ דער מעיוכעסעס מאכלי, א מענטשנ, וואָס „קומט ארויס פונ גרויסע לײַט”. „זײַנ פאָטער איז געווענ א גרויסער אוישער אונ א גרויסער כאָשעוו בא אלע כראָעס, זײַנ פאָטער איז געווענ דער גרעסטער מעיוכעס צווישנ ייִדנ. נאכמענ קענ אויכ לערנענ אונ שרײַבנ”. דערדאָזיקער „סאָד” ווערט אויסגעזאָגט ערשט צום סאָפ, ווי קעדײ צו אנטפלעקנ, פארוואָס מע מוז זײַנ געהיט מיט אזא מינ דעקלאסירטנ; דורכ זײַנ אומגליק ווערנ אָנגערירט אויכ די בײדע „סימפאטישע” פאָרשטײער פונעמ העכערנ מיטלבירגערלעכנ שיכט: פינכעס דער רויטער (זײַנ טאָכטער פרומעלע, זײַנ ווײַב ציפרע) אונ ייִסראָליק אָקרײַנער (זײַנ ווײַב מאכלי).

דער מיטלבירגערלעכער קלאס, אפילע דער פארמעגלעכער טײל זײַנער איז זײער אָפט אינ זײַנ עקאָנאָמישער סטרוקטור אונ פארפונדעוועטקײַט ניט אפ אזוי פיל פעסט [1]), אז ער זאָל זיכ פילנ באוואָרנט פאר דער סאקאָנע זיכ אראָפצוקאטשענ צום סאמע אָרעמסטנ האמוינ. אקסענפעלד דערקלערט דעמ מעהוס פונ אזא מינ אוישער, „אז ער איז רײַכ אונ ער האָט עטלעכע טויזנט רענדלעכ אפילע, דאָס געדויערט אָבער נאָר אזוי לאנג ווי דער אוישער איז געזונט, ווערט ער אָבער כאָלילע קראנק אָדער ער שטארבט, ווערט גאָר אויס אשירעס”. אסאכ פעדימ ציִענ זיכ פונעמ מיטלשיכט צומ אָרעמסטנ שיכט. שטײגעריש, דורכ מישפאָכע־באציִונגענ א. א. וו. איז דער מיטלשיכט אמאָל אינ דעמ פעריִאָד, ווענ די שיכטנ זײַנענ וואָס טיפער אלצ ווײניקער פעסט אָפגעגרענעצט, מער צונויפגעבונדנ מיטנ האמוינ אײדער מיטנ דײַטלעכער אונ בעסטער אָפגעגרענעצטנ אונ פארפונדעוועטנ רײַכסטנ שיכט, כאָטש א טײל מיטלבירגערטום אָריִענטירט זיכ גראָד אפ דער גרויסבורזשואזיִע. די פאלנ, ווענ מיטגלידער אפילע פונ העכערנ מיטלשיכט קאטשענ זיכ אראָפ צומ

[1]) זע „די געגנארטע וועלט” ז. 116. פארגל. אויכ „מאנ אונ ווײַב” די דעפיניציִע וועגנ דעמ, וואָס מע רופט אינ פוילנ (געמײנט איז אוקראַינע) א גוויר (פערטע סצענע). די הויפט־טעמע פונ „קאפצנ־אוישער־שפיל” אונ אסאכ ערטער אינ „שטערנטיכל” באווײַזנ דאָס אײגענע.

אָרעמע האמוינ, קומענ צו אָפּט פאַר, אז דער אינטעליגענט פונ מיטלשיכט זאָל ניט פאַרט פילנ באַשטימטע נויטנ פונ דער מאסע און ניט שטיינ אונטער איר סאָציאַלנ דרוק.

פונדאנענ נעמט זיכ אמאָל דאָס וואַקלדיקע אויספּירנ פאַרשידענע סטירעדיקע קלאַסנ־שליכטנ דורכ די מאסקילישע פאַרשטייער. כאָטש עס דאָמינירט אינ זייער אייגענער קליינבירגערלעכער קלאַסנ־טענדענצ גענוג דייטלעכ די אָריענטאציע אפנ רייכסטנ קלאַס, פּענדלענ זיי אמאָל אהינ און צוריק פונ איינ סאָציאַלנ עק ביז צומ אנדערנ, אָנהייבנדיק פונ דעמ העכסטנ קלאַס, וואָס גיט זיי דעמ סאָציאַלנ אידעאַל, און אויסלאָזנדיק באַמ נידעריקסטנ, צו וועמענ זיי ווענדנ זיכ מיט זייער שאַפנ און וועמעס טיינעס און נויטנ זיי מוזנ אמאָל, באַוווסטזיניק צי אומבאַוווסטזיניק, וווילגענוייגט צי ניט, אויסדריקנ.

דער דעקלאַסירטער איז פאַרנ העכסטנ שיכט און זיינע מיטלבירגערלעכע העלפער ניט קיינ אייגנטלעכער קעגנער. דער בירגערלעכער אינטעליגענט קענ זיכ דאָ דערלויבנ צו צעפירנ זיינע סאנטימענטאַלע געפילנ, עס מעג זיכ דאָ צעשפּילנ יענער ניואנס פונ „פּאָלקיסטישקייט“ אונ מאסנ־ליבע, וואָס איז פאַראנ אינ יעדער בורזשואזער באַוועגונג אינ פּעריאָד פונ אָנהייבנדיקנ אופבלי. עס וואָלט קאָמיש געווענ צו זאָגנ, אז אקסענפעלד זעט אינעמ דעקלאַסירטנ דעמ „פּאָטענציעלנ פּראָלעטאריער“. ריכטיק איז, אז ער ווייזט דעמ „פּאָטענציעלנ מאסקיל“, ד. ה. דעמ פּאָטענציעלנ אינטעליגענט, וואָס קענ זיכ פונ אזא נאכמענ ארויסשיילנ (ער קענ „לייענענ און שרייבנ“), אָדער דעמ פּאָטענציעלנ העכערנ מיטלבירגער, פּונקט ווי ס'איז געוואָרנ פונ א בעלפער, מיכל מאצייווע — א פּאָדריאטשיק, אָדער פונ אנ אָרעמענ וועלוול כאַלצ — אינ „מאנ און ווייב“ — א רייכער סויכער. אקסענפעלד באַווייזט ווי נאָענט אזעלכע פיגורנ זיינענ פאַרבונדנ דורכ מישפּאָכע־פּעדימ מיטנ העכערנ מיטלבירגערטומ. צו באַלמעלאַכעס און אָרעמשאפט ביכלאל פילט זיכ אמאָל אינ אקסענפעלדס ווערק א מינ „מענטשלעכע“ באַציִונג, אָבער אנ איינגעהאַלטענע. ניט צו פאַרגלייכנ מיט דער שטעלונג, וואָס רייסט זיכ דורכ אינ לעווינזאָנס „העפקער־וועלט“ צו די־דאָזיקע מאסנ, — כאָטש מיר טאָרנ זיכ ניט לאָזנ פאַרפירנ פונ דעמ פאקט, צו מיינענ, אז לעווינזאָנ איז געווענ דער אויסדריקער פונעמ האָרעפּאשנעמ און אָרעמענ האמוינ.

די מאסקילישע אידעאָלאָגיע ווערט אינ איר „קלאַסישער“ צייט באַהערשט פונ דער בורזשואזער קלאַסנ־טענדענצ, אָבער עס איז א כילעק ווי, אפ וואָסער אויפנ יעדער מאסקיל באַזונדער רעפלעקטירט די־דאָזיקע טענדענצ. די בירגערלעכע אינטעליגענצ ווערט באַהערשט פונ דער בורזשואזיע, זי מוז אָבער אינ באַשטימטע פּראָטימ פּאָלגנ דעמ דרוק פונ דער אָרעמשאפט, דעריבער הערנ מיר בא פאַרשידענע שרייבער — פאַרשידענע אָפּקלאַנגענ פונ טיינעס וועגנ דער נויט אינ

אָרעמקייַט, כאָטש טאקע ניט אינגאנצנ אויסגעהאלטענע אונ ניט אינ אבסאָליוטנ העסקעמ צו די באוווסטזיניקע הויפּט־טענדענצנ פונ זייערע ווערק. עס איז ניט אינגאנצנ דאָס אייגענע ווי די צוויִעסדיק־פילאנטראָפּישע טרער באמ שטאדלאָנישנ גוויר. זעלטנ געפינענ מיר דעמאָלט אינ ליטערארישע ווערק א פולנ אונ אָנ אדעקוואטנ אויסדרוק פונ דעמ „באשטעלערס" אידעאָלאָגיע אונ טענדענצ. בא באשטימטע מאסקילישע שרייַבער געפינענ מיר אמאָל, סייַ צוליב זייער סאָציִאלנ אָפּשטאמ, סייַ צוליב דעמ, וואָס בא זיי איז דאָס עמאָציִאָנעלע בילד ניט אינגאנצנ אויסגעגליכנ לויט דער ראציִאָנאלער אידעאָלאָגיע — דאָס וואָס מע רופט „האמוינישע שטריכנ". באוווסטזיניק צי נישט ברענגענ זיי אמאָל אינ א באשטימטער מאָס מיטפילנדיקע בילדער פונ האמוינישנ שטייגער, וואָס קענענ ניט אינגאנצנ פארשווייַגנ אונ טראָגנ אינ זיכ מעמיילע האמוינישע טייַנעס. מיט וואָסער אנטיפאטיע אקסענפעלד האָט ניט געזאָלט קריטיקירנ דעמדאָזיקנ „פאָלקס"־שטייגער, האָט ער פאָרט פאר אימ געהאט א טיפנ כוש, א באשטימטנ „געפיל" אונ אמאָל אפילע אינ א געוויסנ זינענ א ס ט י ר ע ס ד י ק נ מיטגעפיל. זייַנ קריטיק טראָגט אינ זיכ אויכ אנדערע טענער, סטירעסדיקע, אינ א געוויסער מאָס ק ע ג נ זייַנ באוווסטזיניקער סאָציִאלער אָריִענטאציע.

אקסענפעלדס „פאָלקישקייַט" (מיר געפינענ זי ניט בא אלע מאסקילימ אלצייַנס, כאָטש זי איז געוויינלעכ א כאראקטעריסטישער שטריכ פונ דער בורזשואזער באוועגונג) האָט זיכ צומ דייַטלעכסטנ ארויסגעוויזנ דאָרט, ווו די אידעאָלאָגיע, וואָס האָט אימ באהערשט, אונ איר קאָנקרעטע פּראָגראמ האָבנ עס אמגרינגסטנ דערלאָזט, אָדער בא אירע שוואכע פונקטנ. אוא שוואכער פונקט איז, לעמאָשל, די שטעלונג פונ דער האסקאָלע צו דער רעקרוטשינע. אינ דער קריטיק פונעמ אויפנ, ווי דאָס רעקרוטנ־געזעצ איז ארויסגעפירט געוואָרנ בענעגייע א בעניאָכיד א דעקלאסירטנ טיפּ פונ מיטלבירגערטומ, האָט אקסענפעלד געקענט צעפירנ זייַנע „פאָלקישע" נעטיִעס. ער כאפּט זיכ אָנ בא „צופעליקע פעלער", „צופעליקע אומגליקנ" אונ רייַסט ארויס אפ זייַנ פערדל קעגנ קאָהאָל, אָפּגעשטאנענקייַט א. א. וו. אמאָל ווידער רייַסט זיכ דידאָזיקע „פאָלקישקייַט" דורכ אינ א סטירעדיקנ, אי סאנטימענטאלנ אי סינעדיקנ אויפנ, מיט וועלכנ ער מאָלט די קלענסטע דעטאלנ אינעמ שטייגער פונ דער אָרעמשאפט. — די אלע מאָמענטנ טאָרנ אונדז ניט פארפירנ צו באנעמענ אקסענפעלדנ אנדערש ווי ער איז געווענ: א קעמפערישער פאָרשטייער פונ העכערנ מיטלבירגערטומ מיט א בוילעטער אונ באוווסטזיניקער אָריִענטאציע אפנ גרויסבירגערטומ.

## 2. די דראמאטישע סטרוקטור

עס איז כאראקטעריסטיש פאר דער בירגערלעכער אופקלערונג, אז זי האָט צוגעטיילט דעמ טעאטער א באזונדערס וויכטיקע פונקציע. דאָס וואָס איז ניט דערלויבט געווענ אָדער וואָס איז שווער געווענ ארויסצוזאָגנ אפ א טעאָרעטיש־פראָגראמאטישנ אויפנ, איז אָפטמאָל דערלויבט אונ גרינגער געווענ ארויסצוזאָגנ אפ דער בינע מיט סצענישע מיטלענ. די סצענע איז געווענ די טריבונע פונעמ שטרעבנדיקנ „דריטנ שטאנד“, ווו דער אופקלערער האָט געקענט פאנאנדערוויקלענ זיינע וועלטבאנעמ. ער האָט אויסגענוצט די רעלאטיווע פרייהייט פונעמ טעאטער אונ דאָס פראָסטע, גרינג־פארשטענדלעכע, אָבער שטארק ווירקנדיקע מיטל פונעמ סצענישנ שמועס. אסאכ מאָל האָט דער סאָציאלער אימפולס געשטויסנ גרויסע אופקלערער צו דער בינע (וואָלטער, דידראָ, לעסינג א. א. וו.), כאָטש זייער „קינסטלערישער אינסטינקט“ האָט דערצו געהאט א קליינעמ שייכעס.

די ייִדישע האסקאָלע האָט זיכ פונ אָנהייב אָנ צוגעווענדט צו דער פאָרמ פונ טעאטערשטיק (אייכל, וואָלפזאָנ, דער אנאָנימוס פונ דער „געגנארטער וועלט“, עטינגער, פישלזאָנ, אקסענפעלד, גאָטלאָבער — ביז צו גאָלדפאדענענ אונ מענדעלענ), כאָטש דאָס טעאטער אָדער ביכלאל די שפיל־מעגלעכקייטנ זיינענ געווענ אָנ אנ ערעכ ווייניקער אנטוויקלט איידער די דראמאטישע פראָדוקציע. לעווינזאָנ שרייבט אפילע זיינ ריינ געזעלשאפט־קריטישע אָפהאנדלונג אינ דער געשפרעכ־מעסיקער פאָרמ. די צומאָליקע היסנאצלעסנ אונ אָנשטעלנ, אז קלאָמערשט גייט דאָ וועגנ פארבייטנ די האמעטנע פורימ־שפילנ דורכ נוצלעכע מאָראלישע ווערק (וואָלפזאָנ, דער אנאָנימוס פונ דער „געגנארטער וועלט“ א. א. וו.) זיינענ בלויז א פאָפולערער אויסרייד פאר דער אינ אָנהייב אומגעוויינלעכער קאָמעדישער פאָרמ, אונ עפשער אויכ אנ אָנצוהערעניש אפ די איינציקע שפיל־מעגלעכקייטנ, וועלכע די מעכאברימ האָבנ געהאט אינ אויג בעשאסנ שרייבנ. יעדנפאלס אָבער קענ דער מאָטיוו עסטעטיש צו פארבעסערנ דעמ רעפערטואר פונ די פורימ־שפילנ ניט ערנסט גענומענ ווערנ. פאר דער סצענישער פאָרמ פונ די ייִדישע האסקאָלע־שרייבער איז דעריקער געווענ מאָסגעבנדיק די טראדיציע פונ דער אופקלערונג צו ווירקנ אפ ברייטערע מאסנ דורכ סצעניש־טעאטראלע זשאנרענ.

אכוצדעמ אָבער האָט דאָ מיטגעווירקט דער פאקט, וואָס אינ באשטימטע עטאפנ פונ ליטעראַרישער צוגעגרייטקייט איז דעמ שרייבער גרינגער זיכ אויס־צודריקנ אינ א טעאטראלער, ריכטיקער, געשפּרעכמעסיקער פאָרמ איידער אינ א פּראָזאישער. קיינ יידישע פּראָזאישע טראַדיציעס זיינענ נאָכ דעמאָלט ניט פאראנ געווענ, — אקסענפעלד ברענגט דאָכ דאָס ערשטע ווערק פונ ליטעראַריש־קינסטלערישער בעלעטריסטישער פּראָזע („דאָס שטערנטיכל"). אינ א נייער, ליטעראַריש ניט־צוגעגרייטער שפּראַכ איז שטענדיק גרינגער זיכ ארויסצוזאָגנ אויב ניט אינ מעטריש געבונדענער שפּראַכ, איז לעפּאָכעס אינ געשפּרעכנ. עס איז גרינגער איבערצוגעבנ אנ אינהאַלט דורכ דראַמאַטישע דיאַלאָגנ [1] איידער אימ עפּיש צו שילדערנ אינ פּראָזע. די סצענישע פאָרמ שפּילט דאָ אינ א געוויסער מאָס די צוגרייטונג־ראָל פאַר דער קומענדיקער פּראָזע.

די געזעלשאפט־קריטישע שטייגער־אָפּלאכערישע קאָמעדיע גרייט צו דעמ סאטיריש־רעאַליסטישנ ראָמאַנ. אינעמ „רעוויזאָר" אונ אינעמ „שידעכ" גרייט זיכ גאָגאָל צו דער פּראָזע פונ די „טויטע נעפאשעס". די הויכע פּאַטעטיק פונעמ ערנסטנ עפּאָס אפּעטאָזירט א ריינפנ בליענדיקנ קלאַס, אינ דער קאָמי־שער עפּאָפּייע ווערט דער הערשנדיקער קלאַס אָנגעגריפנ פונ א נייַ־אויפבליענ־דיקנ — פונקט אזוי ווי אינעמ קאָמיש־סאטירישנ פּראָזע־ראָמאַנ (אפּולעוס, סער־וואַנטעס, ראבלע א. א.). שטענדיק איז דער פּראָזע־ראָמאַנ אינ אָנהייב פונ אנ אנט־וויקלונג קאָמיש־ אָדער סאטיריש־קריטיש. דער וועג פונ דער טראַגעדיע צו דער קאָמעדיע ביכלאל באטייט א געזעלשאפטלעכער אָנגריפ, דעריבער מוז די קאָמעדיע אינ אָנהייב פונ אנ אנטוויקלונג זיינ שטייגעריש אונ גע־זעלשאפט־קריטיש.

מיט דער רעאַקציאָנערער פּסעוודאָ־קלאסיק וויל זיכ אינ דער ליטעראַטור אנ אָפּגייענדיקער קלאַס פאַרטיידיקנ קעגנ דעמ ריינפנ אָנגריפ פונ די נידערי־קערע קלאַסנ, וויל ליגנעריש באַרעכטיקנ זיינ פוילבלעכ־פּאַרטיקע עקזיסטענצ דורכ אנ אנטלויפנ פונ דערווירקלעכקייט, דורכ זיכרוינעס וועגנ דער אָנהייב־צייט פונ זיינ בליונג. די אופקלערעריש־קריטישע פונקציע פונ דער נייער ליטע־ראַטור מוז קוידעמקאָל אראָפּרייסנ פונ דער ווירקלעכקייט דעמ ליגנערישנ שלייער פונ דער פּסעוודאָ־קלאסיק. דאָס ווערט אָפּגעטונ מיט דער הילפ פונ דער קאָמישער אָדער סאטירישער שטייגערישקייט אינ דעמ מאַניר פונ שיל־דערונג. די שטייגערישע קאָמעדיע אינ אלע אירע פאָרמעס גרייט צו די ברייטע לייוונטנ פונעמ קאָמישנ אָדער סאטירישנ געזעלשאפט־קריטישנ ראָמאַנ. די אופקלערערישע פונקציע דיקטירט אָבער ניט בלויז אָנגרייפנ דעמ אָפּגייענדיקנ אונ באַרעכטיקנ דעמ אופגייענדיקנ קלאַס, אקעגנשטעלנ גוטע מוסטערנ אקעגנ די שלעכטע, נאָר אויכ קריטיקירנ די שלעכטע זייטנ אינ

---

1) „לא תספיק לנו לשוננו הזאת (יידיש — מ. וו.) כי אם לדברים ההמוניים ושיחות הפשוטות" (לעווינזאָנ: „תעודה בישראל". זע וויינער, ז. 41).

דער אופגייענדיקער געזעלשאפט. אינ רעזולטאט באקומט זיכ די באוווסטע „לאכנדיקע טרער", דער מעלאָדראמאטישער סאנטימענטאליזמ, וואָס איז כאראקטעריסטיש פאר דער קאָמישער אונ סאטירישער ליטעראטור פונ באשטימטע אופקלערערישע פעריִאָדנ.

עס ליגט אינעמ כאראקטער פונ דעמדאָזיקנ ליטערארישנ גאנג, אז די וויכטיקסטע אופגאבע פונ דער בינע ווערט קאָנצענטרירט אפ דער *אָפלאכערישער קאָמעדיע*, וואָס ווערט דאנ מיט דער צײַט דורכ די מאסנ אידענטיפיצירט מיט דעמ באגריפ „טעאטער" סטאמ. „טעאטער" באקומט דאנ דעמ באטײַט פונ „אָפלאכערישער קאָמעדיע" („טעיאטער פונ כסידימ" — הייסט א *קאָמעדיע*, א *סאטירע* וועגנ כסידימ). „מאכנ פונ עמעצנ א טעאטער" באטײַט דאנ, כויזעק מאכנ פונ עמעצנ, „ס'איז א טעיאטער", באטײַט: „ס'איז קאָמיש", פונקט ווי מע פלעג אמאָל פריִער זאָגנ „ס'איז פורימ", ד. ה. ס'איז קאָמיש, כויזעק, ווי אינ א פורימ־שפיל. „טעאטער" איז געוואָרנ דער באגריפ וועגנ אנ אָרט אונ וועגנ אנ אויפנ אפ „אָפצוריכטנ" (אָפצוכויזעקנ) פונ קלאסנ, שטאנדנ, מענטשנ אָדער באדינגונגענ, אינ העסקעמ צו דער ליטערארישער טעאָריע פונ דער אופקלער־צײַט וועגנ טעאטער אלס „אופקלער־טריבונע".

אקסענפעלדס פיעסעס זײַנענ טיפישע בירגערלעכע טראגי־קאָמישע אָדער סאנטימענטאלע פאמיליענ־שפילנ, לויטנ געשמאק אונ מיט אסאכ כאראקטעריסטישע שטריכנ פונ דער „רירנדיקער דראמע" אינ דער עלטערער אופקלערונג („מאנ אונ ווײַב" ווערט אינעמ רוסישנ טיטל בעפיירעש באצייכנט ווי א Мелодрама). זײַנ קינסטלערישער צוגאנג איז, ווי ביכלאל בא דער ייִדישער האסקאָלע, שטארק אָפהענגיק געווענ פונ דער עלטערער אופקלערערישער, דעריקער דײַטשער פאָעטיק. אקסענפעלד האָט בעלי־סאָפעק געלעזנ אונ באוווּנדערט די דראמאטישע ווערק פונ שילער אונ עפשער אויכ פונ געטע. בא א מאסקיל פונ יענער צײַט איז דאָס אנדערש גאָרניט מעגלעכ געווענ. פונדעסטוועגנ וועלנ מיר אינ זײַנע פיעסעס ניט געפינענ קיינ איינ שטריכ, וואָס זאָל קענענ דערמאָנענ אינ דער געהויבענער טעמאטיק אונ דעמ „הויכ־פאָעטישנ" נוסעכ פונ דידאָזיקע קלאסיקער. לעהייפעכ צו דער העברעיִשער ליטעראטור פונ יענער צײַט געפינענ מיר ניט בא אקסענפעלדנ אונ ניט אינ דער ייִדישער ליטעראטור פונ דער ערשטער העלפט 19 יאָרהונדערט ביכלאל — אכוצ אינ עטלעכע לידער עטינגערס — קיינ אָנצייכעניש פונ ראָמאנטיזמ, וואָס איז אגעוו אויכ אינ דער רוסישער ליטעראטור געווענ גאָר ווייניק אויסגעבילדעט. פאר דעמ דעמאָלטיקנ אנטוויקלונגס־צושטאנד פונ יונגנ ייִדישנ בירגערטומ איז דידאָזיקע קאָמפליצירטע אונ געשפאלטענע געזעלשאפט־פסיכאָלאָגישע שטימונג געווענ פארפריט.

באזונדערס פעסטשטעלנ דארפ מענ דעמ פאקט, אז אינ דער ייִדישער ליטעראטור פונ יענער צײַט פעלט לאכלוטנ יעדע שפור פונ נאציִאָנאליזמ אָדער

נאציאָנאלער ראָמאנטיק. גיכער איז פאראנ א שטרעבנ אפ פארקערט, צו א דעזילוזיאָנירונג אינ נאציאָנאלנ זינענ.

לויטנ אנטוויקלונגס־עטאפ און דעם געזעלשאפטלעכ־עקאָנאָמישנ פאָנ פונ דער שפעט אָנהייבנדיקער יידישער האסקאָלע איז אקסענפעלד נישט אימשטאנד געווענ צו אנטלייענ האשפאָעס און קונסט־פרינציפנ פונ דער אָנ א שיר אנטוויקלטערער (און צו אנדערע באדינגונגענ אנטשפרעכנדיקער) נייער קלאסישער אָדער ראָמאנטישער ליטעראטור פונ זיינ צייט. ער האָט געקענט ציענ דראמאטורגישע ווירקונגענ נאָר פונ אנ עלטערער מיט עטלעכע יאָרצענדליק ליטעראַרישער טראדיציע, וואָס איז ארויסגעקומענ פונ א געזעלשאפטלעכער סיטואציע, אינ אסאכ פראָטימ (ניט אינ אלע) אנ ענלעכער צו דער סיטואציע, וואָס אקסענפעלד האָט ליטעראריש אויסגעדריקט.

די־דאָזיקע האשפאָעס האָט ער צוליב די פראָטימ, מיט וועלכע עס שיידנ זיכ פאָרט שטארק אונטער די עפאָכעס און ערטער (די אייראָפעישע אופקלערונג פונ דער אנדערער העלפט 18 יאָרה.— און די רוסיש־יידישע האסקאָלע פונ דער ערשטער העלפט 19 יאָרה.) געמוזט פארבינדנ, פונקט ווי אלע אנדערע שרייבער אינ אנ ענלעכער סיטואציע (לעמאָשל, די רוסישע)— מיט א נייעמ, פונ די קאָמפליצירטערע באדינגונגענ געבוירענעמ סטיל־עלעמענט, מיט א שטארק שטייגערישנ רעאליזמ באמ איבערגעבנ די רעפליקעס און באשטימטע דעטאלישע פאקטנ. אָנ דעמדאָזיקנ נייעמ סטיל־עלעמענט וואָלטנ די איבערגעגעבענע דראמאטורגישע שטריכנ פונ דער עלטערער טראדיציע ניט געקענט ווירקנ.

ווי ענלעכ און אנאלאָג פארשידענע עפאָכעס אינ פארשידענע לענדער זאָלנ ניט זיינ, דערלאָזט אָבער ניט די דיאלעקטיק פונ דער ניט אומעטומ גלייכמעסיקער און אלציינער אנטוויקלונג איבערצונעמענ אינגאנצנ עלטערע פאָרמעס אָנ א צופאסונג צו אנטוויקלטערע און שוינ פונ ערגעץ־ווו אָנקומענדיקע נייע ווירקונגענ. דער אנטוויקלטערער נאטורוויסנשאפטלעכער צוגאנג אינ פראָגרעסיווערע לענדער פארשטארקט אינ דער געזעלשאפט־קריטישער בעלעטריסטישער ליטעראטור דעמ רעאליסטישנ נוסעכ און ווירקט אויכ אפ די אָפגעשטאנענערע ליטעראטורנ, אז זיי זאָלנ גיינ אינ דערדאָזיקער ריכטונג. דאָס טיפיש־צייטמעסיקע אינ דער ליטעראַרישער פ א ָ ר מ פונ 19 יאָרהונדערט איז דער שטארק שטייגערישער רעאליזמ. אינ דעמ פראט געהער אקסענפעלד אינגאנצנ צומ 19 יאָרהונדערט און צו זיינ צייט.

אָבער די הויפטשטריכנ פונ זיינ דראמאטישער סטרוקטור געהערנ לאכלוטנ צו דער עלטערער דראמאטורגיע פונ דער אופקלער־צייט, וואָס האָט געהערשט אינ אייראָפע פונ דער מיט ביז צומ סאָפ 18 יאָרה., און בא צווייט־און דריט־ראנגיקע שרייבער א שטיק צייט לענגער.

דעריבער: אויב מיר ווילנ אנאליזירנ און ד ע ר ק ל ע ר נ דעמ סאָציאלנ און פאָרמאלנ מעהוס פונ אקסענפעלדס דראמאטישער מאניר, קענענ מיר דאָס טונ

נאָר אפּן פּאָן פון דער עלטערער מיַרעוו־אייראָפּעיִשער דראמאטישער פּאָ־
עטיק. און דאָ אין דעם פּראט איז ניט קיין כילעק צי שטיצט זיך אקסענפּעלד
טאקע דירעקט אפּ יענער דראמאטורגיע און אירע ווערק, אָדער צי האָט
ער געצויגן די האשפּאָעס אומדירעקט פון שטארק פארשפּעטיקטע וויניק־
ווערטיקע ווולגארע עפּיגאָנען און טעאטער־שמירער פון ערשטן פערטל 19 יאָרה.
קעדיי אופצודעקן די אורשפּרינגלעכע סאָציאַלע פונקציע אין דעם פּאָר־
מאַלן מעהוס פון דידאָזיקע דראמאטורגישע ווירקונגען, וועלן מיר מוזן צוריק־
גיין צו דער אייגנטלעכער אורשפּרינגלעכער מוסטערשאַפונג און צו דער
פּאָעטיק פון דער עלטערער אופקלער־ציַיט. אָפּשטעלן זיך צו דעם צוועק אפּ די
עפּיגאָנישע פארקריפּלטע און אנאכראָניסטיש פארשפּעטיקטע טעאטער־ווערק,
וואָס האָבן זיך נאָך א לאנגע ציַיט נאָך זייער אקטועלקייַט נאָכגעשלעפּט אפּ
די אייראָפּעיִשע (און אויך רוסישע) פּראָווינץ־טעאטערן, וואָלט דאָ ניט געבראכט
קיין באזונדערע רעזולטאטן. כאָטש דידאָזיקע עלטערע טראדיציע איז עפּשער
גראָד דורך זייער פארמיטלונג אמדיַיטלעכסטן אָנגעקומען צו אקסענפּעלדן.
זיי האָבן אָבער שוין לאנג פארלאָרן זייער אייגנטלעכן סאָציאַלן באטיַיט און
ביכלאל וואָסער ס׳זאָל ניט זיַין באוועגנדיקע געזעלשאפטלעכע פונקציע. דידאָ־
זיקע טעאטערשטיק האָבן בלויז עקזיסטירט צוליב זייער ווערט אלס פארוויַי־
לונג. זיי זיַינען אויסגעליידיקט געוואָרן פון זייער אורשפּרינגלעך שטארק אָנ־
געזאפּטן סאָציאַלן אינהאלט (כאָטש טאקע עס האָט אויך דערדאָזיקער פאקט
געהאט א באשטימטן סאָציאַלן באטיַיט). דעריבער מוזן מיר זיך ווענדן צו דער
אורשפּרינגלעכער מוסטער־ציַיט, ווען דידאָזיקע דראמאטישע פאָרמעס האָבן
געהאט א דיַיטלעכן צוזאמענהאנג מיט זייער סאָציאַלער פונקציע, קעדיי צו
דערקלערן די סאָציאַל געטוג באוווסטזיניקע און אָריִענטירטע פאָרמעס פון
אקסענפּעלדס טעאטער־ווערק.

מיר פארמאָגן עטלעכע ארויסזאָגונגען אקסענפּעלדס וואָס שיַיכן זיַינע דרא־
מאטורגישע מיינונגען און וועגן דער פונקציע פון טעאטער. זיי פאלן זיך
איינגאנצן צונויפּ מיט די אנטשפּרעכנדיקע מיינונגען פון דער עלטערער אופ־
קלערערישער פּאָעטיק. כאָטש זיי ווערן בא אקסענפּעלדן אין א היפשער מאָס
נאַיִוו ווולגאריזירט, פּונקט אזוי ווי די קלאסישע אופקלער־אידעאָלאָגיע ווערט
ביכלאל פארייַנפאכט און פארפלאכט אין דער האסקאָלע, סיַי העברעיִשער,
סיַי יידישער. און וויַיל דאָס האָט א שייַכעס ניט בלויז צו אקסענפּעלדס
שאפן, נאָר צו דער ייִדישער קאָמעדיע אין מעשעכ פון עטלעכע צענד־
ליקער יאָרן אינעם 19 יאָרהונדערט ביכלאל, איז קעדיי זיך גענויער אָפּצושטעלן
אפּ דעמדאָזיקן איניען.

א פראנצויזישער ליטעראטור־טעאָרעטיקער פון דער מיט 18 יאָרהונדערט
גיט איבער אין זיַין פּאָלעמיק קעגן דער „ווייַנערלעכער קאָמעדיע”, ווי אזוי
עס איז דעמאָלט (1749) באנומען געוואָרן דער מעהוס פון דער קאָמעדיע. „די

קאָמעדיע איז דאָס געמעל פונ אקציעס אינעמ געוויינלעכנ וואָכעדיקנ לעבנ, אָדער אויב מע וויל בעסער זאָגנ: די געוויינלעכע כעסרוינעס אונ מײַלעס, וואָס פילנ אויס דעמ קרײַז פונ געוויינלעכנ וואָכעדיקנ לעבנ. אינ דער שיל־דערונג פונ די גוטע אונ שלעכטע מידעס באשטייט דער אייגנטלעכער מעהוס פונ דער קאָמעדיע. אויספירנ די גרויסע אופגאבעס פונ דער קונסט אונ פונעמ קינסטלער הייסט: אָנווארפנ מיט פינקטלעכקײַט די פּאָרטרעטנ פונ די מענטשנ, אויסדריקנ די קאוואָנעס אונ די נעטיִעס פונ זייער געמיט אפנ דײַטלעכסטנ אויפנ, אונ אָנווענדנ דאָס אלצ אפ צו פארבעסערנ די מידעס"[1]. דער דײַטשער ליטעראטור־טעאָרעטיקער אונ דיכטער גאָטשעד דעפינירט די קאָמעדיע ווי „דאָס נאָכמאכנ פונ א ניט־מאָראלישער טוונג, וואָס מאכט פריילעכ דעמ צוקוקער צוליב איר קאָמישנ מעהוס אונ באגלײַכ דערציט עס אימ מאָראליש". דער דיכטער אונ געלערנטער געלערט דערקלערט די פונקציעס פונ די פארשידענע פיגורנ אינ דער קאָמעדיע[2]: „די שילדערונג פונ פעלערהאפטיקע פארשוינענ ווײַזט אונדז בלויז דאָס אומגעלומפערטע, דאָס פארקערטע אונ שענדלעכע; די שילדערונג פונ ווילע פארשוינענ ווײַזט אונדז דאָס גערעכטע, דאָס שיינע אונ דאָס, וואָס מע דארפ ליבנ. יענע דארפנ אונדז אָפּשרעקנ פונ די שלעכטע מײַסימ, די אָבער באגײַסטערנ אונדז פאר די גוטע מידעס אונ מונטערנ אופ דעמ צוקוקער נאָכצוגיינ נאָכ זיי". עס ליגט אינ דער אָפּשפּאָטערישער טעווע פונ דער קאָמעדיע צו ברענגענ מער נעגאטיווע פיגורנ איידער פּאָזיטיווע, אָבער קעדיי דײַטלעכער אונטערצושטרײַכנ די נעגאטיווע, מוז מענ אקעגנשטעלנ צו זיי אויכ פּאָזיטיווע, זאָל זײַנ אלס נעבנפיגורנ, מיט זייערע דערעכ־אגעוודיקע מאָראלישע גלאָסנ אונ העאָרעס (שאסיראָנ). אינעמ לעבנ, זאָגט דער גרויסער בירגערלעכער אופקלערער לעסינג, זײַנענ פאראנ גוטע אונ שלעכטע מוסטערנ. „דידאָזיקע דערשײַנונג מאכט נאָכ די קאָמעדיע אונ נאָר דורכנ נאָכמאכנ דעמ־דאָזיקנ פאקט איז די קאָמעדיע פעיִק צו באווײַזנ דעמ פאָלק ניט בלויז דאָס וואָס מע דארפ אויסמײַדנ צו טונ, אונ ניט בלויז דאָס, וואָס מע דארפ יאָ טונ, נאָר פאָרצושטעלנ ביידע צוגלײַכ אינ אזא שײַנ, אינ וועלכער איינס ווערט אונטערגעשטראָכנ דורכנ צווייטנ"[3]. דידאָזיקע פרינציפּנ גייענ אלע פונ דער פאָרהאנאָכע, אז דאָס טעאטער איז, ווי שילער האָט דאָס שפּעטער פאָר־מולירט, אנ אנשטאלט פאר מאָראלישער דערציִונג.

ענלעכע מיינונגענ וועגנ טעאטער אונ ענלעכע דראמאטישע פרינציפּנ געפינענ מיר בא אקסענפעלדנ, ניט בלויז אינ זײַנ שאפנ, נאָר אויכ דאָרט, ווו

---

1) מ. ד. שאסיראָנ אינ Réflexions sur le comique larmoyant, לויט לעסינגס אָפּהאנדלונג Von dem weinerlichen oder rührenden Lustspiel (1754).

2) אינ זײַנ אָפּהאנדלונג: Pro comoedia commovente (1751), ציטירט לויט לעסינגס אויבנ־דערמאָנטער אָפּהאנדלונג.

3) לעסינג, דאָרט.

ער זאָגט זיך ארויס אין באַוואוסטזיניקע, כאָטש זייער פרימיטיוו פאָרמולירטע באַטראַכטונגען וועגן דעם צוועק און מעהוס פון טעאַטער.

אין „שטערנטיכל“ (קאַפּ. 14) פרעגט מיכל—אָקסמאַנען: „נאָר וואָלט איך געוואָרן געוווּסט, צו וואָס קומט צונוץ דער טעאַטער מיט די אָנשטעלן?“ אָקסמאַן (אקסענפעלדס רעזאָניאָר!) ענטפערט: „...אנו, מאַך אַ כעשבן פון די זעקס שטיק, וואָס דו האָסט מיט מיר געזעען שפּילן אין טעאַטער (אין ברעסלע—מ. וו.), אויב איטלעכעס שטיק איז ניט אַ מוסער פאַר דעם מענטשן ... קומט דער טעאַטער צונוץ בעסער ווי אַ באַלדאַרשערס מוסער־זאָגן. דאָ אינעם טעאַטער, בעשאַס מען האָט האַנאָע פון די אָנשטעלן,—ווי דו, מיכל, רופסט עס,—פּעקלט מען אַרייַן איטלעכן, וואָס זעען און הערן, אין האַרצן אַרייַן מוסער און אַ רייַע, אַז גוט איז ערלעך צו זייַן, און גוטע לייַט צו פאָלגן גייט טאָמיד אויס צו גוטן, פאַרקערט ווידער, איז עס אַ רייַע, אַז אַ באַלגייַווע, אַ שלעכטער מענטש, אַ הולטייַ, כאָטשע עס דוכט זיך אַף אַ קורצע צייַט ער לויכט, קומט ער דערנאָך צו ביזיוינעס און צו אַלע צאָרעס. פון אַ באַלדאַרשער וויל ניט איטלעכער הערן. און אַז מען הערט יאָ אַפּילע, פאַרגעסט מען זייַן דראָשע מיט זייַנע גוטע ווערטער מיט אַ שאָ שפּעטער נאָך דער דראָשע. די טעאַטערשטיק הערט איטלעכער צו מיט כיישעק און הערט גוט איטלעכעס וואָרט, בלייַבט עס טאַקע אינעם האַרצן. אָט געדענקסטו אוואדע אַלע זעקס שטיק — וועל איך מיך וועטן? עמעס,—טוט מיכל אַ זאָג, — איך וועל אייַך איינדערהיים ווייַזן, בא מיר איז אַף יידיש אופגעשריבן איטלעכעס שטיק מיטן נאָמען ווי עס הייסט, אַבי איך האָב נאָר דעם נאָמען פונעם שטיק, וועל איך שוין אויסנווייניק אַפּילע אין לויהאָיעפּאָליע קענען דערציילן דאָס גאַנצע שטיק“ (אגעוו: אַן אָנצוהערעניש אַף ליטעראַרישע באַווירקונגען פון דייַטשן פּראָווינץ־טעאַטער — מ. וו.).

אקסענפעלד דערקלערט ווייַטער דעם פּראָסטן לייענער־אוילעם, אַז טעאַטער איז ניט סטאַם באַדכאָנעס און קינדערשע אָנשטעלן, נאָר אַן ערנסטע זאַך. „דער וואָס האָט ממציא געווען דאָס ערשטע מאָל די זאַך פון אַ טעאַטער, האָט געהייסן אַ ר י ס ט אָ ט ע ל ע ס [1]. אַפּילע פּראָסטע יידן זאָגן: קלוג ווי אַריסטאָטעלעס, — דאָס איז פאַר עטלעכע טויזנט יאָר געווען זייער אַ גרויסער וועלט־כאָכעם אין אַלע כאָכמעס פון דער וועלט. דער האָט עס געזאָגט: אַ טעאַטער איז אַ כיידער, וווּ מענטשן לערנען זיך ג ו ט, א ו ן פ ר ו ם, און ערלעך צו זייַן (דאַס טעאַטער איז די שולע דער טוגענד). אַצינדערט ווייסטו, מיכל, צו וואָס עס קומט זיך צונוץ, איאָ?“ דער שמועס ענדיקט זיך מיט איינער פון די וויכטיקסטע טענדענצן אקסענפעלדס, מיט אַן אָנגריף אַף רעבעס און כסידים. —

---

[1]) דידאַקטיקע מאָדנע האַסאָגע האָט אקסענפעלד מינאַסטאַמע געטומען פונעם פאַקט, וואָס אין טעאָרעטישע אָפּהאַנדלונגען וועגן טעאַטער פאַרופט זיך די אופקלערונג אָפט אַף דער פּאָעטיק פון אַריסטאָטעלעס.

אין זײַן װענדונג צום בילדונג־מיניסטער אין יאָר 1841 (זע „פילאָלאָגישע „שריפטן", בד. וו, װילנע 1928, ש. גינזבורג: נײַעס װעגן אקסענפעלדן", ז. 46) דערקלערט אקסענפעלד: „עס איז אלזאָ נייטיק געװוען אָנװענדן אַן אנדער מיטל (װי פון די העברעיִשע מאסקילים — מ. וו.), — שרײַבן אַפּ אזא שפּראַך, װאָס איז פארשטענדלעך דעם פּאָשעטן יידישן אוילעם, ארויסגעפינען קאָמישע און צוגלײַך באלערנדיקע געשעענישן פון װירקלעכן לעבן, צוציִען דעם לעזער מיט א מײַסע, אזוי אז אומעטום זאָל ארויסטרעטן דער עמעס, אָבער אין א פײַנער פאָרם פון אַן אינטערעסאנטער דערציילונג (געמיינט איז ניט דאפקע פּראָזע, ער רעדט װײַטער אויך װעגן זײַנע „דראמעס" און קאָמעדיעס"— מ. וו.). אָט די שװערע ארבעט האָב איך גענומען אַפּ זיך... די סאטירע, דידאקטיק און דערציילונג" מוזן זײַן צונויפגעבונדן, דעם אוילעם װעט אזוי ארום „קלאָר װערן זייער (די כסידימס —מ. וו.) װילדע צװיִעס, ער װעט מוזן דערפילן א פאראכטונג צו דער גאנצער כסידישער סעקטע און דערמיט װערט דערגרייכט מײַן ציל". זײַן „ציל" איז ניט געװוען א עסטעטיש־קינסטלערישע, נאָר א באװוסטזיניק געזעלשאפטלעכע אופגאבע. עטינגער באטאָנט אין זײַן פּראָספּעקט (זע עטינגערס כתבים, בד. ו, ז. XXVIII) אלס מאָטיװ פאר זײַן שרײַבן אין ייִדיש בלויז דעם פאקט, אז דאָס „געפעלט" אי דעם פּראָסטן אי דעם געבילדעטן לייענער — א ריין עסטעטישער מאָמענט. אקסענפעלד זאָגט אָבער קלאָר: „מײַן ציל איז ניט געװוען ארויסשטעלן זיך אלס פארפאסער (װאָרעם איך װאָלט דאָך געקענט שרײַבן אַפּ אַן אייראָפּעיִשער שפּראַך), נאָר בלויז צו ברענגען נוצן מײַנע ברידער, װאָס לײַדן אונטערן יאָך פון אָבערגלויבן (1842, זע גינזבורגס ארטיקל, ז. 61; פארגלײַך אויך די מאטעריאלן פון ש. באָראָװאָי „ביבליִאָלאָגישער זאמלבוך" פון אינסטיטוט פאר ייִד. קולטור אין קיִעװ, בד. ו זז. 93 — 103).

אויך זײַנע צײַט־כאװײרים און לייענער האָבן אזוי באנומען און פּאָרמולירט אקסענפעלדס „ציל". מיר זעען דאָס פון טוגענדהאָלדס בריװ פון יאָר 1840 (דאָרט, ז. 47—48) צו אקסענפעלדן, און פון דער האקדאָמע, װאָס די ארויסגעבער פון זײַן ליטעראַרישער יערושע שרײַבן צו דער „גענארטער װעלט" (1869): „אומעטום זעען מיר, װי דער מעכאבער לאכט אויס די אלע נארישע אָבערגלויבישע זאכן אָדער מינהאָגים, װאָס האָבן זיך מייעסװײַז צוגעקלעפּט מיט דער צײַט צום ייִדישן פאָלק, — אומעטום זעען מיר, װי ער גיט צו פארשטיין אלע פעלער און שלעכטע מידעס, װאָס האָבן זיך בא ייִדן מיט דער צײַט אײַנגעקאָרעניִעט". דאָס אייגענע כאזערט איבער לערנער אין זײַן בראָשור „Критический разбор etc". זייער אויספירלעך, כאָטש טאקע איבערגעטריבן, װײַל אין דער שײַן פון דער נאטוראליסטישער איבער־אוטיליטאריסטישער טעאָריע פּיסארעװס.

דער קאָמעדיען־זשאנר איז, הייסט דאָס, בא אקסענפעלדן ניט קיין רעזולטאט פון א באשטימט אָריִענטירטן עסטעטישן באדערפעניש, פון

א „קינסטלערישן אינסטינקט", נאָר ער האָט זיכ אימ רעקאָמענדירט אלס באזונדערס פאסיק פאר זייַן געזעלשאפטלעכער אופגאבע. לויט די ליטערארישע טראדיציעס אונ דער פאָרמאלער צוגעגרייטקייַט פונ דער ליטעראטור אונ שפּראכ האָט די קאָמעדיע געהערט צו די פאסיקסטע זשאנרען אפּ איבערצוגעבן פאראָדירנדיקע געזעלשאפט־קריטיק. זי האָט געהערט צו די פאסיקסטע דערציִערישע מיטלען, אלציינס צי מע האָט זי געזען געשפּילט אָדער נאָר בלויז געהערט לייענען. אכוצדעמ אָבער האָט די קאָמעדיע מיט אירע פאָרמאלע דערגרייכונגען צוגעגרייט די שפּראכ אונ די פאָרמעס פאר דער יידישער בעלעטריסטישער פּראָזע.

---

אקסענפעלדס פּיעסעס זייַנען ניט קיין קאָמעדיעס פונעמ פּאָעטיש געהויבענעמ קלאסישן אָדער פסעוודאָ־קלאסישן זשאנר, זיי געהערן אייגנטלעכ אויכ ניט צו דעמ זיסלעכן מינ פונ דער „ווייַנערלעכער קאָמעדיע", וואָס מישט אריין אינ די קאָמישע אויכ גוזמעדיק־פּאטעטישע עלעמענטן, כאָטש זייַנע פּיעסעס פארמאָגן יענע דאָזעס סאנטימענטאלישקייַט, וואָס די בירגערלעכע קאָמעדיע האָט לויט איר סאָציִאלער טענדענץ, לויט איר „דאָרשטיקייַט נאָכ בירגערלעכער גערעכטיקייַט" געמוזט האָבן. אפילע אינ דער טראגעדיע, ריכטיקער טראגיקאָמעדיע, „דער ערשטער יידישער רעקרוט" גייט אקסענפעלד ניט נאָכ נאָכ הויכע קלאסישע טראגיש־פּאטעטישע־אָדער קאָמיש־„ווייַנערלעכע" מוסטערן. פונ די אלע סאקאָנעס האָט אימ געראטעוועט זייַן שטייגערישער רעאליזמ.

זייַנע פּיעסעס געהערן צו דעמ מינ „מיעשטשאניש"־סאָכרישע, רירנדיק־קאָמישע פאמיליען־געמעלן אינ סצעניִשער פאָרמ, ווי מיר זעען עס אנ ערעכ (ניט וועלנדיק, פארשטייט זיכ, פארגלייַכן אינ קיינ שומ פראט דעמ טאלאנטגראד) אינ אָסטראָווסקיס פּיעסעס. אקסענפעלדס אומיטלבארע ליטעראַרישע מוסטערן זייַנען ק אָ נ ק ר ע ט נאָכ ניט אויסגעפאָרשט געוואָרן. מע וועט זיי אָבער דארפן זוכן ניט בא „ערשטקלאסיקע" פּאָעטן, נאָר דאפקע בא יענע צווייט־אונ דריט־ראנגיקע דייַטשע, רוסישע אונ עפּשער אויכ פראנצויזישע (איבערגעזעצטע) קאָמעדיעס־אונ וואָדעוויל־שרייַבער, וואָס פלעגן שטייגעריש שילדערן דאָס סאָכרישע פאמיליען־לעבן, פונ די שרייַבער, וואָס ציִען זייער טראדיציע ניט פונ דער commedia erudita, נאָר, אזוי צו זאָגן, פונ דער commedia dell' arte. עס האָט א פּאָנעמ, אז דער קאָצעבו־„טעאטער" האָט אפּ זייַן שאפן געהאט א באשטימטע ווירקונג. מע דארפ אויכ רעכענען, אז ער איז געווען באקאנט מיט א טייל יידישע טעאטער־שטיק אונ טעאטראלע געשפּרעכן, וואָס זייַנען ביז צו, אונ אויכ אינ, זייַן צייַט געשריבן געוואָרן פונ די מאסקילים (ווי לעווינזאָנס „העפקער־וועלט", עטינגערס „סערקעלע", גאָטלאָבערס „דעקטוכ"; די אנאָנימע „גענארטע וועלט" ווערט דאָכ

פונ אים דערמאָנט), כאָטש עס פילט זיכ ניט קיינ דײַטלעכע האשפאָע, סײַדנ עפשער אינ ווייניקער וויכטיקע פראָטים.

עס איז כאראקטעריסטיש פאר אקסענפעלדנ, ווי ביכלאל פאר דער עלטערער האסקאָלע אינ יידישער שפראכ, אז זיי האָבנ קיינ איינ איינציק מאָל ניט געפרווט געבנ קיינ „העלדישע“ פיגורנ, קיינ פאָעטיש־פאטעטישע טראגעדיע, אָדער דאָס וואָס די אריסטאָטעלישע פאָעטיק רופט אָנ געהויבענע אונ „פאטעטישע געשעענישנ“. דער יידישער האסקאָלע איז פרעמד די ווערדע־פולע קלאסיש־„וואזשנע“ גרויסארטיקע דערהויבענע טעמע. פונקט אזוי איז איר אויכ פרעמד די ביבלישע טעמע—וואָס איז געווענ דער אויסדרוק פונ קלאסיציזמ אינ דער העברעישער האסקאָלע. דאָס הענגט ניט אָפ פונ קענענ אונ פונ דער טאלאנט־מאדרייגע. אסאכ קלענערע דיכטערישע טאלאנטנ איידער אקסענפעלד האָבנ אינ דער עלטערער אונ יינגערער העברעישער האסקאָלע באהאנדלט דאפקע פאטעטיש־קלאסישע, לאכלוטנ ניט שטייגערישע געהויבענע טעמעס אינ אנ אנטשפרעכנדיקער דראמאטישער, פאָעטישער אָדער פראָזאישער פאָרמ. (פונ ד. פ. מענדעס, נ. ה. ווײַזל, מענדל ברעסלע, שמועל ראָמאנעלי, מ. לעטעריס — ביז צו די לעבענזאָנס, מאפו אונ ווײַטער). דערזעלבער גאָטלאָבער, וואָס האָט געשריבנ זײַנ יידישנ „דעקטוכ“, האָט אפ העברעיש געשריבנ פאטעטיש־פאָעטישע לידער אונ א פסעוודאָ־קלאסישע (לויט דער לוצאטאָ־טראדיציע) אלעגאָריע (תפארת לבני בינה), וואָס וואָלטנ אפ יידיש ניט מעגלעכ געווענ. דערזעלבער לעווינזאָנ, וואָס האָט געשריבנ „די העפקער־וועלט“ אונ „פורימ־שפיל אויסגערופנ אינ שול“, האָט אפ העברעיש געשריבנ פוסט־מעליצעדיקע, פסעוודאָ־קלאסיציסטישע לידער אונ היסטאָריש־אלעגאָרישע ניט־רעאליסטישע בילדער אינ פראָזע.

די סיבע ליגט דאָ ניט אינ דער שפראכ. צענדליקער יאָרנ שפעטער האָבנ אסאכ קלענערע טאלאנטנ ווי אקסענפעלד באהאנדלט אינ יידישע פיעסעס גאָר געהויבענע פאָעטיש־פאטעטישע מאָטיוונ (פונ גאָלדפאדנ ביז גאָרדינ אונ ווײַטער).

דאָרט, ווו דערזעלבער לעווינזאָנ נעמט זיכ צו ערנסטער שארפער געזעלשאפט־קריטיק, איז ער אויכ אפ העברעיש שטארק רעאליסטיש. דאָרט הערנ אופ אלע מעליצעדיקע כיינדלעכ. אזוי, לעמאָשל, אינ דעמ ביז גאָר שארפנ סאטירישנ פאסקוויל „תולדות פלוני אלמוני הכזבי“ (1851), אינ די סאטירעס „עמק רפאים“, „דברי צדיקים“, אינ דער ליד „בי־כסא“. דערבײַ דארפ מענ פעסטשטעלנ, אז דידאָזיקע רעאליסטיש־סאטירישע ווערק זענענ אפילע אינ שפראכלעכנ זינענ אסאכ נענטער צו דער יידישער שפראכ איידער צו דער העברעישער מעליצע. אינ „תולדות פלוני אלמוני הכזבי“ קאָנ לעווינזאָנ ניט אויסקומענ אָנ א יידישער צוגאָב („פורימ־שפיל אויסגערופנ אינ שול“). „דברי צדיקים“ איז געשריבנ אינ א מינ יידיש־העברעישנ זשארגאָנ, ווו עס ווימלט פונ יידישע ווערטער אונ זאצנ אונ ווו די העברעישע זאצנ גופע זײַנענ ווערטלעכ אונ אומגראמאטי־

קאליש איבערגעזעצט דירעקט פון ייִדיש, אפּ א „געבראָכענעם" כסידיש־העב־רעיִש ווערט איבערגעגעבן („דברי צדיקים" אינ „ילקוט ריב"ל, זז. 144—149) א ייִדישער שמועס מיט אלע קנייטשן און שטיק (ענלעך ווי אינ „מגלה טמירין").

ניט די שפּראַך האָט גוירעם געווען די שטייגערישקייט און די „וואָכע־דיקייט" פון אקסענפּעלדס טעמאטיק און נוסעך, נאָר פּארקערט, דער כאראקטער פון דער געזעלשאפטלעכער אופגאבע האָט אָנגעוויזן דער יונגער רוסיש־ייִדישער האסקאָלע אינ וועלכער שפּראַך זי דארפ שרייַבן, נאָך וועלכע ליטע־ראַרישע טראַדיציעס און מאנירן זי דארפ נאָכגיינ, אויב זי וויל רעאליזירנ איר געזעלשאפטלעכע פונקציע. די ייִדישע האסקאָלע־ליטעראטור האָט אָפּ ט אויסגעדריקט אנדערע סאָציִאלע גרופּעס און שטענדיק זיך געווענדט צו אנדערע גרופּעס פון בירגערטום ווי די העברעיִשע האסקאָלע. לויט איר גאנצנ מעהוס האָט די ייִדישע האסקאָלע געמוזט זייַנ וואַ־כיקער און פּילבארער באַם קאָנטראָלירנ דיווירקזאמקייַט פון אירע ליטעראַ־רישע מיטלענ. דאָס שרייַבנ ייִדיש — איז געווענ דער אויסדרוק פונעם ווילנ צו ווירקנ אפּ ברייטערע שיכטנ און זיך צוצופּאסנ צו זייערע ליטעראַריש־קול־טורעלע מיטלענ און אופנעם־מעגלעכקייַטנ. דאָס אָנקומענ צו העברעיִש איז שוינ גופע געווענ א ראָמאנטישער שטריכ, א מינ אנטלויפנ פון לעבנ.

לעווינזאָנ דערקלערט וועגנ ייִדיש: „... און דידאָזיקע שפּראַך, וואָס מיר ריידנ אינ דעם לאַנד, די א. ג. ייִדיש־דייַטשע שפּראַך, וואָס מיר האָבנ אנטליגנ פון די דייַטשנ — איז א פארדאָרבענע ביז גאָר... דערצו נאָך קלעקט ניט די־דאָזיקע שפּראַך נאָר בלויז פאר האמוינישע זאכנ און פאר פּראָסטע שמועסנ, און אזוי באלד מיר ווילנ אָנרופנ א באגריפ פון די דערהויבענע זאכנ ווערנ מיר שטום. צי איז דאָס ניט אזוי?" („תעודה בישראל", ווארשע, 1778, ז. 33—34). עס איז אָבער קלאָר, אז גראָד דידאָזיקע „באגריפנ פון די דער־הויבענע זאכנ" זייַנענ אינ יענער צייַט און אינ יענער סוויווע געווענ און האָבנ געמוזט זייַנ „פּוסטע מעליצעס וועגנ העכסט באטלאָנישע זאכנ"; און גראָד דאפקע „די האמוינישע זאכנ און די פּראָסטע שמועסנ" לעמאָשל טאקע פון לעווינזאָנענ גופע, אשטייגער, זייַנ „העפקער־וועלט", זייַנענ געווענ דאָס סאמע „דערהויבנסטע", פּאָרשריטלעכסטע, לעבעדיקסטע, אינטערעסאנטסטע פון זייַנ גאנצנ שרייַבנ. אפּ העברעיִש האָט מענ געקענט מאכנ דערהויבענע אָבער אומנוציקע האווייַעס, אפּ ייִדיש האָט מענ געקענט און געמוזט ריידנ קלאָרע רייד וועגנ ברענענדיקע איניאָנים.

אפּ העברעיִש, דער פּסעוודאָ־„נאציִאָנאלער" שפּראַך, האָט מענ נאָך געקענט הומאניסטיש „קאָנסערווירנ", „קולטיווירנ", ווירקנ צווישנ א דינעם שיכט פאר־קריפּלטער אינטעליגענצ פון קלויזניקעס, באטלאָנים און ביכלאל מענטשנ, וואָס זייַנענ שוואך געווענ פארבונדנ מיטנ פּראָדוקטיוונ לעבנ, מיטנ האנדל און מיט דער געזעלשאפטלעכקייַט. דאָס אלצ האָט מענ געקענט און געמוזט

טונ אינ דער פאָרמ פונ עפּיגאָנישער פּסעוודאָ־קלאסיק אָדער ראָמאנטיק; פארנ פרישנ אופרײַסנדיקנ שטרעבנ פונ בירגערטומ איז דער סאָציִאל ניט זײַער דײַטלעכער, כאָטש קלײנבירגערלעכער, קלויזניק־אפּיקוירעס, דער לײע־נער פונ העברעיִש, געוועננ טויבלעכ. האָט זיכ דעריבער די העברעיִשע האסקאָלע געקענט פּלאָנטערנ אינ פּסעוודאָ־קלאסיציסטישע אָדער אינ פּסעוו־דאָ־ראָמאנטישע טראדיציעס זײַט איר אָנהייב ביז קימאט צומ סאָפ 19 יאָרהונדערט. פונ קאסריִלעווקער שפּינגעוועבס האָבנ קלויזניקעס צוניפּ־געקלעפּט זײערע בוטאפאָרישע העראָענ. די ייִדישע האסקאָלע איז באלד פונ איר אָנהייב אָנ געשטויסנ געוואָרנ דורכ דער אנטשיידנדיקער דײַטלעכקײַט פונ איר אופגאבע צו די פאָרמעס אונ מאנירנ פונ דער טיפּישער בירגערלעכער ליטעראטור, צו די קאָמיש־סאטירישע וואָכעדיק־שטייגערישע, כאָטש סאנטי־מענטאלע, ליטערארישע מיטלענ, סײַ אינ דער פּיעסע, סײַ אינעמ ליד אונ סײַ דער פּראָזע.

דעריבער איז דער יונגער ייִדישער האסקאָלע פרעמד געוועננ די אייגנטלעכע קלאסישע טראגעדיע, פונקט אזוי ווי ס'איז איר פרעמד געוועננ די קאוואָנע צו וועלנ אנטוויקלענ אינדיווידועלע איינמאָליקע „שטארק פסיכאָלאָגישע" אָדער „העלדישע" כאראקטערנ. זי איז אויסנ געוועננ צו שילדערנ כאראקטער־טיפּנ, מוסטערנ פונ גאנצע געזעלשאפטלעכע גרופּעס, „שטאנדנ" (דידעראָ) אונ זײער אופירונג אינ א באשטימטער סיטואציע, בא באשטימטע באדינגונגענ. אינ די פּיעסעס פונ די ייִדישע מאסקילימ, פונקט ווי ביכלאל אינ דער טיפּישער בירגערלעכער קאָמעדיע פונ דער אופקלער־צײַט, אנטוויקלט זיכ די סיטואציע ניט דעריקער פונ די כאראקטערנ (ווי, לעמאָשל, אינ די טראגעדיעס פונ שעק־ספּירישנ טיפּ), נאָר די כאראקטערנ באווײַזנ זיכ מיט דער הילפ אונ בא דער געלעגנהײַט פונ א סיטואציע, לויטנ באוווסטנ אריסטאָטעלישנ פּרינציפּ („פּאָע־טיק", קאפּ. V). די בירגערלעכע געזעלשאפט־קריטיק איז פארינטערעסירט אונ־טערצושטרײַכנ די ראָל פונ די באדינגונגענ, אקעגנ וועלכע זי קעמפט, אונ איז ניט פארינטערעסירט צו דעטערמינירנ (ווי אינ דער פּסיכאָלאָגישער כאראקטער־טראגעדיע אָדער כאראקטער־קאָמעדיע) די טאטנ אונ פּאסירונגענ פונ א מענטשנ דורכ זײַנ פּסיכאָלאָגישנ כאראקטער. אקטיווע פּעריִאָדנ לייגנ אינ דער ליטע־ראטור מער דעמ טראָפּ אפ דעמ, וואָס עס ווערט געטונ אונ אפ דעמ וואָס סע פּאסירט (אפ דער אקציע) איידער אפנ כאראקטער־פּסיכאָלאָגישנ „פּארוואָס". אינעמ טעאטער — כאזערט לעסינג איבער, ווי אינ אסאכ אנדערע פּראָטימ אונ ווי די אופקלערער טוענ עס אָפט, דעמ באוווסטנ אריסטאָטעלישנ פּרינציפּ — דארפנ מיר ניט לערנענ, וואָס דער אָדער יענער איינצלנער מענטש האָט געטונ, נאָר וואָס יעדער מענטש מיט א באשטימטנ כאראקטער וועט טונ בא באשטימטע געגעבענע אומשטאנדנ[1]. די הויפּטזאכ אינ דער קאָמע־

[1] לעסינג: Hamburgische Dramaturgie. Neunzehntes Stück

דיע — זאָגט דידעראָ — איז ביז איצט געווענ דער כאראקטער; דער שטאנד — א צופעליקע זאכ. איצט אָבער מוז דער שטאנד ווערנ די הויפּטזאכ אונ דער כאראקטער דאָס צופעליקע[1].

פונדאנענ נעמט זיכ בא אקסענפעלדנ דאָס שטארקע באטאָנענ די פאבולע, די אקציע, די סיטואציע אונ די באדינגונגענ. די אופקלערערישע בירגערלעכע ליטעראטור־טעאָרעטיקער האָבנ שטענדיק אונטערגעשטראָכנ דעמ אריסטאָטעלישנ פרינציפּ וועגנ פרימאט פונ דער פאבולע אונ אקציע (דידעראָ, לעסינג). אינ דער באוועגונג פונ דער פאבולע אונ דער אקציע איז די בירגערלעכע קאָמעדיע פונ אנדערער העלפט 18 ביז אָנהייב 19 י״ה פרייַ אונ האָפערדיק. זי באגרענעצט זיי ניט נאטוראליסטיש, אבי זיי אנטשפרעכנ, זאָל זייַנ נאָר דער ווייַטער ווארשייַנלעכקייַט אונ מעגלעכקייַט. זי שעמט זיכ ניט מיט די פאָלקסטימלעכע לוסטשפּיל־מיטלענ: מיט פארשטעלענישנ, אָפּנארענישנ, אומגעריכטע פאסירונגענ, פארבייַטונגענ, מיספארשטייענישנ אונ אפילע מיט וואָדעוויל־בופאָנישע שטריכנ (די א. ג. Lazzi).

דאָס אלעס וועלנ מיר בא אקסענפעלדנ געפינענ אינ א סאכ א ברייטערער מאָס ווי בא עטינגערנ, ניט בלויז דערפאר, ווייַל ער איז געווענ ווייניקער קינסטלעריש פילבאר אונ פעיִק צו א געשמאקפולנ קאָנטראָל פונ מיטלענ (נאיִווע וולגאריזירונגענ פעלנ טאקע ניט בא אקסענפעלדנ), נאָר דעריקער דערפאר, ווייַל עטינגער האָט לויטנ סאָציאַלנ מעהוס פונ זייַנ שאפנ זיכ מער ווי אקסענפעלד געקענט אָריִענטירנ אפ די פורעמפולע מוסטערנ פונ דער קלאסישער מאָליער־טראדיציע, אפילע ווענ ער האָט זייַנ פאבולע גענומענ פונ צווייט־ראנגיקע קוואלנ. „סערקעלע“ אָריִענטירט זיכ סאָפּקאָלסאָפּ אפ מאָליערס „טארטיפ“, וואָס איז אינ דער אייראָפּעיִשער ליטעראטור שוינ זייַט לאנג קאָמבינירט געוואָרנ מיטנ „בירגער אלס אדליקער“ אונ אויסגענוצט געוואָרנ אפ פרויענפיגורנ; „דער פעטער פונ אמעריקע“ — אפ פיקארס, מאָליערס א נאָכגייערס, קאָמעדיע, וואָס שילער האָט איבערגעארבעט אונטערנ טיטל Der Neffe als Onkel; אינ זייַנע לידער אונ מעשאָלימ — אפ פארשידענע קלאסישע מוסטערנ. לויט זייַנע סאָציאַלע קאוואָנעס, אונ מעמיילע וואָס שייַעכ דער מעגלעכקייַט זיכ אָפּצוגעבנ צו קלאסישע עסטעטישע פאָרמעס, איז עטינגערס סיטואציע געווענ אסאכ ענלעכער צו דער סיטואציע פונ די העברעיִשע מאסקילימ איידער אקסענפעלדס.

אינ אקסענפעלדס פיעסעס איז די אקציע דערפינדונגס־רייַכער, קאָמבינירטער אונ טאקע אויכ נאיִווער צוגעטראכט איידער בא עטינגערנ, ווו זי איז ווייניקער א „זעלבסטצוועק“ אונ מער אונטערטעניק געמאכט דעמ צוועק אפ צו באווייַזנ כאראקטערנ. די ליטעראטור פונ די העכערע אנטוויקלטערע שיכטנ בירגערטומ, וואָס פילנ זיכ שוינ סאָציאַל אונ עקאָנאָמיש זיכערער אונ פעסטער

[1] אינ די Entretiens צו זייַנ Le fils naturel (1757)

אין זייער סיטואציע, הייבט אָן צו באווייַזן א גרעסערע נעטיִע צו פסיכאָלאָגישער כאראקטער־שילדערונג, כאָטש טאקע נאָך אלץ פון טיפּן און „שטאנדן“ (און ניט פון „איינמאָליקע אינדיווידן“). זי קען זיך מיט מער נאָכגעביקייַט און מילדקייַט באציִען אפילע צו די קריטיקירטע נעגאטיווע פיגורן. באווייַזן אָביעקטיוו „כאראקטערן“ הייסט, זיך באמיִען זיי „צו פארשטיין“, צו באנעמען — און אין א באשטימטער מאָס מעמיילע „מויכל צו זייַן“.

בא דער פולשטענדיקער קאָנסאָלידירונג פון א קלאס, בעייס ער קומט אָן צום הויכ־פּונקט פון זייַן אנטוויקלונג און די פריִערדיקע נויטווענדיקייַט פון קריטיק איז שוין ניט מער אזוי שארפ אקטועל, דערפירט דידאָזיקע אנטוויקלונג אין דער ליטעראטור צו א שטאנדפונקט, וואָס שילדערט „דאָס לעבן אזוי ווי עס איז“, ניט זייַענדיק פארינטערעסירט עס איבערצומאכן. „די דאָרשטיקייַט נאָך גערעכטיקייַט“ איז שוין אין א באשטימטער מאָס באפרידיקט. פון דערדאָזיקער נאָכגעביקייַט און מילדקייַט הייבן מיר שוין אָן צו פילן באשטימטע שטריכן בא עטינגערן, דעם פאָרשטייער פון קאָנסאָלידירטערע פעסטערע בירגערלעכע שיכטן. דער אקטיוו־קריטישער אימפעט איז בא אים אסאך שוואכער איידער בא אקסענפעלדן, דעם פאָרשטייער פון ווייניקער פארפעסטיקטע בירגערלעכע שיכטן, וואָס דארפן נאָך קעמפן פארן אָרט, וואָס סע קומט זיי. עטינגער איז שוין מער א *שילדערער*, אקסענפעלד מער א *דערווייַזער*. ער איז מער אויסן. ער דארף נאָך אסאך *דערווייַזן*, אי די פאקטן, אי די באדינגונגען און דעריקער ניט בלויז דאָס וואָס *ס'איז*, נאָר ווי *ס'דארף זייַן*. דעריבער לייגט ער דעם טראָפּ, ווי מיר זעען דאָס שטענדיק אין דער דראמע פון אן אָנהייבנדיקער בירגערלעכער באוועגונג, אפ דער סיטואציע, אפ די באדינגונגען (דידעראָ: Les conditions). די פאבולע באוועגט זיך ניט לויט דעם כאראקטער פון די פארשוינען, נאָר פארקערט, די אקציע פון די פארשוינען ווערט באוועגט לויט דער פאבולע, און די פאסירונגען — לויט די באדינגונגען פון דער געזעלשאפט און דער סיטואציע. אין א געוויסער מאָס נעמט זיך פונדאנען די ביז גאָר שוואכע פסיכאָלאָגיע פון זייַנע פיגורן, וואָס פארוואנדלען זיך אָפט אין קימאט האמעטנע כאראקטער־מאסקעס פאר גאנצע „שטאנדן“. אָט־אָ די באוווסטזיניקע נעטיִע צו שילדערן „די באדינגונגען“ מוז פירן אין א באשטימטן אנטוויקלונגס־עטאפ צו דער שטייגערישער זשאנר־מאָלערייַ. —

אָבער אזוי רעאליסטיש ווי אקסענפעלד איז אין שטייגערישן מאָלן — אזוי ווייניק רעאליסטיש איז ער (אין שטרענגן זין פון וואָרט) וואָס שייַך דער פאבולע און דער אינטריגע. דאָס איז אויך א שטריך פון דער אָנהייבנדיקער בירגערלעכער דראמע. אין דעם פראט איז ניט פאראן קיין גרויסער כילעק צווישן עטינגערן און אקסענפעלדן. די פאבולע, די אינטריגע, דארף זייַן אויסערגעוויינלעך, קעדיי צו דערווייַזן אין איר אויסערגעוויינלעכער שייַן די גע־

גליווערטע זומפּיקע ווירקלעכקייט און אירע באַדינגונגען. די בירגערלעכע דראַמע באַמיט זיך ניט באַזונדערס אַרויסצוגעפינען „נאַטירלעכע" פּראָסטע פאַבולעס. פאַרקערט, זי באַנוצט שטענדיק אַ באַגרענעצטן קרייַז פון באַשטימטע טראַפּאַרעטיש צוגעטראַכטע „אויסערגעוויינלעכע" פאַבולעס־פּאַסירונגען, וואָס זייַנען פּאָפּולער אינעם „פּאָלקסטימלעכן" שפּיל, אָדער לויט דעם נוסעך פון סטיליזירטן און ראַפינירטן וואָדעוויל [1]). די אויסערגעוויינלעכקייַט פון די פּאַסירונגען, וואָס דאַרפן אויפרייַסן די געגליווערטע באַדינגונגען, פּאַסן צו די האָפּערדיק־נאַיִווע דערוואַרטונגען און האָפענונגען פון אַ פרישן אָנהייבנדיקן קלאַס, וואָס לעבט נאָך דערווייַל אין גראָער באַגרענעצטער וואָכעדיקייַט. פילנדיק דעם קומענדיקן איבערבראָך, ווייסט ער נאָך ניט די רעאַלע גרענעצן פון די ענדערונגען, וואָס דאַרפן קומען, און האָט ליב זיך פאָרצושטעלן אומבאַגרענעצטע נאַיִווע גליקלעכע (אַמאָל אויך אומגליקלעכע) צופאַלן און פּאַסירונגען, וואָס וועלן איבערקערן זייַן באַגרענעצטן זומפּיקן שטייגער.

די פאַבולע, די אינטריגע אין אַקסענפעלדס פּיעסעס איז ניט קיין „אומעגלעכע", זי איז ניט דורכויס אומוואַרשייַנלעך. אַקסענפעלד באַמיט זיך זי צו מאַכן וואַרשייַנלעך און מעגלעך. זייַן פאַבולע איז אָבער ניט גענומען פונעם פּראָסטן טיפּישן שטייגערישן לעבן. זי איז אויסערגעוויינלעך, בויט זיך אָפּ זעלטענע פּאַסירונגען. אין די ראַמען פון דער אַנטשפּרעכנדיקער טראַפּאַרעטישער „סיוזשעטיק" זייַנען די אינטריגעס אין אַקסענפעלדס פּיעסעס דערפינדונגס־רייַך און זייער פלינק אויסגעפירט, אין העסקעם צו זייַן רעאַליסטישער טענדענץ, ביכלאַל אָבער זייַנען זיי אין טאָך ניט רעאַליסטיש, ניט קיין ט י פּ י ש ע פּאַסירונגען, נאָר צופעליקע, אומגעוויינלעכע. עס איז ניט טיפּיש, אַז אַ נאַכמען דער גרויסער זאָל זיך פון גרויס ליבע אָפּגעבן אַליין און פרייַוויליק אין סאָלדאַטן, און נאָך וויניקער, אַז אַ פרומעלע זאָל צוליב דעם שטאַרבן פון האַרצווייטיק א. א. וו. די אינטריגע אין דער „געגנאַרטער וועלט" מיט דער פאַנטאַזיעפולער שיידים־אָפּנאַרערייַ האָט אין דעמאָלטיקן שטייגער קיינמאָל ניט געקענט פּאַסירן. די קאָמפּליצירטע צופאַלן אין „מאַן און ווייַב" זייַנען קימאַט אַוואַנטיוריסטיש א. א. וו.

עס איז פאַראַן אַ לאָגישער צוזאַמענהאַנג, אַ סיבעסדיקע אַנטשפּרעכונג צווישן דער פּעריפּעטיע און דעם אויפן ווי די פיגורן רעאַגירן אַף דער פּעריפּעטיע. עס איז אָבער נ י ט פאַראַן קיין אָרגאַנישער לאָגיש־צווינגענדיקער צוזאַמענהאַנג צווישן די צוגרייטונג־סצענעס און דער פּעריפּעטיע, דער סיוזשעטישער אינטריגע. די פיגורן האַלטן זיך אַזוי ווי זיי דאַרפן זיך האַלטן

1) פאַרגלייַך, אַגעוו, די טעמע פון „מאַן און ווייַב" מיט גריבאָיעדאָווס וואָדעוויל „Кто 6рат, кто сестра". דער אינצעסטועזער טראַגישער מאָטיוו פון דער אַנטיקע איז אין אייראָפּע שוין לאַנג פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קאָמעדישן און אַפילע וואָדעווילישן סיוזשעט. אַף אַזאַ אויפן ווערט דידאָזיקע טעמע אויסגענוצט אויך אין „שטערנטיכל".

אין די סיטואַציעס פון אַזעלכע אינטריגעס, די סיטואַציעס און אינטריגעס זײַנען אָבער ניט קיין אַבסאָליוט־סיבעסדיקער פּויעל־יוצא פון זייער אויפירונג, פון זייער „כאַראַקטער".

דידאַקטישע „אינטריגעס" שטאַמען פון טריוויאַלן לוסטשפּיל מיט זײַנע אומבאַגרונעצטע מעגלעכקײַטן. די סכעמע איז: אַ ליבע ווערט געשטערט פון אייגענע צוליב עקאָנאָמישע אָדער ייִכעס־מאָטיוון, אָדער פון אַ זײַטיקן צוליב אייפערזוכט. כיטרע שטיק פון די פאַרליבטע און זייערע העלפערס, אָדער אַ מאַכטיקער קאָרעוו, וואָס דערשײַנט פּלוצים צופעליק און אומגעריכט פון דער פרעמד, לייזן און בינדן אויף די קאָמפּליקאַציעס, וואָס ענדיקן זיך בײַ אַ קאָמעדיע (שוישפּיל) גוט, בײַ אַ דראַמע אָדער מעלאָדראַמע און טראַגיקאָמעדיע— טרויעריק. די אומגעהאָפטע, אומגעריכטע גליקלעכע צופאַלן און פּאַסירונגען באַטײַטן אָבער אין דער בירגערלעכער פּיעסע גאָר עפּעס אַנדערש ווי אין פריִערדיקן עלטערן פאָלקסטימלעכן פאַרס. דאָרט איז דאָס אַ שפּיל פון דער פאַנטאַזיע, אַ ווונטש, וואָס האָט ניט קיין אויסזיכטן פאַרווירקלעכט צו ווערן, ווי פאַנטאַסטישע גליקלעכע פּאַסירונגען אין דער פאָלקסמײַסע. דאָ אָבער האָט די אוואַנטיוריסטישקײַט גאָר אַן אַנדערן באַטײַט, אַן אַנדערע פונקציע. אַן אָנהייבנדיקער קלאַס הייבט זיך אָן קלאָר ווערן איבער זײַנע מעגלעכקײַטן און איז דערווײַל אַף אַ נאַיִוון אויפן מעגאַזעם, דערוואַרטנדיק אומגעריכטע גליקן.

———

די קאָמפּאָזיציאָנעלע סטרוקטור פון אַקסענפעלדס פּיעסעס ווײַזט אומעטום בײַ אַ באַשטימטן פונקט אַן אייגנאַרטיקן שאַרפן איבערבראָך, דאָרט ווו עס הייבט זיך אָן די אייגנטלעכע „פּעריפּעטיע". ביז צו דעמדאָזיקן פונקט האַלט די קאָמפּאָזיציע אין איין אָנוואַקסן, בײַ דעם פונקט אָבער ברעכט זי זיך איבער און עס הייבט זיך אָן אַ דערציילן אַף צוריק, רעטראָספּעקטיוו. די אַקציע, וואָס קומט דאַן נאָך פאָר, איז בלויז אַ פינאַלישע, זי אַנטוויקלט מער גאָרנישט.

די קאָמפּאָזיציע שטראָמט ניט אויס ביז צו סאַמע סאָף, דער הויך־פונקט פאַלט ניט צונויף מיטן פינאַל, אין דער מיט ברעכט זיך די קאָנסטרוקציע קונציק איבער, דער הויך־פונקט ווערט ניט געוויזן — ער ווערט איבערגעהיפּט און אין אַ קומענדיק בילד צוריקוקנדיק *דערציילט* און פאַרענדיקט מיט אַ פינאַל פון אַן עפּילאָגישן כאַראַקטער. אַקסענפעלד הייבט אָן זײַנע פּיעסעס מיט ברייטע זשאַנער־שילדערונגען אין אַ שטייגער־קריטישער פלאַן, זיי דאַרפן דינען ווי אַ פאָן פאַרן סיוזשעט און דער אינטריגע. אָבער דאָרט, ווו דער סיוזשעט הייבט זיך אָן צו צעוויקלען, הערט פּלוצים אויף דער גלײַכער קאָמפּאָזיציאָנעלער שטראָם און ברעכט זיך איבער. דער דידאַקטישער מאָמענט פון דער אינטריגע רײַסט אויף דעם סטרוקטורעלן גאַנג. די סטרוקטור ברעכט זיך דאָרט, ווו דער שטייגער ווערט אויפגעריסן דורך דער אומגעוויינלעכער אינטריגע.

אינ „ערשטנ יידישנ רעקרוט“ וואקסט אָנ די אקציע ביז צום אכטנ בילד, אינ אכטנ בילד אָבער ברעכט זיכ די אקציע אונ זי ווערט דערצײלט (דורכ כאנציִנ) אפ צוריק. דער טראגישער פונקט (פּרומעלעס טויט) איז דאָ ניט קיינ רעזולטאט, וואָס איז אָנגעוואקסנ אינ מעשעכ פונ דער גאנצער קאָמפּאָזיציע (פּרומעלע קומט פריִער אינ דער פּיעסע ניט פאָר), נאָר אנ עפּילאָגישער צוגאָב (כאָטש דאָס איז טאקע לויטנ מעכאבערס קאוואָנע א זייער וויכטיקער מאָמענט). אינ דער „געגנארטער וועלט“ גייט דער קאָמפּאָזיציאָנעלער אָנוווּקס ביז צום אכטנ סצענישנ קאפּיטל, פונדאנענ אונ ווײַטער הייבט זיכ שוינ אָנ דער רעטראָספּעקטיווער באריכט, כאָטש טאקע אויכ סצעניש זייער פלינק ארראנזשירט. אינ „מאנ אונ ווײַב“ גייט דער אָנוווּקס ביז צו דער פערטער סצענע פונ צווייטנ אקט, אינ „קאפּצנ־אוישער־שפּיל“ גאָר ביז צום צווייטנ אקט — אונ דערנאָכ א רעטראָספּעקטיווער אונ לייזנדיקער באריכט. דאָס אייגענע זעענ מיר אפילע אינעם פּראָזאיִשנ „שטערנטיכל“ (פונ קאפּ. 10 אָנ). אקסענפעלד דערצײלט ביז צו א געוויסנ פּונקט, דאנ האקט ער איבער, שפּרינגט אריבער איבערנ הויכ־פּונקט אונ דערצײלט צוריקוקנדיק דאָס פעלנדיקע. ער פארקירצט דורכ דער רעטראָספּעקטיווער מאניר. ער וויל איבעראשנ — אָבער די אומגעווינלעכע צופעליקײַטנ וויל ער ניט ברענגענ בעהאדראָגעדיק אונ דירעקט אפ דער סצענע. דעם רעאליסט איז מער ניכע געשפּרעכמעסיק צו דערצײלנ די אומגעוויינלעכע פּאסירונגענ איידער זיי אויסבויענ אפ דער סצענע. אינ דער דערצײלונג קענ מענ זיי פּראָסטער אונ וואַרשײַנלעכער מאכנ [1]. באקומענ זיכ בלויז די רעזולטאטנ פונ די אומגעווינלעכע פּאסירונגענ. אינ דער אומדירעקטער פאָרמ פונ באריכט פארלירנ זיי אסאכ פונ זייער האמעטנעם כאראקטער אונ פאָרט בלײַבט דאָס, וואָס אקסענפעלד דארפ נייטיק האָבנ: די שפּאנונג אונ די איבעראשונג. דער לייענער אָדער צוקוקער זאָל פארכידעשט ווערנ. ער טאָר ניט ויסנ פונ אָנהייב, וואָס ווײַטער וועט זײַנ. מע מוז אים אָפּטמאָל פארכידעשנ אונ אזוי ארום אים ווירקזאמ ארויסרײַסנ פונעמ צוגעווינטנ שטייגערישנ געדאנקענגאנג.

די פעריפּעטיע, די איבעראשונג בויט אקסענפעלד, לויט די ליטערארישע טראדיציעס, נאָכ וועלכע ער גייט, מיט דער הילפ פונ די „פאָלקסטימלעכסטע“, פּראָסטסטע לוסטשפּיל־מיטלענ: פארשטעלענישנ, דערקענונגענ, פארשוינענ־פארבײַט; אומגעריכט אונ צופעליק קומענ צוריק פארשוינענע פונ דער פרעמד

[1]) די „דרײַ איינהײַטנ“ פונ דער קלאסישער פּאָעטיק ווערנ געווינלעכ פונ אקסענפעלדנ איגנאָרירט. ניט נאָר די „איינהײַטנ“ פונ צײַט אונ אָרט, נאָר אפילע פונ האנדלונג. דער שטייגערישער רעאליזם פונ אקסענפעלדנ באפרײַט זיכ אינגאנצנ פונ דערדראָזיקער קלאסישער טראדיציע. לעהייפּעכ צו עטינגערנ, וואָס היט אָפּ די איינהײַט פונ צײַט אונ האנדלונג אונ לעהייפּעכ צום אנאָנימענ מעכאבער פונ דער „געגנארטער וועלט“, וואָס היט שטרענג אָפּ אלע דרײַ איינהײַטנ. אויכ די אײַנטיילונג פונ דער פּיעסע באהאנדלט אקסענפעלד פרײַ, אמאָל סטאמ אינ בילדער אונ „כאלאָקימ“, אמאָל אינ אקטנ, אָבער דורכויס „אומקלאסיש“ — אינ צוויי אקטנ.

אונ בינדנ אופ פארוויקלטע סיטואציעס. אומגעריכטקייטנ שפילנ דאָ ביכלאל א ראָל. די באליבטע אומגעריכטקייטנ פונ עלטערנ פאָלקסטימלעכנ טעאטערשטיק באקומענ אינ די אויגנ פונ נייעמ קרעפטיקנ קלאס רעאליטעט אונ מעגלעכקייט. דאָס לעבנ הייבט פאר אימ אָנ שטראָמענ מיט אומגעריכטקייטנ. די דערשיינונג פונ בירגערלעכנ פארוועניו גיט דער פאנטאזיע פונ די בירגערלעכע מאסנ די פאָרשטעלונג וועגנ אומגעריכטע גליק־צופאלנ, וואָס הייבנ אָנ אריינגיינ אינ געדער פונ מעגלעכקייט: גיכ רייכ ווערנ אינ דער פרעמד דורכ האנדל, דורכ צאוואָעס, יערושעס פונ רייכע פארלוירענע עלטערנ אונ קרויווימ, דורכ רייכע כאסענעס א. א. וו. — די פארפונדעוועטקייט פונ די יונגע אָנגעזאמלטע קליינע פארמעגנס פונ מיטל־ אונ קליינבירגער איז אָבער נאָכ שוואכ, די מעגלעכקייט צוריקצופאלנ אינ אָרעמקייט איז גרויס, אומגעריכטע אומגליקלעכע צופאלנ שפילנ דאָ ניט קיינ קלענערע ראָל ווי די גליקלעכע צופאלנ („קאפצנ־אוישערשפיל"). די סצענישע אָפשפיגלונג פונ דעמ פאקט איז א וויכטיקער שטריכ אינ דער יידישער דראמאטישער ליטעראטור פונ יענער צייט אונ גיט מאטעריאל פאר קאָמישע סיטואציעס, אינ וועלכע עס ווערט אָפגעלאכט פונעמ „ניט־מאָראלישנ" פארוועניו (אינ „סערקעלע", אינ אקסענפעלדס פיעסעס א. א. וו.). געוויינלעכ איז דערדאָזיקער כויזעק אפנ פארוועניו ניט קיינ ביטל פונ א פארמעגלעכנ קלאס אָדער שיכט צו א וויניקער פארמעגלעכנ, נאָר דער אויסדרוק פונ קאמפ צווישנ פארשידענע עקאָנאָמישע גרופעס אינ איינעמ אונ דעמזעלבנ שיכט. דעריקער אָבער איז דאָ: דער בירגער וויל אופדעקנ די באדינגונגענ, ער וויל באטאָנענ די פארשידענע ברייטע מעגלעכקייטנ, וואָס זיינענ פאר אימ אָנגעגרייט. —

לערנער, וואָס טייטשט אויס אקסענפעלדס רעאליזמ — ווי נאטוראליזמ, מוז זענ אינ דער פאבולע אונ אינטריגע פונ אקסענפעלדס פיעסעס אנ אָפווייכונג אונ ניט־אויסגעהאלטנקייט: א האנאָכע צומ ליטערא־יישנ צייט־געשמאק אונ צו דעמ געשמאק פונ די פרימיטיווע לייענערס. לערנער זאָגט: „...די ווערק פונ ה. אקסענפעלד צייכנענ זיכ אויס אויכ דערמיט, וואָס ניט נאָר זיי אונטערהאלטנ דעמ לייענער פונ דער ערשטער זייט אָנ אונ שפאנענ זיינ נייגעריקייט אונ זיינ באגערנ צו וויסנ, נאָר זיי האלטנ אימ אויכ אינ אזא געשפאנטנ צושטאנד ביז צומ סאמע סאָפ, ווי אנ אָרוועס אפ דער אויסגעקוקטער לייזונג. אינ אלע זיינע בעלעטריסטישע אונ דראמאטישע ווערק פילט זיכ א באזונדערע באמיִונג איבערצוגעבנ די פאקטנ אפ אזא אויפנ, אז נאָר דער סאָפ זאָל קענענ דערקלערנ דעמ מעהוס פונ גאנצנ איניענ אונ צונישטמאכנ טרעפעניש פונ כריפעסדיקנ לייענער. מע מוז מודע זיינ, אז דאָס דערגייט אמאָל בא אימ ביז צו אומווארשיינלעכקייט פונ די פאסירונגענ; אָבער מיר קענענ אימ פארטיידיקנ דערמיט, וואָס אינ דער צייט פונ זיינ ליטערארישער טעטיקייט האָט דידאָזיקע מאניע געהערשט קימאט אינ אלע אייראָפעיִשע ליטעראטורנ. נאָכ ריכטיקער וועט זיינ צו זאָגנ, אז ווייל ער האָט באשטימט זיינע ווערק אויסשליסלעכ

פאר די מאסנ, האָט ער זיכ באמיט אויסצונוצנ זייער נײַגעריקײַט אונ אויסצובאהאלטנ די אינטערעסאנטע לײַזונג, קעדיי זיי זאָלנ אזוי ארומ דורכלייענענ אלעס פריִעריקע מיט אויפמערקזאמקײַט אונ זיכ מער צוקוקנ צו דער הויפּט־אידיי״ (Крит. разбор etc״. ז. 13).

דידאָזיקע דערקלערונג, וואָס לערנער גיט פאר אקסענפעלדס ניט־נאטוראליסטישע פאבולעס, איז אינטערעסאנט, אָבער ניט אינגאנצנ ריכטיק אונ אויסשעפנדיק. זי מאכט ניט קלאָר, פארוואָס האָט גראָד דידאָזיקע „מאניע״ „צו שפאנענ״ דעמ לייענער־עולמ געהערשט אינ יענער צײַט „קימאט אינ אלע אייראָפּעישע ליטעראטורנ״, אונ פארוואָס איז גראָד דידאָזיקע מאניע געווענ דאָס פאסיקע מיטל אויכ פאר אקסענפעלדס לייענער, אפּ צוצוציִענ זײַנ אויפמערקזאמקײַט, קעדיי ער זאָל זיכ „צוקוקנ צו דער הויפּט־אידיי״. די ליטעראַרישע מאנירנ אונ מיטלענ בײַטנ זיכ גראָד לויט דער „הויפּט־אידיי״ אונ עס איז פאראנ א פעסטע באציִונג צווישנ אקסענפעלדס „הויפּט־אידיי״ אונ זײַנע ליטעראַרישע מיטלענ. פונקט אזוי ווי זײַנ גאנצער נוסעכ, וואָס איז ניט קיינ נאטוראליסטישער, נאָר א נאיִוו־פרימיטיווער רעאליזמ, שטייט אויכ זײַנ סיוזשעטישע אונ סטרוקטורעלע מאניר אינ אנ אָרגאנישנ צוזאמענהאנג מיט זײַנ „הויפּט־אידיי״.

לערנערס מיינונג, אז די שפאנענדיקע פאבולע האָט אינ דער צײַט פונ אקסענפעלדס ליטעראַרישער טעטיקײַט (אנערעכ פונ די סאָפ צוואנציקער ביז צו די פופציקער יאָרנ!) געהערשט אינ אלע אייראָפּעישע ל י ט ע ר א ט ו ר נ, איז אינ אזא פאָרמולירונג פּאָשעט ניט ריכטיק. אונ אפילע ווענ מע זאָל דעמ זאצ באגרענעצנ בלויז אינ באציִונג אפּ דער דעמאָלטיקער אייראָפּעישער ק אָ מ ע ד י ע, ריכטיקער צווייט־אונ דריט־ראנגיקער אייראָפּעישער קאָמעדיע, וועט מענ פאָרט מוזנ געדענקענ, אז דער אייגנטלעכער ליטעראַרישער אויסדרוק פונ יענער צײַט האָט זיכ שוינ דעמאָלט אינ אייראָפּע דורכויס ניט קאָנצענטרירט אפּ דער סצענע אונ אירע זשאנרענ. ניט דעריקער אינ דער דראמאטישער פאָרמ האָבנ זיכ דעמאָלט ליטעראַריש אויסגעדריקט די געזעלשאפטלעכע באוועגונגענ אינ אייראָפּע, אונ אוואדע ניט אינ דער קאָמעדיע. לערנער וואָלט גערעכט געווענ, ווענ ער זאָל זאָגנ, אז דערדאָזיקער אויפבויענ די פאבולע, וואָס שטאמט אורשפּרינגלעכ פונ אלטנ איטאליענישנ, שפּאנישנ, פראנצויזישנ א. א. וו. פארס, האָט געהערשט היפּשע יאָרצענדליקער פריִער אינ דער אייראָפּעישער אויפקלערעריש־בירגערלעכער ליטעראטור (אונ אויכ קאָמעדיע), נאָכ וועמעס ליטעראַרישער טראדיציע אקסענפעלד איז נאָכגעגאנגענ, אינ העסקעמ צו די אנאלאָגישע באדינגונגענ פונ דער פארשפּעטיקטער יידישער האסקאָלע. (אונ דאָס איז ניט דאָס אייגענע ווי דאָס וואָס מיר זעענ בא א טייל שלעכטע אייראָפּעישע טאָג-שרײַבער פאר דער בינע, וואָס האָבנ דעמאָלט, אונ אפילע אסאכ שפּעטער נאָכ, עפּיגאָניש אונ אנאכראָניסטיש אויסגענוצט דעמ פארווײַל־מאָמענט פונ דערדאָזיקער מאניר.) אקסענפעלד האָט אפּ אנ אָרגאנישנ אופנ

איבערגענומענע מאנירנ פונ עלטערע טראדיציעס (אלציינס פונ וועלכנ אומיטל־באַ־נ קוואל) צוליב זייַנע צוועקנ, אונ זיי פונקט אזוי אָרגאניש פארבונדנ מיט זייַנ פרימיטיוונ רעאליזמ.

געלערט, א באגרינדער פונ בירגערלעכנ טעאטער אינ דייַטשלאנד, דער־קלערט, אז אינ דער קאָמעדיע דארפ מענ „די דערוואַרטונג אי אופרייצנ, אי פארוויַילנ; די דערוואַרטונג מוז אפ גאָר אנ אנדערנ אויפנ באפרידיקט ווערנ, ניט אזוי ווי ס׳האָט אויסגעזעענ אינ אָנהייב פונ א פיעסע; דערבייַ אָבער מוזנ געננוי אָפגעהיט ווערנ אלע פרינציפנ פונ ווארשייַנלעכקייַט". א פיעסע דארפ, לויט זייַנ מיינונג, ווירקנ אונ אמוזירנ דורכ דער אומגעריכטקייַט פונ דער פאבולע, וואָרעמ „ניט נאָר צוליב דעמ געפעלט א קאָמעדיע, ווייַל זי שילדערט אומגעלומפערטע אונ לעכערלעכע טועכטסנ ... דאָס טוט סייַווי אופ יעדע גוטע סאטירע, נאָר אויכ ווייַל זי באהאנדלט א פראָסטנ אונ פאר זיכ אָנגענעמענ געשעעניש אפ אזא אויפנ, אז זי אמוזירט אומעטומ די דערוואַרטונג פונעמ צוקוקער אונ רופט דעריבער ארויס זייַנ פארגעניגנ אונ מעמיילע זייַנ האס־קאָמע". די אופקלערעריש־בירגערלעכע קאָמעדיע וויל עפעס ד ע ר ו ו ייַ ז נ, אונ זי באנוצט אי די פארוויַילונג אי די איבערראשונג פאר די צוועקנ, וואָס זי איז אויסנ. דאָס זייַנענ אנערעכ די טראדיציעס, נאָכ וועלכע אקסענפעלד איז נאָכגעגאנגענ. די אומגעריכטע „וואנטיוריסטישע" פאבולע האָט געווירקט, ווייַל זי האָט געפאסט צו דער שטימונג פונ אָנהייבנדיקנ בירגערטומ, צו דעמ געפיל וועגנ אומויסגעשעפטע מעגלעכקייַטנ, וואָס דארפנ אָנקומענ.

אקסענפעלד בויט זייַנ פאבולע אזוי ווי ער דארפ זי האָבנ. אינ דעמ ליגט דאָכ איינער פונ די הויפט־אונטערשידנ צווישנ דעמ נאטוראליזמ אונ רעאליזמ. עס וואָלט געוועזנ ווארשייַנלעכ אונ נאטוראליסטיש, אז נאָכנ אָפגענארטנ נאכמענ, לעמאָשל, זאָל קיינ האָנ ניט קרייענ. די פאבולע וואָלט דאנ באקומענ איר נאטירלעכנ הויכ־פונקט אינ דער סצענישער שילדערונג, ווי נאכמענ גיט זיכ איבער צו די סאָלדאטנ אונ דערוויסט זיכ, אז מע האָט אימ אָפגענארט. אקסענפעלד וואָלט אָבער דערמיט בלויז באוויזנ א „טראגישנ עמעס": „אזוי איז דאָס לעבנ". ער איז אָבער „פארינטערעסירט", ער וויל שטראָפנ, אופטרייס־לענ „דאָס געוויסנ", דאָס הייסט, אָפרופנ זיכ צו די טיפערע געזעלשאפטלעכע אינטערעסנ. ער באנוגנט זיכ ניט „פאָזיטיוויסטיש" מיט דער פעסטשטעלונג פונ די פאקטנ. מוז ער דעריבער זייַנ פאבולע ארויסהייבנ פונ א נאטוראליסטישער אנטוויקלונג. אונ כאָטש די פאקטנ אנטוויקלענ זיכ אינ לעבנ אנדערש, בויט ער זיי אָבער אייגנוויליק אזוי ווי ער דארפ זיי האָבנ פאר זייַנ הויפט־אידיי. דער דעקאדענטער נאטוראליזמ מאָלט די העסלעכקייַט אבסאָליוט עמעסדיק, קימאט ווי א געלערנטער מעדיצינער שילדערט דאָס בילד פונ א קרענק, נויגט ניט אָפ פונ דער ווירקלעכקייַט אונ האָט קימאט מוירע, אז א היילונג־פראָצעס זאָל ניט צעשטערנ „דאָס אידעאלע בילד פונ דער קרענק". דער נאטוראליזמ איז

פאסיוו, ער בארויִקט זיכ מיט דעמ ענטפער: אזוי אונ ניט אנדערש איז די נאטור — פויעלנ קענ מענ גאָרנישט; אָדער: אָט אזוי זינלאָז איז דאָס לעבנ ב ע ט ע ו ו ע, טונ דערצו קענ מענ גאָרנישט. דער נאטוראליזמ איז „גערעכט" צו „דער נאטור", ער וויל ניט בויענ אונ צווינגענ די ליניעס פונ איר אנטוויקלונג. עס וואָלט געווענ נאטוראליסטיש, ווענ פרומעלע זאָל טאקע אָפּלאכנ פונ נאכמענענ. אזא פאבולע וואָלט באפרידיקט דעמ פיסארעוו־טאלמיד לערנער. זי איז אָבער ניט געלעגנ אינ דעמ האָפערדיק־אקטיוויסטישנ כאראקטער פונ דעמ בירגערלעכנ אופקלערער אקסענפעלד. עס וואָלט געווענ אידיליש־סאנטימענטאל אונ זיסלעכ־רירנדיק, ווענ פרומעלע אונ נאכמענ דערגרייכנ, וואָס זיי ווילנ אונ האָבנ טאקע כאסענע, דאָס וואָלט אָבער ניט געטויגט פאר די רעאליסטיש־ק ר י ט י ש ע טענדענצנ אקסענפעלדס. ער בויט זײַנ פאבולע אזוי ווי ער דארפ זי האָבנ פאר זײַנ טענדענצ.

אונ דערפאר אויכ ליגט ער, לעמאָשל, אינ דער טראגיקאָמעדיע „דער ערשטער ייִדישער רעקרוט" דעמ טראָפ אפנ ט ר א ג י ש נ, ווײַל די קריטיק ווענדט זיכ קעגנ א שטארקערנ קויעכ: קעגנ באשטימטע מאָמענטנ באמ אויספירנ דאָס מעלוכישע רעקרוטנ־געזעצ, קעגנ דעמ מאכטיקנ שטאָטגוויר ר' ארנ. דער שיכט, וועלכנ אקסענפעלד דריקט אויס, פילט זיכ אקעגנ דידאָזיקע קויכעס שוואכ — מוסערט ער זיי; מוז זיכ די אופקלערונג דאָ באנוצנ מיט דער הילפ פונ טראגישנ מאָמענט, וואָס גיט אגעוו אנ אָנצוהערעניש אפ א באשטימטער סטירע, וועלכע דער מעכאבער קענ ניט אינגאנצנ ביז צומ סאָפ לייזנ. אינ „די געגנארטע וועלט", „מאנ אונ ווײַב" אונ „קאפצנ־אוישערשפיל" ווענדט זיכ די קריטיק (פונקט ווי אינ „שטערנטיכל") קעגנ געזעלשאפטלעכע קויכעס, וואָס זײַנענ אמאָל ש וו א כ ע ר, געוויינלעכ אָבער ניט שטארקער ווי דאָס העכערע מיטלבירגערטומ, קעגנ כסידעס אונ קליינהענדלער, קעגנ אָפּגעשטאנענע אונ אמאָל אפילע אָרעמע שיכטנ — ליגט דעריבער דער טראָפ אפנ קאָמישנ עלעמענט. אינ דערדאָזיקער קעגנערשאפט פילט זיכ אקסענפעלד זיכערער אונ שטארקער, די לייזונג קענ זיכ אפ א קאָמעדישנ אויפנ אויסלאָזנ צומ גוטנ. נאָכדעמ ווי מע האָט פונ די נעגאטיווע פיגורנ גענוג אָפּגעשפּעט אונ זיי באשטראָפט, קענ מענ זיי לעסאָפ גוטמוטיק שענקענ די איבעריקע שטראָפ, זיי זאָלנ ניט שטערנ די אלגעמיינע פיליסטערישע הארמאָניע פונ „סאָפ גוט, איז אלצ גוט".

עס איז אלזאָ ניט נייטיק צו פארטיידיקנ אקסענפעלדס פאבולע פונ א נאטוראליסטישנ שטאנדפונקט, וואָס פאסט ניט צו זײַנע קאוואָנעס. אסאכ ריכטיקער איז פעסטצושטעלנ, אז אינ די ראמענ אונ גרענעצנ פונ דעמ באשטימטנ נוסעכ אונ דער מאניר איז זײַנ פאבולע, אפילע ווענ זי גייט ארויס פונ שטייגעריש־געוויינלעכנ געדער אפ אנ אומגעריכטנ אויפנ — פונדעסטוועגנ אויב ניט שטענדיק ווארשײַנלעכ, אָבער פאָרט רעאליסטיש מעגלעכ אונ

גלויבלעך. קיין אומעגלעכע אָדער לאַכלוטנ ניט צוגעגרייטע פאסירונגענ קומענ בא אימ ניט פאָר. אזויפיל און ניט מער פארלאנגט פונ אימ זײַנ פרימיטיווער און נאַיווער רעאליזמ און די עסטעטיק פונ זײַנ טראַדיציע. „... אַנ עמעסע אָדער אַנ אויסגעטראכטע געשעעניש, ווי ווונדערלעך מאָדנע זי זאָל ניט זײַנ אינעמ לעבנ — אויב זי זאָל ווערנ דערוועקנ אפ דער בינע א באשטימטנ פארגעניגג, מוז זי אויך זײַנ ווארשײַנלעך" (געלערט). די ווארשײַנלעכקײַט דארפ מענ אָבער פארשטיינ רעלאטיוו, ניט „וויסנשאפטלעך"־נאטוראליסטיש: דאָס וואָס די פראָסטע געוויינלעכע מיינונג האלט פאר ווארשײַנלעך. דאָס איז שײַעך ניט בלויז צו דער פאבולע, נאָר אויך צו דער כאראקטעריזירונג פונ די טיפּאזשנ: „די ווארשײַנלעכקײַט מעסט מענ דאָ נישט לויט דעמ עמעס פונ דער זאך גופע, נאָר לויט דער געוויינלעכער מיינונג. ס'איז ניט קיינ כילעק, צי איז טאקע פאראנ, און אינ אזא צאָל, אזעלכע פײַנע ווילע מענטשנ, עס קלעקט, אויב אסאך מענטשנ האָבנ אזא אויסזענ און עס דוכט זיך, אז זיי זײַנענ טאקע אזוי ווי זיי זעענ אויס. דאָס אייגענע בא די נעגאטיווע פארשוינענ, זיי הערנ ניט אופ צו געפעלנ (אלס טיפּאזשנ. — מ. וו.), כאָטש זייערע כעסרוינעס שטײַגנ אריבער די מוסטערנ פונ ווירקלעכנ לעבנ" (געלערט).

אזוי און ענלעך איז צוגעגאנגענ צו דער פראגע פונ פאבולע און כאראקטער־שילדערונג די בירגערלעכע דראמאטיק פונ דער אופקלער־צײַט, די ליטערארישע טראַדיציע, וואָס האָט דירעקט, און נאָך מער אומדירעקט (דורך שפּעטערדיקע עפּיגאָנישע ווערק פונ נאָכמאכערס) באווירקט אקסענפעלדס דראמאטישע מאנירנ. דידאָזיקע מאָמענטנ פונ דער אופקלערערישער טראַדיציע האָט ער אפ אנ אָרגאנישנ אויפנ אויסגענוצט און צוגעפאסט, לויט זײַנע געזעלשאפטלעכע טענדענצנ, צו זײַנ שטייגערישנ ר ע א ל י ז מ, וואָס געהערט שוינ צו די מיטלענ פונ א יִנגערנ בירגערלעכנ פעריִאָד, צו די כאראקטעריסטישע שטריכנ פונ דער אייראָפּעִישער ליטעראטור זײַט אָנהייב 19 יאָרהונדערט.

———

אמאָל פלעג די אנטיקע גריכישע קאָמעדיע פאמפלעטיש אָפּשפּיגלענ לעבעדיקע מענטשנ פונ דער סוויווע און זיי אפילע אָנרופנ באמ ווירקלעכנ נאָמענ. דאָס איז געלעגנ אינ דער געזעלשאפט־קריטישער טעווע פונ דעמ זשאנר. מיט דער צײַט אָבער און וואָס מער די קאָמעדיע האָט זיך אנטוויקלט, אלץ מער זײַנענ די ווירקלעכע היסטאָריש־קאָנקרעטע פּאָרטרעטנ און נעמענ פארביטנ געוואָרנ דורך צוגעטראכטע סינטעטיש־טיפּישע פערסאָנאזשנ. דערדאָזיקער אור־שפּרינגלעך קאָנקרעט־פאמפלעטישער כאראקטער פונ דעמ זשאנר רײַסט זיך אָפּט דורך אינ באשטימטע שטריכנ פונ די פרימיטיוו־רעאליסטישע קאָמעדיעס אקסענפעלדס. ביכלאל קלײַבט ער זיך אויס אזעלכע לעבעדיקע מאָדעלנ, וואָס זײַנענ כאראקטעריסטיש פאר זייער שטאנד און פאר א גאנצער גרופּע, ער

האָט אָבער א נאַיִווע נעטיִע צו באטאָנענ די ק אָ נ ק ר ע ט ע ווירקלעכקײַט פונ די פערסאָנאזשנ (וועלכע ער רופט אמאָל אָנ באמ ווירקלעכנ נאָמענ) פונ די פאסירונגענ, פונעמ קאָנקרעטנ אָרט אונ אפילע אָנצוגעבנ די פינקטלעכע קאָנ־קרעטע צײַט פונעמ געשעעניש.

אקסענפעלד נוצט אויס די קאָנקרעטע רעאַלע פאקטנ דורכויס אינ העסקעמ מיט דער אופקלערערישער פּאָעטיק, וואָס האלט, פארופנדיק זיכ אפנ אריסטאָ־טעלישנ פרינציפּ, אז דער דראמאטורג „באנוצט זיכ מיט א פאקטישער מײַסע ניט דערפאר, ווײַל זי האָט טאקע פאסירט, נאָר דערפאר ווײַל זי האָט פא־סירט אפ אזא אויפנ, אז ער וואָלט דאָס, וואָס ער דארפ האָבנ צו זײַנע צוועקנ, ניט געקענט בעסער צוטראכטנ. געפינט ער דידאָזיקע פאסיקײַט צופעליק אינ א ווירקלעכער פאסירונג — איז אימ דידאָזיקע פאסירונג זייער אָנגעלייגט...‟ 1) אָבער איבער דעמ לייענערס אונ דער אייגענער ליטעראַרישער נאַיִווקײַט באַ־טאָנט אקסענפעלד אומעטומ, סײַ אינ די ווערק גופע, סײַ דאָרט, ווו ער רעדט וועגנ זיי, אז די מענטשנ אונ די פאסירונגענ זײַנענ קאָנקרעט־באשטימטע, פאקטיש גענומענע פונעמ לעבנ. דאָס האָט אימ לאכלוטנ ניט געשטערט צו שילדערנ דאָס סינטעטיש־טיפּישע, וועלכעס ער האָט געדארפט האָבנ צוליב זײַנע געזעלשאפטלעכע טענדענצנ, ס'ברענגט אָבער ארײַנ אינ זײַנע ווערק שטריכנ פונ פרימיטיווער נאַיִווקײַט. דאָס וואָס קענ אמאָל אפ אונדז ערטערווײַז ווירקנ ווי א ניט־קינסטלערישער עלעמענט, דער ק ל אָ מ ע ר ש ט כראָניקאלישער עמעס, איז געווענ פאר זײַנע לייענער א מײַלע אונ א וויכטיקע פּאָרהאנאָכע פאר דער ווירקזאמקײַט. דער פרימיטיווער לייענער פארלאנגט, אז דאָס, וואָס מע שילדערט אימ, זאָל זיכ טאקע עמעסדיק קאָנקרעט האָבנ געטראָפנ, אויב עס זאָל פאר אימ האָבנ וואָסער ס'זאָל ניט זײַנ באווײַז־קויעכ. נאָר די „עמעסע מײַסע‟ ווירקט אפנ נאַיִוונ לייענער. דער פאָלקס־דערציילער באטאָנט שטענדיק, אז די מײַסע, וואָס ער דערציילט, איז אנ „עמעסע‟ (אפילע נאָכ א. מ. דיק). די קעגנער פונ דער פאָלקסמײַסע האָבנ שטענדיק ארגומענטירט, אז דאָס, וואָס זי דערציילט, איז א ליגנ. מיט דעמ ארגומענט האָבנ געקעמפט די ייִדישע קלעריקאלנ קעגנ די מײַסע־ביכער אונ די קריסטלעכע מאָנאכנ קעגנ די באַ־שטימטע פראָטאָטיפּנ פונ די מײַסע־ביכער — קעגנ די ווערק פונ די „שפּילמע־נער‟ אונ קעגנ די פאָלקס־מײַסע־ביכער אינ פּראָזע.

אקסענפעלד האָט געוואָלט ווירקנ אונ ד ע ר ו ו ײַ ז נ, אונ דערווײַזנ קענ מענ אנ אָפּגעשטאנענעמ אוילעמ צומבעסטנ מיט ווירקלעכ עמעסע פאסירונגענ. לויטנ גאנצנ מעהוס פונ דערדאָזיקער „היסטאָרישער קאָנקרעטקײַט‟ אינ זײַנע ווערק זעענ מיר, אז: „דער היסטאָרישער עמעס איז ניט קיינ צוועק, נאָר דאָס מיטל צו זײַנ צוועק; ער וויל אונדז אײַנרעדנ אונ דורכנ אײַנרעדנ —

1) לעסינג: Hamburgische Dramaturgie, 19 Stück (אויכ Stück 11 אונ 89). זע אויכ אריסטאָטעלעס: „פּאָעטיק‟, קאפּ. IX.

ווירקנ" [1]). זייער מעגלעך, אז אויך אקסענפעלד גופא האָט געהאט א פּרימיטיוו־ראַציאָנאַליסטיש באַדערפעניש צו פארשטארקנ זײַנ ארגומענטאציע דורכ דעמ מאָמענט פונ היסטאָרישער קאָנקרעטקײַט. אינ זײַנ צאוואָע־בריוול צו גאָטלאָבערנ שרײַבט ער וועגנ זײַנע ווערק: „א טייל זײַנענ עמעסע מײַסעס (מײַנ קורסיוו — מ. וו.) גוט דערציילט, א טייל זײַנענ פונ הולטײַעס, שווינדלער אָפּגעריכט אונ פונ זייער שווארצנ סאָפּ, וואָס זיי האָבנ געהאט. די מענטשנ, וואָס וועלנ די ספּאָרימ לייענענ לאכנדיק, וועלנ זיי איניינוועגס הערנ מוסער אונ דערעכערעצ אונ טאקע אלערליי געניייטיקע וויסנשאפטנ אויכ". די ארויסגעבער פונ זײַנע ווערק שטרײַכנ אונטער דעמ פאקט (אינ דער האקדאָמע צו דער „גענארטער וועלט"): „אינ זײַנע טעאטער־שטיק זענענ מיר מײַסעס, וואָס האָבנ זיכ בעעמעס געטראָפנ (מײַנ קורסיוו — מ. וו.), אָדער וואָס קענענ זיכ טרעפנ בא ייִדנ. אינ אלע זײַנע דערציילונגענ אונ ראָמאנענ (געמיינט זײַנענ אויכ טעאטערשטיק—מ. וו.) באגעגענענ מיר מענטשנ, וואָס האָבנ ווירקלעכ געלעבט, אָדער וואָס געפינענ זיכ נאָכ אצינד אונטער ייִדנ". גאָטלאָבער דערציילט („ייִדישע פאָלקסביבליאָטעק", 1888): „איכ האָב קימאט אלע שריפטנ (אקסענפעלדס.—מ. וו.) געלעזנ געשריבענערהייט. באזונדערס מערקווירדיק איז „מיכל אויזערקעס" [2]), א וואָרע פערזאָנ מיט דעמ אייגענעמ נאָמענ. איכ האָב דעמ מענטשנ אליינ געקענט אינ אָדעס, ער איז אליינ געוועזנ פונ

1) לעסינג, דראַמ. Stück 11.

2) דאָס בוכ הייסט „מיכל דער אויזערקעס, א ייִדישער זשיל־בלאז". עס איז קעדײַ אינ דעמ צוזאמענהאנג צו דערמאָנענ, אז וו. ט. נאריעזשני האָט נאָכ אינ יאָר 1814 ארויסגעגעבנ זײַנ בוכ: Российский Жильблаз или похождения князя Гаврилы Симоновича Чистякова. די שוטפעסדיקײַט פונ דער זשיל־בלאז־טעמע קאָנ דאָ ניט זײַנ קיינ צופאל. באשטימטע שטריכנ אינ אקסענפעלדס כאראקטער, ביִאָגראפיע אונ גוירל דערמאָנענ אָנ ענלעכע שטריכנ בא דעמדאָזיקנ פאָרגייער גאָגאָלס (נאריעזשני איז געבוירנ געוואָרנ אינ אוקראַינע, (1780—1825), „די בעסטע העלפט פונ זײַנע ווערק" איז ביז צומ הײַנטיקנ טאָג געבליבנ ניט געדרוקט א. א. וו.). וויכטיקער אָבער איז, אז פארנ אייגנארטיקנ צונויפשטעל פונ שטארק דעטאלישער פרימיטיוו־רעאליסטישער שטייגער־שילדערײַ מיט שטייגער־קריטישער רעזיאָנאָרישקײַט, סאנטימענטאלישקײַט, נאַיווער אינטריגע, סאטירישע פאראָדיסטיק אונ געמיטלעכנ הומאָר אינ אקסענפעלדס פּראָזע — קאָנ מענ זייער גרינג געפינענ די באווירקנדיקע ליטערארישע מוסטערנ אינ נאריעזשניס רעאליסטישע ווערק.

מיר דוכט, אז מיר דארפנ דאָ זוכנ די אייגנטלעכע ליטערארישע טראדיציע פאר אקסענפעלדס פּראָזע (אונ פאר זײַנע פּראָזעמעסיקע רעמארקעס). אינ נאריעזשניס „רוסישנ זשיל־בלאז" איז די איינציקע פּאָזיטיווע פיגור א ייִד, דער שענקער יאנקאָ. דאָס האָט אוודע נאָענט געמאכט דאָס ווערק אונ ביכלאל דעמ רעאליסטישנ טייל פונ נאריעזשניס שאפנ (ניט דעמ היסטאָריש־ראָמאנטישנ) פאר א מאסקיל, וואָס האָט ווי אקסענפעלד געקאָנט אונ געפלעגט לייענענ רוסיש. אנ אויספאָרשונג אינ דער ריכטונג וועט דאָ בעלי־סאָפעק ברענגענ אינטערעסאנטע רעזולטאטנ. דער אייגנארטיקער כאראקטער פונ אקסענפעלדס שטארק דעטאלישער אונ אָפּלאכערישער שטייגער־שילדערונג אינ דער פּראָזע קאָנ, ווי מיר דוכט, ניט גיינ דעריקער פונ דײַטשע ליטעראטור־ווירקונגענ. עס פילט זיכ אינ אקסענפעלדס שטייגער־שילדערונג דער הויכ אונ כאראקטער פונ דער רוסישער שטייגער־פּראָזע — כאָטש טאקע אינ א פּראָסטערער אונ גענוג ווולגאריזירטער פאָרמאציע.—

מאָהילעוו־פּאָדאָלסק...״ א. צעדערבוימ דערקלערט (אינ זייַנ נעקראָלאָג אפּ אקסענפעלדנ, אינ „קול מבשר״) „אז אלע זייַנע ראָמאנענ אונ טעאטער (־שטיק — מ. וו.) זייַנענ ע מ ע ס ע מ ײַ ס ע ס (מייַנ קורסיוו — מ. וו.) אונ די קאראקטערע דרינענ געשילדערט פונ מענטשנ, וואָס מענ האָט זיי געקענט, נאָר נאַטירלעכ אזוי אויסגעשטעלט, עס זאָל פּאסנ, אז יעדער זאָל דרינענ געפינענ א מוסער אונ ד ע ר ק ע נ ע נ ד י פ ע ל ע ר פ ו נ ג א נ צ ע ק ל א ס נ (מייַנ קורסיוו — מ. וו.) ענלעכע מענטשנ״.

דידאַקטיזיקע באהויפּטונג איז דורכויס טרעפלעכ: כאָטש אקסענפעלד מאָלט אָפט אָפּ קאָנקרעט־לעבעדיקע פיגורנ [1]) אונ רופט זיי אמאָל אפילע אָנ בא די נעמענ, סינטעטיזירט ער אָבער אינ זיי „די פעלער״ אָדער די מייַלעס „פונ גאנצע קלאסנ ענלעכע מענטשנ״, לויט דעמ פּרינציפּ פונ דער אופקלערערישער פּאָעטיק צו שילדערנ פּאָרשטייער פונ גאנצע שטאנדנ אונ ניט איינמאָליק־היסטאָרישע אינדיווידועלע כאראקטערנ.

———

עס קענ קיינ ספּק ניט זייַנ, אז אקסענפעלדס פּיעסעס זייַנענ אופגעבויט „בינעמעסיק״, אונ דעריבער געהערנ זיי ניט צו דעמ זשאנר „לייענ־דראמעס״, ווי א טייל ליטעראטור־קריטיקער ווילנ האָבנ. „לייענ־דראמע״ באטייַט — א דראמע, וואָס איז לויט איר גאנצער סטרוקטור ניט סצעניש, ניט פעיִק געשפּילט צו ווערנ, ווייַל זי איז פונ אָנהייב אָנ ניט אויסגערעכנט געוואָרנ פאר די מעגלעכקייַטנ אונ נויטווענדיקייַטנ פונ דער בינע. אינ דער לייענ־דראמע (באזונדערס רייַכ אינ לייענ־דראמעס איז די ראָמאנטיק) באנוצט זיכ דער מעכאבער בלויז מיט דער דראמאטיש־געשפּרעכמעסיקער פאָרמ, בלויז מיט באשטימטע אונ ניט מיט אלע מאנירנ פונ דער דראמע, ער בויט אָבער פונ אָנהייב־אָנ זייַנ ווערק אזוי — בעקיוונ אָדער ניט־בעקיוונ — אז עס איז גאָרניט מעגלעכ, עס זאָל געשטעלט ווערנ, אָדער אז עס וועט לאכלוטנ ניט ארויסרופנ קיינ ספּעציפיש ט ע א ט ר א ל ע ווירקונג. עס איז א „געמישטער זשאנר״, אנערעכ ווי א פּאָעמע אינ פסעוודאָ־דראמאטישער פאָרמ, פונקט אזוי ווי ס׳איז פאראנ „פּאָעמעס״ אינ פּראָזאישער פאָרמ. די לייענ־דראמע האלט זיכ ניט אָנ די פּרינציפּנ פונ דער דראמאטורגיע. קענ מענ דאָס זאָגנ וועגנ אקסענ־

[1]) לעמאָשל, די כסידישע רעבעס: מאָטעלע פונ טשערנאָביל אינ „קאפּצנ־אוישער־שפּיל״, (אגעוו: פונקט ווי דאָס „שטערנטיכל״, איינס פונ די ביז גאָר זעלטענע היסטאָרישע דאָקומענטנ, וואָס מיר פארמאָגנ פונ א קעגנער וועגנ דעמ אינעווייניקנ לעבנ פונ דער כסידישער סעקטע אינ יענער צייַט); באָרעכ פונ מעזשיבעזש („שטערנטיכל״); ייִסראָעל באל־שעמ (דערמאָנט אינ דער „גענארטע וועלט״), די מאסקילימ דילאָנ מיט נעוועכאָוויטש („שטערנטיכל״). שענפעלד (די „גענארטע וועלט״); דער אוואנטיוריסט אויזערקעס (אינעמ פאר לאָרענעמ ראָמאנ). די אווטאָפּאָרטרעטישע פיגור („שטערנטיכל״); ארנ אונ פערעלע („דער ערשטער ייִדישער רעקרוט״ אונ „קאפּצנ־אוישער־שפּיל״) זייַנענ בעלי־ספּק קאָנקרעטע פיגורנ פונ לעבנ א. א. וו. א. א. וו.

פעלדס פּיעסעס? און נאָר אויב יאָ — וועט מען קענען אָנרופן אקסענפעלדס פּיעסעס לייען־דראמעס. בלויז אליין דער פאקט, וואָס אקסענפעלדס פּיעסעס זײַנען צוליב סיבעס, וואָס האָבן ניט קיין שײַכעס צו זייער „בינעמעסיקײַט“, קיינמאָל ניט געשפּילט און נאָר געלייענט געוואָרן, קען ניט דינען פאר א סימען בא דער פעסטשטעלונג פון זייער זשאנר.

אקסענפעלד האָט עפּשער טאקע פּאָרויסגעזעען, אז זײַנע פּיעסעס וועט מען דעריקער לייענען, דעריבער האָט ער זיי באוואָרנט מיט אסאך מאָלנדיקע רעמארקעס. מיר ווייסן ניט, ווי ווײַט אקסענפעלד האָט געהאלטן פאר מעגלעך, אז זײַנע פּיעסעס וועלן אויך געשפּילט ווערן (לעפּאָכעס דער שפּיל־שטייגער פון פּורים־שפּילן איז דאָך דעמאָלט געווען גענוג פארשפּרייט און אויספירבאר!). מעגלעך, אז ער האָט ווייניק געהאָפט אף זייער שטעלונג. פונדאנען איז אָבער נאָך ווײַט ניט קיין רײַע, אז זיי זײַנען לייען־דראמעס. אויב מיר שטעלן פעסט, אז די פּיעסעס זײַנען קאָנסטרויִרט מיט דער פולער מעגלעכקײַט גע־שטעלט און געשפּילט צו ווערן, אז זיי קענען אָדער וואָלטן דעמאָלט געקענט ארויסרופן די ספּעציפישע דראמאטישע ווירקונג — מוז מען זיי צוציילן צו דעם זשאנר פון טיפּישע „שפּיל־דראמעס“, כאָטש זיי זײַנען פארמישפּעט גע־וואָרן פון דער געשיכטע, אז מע זאָל זיי בלויז לייענען. און דאָס איז ניט דאָס אייגענע ווי „לייען־דראמעס“. דאָס וואָלט געהייסן טאָעסדיק אויסנוצן א באשטימטן טערמין.

עמעס איז, מיר געפינען בא אקסענפעלדן אזא דערקלערונג, ווי:

...דערצו האָב איך עס ווי א טעאטערשטיק געמאכט
אף צו ל ײ י ע נ ע נ אין א קאָמפּאניע אין א ווינטערנאכט...

אין די פארשוין־צעטלען ווערט אומעטום גערעדט פון די מענטשן, וואָס קערן צו דער „מ ײַ ס ע“. א פּיעסע ווערט אפן טיטלבלאט אָנגערופן „דער ערשטער יִדישער רעקרוט... אָדער א מ ײַ ס ע פון קלאָמערשט כאָסן־קאלע“, און אפן דײַטשן טיטלבלאט (Komisch-tragischer Roman מיטן וואָרט „ראָמאן“ איז עפּשער געמיינט צו זאָגן: ליבע־געשיכטע). אינעם האקדאָמע־ליד צו דער „גענארטער וועלט“ לייענען מיר:

... דאָס דאָ איז אן עמעסע מ ײַ ס ע גאָרניט פארשטעלט,
ס'איז אָבער טאָמיד נאָר א סיידער ה א מ ײַ ס ע, וואָס געפעלט,
דעריבער האָב איך עס קעסיידער אין נײַן כ א ל אָ ק י מ געשטעלט...

אזעלכע און ענלעכע באצייכענונגען אקסענפעלדס זײַנען אָבער פאר אונדזער זשאנר־פעסטשטעלונג לאכלוטן ניט מאָסגעבנדיק. א זשאנר ווערט באשטימט ניט דורך דער כאראקטעריסטיק, וואָס דער מעכאבער גיט זײַן ווערק, נאָר דורך דעם ווערק גופע. אקסענפעלד האָט דעם האמוינישן לייענער רעקאָמענ־דירט זײַנע פּיעסעס מיט דער פאָלקסטימלעכער און פּאָפּולערער זשאנר־בא־צייכענונג — מײַסע. צו „מײַסעס“ און מײַסע־ביכלעך איז דער לייענער־אוילעם

צוגעהוינט געווען. אקסענפעלד האָט אינעמעסן זײַנע פּיעסעס אוואדע ניט גע־
האלטן פאר קיין „מײַסעס", פּונקט אזוי ווי ער האָט זײַנע „שטערנטיכל" ניט
געהאלטן פאר קיין „מײַסע־ביכל" (אזוי ווערט עס אָנגערופן אינעם האקדאָ־
מע־ליד).

צו דער באצייכענונג „מײַסע" וועלן מיר קענען אקעגנשטעלן א גאנצע
ריי ערטער, ווו אקסענפעלד כאראקטעריזירט זײַנע פּיעסעס אלס ד ר א מ א־
ט י ש ע ווערק. „די גענארטע וועלט" ווערט אָנגערופן אפן טיטלבלאט „ד ר א־
מ א ט י ש ע ס צ ע נ ע נ"; „מאן און ווײַב" — „אן עמעסע מײַסע באארבעט אין א
ט ע א ט ע ר ש ט י ק אין צוויי אקטן" (רוסיש: Мелодрама в двух действиях);
„קאפּצן־אױשער־שפּיל, א ד ר א מ ע אין צוויי אקטן". אין זײַן צאוואָע־בריוול
צו גאָטלאָבערן שרײַבט ער: „א טייל ספאָרים זײַנען ק אָ מ ע ד י ע ס". ער
טיילט אפילע פאנאנדער צווישן די זשאנרען דראמע און קאָמעדיע. אין זײַן ווענ־
דונג צום בילדונגס־מיניסטער (ש. גינזבורג, „ווילנער שריפטן" וו, ז. 47) שרײַבט
ער: „אפּ דערזעלבער שפּראך האָב איך אָנגעשריבן אויך עטלעכע ד ר א מ ע ס
א ו נ ק אָ מ ע ד י ע ס; דאָ איז דער לעבנסשטייגער פון די כסידים פאָרגע־
שטעלט אין ס צ ע נ י ש ע ה א נ ד ל ו נ ג ע נ (אומעטום מײַנע קורסיוו — מ. וו.),
און ניט קוקנדיק אפ די גרויסע שוועריקײַטן — דער פּאָשעטער ייִד האָט ניט
אפילע קיין מינדסטן באגריף וועגן טעאטער, אקטן און סצענעס, — האָב איך
פונדעסטוועגן זויכע געווען, אז אלע אָדעסער געבילדעטע ייִדן האָבן געלויבט
מײַנע ווערק". דאָס הייסט, אז כאָטש די פאָרם פון דראמע איז פרעמד געווען
דעם פּאָשעטן לייענער, פאר וועלכן די ווערק זײַנען באשטימט, האָט ער פאָרט
אמאָל אויסגעקליבן דידאָזיקע מאסקיליש־טראדיציאָנעלע פאָרם און זי אָנגערופן
„מײַסע", קעדיי דידאָזיקע פרעמדלעכע פאָרם פּאָפּולערער צו מאכן. ווען ער
זאָל טאקע האלטן, אז יעדע שפּיל־מעגלעכקײַט איז לאכלוטן אויסגעשלאָסן, וואָלט
ער עפשער די דראמאטישע פאָרם, דעמאָלט דערווײַל נאָך א ווייניק פּאָפּולערע באם
ייִדישן לייענער־אוילעם, ניט אויסגעקליבן. פאר די „אָדעסער געבילדעטע
ייִדן", וואָס האָבן געלויבט זײַנע ווערק, האָט ער, דער „פאָלקסטימלעכער"
מאסקיל, מיט זײַן שטארקן אגיטאטאָרישן טעמפּעראמענט זײַנע ווערק אין
ייִדישער שפּראך ניט געשריבן.

אקסענפעלדס פּיעסעס זײַנען טאקע לויט זייער גאנצער סטרוקטור נ י ט וו י י־
נ י ק ע ר ס צ ע נ י ש, ווי, לעמאָשל, דער דורכשניטלעכער „קאָצעבו־טעאטער". ניט
בלויז די סטרוקטור און דער כאראקטער פון די דיִאלאָגן, נאָר אויך אסאך
דעטאלן ווײַזן, אז ער האָט געהאט פאר די אויגן די בינע. מיר זעען דאָס
אפילע פון באשטימטע רעמארקעס. עטלעכע בײַשפּילן („גענארטע וועלט" ז. 291):
„ביידע גייען ארײַן אין קרעטשמע ארײַן און מע הערט, ווײַל די טיר איז אָפן
פון אינעווייניק, וואָס דער ייִדל פּעקלמאכער זאָגט". אקסענפעלד האלט, אפּאָ־
נעם, אז א טייל בינע איז פארנומען מיט דער קרעטשמע, וואָס איז מיט איר

אינעוויניק אָפּן צום צוקוקער, און אפֿן איבעריקן טייל פֿון דער בינע איז פֿאָרגעשטעלט דער אינדרויסן פֿאַר דער קרעטשמע. אָדער: „פֿון אינעוויניק קאמ וואָס מע הערט״ (ז. 288), „פֿון אינעוויניק מיט א קאמ צו הערנדיק קאָל״. אזא אויס־גערעכנט בילד פֿון האנדלונגס־קאָמיק (Lazzi) ווי אין „ערשטן יידישן רעקרוט״ (ז. 155), ווען נאָך וועלוול גיליוואטע שלעפּט זיך נאָך דער טישטעך, פֿון וועלכן ער קען זיך ניט ארויספּלאָנטערן און מוז אזוי פֿארפּלאָנטערטערהייט זאָגן זיין רעפּליקע — האָט נאָר דעמאָלט א זין, ווען עס ווערט געוויזן פֿון דער סצענע. די קופּלעטן אין „ערשטן יידישן רעקרוט״ און אין „קאפּצן־אוישער־שפּיל״ [1]) קענען בארעכטיקט ווערן נאָר דורך זינגען אפֿ דער סצענע (די רעפֿרענס אין נאכמענס ליד ווערן דאָך געזונגען אין כאָר פֿון אלע ביי־זייענדיקע אין שענק). אזעלכע שמועסן ווי צווישן אגאפּאָן און זיין מעשאָרעס (אגעוו דאָס ערשטע מאָל, ווען עס ווערט אין דער יידישער ליטעראטור איבערגעגעבן א שטייגע־רישער ר ו ס י ש ע ר שמועס — אין יידישער שפּראך), אזעלכע בילדער ווי אין אָנהייב פֿון „ערשטן יידישן רעקרוט״, אָדער נאכמענס אין שענק, די סצענע צווישן כאנצין און ליפּשען, דער שמועס פֿון כאנצין און נאכמענען, דאָס אריינפֿירן אין דעמדאָזיקן אָנגעצויגענעם „דראמאטישן״ מאָמענט די בופֿאָנישע פֿיגור פֿונעם שיקערן גאווריעל שעד — ווייזן קלאָר, אז זיי זיינען פֿארטראכט געוואָרן סצעניש. נאָר צוליב דער סצענע איז נייטיק געווען, לעמאָשל, דורכ־פֿלעכטן די לענגערע דערציילונג יידל פֿעקלמאכערס („די געגארטע וועלט״, צווייטע סצענע) מיט שטייגערישע אריינגעוואָרפֿענע רעפּליקעס פֿונעם רעבן, קעדיי עס זאָל אָפּגעהיט ווערן דער דיאלאָגישער פּרינציפּ אפֿילע בא דעמדאָזיקן זייטיקן, אָבער שטארק כאראקטעריסטישן אנעקדאָט. אויב א טייל פּיעסעס זיינען אויפֿ־געבויט אפֿ א גאנצער ריי „גלייכבארעכטיקטע״ דראמאטישע בילדער, זיינען אנדערע („מאן און ווייב״, „קאפּצן־אוישער־שפּיל״) קאָנסטרויִרט אין „אקטן״.—

———

די סענסאציאָנעלע, ניט זייער נאטירלעכע, שפּאנענדיקע אינטריגע הענגט ענג צונויף מיט די טענדענצן פֿון דער אויפֿקלערונג, פּונקט ווי די אומדייטלעכע פּסיכאָלאָגיע פֿון זיינע אביסל האמעטנע פֿיגורן. ביכלאל אָבער וועט מען דארפֿן פֿעסטשטעלן, אז אין די ראמען פֿון דער אנטשפּרעכנדיקער פּאָעטיק (פֿון

1) אגעוו: דער מעכאבער פֿון די קופּלעטן אין ביידע פּיעסעס איז קלאָמערשט ארג, וואָס קומט אויך פֿאָר אין ביידע. א סוואָרע, אז דאָ ווערט איבערגעגעבן א ווירקלעכער שטריך פֿונעם לעבעדיקן מאָדעל, א נעטיִע צו פֿארפֿאסן פֿאָלקסלידערישע קופּלעטן. אין דעם קענען מיר זען אן אָנצוהערעניש אפֿ דעם פֿאקט, אז זייער אָפּט זיינען די שאפֿער פֿון פֿאָלקסליד, באזונדערס פֿונעם פֿאָלקסליד מיט א געזעלשאפֿטלעכן אינהאלט, געווען גראָד ניט „פֿאָלקסמענטשן״, נאָר דאפֿקע קליינשטעטלדיקע באלעבאטישע מאסקילים, וואָס האָבן אפֿ אזא אויפֿן אריינגעטראָגן זייערע אידייען אין די מאסן פֿון גאָר קליינעם בירגערטום און אָרעמשאפֿט (אָפּט דורך דער פֿארמיטלונג פֿונעם ב א ד כ נ, דעם „הויפֿ־פּאָעט״ און באלוסטיקער פֿון פֿארמעגלעכערן בירגערטום).

דער בירגערלעכ־אופקלערערישער פאמיליענ־זשאנרישער מעלאָדראמאטיק) אונ
פונ זיינ ליטעראַרישער טראדיציע זיינעג זיינע פיעסעס אויסגעצייכנט געבויט.
די אינטריגע איז פלינק, קלוג אונ דערפינדונגסרייכ; טאקע ניט שטענדיק שטיי־
געריש־„נאטירלעכ״, אָבער פּאַרט גלויבלעכ אונ אינ געדער פונ מעגלעכקייט. די
זייטיקע דעטאלנ, וואָס ער דארפ האָבנ, זיינענ פלינק אונ פארוויילנדיק איינ־
געפלאָכטנ. געוויינלעכ איז דער ערשטער טייל פונ דער פיעסע ביז צומ הויכ־
פונקט, ווו עס קומט פאָר דער אויבנכאראקטעריזירטער איבערבראָכ, ווייט
קרעפטיקער אונ קינסטלעריש לעבעדיקער. די סענסאציאָנעלע פּעריפּעטיע באַ־
הערשט ער שילדערנדיק ניט אזוי גוט ווי די רעאליסטיש־געבראכטע שטייגער־
בילדער, וואָס ער גיט ביז צו דעמ פונקט. די פאנטאזיעפולע פאסירונגענ מוזנ
אויסקומענ בלאסער ווי די פריערדיקע שטייגערישע שילדערונגענ. אונ עפשער
טאקע דערפאר שטויסט אימ אמאָל זיינ קינסטלערישער אינסטינקט ניט צו
ברענגענ אפ דער סצענע דאָס פאָרקומענ פונ דערדאָזיקער איבעראשנדיקער
געשעעניש, נאָר בלויז וועגנ איר צו לאָזנ דערציילנ אינ א מער רעאליסטי־
שער עפילאָגישער סצענע. דער איבעראשנדיקער מאָמענט איז גענוג „אומ־
גערינכט״ קעדיי ער זאָל קענענ שפאנענ, ער איז אָבער קאָמפּאָזיציאָנעל פלינק
צוגעגרייט. דער רעטראָספעקטיווער באריכט איז כיינעוודיק צונויפגעשטעלט, כאָטש
דער מעכאבער קוויקט זיכ אמאָל אינ א צו ברייטער אויספירלעכקייט מיט דער
איבעראשונג, וואָס ער ברענגט דעמ לייענער (לעמאָשל, אינ די סאָפ־סצענעס
פונ „גענארטער וועלט״ אונ „מאנ אונ ווייב״). אויב מיר פארגלייכנ זיינע
פיעסעס מיט ענלעכע פיעסעס גאָלדפאדנס (וואָס איז, מעגלעכ, פונ אימ באַ־
ווירקט געוואָרנ), וועלנ מיר מוזנ זאָגנ, אז אקסענפעלד איז אָנ ערעכ קרעפ־
טיקער אונ אָריגינעלער אינעמ שטייגערישנ געמעל אונ לאכלוטנ ניט וויניקער
טעאטער־פלינק ווי דער ווירקלעכער „באגרינדער פונעמ יידישנ טעאטער״.

## 3. דער סטיל

צו די כאַראַקטעריסטישע סימאָנים פונעמ זשאַנר „בירגערלעכ־מישפּאָכעדיקע טעאַטערשטיק" געהערנ: די רעאַליסטישע מאַניר, א נאַיוו־פּרימיטיווע אָדער קינסטלעריש־געשליפנע — דאָס איז אָפּהענגיק פונ פאַרשידענע סיבעס — אונ א מער אָדער ווייניקער סאַנטימענטאַל־פיליסטערישער צוגאַנג. דידאָזיקע ביידע שטריכנ זענענ טאַקע אויכ כאַראַקטעריסטיש פאַר אַקסענפעלדס פּיעסעס.

דער שרײַבער פאַרכלינעט זיכ פונ דער נײַער אויפגאַבע, פונעמ נײַעמ טעמאַטישנ אונ שפּראַכלעכנ מאַטעריאַל, וואָס פאַרמאָגנ נאָכ ניט קיינ דיסציפּלינירנדיקע קינסטלערישע טראַדיציע. ער וואַרפט זיכ מיטנ גאַנצנ אימפּעט אפ פּינקטלעכסטע זשאַנר־מאָלערײַ לויט א קינסטלעריש־פּרימיטיוונ אָבער עקזאַקטנ רעאַליזמ.

פונ אָנהייב אָנ ווײַזט די אייראָפּעישע אויפקלערונג אינ דער ליטעראַטור א טענדענצ צו שטייגערישנ רעאַליזמ. די אַקטיווע געזעלשאַפט־קריטיק פונ דער יונגער בירגערלעכער באַוועגונג וויל צערײַסנ דעמ אײַנשלעפערנדיקנ שיינקײַט־נעפל פונ דער קלאַסיק אונ פּסעוודאָ־קלאַסיק. דידעראָ באַטאָנט דעמ פּרינציפּ וועגנ דער *ווירקלעכער נאַטור* — לעהייפּעכ צו דער *שיינער נאַטור*; אונ די באַדײַטנדיקסטע אויפקלערער זײַנענ בעפיירעש אָדער פּראַקטיש מאַסקימ מיט דעמ זאַצ.

דאָס וויכטיקסטע ליטעראַרישע געווער פונ *יעדער* אויפקלערונג, די סאַטירע, אַנטוויקלט אינ דער בירגערלעכער אויפקלערונג מיט דער צײַט אַזא מאַדרייגע פונ רעאַליסטישער פּינקטלעכקײַט אינ דער שטייגער־שילדערונג פונעמ 19 יאָרהונדערט, ווי זי איז פריִער ביכלאַל נאָכ קיינמאָל ניט פאַראַנ געווענ אינ דער ליטעראַטור. די עקזאַקטקײַט פונ שטייגערישנ רעאַליזמ זײַט אָנהייב 19 יאָרהונדערט איז ענג פאַרבונדנ מיט דער קרעפטיקונג פונעמ מאַטעריאַליסטיש־געזעלשאַפטלעכנ געדאַנק, מיט דער אַנטוויקלונג פונ די פּינקטלעכע מעטאָדנ אינ דער טעכניק, אינ דער נאַטורוויסנשאַפט אונ אינ די געזעלשאַפטלעכע וויסנשאַפטנ.

דער וויסנשאפטלעכ אויסגעבילדעטער בירגערלעכ־אָפּטימיסטישער מאטע־ריאליסטישער קוק דעקט אופ עקזאקט די געזעלשאפטלעכע באדינגונגען, ער איז בלוטיק פארינטערעסירט זיי אופצודעקן און איבערצואנדערשן. בא דער סאטירישער געזעלשאפט־קריטיק האָט זיכ דער בירגער אויסגעלערנט זיכ פינקטלעכ און שארפ צוקוקן צו דער אָנגעזאפּטער זינלעכער שעפע פונ די פאקטן. ער האָט זיכ אויסגעלערנט און ליב באקומען צו שילדערן אָנ־שוילעכ דעטאלן און שטייגערישע שטריכן, סייַ אינ דער טענדענציעזער גע־זעלשאפטלעכער קריטיק און סייַ אינ דער ניט־וויניקער טענדענציעזער געזעלשאפטלעכער זעלבסטבארעכטיקונג. דאָ, בא דער זעלבסטבאַ־שטעטיקונג האָט אָבער שוינ ניט געקענט קלעקן דער הוילער רעאליזם, דאָ האָט שוינ דער בירגער געמוזט צוציִען דאָס מיטל פונ סאנטימענטאליזם.

———

אקסענפעלד איז, פונקט אזוי ווי אסאך רעאליסטישע שרייַבער פונ זייַנ צייַט, ניט דורכויס אינ אלע פראָטים רעאליסטיש. לעמאָשל, ניט אינעם אופּ־בוי פונ זייַנ פאבולע, אינעם דראמאטישנ אופבוי פונ זייַנע פיעסעס א. א. וו. אָבער וואָס שייַעכ דעמ שטאָפּ, זייַנע פערסאָנאזשנ, זייער סוויווע און זייערע געוויינלעכע לעבנסבאדינגונגענ — איז אקסענפעלד אינגאנצנ א צייַטמעסיקער רעאליסט פונ דער ערשטער העלפט 19 יאָרהונדערט. כאָטש — און דאָס דארפ מענ אומבאדינגט צוגעבנ — ער באהערשט דערווייַל דאָס מיטל פונ פינקטלעכנ שטייגערישנ רעאליזמ אפּ א קינסטלעריש פרימיטיוון און נאַיוון, אמאָל אפילע גענוג אומבאהאָלפענעמ אויפנ.

דער פרימיטיווער רעאליסט מאָלט א פאקט, איבערגעבנדיק אלע זייַנע דע־טאלן, דורכציילנדיק פינקטלעכ און געוויסנהאפטיק אלע זייַנע אויסנוויינִיקע סימאָנים אזוי וויַט ער דערזעט זיי, די וויכטיקע און די אומוויכטיקע. ער רעפערירט פאמעלעכ, בעהאדראָגעדיק און אומבאהאָלפנ איינס נאָכנ אנדערנ. אינ רעזולטאט מוז זיכ סאָפּקאָלסאָפּ באקומענ א באשטימטער אייַנדרוק סייַ פונעמ דעטאל, סייַ פונעמ גאנצנ. ער פארלירט זיכ אָבער אמאָל אינ דער שעפע פונ די רעאליטעט־פאקטנ; ניט ער באהערשט זיי, נאָר זיי באהערשנ אימ. ער קוקט זיכ שארפ צו צו די דעטאלן, ער הערט זיכ אופמערקזאמ צו צו די שמועסנ פונ זייַנע פארשוינענ און פארשרייַבט, צייכנט נאָכ שקלאפיש, א שטריכ נאָכ א שטריכ, נאָכקוקנדיק נאָכ אלע, אמאָל קליינלעכע, צופעליקייַטנ. זי האָט עפּעס צו זאָגנ די יעדיִע, וואָס לעאָ ווינער פארצייכנט אינ זייַנ גע־שיכטע פונ דער יידישער ליטעראטור אינעמ 19 יאָרהונדערט, אז אקסענפעלד איז געווענ באווירקט פונ זשאנ־פאול (פרידריכ ריכטער). — כאָטש אקסענפעלד האָט, לויט אונדזער מיינונג, וואָס שייַעכ זייַנ פראָזע מער געלערנט בא דער רוסישער ליטעראטור איידער בא דער דייַטשער. — דער וויכטיקער

פרינציפ פונ קינסטלערישנ רעאליזמ: מיט קלענסטע מיטלענ די גרעסטע ווירקונג, ווערט אינעמ נאַיִוו־פרימיטיוונ רעאליזמ נאָכ ניט אָנגעווענדט.

לעהייפעכ צומ פרימיטיוונ רעאליסט באהערשט דער קינסטלעריש אנטוויקלטער רעאליסט מיט געניטשאפט די שטריכנ פונ זײַנע דעטאלנ. ער האלט זיי פעסט אינ דער האנט, פארלירט זיכ ניט אינ זייער שעפע. פרײַ און מיט מײַסטערישער זיכערקײַט פורעמט און געשטאלטיקט ער זיי לויט זײַנ קינסטלערישנ ווילנ און לויט די אָרגאנישע סטרוקטור־פאָדערונגענ פונ זײַנ ווערק. מיט געניטנ קיצער און שפּאָרעוודיקײַט, וויסנדיק די ווירקונג פונ יעדער וואָרטבאוועגונג, גיט ער בלויז די וועזנטלעכסטע שטריכנ אָדער ווערטער — און עס וואקסט פאר אונדז אויס, בוילעט און שארפ, דער מעהוס און די שטימונג פונעמ דעטאל, אינ העסקעמ צו דער קאוואָנע פונעמ גאנצנ ווערק.

א קעגנשטעלונג פונ דער פּאָרטרעטנ־מאָלערײַ בא אקסענפעלדנ און בא מענדעלענ וועט קלאָרער מאכנ דעמ כילעק צווישנ פרימיטיוו־נאיוונ (זשאנר־מאָלערישנ) און קינסטלערישנ רעאליזמ.

אקסענפעלד (אינ „מאנ און ווײַב"):— „לייזער קריוואָשייע. א ייִד, ניט הויכ, ניט קליינ, שוינ גראָ, א לאנגע באָרד מיט א קאָלטענע אינמיטנ. די פייעס זײַנענ אויסגעקראָכנ, און א לאפּנמיצל, אמאָל געוועזנ א פוקסנס, נאָר מיט סאמע פליכעס; דער האלדז אינ דער קרומ צו דער לינקער זײַט, און א ברישליק געשטעפּט אפּ קלאָטשע פונ איבערגעניצעוועטנ אלטנ קיטײַ. די קלאָטשע זעט מענ ארויס פונ דעמ צעריסענעמ שטעפּעכץ, צוגעגארטלט מיט אנ אלט שטיק גארטל. אז דער קורצער ברישליק לאָזט זיכ אויס, זעט מענ לײַוונטענע זאָקנ מיט שיכ". אָדער (אינ „שטערנטיכל"): „דער ערעצ־ייִסראָעל־מעשולעכ, א קליינער, א שווארצער געשטופּלטער ייִד פונ א יאָר פופציק, זייער א פעטער, מיט א גראָלעכער קאָלטענעוואטער לאנגער באָרד און צוויי דינע קורצע פייעס, א ווײַסע יארמיקע פונ אונטער דעמ טערקיש־פארוויקלטנ קאָפּ מיט א ווײַסער פאטשיילע, אָנגעטונ פונ ווײַסע האַלידזיע אפּ טערקיש גענייט א לאנגנ דזיבונ (דאָס איז מיט פיל קליינע שמוקלערישע קנעפּלעכ), מיט א ברייטנ וואָלענעמ בלאָענ גארטל. אפּ די פיס גייט ער אינ טערקישע מעשטעס (טערקישע געלע פאנטאָפל) און זאָקנ זײַנענ אויכ פונ געלער לעדער" א. א. וו. מיר זעענ: די דעטאלנ באהערשנ דעמ שרײַבער, זיי וואלגערנ זיכ אָנ, און איינער מעקט אויס און ווישט אָפּ דעמ צווייטנ. קיינ אינדיווידועלע „כאראקטערנ" באקומענ זיכ ניט פונ דידאָזיקע פּאָרטרעט־באשרײַבונגענ, אינ בעסטנ פאל בלויז סכעמאטישע זשאנר־טיפּנ.

ווי מאָלט דער קינסטלעריש הויכ אנטוויקלטער רעאליסט א פיגור פונ דעמ מינ? „אלטער יאקנעהאָז איז א יאָדערדיק ייִדל, א געשפּיקעוועטער מיט א דיק בײַכל (בא אקסענפעלדנ: „זייער א פעטער" — מ. וו.). זײַנ פּאָנעמ

איז געדיכט באוואקסן מיט שמוציק געלע האָר, פון וועלכע ס'איז געגאַנגען אַ
פּייעס, אפּ א באָרד און אפּ וואָנצעס, אי פאר זיך, אי אפּ נאָך עטלעכע יידן
צו באַטייל. אין דעם יאַם האָר ליגט א וויספּע — א ברייטע פליישיקע נאָז,
וואָס איז דאָס ראָוו יאָר פאַרלייגט, אָן א שום היסמאַנעס" א. א. וו. („פּישקע
דער קרומער").

דאָ זעען מיר מיט וואָסער מײַסטעריש זיכערער געניטקייט מענדעלע באַ־
הערשט די רעאַליסטיש איראָניזירנדיקע כאַראַקטעריזירונג, וועלכע אַקסענפּעלד
איז פּונקט אַזוי אויסן ווי מענדעלע. אָבער נאָר בא מענדעלען באַקומט זיך
וויזועל די בוילעטקייט פון קאָנטורן, וואָס הייבט אַרויס דאָס געמעל פון דער
טריוויִאַלער „זשאַנר־מאָלערײַ". ניט בלויז מיר זעען, — מיר הערן שוין דעם
פאַרשוין און די ווערטער, וואָס ער וועט זאָגן, בלויז פונעם פּאָרטרעט
אליין.

אַן אַנדער בײַשפּיל. מענדעלע מאָלט אין „פּישקע דער קרומער" א מויד
א גוילעם, די טאָכטער פון כײַע־טרײַנע דער קרעטשמערקע: „אין שטוב דרייט
זיך אַרום א דיקע, א ברייטע האָרעפּאַשנע מויד, מיט א פּאָר באַקן ווי די
פּאָמפּושקעס, אפּן קאָפּ זייער ווייניק האָר און צוויי קליינע צעפּלעך פון הינטן.
די הענט האַלט זי ביז די עלנבויגנס שטײַף צו ביידע זײַטן, די אָרעם אויס־
געשטרעקט גלײַך פּאָרנט ווי צוויי האָלאָבליעס, צווישן וועלכע זי רוקט זיך,
שליטלט זיך, נישט צו הייבן קיין פיס, אַרויסשיקנדיק דעם קאָפּ אַביסל פריִער
פאַר איר, רוקט זיך גיך, טראָגנדיק אין די הענט א טישטעך מיט טעלער..."
א. א. וו. פאַרגלײַכן מיר די בילדערישקײַט און לעבעדיקע פּלאַסטישקײַט
פון דעם פּאָרטרעט מיט אַקסענפעלדס באַשרײַבונג פון דער שטומער אין
„מאַן און ווײַב" (אגעוו, געהער עס צו אַקסענפעלדס פרימיטיוו־רעאַליסטישע
שטריכן אויב ער ברענגט אַזעלכע ברייטע פּאָרטרעט־באַשרײַבונגען, פּונקט
אַזעלכע ווי אין זײַן פּראָזע־ווערק „דאָס שטערנטיכל", אויך אין די רעמאַרקעס
פון זײַנע פּיעסעס): „א הויכע יידענע אין א צעריסן ציצן קליידל, א וויסטל
פון צווייערליי פאַרבן גרידיטירט, אויך אַביסל צעריסן, א ברוסט־טיכל, א
שפּאָגל־נײַס פון רויטן דעמאַשעק און א ווײַס לײַוונטן פאַרטעך. צעריסענע
זאָקן מיט צעריסענע פאַנטאָפל. דער שלייער איז אויך אַלט און צעריסן". —

אָבער ניט בלויז, וואָס שײַעך די גע ז ע ע נ ע פאַקטן, אויך די רעפּראָ־
דוקציע פון די א ו נ ט ע ר ג ע ה ע ר ט ע רעפּליקעס איז בא אַקסענפעלדן א
נאַיִוו־פּרימיטיווע. אויב מע פאַרגלײַכט זיי מיט ענלעכע רעפּליקעס בא עטינ־
גערן קאָן מען גרינג באַמערקן, אַז עטינגערס רעפּליקעס זײַנען ניט בלויז אין
שפּראַכלעכן זינען, לויט זייער סטיליסטישער און גראַמאַטישער קאָנסטרוקציע,
אָן אַן ערעך געשליפענער און דורכגעאַרבעטער, נאָר אויך וואָס שײַעך די
אָרגאַנישקײַט און רײַכקײַט פון זייער סטרוקטור אינעם לאָגיש־קאָמפּאָזיציאָ־
נעלן זינען.

אקסענפעלד איז אמאָל פּינקטלעכער און ביז צו קליינלעכקייט אויספירלעכ אינעם רעאַליסטישן אופכאַפּן די רייד־טנועס פון זייַנע פיגורן, נאָכמאַכנ־דיק אָן באַזונדערער דערפינדערישקייט און אויספורעמונג זייער שטייגער ריידן. עטינגער שטייט אָבער אומפּאַרגלייַכלעכ העכער פון אקסענפעלדן וואָס שייַעכ קינסטלערישער עכטקייַט, קינסטלעריש אויס־געגליכענער נאַטירלעכקייַט, קאָנסטרוקטיווער און קאָמפּאָזיציאָנעלער אויס־געמאָסטנקייַט און אָרגאַנישער ציל־זיכערקייַט. ער שטייט אַף אַזויפיל העכער פון אקסענפעלדן, ווי א באַדייַטנדיקער אנטוויקלטער רעאַליסטישער קינסטלער פון א נאַיוו־פּרימיטיוון זשאַנר־מאָלער. עטינגערס הומאָר איז שאַרפ פּוענטירט, אויסגעשליפן, טרעפלעכ, פייַן, מיט א געניטער זיכערער האַנט אָרגאַניזירט, זייַן וויץ איז גראַציעז און שפּילעוודיק; אקסענפעלדס הומאָר קומט אויס אינ פאַרגלייַכ מיט עטינגערס צעצויגן, בלאָס, פּאַראָדירנדיק און האַמעטנע, מיטן טראָפּ דעריקער אַף דער קאָמיק פון דער זשעסטיקוליאַציע און ניט אַף די איידעלערע קאָמיק פון וואָרט. אַזעלכע גראַציעז־שפּילעוודיקע און פולקומע דיאַלאָגן, לעמאָשל, ווי בא עטינגערן צווישן ר' זונדל און מענאַשע („דער פעטער פון אמעריקע", בד. II, ז. 474 און ווייַטער) אָדער צווישן סערקעלע און יויכענען שאַדכן („סערקעלע") שטייען אָן א שיר העכער פון אקסענפעלדס קינסטלערישע מעגלעכקייַטן.

עטינגערס רעפּליקעס פעדעמען שטענדיק איינ און גרייטן צו די ווייַטערדיקע אקציע, זיי זייַנען סטרוקטורעל אסאַכ מער פאַרבונדן מיט דעם, וואָס ווייַטער וועט קומען איידער אקסענפעלדס דיאַלאָגן, וואָס דינען אינ בעסטן פאַל נאָר אַפּן אָרט און פאַרן אומיטלבאַרן באַגרענעצטן אָרטיקן צוועק. די קאָמפּאָזיציאָנעלע, כאַראַקטעריזירנדיקע און צוגרייטנדיקע באַציִונג פון יעדער באַזונדערער רעפּליקע צום גאַנצן ווערק איז בא עטינגערן אָן א שיר בוילע־טער איידער בא אקסענפעלדן. אז מיר קוקן זיכ צו, לעמאָשל, צום ערשטן זייַטל פון „סערקעלע", צו כאָים דעמ מעשאָרעס מאָנאָלאָג האָבן מיר שוין טייקעפּ דאָ, באַלד אינ אָנהייב, א פלינקע צוגרייטונג צו דער אקציע און צו דער כאַראַקטעריסטיק פון א גאַנצער ריי פיגורן, וואָס וועלן זיכ דורכציִען דורכ דער גאַנצער פּיעסע: פון גאווריעל, אַלטעלע, כאַווע, פונעם נאַיִוון כאָים גופע און פון סערקעלען. די אקציע ווערט לויטן קלאַסישן אויפן פייַן צוגע־גרייט, פון דער זייַט, פון א נעבנפיגור און פון א נעבנגעשעעניש, מיט א גרינגער האַנט און אַף א גראַציעזן אויפן. „דער ערשטער יִדישער רעקרוט" הייבט זיכ אויכ אָן מיט דער רעפּליקע פון א מעשאָרעסדיקער נעבנפיגור („גאווריעל שעד"), אָבער אָן צוגרייטערישע עלעמענטן, די פיגור רעדט דאָ געַנוי מיט דערזעלבער זעלבסטכאַראַקטעריזירנדיקער דייַטלעכקייַט ווי אינ אַלע אנדערע ערטער פון דער פּיעסע, זי גרייט אָבער גאָרניט צו, האָט ניט קיינ מעגלעכקייַט אָנצוּוואַקסן. די פּיעסע וואָלט זיכ פונקט אַזוי גוט געקענט

אָנהײבנ פונ פינכעסעס אָדער שלוימע פּסיאַכעס רעפּליקע אָדער מיטנ „געשרײ פונ דרויסנ”. די רעפּליקעס זײַנעג דאָ צווישנ זיכ ווײניק געבונדנ, זײ גיבנ בלויז „סטאַטישע” מאָמענטנ פונ דער אקציע, וואָס וואַקסט ניט אָנ אָנ אָרגאַניש־פּאַרקניפּטע און צוגעגרײטע ווי אינ די ערשטע סצענעס פונ „סערקעלע”.

די אומבאַהאָלפנקײַט פונ א פּרימיטיוונ רעאַליסט באַווײַזט זיכ ניט בלויז אינ יענע פאַלנ, ווו אקסענפּעלד איז אויספירלעכ ברײט און עטינגער קורצ און צונויפגעזאַמלט, נאָר באַזונדערס בולעט אויכ דאָרט, ווו די קינסטלערישע נויטווענדיקײַט פונ דער קאָמפּאָזיציאָנעלער אויפגאַבע און די צילבאַשטימטקײַט דיקטירנ עטינגערנ אסאַכ א גרעסערע אויספירלעכקײַט אײדער מיר געפינענ זי בײַ אקסענפּעלדנ. קאָנצענטרירטקײַט ווערט ניט פעסטגעשטעלט דורכ דער צאָל שורעס, וואָס א רעפּליקע פאַרנעמט, סטאַמ שפּאָרעוודיקײַט הײסט נאָכ ניט שטענדיק קאָנצענטרירטקײַט. שפּאָרעוודיקײַט קענ אמאָל זײַנ, פּונקט אזוי ווי די צעצויגנקײַט, א רעזולטאַט פונ אומבאַהאָלפנקײַט, זי קענ אמאָל באַטײַטנ, אז דער מעכאַבער איז אימשטאַנד איבערצוגעבנ בלויז אינ א נ ע ר ע כ די סימאָנימ פונ א רעפּליקע, בלויז איר ב ע ע ר ע כ ד י ק נ א י נ ה א ל ט און ניט די לעבעדיק אויסגעבילדעטע פאָרמ אירע. א גאָר קורצע רעפּליקע קענ אמאָל פּאָרט צו לאַנג זײַנ, ווײַל אינהאַלט־אָרעמ, ניט דערפינדעריש, ניט לעבעדיק אויסגעפורעמט און אויסגעשליפנ; אסאַכ א לענגערע רעפּליקע קענ אמאָל דאַפקע זײַנ קאָנצענטרירט און געפּרעסט לויט איר אינהאַלטסרײַכקײַט, ציזעלירטקײַט, אָנשוילעכקײַט און דער אינטענסיווקײַט פונ כאַראַקטעריזאַציע.

קלאָר צו מאַכנ דאָס געזאָגטע דורכ א קעגנשטעלונג פונ מוסטער־רעפּליקעס איז ניט אזוי גרינג ווי בײַ דער קעגנשטעלונג פונ פּאָרטרעטנ, ווײַל די ספּעציפישקײַט פונ דער טעמאַטיק בײַ יעדנ מעכאַבער באַזונדער גיט ניט אינעמ דיאַלאָג אזעלכע פּאַראַלעלנ ווי בײַ דער פּאָרטרעטנ־מאָלערײַ, אכוצדעמ וואָלט דאָס אונדז געצוווּנגענ ברענגענ צו לאַנגע ציטאַטעס. אויב מיר וועלנ דאָ פּאָרט ברענגענ אײנע אזא קעגנשטעלונג, טוענ מיר דאָס מיטנ באַוווּסטזײַנ, אז ס'איז פאַראַנ אסאַכ בולעטערע, וואָס ווײַזנ טרעפלעכער דעמ כילעק צווישנ פּרימיטיווּנ און קינסטלערישנ רעאַליזמ אינעמ דיאַלאָג. מיר האָבנ אָבער אויסגעקליבנ דידאָזיקע נאָר דערפאַר, ווײַל זי געהער צו די זעלטענע פּאַראַלעלע ערטער מיט אנ אנאַלאָגנ א י נ ה א ל ט בײַ בײדע שרײַבערס. די שטײגעריש־כאַראַקטעריסטישע סיטואַציע, ווו די פּאַראַזיטישע פיגור פונעמ שאַדכנ טשעפּעט זיכ צו מיט זײַנ פּרעטענזיע („די געגנאַרטע וועלט” ז. 295):

„צ א ל י. סטײַצ, און איכ בינ דענ ניסט א סאַדכנ? פּאַסעט איז פּאַסעט, מיר מוזט איר באַזונדער געבנ סאַדכאָנעס, מעסונע גאָר סאַדכאָנעס. גאָר מעסונע סאַדכאָנעס”. די מאָגערקײַט פונ דער ארגומענטאַציע דאַרפ קאָמפּענסירט ווערנ דורכנ אָרעמענ מיטל פונ דרײַ מאָל איבערכאַזערנ די הוילע

פרעטענזיע. אינ עטינגערס „סעדקעלע" (בד. וו, ז. 448—449) ווערט דער־דאָזיקער אויספיר אפ גאָר אנ אנדערנ אויפנ אונ אָנ א פארגלייַכ עכטער ארויסגעבראכט. די פרעטענזיע ווערט קרעפטיקער צוגעגרייט אונ מעמיילע די קאָמיק פונ דער פרעטענזיע פייַנער אונטערגעשטראָכנ:

„ר' יויכענענ. (גיט דעם פרעמדנ די האנט) שאָלעם־אלייכעם, ר' דאָוויד! געלויבט צו גאָט, מע זעט זיכ געזונטערהייט! כ'לעבנ, זייער א גלייַכער שי־דעכ. איכ האָב דעמ שידעכ נאָכ אינזינענ געהאט, ווענ מע האָט זיי מיט דעמ שטריק צונאנדגעבונדנ. נאָר קומט מייַנ שמוע אפיר, „כל עורב למינו"—שטייט בא אונדז אינ דער הייליקער טוירע אָנגעשריבנ; איר, מייַנ ליבער ר' דאָוויד־לעבנ, טוט איצט א שידעכ אפ דייַטשערישער מאָדע, ווייסט איר אָבער מיט וועמענ איר טוט? ווער אייַערע מעכוטאָנים זייַנענ געוועזנ? דאָס מוזט איר נאָר מיכ, ר' יויכענענ שאדכנ, פרעגנ. איכ קענ דאָס דייַטשעלע, ווי איר קוקט עס אָנ, פונ פיטשלווייַז אופ: איכ האָב געקענט זייַנ קאָשערנ טאטנ, אָלאָוו־האַ־שאָלעמ, אונ זייַנ מוטער די צנוע אויכ, ער איז דאָכ דאָס טאקע ר' זאלמענ רעדלעכס זונ פונ פראָג, טאקע דער גרויסער פייַנע בעריע,—אלקיינ, זאָג איכ אייַכ פריִער, אז מיר קומט אסאכ, אסאכ שאדכאָנעס". דאָ באטייַט שוינ דער „אסאכ, אסאכ", דאָס טיפישע דינגעניש אפ פריִער בא א פרעטענזיע, וואָס דארפ זיכ אליינ צוגעבנ האָזע אונ מוט צוליב איר ניט־בארעכטיקטקייַט.

———

אקסענפעלד איז ניט אויסנ צו שילדערנ קיינ „פסיכאָלאָגישע" כאראקטערנ. דאָס וואָלט ניט געשטימט מיט זייַנ געזעלשאפטלעכער אָנצילונג. עס ליגט אָבער אינ דער פרימיטיווקייַט פונ זייַנ רעאליזמ, אז זייַנע פארשוינענ האָבנ דאָסראָוו ניט יענעמ נייטיקנ מינימומ פסיכאָלאָגיע, וואָס וואָלט זיי געקענט אינגאנצנ ארויסהייבנ פונ מאסקנהאפטיקער סכעמאטישקייַט. די פיגורנ זייַנענ דאָסראָוו צו שטארק טיפיזירט אונ פאראלגעמיינערט, זיי אנטוויקלענ זיכ ניט בעהאדראָגע, עס ווערט ניט געוויזנ די דינאמיק פונ זייער אָנוווקס. פונ אָנהייב אָנ שטייענ זיי פאר אונדז דאָסראָוו ווי פארטיקע פאראלגעמיינערטע אונ אביסל האמעטנע כאראקטער־טיפנ: דער אופגעקלערטער גוויר, דער אָפגע־שטאנענער פארנעס־כוידעש, דער שיקערער לאָווטשע, א ווילע יידישע טאָכ־טער א. א. וו. ניט בלויז דעמאָלט ווענ אקסענפעלד כאראקטעריזירט, לעמאָשל, א פרוי „זייער שיינ, אונ זייער קלוג, אונ זייער גוט", נאָר אפילע ווענ ער גיט איבער אינ דער רעמארקע אלע פיזישע סימאָנימ, וואָס זייַנ אויג האָט באמערקט, אונ אינ די רעפליקעס אלע טיפישע רייד־טנועס, וואָס זייַנ אויער האָט אונטערגעהערט.

אויכ די זאכ־באשרייַבונגענ הייבט אקסענפעלדס פרימיטיווער רעאליזמ זעלטנ אמאָל ארויס פונ אלגעמיינער טיפישקייַט. אזוי אָדער אזוי האָט דעמאָלט

געוויינלעכ אויסגעזעענע א „יידישע שטוב" בא אנ אופגעקלערטנ גוויר, בא אנ אפגעשטאנענעמ פארנעס־כוידעש, בא א שענקערקע, בא א שניידער, בא א רעבנ א. א. וו. מיר געפינענ ניט אינ זיינע „נאטיור־מאָר"־שילדערונגענ ניט דעמ מינדסטנ הויכ פונ אנ אויסטיילנדיקער אייגנארטיקער „שטימונג".

דאָס אייגענע וועלנ מיר מוזנ פעסטשטעלנ אינ זיינ דראמאטיק. כאָטש אירע גרונט־שטריכנ זיינענ דורכויס צוגעפאסט צו די צוועקנ פונ דער בירגערלעכער אופקלערונג אונ כאָטש די אינטריגע, לעמאָשל, איז גענומענ פונ דער עלטערער ליטעראריש־אופקלערישער טראדיציע — איז אָבער דער אויפנ ווי אקסענפעלד פירט אויס די פרינציפנ פונ דערדאָזיקער טראדיציע דורכויס באשטימט פונ זיינ פּרימיטיוונ רעאליזמ. מע טאָר ניט ארויסלאָזנ פונ אויג, אז דער אידעאָלאָגישער אונ טעכניש־פאָרמאלער אנטוויקלונגס־גראד פונ אזעלכע שרייבערס „נאטור־טאלאנטנ", ווי אקסענפעלד איז, אינ פארגלייכ אפילע מיט צווייט־אונ דריט־ראנגיקע שרייבער פונ די מער אנטוויקלטערע ליטעראטורנ אינ יענער צייט, פאָרט געוועזנ א גענוג נידעריקער. אויב מיר וועלנ אקסענפעלדנ פארגלייכנ מיט אנ אנטשפרעכנדיקנ מער „פאָלקסטימלעכנ" שרייבער, לעמאָשל, מיט וו. נאריעזשני, וועט אתדז ערשט קלאָר ווערנ אפ וויפל באגרענעצטער אונ שמאָלער עס איז דער צוגאנג, דער אינטערעסנ־קרייז, די „וועלט־אנשויונג" אונ די קולטורעלע צוגרייטונג אונ אויסבילדונג אקסענפעלדס. דער „פאָלקלאָריזמ" הייבט בא יידע שרייבער אָנ ווערנ א סטיליזיר־עלעמענט; בא אקסענפעלדנ אָבער איז עס אָפט נאָכ אנ אורשפרינגלעכ אָרגאניש שטיק פונ זיינ קינסטלערישער נאטור. די קולטור־האשפּאָעס, די קינסטלעריש־פאָרמאלע טראדיציעס ווערנ בא אקסענפעלדנ אָפט וווּלגאריזירט אונ היפשלעכ אראָפּגעדריקט צו א קימאט „פאָלקלאָריסטישער", „לובאָקישער" מאדרייגע. אכוץ די מיילעס האָט אקסענפעלד אויכ די כעסרוינעס פונ א קולטורעל הייניק דיסציפלינירטנ „נאטור־טאלאנט". — אקסענפעלדס דראמאטיק איז אינ די וויכטיקסטע פּראָטימ ענלעכ צו עטינגערס. די באהאנדלונג פונ דער אינטריגע אונ פונ דער דראמאטישער סטרוקטור איז אָבער בא דידאָזיקע צוויי אווטאָרנ אזוי פארשידנ, ווי ס'איז פארשידנ דער נאיוו־פרימיטיווער פונעמ קינסטלעריש־אויסגעשליפענעמ רעאליזמ.

די „סענסאציאָנעלע" אינטריגע הענגט אי בא אקסענפעלדנ אי בא עטינגערנ צונויפ מיט א געזעלשאפטלעכער סיטואציע, אינ וועלכער דער אינדיווידן פילט די מעגלעכקייט פונ אומדערווארטע געשעענישנ. אינ אזא איבערבראָכ־צייט ווערט דאָס בירגערטום געוויר פונ דער מאכט, וואָס דער שטילער „אָנגעזאמלטער" קאפיטאל האָט אקעגנ דער פארגליווערטער „אָנגעזאמלטער" עקאָנאָמישער אונ גייסטיקער אָפּגעשטאנענקייט. אינ פארגלייכ מיט די שטארקע פאקטנ אונ געשעענישנ, שפּילט די אנטוויקלונג פונ די אינדיווידועלע כאראקטערנ אנ אומבאדייטנדיקע ראָל. די אינדיווידועלע

כאראקטערן זײַנען באַם נײַ־אופקומענדיקן שיכט נאָך צו װייניק און אנטשיידנ־דיק פאָרמירט, בא די אָפּגייענדיקע, אָפּגעשטאנענע עקאָנאָמיש־סאָציאַלע שיכטן — שוין צו װייניק אינטערעסאנט און װיכטיק. דאָס „אומדערװארטע" געשעענישׁ, װאָס דארף קאָריגירן די געגלײווערטע באדינגונגען און פאקטן, שפּילט אין אזא צײַט א באזונדערס װיכטיקע ראָל (איך נאָך בא דעם אנאכראָניסטיש־פּארשפּעקטיקטן רעטראָספּעקטיװן „מאסקיל" מענדעלע).

אָבער בא אזא רעאַליסטישן קינסטלער װי עטינגער איז דידאַקטישע „פאר־שטארקטע" אינטריגע רעאַליסטיש אויסגעגלעט געװאָרן, די הארבע צופּעליקע קאנטן זײַנען אָפּגעשליפן געװאָרן, זיי זאָלן ניט צו גראָב שלאָגן אין די אויגן. בא אקסענפעלדן בלײַבט די אינטריגע נאַיװ און ניט גענוג רעאַליסטיש־נאטירלעך. דער זייער אַלטער באַליבטער נאָװעלן־ און קאָמעדיעס־מאָטיװ װעגן א צוריקגעקומענעם רײַך־געװאָרענעם סויכער, א מאָטיװ, װאָס שטאמט אור־שפּרינגלעך פון 15—16 יאָרהונדערט און װאָס שפּיגלט דעמאָלט אָפּ די גליק־פאנטאזיעס פונעם איטאַליענישן שטאָט־בירגער אינעם פעריאָד פון אָנהייבנדיקן גרויסן איבער־יאַם־האנדל מיט אינדיע, אמעריקע און פארשידענע װײַטע געגנטן (מיר באגעגענען אים אויך אין מאָליערס פּיעסעס, לעמאָשל, אין „דער קארגער", „סקאפּענס שטיק" א. א.) — װערט באנוצט אי פון עטינגערן („סערקעלע", „דער פעטער פון אמעריקע") אי פון אקסענפעלדן („מאַן און װײַב"). דידאַקטישע פיגור שפּילט די לייזנדיקע ראָל בא ביידע אװטאָרן. בא עטינגערן װערט די אינטריגע ארומגעשטעלט מיט א ניט־זייער געװיינלעכער אָבער פאָרט גענוג דורכזיכטיקער און דורכויס־שטייגערישער סיוזשעטישער פארקניפּונג (גאװריעלס גנייװע, דער כשאד אף מארקוס און הינדע א. א. װ.); בא אקסענ־פעלדן װערט דער אַלטער מאָטיװ מעשׂונעדיק קאָמפּליצירט דורך א כאסענע פון ברודער און שװעסטער, מיט אװאנטיורעס פון דעם סויכערס װײַב, פון זײַן טאָכטער און זון א. א. װ. — בא עטינגערן װאָלט אזא פּרימיטיװע אינ־טריגע װי אין „ערשטן יידישן רעקרוט", װאָס איז געבויט אף נאכמענס פּרײַװיליקן גיין אין סאָלדאטן אָן א גענויער מאָטיװירונג, און אף פרומעלעס שטארבן פון הארצװייטיק, ניט מעגלעך געװען, פּונקט װי עס װאָלט ניט מעגלעך געװען אזא קאָמפּליצירטע שפּיל װי די אָפּגענארטע כאסענע אין דער „גענארטער װעלט", װאָס גייט לויט דער טראדיציע פון עלטערן פּארס. —

די דורכשניטלעכע עקאָנאָמישע לאגע פון די יידן אין גאַליציע און פּוילן איז צו יענער צײַט געװען א מער אנטװיקלטע איידער אין אוקראַינע. אויך מיר געפינען שוין אין גאַליציע און פּוילן א ברייטערע אָריענטאציע פון דער יידישער עקאָנאָמיק אף דער שטאָט און אפילו גרעסערער שטאָט, איז די אַלגעמיינע עקאָנאָמיק אין אוקראַינע, אכוץ אויסנאַמען, אינגאנצן נאָך ארומגעגרענעצט דורכן דאָרף און קליינעם שטעטל. עטינגער שפּיגלט אָפּ די מער שטאָטישע טענ־

דענצן, אקסענפעלד—די אָריִענטאציע אפן קליינעם שטעטל און אפילע אפן דאָרפ אכוצדעם אָריִענטירט זיך אקסענפעלד אפ א סאָציִאל־עקאָנאָמיש נידעריקערן שיכט לייענער איידער עטינגער, וואָס האָט, לויט זײַן אייגענעם איידעס־זאָגן, אין איג אויך א קולטורעלערן לייענער און זײַן עסטעטישע האנאָע. אקסענפעלד איז בעלי־סאָפעק צוטריטלעכער געווען פארן דעמאָלטיקן מאסן־לייענער איידער עטינגער. עטינגער וויל זײַנע ווערק זאָלן געפעלן, אקסענפעלד איז אויסן זיי זאָלן נוצן. עטינגער איז שוין מער אויסן צו באַרעכטיקן דעם שטייגער פון פארמעגלעכן בירגערטום איידער בײַסיק צו קריטיקירן זײַנע אָפּגעשטאנענערע שיכטן, פון וועלכע ער מאכט כויזעק מיט א שטילן קלוגיטשקן שמייכל. בא אקסענפעלדן שטייט די אופקלער־ארבעט אפן ערשטן פלאן. ער שטעלט טאַקע אנטקעגן צו די נעגאטיווע פיגורן אויך פאָזיטיווע, אלס מוסטערן— דעריקער אָבער וויל ער קריטיקירן, און זײַן קריטיק איז אן אופגעבראכטע, צערייצטע.

דער הויפט־אינטערעס פון זײַן שאפן ליגט, ניט ווי בא עטינגערן, אפ דער עסטעטישער קינסטלערישער אויסשלײַפונג און אויספורעמונג. עטינגערס הויפט־אופגאבע איז די פיקסירונג, פאָרמירונג און באזיניקונג פון בירגערלעכן שטייגער—און דאָ זײַנען שוין נייטיק העכערע „עסטעטישע" פאָרמעס. ער „קעמפט" קעגן דעם ניט־עכטן בירגער, קעגן דעם פארוועניו (סערקעלע)— פאר דעם צוועק קלעקט א גוטמוטיקער, כאָטש ניט ווייניקער פארניכטנדיקער, געלעכטער. אין א געוויסער מאָס, קען מען זאָגן, איז גראָד דערזעלבער פארוועניו פאר אקסענפעלדן א מוסטער־פיגור, ווי ר' ארן אין „ערשטן יידישן רעקרוט". דער פארוועניו איז דער אומגעריכט גיך אופגעקומענער גוויר. עטינגערס גוויר, וואָס קומט צוריק פון דער פרעמד, איז (סײַ אין „סערקעלע", סײַ אין „פעטער פון אמעריקע") א געוועזענער אוישער, א יורעד, וואָס איז דאן ווידער צוריק רײַך געוואָרן; אקסענפעלדס גווירים זײַנען געוויינלעך נײַע, צום ערשטן מאָל אופגעקומענע אשירים. דאָס ווירקט אין א געוויסער מאָס אפ דער פארשטארקטער סענסאציִאָנעלישקײַט און אומגעריכטקײַט פון אקסענפעלדס דראמאטישער אינטריגע. מיר באמערקן דאָ א צופאסונג צו די קליינשטעטלדיק־פּראָווינציִעלע האסאָגעס וועגן די אומגעריכטע און אומבאגרענעצטע מעגלעכקײַטן פונעם אָנגעזאמלטן קאפּיטאל, וואָס קען זיך פּלוצים באווײַזן.

דערווײַל אָבער זײַנען אינעם אוקראַיִנישן קליינעם שטעטל שטארק באמערקבאר די יורדישע דעקלאסירטע פיגורן, די נאכמענס, די ייִצכאָקס (פון „מאן און ווײַב") א. א. וו. די אופגאבע פון בירגערלעכן אופקלערערישן סאנטימענטאליזם באשטייט דאָ קוידעמקאָל דערין, אופצודעקן דעם בירגערלעכן אינטערעס בענעגייע אזעלכע דעקלאסירטע. קעדיי צו „באַרעכטיקן" א דעקלאסירטן, מוז דער סאנטימענטאליזם אָנווענדן אסאך א קאָם־

פֿליצירטערע אינטריגע איידער באַם באַרעכטיקנ דעם שטייגער פֿונעמ יוסטנ אײַנגעפֿונדעוועטנ גוויר. זי מוז זיכ נעמענ א גרעסערע פֿרײַקײַט באַם פֿארקניפֿנ און צונויפֿבינדנ די געשעענישנ פֿונ דער אינטריגע.

---

דער פּרימיטיווער רעאַליזמ מיט זײַנ ניט פֿארקירצטער קלײנלעכער אויס־פֿירלעכקײַט גיט זייער אָפֿט א ביז גאָר און קימאַט עטנאָגראַפֿיש פּינקטלעכ בילד פֿונעמ לעבנשטייגער. די פּינקטלעכקײַט פֿונ אקסענפֿעלדס זשאַנר־מאָלערײַ דערגייט מאמעש ביז צו קולטור־היסטאָרישער דאָקומענטארישקײַט. מיט אנ אקשאָנעסדיקער געוויסנהאפֿטיקײַט פֿארשרײַבט אקסענפֿעלד די עקאָנאָמישע [1], סאָציאַלע און שטייגערישע פֿאקטנ, וואָס האָבנ א שײַכעס צו זײַנע פֿיגורנ. עס איז ניט פֿאראנ קיינ צווייטער שרײַבער אינ דער עלטערער ייִדישער ליטעראטור, וואָס האָט דעם שטייגער פֿונ זײַנ צײַט אזוי אויספֿירלעכ און פּינקטלעכ באשריבנ ווי אקסענפֿעלד. ער האָט די שטייגער־פֿאקטנ ניט אונטערטעניק געמאכט צו זײַנ קינסטלערישער קאוואָנע, אזוי אז זיי שטארצנ ארויס אינ זייער הוילער נאטוראַלער געשטאלט. עס איז דעריבער נישט דורכויס אומוויסנשאפֿטלעכ, אויב באשטימטע עטנאָגראַפֿנ באנוצנ זיכ מיט אקסענפֿעלדס ווערק ווי מיט א היסטאָריש־דאָקומענטארישנ עטנאָגראַפֿישנ קוואַל.

אינ אקסענפֿעלדס ווערק ווערט צומ ערשטנ מאָל מיט אזא ברייטנ פֿארנעמ געמאָלט און באשריבנ דאָס קלײנע שטעטל מיט יענעמ גאנצנ טיפּאַזש, וואָס איז אפֿ א לאנגער צײַט געבליבנ „קאנאָניש” פֿאר דער ייִדישער ליטעראטור ביז צו מענדעלענ און שאָלעמ־אַלייכעמענ (די שטארק וואַרשײַנלעכע ווירקונג פֿונ אקסענפֿעלדנ אפֿ מענדעלענ וועט נאָכ מוזנ גענויער אויסגעפֿאָרשט ווערנ). מיר זעענ שוינ דאָ די גאנצע קלײנשטעטלדיקע גאַלעריי: דעם שטאָט־גוויר, דעם מיטעלנ באַלעבאָס, די פּארנאָסימ, די פּאָדריאַטשיקעס, ארענדאַטערס, שאַדכאָנימ, דעם שטאָט־שיקער, דעם שטאָט־נאר, דעם מאיאסעניק, די שענ־קערקע, די צנועסדיקע „ייִדישע טאָכטער”, די איישעס־כאַיל, דעם רעבנ מיט זײַנע גאבאָימ און כסידימ, ראבאָנימ, דאיאָנימ, דעם גאָרדאָוואָי, מאסקילימ, אפּיקאָרסימ, הענדלער, קרעמער, לופֿטמענטשנ, באַלמעלאָכעס א. א. וו. לעהיי־בעכ צו עטינגערנ, וואָס באשרײַבט דאָס קולטורעלערע רײַכערע ייִדישע לעבנ אינ דער גרויסער אָדער גרעסערער שטאָט, באשרײַבט אקסענפֿעלד צומ ערשטנ מאָל אינ דער ייִדישער ליטעראטור מיט אזא שטייגערישער אויספֿיר־לעכקײַט דאָס מיטל־ און קלײנבירגערטומ פֿונ פּראָווינציעלנ שטעטל. דער

[1] די באהויפּטונג פֿונ י. סאָסיס, אז די „מאסקילישע ליטעראטור אינ דער ערשטער העלפֿט פֿונ 19 יאָרהונדערט פֿארנעמט זיכ זייער ווייניק מיט דעמ ייִדישנ סאָציאַל־עקאָנאָמישנ לעבנ פֿונ יענער צײַט” („די סאָציאַל־עקאָנאָמישע לאגע פֿונ די רוסלענדישע ייִדנ”, פּעטראָגראַד, 1919, ז. 58), איז, לעפּאָכעס, וואָס שײַעכ אקסענפֿעלדס ווערק, דורכויס ניט ריכטיק.

סאטירישער רעאליזמ בּיכלאל איז זייער אָפּט די טיפּישע ליטעראַרישע פאָרמ פאר קריטיקירנ די אָפּגעשטאנענע פּראָווינצ; אינ אקסענפעלדס שאפנ איז דאָס אנ אויסדרוק פונעמ מיטלבּירגערלעכנ שטרעבּנ צומ גרויסבּירגערטומ. עטינגער האָט אויסגעטרעטנ א וועג פאר א בּירגערלעכ־שטאָטישנ גאנג אינ דער ליטעראטור; אקסענפעלד פירט זי אוועק אינעמ קליינעמ שטעטל אריינ — צו דער סאטיריש־עטנאָגראפישער שארפקייט אונ מיליע־מאָלערייַ, וואָס איז געבּליבּנ כאראקטעריסטיש פאר דער יידישער ליטעראטור אינ מעשעכ פונ אסאכ צענדליקער יאָרנ.

---

איצט וועגנ דעמ צווייטנ הויפּט־שטריכ פונעמ בּירגערלעכ־מישפּאָכעדיקנ ריר־שטיק, וועגנ דעמ סאנטימענטאל־פיליסטערישנ צוגאנג.

אויבּ די הויפּט־פונקציע פונעמ *סאטירישנ רעאליזמ* איז דער קריטישער *אָנגרייַפ* אפ פייַנטלעכע אָדער קעגנערישע קלאסנ אָדער שיכטנ אונ זייער שטייגער, איז די הויפּט־פונקציע פונעמ פיליסטערישנ *סאנטימענטאליזמ*, וואָס מיר געפינענ פּאָרט אונ סטירעדיק אינ דעמדאָזיקנ סאטירישנ נוסעכ — די *זעלבּסטפּארטיידיקונג*. מיט דער הילפ פונ סאנטימענטאליזמ וויל דאָס בּירגערטומ געווייַנלעכ באווייַזנ זייַנע שטייגערישע מייַלעס אקעגנ דעמ פארדאָרבּענעמ אדל.

דער רעאליזמ אינ אָנהייבּ פונ א בּירגערלעכער באוועגונג האָט ניט בּלויז די פונקציע צו קריטיקירנ א באשטימטנ אָפּגעשטאנענעמ שטייגער, נאָר אויכ *ליבּלעכ צו מאכנ* אונ צו בּארעכטיקנ דעמ *בּירגערלעכנ* שטייגער, ניט געקוקט אפ אלע זייַנע באשיימפּערלעכע שוואכע זייַטנ, וואָס ווערנ אפ א סאנטימענטאלנ אויפנ „אידיליזירט” אינ זייער נאטוראלער לאכלוטנ ניט־געענ־דערטער געשטאלט — אויבּ עס לוינט זיכ ניט דעמ בּירגערטומ אויסצוואָרצלענ דידאָזיקע שוואכע זייַטנ, ווייַל זיי זייַנענ *אָרגאניש* פארבּונדנ מיט זייַנ מעהוס. דער ווינציקער גרויסבּירגערלעכער שיכט נעמט גיכ איבּער דעמ שטייגער פונעמ פעאָדאל, אָבּער דאָס וואקסנדיקע קלאסנבּאוווסטזייַנ פונעם מיטל־ אונ קליינבּירגערטומ וויל דאפקע בּארעכטיקנ אונ באזיניקנ אָדער „ראָמאנטיזירנ” זייַנ שטייגער אזוי ווי ער גייט אונ שטייט. דאָס איז דער אייגנטלעכער מעהוס פונ דער זשאנר־מאָלערייַ. דידאָזיקע שיכטנ האָבּנ ניט קיינ רייַכע טראדיציעס, קיינ פעסטע שטייגער־פאָרמעס, זיי ווילנ זיי ערשט אויספורעמענ דורכ קינסט־לערישער פיקסירונג אונ „טראדיציאָניזירונג”. דאָס וואקסנדיקע באוווסטזייַנ פונ די נייַע בּירגערלעכע שיכטנ שטויסט די ליטעראטור, אז זי זאָל זיי אלצ גענויער אונ פינקטלעכער באשרייַבּנ. דידאָזיקע שיכטנ זייַנענ אזוי אנטציקט אונ צופרידנ פונ זיכ, זיי זייַנענ אזוי פארכידעשט פונ דעמ נייַ־אנטדעקטנ פאקט, וואָס זיי האָבּנ עפּעס אזוינס ווי א מינ אייגענעמ שטייגער, אז זייער באשרייַ־

בער פארכלינעט זיכ אזש אונ ווערט פארפלייצט פונ א יאמ דעטאלנ. די ניט־גענוג שטאנדהאפטיקע סאָציִאלע אָריִענטאציע פונ דידאָזיקע מיטל־שיכטנ, וואָס וואקלט זיכ אהינ אונ צוריק, אמאָל צו די קלאסנ, וואָס זייַנענ העכער פונ זיי, אמאָל צו די, וואָס זייַנענ נידעריקער פונ זיי, באדינגט זייער טיפישע פארליגנערטע סאנטימענטאל־פיליסטערישע האלטונג. דורכנ מיטל פונ סאנטימענטאליזמ פארליבלעכנ אונ פארגלעטנ זיי ניט נאָר אומבאקוועמע „שרייַענדיקע" פאקטנ באַ די נידעריקערע שיכטנ, נאָר אויכ דעמ אייגענעמ ווייניק ליבלעכנ אונ ווייניק „כיינעוודיקנ" שטייגער.

די קלאָמערשטע איראָניע צו זיכ, וואָס מיר געפינענ אָפט אינ דער ליטעראטור פונ אזא פעריאָד, ווערט קאָמפענסירט אונ אפילע איבערגעוויגנ פונ דער שטארקער גאָב פיליסטערישנ סאנטימענטאליזמ, וואָס ווערט צו דער איראָניע צוגעמישט. די בארימטע „לאכנדיקע טרער" פונ א באשטימטער בירגערלעכער סאטירישער ליטעראטור דארפ באשייַנענ אונ גלויבהאפטיקער מאכנ די פאראדאָקסע פארטיידיקונג פונ גאָרניט ליבלעכע הויקערס. דער מיטל־ אונ קליינבירגער האָבנ ליב צו פאָזירנ, די לעכערלעכקייַט פונ זייער פאָזע, פונ זייער קליינלעכקייַט, „אומהעראָיִשקייַט" אונ אומבאדייַטנדיקייַט, — א רעזולטאט פונ דער ניט־שטאנדהאפטיקער אונ ניט־דייַטלעכער קלאסנ־אָריִענטאציע, — פרווונ זיי פארגלעטנ דורכ „אידיליזאציע" אונ פארליגנערטער זיסלעכער פיליסטעריש־סאנטימענטאלער וואטראָנעס צו זייערע אייגענע שוואכקייַטנ.

דער זשאנר־מאָלערישער פיליסטערישער עלעמענט האָט, הייסט עס, א פארענטפערנדיקע פונקציע. ער פארענטפערט די סאָציִאלע אונ שטייגערישע פאָרמעס פונעמ בירגערלעכנ קלאס, צוליב וועלכנ דידאָזיקע קינסטלערישע מאניר איז באשאפנ געוואָרנ, אָבער אויכ אלע איבעריקע סאָציִאלע דערשייַנונגענ, אזוי ווייַט עס לוינט זיכ דעמ מיטל־ אונ קליינבירגער זיי צו פארענטפערנ אָדער צו פארגלעטנ זייערע „שארפע קאנטנ". דאָ ליגט די פ אָ ז י ט י ו ו ע פונקציע פונ דעמדאָזיקנ נאִיוו־פרימיטיוונ רעאליזמ.

דאָס יונגע ייִדישע בירגערטומ, וואָס הייבט ערשט אָנ באַ באשטימטע באדינגונגענ צו ווערנ מיט דער הילפ פונ דער ארומיקער (ניט־ייִדישער) באוועגונג א „קלאס פאר זיכ", האָט אינ דער פאקטישער ווירקלעכקייַט נאָכ ניט קיינ פעסטע אייַנגעפונדעוועטע „אידעאלע" פאָרמעס, האָט נאָכ ניט קיינ אינדיווידועל דיפערענצירטע כאראקטער־פיגורנ. באקומענ זיכ אָפט באַמ פרימיטיוו־רעאליסטישנ אויסמאָלנ אונ אפאָטעאָזירנ סייַ די נייַע פאָזיטיווע פיגורנ, סייַ די נייַע פאָזיטיווע פאקטנ — נאִיוו אויסגעטראכט, אופגעבלאָזנ, הויל אונ אנעמיש, אינ בעסטנ פאל אָבער טראפארעטיש-אומזיכער, פראָווינציִעל־באגרענעצט מיט ווייניק כאראקטער, אשטייגער, דער מעכאבער גופע גלויבט ניט אינגאנצנ אופריכטיק אינ דער רעאליטעט פונ דעמ, וואָס ער מאָלט (לעמאָשל: ארנ אונ זייַנ

סוויווע אין „ערשטן ייִדישן רעקרוט“, „דער ענגלענדער“ אין „מאַן און ווײַב“,
אָקסמאַן אין „שטערנטיכל“ א. א. וו.). אנדערש די אָפּגעשטאַנענע אַלטע פּי־
גורן און שטייגער־פאָרמעס, וועלכע דאָס בירגערטום דאַרף סײַ באַם אָפּגעלעבטן
העכערן (פעאָדאַלן) קלאַס, סײַ בא די אייגענע היגטערשטעליקע שיכטן קריטי־
קירן און באַקעמפן. זיי זײַנען דאַפקע יאָ דײַטלעכ אויסגעפורעמט און פעסט־
אײַנגעפונדעוועט אין דער רעאַליטעט. זייערע קאָנטורן און טיפּישע, זאָל זײַן
סטערעאָטיפּישע, שטריכן קען מען דעריבער גרינגער ארומכאַפּן אַפילע מיט די
ניט־געניטע און ניט־פעסטע מיטלען פונעם פרימיטיוון רעאַליזם.
די קינסטלערישע שילדערונג פונעם נײַעם, דערווײַל נאָכ ווייניק שטאַנד־
האַפטיקן, בירגערלעכן קלאַס, די נײַע טעמאַטיק און אידעאָלאָגישע באַלײַכטונג
באַקומען זיכ אין אָנהייב פאַרן שרײַבן גופע אַביסל „עקזאָטיש“, ער איז
נאָכ ניט פאַרגלויבט אין זיכ אַליין. ער פאַרזיכערט זיכ אַלץ קעסיידער
וועגן דער „ווירקלעכקײַט“ פון זײַן שילדערונגס־אָביעקט דורכ פּינקט־
לעכסטער אָנוואַלגערונג פון סימאָנים און באַווײַזן. אינעם נײַעם טע־
מאַטישן און אידעאָלאָגישן געביט איז נאָכ ניט פאַראַן קיין באַשרײַב־
טראַדיציעס און פאַרקירצטע פאָרמולעס, טאַפּט דער שרײַבער ארום די אויסנ־
ווייניקסטע קאָנטורן פון יעדן באַשריבענעם פאַקט און האָט מוירע אויסצולאָזן
א מינדסטן שטריכ. ער איז אָבער ניט ביכוילעס ארײַנצודרינגען אינעם „אינ־
טימען“ מעהוס פונעם געשילדערטן, ווײַל דעם נײַעם שטייגער פעלט נאָכ
ביכלאַל דערווײַל א פעסט־אויסגעפורעמטער „אינטימער“ כאַראַקטער, און צום
אַלטן, יאָ אויסגעפורעמטן שטייגער באַציט זיכ זײַן געזעלשאַפט־קריטישע סאַ־
טירע מיט צו שטאַרקן ביטל. די קאָנטורהאַפטיקע צייכענונג גיט דעריבער בלויז
מאַסקעס; פּיליסטערישן אַפּאָטעאָז פון איין זײַט, און גראָטעסקן כויזעק פון דער
אנדערער. די פּאָזיטיווע שילדערונגען זײַנען א גוזמע צום גוטן, די נעגאַטיווע—
א גוזמע צום שלעכטן. א גראָטעסקע גוזמע האָט אָבער שטענדיק מער כאַ־
ראַקטער און בוילעטקײַט איידער א פּוסט־איבערגעטריבענער אַפּאָטעאָז.
דעריבער זײַנען אין אַקסענפעלדס ווערק די נעגאַטיווע פיגורן, זייערע פּי־
זיאָנאָמיעס, קליידער, שטוב־כפייצים, זייערע טאַטן, רייד און זשעסטן אַסאַכ
לעבעדיקער איידער די פּאָזיטיווע פיגורן און געמעלן. אויכ די נעגאַטיווע, קרי־
טיקירטע אַקציע איז אַסאַכ ווייניקער אויסגעטראַכט און רעאַלער איידער
די פּאָזיטיווע „איידעלע“, פּאַטעטיש־סאַנטימענטאַלע געשעענישן.
אַזוי, לעמאָשל, איז דאָס ערשטע בילד אין „ערשטן ייִדישן רעקרוט“ (די
אַסיפע באַם פאַרנעס־כוידעש) אָן אַן ערעכ לעבעדיקער און קינסטלעריש
עכטער, איידער דאָס צווייטע בילד (באַם נאָגיד ר׳ אַרן אין שטוב) א. א. וו.
דאָס איז א כאַראַקטעריסטישער שטריכ פון דער ייִדישער ליטעראַטור פון
האַסקאָלע־פּעריאָד און פון אַלע ליטעראַטורן אין אופקלער־פּעריאָדן ביכלאַל. די
עמעס פּאָזיטיווע פיגורן, די אופקלערערישע „וואָרטפירער“ פון די מעכאַברים

זײַנענ נאָכ דערווײַל̄ דעריקער רעזאָניאָרנ אונ נאָכ ניט קיינ ל̄עבעדיקע ווירק־ל̄עכע „דיִאל̄עקטישע“ פערזענל̄עכקײַטנ (מיט „ל̄יכט אונ שאָטנ“). דידאָזיקע פי־גורנ גופע זײַנענ נאָכ דערווײַל̄ „מוסטער־מענטשנ“, אופגאבעס, וואָס די גע־זעל̄שאפט שטעל̄ט זיכ. דעריבער באשטייט זייער „ל̄עבעדיקײַט“ דערווײַל̄ דעריקער אינעמ ריידנ, זייערע טאטנ זײַנענ בל̄אס אונ ניט דורכגעזאפט מיט רעאל̄יטעט (ל̄עמאָשל̄: סטאראָדומ, טשאצקי, מארקיז פאָזא, די פאָזיטיווע פיגורנ בא ל̄ע־סינגנ אָדער קניאזשנינ א. א. וו.). אקטיוו זײַנ — הייסט פארמאָגנ דיִאל̄עק־טיק אונ דינאמיק. דידאָזיקע פיגורנ זײַנענ אָבער דערווײַל̄ בל̄ויז אוטאָפיש, זיי זײַנענ נאָכ ניט פאראנ ווי שטייגעריש ווירקנדיקע פאקטאָרנ, נאָר בל̄ויז ווי דאָגמאטישע פאָסטולאטנ. דעריבער זײַנענ זיי אינ דער ל̄יטעראטור רעדנע־ריש־אופקל̄ערעריש אונ סטאטיש. דאָס של̄יסט אָבער, פארשטייט זיכ, ניט אויס, אז עס זאָל̄נ זיכ אפיל̄ע אינ אזא פעריִאָד באווײַזנ סימאָנימ אונ אָנהייבנ פונ א „דיִאל̄עקטישער“ כאראקטער־צייכענונג, ווי א רעזולטאט פונעמ רעאל̄יסטישנ צוגאנג. ל̄עמאָשל̄, אינ גאכמענענ, ייִסראָעל̄ שטשופאקנ (פונ דער „גענארטער וועל̄ט“), אינ כאנצינ, אינ בעני דעמ דײַענ א. א. וו. געפינענ מיר שוינ אזעל̄כע — כאָטש טאקע דערווײַל̄ נאָכ שוואכ אָנזעעוודיקע — אָנצייכענישנ פאר א „דיִאל̄עקטישער“ פיגורנ־צייכענונג.

---

די סאטירישע מיטל̄ענ אקסענפעל̄דס האָבנ א נאטוראל̄יסטיש־דעסקריפטיווג כאראקטער, אינ זײַנ מיל̄יע־מאָל̄ערײַ גופע (ווו ער שיל̄דערט נעגאטיווע דער־שײַנונגענ) ל̄יגט זײַנ קריטישע קאוואָנע, אינעמ געגויעמ באשרײַבנ דערגרייכט ער זײַנ אָפשפעט־מיינ. וואָרעמ זײַנ סאטירישער שמייכל̄ איז געווענדט קעגנ דעמ שטעטל̄דיקנ ייִדישל̄עכנ שטייגער ביכל̄אל̄, וואָס איז אינ זײַנע אויגנ אינגאנצנ הויל̄ע טיפישע אָפגעשטאנענקײַט. אקסענפעל̄ד באנעמט דעמדאָזיקנ שטייגער אזוי, אז מע דארפ אימ נאָר בל̄ויז פינקטל̄עכ באַ־שרײַבנ, קעדיי ער זאָל̄ זיכ באקומענ קאָמיש.

אפנ דײַטשנ שארבל̄אט פונ „ערשטנ ייִדישנ רעקרוט“ ווערט דאָס בוכ באצייכנט ווי Ein komisch-tragischer Roman. עס קענ ניט מיט זיכערקײַט געזאָגט ווערנ, אז דאָסדאָזיקע טיטל̄־בל̄אט שטאמט פונ אקסענפעל̄דס האנט; יעדנפאל̄ס דארפ די כאראקטעריזירונג עפעס באטײַטנ, ל̄עפאָכעס אזויפיל̄, אז זײַנע נאָענטע כאווײרימ, צו וועל̄כע, אויב ניט צו אימ, דאָסדאָזיקע טיטל̄־בל̄אט מוז האָבנ א שײַכעס, האָבנ אינ אזא כאראקטעריזירנ געזעענ א דער־קל̄ערונג פארנ מעהוס פונ דעמדאָזיקנ ווערק. אינ דער פיקטיווער דיסטאנצי־רונג צו דער ספעציפישער ייִדישל̄עכער סוויווע, וואָס ווערט באדינגט דורכ אנ אנדערשפראכיקער טיטול̄ירונג פונעמ בוכ, האָט זיכ באוויזנ די נייטיקײַט עס צו כאראקטעריזירנ, ווי „קאָמיש־טראגיש“. מייל̄ע דאָס „טראגישע“ אינעמ ווערק

איז קלאָר, אָבער וואָס, אשטייגער, האָט אינ „ערשטנ ייִדישנ רעקרוט" געקענט באטראכט ווערנ פונ אקסענפעלדנ אָדער פונ זײַנע ליטערארישע צאוואָע־אויספירערס ווי „קאָמיש"? מיטנ וואָרט „ראָמאנ" וויל מינאסטאמ געגעבנ ווערנ אנ אָנצוהערעניש אפ דער ליבע־געשיכטע אינעמ ווערק, דאָס וואָרט „טראגיש" דארפ פארבײַטנ די אויסגעמיטענע, צוליב וואָסערע סיבעס ס'זאָל ניט זײַנ, ריכטיקע זשאנר־באצייכענונג, אָבער אפ וועלכע מאָמענטנ אינעמ ווערק ווערט געגעבנ אנ אָנצוהערעניש מיט דער באצייכענונג „קאָמיש"?

קלאָר, אז אפנ גאנצנ לעבנשטייגער, וועלכער ווערט דאָ געשילדערט. דער גאנצער שטעטלדיקער ייִדישער שטייגער ביכלאל איז באנומענ געוואָרנ ווי עפּעס קאָמישס — בעייס מע האָט געדארפט כאראקטעריזירנ אינ דער דיסטאנצ פונ דײַטשנ לאָשנ דעמ מעהוס פונעמ בוכ. באשרײַבנ געװנוי דעמדאָזיקנ שטייגער האָט שוינ באטײַט פונ אימ אָפּלאכנ.

עס איז קיינ סאָפעק ניט: ניט בלויז די פיגור נאכמענ ווערט אופגעפאסט פונעמ מעכאבער אי ווי טראגיש, צוליב זײַנ גוירל, אי ווי קאָמיש, צוליב זײַנ אָפּגעשטאנענקײַט, וואָס האָט אימ דערפירט דערצו, אז מע זאָל אימ קענענ אזוי גרינג אָפּנארנ, נאָר אויכ דער גאנצער ייִדישלעכער שטייגער (אכוצ פונ די ארנס אונ זײַנע מעקוראָווימ) — ווי טראגי־קאָמיש, כאָטש געוויינלעכ מער קאָמיש איידער טראגיש. די עטנאָגראפיש־פינקטלעכע באשרײַבונג פונעמ שטייגער איז אינ זײַנע אויגנ די גענויסטע שטייגער־ק ר י ט י ק, וואָס הייבט זיכ אָנ מיטנ כויזעק פונעמ אויסזענ אונ אָנטונ אונ לאָזט זיכ אויס מיטנ אָפּשפּעט פונ די טאטנ.

קאָמיש־טראגיש — דאָס איז ביכלאל איינער פונ די וויכטיקסטע שטריכנ אינעמ בירגערלעכנ שטייגער־סאטירישנ געזעלשאפט־קריטישנ רעאליזמ. מע באשרײַבט אויספירלעכ אונ אינ דער פינקטלעכקײַט גופע ליגט שוינ זייער אָפּט, סײַ בא אזעלכע פרימיטיווע רעאליסטנ ווי אקסענפעלד, סײַ בא אזעלכע גרויסע קינסטלער ווי זשאנ־פאול, דיקענס, גאָגאָל ביז אראָפּ צו מענדעלנ אָדער טשעכאָוונ — די „לאכנדיקע טרער", וואָס דארפ לויט די פארשידענע סאָציִאלע פונקציעס פונ די אופקלערערישע אָדער שפעטערדיקע בירגערלעכע טענדענצנ, פונ יעדנ שרײַבער אינ יעדנ פעריִאָד באזונדער — אי קריטיקירנ אי פארגלעטנ אונ אפּאָטעאָזירנ. די „לאכנדיקע טרער" איז כאראקטעריסטיש פאר יעדנ בירגערלעכנ געזעלשאפט־קריטישנ רעאליזמ, וואָס מוז אָפּשטעלנ די קריטיק בא די שוואכע פונקטנ פונעמ אייגענעמ קלאס אונ זי דיִאלעקטיש איבערקערנ, מאכנ פונ די כעסרוינעס — מײַלעס. באזונדערס אָבער איז זי כאראקטעריסטיש פאר א געזעלשאפט, ווענעס אָפּגעשטאנענע פאָרמעס ס'עקזיסטירנ אינ א צרבוילעטער סטירע צו די אנטוויקלטערע טענדענצנ פונ דער צײַט (צו די פראָדוציר־ אונ פארטייל־באדינגונגענ, צו דער אנטוויקלטערער פעלקער־סוויווע א. א. וו.) אונ וואָס האלטנ זיכ נאָכ אופ, פארשפעטיקטע אונ רײַפע צומ

אונטערגאנג, כאָטש עס שפּארט שוינ פונ אלע זײַטנ דער אנאכראָניסטישער כאראקטער פונ דערדאָזיקער געזעלשאפט.

---

די קאָמעדיע איז אינ אופקלער־פעריאָדנ געווײנלעכ אויסנ די דערציִונג פונ בירגערטום. דאָרט ווו די בירגערלעכ־אופקלערערישע דראמאטיק וויל מוסערנ אסאכ שטארקערע שיכטנ אָדער גאָר קלאסנ, איז פאר איר די קאָמיק ניט קײנ פאסיקער מיטל. זי קלײַבט דעמאָלט אויס דעמ אופרופנדיקנ, באקלאָגנדיקנ אָדער פאטעטיש־סאנטימענטאלנ נוסעכ — יעדנפאלס דעמ טראגישנ טאָנ. בענעגײע די נידעריקערע אָדער אָפּגעשטאנענע שיכטנ אינעמ אײגענעמ קלאס האלט זי פאר גענוג דעמ אָפּשפּאָט אונ כויזעק. אונ ווײַל עס ליגט שוינ אינעמ לעבעדיקנ שפראכ־נוסעכ פונ דידאָזיקע „ניט־העראָישע" שיכטנ א היפשער טײל פונ זײער קאָמיזמ — מוז מענ אינ דעמ מינ קאָמעדיע אָנקומענ צו זײער ספּעציפישער אָפּגעשטאנענער שפראכ. די קריטיק פונ בירגערטום האָט אלע באדײַטנדיקערע שרײַבער פונ דער בירגערלעכער קאָמעדיע זײַט מאָליערס „בירגער אלס אדליקער" געשטויסנ נאָכצוקרימענ דעמ שפראכ־נוסעכ פונ באשטימטע שיכטנ אונ שטאנדנ. ניט אומזיסט, — כאָטש טאקע אומגערעכט, — האָט מענ אזעלכע קאָמעדיעס (זײַט מאָליער) אויסגעוואָרפנ זײערע שפראכ־וולגאריזמענ.

ווענדיק זײַנ דורכויס רעאליסטיש אונ נאָכמאָלנ פינקטלעכ דאָסווירקלעכע לעבנ, האָט זיכ אקסענפעלד געמוזט אָנשטויסנ אפנ נאטירלעכנ רײד־נוסעכ פונ די אָפּגעשטאנענע מאסנ. אויכ אינ פראט פונ שפראכ־נוסעכ דערקענענ מיר בא אימ דײַטלעכ די שטריכנ פונ נאיִוו־פרימיטיוונ רעאליזמ. בעלי־סאָפעק איז אינ אקסענפעלדס שפראכ־נוסעכ פאראנ אויכ א פּאָזיטיוו־שאפערישע טענדענצ צו דער געזונטער פרישער מאסנ־שפראכ, אָבער דײַטלעכ גענוג פילט ער אינ איר די פארקריפלטע קאריקאטוריסטישע עלעמענטנ.—

די אופקלערונג האָט א נעטיִע צו קאָלערלײ „פאָלקסטימלעכע" פאָרמעס אונ עלעמענטנ, באזונדערס אינ פראט פונ שפראכ, צוליב דער גרעסערער צוטריטלעכקײַט פונ דידאָזיקע שפראכ־עלעמענטנ אונ ווײַל די בירגערלעכע אופקלערונג נעמט אמאָל ארומ אינ א קלענערער אָדער גרעסערער מאָס אויכ די שטרעבונגענ פונ ברײטערע מאסנ, — „די גאנצע מענטשהײַט" — כאָטש זײ פאלנ געזעצמעסיק ארונטער אונטער דער שטארקערער דאָמינאנטע פונ די בורזשואזע טענדענצנ. אינ א געוויסער מאָס איז דאָס אריבערגײנ פונ א טײל מאסקילימ צו דער יִדישער שפראכ (אונ אויכ צו דעמ שפראכ־נוסעכ פונ די מאסנ), כאָטש קימאט קעגנ דער באוווסטזיניקער טענדענצ פונ דער האסקאָלע־פראָגראמ (אָפּט אפילע מיטנ צוועק, קעדײ אזוי ארומ דידאָזיקע שפראכ אמבעסטנ צו באקעמפנ) — אויכ א רעזולטאט פונ דידאָזיקע ווידערשפרוכיקע

פאקטאָרנ. דאָס מוז אָבער אינ דער ליטעראטור ניט שטענדיק פירנ צו דער לעבעדיקער „פאָלקסטימלעכקייַט” פונ ווירקלעכנ סטיכייִשנ רייד־נוסעכ אסאַכ עלטערע יידישע אופקלערער־שרייַבער (אפילע פונ די ניט־דייַטשע לענדער) באנוצנ זיכ, וועלנדיק זייַנ „פאָלקסטימלעכ”, מיט א קאָנווענציאָנעל אָנגענומענער ליטערעריש־טראדיציאָנעלער „פאָלקסשפראַכ”, וואָס איז לאכלוטנ ניט אידענטיש מיטנ ווירקלעכ גערעדטנ נוסעכ. מיר זעענ דאָס, לעמאָשל, אינ אזעלכע „פאָלקס־ביכער” ווי „לעבנ־מיטל” („סמא דחיי”) פונ מענאשע איליער, „ספר־רפואות” פונ מוישע מארקוזע, „ראָבינזאָנ, די געשיכטע פונ אלטער־לעב” (אנאָנים) א. א. וו. קלאָמערשט זייַנענ דידאָזיקע אונ ענלעכע ביכער געשריבנ געוואָרנ אינ דער „פאָלקסשפראַכ”, אינעמעסנ אָבער האָט אזא יידיש אינעם טאָגטעגלעכנ לעבנ קיינמאָל ניט עקזיסטירט. דאָס איז א קאָנווענציאָנעלער, קונציק אונ ראפינירט צוגעטראכטער „ליטערארישער” נוסעכ, אינ וועלכנ דאָס עלטערע ביכערישע שוינ לאנג ניט גערעדטע יידיש־טייַטש איז אויסגעמישט געוואָרנ מיט נייַע דייַטשמעריזמענ אָדער מיט ווירקלעכ עכטע פאָלקסטימלעכע טנועס, ווערטער אונ זאצנ.

א שמאָלע ליניע פונ דעמדאָזיקנ רודימענטארנ אונ מיט דער צייַט מאָדיפיצירטנ דייַטשמערישנ בוכ־יידיש האָט זיכ געצויגנ בא א טייל שרייַבער ביז צומ סאָפ פונ דער אומנאטירלעכ־פארלענגערטער שפעט־האסקאָלע (ביז צו דיקנ אונ אפילע — ספעקטאָרנ). נאָכקלאנגענ פונ דעמדאָזיקנ נוסעכ זייַנענ פאראנ געוועזנ אינ דער ליטעראטור נאָכ אינ די ערשטע צוויי צענדליקער פונ אונדזער יאָרהונדערט. די עלטערע מאסקילימ (אפילע נאָכ דער יונגער מענדעלע) פלעגנ שרייַבנ זייערע פריוואטע בריוו אינ א טראדיציאָנעלנ „טייַטש”, וואָס איז שוינ ווייַט געוועזנ פונ עלטערנ יידיש, אָבער פונקט אזוי ווייַט פונ דער לעבעדיקער שפראַכ, אינ וועלכער זיי פלעגנ רעדנ. עס ציט זיכ אָבער זייַט מענדל לעפינ אונ דעמ אנאָנימענ מעכאבער פונ דער „גענארטער וועלט”, זייַט עטינגער, לעווינזאָנ, אקסענפעלד, גאָטלאָבער אונ אנדערע — א צענטראלע ליניע פונ דער שפראַכ־אנטוויקלונג, וואָס האָט זיכ דערשלאָגנ צו דעמ אייגנטלעכנ ווירקלעכ־גערעדטנ שפראַכ־נוסעכ. דערדאָזיקער נוסעכ האָט זיכ באפרייַט פונ דעמ אומנאטירלעכנ קלאָמערשט־יידיש, פונ דעמ שפינוועבס, וואָס שטאמט פונ דער טייַטש־טראדיציע. צו די וויכטיקסטע „שפראַכ־אנטדעקער” אינ אָנהייב פונ דעמדאָזיקנ אנטוויקלונגס־פעריאָד געהער אקסענפעלד. ער איז צוגעגאנגענ צומ עכטנ רייד־נוסעכ מיט א קלאָרער באוווסטזיניקייַט סייַ וואָס שייַעכ דעמ געזעלשאפטלעכנ באטייַט פונ דער לעבעדיקער עכטער שפראַכ, סייַ וואָס שייַעכ אירע קינסטלעריש־ליטערארישע מעגלעכקייַטנ. ער איז עפשער דער קרעפטיקסטער, אויספירלעכסטער אונ ווערטפולסטער פארשרייַבער פונ דער ווירקלעכ גערעדטער שפראַכ אינעמ דעמאָלטיקנ דאָרעמ־דוסישנ דיאלעקט־קאנט.

דער שפראַכ־נוסעכ אקסענפעלדס ווערט באהערשט פונעמ רעאליסטישנ

פרינציפּ, אָבער אין דער פּרימיטיווקייט פון זײַן רעאַליזם ליגן שוין די גרענעצן פון זײַנע שפּראַכלעכע אויפטוען. זײַן שפּראַך־נוסח איז נישט דורכויס נאַטוראַליסטיש, ער אָרגאַניזירט אים לויט באַשטימטע פּרינציפּן, אָבער לויט גאָר פּרימיטיווע און נאַיִווע פּרינציפּן. לעמאָשל, דער אויפן, ווי ער פּרוּווט ניוואַנסירן די שפּראַך פון א פאַרשוין דורך א דיאַלעקטישער אויסשפּראַך פונעם „ש", דורך אומגעלומפּערטער איבערכאַזערונג פון א רייד־טנוע („מעסונע", „פּאַסעט איז פּאַסעט") א. א. וו.

ס'פּילט זיך אין אַקסענפעלדס שפּראַך־שטראָם די סימכע פונעם אנטדעקער איבער דער גראַמקייט, שעפע און אייגנאַרטיקייט, וואָס באַווײַזט זיך אים פּלוצים אין דער שפּראַך. פאַרכלינעט ער זיך אַמאָל און כאַפּט זיך אַרויס מיט אַזעלכע פאַרגרעבטע שפּראַך־פּלאַסטן, צו וועלכע עס באַציִען זיך זייער אײַנגעהאַלטן אפילע די ברייטערע מאַסן גופא. אַקסענפעלד פאַרמאָגט נאָך ניט אין דער שפּראַך קיין קינסטלעריש דיסציפּלינירנדיקע אָריִענטיר־פּונקטן, קימאַט קיין שום וועגווייזער און טראַדיציע. ס'איז נאָך ניט פאַראַן דער אָפּגערעדטער קאָנווענאַנס פון פאַרקירצטן וואָרט־בילד, פון געזעצמעסיקן האַרמאָנישן לאָגיש־ווילקלינגענדיקן זאַצבוי, פון שיינער געשליפענער סינטאַקסיס. פּונקט אַזוי ווי ער מוז נאָכגיין — ניט האָבנדיק די טראַדיציע פון פאַרקירצטן בילד — אומבאַהאָלפן און אומגעניט, שטריך נאָך שטריך, נאָך די אײַנצלנע סימאָנים פון א זאַך קעדיי זי צו באַשרײַבן, פּונקט אַזוי נאַיִוו־זאָרגעוודיק און אומבאַהאָלפן מוז ער נאָכגיין נאָך דער לעבעדיקער שפּראַך גופא, נאָך אַלע אירע דריידלעך, שטיק, כיינדלעך, גראָבקייטן און צופעליקייטן. אפילע עטינגער, וואָס האָט זיך מיט דער צײַט אויסגעבויט זײַן אויסגעצייכנטן מײַסטערישן שפּראַך־סטיל, האָט אין אָנהייב פון זײַן שאַפן, ווי מיר זעען דאָס פון זײַן עלטערן סערקעלע־וואַריִאַנט (די יאָהאַניסבורגער אויסגאַבע), אויך געשריבן אַסאַך רויער און פּרימיטיווער.

אַקסענפעלד שרײַבט „אַזוי ווי מע רעדט" — כאָטש מיר קענען אויך בא אים געפינען באַשטימטע קאַם־אָנזעעוודיקע אָנהייבן און פּרוּוון פון א סטיל־שטרעבן. בכלל איז זײַן שפּראַך, אפילע נאָר אין לינגוויסטישן זינען, געוויס רוי; זײַן סטיליסטיק פאָרמלאָז, די זאַצקאָנסטרוקציע א צופעליקע, סטיכייִשע, און אפילע די גראַמאַטיקאַלישע לאָגיק פון זײַן זאַץ הענגט אויך דעריקער אָפּ פון צופאַל. אין אונדזער אויסגאַבע שטעלן מיר אַרײַן אין אַקסענפעלדס טעקסטן אונדזערע אָפּשטעל־צייכנס, דאָס ברענגט אַרײַן א באַשטימטע אָרדענונג אין דער סינטאַקסיס. עס טאָר אָבער ניט אָפּנאַרן און פאַרשטעלן דעם פאַקט, אַז אַקסענפעלדס שפּראַך־סטיל איז רוי און גראַמאַטיקאַליש צעטומלט.

עטלעכע בײַשפּילן (מיט דער אינטערפּונקטאַציע פונעם אָריגינאַל־דרוק):

„דער ערשטער ייִדישער רעקרוט אין רוסלאַנד, בשנת התקפ"ז דענצמאָל איז דער אוקאַז אָנגעקומענ" (טיטל). „...די שטוב איז א נײַע ערשט נאָך דער

סרײַפע אויסגעבויט א שטרויענעמ דאכ, מיט פריזבעס, אונ ווײַס פונ דרויסנ אָפּגעשמירט” (ז. 149). „דער אונטערשלאק בלאָער קיטײַ זעט מענ אומעטומ ארויס, אונ דער אונטערשלאק האלט דאָס גאנצע מאלבוש, ניט צוגעגארטלט: אנ ארבעקאנפעס פונ ווײַסער פיקע נאָר זייער קויטיק אינ איינ אלטער פליסענער יארמיקע פול מיט פעדערנ...” (ז. 149). „דאָס פּאָנעמ איז שווארצלעכ אונ אביסל נאָר געקאָרטשעט אונטערגעשוירנ די וואָנצעס, האָט א פּאָנעמ ווי ער לאכט. א לאנגע נאָז, אונ שווארצע גרויסע אויגנ אינ א גאנצנ קיטײַנעמ קאפטנ אביסל א צעגאנגענעמ מיט א ברייטער סטראָקע אָנ איזעריס. א זײַדענעמ גארטל אונ מע זעט ארויס, אז דער אונטערגארטל איז א לעדערנ בײַגארטעלע. א נײַעמ הויכנ ספּאָדעק א גוטנ ער האלט ביידע הענט אינ גארטל” (ז. 149—150). „... די שטיוועלעכ מיט שפּיצנ, געוועקסלטע, וואָס סקריפּענ ווי אפ א פראָסט אז מענ גייט אינעמ שניי, אינ א גוט סויבלענ היטל אפנ קאָפּ, קאמ קאמ שיט זיכ א בערדל אונ קליינע געגרײַזלטע פּייעלעכ, אונ א זײַדנ פאטשיילעכנ א רויטס שטעקט ארויס פונ דער זײַטנקעשענע” („שטערנטיכל”, קאפּ. 20). „דאָ הענגט א גרויסער שפּיגל אונ א קאָמאָדע מיט א שיינער קאנאפּע אונ זעקס שיינע פײַנע בענקלעכ...” („שטערנטיכל”, קאפּ. 13).

„אז מיכל איז מאָנטיק אינ דער פרי געקומענ צו אָקסמאנענ, האָט ער אימ געטראָפנ ווי ער איז געזעסנ באמ שרײַבנ. אז מיכל האָט געזענ א שיינ פּריצעלע ארײַנברענגענ אפ א טאצ קאווע קיילים מיט קאווע, דערבײַ זאָגט זי גוטמאָרגנ. דערווײַל ווי אָקסמאנ לייגט אוועק דאָס שרײַבנ אונ נעמט זיכ קאווע צו טרינקענ מיט א ווײַז דעמ שיינעמ יונגנ פּריצעלע אפ זײַנ בעט אינ אלקער ארײַנ (זי זאָל איבערציִענ דאָס בעטגעוואנט)”. („שטערנטיכל”, דאָרט). „עס איז שוינ שפּעט געווענ באנאכט, דערצו איז אָקסמאנס אייסעק, אז מענ מוז צומ שפּיטאָל פּאָרטראכטנ אלצ מיטנ טאָג גלײַכ איבערצוגעבנ אפ די קעכנ בא די קראנקע סאָלדאטנ, זאָלנ האָבנ וואָס צו קאָכנ, האָט געמוזט בלײַבנ אפ אכט טאָג שפּעטער, זאָל מענ זיכ צונויפקומענ בא ר׳ גערשנ מארגאָסינ, דאָרטנ וועט אָקסמאנ דערציילנ די מײַסע פונ דעמ ליפע לעוויט מיט דעמ פאלשנ שטערנטיכל” („שטערנטיכל”, קאפּ. 16).

אזעלכע גראמאטיקאליש־סטיליסטיש צעשויבערטע זאצנ קומענ פאָר פארהעלטניסמעסיק ניט גאָר צו אָפט, אָבער גענוג אָפט אפ פעסטצושטעלנ, אז די גראמאטיקאליש־סטיליסטישע גראָטנקײַט פונ א זאצ איז בא אקסענפעלדנ מער אָפּהענגיק פונ צופאל איידער פונ א באוווסטזיניקער ארבעט [1]). דערצו פאסט טאקע דער פאקט, אז אינ די רעפּליקעס (אלציינס צי אינ די פּיעסעס אָדער אינ „שטערנטיכל”)

---

1) מיר געפינענ אויכ זאכלעכע לאפּסוסנ אונ אומפּינקטלעכקײַטנ, וואָס ווײַזנ אָנ אפ א ניט־גענויער קינסטלערישער דורכארבעטונג. לעמאָשל: „זינט פרײַטיק אָנ ווײַנענ אלע מאמעס, וואָס האָבנ קינדער”. ס׳האָט אָבער געדארפט שטיינ „פונ שאבעס אָנ”, ווײַל שאבעס איז אָנגעקומענ דער אוקאז”.

זײַנען די זאצן ניט בלויז סטיליסטיש, נאָר אויך גראמאטיקאליש פעסטער און געראָטענער געבויט איידער דאָרט, ווו ער מאָלט און באשרײַבט. וואָרעם אויך אינעם ווירקלעכן רעדן פארמאָגט אן איבערגעגעבענער ג ע ש פ ר ע ך מער גראמאטיקאלישע ל אָ ג י ק איידער אן אויסמאָלנדיקע מ ײַ ס ע. א רעפליקע דינט אינעם לעבן אומיטלבארער דעם צוועק זיך צונויפצורעדן און צו איבערצײַגן איידער א ווייניקער קאָנקרעט פארינטערעסירטער און מער „אָביעקטיווער“ מײַסע־באריכט. פון דאנען טאקע נעמט זיך, אז פאר אָנהייבנדיקע ליטעראטור־שפראכן איז אמאָל גרינגער איבערצוגעבן דיאלאָגן איידער אויסצומאָלן זאכן און געשעענישן.

אויב מיר זאָגן, אז אקסענפעלדס שפראך איז דעריקער א „סטיכיײַשע“, „אזוי ווי ס'רעדט זיך“, איז קלאָר, אז מע קען בעשומויפן ניט כאראקטעריזירן אפן אייגענעם אויפן אויך מענדעלעס און שאָלעם־אלייכעמס שפראך־נוסעך. עס איז געווען צו פארגלײַכן די שפראך פון דידאָזיקע צוויי קלאסיקער מיט אן עלטערן עטאפ פון דער ליטעראטור־שפראך, לעמאָשל, מיט אקסענפעלדס נוסעך, אָדער גאָר מיט דעם נוסעך פון דער אנאָנימער „גענארטער וועלט“, קעדיי אײַנצוזען, אז דידאָזיקע כאראקטעריזירונג איז פאר מענדעלעס און שאָלעם־אלייכעמס שפראך דורכויס ניט פאסיק, אז די ליטעראריזירונג און סטיליזירונג פון דער שפראך איז דורכגעגאנגען א געוואלדיקע אנטוויקלונג ביז זי האָט דערגרייכט דעם נוסעך פון די דערמאָנטע מײַסטערס. זייער שפראך איז לאכלוטן נישט קיין „סטיכיײַשע“, דאָס איז א „פאָנעטישער טאָעס“. פארקערט, זייער שפראך איז ראפינירט־סטיליזירט און אמאָל אפילע — אינעם ליטעראריש פ אָ ז י ט י וו ן זינען — שטארק קינסטלעך. פארשטייט זיך: אויך דער ראפינירטער רעאליזם אָריענטירט זיך אף דער נאטירלעכער רעד־שפראך, מע קען אָבער ניט זאָגן, אז ער איז א קאָפּיע פון דער סטיכיײַשער רעד־שפראך. ער נעמט פון דער רעד־שפראך באשטאנדטיילן און עלעמענטן, די „רעאליא“, אָבער די אָרגאניזירונג פונעם זאץ, זײַן אופבוי, צוזאמענשטעל, זײַן פארקירצונג קאָנדענסירונג אָדער צעציִונג, די קינסטלערישע דערפינדונג און גרופירונג פון די פארשידענע זאצן — זײַנען דער אופטו פונעם ראפינירטן, הויך־אנטוויקלטן קינסטלערישן רעאליסטישן שפראך־סטיליסט.

ווי נאטירלעך עס זאָל ניט קלינגען מענדעלעס אָדער שאָלעם־אלייכעמס נוסעך — פאקטיש איז ער אין לעבן, אין אזא פאָרם, קיינמאָל ניט פאראן געווען. זייער „בארעדעוודיקײַט“ איז ע נ ל ע ך צו דער ווירקלעכער „בארעדעוודיקײַט“, ווײַל זי איז רעאליסטיש, געשעפט פונעם ווירקלעכן לעבן; זי איז אָבער נ י ט די „סטיכיײַשע“, ניט איבערגעגעבן „אזוי ווי אין לעבן“. דערדאָזיקער נוסעך איז,

מעגלעך פארקערט, אז דאָ איז שטיין געבליבן א וואָרט, וואָס ווײַזט אף א פריִערדיקן אנדערן פלאן. אקסענפעלד האָט זײַנע ווערק, אפּאָנעם, געשריבן גרינגלעך פארטראכט, אָבער שפּעטער ווייניק דורכגעשליפן.

פארקערט אפ א ראפינירטנ אויפנ קינסטלעריש סטיליזירט, באשטימטע ניואנסנ זײַנענ אינ אימ גוזמעדיק פארשטארקט אָדער אָפגעשוואכט געוואָרנ, די גרופירונג איז א בעקיוונדיקע א. א. וו. דער לייענער האָט געלאכט באמ לייענענ שאָלעמ־אלייכעמס ווערק ניט דערפאר, ווײַל ער האָט זיכ אונ זײַנ רעדנ דערקענט, נאָר ווײַל ער האָט אינ דעמ קונסטפול סטיליזירטנ געוועב פונ קינסטלעריש איבערגעטריבענער קאָמיק פאָרט נאָכ אלצ זיכ אונ זײַנ רעדנ דערקענט. מענדעלע אונ שאָלעמ־אלייכעמ זײַנענ שוינ גאָר ווײַט אוועק פונעמ סטיכיײשנ רעד־שטראָמ. די ליטעראטור־שפראכ איז שוינ ב י ז צ ו ז י י דורכגעגאנגענ דעמ געדריידלטנ וועג: פונ דער סטיליזירטער ייִדיש־דײַטשער אונ דײַטשמערישער בוכ־שפראכ צו דער נאטירלעכער סטיכיײשער מאסנ־שפראכ אונ פונדאנענ — צו דער ליטעראטור־שפראכ, וואָס האָט דערגרייכט אינ זייערע ווערק די העכסטע פאָרמ פונ קינסטלערישנ סטיליזירנ די לעבעדיקע „פאָלקס״־שפראכ. א ווײַטערדיקע אנטוויקלונג אינ דער קינסטלערישער באארבעטונג פונ דעמדאָזיקנ נוסעכ איז ניט מער מעגלעכ, ווײַל ער אונ די באדינגונגענ, בא וועלכע ער איז געוואקסנ, זײַנענ היסטאָריש פארענדיקט אונ אָפגעפארטיקט.

נאָכ אינ יענער צײַט, ווענ אקסענפעלד האָט געשריבנ זײַנ נאיִוו־סטיכיײשנ שפראכ־נוסעכ, אונ עפשער אפילע אביסל פריִער, האָט זיכ שוינ אָנגעהויבנ באווײַזנ א באוווסטזיניקע סטיליסטישע קינסטלעריש־שלײַפנדיקע ארבעט איבער דער שפראכ — אינ עטינגערס ווערק. דאָ גייט ניט אינ דעמ, וואָס עטינגער האָט זיכ גוט אײַנגעהערט אונ אויסגעצייכנט איבערגעגעבנ די לעבעדיקע שפראכ, נאָר אינ דעמ, אז ער האָט דערהערט אונ ק י נ ס ט ל ע ר י ש אָ ר ג א נ י ז י ר ט די עכטערע, פײַנערע ניואנסנ אונ שאטירונגענ בא די פארשידענע טיפנ, פונ וועלכע ער לאכט אָפ מיט דער הילפ פונ זייער אייגנארטיק אויסגעטײלטנ רייד־שטייגער. בא אקסענפעלדנ זײַנענ אויכ פאראנ אזעלכע פרווונ, זיי זײַנענ אָבער ביז גאָר נאיִוו אונ אומבאהאָלפנ. לויטנ גאנצנ כאראקטער פונ זײַנ קינסטלערישנ אינטערעס קענ ער ניט אויסנ זײַנ צו מאָלנ די פיגורנ דעריקער מיט דער הילפ פונ זייער אייגנארטיקנ רייד־נוסעכ, ער קענ ניט, ווי עטינגער, לייגנ דעמ טראָפ אפ דעמ אויפנ אונ שטייגער ווי זיי רעדנ, נאָר דעריקער אפ דעמ, וואָס זיי רעדנ. אינ פארגלײַכ מיט דעמ א י נ ה א ל ט פונ זייערע רייד אונ מיטנ רעזולטאט, וואָס באקומט זיכ פונ דעמדאָזיקנ אינהאלט פאר דער אקציע אונ פאר די געשעענישנ — מוז די שפראכלעכע פ אָ ר מ בא אקסענפעלדנ בלײַבנ א נעבנזאכ.

———

די קימאט עטנאָגראפישע גענויקײַט אינעמ פארשרײַבנ די לעבעדיקע שפראכ גיט אקסענפעלדס שפראכ־רעגיסטראציע (פונקט ווי זײַנע שטייגער־באשרײַבונגענ) אכוצ דעמ ליטערארישנ באטײַט אויכ א באזונדערס גרויסנ

שפּראַך־היסטאָרישן ווערט. זײַנע ווערק זײַנען אַ וויכטיקער דאָקומענט פאַר דער שפּראַך־געשיכטע פון יענער צײַט. דאָס הייסט אָבער פאָרט ניט, אַז אַקסענפעלד קאָפּירט נאַטוראַליסטיש מיט אַבסאָליוטער אויסגעהאַלטנ־קייט דיווירקלעכע גערעדטע שפּראַך, אַז ער פאָרעמט לאַכלוטן ניט איבער, טראַכט ניט צו און קאָנצענטרירט ניט לויט אַ באַשטימטן קינסטלערישן ווילן די שפּראַך פון זײַנע רעפּליקעס, אַז ס'איז אין זיי ניטאָ קיין שום עלעמענטן פון אַ ליטעראַרישן שפּראַך־סטיל.

פּרוּוון אין דער ריכטונג באַמערקן מיר בײַ אַקסענפעלדן יאָ, זיי זײַנען נאָר זייער פּרימיטיוו און אומבאַהאָלפן. אַזוי, לעמאָשל, איז זײַן פּרוּוו אויסצוטיילן די פיגורן לויט באַשטימטע סימאָנים פון רעד־שטייגער זייער פּראָסט און אַמאָל אַפילו אָנגעצויגן און האַמעטנע. זײַנע שפּראַכלעכע דיפערענציר־מיטלען זײַנען דאָסראָוו אויבערפלעכלעך און רוי, באַקומט זיך אָפט סכעמאַטישע פּאַראָדיסטיק, וואָס דערגייט אַמאָל ביז צו אַ פּרי־מיטיוון גראָטעסק. עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז די „איידלערע" שפּראַך פון די פּאָזיטיווע פיגורן, פונקט ווי זייערע קערפּערלעכע פיזיאָנאָמיעס, קומען בײַ אַקסענפעלדן אַרויס בלאַסער, כאַראַקטערלאָזער איידער די שפּראַך און די פיזיאָנאָמיעס פון די נעגאַטיווע פיגורן. אַקסענפעלד האָט ליב אָנצובינדן דער שפּראַך פון זײַנע נעגאַטיווע פיגורן כאַראַקטעריסטישע מומים אָדער סטיל־הויקערס, פונקט אַזוי ווי ער בינדט דידאָזיקע פיגורן אָן קערפּערלעכע מומים: אַ גוליע, אַ פּליך, אַ פאַרעך, שטאַמלעניש („שיפּעליאַווע"), שטומקײַט, טויב־קײַט א. א. וו. אַזעלכע כאַראַקטעריזיר־מיטלען ווי, לעמאָשל: דאָס פאַרבײַטן ש' אויף ס', דאָס אָפטע איבערכאַזערן אַ פוסטע און אומבאַטײַטיקע פראַזע („פּאַסעט איז פּאָסעט", „מעסונע" א. א. וו.), אָנגעוואַלגערטע קלאָלעס און ווערט־לעך (בראָכע, וועלוול גיליוואַטע א. א. וו.) נוצט אַקסענפעלד אויס (לעהייפּעך צו עטינגערן) אויף גאָר אַ פּרימיטיוון און וואָלוועלן אופן. אַמאָל לאָזט ער אַ פיגור באַנוצן בילדער פון זײַן פּראָפעסיע (לעמאָשל, דער אָקסן־הענדלער ייִסראָליק אָקרײַנער פאַרגלײַכט די קעהילע מיט די אָביעקטן פון זײַן האַנדל, זע ז. 162). עס פעלן אים אָבער די מיטלען אויסצושלײַפן אַזאַ דעטאַל און אים געהעריק אונטערצושטרײַכן. דאָס כאַראַקטעריזירן דעם מאַיאַסעניק דורך דעם אומ־געלומפּערטן איבערכאַזערן „פרומעלע פײַן, פרומעלע שיינ", דעם מעשוגענעם פאַרצווייפלטן צושטאַנד פון ציפּערען (זע ז. 193) — דורכן איבערכאַזערן די ניט־מאָטיווירטע אומעכטע פראַזע „אַ מיידעלע זאָל גיין אין כיידער אַרײַנ" א. א. וו. ווײַזט אונדז ווי שוואַך עס זײַנען געווען אַקסענפעלדס שפּראַכלעכע כאַראַק־טעריזיר־מעגלעכקײַטן. זיי זײַנען ניט אימשטאַנד די פיגורן פּערזענלעך און לויט דער סיטואַציע דײַטלעך צו דיפערענצירן.

אַקסענפעלד האָט זיך אָבער פּינקטלעך אײַנגעהערט צו די פאַרשידענע רייד־שטייגערס פון באַשטימטע סאָציאַלע, עקאָנאָמישע און פּראָפעסיאָנעלע

שיכטנ און גרופּעס און האָט זיי מיט פּינקטלעכקייַט פאַרפיקסירט. זייַנ שפּראַכ־נוסעכ איז „עטנאָגראַפיש" דיפערענצירט לויט גאַנצע שטייגער־גרופּעס און ניט לויט קאָנקרעטע אינדיווידועלע כאַראַקטער־פיגורנ. דער קינסטלעריש־אַנטוויקלטער רעאַליזמ דיפערענצירט דעמ רעפּראָדוצירטנ שפּראַכ־נוסעכ טאָפּלט: אי לויטנ „שטאַנד" און אינעמ שטאַנד גופע — לויטנ קאָנקרעטנ אויסגעטיילטנ כאַראַקטער און לויט דער קאָנקרעטער סיטואַציע. אַקסענפעלד בלייַבט שטיינ באַמ ערשטנ עטאַפּ. אינ אַקסענפעלדס שפּראַכ־נוסעכ פאַרמאָגנ מיר ביז גאָר וויכטיקע דאָקומענטנ וועגנ דער דעמאָלטיקער שפּראַכ פונ אַנ אָפּגעשטאַנענעמ קרעמער, אַ שענקערקע, אַ רעבנ, אַ כאָסיד, אַ פרומלעכער שאַדכנטע, אַ גאַבע, אַ שאַמעס, אַ שמוגלער, אַ מילנער, פונ אַ מאַסקילישנ ווילנ יונג (ייִסראָעל שטשופּאַק), פונ אַ פאַרשייַטער כסידישער טאָכטער, פונ אַ נאַיִוונ צניִעסדיקנ מיידל, פונ אַ טמימעסדיקנ דייַענ און אַפילע פונ אַ פאַרשיקערטנ רוסישנ אָפיצער און זייַנ יאַמשטשיק (זייער רוסיש געגוג פלינק איבערגעגעבנ אינ ייִדישער שפּראַכ). אָבער אַ קינסטלעריש ניואַנסירטע פ ע ר ז ע נ ל ע כ ע שפּראַכ וועלנ מיר אינ זייַנע רעפּליקעס ניט געפינענ. לעמאָשל: די שפּראַכ פונ די פיגורנ, וואָס געהערנ צו איינ שטייגערישער גרופּע, דיפערענצירט זיכ בּאַ אַקסענפעלדנ דעריקער „קאַמעסדיק" און זייער זעלטנ אַמאָל אויכ לויטנ „אייכעס", אָבער קיינמאָל גייט זי ניט אַרויס פונ ט י פּ י ש נ געדער.

———

דיזעלבע סיבעס, וואָס דערפירנ צו אַ ליטעראַטור אינ אַ נאַציִאָנאַלער שפּראַכ, דערפירנ בּאַ אַ בּאַשטימטנ צייַטפּונקט פונ אַנטוויקלונג אויכ דערצו, אַז די שפּראַכ זאָל זייַנ „רעאַליסטיש", ד. ה. דיווירקלעכע שפּראַכ פונ די מאַסנ. דאָס בּאַטייַט אָבער נאָכ ניט, אַז דער שרייַבער פונ אַזאַ צייַט מוז האָבנ אַ דורכויס פּאָזיטיווע בּאַציִונג צו דער „פאָלקסטימלעכער" שפּראַכ בּיכלאַל אָדער צו אַלע אירע טיילנ. פאַרקערט איז מעגלעכ, אַז די גאַנצע שפּראַכ בּיכלאַל אָדער בּאַשטימטע טיילנ אירע ווערנ אַרייַנגעצויגנ ווי אָביעקטנ פונ דער געזעלשאַפטלעכער קריטיק. עס טרעפט זיכ, אַז אַ שרייַבער נעמט זיכ שרייַבנ אינ דער פאָלקסשפּראַכ גראָד קעדיי צו אַגיטירנ ק ע ג נ איר (און צו בּאַווייַזנ די נויטווענדיקייַט אַריבּערצוגיינ אַפ דער אַלגעמיינער לאַנד־שפּראַכ), אָדער קעגנ בּאַשטימטע טיילנ אירע.

וואָס שייַעכ אַקסענפעלדנ, קענ קיינ סאָפעק ניט זייַנ, אַז כאָטש ער פירט ניט שטענדיק דורכ — איבער דער פּרימיטיווקייַט פונ זייַנע קינסטלעריש־רעאַליסטישע מיטלענ — קיינ אויסגעהאַלטענע שפּראַכלעכע דיפערענצירונג לויט דעמ גראַד אָנגעווענדטנ שפּראַכ־פאָלקלאָר צווישנ די פּאָזיטיווע און נעגאַטיווע פיגורנ, בּאַווייַזט ער פּאָרט אַ היפּש בּיסל איראָניע צו דער גראָבער קלאָלע־שפּראַכ פונ בּראָכע, צו ווערלויל גיליוואַטעס „לעמאָשלענ", צו גאַווריִעל

שעדס „מעשונעוועג", צו דער פרומלעכ געקנייטשטער שפּראַכ פונ די רעבּעס און זייערע אָנהענגערס, צו כאנציס פּאָלקלאָריסטישנ נוסעכ. עס פילט זיכ דייַטלעכ אינ זייערע רעפליקעס א פּאראָדיסטישער טאָנ, א נאָכשפּעטערישע אינטאָנאַציע און א נאָכקרימעניש פונ זייער מימיק. אינ דידאָזיקע עלעמענטנ דערלאנגט אקסענפעלד א היפּשנ טייל פונ יענער קאָמיק, וואָס ווערט צוגעזאָגט אינעם דייַטשנ טיטל פונעם „ערשטנ יידישנ רעקרוט". פונ באשטימטע שטריכנ אינ דער מאסנ־שפּראַכ האָט אקסענפעלד גענוג דייַטלעכ אָפּגעלאכט.

אינ דער אייגענער צייַט מוז אָבּער פעסטגעשטעלט ווערנ, אז דער „אריסטאָקראַטיזמ", וואָס פילט זיכ אפילע אינ יענע ערטער בּא עטינגערנ, ווו ער בּרענגט נעגאטיווע „פּאָלקס"־טיפּנ מיט זייער לאָשנ, פעלט אינגאנצנ אינ אקסענפעלדס שפּראַכ־נוסעכ. אויכ אינ דעמ פּראַט פילנ מיר אינ אקסענפעלדס שאַפנ דייַטלעכער דעמ דרוק פונ די בּרייטערע מאסנ איידער בּא עטינגערנ. עס פילט זיכ, אז אקסענפעלד האָט א גענוג בּאוווּסטזיניקנ בּאגריפ וועגנ דעמ ווערט און די מעגלעכקייַטנ, וואָס ליגנ דאפקע אינ דער ניט־אָפּגעניצטער, פרישער, גערדיכטער, כאָטש טאקע האמעטנער מאסנ־שפּראַכ. ער קוויקט זיכ אָפּטמאָל מיט א פּראָסט וואָרט. אפילע ווענ ער איראָניזירט עס — האָט ער אמאָל דערצו א צווייענדיקע בּאציִונג, פּונקט ווי בּיכלאל צו די שיכטנ, וועלכע רעדנ דידאָזיקע שפּראַכ.

עס טרעפט זיכ, אז אי ער איראָניזירט אי ער פּאָסמאקעוועט: אכוץ דער אופקלערעריש־בּירגערלעכער קעגנערשאפט דערקענענ מיר דאָ א „פּאָלקיסטישע" נאָטע. ער האלט עס פאר מעגלעכ ארויסצוזאָגנ אלע זייַנע געדאנקענ וועגנ געזעלשאפטלעכע איניאָנימ אינגאנצנ בּלויז אינעם „פּראָסטנ" לאָשנ, אָנ הילפ פונ דייַטשמעריזמענ, אויסקומענדיק מיט די געוויינלעכע בּילדער און בּאגריפנ פונ דער מאסנ־שפּראַכ — און דאָס איז דעמאָלט גאָרניט אזוי גרינג געווענ [1]. מע קענ דאָס אייגענע אינ א געוויסער מאָס זאָגנ אויכ וועגנ עטינגערנ. אינ זייַנע ווערק האָט ער אָבּער ניט געגעבּנ אזא בּרייטנ געזעלשאפטלעכנ „אני־מאמינ", ווי אקסענפעלד. ער האָט זיכ ניט אזוי אויספירלעכ בּאלערנדיק ארויסגעזאָגט. אקסענפעלדס בּרייטע „געמיטלעכע" ווייניק אָרגאניזירטע בּארעדעוודיקייַט, זייַנ געדיכטער און פעטער נאטירלעכער שפּראַכ־שטראָמ, וואָס פּאסט אזוי גוט צו זייַנע פּראָסטע אבּיסל אידילישע און פארבּיקע געמעלנ, האָט פאר אונדז, אָפּגעפרעמדטע פונ זייַנ לעקסיק, סינטאקסיס און פראזעאָלאָגיע, ניט בּלויז דעמ אינטערעס פונ היסטאָרישער פרעמדארטיקייַט, נאָר אויכ, טאקע צוליבּ דערדאָזיקער היסטאָרישער דיסטאנצ, א בּאזונדערנ עסטעטישנ נאיִוונ כיינ.

---

[1]) זע אויבּנ ז. 41 לעווינזאָנס מיינונג וועגנ יידיש.

דאָס כאַראַקטעריזירן אַקסענפעלדן אַלס „נאַיִוו־פּרימיטיוון רעאַליסט" טאָר בעשומויפן ניט פאַרשטאַנען ווערן ווי אַ סאַכאַקלדיקע ווערט־אָפּשאַצונג, נאָר ווי אַ פעסטשטעלונג און באַשטימונג פון זײַן היסטאָריש־באַדינגטער טעכניש־פאָרמאַלער מאַניר. עס איז דורכויס ניט געדרונגען, אַז אַ פּרימיטיווער רעאַליסט מוז שטענדיק לויט זײַן סאַכאַקלדיקן קינסטלערישן ווערט נידעריקער שטיין איידער אַ פאָרמאַל־ראַפינירטער רעאַליסט מיט אַ מער אַנטוויקלטער מאַניר, אָדער פון אַ שפּעטערדיקן פּעריאָד, ווען דער רעאַליזם האָט שוין מער אָדער ווייניקער אַנדערע פונקציעס. עס קען דורכויס פּאַסירן, אַז אין פּראַט פון קינסטלערישן און אידעאָלאָגישן טעמפּעראַמענט, אין פּראַט פון אויסדרוקס־ און ווירקונגס־קויעך, פון ברייטקײַט אינעם געזעלשאַפטלעכן און אינעם שילדערונגס־פאַרנעם, פון געשטאַלטיקונגס־אינטענסיווקײַט און פון דער מאַמאָשעסדיקער לעבעדיקײַט אין דער קינסטלערישער רעפּראָדוקציע זאָל גראָד אַמאָל אַ פּרימיטיווער רעאַליסט העכער שטיין איידער פאָרמאַל־קינסטלעריש פולקומערע און אַפילו ראַפינירטע רעאַליסטן. עטינגער איז, למשל, אין פאָרמאַל־טעכנישן זינען ניט־פאַרגלײַכלעך באַדײַטנדיקער איידער אַקסענפעלד, אָבער אין עטלעכע פון די פּראָטים, וואָס מיר האָבן נאָר־וואָס דערמאַנט, שטייט ער נידעריקער איידער אַקסענפעלד. וואָס שײַך דידאַקטיק פּראָטים געפינט זיך אַקסענפעלד נענטער צו די קלאַסישע אופטוען פון דער ייִדישער ליטעראַטור (אין די ווערק מענדעלעס און שאָלעם־אַליכעמס) איידער עטינגער.

אַקסענפעלדס „פּרימיטיווקײַט און נאַיִווקײַט" אין דער מאַניר איז באַדינגט ניט בלויז און עפּשער אויך ניט דעריקער דורך דער אומבאַהאָלפנקײַט פון אַ שוואַכער, ניט צוגעגרייטער פאָרם־אַנטוויקלונג, נאָר אויך דורך דער באַוווּסט־זיניקער געזעלשאַפטלעכער פונקציע פון זײַן שאַפן. אין דער כאַראַקטעריסטיק פון אַקסענפעלדס ווערק, וואָס טוגענדהאָלד האָט צוגעשטעלט צום ווילנער צענזור־קאָמיטעט [1] לייענען מיר אַן אָנצוהערעניש וועגן דער פונקציע פון אַק־סענפעלדס פּרימיטיוון רעאַליזם: „דאָס אַלץ שטעלט פאָר דער פּאַרפאַסער מיט די עכטע דיבורים פון דער סעקטע גופא, אַזוי אַז דורך זיי אַנטפּלעקט זיך דער גײַסט אירער און מע מוז ניטווילנדיק באַוווּנדערן, ווי טיף ער האָט שטודירט זייערע זיטן, זייער שפּראַך, זייערע באַוועגונגען און געהיימסטע געפילן". אַקסענפעלד גופא דערקלערט די פונקציע פון זײַן מאַניר: „...ארויס־געפונען קאָמישע און צוגלײַך באַלערנדיקע געשעענישן פונעם ווירקלעכן לעבן..., אַז דער אוילעם וועט זיך דורשטיק אָנכאַפּן אָן דעם אינהאַלט פון דעם ווערק... ער וועט מוזן דערפילן אַ פאַראַכטונג צו דער גאַנצער כסידישער סעקטע — און דערמיט ווערט דערגרייכט מײַן ציל" [2]. טוגענדהאָלד לויבט אין אַ בריוו

---

1) ש. גינזבורג: „נײַעס וועגן אַקסענפעלד". „פילאָלאָגישע שריפטן", II בד. ווילנע, 1928, ז. 48.

2) אין דער ווענדונג צום בילדונגס־מיניסטער, דאָרט ז. 46.

צו אקסענפעלדנ (1840) זײַנ רעאַליזמ: „איר האָט דערהויבנ אײַער סאַטירע ביז צו אזא זעלטענער פולקומקײַט, אז אָפשאצנ געהעריק אירע מײַלעס קענענ נאָר יענע, וואָס האָבנ לאנג, לאנג געבלאָנדזשעט צווישנ די אָנהענגער פונ דער כסידישער סעקטע... ווי גרויס זײַט איר, טײַערער פרײַנט... ווענ איר אנט־פלעקט די נידעריקײַט פונ זייערע נעפאשעס אינ איר גאנצער עקלהאפטער נא־טירלעכקײַט" [1]). דאָ האָבנ מיר א דײַטלעכע פאָרמולירונג פונעמ צוועק, וואָס דער פרימיטיווער רעאַליזמ וויל דערגרייכנ: די נאַיווע, פרימיטיווע „עכטקײַט" (וואָס טאָר ניט פארביטנ ווערנ מיט טענדענצלאָזנ נאטוראַליזמ!) איז אויסנ פארשטארקטע סוגעסטיווע ווירקונג פונ דער קריטישער סאַטירע אפנ פראָסטנ לייענער. פאר דערדאָזיקער פונקציע וואָלט, לעמאָשל, דער ראפינירטער רעאַליזמ מענדעלעס (אונ אפילע עטינגערס) ניט געווענ פאסיק — ער וואָלט פאָשעט ניט דערגאנגענ צומ לייענער אונ ניט דערגרייכט דעמ צוועק.

אינ די ראמענ פונ דערדאָזיקער פונקציאָנאלער מאניר וועט מענ ערשט קענענ געהעריק אָפשאצנ דעמ ווערט פונ אקסענפעלדס שאפנ. עס איז ניט נייטיק נאָכצוגיינ נאָכ די פאָלקיסטישע רעאקציאָנערע גוזמעס וועגנ דעמ קויעכ, וועגנ דער „נעשאָמעדיקײַט אונ זאפטיקײַט" פונעמ פרימיטיוו, קעדיי צו דער־קלערנ די ספעציפישע מײַלעס פונ אקסענפעלדס ווערק. זייערע מײַלעס ליגנ ניט אינ דער פרימיטיווקײַט, זיי זײַנענ פאראנ, ניט געקוקט אפ דער פרימיטיווי־קײַט. ניט אינ דער פורעמלאָזער סטיכיייִשקײַט, נאָר גראָד אינ דער אָנשטרענ־גונג, אונ אזוי ווײַט עס איז אימ פאָרט גערעאָטנ צו פורעמענ אונ ארויסצוהייבנ, זאָל זײַנ אינ א באגרענעצטער קלײנער מאָס, די צוועק־באַ־שטימטע נויטווענדיקײַטנ אינ דער מאניר — פונ הוילער אונ רויער פרימיטיווי־קײַט; אפ וויפל עס איז אימ געראָטנ, אז די פרימיטיווקײַט פונ דער מאניר זאָל ניט אינגאנצנ פארשטעלנ זײַנע איבעריקע ליטעראַרישע מײַלעס. —

זײַנ קרעפטיק־פאבולירנדיקער, פאָרויס שטראָמענדיקער ליטעראַרישער טעמ־פעראמענט היט אימ דערעכ־קלאל אָפּ פונ איבעריקע, לאנגווײַליקע, באטראַכ־טערישע אָדער לירישע אָפנויגנ, פונ פוסטע איבערכאזערונגענ אונ ליידיקע ערטער, וואָס כאראקטעריזירנ געוויינלעכ א צו־נאַיוונ, אָנהייבערישנ רעאַליזמ מיט א שטארק אויסגעשפראָכענער טענדענצ. די אקציע שטרעבט בא אימ אָנ זײַטיקע גענג אונ איבעריקע קאָמפּליקאציעס, אָנ לאנגווײַליקע אָפנויגנ אונ צו־נאַיווע דערקלערונגענ פאָרויס צו דער לייזונג. אזוי, לעמאָשל, געפינענ מיר ניט אינ זײַנע פיעסעס קיינ שומ מאָנאָלאָגנ (סײַדנ — דער פאקטישער מאָנאָלאָג פונ שיקערנ גאוורילע); — אינ עטינגערס סערקעלע זײַנענ יאָ פאראנ צוויי מאָנאָלאָגנ, כאָטש טאקע לויט קלאסישע מוסטערנ זייער פלינק קאָמפּאָנירטע.

[1]) דאָרט, זז. 47—48. זע אויכ לערנערס „Критический разбор etc.", ווו עס ווערט שויג צו גוזמעדיק אונ איינזײַטיק אויסגעטײַטשט די פונקציאָנאלע זײַט פונ אקסענפעלדס שאפנ.

אופמערקזאם און וואכיק רופט זיך אקסענפעלד אָפּ אפּ קימאט אלע וויכטיקסטע פראגעס פון זייַן קלאס און זייַן צייַט — כאָטש טאקע אפּ א שמאָלן און אביסל א באגרענעצטן אויפן. זייַנע שילדערונגען זייַנען פארביק און בוילעט, פון לעבן דורכגענומען, פונקט ווי זייַנע ווערטער. זייַן קאָמפּאָזיציע איז דורכגעפירט מיט קאָנסטרוקטיווער פארשטאנדיקייַט און מיט פארהעלטניסמעסיקער קאָנצענטרירטקייַט (אכוץ דער לייזונג, בא וועלכער ער האלט זיך אמאָל צו לאנג אוף און פּאָסמאקעוועט אביסל צו אויספירלעך די האמצאָעס פון דער איבערראשונג). כאָטש זייַן פאבולע און סיוזשעט זייַנען באווירקט, לויט זייער פונקציאָנאלער געזעלשאפטלעכער באדינגטקייַט, פון א דורכויס ניט ערשטראנגיקן אָפּגעשטאנענעם טייל פונעם צייַט־געשמאק, זייַנען אָבער פונדעסטוועגן די אויסגעבויטע סיטואציעס גענוג דערפינדעריש און לעבעדיק.

עס איז פאראן בא אים א באשטימטע דאָזע סאנטימענטאליזם, ווי בא יעדן אופקלערערישן זשאנר־מאָלער, אָבער זייַן סאנטימענטאליזם איז אייַנגעהאלטן, אָן צו שטארקער זיסלעכקייַט אָדער גאָר ווייַנערלעכקייַט. און כאָטש „דער ערשטער ייִדישער רעקרוט", לעמאָשל, איז א טיפּיש „ריר־שטיק" (א באגריף, וועלכן דידעראָ האָט דער ערשטער ארויסגעשיילט פון דער בירגערלעכער דראמע), איז עס אָבער לאכלוטן ניט קיין Comédie larmoyante. זייַנע — עמעס, דעריקער אויסערלעכע — באאָבאכטונג־פעיִקייַטן זייַנען שארף, די רעפּראָדוקציע — לעבעדיק און פארביק. באזונדערס דארף אונטערגעשטראָכן ווערן די אָפּטימיסטישע שטימונג פון זייַן שאפן, וואָס אנטשפּרעכט צו דער אָפּטימיסטישער האלטונג פון דער בירגערלעכער באוועגונג אין יענער צייַט און סוויווע. זייַן רעאליזם איז ניט טרוקן, ניט „סאטיריש־ביטער", עס רייַסט זיך בא אים דורך א „געמיטלעכער" פריילעכער הומאָר. (אלס בייַשפּיל: ווען דער גוטער־ייִד אין דער „גענארטער וועלט" ווערט געוויר, אז יעכיִעליק האָט שוין עטלעכע מאָל געוואָלט זינדיקן, הייסט אים אקסענפעלד זיך בייזערן: „אוי, אין מייַן ווינקל זאָל זיך אזעלכס טרעפן, זאָל זיך אזעלכס טרעפן..." און נאָך א לאנגער טיראדע ענדיקן: „...קודשא־בריך־הו, איך בין עס מקבל באהבה!" אָדער די הומאָרפולע סצענעס צווישן וואָדקין און פאָמא („צאר סאָלאָמאָן איז דאָך א ייִד געוועזן, כאָטש ער איז געוועזן איבער אלע רוכעס א צאר, איז ער פאָרט נאָר א ייִד געוועזן, און איך בין א שטאבס־קאפּיטאן, אָן אָפּיציר..." א. א. וו.); דער שמועס צווישן ליפּשע דער מויד און כאנצין, דער מאָנאָלאָג פונעם שיקערן גאווריִעלשעד א. א. וו.)

די טענדענץ איז בא אים דאָסראָוו אפּ א גענוג אָרגאנישן אויפן ארייַנגעוועבט אין דער אקציע, ער קומט אויס (אין זייַנע פּיעסעס) מיט פארהעלטניסמעסיק ווייניק רעזאָניאָרישע רעפּליקעס. עס זייַנען פאראן ערטער אין זייַנע פּיעסעס, וואָס דערהויבן זיך ביז צו דער מאדרייגע פון עמעס קינסטלערישן „רעאליזם".

אזוי, לעמאָשל: אין באשטימטע טיילן פון דער ערשטער סצענע אין „ערשטן יידישן רעקרוט", אינעם שמועס כאנציס מיט דער שענקערקע און דערנאָך מיט נאכמענען, וואָס ווערט פלינק קאָנטראפּונקטירט מיט דעם שיקערן גאוורי׳על שעדס מאָנאָלאָג, אינעם „מענדעלעשן" בילד פון דער ערשטער סצענע אין „מאן און ווייַב". אָדער: ווען דער מעכאבער רייַסט דורך פלינק און מיט קונסט־פארשטאנד די לאנגע מייַסע פון יידל פעקלמאכער (אין דער „גענארטער וועלט") דורך ארייַנגעשטעלטע רעפּליקעס פון לייב שפיצעניצער, קעדיי עס זאָל זיך באקומען פון א צוברייט דערציילטער געשיכטע — א לעבעדיקער דיאלאָג. באשטימטע פיגורן, וואָס אקסענפעלד האָט געשאפן, בעטן זיך באטראכט צו ווערן ווי פּראָטאָטיפּן פאר שפּעטערדיקע קלאסישע געשטאלטן, אויב מע רעדט, לעמאָשל, וועגן א „שאָלעמאליכעם־הומאָר פ א ר שאָלעם־אליכעמען", וואָלט מען געקענט זייער פּאסיק אָנווייַזן אף דער פיגור פון וועלוול גיליוואטע, וואָס שיט מיט אמראצישע ווערטלעך ניט צום אָרט — פונקט ווי טעוויע דער מילכיקער.

———

דער קער צום האלבדאָרפישן קליינעם שטעטל [1], וואָס הייבט זיך אָן אין דער יידישער ליטעראטור זייַט אקסענפעלדן, איז גאָרניט אזא זעלבסטפארשטענדלעך־סטיכייִשער, ווי מע וואָלט געקענט מיינען. ביז צו אקסענפעלדן איז די יידישע ליטעראטור לויט אירע שטאָפן געווען א שטאָטישע. אקסענפעלד ברענגט אין דעם פּראט א באוווּסטזיניקן איבערבראָך, א קער פון דער דייַטש־יידישער און גאליציש־יידישער טראדיציע (צו וועלכער עס געהער נאָך לויט זייַן גאנצן מעהוס אויך עטינגער). דאָס איז, פארשטייט זיך, דעריקער א רעזולטאט פון די ספּעציפישע עקאָנאָמישע באדינגונגען פון די יידן אין אוקראינע און פון די אלגעמיינע געזעלשאפטלעכע באדינגונגען אין יענער צייַט— אָבער אין א געוויסער מאָס אויך פון דער האשפּאָע, וואָס האָט אָנגעהויבן אָנקומען פון דער רוסישער ליטעראטור צו דער יידישער. אקסענפעלד איז דער ערשטער באדייַטנדיקער יידישער שרייַבער, בא וועלכן עס איז קענטלעך די ווירקונג פון דער רוסישער ליטעראטור, כאָטש ער איז בעלי־סאָפעק שטארק באווירקט געוואָרן אויך פון דער דייַטשער. אין דעם פּראט איז אקסענפעלד אן ערשטער.

מיט אקסענפעלדן הייבט זיך אָן א ריי דווירעס ספּעציפישע „רוסיש"־

---

1) אקסענפעלדס דערציילונג „נאָך צוויי האָזן" (За двумя зайцами), וואָס האָט זיך אָפּגעהיט בלויז אין דער רוסישער איבערזעצונג, געהער לויט באשטימטע סימאָנים צו א שפּעטערן פּעריאָד איידער אלע זייַנע איבעריקע אָפּגעהיטע ווערק. דידאָזיקע דערציילונג ווייַזט שוין דאפקע יאָ די געמישטע שטריכן פון גרויסשטאָטישקייַט (אָדעס) און פּראָווינציִעלישקייַט, וועלכע מיר געפינען דערנאָך בא שאָלעם־אליכעמען. אגעוו, דערמאָנען אויך אנדערע פּראָטים אין דער דערציילונג אין באשטימטע שטריכן פון שאָלעם־אליכעמס שאפן.

יידישע (צום גרעסטן טייל אוקראַיִנישע) שרײַבער, וואָס ציִען האשפּאָעס, אמאָל מער, אמאָל ווייניקער, אויך, אָדער דעריקער, פון דער רוסישער ליטעראַטור. די דאָזיקע ריי פירט איבער גאָטלאָבער, גאָלדפאדן, לינעצקי, מענדעלע, שאָלעם־אלייכעם — ביז צו בערגעלסאָנען. זי טיילט זיך שטאַרק אויס, דורך אַן אונטערגעשטראָכענער געזעלשאַפטלעכער אָריִענטאַציע און שטייגערישקייט, פון יענער אנדערער ליניע, וואָס פירט פון אייכל, וואָלפזאָן, עטינגער איבער פּערעצן צו אַשן. די דאָזיקע ריי גייט צוליב ספּעציפישע עקאָנאָמישע און געזעלשאַפטלעכע באַדינגונגען דעריקער נאָך דער דײַטשער (און פּוילישער) ליטעראַטור־טראַדיציע און איז צוליב דיזעלבע ספּעציפישע היסטאָרישע, עקאָנאָמיש־סאָציאַלע באַדינגונגען ווייניקער געזעלשאַפטלעך פּאַרשפּיצט, זי ווײַזט בּיכלאַל אַ נעטיִע צו מײַרעוודיקע ליטעראַטור־פאָרמעס, צו באַלעבאַטישער גרויסשטאָטישקײַט און אָפּט אויך צו באַוווּסטזיניקער ראָמאַנטיק.ביידע ליניעס האָבן זיך געווײנטלעך קעגנזײַטיק באַווירקט, אָבער צוליב דער צעוואָרפנקײַט פון דער יידישער ליטעראַטור איבער פאַרשידענע לענדער מיט אַ ניט־אַלציינער עקאָנאָמישער סאָציאַלער און קולטורעלער אַנטוויקלונג, האָבן זיך געמוזט אויספאָרמירן אייגנאַרטיקע און פילפאַכיקע אַנטוויקלונגס־גענג פון דער ליטעראַטור.

אויב מיר וועלן זיך צוקוקן צו די צײַטמעסיק אַנטשפּרעכנדיקע פּאַראַלעלן אין דידאָזיקע ביידע ליניעס פון דער ליטעראַטור, וועלן מיר זען, אַז די יידיש־רוסישע (אָדער אוקראַיִנישע) ליניע שטיצט זיך געווײנלעך אַף אַ ווייניקער פּאַרמעגלעכן מיטל־און קליינבירגערטום איידער די צײַטמעסיק אַנטשפּרעכנדיקע שרײַבער אין דער (דײַטש־) גאַליציש־פּוילישער ליניע. קימאַט אַף דיזעלבע שיכטן, אָבער פון אַ סאָציאַל־עקאָנאָמיש ווייניקער אַנטוויקלטן און מער פּראָווינציעל־באַגרענעצטן קליינשטעטלדיקן פאָרמאַט.

די קריטיק פון אַ שטייגעריש ביז גאָר כאַראַקטעריסטישער און אייגנאַרטיקער פּראָווינציעלישקײַט פאַרשטאַרקט געווײנלעך די נעטיִע צו שטייגערישקײַט אין דער שילדערונג, וואָס ווערט בּיכלאַל באַדינגט דורך דער געזעלשאַפט־קריטישער פונקציע, און מאַכט די שטייגערישקײַט אויספירלעכער, אויסגעשפּראָכענער. די פאַרשאַרפטערע שטייגערישקײַט האָט געגעבן דער אַנטוויקלונגס־ליניע, וואָס הייבט זיך אָן פון אַקסענפעלדן, קרעפטיקערע, אייגנאַרטיקערע שטריכן. דידאָזיקע ליניע האָט זיך גרינגער און גרינטלעכער געקענט באַפרײַען פון „קלאַסישע” און פּסעוודאָ־קלאַסישע מוסטערן, וואָס האָבן געצווּנגען צו מער אָדער ווייניקער פולקומע און געראָטענע נאָכמאַכונגען. ערשט מיט אַקסענפעלדן הייבן זיך אָן אויסבילדן די אָריגינעלע אייגנאַרטיקע שטריכן פון דער יידישער ליטעראַטור.

עס איז נאָך ניט אויסגעפאָרשט געוואָרן דער גראַד פון אַקסענפעלדס ליטעראַרישער ווירקונג אַף דער אויספאָרמירונג פון דער יידישער ליטעראַטור, כאָטש מע קען שוין מיט אַ גענוגער זיכערקײַט פעסטשטעלן באַשטימטע וויר־

קונגענ אפּ מענדעלֿענ, לֿעמאָשלֿ [1]). אקסענפעלֿד אליינ פאר זיכ האָט אָבער טאלֿאנטפולֿ, מיט א קרעפטיקנ לֿיטעראַרישנ טעמפּעראמענט, מיט דער פרישקײַט פונ א שרײַבער, וואָס „אנטדעקט״ צומ ערשטנ מאָלֿ א לֿיטעראריש נאָכ ניט דורכגעאקערטנ שטייגער, ברייט אונ פארביק פיקסירט גאנצע שטיקער פונעמ מאטעריִעלֿנ, געזעלֿשאפטלֿעכנ אונ אידעאָלֿאָגישנ לֿעבנ אינ זײַנ קאנט אונ אינ זײַנ צײַט. דעריבער איז ער אפּ זײַנ שטייגער ניט ווייניקער באדײַטנדיק ווי עטינגער. ווייניקער קינסטלֿעריש, אָבער שאפערישער, געזעלֿשאפטלֿעכ ווערטפולֿער אונ אָריגינעלֿער.

דעריבער געהערנ אקסענפעלֿדס ווערק, ניט ווייניקער, ווי עטינגערס, צו די סאמע וויכטיקסטע שאפונגענ אינ דער יִדישער לֿיטעראטור פונ נײַנצנטנ יאָרהונדערט ביז צומ מענדעלֿע־פעריִאָד.

---

1) אגעוו : דער מענדעלֿע־מוזיי אינ אָדעס פארמאָגט אנ עקזעמפּלֿיאר פונ „ערשטנ יִדישנ רעקרוט״, וואָס האָט געהערט צו מענדעלֿענ. אפנ טיטלֿבלֿאט שטייט אָנגעשריבנ : „צום אנדענקען פיר העררן אבראמאָוויטש פאָן בעריש שער אין נעמיראָף דען 23־טען מארץ 1885״. זע די פאקסימיליע אינ אונדזער אויסגאבע.

# די „רעקרוטשינע״ און די האסקאָלע

(אריינפיר צו „דער ערשטער יידישער רעקרוט״)

.1

אינהאלט, טעמע [1]) און סיוזשעט פון דער פיעסע „דער ערשטער יידישער רעקרוט״ ווערן באהערשט פון דער צו יענער צייט שטארק אקטועלער רע־קרוטן־פראָבלעמע. באַ איר שייַן ווערט דאָ אין דער פיעסע צומטייל אויס־פירלעך באהאנדלט, צומטייל נאָר אגעוו אָנגערירט קימאט דער גאנצער קרייַז פון דער האסקאָלע־פראָבלעמאטיק. די באַזונדערס אכזאָריעסדיקע שארפקייַטנ פונעם רעקרוטן־געזעצ פאר יידן, וואָס זייַנען אזוי דייַטלעך און אויסשליסלעך געווען געווענדט קעגן דער יידישער אָרעמשאפט, די אומענטשלעכע רעזול־טאטן פון דעמדאָזיקן געזעצ האָבנ פון אָנהייב אָן און די גאנצע צייַט פון זייַנ עקזיסטענצ שטארק אופגערודערט דעם געזעלשאפטלעכנ געדאנק. דידאָזיקע פראָבלעמע האָט ניט צורו געלאָזט די יידישע, רוסיש־יידישע און העברעישע האסקאָלע־שרייַבער עטלעכע צענדליקער יאָרן, זייַט עטינגערן, לעווינזאָנען, יאָסעפ וויזנערן [2]) ביז קאמראשנ [2]), דיקנ און מענדעלען, ביז אָסיפ ראבינאָוויטשן, באָגראָווו, ניקיטינען און — סמאָלענסקינען און י. ל. גאָרדאָנען. זי געהערט צו די וויכטיק־סטע פונקטנ פון זייער פראָבלעמעס־קרייַז און איז באהאנדלט געוואָרן אין אסאך וואריאציעס אפ פארשידענע אויפאנים, אין העסקעם צו די פארשידענע טענ־דענצ־ניואנסן.

עטינגער, לעמאָשל, פארהאלט זיך לויט זייַנ קלאסנ־מעהוס קיל און „אָביעק־טיוו״ צו דערדאָזיקער פראגע. אפילע ווען מע זאָל געניגנדיק נעמען אין אכט, אז אין די פוילישע גובערניעס איז די רעקרוטשינע און דאָס קאנטאָניסטנ־סיסטעם פארהעלטניסמעסיק אייַנגעפירט געוואָרן אסאך שפעטער (זייַט 1842 און אסאך ווייניקער הארב און גרויזאם, באקומט זיך פאָרט קימאט ווי כויזעק, אויב ער דערקלערט זיי, די קאָרבאָנעס פונעם געזעצ, אז:

מע וויל אייַך, אָסער, נישט טון קיין שלעכטס,
מע גייט נאָר אויס אפ ענקער גוטן,
מע וויל אויס אייַך מאכנ עפעס רעכטס...

ער שטעלט אקעגנ צו זייער „ציווילער״ נויט און צו זייער אָרעמען לעבנ די מייַלעס און גליקנ פון ניקאָלייַישנ פינפ און צוואנציק־יאָריקנ מיליטער־דינסט:

---

[1]) וועגנ ליטעראַרישע טראדיציעס פאר דערדאָזיקער טעמע זע „אָנמערקונגען און עקסקור־סיעס״.

[2]) זע „אָנמערקונגען און עקסקורסיעס״.

ווער, זאָגט מיר, צווישן אײַך,
איז דעם ערלעכן זעלנער גלײַך?
ער דארף נישט צו לײַען, צו באָרגן,
נישט צו טראכטן און נישט צו זאָרגן
און גייט אָנגעטון גאָר ווי א לײַט
און האָט זײַן עסן צו דער צײַט...

זײַן איראָניע אפ „די שמאטעס״, די אָרעמשאפט, וואָס האלטן זיך פאר גאנצע מעיוכאָסים און פאר צו פײַן אפ צו ווערן זעלנער, פארענדיקט ער מיט דעם קאלטהארציקן פריצישן מוסער:

...פאָלג דו נאָר די אָפיצירן,
און לערן פלײַסיק דאָס מושטירן...
גאָר אָן ליארעמ, אָן געשריי,
מיט דעם גאנצן הארץ געטרײַ,
גאָר מיט סימכע און פרייד,
זײַ נאָר טאָמיד אָנגעגרייט
צו לויפן אפילע אין פײַער אראן,
אויסצופירן דעם מײַלעכס פלאן;
וואָרין די גוטע, וואָס גייען אין קרוינען,
ווייסן שוין איטלעכן ווי צו באלוינען.

עס שטימט מיט זײַן גאנצער געזעלשאפטלעכער האלטונג, אויב ער רעדט אײַן „די שמאטעס״:

לוסטיק און פריילעך
דינען דעם מײַלעך ...[1]

און באפרײַט זײַן אייגענעם זון פון מיליטער־דינסט[2]. עס פאלט אים נישט אײַן צו שטעלן די פראגע, ווער עס וועט באלוינט ווערן פון „די גוטע, וואָס גייען אין קרוינען״ פאר די פײַן און מאטערניש פון „די שמאטעס״, וואָס קומען אזוי ביטער צום אויסדרוק אין די באוווּסטע פאָלקסלידער וועגן דער רעקרוטשינע און וועגן דעם קאנטאָניסטן־סיסטעם:

טרערן גיסן זיך אין די גאסן,
אין קינדערשע בלוט קען מען זיך וואשן.
געוואלד! וואָס איז דאָס פאר א קלאָג,
צי דען וועט קיינמאָל ניט ווערן טאָג?
קליינע אויפעלעך רײַסט מען פון כיידער,

[1]) ש. עטינגערס כתבים, בד. I, ז. 194—204.
[2]) דאָרט, בד. II, ז. 578, בריוו נומ. 13.

מע טוט זיי אָן יעוואָנישע קליידער,
אונדזערע פּאַרנייסים, אונדזערע ראַבאָנים,
העלפן נאָך אָפּצוגעבן זיי פאַר יעוואָנים.
בא זושע ראַקאָווער זענען דאָ זיבן באָנים,
איז פון זיי ניט איינער אין יעוואָנים;
נאָר לייע די אַלמאָנעס איינציקער קינד
איז אַ קאַפּאָרע פאַר קאָהאָלשע זינד.
עס איז אַ מיצווע אָפּצוגעבן פּראָסטאַקעס,
שוסטער, שניַידער זענען דאָך לייַדאַקעס;
קרעציקע כאַציקלעך פון אַ מישפּאָכע אַ שיינער,
טאָר בא אונדז אוועקגיין ניט איינער [1]).

אָדער אינעם ביטערן קלאַסן־סינעדיקן געזעגעניש פון אַ ריעקרוט:

... זייַט־זשע מיר געזונט, מייַנע דעפּוטאַטן,
איך גיי זיך שוין אַוועק!
גאָט זאָל אייַך געבן קרענק צום לעבן,
און מיר אַ גליקלעכן וועג [2]).

וועגן דער „סימכע און פרייד", מיט וועלכער „די שמאַטעס" האָבן זיך „אָנגעגרייט אויסצופירן דעם מיילעכס פּלאַן", הערן מיר אין אַ פאָלקסטימלעכן דאָקומענט פון יענער צייַט (1836) — אַנערעך פון דעמאָלט, ווען אַקסענפעלד האָט געשריבן זייַן „ערשטן ייִדישן רעקרוט"[3]) (עטינגער האָט, אַפּאָנעם, „די שמאַטעס" געשריבן אַרום 1842) — גאָר אַנדערע טענער. אין אַ האַנטגעשריבענעם, פאָלקלאָ־ריסטיש אין אַסאַך פּראָטים זייער אינטערעסאַנטן בריוונשטעלער[4]) געפינען מיר דאָס איינציקע — און מינאַסטאַם טאַקע דאָס עלטסטע — „דאַטירטע" „פּריזאָם־ליד", וואָס פאַרמאָגט אינהאַלטלעך שוין אַלע כאַראַקטעריסטישע שטריכן פונעם פאָלקסטימלעכן פּריזיוו־ליד. עס איז ניט קלאָר ווער עס איז געווען דער מעכאַבער פון דעם ליד, יעדנפאַלס אָבער איז ער געשטאַנען גאָר נאָענט צו יענע שיכטן, וואָס האָבן צומיינסטן געליטן פונעם רעקרוטן־געזעץ. דאָס ליד איז געשריבן לויטן נוסעך פון די קינעס (מיטן אַלעפבייז־אַקראָסטיך אין די

1) ס. מ. גינזבורג און פּ. ס. מאַרעק—„Евр. народн. песни etc". סט.פּעטערבורג, 1903, ז. 50.

2) דאָרט, ז. 46.

3) 1834 אָדער אָנהייב 1835. זע וועגן דעם „אָנמערקונגען און עקסקורסיעס".

4) דער בריוונשטעלער האָט געהערט דעם שרייַב־לערער מייער־לייב אָליצקי פון טשערנאָביל און איז איצט אין באַזיץ פונעם אינסטיטוט פאַר ייִדישער קולטור בא דער אוקראַיִנישער אַקאַדע־מיע פון וויסנשאַפטן אין קיִעוו. די דאַטעס אין די בריוו פונעם בריוונשטעלער ווייַזן דאָס יאָר 1836, די וואַסער־צייכנס פונעם פּאַפּיר — 1835; ד. ה. אַז דער בריוונשטעלער און דאָס ליד זייַנען געשריבן געוואָרן ניַין יאָר נאָכן אַרויסקומען פונעם רעקרוטן־געזעץ. עס איז, פאַרשטייט זיך, מעגלעך, אַז דאָסראָזיקע ליד איז אַ נ ט ש ט אַ נ ע ן פריִער ווי 1836.

ערשטע אויסיעס פון די סטראָפעס). עס איז ביז גאָר פראָסט, נאַיִוו און געגוג פרומלעכ, אָבער די קלאָג, וואָס ווערט דאָ אויסגעדריקט פון א מענטשן, א נאָענטן צו די מאסן, איז גאָר ניט „לוסטיק און פריילעכ“. די ביטערע סאָציִאַלע נויט און פײַנ קומענ דאָ טיפ־רירנדיק צום אויסדרוק. מיר ציטירנ צוויי כאראק־טעריסטישע סטראָפעס (די אויסיעס ג' און ת'):

(ג') גרויס און קליינ האָט מענ אונדז געטונ אינ אײַזנ פארשליסנ,
אָבער אונדזערע טרערנ טונ זיכ אינ אלע גאסנ פארגיסנ.
איכ האָב מײַנ פאָטער און מוטער געטונ אלע טאָג אינ אלע ערטער שיקנ,
מאכמעס איכ האָב געמיינט, אז זיי וועלנ מיכ מיט איינ בסורע־טויווע דערקוויקנ.
זיי זײַנענ געקומענ און האָבנ מיר געזאָגט:
מײַנ ליב קינד, מיר זײַנענ געוועגנ, ווו דו האָסט געוואָלט און געגלוסט,
אָבער מענ האָט אונדז געענטפערט, אז מיר וויינענ גאָר אומזיסט.
מיר זײַנענ געוועגנ, ווו דו האָסט אונדז געטונ שיקנ,
אָבער מיר האָבנ ניט מיט וואָס מיר זאָלנ דיכ דערקוויקנ... (זײַט 8) [1]

(ת') טייקעפ ווי איכ ביג אינ פריאָם ארײַנגעקומענ,
אזוי האָט מיר באלד מײַנ לאָשנ אָפגענומענ.
און דערבײַ ווי דער יאדנעראל האָט מיכ דערזעענ,
אזוי האָב איכ פארשטאנענ, אז עס איז מיר שוינ איינ גרויסע קלאָג געשעענ...
און אז מע האָט מיכ געפירט צו דער מאָס,
האָב איכ א פרעג געטונ מײַנ פאָטער און מוטער: וואָס באטײַט דאָס? [2]
זאָגט מיר מײַנ פאָטער און מוטער מיט איינ גרויס געוויינ:
מײַנ ליבער זונ, דו וועסט דערפונ ניצל ווערנ, אז דו וועסט זײַנ אינ דער מאָס קליינ.
איכ האָב געוואָלט זיכ אָפקויפנ מיט מײַנ גוטס און האָב,
אָבער מענ האָט ניט געהערט און מענ האָט איינ געשריי געטונ: דײַ אילאָב! [3]
דערנאָכ האָט מענ מיכ אוועקגעפירט אינ איינ אנדער כיידער,

[1]) ענלעכע סטראָפעס פונ דער קאנטאָניסטנ־צײַט לייענענ מיר אינ א פאָלקסליד (גינזבורג־מארעק, נ. 44):

... די מוטער איז צו די קאָהאָלס־לײַט גלײַכ געלאָפנ,
האָט זי פאר צאָרעס די טיר ניט געטראָפנ.
— וואָס האָט איר א גאנצע אָטשערעד צונויפגעקליבנ,
און מײַנ איינציקעס קינד צו פיר ברידער צוגעשריבנ?
וואָסי דאָס פאר אזא וועלט,
אז מע נעמט אָנ אנ איינציקעס קינד
און מע פארקויפט עס פאר געלט?
— ווײַבל, ווײַבל, זאָלסט ניט מאכנ קיינ ליארעם אפ דער וועלט,
שווײַג שטיל, וועסט קריגנ אסאכ געלט ...

[2]) פארגל. גינזבורג־מארעקס זאמלונג, נ. 339, ז. 293:
... ווי מענ האָט מיר ארונטערגעשטעלט אונטערנ מאָס,
האָב איכ א געשריי געטונ: מאמינקע, וואָס איז דאָס?..

[3]) Дай лоб. זע „קול מבשר“ 1868 די אנאָנימע דערציילונג „עטלעכע יאָר צוריק“ נום. 46.
זע אויך אָ. ראבינאָוויטש „Штрафной“ ערשטער באנד פונ זײַנע ווערק, 1880, ז. 24: И лоб! Кандалы.
лоб-лоб, אָדער — Еще горьче плакала она... когда в рекрутском присутствии роз-

אזוי האָט מענ פונ מיר טייקעפּ אראָפּגעריסנ מײַנ פאָטער אונ מוטערס קליידער.
דאָכ, ליבער גאָט, זע אונ פאטער שוינ מיט אונדז דעמ צאָרנ אונ פּײַנ,
אז די ייִדנ, וואָס זײַנעג געבליבנ, זאָלנ כאָטש בא זייער געבאָט זײַנ.
ליבער גאָט, וואָרומ האָסטו אזוי אפ מיר דעמ גזאר־דינ אָנגעשריבנ,
אז מײַנ ווײַב אונ קינדער זײַנענ נעבעכ ווייסט געבליבנ? (זײַט 12 [1]).

יאָרצענדליקער שפּעטער דערמאָנט זיכ אנ אנאָנימער מאסקילישער מעכאבער אינ א רעטראָספּעקטיווער דערציילונג („עטלעכע יאָר צוריק", „קול מבשר", 1868, נומ. 42—51) מיט שרעק אונ גרוילעניש אינ די פאקטנ פונ דער רעקרוטשינע. „א נאבאָר!.. דאָס הארצ הייבט אָנ צו בלוטנ, אז מענ דערמאָנט זיכ נאָר אינ דעמ, וואָס פלעגט זיכ פריִער טונ בא א נאבאָר. קינדער זײַנענ געווענ ווי שאָפּ, וואָס מענ פלעגט זיי כאפּנ אונ פארשפּארנ — מענטשנ זײַנענ געווענ ווי ווילדע כײַעס, וואָס פלעגנ אָנ ראכמאָנעס צערײַסנ זייער אייגנ פלייש אונ בלוט... עמעס, עס איז אמאָל א ייִדנ זייער שלעכט געווענ א סאָלדאט זײַנ! פינפ אונ צוואנציק יאָר צו דינענ אָנ האָפענונג, אָנ א צוועק אויסשטיינ קאָל־האשלעק, אונ דערנאָכ... נאָר וואָס כלעג זיכ אָבער טונ דעמאָלט!.. גאנצע שטעטלעכ פלעגנ ווערנ פּוסט, אלע ייִנגלעכ אונ יונגעלײַט פונ 10 ביז 30 פלעגנ ליגנ אינ די קעלערס אונ ברונעמס אונ מילנ באהאלטנ... מענ פלעג זיכ האקנ פינגער, ברעכנ הענט אונ פיס, א קאליקע צו ווערנ. אונ ניט נאָר די, וואָס אפ זיי איז געווענ דער אָטשערעד — פארקערט, זיי פלעגנ ס׳ראָוו דאָס אָנעמענ באהבה אונ בלײַבנ: — ניינ! די איבעריקע בעניעכידימ, דוואָיניקעס, וואָס האָבנ ערשט א ברודער, א טאטנ אימ לעצטנ יאָר אוועקגעגעבנ (ד. ה. אזעלכע, וואָס האָבנ לויטנ געזעצ גאָרניט געדארפט גיינ דינענ—מ. וו.). אזוינע פלעגנ מוזנ אנטלויפנ..."

גאָר אנדערש, ווי עטינגער, שטעלט זיכ צו דערדאָזיקער פראגע, לעמאָשל, לעווינזאָנ. פּונקט ווי אינעמ דערמאָנטנ פאָלקסליד, „...טרערנ גיסנ זיכ" א. א. וו. וואָס איז, אגעוו, מינאסטאמ אויכ פארפאסט געוואָרנ פונ א מאסקילישנ שרײַבער, באמערקט ער באזונדערס ניט אזוי די הארבקײַט אונ שווערקײַט פונעמ מיליטער־דינסט גופע (ווי מיר זעענ דאָס, אשטייגער, אינ דער פריזיוו־קינע, אינ ראבינאָוויטשעס „שטראפנאָי", אינ באָגראָווס „פאָימאניק", אינ פארשידענע

„лоб!": далось. דאָס וואָרט Лоб האָט באטײַט: טויגלעכ צומ מיליטער־דינסט. א ניט־טויג־לעכנ האָט מענ געזאָגט: Затылок. (זע וו. ניקיטינ: „Век пережить—не поле перейти"). דאָס וואָרט שטאמט פונ אנ אוראלטנ „פריִאָמישנ" מינעג צו „צייכענענ" די אָנגענומענע רעקרוטנ דורכ אָפּגאָלנ די האָר איבערנ שטערנ. זע אויכ י. ל. גאָרדאָנ: „העצמות היבשות" (כל כתבי י. ל. גאָרדאָנ, אָדעס, 1889 ז. 6): „אותו גלחו בקרחתו, ואותי — בגבחתי".

1) פארגלײַכ די נאָטיצנ, וואָס א. אי. הערצענ האָט אינ דער אייגענער צײַט פארשריבנ אינ „Былое и думы" וועגנ א באגעגעניש (1835) מיט ייִדנ־קאנטאָניסטנ ארומ וויאטקא אונ וועגנ דעמ מעוויעמדיקנ אײַנדרוק, וואָס עס האָט אפ אימ געמאכט זייער שרעקלעכע לאגע (ציטירט בא יו. העסענ: 1927, II „История евр. народа в России" ז. 35—36). זע אויכ כ. קאָ־ראָבקאָוו „Евр. рекрутчина etc." אינ „Евр. Старина" 1913, זז. 233—238.

פאָלקסלידער פון דעם מינ [1]), נאָר, ווי דער מעכאבער פון דער דערציילונג אינ „קול מבשר“, אָדער ווי קאמראש אינ „קאַהאָל אינ שטעטל“ — דעם קלאסנ־כאראקטער און דאָס אומרעכט באם אויספירנ [2]) דאָס געזעצ.

„...דער איבעריקער געמיינער אוילעמ... דער ליגט דאָכ אינ דער אדאָמע בא אונדז: ער איז קלאל באם נאָגיד אנ עבד כנעני, וואָרעמ נאָר עפעס — אָט שטעלט מענ אימ שוינ ארייַנ צענ זעלנער צו האָדעווענ... אָט נעמט מענ אימ גאָר זייַנ קינד, א בעניאָכיד אוועק פאר א רעקרוט; די מוזנ שוינ אלצ טונ, וואָס דער נאָגיד אָדער קאָהאָל הייסט. — הא ?.. אינ דער עמעס, זינט מענ נעמט רעקרוטנ, האָט מענ נאָכ ניט אוועקגעגעבנ קיינ אוישערס קינד, קיינ שום סאָקיפּס קינד, קיינ שום פאקטערס קינד, קיינ שום בעסמעדרעש־באָכער, נאָר אָרעמע לייַטס קינדער, נעבעכ, ערלעכע באלמעלאָכעס קינדער, וואָס העלפנ זייערע עלטערנ ארבעטנ, ערלעכע מעשאָרסימ, ערלעכע באהעלפערס“ [3]).

א. מ. דיק, וואָס באווייַזט אינ „דער ערסטער נאבאָר, וואָס וואר אינ דעם יאָהר תק״פח (1828)“, ווילנא תר״לב (1871), א גענוג סטירעדיקע באציִונג צום רעקרוטנ־געזעצ, דערציילט גאנצ נאיִוו די שרעקלעכע ווירקונג פון דעם געזעצ, באזונדערס וואָס שייַעכ דער אָרעמער באפעלקערונג. ער דערקלערט בעפּיירעש: „באלד נאָכ איסרע־כאג האָט מענ געמאכט זעקסטלעכ און מענ האָט צוגענומענ (אינ ווילנע.—מ. וו.) א זעכצנ שטיק פון דער גאנצ נידעריקער קלאסע“. און כאָטש ער כאראקטעריזירט לויטנ אָפיציעלנ אויפנ דידאָזיקע קלאסנ־קאָרבאָנעס אלס מענטשנ „פון די עפנטלעכע הייַזער, פיסקאלנ, קיסעניקעס, מאנכע אויסגעלאסענע דראָנסקאָוויקעס, וואס ווארנ ווירקלעכ צו שאנדע פון אונדזערע ייִדישע ווילנער געמיינדע“ (קורצ, דער מאיאסעניק־בילבל, ווי בא נאכמענענ) — פארענדיקט ער פונדעסטוועגנ: „די רעקרוטנ האָבנ אויסגעזעענ, ווי הייליקע קאָרבאָנעס, וואָס מע האָט זיי מאקריוו געווענ לעטויוועס האקלאל“. כאָטש ער דערציילט, אז „דער וואָס וואר איינ קריפל (קאליקע), וואר איינ געהאָלפענער, א בעניאָכיד וואר איינ גליק, [איינ] איינ־אויגיקער, א הינקענדער, א האָרבעוואטער וואר איינ מעיוכעס, א שעוועער וואר איינ מעיוכעס“ א. א. וו.— איז ער פונדעסטוועגנ אינ קאעס אפ דעמ „פעבל“, וואָס האָט זיכ דעמ איניענ אזוי שטארק גענומענ צומ הארצנ. ער בארעכטיקט דאָס געזעצ—ער פארענדיקט אָבער זייַנ ביכל: „מיר ייִדנ האָבנ קיינע שיינע ראָלע געשפילט אינ די פּאָריקע נאָבאָרנ ... מענ האָט אָפּגעגעבנ פיל בעניעכידימ גאָר אָנ ראכמאָנעס“. וועגנ אָט־אָ

---

[1]) זע ס. מ. גינזבורג און פ. ס. מארעק „Евр. народныя песни в России“, С.-Петербург, 1901, רעקרוטשינע־ און פריזיוו־לידער נ.נ.: 43—53, 331—348. נום. 338 איז ווי דאָס געבראכטע „קינע־ליד“ געבויט לויטנ אלעפבייז־אקראָסטיכ. זע „אָנמערקונגענ און עקסקורסיעס“.

[2]) דאָס געזעצ גופע איז לויט לעווינזאָנס מיינונג דורכויס יוישערדיק: „דארפ מענ בעסער, ווי דער קייסער, זאָל מאריכ־יאָמימ זייַנ, האָט אזוי געטראכט פארנ יוישער בא רעקרוטנ־נעמענ, אז עס זאָל אלצ ערלעכ צוגיינ ?“ נאָר די, וואָס פירנ עס אויס, פארקריפלענ דאָס גוטע געזעצ.

[3]) „די העפקער־וועלט“. 1902, ז. 32—33.

די אלע אוולעס זאָגט ער, אז זיי וועלן „בלייבן צום אייביקן שאנדפלעק אפ אונדזער ייִדנטום, וואָס דער שטראָם דער צייט וועט דאָס ניט אויסוואשן".—

מיר זעען: די באַציִונג און די באזונדערע ניואנסן אין דער באַציִונג פון יעדן מאסקילישן שרייַבער צום רעקרוטן־פּראָבלעם איז ניט קיין שלעכטער פּרוּווּשטיין אפ ארויסצוגעפינען די באזונדערע שאטירונג פון זייַן סאָציִאלן מעהוס, וואָס באַווייַזט זיך דאָ בולעטער, ווי בא אנדערע פּראָבלעמעס.

עס איז ניט קיין צופאל, וואָס גראָד דער „ערשטער ייִדישער רעקרוט" איז די איינציקע „טראגעדיע" — כאָטש טאקע קלאָמערשט „קאָמיש" באפארבטע — ניט בלויז צווישן אקסעגפעלדס ווערק, נאָר אין דער גאנצער ייִדישער געדרוקטער ליטעראטור אין מעשעכ פון צענדליקער יאָרן. די ייִדישע האסקאָלע־ליטעראטור איז געוויינלעך, ניט געקוקט אפ איר צומאָליקער סאטירישער ביטערקייַט, אין טאָכ א לאכנדיקע, א כויזעק־שטיפערישע. זי איז זייער ווייַט פון טראגיק און פון „טראגישן וועלט־באנעמ". ס'הערשט אין איר דער געזעלשאפטלעכער אָפּטימיזם, וואָס איז נייטיק פאר דער קעמפערישקייַט פון א בירגערלעכער אופקלער־צייַט, כאָטש טאקע אין א ייִדישלעכ־פּראָווינציִעלער און אביסל צעקוועטשטער „לזבאָ־קישער" פאָרמ. פאר א „פעסימיזם אלס אויסדרוק פון דער עקאָנאָמישער ווירקלעכ־קייַט", ווי מיר זעען אים צווישן די רוסישע אופקלערער אין יענער צייַט, איז סיַי די ייִדישע עקאָנאָמיק, סיַי די ייִדישע געזעלשאפטלעכקייַט געווען נאָכ צו ווייַ־ניק אנטוויקלט און צו פיל נאִיוו. ערשט אסאך שפּעטער, ווען די האסקאָלע איז שוין א פארשפּעטיקטע און קען, אנ אָפּהענטיקע, ניט פארטיק ווערן מיט די פארשטארקטע ווידערשפּרוכן פון א נייַער אנטוויקלטערער צייַט, באקומט איר דעמאסקירנ־דיקע קריטיק טראגישע טענער (לעמאָשל, בא מענדעלען, פונקט ווי אין די העברעיִשע ווערק פון י. ל. גאָרדאָן, סמאָלענסקין א. א.). דער איבעראשנדיק טראגישער כאראקטער פון דער פּיעסע גיט אונדז אָנצוהערן, אז מיר האָבן דאָ צו טון מיט אזא קאָמפּליצירטער פּראָבלעמע, מיט אזא איבערפלעכט פון ווידערשפּרוכן, אפ וועלכע די האסקאָלע האָט ניט שטענדיק געקענט אזוי פּראָסט איינדייַטיק און קיילעכיק אָפּענטפערן, ווי געוויינלעכ אפ אלע אנדערע פּראגעס.

.2

דאָס אכזאָריעסדיק צוזיפגעשטעלטע רעקרוטן־געזעץ מיט זייַן דייַטלעכן קלאסן־כאראקטער (פון די „אומפּראָדוקטיווע", ד. ה. „אָרעמע עלעמענטן" האָט ניקאָלייַ דער 1־טער בעפיירעש געהייסן נעמען א גרעסערן קאָנטינגענט) איז ניט געווען, ווי א טייל בירגערלעכע ייִדישע היסטאָריקער ווילן אונדז איינרעדן — לויט זייער היסטאָרישער קאָנצעפּציע פון דער ייִדישער געשיכטע, ווי וועגן „א לאָגל מיט טרערן" — א רעזולטאט פון סטאם רעליגיעזער סינע, מיסיאָנערישע קאוואָנעס און פּערזענלעכער אנטיפּאטיע פון ניקאָלייַ דעמ

1־טן צו די ייִדן, אָדער פון זייַן אכזאָריעסדיק הארטן כאראקטער און פון זייַנע פּאָליטיש ניט־אויסגעהאלטענע שטימונגען און קאפּריזן [1].

אין עמעסן האָט דאָ אין דעם איניען דער דעספּאָטישער כאראקטער פון ניקאָלײַ דעם 1־טן נישט געשפּילט קיין אנטשיידנדיקע ראָל. דער „גוטער" אלעקסאנדער איז נאָר דורך זייַן טויט אָפּגעהאלטן געוואָרן ארויסצוגעבן א געזעץ, וואָס וואָלט געמוזט זייַן ענלעך [2] צום „שלעכטן" ניקאָלײַס געזעץ פון 1827. דער אויסשליסלעכער מאָטיוו פון רעליגיעזער סינע אָדער פון שטרעבן צו מיסיאָנערישקייַט שטייט אין אזא שטארקער סטירע צו א גאנצער ריי אנדערע פאקטן, וואָס שלאָגן אין די אויגן, אז מע מוז זיך אזש העלפן מיט א דערקלערונג דורך שטימונגען און קאפּריזן, וואָס דערקלערן ערשט רעכט גאָרנישט. ניקאָלײַ דער 1־טער קען פלוצים, דעמאָלט ווען עס לוינט אים, זאָגן: איך וויל, אז אין מייַן מעלו־כע זאָל מען אכטן די פרייַהייַט פון פארשידענע רעליגיעס מיט זייערע באזונ־דערע מינהאָגים, און דערקלערן בעפיירעש, אז איך שאַץ אלע מייַנע אונטער־טאנען אלציינס צו וועלכער רעליגיע זיי געהערן [3]. דער עמעסער כאראקטער פונעם קאָנפעסיאָנאליזם בא אבסאָליוטיסטיש־מיליטאריסטישע מאָנארכיעס איז שוין לאנג און גרינטלעך דעמאסקירט געוואָרן; דערדאָזיקער צוואַקישער אויסרייד האָט אָבער געטויגט ניט בלויז פארן דעספּאָטישן מיליטאריזם, נאָר טויג „צופעליק" אויך פאר דער קאָנצעפּציע פון אלע רעאקציאָנערע היסטאָ־ריקער. ער געהער צו די מיטלען, דורך וועלכע עס דארף זיך באקומען דער אייַנדרוק, אז די ייִדישע געשיכטע איז די געשיכטע פון רעליגיעזע „גזיירעס" און „רעדיפעס", וואָס דאָס גאנצע אייַנהייַטלעכע ייִדישע „פאָלק" האָט גע־האט אלציינס אויסצושטיין פון זייַנע ניט־ייִדישע רעליגיעז־נאציאָנאלע סאָ־נים. דאָס דארף העלפן, ווי אלע ענלעכע שטיק, צוניפצובינדן דורך גע־שיכטלעכע זיכרוינעס אלע קלאסן פון ייִדישן פאָלק, וואָס האָבן אלע איניינעם אלציינס געליטן פון א שוטפעסדיקן סוינע.

---

1) זע לעמאַשל: Prof. Dr. Martin Philipsohn: Neueste Geschichte des jüdischen Volkes, Bd. I. (1911), זייַט 12, 7, Bd. III זייַט 136. 137, (1907). זע אויך ש. גינזבורג: „די אנטשטייונג פון דער ייִדישער רעקרוטשינע", „צייַטשריפט", בד. II—III, אינבעלאָרוסקולט, מינסק, ז. 33 און א. טשע־ריקאָווער: „פון די רוסישע ארכיוון", „היסטאָרישע שריפטן", ווארשע, 1929, ז. 780: „...דאָס, וואָס מ'האָט אָנגעהויבן צום ערשטן מאָל נעמען ייִדן אין מיליטער (1827), וואָלט אליין פאר זיך נאָך קיין גזירע ניט געווען... דער אומגליק איז באשטאנען אין דעם, וואָס די רעגירונג האָט געוואָלט דורך דער קאזארמע פירן ייִדישע קינדער צום שמד און צווינגען זיי אָפּזאָגן זיך פון זייער שעדלעכער רעליגיע..." (מייַן קור־סיוו—מ. ח.).—כ. קאָראָבקאָוו (זע "Евр. рекрутчина etc." אין „Евр. Старина" 1913, ז. 243), דער היסטאָריקער העסען און אפילו דער רעאקציאָנערער דובנאָוו (זע לעמאַשל: „Новейшая история евр. народа" 1919, ז. 353) רעדן וועגן דעמדאָזיקן מאָטיוו גענוג אייַנגעהאלטן.

2) זע Ю. Гессен—История евр. народа в России, בד II, זז. 16—17.

3) פיליפּזאָן, דאָרט, בד. III, ז. 4—10.

נאָכ אינ די צײַטנ פונעמ „גוטנ” אלעקסאנדער ו, וואָס איז קלאָמערשט אויסנ געווענ מיט זײַנע געזעצלעכע מאָסמיטלענ בענעגייע ייִדנ בלויז רעליגיעזע מאָטיוונ, זאָגט דער פינאנצ־מיניסטער קאנקרינ: „פונ גײַסטלעכנ שטאנדפונקט איז געווונטשנ, אז די ייִדנ זאָלנ זיכ שמאדנ, אָבער פונ פאָליטישנ איז עס ניט צוועקמעסיק — אויב ס'וועט זיכ ניט בײַטנ די באשעפטיקונג אונ דער גײַסט פונ די ייִדנ”. דעריקער איז פאר אימ וויכטיק, זיי זאָלנ בײַטנ דעמ אויפנ, ווי זיי געפינענ זייער דערנערונג, „קעדיי זיי זאָלנ ניט זײַנ שעדלעכ פאר דער קריסטלעכער געזעלשאפט”. וועלכער טייל פונ דער קריסטלעכער געזעלשאפט טאָר אינ קיינ פאל ניט „געשעדיקט” ווערנ, אונ וועלכער טייל ייִדנ טאָרנ ניט שעדיקנ — איז קלאָר. נאָכ אנ אויספאָרשונג פונ דער לאגע אינ די מײַרעוודיקע גובערניעס אינעמ יאָר 1807 דריקט אויס דער סענאטאָר אלעקסעיעוו אינ זײַנ ראפאָרט זײַנ מיינונג בענעגייע דעמ אריבערפירנ ייִדנ פונ די דערפער אינ די שטעט, אז סטאמ אונ בלויז פאבריק־ אונ ערד־ארבעט קענענ דאָ ניט קלעקנ אפ צו לייזנ דעמ פראָבלעמ. דעריבער איז נייטיק צו געפינענ נאָכ אנ אנדערנ אויסוועג. „ניט האָבנדיק קיינ אנדער פארמינערונג אכוצ דער נאָרמאלער שטערבלעכקײַט, פארמערנ זיי זיכ אומופהערלעכ אונ דערמיט פארמינערנ זיכ אלצ מער די אויסהאלט־מיטלענ אונ וועלנ זיכ וואָס ווײַטער אלצ מער פארמינערנ”. דעריבער לייגט ער פאָר צו שאפנ א פארמינערונג „אכוצ דער נאָרמאלער שטערבלעכקײַט”. „צוליב א זיכערנ אונ דערפאָלגרײַכנ אויסגאנג פונ דעמדאָזיקנ אומופהערלעכ זיכ פארמערנדיקנ פאָלק (געמיינט איז, פארשטייט זיכ, ווי ס'איז קלאָר פונ צוזאמענהאנג, די אָרעמשאפט — מ. וו.) קענ מענ, דאכט זיכ, זאָל זײַנ ווי א פרווו אונ פאר א באשטימטער צײַט, אײַנאָרדענענ דאָס אָפנעמענ רעקרוטנ אינ נאטור”. מע דארפ נעמענ די „פארדאָרבענע אונ פארברעכערישע” ייִדנ אינ סאָלדאטנ, קעדיי אזוי ארומ צוציִענ די „אָרעמע אונ ליידיקגייערס” צו דער ערדארבעט אונ צו די מעלוכישע פאבריקנ. אנ ענלעכנ פאָרשלאג לויטנ זעלבנ געדאנקענגאנג האָט אינ 1810 געמאכט אלעקסאנדערנ דעמ 1־טנ — וו. שעמיאָט, דער שפעטערדיקער יעקאטערינאָסלאווער גובערנאטער: „איכ רעכנ, אז אינ באשטימטע פראָטימ קענענ מיר טייקעפ נאָכגיינ נאָכנ בײַשפיל פונ עסטרײַכ, ד. ה. נעמענ ייִדנ אינ רעקרוטנ” [1]. דער רײַכער ייִדישער קאפיטאליסט נאָטע שקלאָווער אייצעט דער מעלוכע (1797, 1800, 1803) צוציִענ די ייִדנ צו פאבריק־ אונ ערד־ארבעט (אינ קאָלאָניעס). פונ 1811 האָט זיכ אָפגעהיט אנ אנאָנימער פאָרשלאג צו נעמענ פונ די ייִדנ רעקרוטנ — פאר די מעלוכישע פאבריקנ א. א. וו. א. א. וו. ס'איז טאקע כאראקטעריסטיש, אז מיט דער ייִדישער רעקרוטנ־פראגע האָט זיכ, ווי העסענ באטאָנט ריכטיק, צומיינסטנ אינטערעסירט ניט

1) פארגלײַכ: ש. באָראָוואָי — „Еврейская земледельческая колонизация в старой России”, Москва 1928, זז. 34—35

דאָס קריגס־מיניסטעריום — נאָר דאָס פינאנצ־מיניסטעריום. דער פינאנצ־מי־ניסטער קאנקרינ לייגט פאָר, אַז די העלפט פונ די ייִדישע רעקרוטנ זאָל מענ אָפּגעבנ אינ סאָלדאטנ, אונ די אַנדערע העלפט — אינ פאבריקנ. דאָס אַלצ באטײַט, אַז מיט די באוווסטע געזעצלעכע מאָסמיטלענ איז מענ ניט אויסנ געוועזנ סטאם נאציאָנאלע אָדער רעליגיעזע גזיירעס, נאָר אַז זיי, די מאָסמיטלענ, זײַנענ בלויז אמאָל אײַנגעהילט געוואָרנ אינ דעמדאָזיקנ מענטעלע פונ קאָנפעסיאָנאליזמ לויט די אינטערעסנ אונ דער פּאָליטיק פונ די הערשנדיקע קלאסנ, פונעמ פעאָדאליזמ אונ פונ ייִדישנ אונ ניט־ייִדישנ גרויס־קאפּיטאל.

„די רעקרוטשינע פאר ייִדנ" מוז באנומענ ווערנ קוידעמקאָל אינ צוזאמענהאנג מיט דער אַלגעמיינער פּאָליטיק פונ דער מעלוכע בענעגייע די פאר־שידענע קלאסנ אינעמ לאנד. זי מוז דערקלערט ווערנ אינ צוזאמענהאנג מיט די רעזולטאטנ פונ דערדאָזיקער פּאָליטיק—אַזוי ווײַט זיי האָבנ געמוזט בא־שטימענ די באציִונג פונ דער מעלוכע בענעגייע ייִדנ—ניט ווי צו א „רעליגיעז־נאציאָנאלער" איינס אונ ניט ווי צו א „סאָציאל־עקאָנאָמישער איינס", נאָר לויט די פּרינציפּנ, מיט וועלכע זי האָט געמוזט צוגיינ צו אלע ענלעכע, ווי בא ייִדנ, עקאָנאָמישע אונ סאָציאלע גרופּעס, אויב זייער עקאָנאָמישער אונ סאָציאלער כאראקטער אונ די — זאָל זײַנ ניט זייער פּיל־שיכטיקע אונ דײַטלעכע — קלאסנ־דיפערענצירונג איז נאָכ דערצו באזונדערס אונטערגעשטראָכנ געוואָרנ דורכ אנ עטנישער אָפּגרענעצונג פונ דער אַלגעמיינער סוויווע. עס וועט דאנ טייקעפ קלאָר ווערנ, אַז די מעלוכע האָט זיכ ניט געקענט באציִענ צו ייִדנ ווי צו עפּעס א געשלאָסענער זעלבשטענדיקער, מיט דער סוויווע ניט צו־נויפגעבונדענער געזעלשאפט, אָדער ווי צו א קלאסנמעסיק אונ עקאָנאָמיש איינהײַטלעכ „פאָלק"; — נאָר אינ צוזאמענהאנג מיטנ קריכעס־ אונ אינטערעסנ־שפּיל פונ די אַלגעמיינע קלאסנ־קאמפנ אונ זייער דיאלעקטיק אינעמ גאנצנ לאנד אונ בא די ייִדנ גופע. מע מוז באטאָנענ, אַז די ייִדישע גרויס־בורזשואזיִע האָט ניט עקזיסטירט ווי אנ איזאָלירטע אונ זעלבשטענדיק טעטיקע בלויז לעגאבע דער ייִדישער אָרעמשאפט, לעמאָשל, נאָר אַז זי איז געוועזנ ארײַנגעצויגנ אינ די אַלגעמיינע קלאסנ־פארהעלטענישנ פונעמ לאנד, ד. ה., לעמאָשל, אַז פונ איינ זײַט איז זי געוועזנ ארײַנגעצויגנ אינעמ קאמפ פונ דער בורזשואזיִע קעגנ דעמ פעאָדאליזמ אונ אבסאָליוטיזמ (אַזוי ווײַט אַזא קאמפ האָט זיכ געפירט), אונ פונ דער אַנדערער זײַט — אינעמ קאמפ פונעמ בורזשואזנ קאפּיטאליזמ קעגנ די נידעריקערע קלאסנ, אויכ קעגנ די עטניש „אייגענע", די ייִדישע נידעריקערע קלאסנ.

ניט אלע קריסטלעכע קלאסנ איניינעמ אונ קיינ שומ באזונדערער קריסט־לעכער קלאס אַלס אזעלכער האָבנ ניט געהאט אונ ניט געקענט האָבנ קיינ איינהײַטלעכע פּאָליטישע באציִונג „צו אלע ייִדנ", ד. ה. צו אלע קלאסנ ייִדנ סטאמ, ווײַל ניט אלע קריסטלעכע קלאסנ האָבנ דאָ געהאט די גלײַכע

אינטערעסן, וואָס האָבן זיך געמוזט דיפערענצירן צו יעדן שיכט און קלאַס פון די ייִדן באַזונדער. די מעלוכע־פּאָליטיק, אַן אויסדרוק פון די הערשנדיקע קלאַסן־אינטערעסן, האָט איר פּאָליטיק צו די ייִדן אויך געמוזט דיפערענצירן לויט די קלאַסן פון דערדאָזיקער עטנישער גרופּע. די עטנישע אָדער רעלי־גיעזע אָפּגעזונדערטקייט האָט דאָ געקענט שפּילן בלויז אַ נעבנזעכלעכע ראָל, און איז בלויז אין באַשטימטע פאַלן אויסגענוצט געוואָרן ווי אַן אויסרייד פאַר עקאָנאָמישע און קלאַסנקאַמפּ־מאָטיוון. די מעלוכישע פּאָ־ליטיק פון דער אַבסאָליוטיסטיש־מיליטאַריסטישער דעספּאָטישער מאָנאַרכיע, וואָס איז צו יענער צײַט אין ערשטער ריי באַשטימט געוואָרן דורך די אינ־טערעסן פון די גרויס־פּריצישע לײַבייגנטימער, האָט זיך טאַקע דריקנדיק אָפּגערופן אויף אַלע בירגערלעכע שיכטן,—אַ רעזולטאַט פון איר באַציִונג צום בירגערטום ביכלאַל. באַקומט זיך זייער אָפּט דער „אָפּטישער" טאָעס, אַז דאָס וואָס איז געווען אינעמעסן געווענדט קעגן די סאָציִאַלע און עקאָנאָמישע קלאַסן, פון וועלכע די ייִדן זײַנען דאָס רוב באַשטאַנען, איז קלאָמערשט גאָר גע־ווענדט געווען קעגן אַ „רעליגיעזער" אָדער „נאַציִאָנאַלער איינס".

געוויינלעך אָבער האָט די מעלוכע געמוזט דיפערענצירן איר באַציִונג. גאָר אַנדערש האָט זי זיך געמוזט באַציִען צו די ייִדישע גרויס־קאַפּיטאַליסטן, וואָס האָבן איר געדינט דירעקט (די ארמיי־אונטערנעמערס, פינאַנסיסטן א. א. וו.) און אומדירעקט (מיט גרויסע שטײַערן) און וואָס זײַנען אַפּ פאַרשידענע אויפאַנים געווען פאַרבונדן מיט די אינטערעסן פון די אדליקע און פון דער ניט־ייִדישער גרויס־בורזשואַזיע; און גאָר אַנדערש — צום קליינבירגערטום און צו דער אָרעמשאַפט, וואָס האָבן מיט זייער פאַרקריפּלטער עקאָנאָמיק געשטערט דעם גרויסן האַנדלס־קאַפּיטאַל, דעם אופּשטרעבנדיקן אינדוסטריע־קאַפּיטאַל און אויך דעם מילי־טאַריזם, וועלכער האָט יענע געדאַרפט באַשיצן. דער וואָכערישער קליינ־„פינאַנסיסט" פון קליינעם אדליקן אגראַריער, דער אופקויפער פון פּראָדוקטן באַם קליינפּראָדוצירער (פויער), יענער מין אופקויפער, וואָס זאַמלט ניט די פּראָדוקטן פאַרן גרויס־האַנדל און ווי רויוואַרג פאַר דער אינדוסטריע, נאָר וואָס פירט זי טייקעף צו צום קאָנסומענט, געפינט קנאַפּע סימפּאַטיעס באַ די אדליקע און באַם גרעסערן האַנדלס־ און אינדוסטריע־קאַפּיטאַל. די צאָלן־פאַר־העלטענישן אין דער קלאַסן־פאַרטיילונג באַ ייִדן גיבן דער אָרעמשאַפט און דעם אָרעמערן קליינבירגערטום אַ שטאַרקע איבערוואָג. דאָס קען גרינג אַרײַנברענגען אין אַ טאָעס, אַז די מעלוכישע פּאָליטיק בענעגייע דידאָזיקע קלאַסן ייִדן זאָל באַקומען אַ נאַציִאָנאַל־רעליגיעזע כאַראַקטעריסטיק. סאַדיסטישע שטריכן באַם אויספאָרמירן און אויספירן די געזעצן זײַנען, פאַרשטייט זיך, דורכויס כאַראַקטעריסטיש פאַר דער דעספּאָטיש־אַבסאָליוטיסטישער מעלוכע. מיר געפינען דידאָזיקע שטריכן פונקט אזוי אין דער באַציִונג צום ניט־ייִדישן קליינביר־גערטום און פויערטום ביכלאַל, ווי אין דער באַציִונג צו ייִדן. די געשיכטע פון די

ייִדן אין יענער צײַט איז די געשיכטע פון באשטימטע ניט זייער פיל־שיכטיקע און ווייניק ניואנסירטע קלאסן, מיט ווייניק דיפערענצירטע באשעפטיקונגען, וואָס האָבן אין עטנישער אָפּגרענעצונג געלעבט צווישן, פון און מיט אנדערע עקאָנאָמישע שיכטן. ווו און וואָס מער זייער עקאָנאָמיק איז ענלעכער געוואָרן צו דער עקאָנאָמיק פון דער ניט־ייִדישער סוויווע, לעמאָשל, דאָרט, ווו די סוויווע האָט זיך אויך אויסגעלערנט גוט האנדלען, אָדער ווען די ייִדן האָבן זיך גענומען צו אנדערע באשעפטיקונגען, דאָרט און אלץ מער איז פארשווונדן ניט נאָר די רעליגיעזע אָפּגעגרענעצטקײַט (זייער אָפּט א באגלייט־דערשײַנונג און אמאָל אן אויסרייד פון דער עקאָנאָמישער פארשידנקײַט), נאָר אויך דער באזונדערער כאראקטער פון דער מעלוכיש־פּאָליטישער באציִונג.

די „רעקרוטשינע" איז לויט דער אויסנווייניקער פאָרם א מיליטאריסטיש מאָסמיטל, דער אבסאָליוטיסטישער מיליטאריזם פון יענער צײַט האָט דעם גע־זעץ געגעבן זײַן אייגנארטיקן כאראקטער, אָבער דער אינעווייניקער באטײַט פונעם געזעץ ליגט ניט אין מיליטאריסטישע צילן. אויב די צאָל ייִדישע רעקרוטן האָט אין א באשטימטער (פארשווינדנדיק קליינער) מאָס געקענט פארמינערן דעם רעקרוטישן קאָנטינגענט־אַל, וואָס דער פאָרעץ האָט געדארפט אָפּגעבן פון זײַנע לײַבייגענע פויערים, האָט דאָס פאר דער אנטשטייונג פונעם געזעץ געשפילט גאָר א נעבנזעכלעכע ראָל. די מעלוכע האָט זיך פון אָנהייב אָן און די גאנצע צײַט זייער סקעפּטיש באצויגן צו די ייִדישע רעקרוטן, ווי צו א סאָלדאטישן מאטעריאל.

די עקספאנסיע פונעם עקספּאָרט האָט געשאפן דעם אומגעוויינלעך פאר־שטארקטן מיליטאריזם, וואָס האָט געדארפט דינען דעם אדליקן גרויס־אג־ראריער, דעם האנדלס־קאפיטאל און אָנהייבנדיקן אינדוסטריע־קאפיטאל — דעם ייִדישן פונקט אזוי ווי דעם ניט־ייִדישן. (אגעוו: די מיינונג, אז ייִדישער אינ־דוסטריע־קאפיטאל און ייִדישע אינדוסטריע־ארבעט זײַנען דעמאָלט, אין דער ערשטער העלפט פון 19 יאָרהונדערט, געווען גאָר אומבאדײַטנדיק, וועט מוזן, ווי מיר ווייסן פון נײַערע אויספאָרשונגען [1]), גרינטלעך רעווידירט ווערן). א שטארקע ארמיי האָט זיך אָבער לויט די דעמאָלטיקע באדינגונגען געקענט בויען נאָר אפן סיסטעם פון לײַבייגנטום, וואָס איז נאָך דערצו געווען דער עקאָנאָמישער הויפּט־באזיס פארן אדליקן גרויס־גרונט־באזיץ. אויב עס הייבן זיך שוין דעמאָלט אָן באווײַזן סטירעס בענעגייע דער אינסטיטוציע פון לײַבייגנטום צווישן די אינטערעסן פון אינדוסטריע־קאפיטאליזם, וואָס דארף פאר דער פראָלעטאריזירונג האָבן פרײַע פויערישע ארבעטס־הענט און פאר דער

[1]) זע די ארבעט פון א. יודיצקי: „ייִדישע ארבעט און ייִדישער קאפיטאל אין דער ערשטער העלפט 19 י"ה אין רוסלאנד", וואָס דרוקט זיך אין ערשטן באנד „היסטאָרישע שריפטן" פון אינסטיטוט פאר ייִדישער קולטור בא דער אוקראַיִנישער אקאדעמיע פון וויסנשאפטן אין קיִעוו. זע אויך ש. באָראָוואָי: „Еврейская земледельческая колонизация в старой России", מאָסקווע, 1928, ז. 125.

פראָדוקציע א קויף־קרעפטיקן קאָנסומענט — און צווישן די אינטערעסן פון די גרויס־אגראריער און דער ארמיי, אזוי מוז זיך די מעלוכע נאָך „אופמערקזא־מער" צוהערן צו באשטימטע טײַנעס פון פויערטום, דעם ריזיקן רוי־רעזערוו פארן מיליטאריזם. די סטירעדיקע אינטערעסן האָבן זיך אָפטמאָל אָפגעשפיגלט און באקעמפט צווישן די פאָרשטייער פון איינעם און דעמזעלבן סאָציאַלן קלאס גופע. אָפטמאָל האָבן אפילע דיזעלבע עקאָנאָמישע אינדיווידן, וואָס זײַנען געווען פארינטערעסירט אין דער באפרײַונג פון די פויערים, קעדיי זיי גרינגער צו פראָלעטאריזירן, פון דער אנדערער זײַט געקענט זײַן פארינטע־רעסירט זיי צו האלטן אין לײַבייגנטום, צוליב די טאָפלטע, לאנדווירטשאפט־לעכע און פאבריקאנטישע אינטערעסן, אָדער צוליב די אינטערעסן פון דער ארמיי, וואָס האָט זיך געשפײַזט פונעם לײַבייגנטום.

די סטירעדיקײַט פון די אינטערעסן האָט געפירט צו פארשידענע סטירעדיקע פרווון און „רעפאָרם־פלענער" אפ „צו פארבעסערן די לאגע פון די פויערים". אין באשטימטע שווערע מאָמענטן פון אומגערעטענישן און עפידעמיעס אין דאָרף האָבן זיך אָט־אָ די ווידערשפרוכן גרינג געקענט אָנזאמלען און פארוואנדלען אין א „ניט־געזונטן" צינד־מאטעריאל. דאָס צווינגט די מעלוכע ניט ארויסלאָזן פונעם אויג באשטימטע טײַנעס פונעם לײַבייגענעם און קערעווען די נייטיקײַט „עפּעס פארן פויער צו טון" אפ דער ליניע פון די מאכטהאָבערישע אינטערעסן און פון די הערשנדיקע קויכעס־פארהעלטענישן. די יידישע באפעלקערונג איז ארײַנגעצויגן געוואָרן אינעם קויכעס־איבערפלעכט פונקט ווי אלע אנדערע קלאסן־גרופעס פון זעלבן מין, זיי האָבן געהאט פאָרשטייער אפ אלע קלאסן־פראָנטן. סײַ דער עקספלואטירנדיקער טייל פון די יידן, סײַ דער עקספלו־אטירטער האָט אין אזעלכע מאָמענטן ניט געקענט בלײַבן אָן א זײַט. אינעם רעקרוטן־געזעץ זײַנען די יידישע גרויסבירגער — ניט געקוקט אפ די שטאַד־לאָנישע אָנשטעלן, בא וועלכע מע האָט זייער גוט געקאָנט פארדינען — פונקט אזוי געווען סאָלידאריש טעטיקע סוביעקטן (אלציינס ווי ווײַט) מיט די איבע־ריקע הערשנדיקע קלאסן, ווי די יידישע עקספלואטירטע און אָרעמשאפט זײַנען געווען אָביעקטן פון דער פאָליטיק איניינעם מיט די איבעריקע ענלעכע סאָציאַלע און עקאָנאָמישע גרופעס אין דער ניט־יידישער באפעלקערונג.

די קאָנצעפּציע וועגן רוסלאנד אלס א וועלט־ברויט־קאמער האָט שוין זײַט א צײַט א רוק געטון דעם געאָגראפישן שווערפונקט פון לאנד צו יענער געגנט, וואָס האָט געהאט די פאסיקסטע ערד פאר ווייץ־פארזיי, צו די דאָרעמ־רוסישע גובערניעס, און גראָד דאָרט האָט געלעבט באזונדערס געדיכט די יידישע באפעלקערונג, אפ וועלכער עס האָט זיך איבער דעם שארפער געמוזט אָפשטעלן די אופמערקזאמקײַט פון דער מעלוכע. די עקזיסטענץ פון דער יידישער באפעלקערונג, וועמעס אָרעמערער טייל איז ביז איצט אין פארגלײַך מיט ענלעכע ניט־יידישע עקאָנאָמישע גרופעס אין באשטימטע פראָטים (לע־

מאָשל, וואָס שײַעכ מיליטער־דינסט, לײַבײגנטום, רעליגיעזער געריכטסבאַרקײַט, קאָהאָל, „שול־אווטאָנאָמיע") געווען, אזוי צו זאָגן, פּריווילעגירט, האָט געמוזט דײַטלעכער באמערקט ווערן. מע האָט אָבער אויכ געמוזט נעמען אינ אכט דעם פאקט פונ שטענדיק זיכ מער אנטוויקלענדיקנ פאראָרעמונגס־פּראָצעס אינ דער יידישער סוויווע. די אמאָליקע פּריווילעגיעס פאר יידנ, וואָס האָבנ געהאט אינ אויג דעם רײַכנ אונ פאר דער מעלוכע נייטיקנ יידישנ סויכער אונ פינאנסיסט, האָבנ זיכ שוינ איצט, ווענ די יידישע באפעלקערונג האָט זיכ באדײַטנדיק פארמערט אונ לויטנ באזיצ גענויער דיפערענצירט, ניט מער געלוינט, אונ באַזונדערס דערפאר, ווײַל די יידישע בורזשואזיע האָט גראָד אָנגעהויבנ שפּילנ אנ אקטיווערע ראָל אינ דער אלגעמיינערווירטשאפט־פּאָליטיק.

די מעלוכישע אויספאָרשערס פונ דער פויערשער לאגע, צו וועלכע עס האָט אויכ געהערט ניקאָלײַ I גופע (אלס קרוינ־פּרינצ), האָבנ אסאכ מאָל אָנגעוויזנ, ווי שווער עס רופט זיכ אָפּ אפ דער לאגע פונ די פויערימ די עקאָנאָמישע ראָל פונ די יידנ אינ דאָרפ. די אויספאָרשערס האָבנ אינגאנצנ פארשוויגנ, ווּעמעס עקאָנאָמישע שליכעס דער ייד פירט דאָרט אויס. אונ כאָטש אזא קוק אפ דער ראָל פונ די יידנ אינ דאָרפ איז זיכ אינ א באשטימטנ מאָמענט אמאָל צונויפגעפאלנ מיטנ אינטערעס פונעמ אדליקנ, לעמאָשל, קעדיי צו באקומענ אויסשליסלעכ אינ זײַנע הענט דעמ מאָנאָפּאָל פונ דער בראָנפנ־ברענערײַ, איז פונדעסטוועגנ אזא צוגאנג צו דער יידנ־פראגע, אינגאנצנ גענומענ, ניט שטענדיק געווענ באקוועמ דעמ אדליקנ גרונט־באזיצער, באזונדערס ניט דעמ קלענערנ גרונט־באזיצער. געווײנלעכ זײַנענ אָבער דעמאָלט אינ א באשטימטער מאָס אָפּגערוקט געוואָרנ אינ א זײַט די (טאקע ניט־צענטראלע) אינטערעסנ פונ קליינעמ גרונט־באזיצ צוליב די אינטערעסנ פונ גרויס־אגראריער (אראָפּראמענ די שוועריקײַטנ פונ לײַבײגנטומ־סיסטעמ) אונ צוליב די אינטערעסנ, וואָס דער איבערלאנד־האנדל האָט געהאט בענעגייע דעמ לײַבאייגנטומ אלס באזיס פונ דער ארמיי. איז טאקע מעגלעכ געוואָרנ אמאָל צו פארבויגנ דעמ אינטערעס, וואָס דער קליינער אדליקער האָט געהאט פאר זײַנ יידישנ קרעטשמער, פאקטער אונ ארענדאטער צוליב דעמ ברייטערנ אינטערעס, צו געבנ, אינ דער פאָרמ פונ א דרוק אפ באשטימטע עקאָנאָמישע גרופּעס יידנ, „פארגרינגערונגענ" דעמ פויער, וואָס האָט געדינט ווי אנ ערד־שקלאפ אונ ווי א רווי־רעזערוו פאר ארמיי אונ פאבריק.

דערצו קומט דער פאקט, אז די נייטיקײַט פונ דער יידישער עקאָנאָמישער פונקציע אינ דאָרפ איז איבער באשטימטע ענדערונגענ אינ די פּראָדוקטיוו־קויכעס אונ איבערנ וווקס פונעמ עקספּאָרט טיילווײַז אונ אינ באשטימטע ערטער אָפּגעשוואכט געוואָרנ. די אופקומענדיקע אינדוסטריע, דער בײַט אינעמ פּראָדוציר־אויפנ פונ טוווע (די אָנהייבנדיקע אגרארע מאשיניזירונג אונ די פארבעסערונג פונ דער באמיסטיקונגס־טעכניק) האָבנ אונטערגעריסנ די פאר־

פונדעוועטקייט פון דער ייִדישער עקאָנאָמיק אין דאָרף, וואָס איז געווען פאר־
בונדן מיט בלויז מיטן פעאָדאל־פאטריִארכאלן סיסטעם, נאָר אויך מיט דער
פרימיטיווסטער פראָדוציר־פאָרם. די טיילווײַזע „מאשיניזירונג" פון דער אגרי־
קולטור האָט נייטיק געמאכט גרעסערן קאפיטאל־באזיץ, די קאָנקורענץ איז
גרויס געוואָרן, טוווע — וואָלוול, אײַנײַנעם מיטן קליינעם פאָרעץ און ניט־רײַכן
גרונט־באזיצער איז אָפּט אויך רויִנירט און איבעריק געוואָרן זײַן ייִדישער
פאכטער, קרעטשמער, פאקטער א. א. וו. אינעם דאָרף און בײַ־דאָרפישן
שטעטל. די מאשיניזירונג פון דער בראָנפן־פראָדוקציע האָט, לעמאָשל, אָפּט־
מאָל איבעריק געמאכט דעם קליינעם ייִדישן גוראלניק און האָט קאָנצענטרירט ניט
בלויז די בראָנפן־פראָדוקציע, נאָר אויך די פראָדוקציע־פארטיילונג. ניט בלויז די
פראָדוקציע איז ארויסגענומען געוואָרן פונעם קלענערן ייִדישן בראָנפן־ברע־
נערס הענט, נאָר אויך צומטייל דער האנדל מיט בראָנפן — פון ייִדישן דאָרף־
שענקערס הענט. די עקספּאָרט־אינטערעסענטן ווידער האָבן געקוקט קרום אף
דעם קליינעם ייִדישן דאָרף־הענדלער, וואָס קויפט אויף די רוי־פראָדוקטן פון
פויער און פירט זיי צו דירעקט צום קאָנסומענט און שטערט אזוי ארום די
אופזאמלונג פון באשטימטע רוי־פראָדוקטן פארן עקספּאָרט. קורץ: די ייִדן אין
דאָרף זײַנען ערטערווײַז ביז צו א געוויסער מאָס איבעריק געוואָרן, אזוי אז
עס האָט זיך שוין דאָ באוויזן א מעגלעכקייט אפן כעשבן פון דעמדאָזיקן עקאָנאָמישן
שיכט עפּעס צו טון „לטובֿת די פויערים", און זיי אינעמעסן גאָרניט צו געבן.

די מעלוכע האָט לאכלוטן ניט אײַנזײַנען געהאט און ניט געטאָרט טשעפּען
דעם רײַכן ייִדישן פּאָדריאטשיק, דעם ציווילן אָדער מיליטערישן, זי האָט זיי
נייטיק געדארפט האָבן. אויך ניט דעם הויפּט־פּראָפּינאטער, דעם גענעראלן
פאכטער פון אקציז, צוליב די האכנאָסעס, וואָס זיי האָבן געבראכט דעם פיס־
קוס און דעם גרויסן גרונט־באזיץ. און אוודע ניט דעם גרויסן ייִדישן האנדל
מיט אויסלאנד (פּרײַסן, עסטרײַך א. א. וו.), וואָס האָט ארויסגעפירט רוי־
מאטעריאלן, טוווע, פי און ארײַנגעבראכט אויסגעארבעטע סכוירעס און לוקסוס־
ארטיקלען פארן פּאָרעץ. נאָך דער אָפּשליסונג פון ענגלאנד האָט דערדאָזיקער
ייִדישער עקספּאָרט און אימפּאָרט געהאט א באשטימטע באדײַטונג. די פאר־
ענגטע סיטואציע פונעם לײַבייגענעם פויער האָט מען געקענט גראָמער מאכן
נאָר אפן כעשבן פון ייִדישן קליינבירגערטום אין דאָרף און אינעם בײַ־
דאָרפישן שטעטל. אפן כעשבן פון קליינעם קרעמער, קליינעם אופקויפער פון
טוווע און פראָדוקטן, פונעם וואנדערנדיקן הענדלער, פונעם מילנער, מילכיקער,
שענקער, קרעטשמער, באלעגאָלע, פריקאזטשיק, קליינעם ברויז־ארענדאטער
און פון קאָלערליי לופט־מענטשן, וואָס האָבן זיך אין דאָרף און בײַ־
דאָרפישן שטעטל מער אָדער ווייניקער פאראזיטיש געהאָדוועט ארום דעם
פויער. גראָד דידאָזיקע צאָרע האָט מען געקענט צום גרינגסטן פאריכטן, דאָ
האָט מען געקענט זען א „הילף" פארן פויער.

דידאָזיקע „הילף" דעם פויער האָט זיך אויסגעדריקט ניט בלויז אינעם פאַרענגערן דעם וווינ־טכום, אינעם פאַרטרייַבן די ייִדן פון דערפער און שטעט אין א גאנצער ריי גובערניעס, נאָר אין א באַדייַטנדיקער מאָס אויך אינעם רעקרוטנ־געזעץ פון 1827, כאָטש דאָס איז שוין נעגייע „די ייִדן" פון אלע דערפער, בייַ־דאָרפישע שטעטלעך און אין גרויסע שטעט. דאָס פאַר־שמעלערן וווינרעכט און די רעקרוטשינע זייַנען אין א באַשטימטער מאָס א טייל פון די „פויערים־רעפאָרמעס", וואָס האָבן זיך פאַרענדיקט מיט דער „פויערים־באַפרייַונג" פון 1861 יאָר. דאָס „גראָמער־מאכן" אין די דערפער האָט געמוזט דערגאנצט ווערן דורך א גראָמער־מאכן אין יענע שטעט, ווו די איבערוואנדערער פלעגן אריינשטראָמען. די „שטאָט" איז זיך דאָ אמאָל צוליב פאַרשידענע סיבעס צונויפגעקומען מיט די אינטערעסן פון „דאָרף". איבערן אופקום פון דער אינדוסטריע דעגראַדירן באַשטימטע טייַלן פון דער שטאָטי־שער ניט־ייִדישער „מיעשטשאנסטווע". דערזעענ זיי בוילעטער דעם ייִדישן קאָנקורענט אין באַשטימטע געווערב־צווייַגן, וואָס איז נאָך דערצו אָפּט גע־קומען פון דאָרף. דער בלייַענדיקער גרויסהאנדל שעדיקט דעם שטאָטישן קליינ־הענדלער, די אופקומענדיקע גרויס־אינדוסטריע — דעם שטאָטישן קליינפּראָ־דוצירער. די טייַנעס פונעם „מיעשטשאנינ" האָבן ניט געקענט און ניט געטאָרט דערלאַנגען די אייגנטלעכע פאַרניכטערס זייַנע, דעם גרויסן האנדלס־ און אינדוסטריע־קאַפּיטאַל, אלציינס צי ייִדישן צי ניט־ייִדישן. האָט דעריבער דער „מיעשטשאנינ" שאַרפער באַמערקט יענעם טייל פון זייַן אייגענעם שיכט, וואָס האָט טאקע פון דיזעלבע סיבעס ניט ווייניקער געליטן ווי ער, וואָס איז אָבער געווען עטנאָגראַפיש אָפּגעגרענעצט. דערפאַר איז דער קאמפ קעגן ייִדישן שטאָטישן דריבנעם בירגער (און נאָר דעם טייל פון דער ייִדישער באַפעל־קערונג זייַנען דעריקער אויסן געווען די געזעצן) געווען א פאַסיקער פאַליא־טיוו, אין וועלכן די מעלוכע האָט זיך געכן אָנגעכאפּט. סטאַם פאַרטרייַבן איז אָבער ניט געווען קיין ערנסטע לייזונג, עס האָט געמוזט דערגאנצט ווערן דורך א רעקרוטנ־געזעץ, וואָס זאָל, ערשטנס, „רעדוצירן" די אָרעמשאַפטס־מאסע און אכוץ אלעם אויך סטימולירן די ייִדישע מאסן צו ערדאַרבעט (אין קאָלאָניעס), צו פאבריק־אַרבעט און צו—געבילדעטע פּראָפעסיעס („צו בילדונג").

א האשפּאָע אפ דידאָזיקע מאָסמיטלען בענעגייע ייִדן האָט אויך געהאט די פּראָבלעמע: „ייִדן אין די גרענעצ־טכומען". אָרעמקייַט און געדיכטע קאָנקו־רענץ האָט געשטויסן די קליינע הענדלערס פון גרענעצ־געגנט און בייַגרענעצ־געגנטס אויסצומייַדן די גרענעצ־אָפּצאָלן דורך שמוגלערייַ. די עטנישע אָפּ־געזונדערטקייַט פון די ברייטע מאסן, זייער אָרעמקייַט, זייער פאַרבינדונג מיט ייִדן פון יענער זייַט גרענעצ האָט זיי געמאכט פאַר אַן אומזיכערן פּאָליטישן עלעמענט אין צייַטן פון מילכאָמע. די לאָיאַלע און אמאָל אפילע פאַטריאָטישע אויפירונג פון דידאָזיקע מאסן אין דער צייַט פון דער נאַפּאָלעאָנישער מיל־

כאָמע [1]) האָט די מעלוכע ניט געקענט האלטנ פאר א גאראנטיע אפ דער צוקונפט. דאָס האָט איר, פארקערט, געעפנט די אויגנ אפ דער ראָל, וואָס „די יידנ״ קענענ אינ אזא סיטואציע שפּילנ, אויב ס'וועט זיכ זיי אזוי אָדער אנדערש עקאָנאָמיש לוינענ. דער אומצוטרוי פונ דער מעלוכע האָט זיכ אויסגעדריקט ניט בלויז אינעמ אוועקטרײַבנ דידאָזיקע מאסנ אינ א ווײַטנ מעהאלעכ פונ גרענעצ. אינ א צײַט פונ פארשטארקטנ מיליטאריזמ האָט זיכ דאָס געמוזט אָפּרופנ אויכ אפנ צוטרוי צו די ברייטערע אָרעמערע מאסנ אפילע אינ די מער אינעווייניקע קאנטנ אונ געגנטנ. נאָכ א מאָטיוו צו לייזנ דעמ מילי־טאריסטישנ אומצוטרוי — טאקע דורכ דעמ הויפּט־מאָסמיטל פונ יענער צײַט: דורכ דער מיליטאריזירונג גופע.

אינ דעמדאָזיקנ מאָטיוו וועלנ מיר אויכ געפינענ איינע פונ די סיבעס פארנ מיסיאָנערישנ אָנשטעל, וואָס די מעלוכע פלעג אמאָל האלטנ פאר נייטיק צו מאכנ בענעגייע יידנ אונ אויסנוצנ צו דעמ. צוועק די רעקרוטשינע. וואקסנדיקע סטירעס צווישנ די פּראָדוקטיוו־קויכעס אונ דעמ געזעלשאפטס־סיידער פירנ צו פארשטארקטער צוואקישקײַט מיצאד דעמ הערשנדיקנ טייל. דאָס שטרעבנ פונ אנ אבסאָליוטיסטיש־מיליטאריסטישער דעספּאָטיע צו רעליגיעזער „ניוועלירונג״, איר קריגערישער קאָנפעסיאָנאליזמ איז לאכלוטנ ניט אויסנ דעמ פרומענ צוועק צו ראטעווענ „פארלוירענע נעשאָמעס״, נאָר ריינ־פּאָליטישע אונ עקאָנאָמישע צוועקנ. דער פּאָליטיש־מיליטאריסטישער אומצוטרוי צו אנ עטניש־ אונ רעליגיעז־אָפּגעגרענעצטער באפעלקערונגס־גרופּע האָט זיכ אָפּט־מאָל געמוזט ווענדנ קעגנ יענעמ פאקטאָר, וואָס האָט אמדײַטלעכסטנ קאָנסער־ווירט דידאָזיקע אָפּגעזונדערטקײַט. דאָס פּראָפּאגירנ פּראוואָסלאוויע דארפ דאָ אינ א געוויסער מאָס באנומענ ווערנ, ווי א פּראָפּאגאנדע פאר מיליטערישער פאטריאָטישקײַט צו דער מעלוכע. די רעקרוטשינע אונ די מיסיאָנערישע שטיק, צו וועלכע זי איז אויסגענוצט געוואָרנ, האָבנ אינ א היפּשער מאָס געדארפט דינענ אלס דערצי־מיטל צו פאטריאָטישקײַט פאר באשטימטע טיילנ אינ דער יידישער באפעלקערונג, אלס קעגנ־מיטל צו זייער ניט־פארלאָזלעכקײַט אינ פאל פונ א מילכאָמע.

א ניט־ווייניקער וויכטיקע אָדער אפילע וויכטיקערע סיבע פאר דער רעלי־גיעזער מיסיאָנערישקײַט, צוליב וועלכער די רעקרוטשינע איז אָפט אויסגענוצט געוואָרנ, איז געווענ דאָס שטרעבנ אזוי ארומ באקוועמער צו מאכנ די מע־

[1]) די „לאָיאלקײַט״ האָט זיכ דיפערענצירט לויט די פארשידענע יידישע עקאָנאָמישע גרופּעס אונ לויט דעמ נוצ, וואָס זיי האָבנ געהאט פונ דער רוסישער ארמיי אָדער פונ די פראנצויזישע אָקופּאנטנ. די „פּאָליטישע כילוקע־דייעס״ צווישנ די כסידישע רעבעס, וואָס שײַעכ דער לאָיאלקײַט צו דער רוסישער מעלוכע אָדער צו א צוקונפטיקער זעלבשטענדיקער פּוילישער מעלוכע מיט נאפּאָלעאָנס הילפ (שנייער־זאלמענ פונ ליאדי — אונ ייִסראָעל, דער „קאָזיניצער מאגיד״) ווײַזנ אָנ אפ א פארשידנקײַט פונ די עקאָנאָמישע אינטערעסנ בא כסידישע גרופּעס פונ פארשי־דענע באשעפטיקונגענ אָדער קאנטנ.

לוכישע עקספּלואַטאַציע פון דידאָזיקע מאסנ. אינ אסאך פּראַטים וואָלטנ דידאָזיקע מאסנ, ווענ זיי ווערנ פּראָוואָסלאַוויש, געקענט ווערנ אסאך גרינגער פאר דער מעלוכישער פּרעס איידער ביז איצט. עס איז כאראקטעריסטיש, אז די מעלוכיש־אָרגאניזירטע מיסיאָנערישקייט האָט זיך ניט דעמאָלט אונ ניט שפּעטער אָריענטירט אפ די רייכע יידישע קרייזנ. די עקאָנאָמישע באשטימטקייט פונ דידאָזיקע קרייזנ איז פארנ פּיסקוס געווענ גענוג בוילעט, קעדיי צו נעמענ פונ זיי אפ פארשידענע אויפנים אזויפיל, וויפל ער האָט געהאלטנ פאר נייטיק אונ מעגלעך. אנדערש איז געווענ מיט די אָרעמע מאסנ. זייער עקאָנאָמישע דיפערענציאַציע איז פאר דעמ פּיסקוס ניט געווענ קלאָר אונ גרייפּבאר, פונ שטייערנ האָבנ זיי זיך געקענט בעסער אויסבאהאלטנ צוליב דער טראַדיציאָנעלער פאָרמ פונ קעהילישער, „סאָלידארישער" שטייער־פליכטיקייט. עס זיינענ געווענ אינ דערדאָזיקער מאסע אזעלכע עקאָנאָמיש־נידעריקע גרופּעס, וואָס האָבנ דאָ דער מעלוכע קימאַט גאָרניט געגעבנ, כאָטש דאפקע דיזעלבע עקאָנאָמישע רוסישע גרופּעס זיינענ פונ דער מעלוכע אסאך מער אויסגענוצט געוואָרנ איידער די העכערע שיכטנ: לעמאָשל, די לייבייגענע — אלס מאַטעריאל פאר דער ארמיי, פאר ערדארבעט, פאר פאבריק־ארבעט א. א. וו. עס האָט זיך באקומענ דער פּאראַדאָקס, אז גראָד דידאָזיקע נידעריקסטע עקאָנאָמישע יידישע גרופּעס זיינענ אינ פארגלייך מיט ענלעכע ניט־יידישע גרופּעס געווענ „פּריווילעגירט" מיט א מינ „פארקריפּלט" רעשטל פונ די אמאָליקע „פּריווילעגיעס", וואָס זיינענ אויסנ געווענ גאָר אנדערע עקאָנאָמישע גרופּעס. די מעלוכע האָט זיך געמוזט ארומקוקנ אונ באמערקנ, אז די מאסע יידישע אָרעמשאפט גיט איר גאָרנישט, ניט מעלוכישע שטייערנ, ניט פיזישנ דינסט פאר דער ארמיי. אינ א צייט, ווענ מע האָט פארשטאנענ ארויסצופּרעסנ אפילע פונ קלענסטנ פּראָדוצירער (דעמ לייבייגענעמ פּויער) דורך א ראפינירטער סיסטעמ פונ באדריקונגענ זיינ צוגאָב־פּראָדוקט אונ א טייל פונ זיינ נייטיקנ פּראָדוקט פארנ פעאָדאל אונ האנדלס־קאפּיטאל אונ אימ גופע אויסצונוצנ פאר דער ארמיי אונ פאר דער פאבריק־אינדוסטריע — האָט אזא בלויז וואָס שייעך דער יידישער אָרעמשאפט געמוזט שטארק באמערקט ווערנ.

די רעליגיעזע אָפּגעזונדערטקייט איז אי פאר דער דיפערענצירונג צוליב עקספּלואַטאַציע, אי פאר צוציענ צו די מעלוכישע „פליכטנ" אינ א היפּשער מאָס געווענ א ווירקזאמער שוץ־נעפּל, דורך וועלכנ דער מעלוכישער זויג־אפּאראט האָט זיך ניט געקענט פּינקטלעך פאנאנדערקלייבנ. דאָס באקוועמסטע אונ פּאָשעטסטע פאר דער מעלוכע וואָלט דאָ געווענ, ווענ דידאָזיקע מאסע מיט איר באזונדערנ „פּראָבלעמ" (ד. ה. מיט איר, דער מעלוכעס, פּראָבלעמ: ווי אזוי עקספּלואַטירט מענ צומבעסטנ דידאָזיקע מאסע) זאָל זיך ארייננגיסנ אינעמ אלגעמיינעמ פּראָבלעמ פונ אויסנוצערס אונ אויסגענוצטע. דאָס איז דער אייגנטלעכער מעלוכישער מיינ פונ „ראטעווענ" די נעשאָמעס דורך מיסיאָנערישקייט.

די שטארקע פארמערונג פון אָרעמע טייל ייִדישע באפעלקערונג האָט שוין דעמאָלט באַרירט ניט בלויז די מעלוכע, נאָר אויך באשטימטע טיילן פון דער ייִדישער בורזשואזיע גופא. דידאָזיקע מאסע פון ביז־גאָר פאראָרעמטע באלמעלאָכעס, אופקויפערס, לופט־מענטשן, מאיאסעניקעס, שלעפערס, קורץ: „אומנוצלעכע און פארברעכערישע עלעמענטן" האָבן ניט בלויז אליין ניט געקענט צאָלן קיין שום שטײַערן, נאָר זיי זײַנען נאָך אָפטמאָל געפאלן ווי אן אָל אף קאָהאָל און אזוי ארום געמינערט זײַן שטײַערפעיִקײַט און מעמיילע די האכנאָסעס פון דער מעלוכע. מיט דעמדאָזיקן עלעמענט איז ניט געווען וואָס זיך צו צערעמאָניען; אויב דידאָזיקע פאר דער מעלוכע אומנוציקע מאסע האָט געדארפט „פארקלענערט" ווערן, האָט דאָ געקענט זייער גוט נוצן דאָס נאטורעלע רעקרוטן־סיסטעם.

מיטן רעקרוטן־געזעץ האָט מען זיך אויך געקענט באנוצן, ווי מיט א סטימול אף צו פראָלעטאריזירן די מאסן און זיי צו פארוואנדלען אין ארבעט־הענט פאר די פאבריקן און פאר ערדארבעט (אין קאָלאָניעס). אכוץ דער מעלוכע איז אין דעם געווען פארינטערעסירט דער ניט־ייִדישער קאפיטאל, פונקט ווי דער ייִדישער, וואָס האָט מיט איין קלאפ געקענט באפרײַט ווערן פון פילאנטראָפישע פליכטן און באקומען פון די ביז־איצטיקע פילאנטראָפישע אָביעקטן — ארבעט־הענט. ניט אומזיסט שטאמען א ריי פאָרשלאגן בענעגייע קאָלאָניזאציע און פאבריק־ארבעט פאר ייִדן דאפקע אויך פון ייִדישע בורזשואזע קרײַזן און זייערע טעאָרעטישע העלפערס (הירשאָוויטש — נאָך אין פוילן, — נאָטע שקלאָווער, מארקעוויטש, יאנקעוו הירש, איילִיאָהו פראנק, אווראָהאָם פערעצ, לייב נעוואכאָוויטש, נ. ראָזענטאל, אָדער מענדל לעפין, י. ב. לעווינזאָן א. א.).

עס האָט אסאך צו זאָגן, אויב א טייל קעהילעס האָבן אביסל שפעטער נאָכן ארויסקומען פון רעקרוטן־געזעץ, אין די דרײַסיקער יאָרן, אליין פאָרגעלייגט צושטעלן ייִדישע רעקרוטן איבער דער נאָרמע אָנשטאָט די שטײַער־כויוועס. (זע, צווישן אנדערע, יו. העסען אין זײַן געשיכטע, בד. II, זײַט 65—66.) עס איז דעריבער פארשטענדלעך, אז אכוץ די ייִדישע קאפיטאליסטן (גילדעניקעס) און דעם ייִדישן קלערוס זײַנען באפרײַט געווען פון דער רעקרוטן־פליכט אויך: קוואליפיצירטע ארבעטער פון פאבריקן, קאָלאָניסטן און די, וואָס האָבן געענדיקט מעלוכישע שולן. דאָס באטײַט, אז דאָס רעקרוטן־געזעץ האָט אכוץ אלעם אויך געדארפט זײַן א סטימול פאר ערדארבעט, פאר פראָלעטאריזאציע און פאר דער באשאפונג פון א דערגאנצדיקער אינטעליגענץ, וואָס איז נייטיק דעם האנדלס־ און אינדוסטריע־קאפיטאל אלס ארבעט־אָרגאניזאטערס און פארוואלטערס פון די גרויסע געשעפטן און פון דער פראָדוקציע.

און לעסאָף: קלאָמערשט האָט דערמיט אויך פאר דער ייִדישער באפעלקערונג עפעס גוטס געדארפט אופגעטון ווערן. די מעלוכע האָט געדארפט טון

בענעגייע די אָרעמערע ייִדישע מאסן עפּעס אזא מין הומאנעם זשעסט, וואָס זאָל, ניט אָפּטרעטנדיק פון דער פּאַקטישער ליניע, פּאָרט דינען ווי אן אָנשטעל און גאָב די רייַכע ייִדישע שטאדלאָנים און דעם „אויפגעקלערטן געוויסן״. א גרויסער פּאראַרעמטער, כאָטש עטניש אָפּגעזונדערטער פּאָלקס־טייל האָט פּאָרט געמוזט „פּאַטערלעך״ באהאנדלט ווערן [1]). דאָס האָט זיך געדארפט אויס־דריקן אין „רעפאָרמעס״ פאר די ייִדן לויטן מוסטער פון אויפגעקלערטערן מיַירעוו־אייראָפּע. דאָרט איז מיליטער־פליכט געווען אן אָנזאָג אף עמאנצי־פּאציע און גלייַכבארעכטיקונג. אָט־אָ דער אָנשטעל האָט דאָ זייער גוט גע־קענט אויסגענוצט ווערן, יעדנפאלס האָט מען דערוויַיל געקענט אייַנפירן די „פליכטן״, וואָס די עמאנציפּאציע פאָדערט פון דער אָרעמערער באפעל־קערונג און אָפּלייגן די פּאָזיטיווע רעכט פאר דעמדאָזיקן טייל ייִדן — אף שפּעטער. די איַינטיילונג איז דאָ געווען א פּאָשעטע: „קאָריגירנדיק־דערציִע־רישע״ מאָסמיטלען פאר די מאסן און פּריווילעגירנדיקע אויסנאמס־רעכט פאר די גווירים:

ווארין די גוטע, וואָס גייען אין קרוינען,
וויסן איטלעכן ווי צו באלוינען.

דעם בלוט־לוין האָבן באקומען ניט די מאסן, נאָר גראָד די קאפּיטא־ליסטישע שטאדלאָנים זייערע. אפילו בלויז פּרעטענדירן אף בירגערלעכע רעכט האָבן געקאָנט נאָר די „רייַכע און געבילדעטע עלעמענטן״. אין „ערשטן ייִדישן רעקרוט״ שילדערט אקסענפעלד, ווי אומרוייִק און שטארק אויפגערעגט די מאסן האָבן אויפגענומען דאָסדאָזיקע געזעצ, בעת דער גוויר ר׳ ארן קלוגער קוויקט זיך בע־הארכאָוועדיק אין זיַין רייַכן פאמיליע־גליק און רעזאָנירט בלויז קאלטבלוטיק, אז „די זאך מוז מען אנדערש פארשטיין; אונדזער קייזער יאָרום־הוידוי, ווי איך מיין, וויל אין זיַין מעדינע אלע אומעס, וואָס וווינען אין זיַין אימפּעריע, גלייַך מאכן, און איטלעכער זאָל גלייַך א רעכט האָבן צו וווינען אָדער צו האנדלען אומע־טום. ניט אזוי ווי ביז אהער איז געווען, אז אין פּופּצן גובערניעס נאָר האָבן ייִדן געמעגט וווינען און האנדלען״. „פארשטייט זיך״, — זאָגט דערדאָזיקער ארן וויַיטער — „אז דער, וואָס וויל א גלייַכן רעכט האָבן ווי יענער, מוז נושא בעול המדינה זיַין גלייַך ווי יענער. הייַנט גיבן ייִדן אָבער נישט קיין רע־קרוטן, דעריבער הייסט דער קייזער, אז ייִדן זאָלן אויך געבן רעקרוטן, ווועט שוין א רעכט זיַין, אז זיי זאָלן מעגן גלייַך מיט יענע אומעטום וווינען און אומעטום האנדלען. אז דו קויפסט דיר א שטאָט אין שול, צאָלסטו פּריִער געלט, דענסטמאָל האָסטו א רעכט צו זיצן און צו שטיין אף דיַין שטאָט. מיר

---

1) „Рекрутский набор есть благодеяние для еврейского народа“ (Ж. М. В. Д. 1846, 14). זיס. נאָך דער „Евр. Энциклопедия“ בר. או, ז. 243.

דארפנ און מוזנ גלויבנ אונדזער קייזער יאָרומ־הוידוי, אַז דורכ דעמ, וואָס ייִדנ וועלנ געבנ רעקרוטנ, וועט ער זיי גלייַכ מיט אַלע געבנ אַ פּראווע צו האנדלענ און צו וווינענ אומעטומ. דאָס דארפ אַ מענטש פארשטיינ אַלייג".
דערדאָזיקער פאָרשטייער פונ דער בורזשואזיִע קענ גאָרניט האָבנ קעגנ דעמ געזעצ. זייַנסגלייַכנ האָט ביז איצט שוינ, כאָטש מיט באשטימטע אומבאַ־קוועמלעכקייַטנ, פאָרט געקענט פאָרנ אינ די האפּנ־שטעט, אַפ די גרויסע יאריִ־דימ פונ מאָסקווע, ניזשנע־נאָווגאָראָד און ריגע און „וווינענ און האנדלענ" זאָל זייַנ אפילע אינ פּעטערבורג (פאר די רעליגיעזע באדערפענישנ פונ דער גרופּע איז דאָרט דערלויבט געוואָרנ ניט נאָר בויענ אַ שול, נאָר אפילע אַ בייס־האקוואָרעס). „די וואָס גייענ אינ קרויִנענ" האָבנ זייַנ שיכט סייַווי געהאלטנ פאר־העלטניסמעסיק אינ איינ „באלוינענ", האָבנ ארענענ און זייַנ שיכט אזעלכע געזעצ־לעכע מאָסמיטלענ קעגנ דער מאסע געקענט ברענגענ נאָר ווייַטערדיקע „לוינענ".
אסאכ פאָרזיכטיקער און ווייניקער זיכער דריקט זיכ אויס אינ „ערשטנ ייִדישנ רעקרוט" אַ פאָרשטייער פונ אַ נידעריקערער גרופּע, וואָס איז טאקע פארבונדנ מיט דעמדאָזיקנ גוויר, אָבער אינ אַ באשטימטנ זינענ, סייַ פאקטיש, סייַ יורידיש (וואָס שייַעכ סאָלידארישער אכרייַעס מיטנ גאנצנ קאָהאָל) אויכ מיט ברייטערע מאסנ. פינכעס דער רויטער האָט ניט קיינ פעסטע אייגענע מיינונג וועגנ געזעצ, ער פארופט זיכ בעפיירעש אַפ דעמ, וואָס די „גרעסטע לייַט זאָגנ". „מיר מיינענ, דאָס איז אַ גזיירע, אנדערע גרעסטע לייַט זאָגנ (און מיר וויסנ, פארוואָס עס לוינט זיכ זיי אזוי צו זאָגנ — מ. וו.), אַז דער קייזער האָט ייִדנ דערמיט אַ כעסעד געטונ, קעדיי ייִדנ זאָלנ דערמיט האָבנ גלייַכ רעכט און אַ כאזאָקע אינ דער מעדינע, ייִדנ זאָלנ ניט זייַנ ווי גיירימ אינ דער מעדינע". ער גיט אָבער פאָרזיכטיק און אייַנגעהאלטנ צו: „מיר וויסנ נאָכ לעסאטע גאָרניט, וואָס דערפונ וועט ווערנ"— דאָ הערשט ניט די זיכער־קייַט אינעמ קייזערס כעסעד ווי בּאַ ארענענ. דערדאָזיקער מיטלבירגער איז ניט אזוי איבערצייַגט, ווי דער גרויסבירגער ארנ, אַז פאר אימ וועט דאָ ארויס אַ טויווע פונ דעמ געזעצ. ער ווייַזט בלויז אָנ, אַז די מעלוכע איז שטארקער, און אויב זי הייסט, מוז מענ פאָלגנ. „נאָר סייַ־ווי־סייַ טאָרנ מיר ניט זייַנ אקעגנ ראָצנ האקייזער יאָרומ הוידוי... כאָס־וועכאָלילע, אַז איר וועט מיט אייַער אק־שאָנעס ניט וועלנ געבנ קיינ רעקרוטנ — וועט איר מיט געוואלד געבנ".
אינ ארנס און פינכעסעס ווערטער בענעגייע דער רעקרוטשינע פארמאָגנ מיר אַ שטייגעריש־לעבעדיקנ דאָקומענט וועגנ דער שטעלונג פונ דער ייִדישער גרויס־בורזשואזיִע און פונ אנטוויקלטערנ מיטלבירגערטומ צו דערדאָזיקער פראָבלעמע. פונ אַלעמ וואָס מיר וויסנ אכוצדעמ איז קלאָר, אַז שוינ טייקעפ אינ אָנהייב האָט לעפּאָכעס די ייִדישע גרויס־בורזשואזיִע אַפ אנ עמעס גאָרניט געקענט האָבנ קעגנ דעמדאָזיקנ און קעגנ ענלעכע געזעצלעכע מאָסמיטלענ, פונ וועלכע זי האָט נאָר געקענט ציִענ אַ נוצ.

אויב עס זײַנען פאראנ פאלנ אינ דער געשיכטע, ווענ מע מעג אורטיילנ אפ צוריק, „פונעמ שפעטערדיקנ — אפנ פריִערדיקנ", פונעמ סאָפ — אפנ אָנהייב, איז דאָס באַזונדערס שײַעכ צו די אויספירנ, וואָס מע קענ מאכנ פונ די מאטעריאלנ, וועלכע א. טשעריקאָווער ברענגט אינ די „היסטאָרישע שריפטנ" (ווארשע, 1929, בד. I, ז. 773 אונ ווײַטער: „פונ די רוסישע ארכיוונ"). אינ יאָר 1852 אונ דערנאָכ איבערכאזערנדיק אינ יאָר 1854, ד. ה. קורצ פאר דער אָפשאפונג פונ דער רעקרוטשינע אונ דעמ קאנטאָניסטנ־סיסטעמ (1856), ווענדנ זיכ 11 ייִדישע סאָכרימ פונ דער ערשטער גילדע אונ „ערנבירגער", אָנגעפירט דורכנ באַוווּסטנ „גוויר אונ שטאדלענ" יויזל גינזבורג, דעמ שפעטערדיקנ באראָנ, מיט א מעמאָראנדומ צו דער מעלוכע, אינ וועלכנ זיי באמיִענ זיכ צו באוואָרענענ, אז די שטארקע פארגרעסערונג פונ דער רעקרוטנ־נאָרמע פונ יאָר 1852 זאָל גיינ דעריקער אפנ כעשבנ פונ דער אָרעמשאפט. זיי אונטערשטיצנ אינ זייער באקאָשע דעמ פרינציפ פונ „ראזריאדנ" — טאקע דאָס, וואָס די מאסנ האָבנ אָנגערופנ „גזיירעס ראזריאדנ", — לויט וועלכנ די אומנוצלעכע אונ שעדלעכע בירגער („נוצלעכ אונ ניט־שעדלעכ" זײַנענ געווענ: די פאבריקאנטנ, סאָכרימ־גילדעניקעס, זייערע „געבילדעטע" געהילפנ אונ זייערע עקספלואטירטע ארבעטער אונ קאָלאָניסטנ) דארפנ באזונדערס שארפ אויסגעטיילט ווערנ פאר די רעקרוטישע אונ קאנטאָניסטישע לאסטנ. די „רעקרוטשינע" זאָל לויט דעמ מעמאָראנדומ מיט שטארקערער אויסשליסלעכקײַט ארופגעוואָרפנ ווערנ אפ די „אומפראָדוקטיווע עלעמענטנ" (פונ קאפיטאליסטישנ שטאנדפונקט) — ווי דער בירגערלעכער היסטאָריקער טשעריקאָווער גופע טײַטשט דאָס אויס — אפ די ייִדישע „אָרעמע קלאסנ".

מיט א באשטימטנ „האיטאָכנ"־טאָנ שטעלט טשעריקאָווער פעסט, אז די־דאָזיקע ביטע איז געווענ געווענדט קעגנ די אינטערעסנ פונ „קלאל". ער כידעשט זיכ „נאיִוו": „וואָס האָט אייגנטלעכ גינזבורג באצוועקט מיט זײַנ ווענדונג איז נישט אינגאנצנ קלאָר, מאכמעס פאקטיש האָבנ פונ דער רעקרוטשינע די רײַכע ייִדנ נישט געליטנ; סײַ דער געזעצ, סײַ באזונדערס די פראקטיק האָט זיי געגעבנ די פולע מעגלעכקײַט צו באפרײַענ זיכ..." (דאָרטנ, ז. 788). פאר גינזבורגנ אָבער אונ זײַנע מיט־שטאדלאָנימ איז דאָס, וואָס זיי האָבנ „באצוועקט", געווענ „אינגאנצנ קלאָר" אונ קאָנסעקווענט. אונ פונקט אזוי איז אויכ פאר אונדז קיינ סאָפעק נישט, אז אינ דידאָזיקע „שטאדלאָנישע" מעמאָראנדנ פונעמ סאָפ־רעקרוטישנ פעריִאָד דאָקומענטירט אונ שפיגלט זיכ אָפ די קאָנסעקווענטע אונ קלאסנמעסיק דורכויס לאָגישע באציִונג פונ דער ייִדישער גרויס־בורזשואזיִע צו דער רעקרוטשינע אונ צומ קאנטאָניסטנ־סיסטעמ פאר דער ג א נ צ ע ר צ ײַ ט, זײַט דעמ ארויסקומענ פונ דעמדאָזיקנ געזעצ, אונ עפשער אפילע נאָכ זײַט א שטיקל צײַט פריִער, נאָכ איידער דאָס געזעצ איז ארויסגעקומענ.

אינ דידאָזיקע דאָקומענטנ ווערט מיט א צינישער דייַטלעכקייַט פאָרמולירט די באַציִונג פונ דער ייִדישער בורזשואַזיִע בענעגייע אָט־אָ דעמ אזוי אויסער־געוויינלעכ הארבנ אונ שווערנ מאָסמיטל. די ייִדישע קאפיטאליסטישע איני־ציִאטערס פונ דער „פּראָדוקטיוויזאציע" פונ דער ייִדישער אָרעמשאפט, וואָס האָבנ זייַט נאָטקינענ (1797, 1800, 1803 א. א. וו.) אונטערגעזאָגט דער מע־לוכע, וויאזוי פאָטער צו ווערנ פונ דער ייִדישער אָרעמשאפט אונ זי צו עקס־פּלואטירנ, האָבנ פונקט אזוי גוט ווי זייערע מעלוכישע „פּראָטעקטערס" פאר־שטאַנענ דעמ ווערט פונ דער רעקרוטשינע אלס סטימוליר־מיטל פאר פּראָ־לעטאריזאציע אונ—אלס א מיטל פונ „רעדוקציע". אונדז איז דאָ אלציינס צי האָבנ זיכ בלויז די אנטשפּרעכנדיקע דאָקומענטנ פונ דער פריִערדיקער צייַט אינ דעמ פראט ניט אָפּגעהיט אָדער צי האָבנ זיכ דאָ די עלטערע ייִדישע „פּראָ־זשעקטאָרנ" פּאָרט ניט דערוועגט צו ריידנ אזעלכע קלאָרע דיבורימ ווי אינ גינזבורגס אונ זייַנ כאווריַיעס מעמאָראנדומ. דאָס איז דאָכ טאקע גאָרניט נייטיק געווענ, זייערע פּראָטעקטערס האָבנ זיי באנומענ אפּנ ווונק.

וואָס שייַעכ אָבער דעמ מעמאָראנדומ פונ גינזבורג אונ זייַנ כאווריַיע מוז מענ יעדנפאלס זאָגנ, אז דאָ האָט שוינ די מער אנטוויקלטע ייִדישע בורזשואַזיִע אינ פראט פונ דייַטלעכקייַט געמאכט באַדייַטנדיקע פאָרשריטנ. „מיר וואָלטנ געהאלטנ — רעדט זיכ דאָרט — א הישטאדלעס פאר די טויגע־ניכטסנ פונ אונדזער נאציע פאר א פאראט קעגנ אייַכ, אונ קעגנ די איגטע־רעסנ פונ אונדזער פאָלק גופע" — ; „אויב א גרעסערע צאָל רעקרוטנ וועט גענומענ ווערנ נאָר פונ די ליידיקגייערס (די דעשיפרירונג פונ דעמ טערמינ איז אפילע טשעריקאָווערנ קלאָר — מ. וו.), וועלנ אלע לאָיאלע אונ פארמעג־לעכע ייִדנ, וועלכע שרעקנ זיכ אליינ פארנ ווּקס פונ אזא קלאס מענטשנ, מיט א הארציקנ דאנק באַגעגענענ נישט נאָר דעמ טריט, נאָר אויכ—נ י ש ט ג ע־ק ו ק ט א פּ ד י ר ע ל י ג י ע ז ע פּ אָ ר ו ר ט י י ל נ (מייַנ קורסיוו — מ. וו.) — יעדנ אנדערנ פאסיקנ טריט פונ דער רעגירונג ארופצולייגנ אפּ דידאָזיקע מענטשנ א צוימ" (ז. 786).

דאָ באַגעגענענ מיר שוינ גאָר א גראָבנ אָנצוהערעניש פונ האסקאָמע אפּ פּראָיעקטירטע מאָסמיטלענ פונ א באַשטימטנ מינ. אשטייגער, ווי ס'האָט פאָרגעלייגט דער ווייַסרוסישער גענעראל־גובערנאטער דיאקאָוו (אינ די פער־ציקער יאָרנ) צו פארמינערנ די „אומנוצלעכע" ייִדנ (ד. ה. די דערווייַל ניט עקספּלואטירבארע אָרעמשאפט—מ. וו.) אינ סאָלדאטיש־ארבעטערישע ראָטעס. אָדער גאָר אפּ די מאָסמיטלענ, וואָס אוּוואראָוו האָט, ווי ס'איז דייַטלעכ צו זענ, אינזינענ געהאט מיט זייַנ אָנמערקונג אפּנ מעמאָראנדומ פונ א באַ־ווּסטנ ווילנער „גוויר אונ שטאדלענ" ראָזענטאל (1842), וועגנ קאמפּ מיט דער ייִדישער אָרעמקייַט דורכ צוציִונג צו פאבריק־ אונ ערד־ארבעט — אז: „מיט פאבריקנ אונ ערד־באַארבעטנדיקע קאָלאָניעס וועט נימ געלייזט ווערנ

די ייִדנ־פראגע, דער פּרינציפּ ליגט העכער", ד. ה. אינ דער פיזישער ליקווי־
דאציע פונ דידאָזיקע שיכטנ 1). דער צוועק, וואָס גינזבורג אונ כאוורייִע האָבנ
„באצוועקט" מיט זייער מעמאָראנדומ, איז קלאָר. צו יענער צײַט, אינעמ לעצטנ
יאָרצענדליק פאר דער פוּערימ־באפרײַונג, ווענ די פארשארפטע סטירעס אינ
דער לײַבייגנטומ־פראגע האָט ארויסגערופנ דעמ ווייניק גוצלעכנ פרווו פונ א
אומענטשלעכ פארגרעסערטער קאָנטינגענטירונג פונ רעקרוטנ בא ייִדנ, האָט
אינעמעסנ דאָסדאָזיקע מאָסמיטל שוינ דאָ ניט געהאט קיינ שומ פאליאטיווע
ווירקונג. עס האָט אויכ שוינ אָנגעהויבנ אָפּצונויגנ פונ אנ אנדערנ וויכטיקנ
אורשפּרינגלעכנ צוועק, פונ זײַנ ווירקונג אלס פראָלעטאריזיר־מיטל, ווײַל עס
האָט זיכ אָנגעהויבנ אויסצושפּרייטנ אפּ אזעלכע שיכטנ, וועלכע די בורזשו־
אזיִע איז נאָכ אינ יענער צײַט אונ באמ שטאנד פונ איר אנטוויקלונג ניט
אויסנ געווענ צו פראָלעטאריזירנ. די „הימל־שרײַענדיקע" אונ אומענטשלעכע
כאפּערס־אינסטיטוציע, די ווילדע, אלע גרענעצנ איבערשטײַגנדיקע קאָרופּציע
האָט צופיל פארבויגנ אונ פארקריפּלט דעמ זינ פונ דעמ געזעצ. אונטער־
וועלטיש־קולאקישע גרופּעס אינ דער ייִדישער סוויווע, פארגרעבטע שענקערס,
קאָנטראבאנדיסטנ א. א. וו., וועלכע גופע די מעלוכע איז צומטייל אויכ
אויסנ געווענ מיט דעמ געזעצ, האָבנ דעמדאָזיקנ געזעצ, ווערנדיק „כאפּערס"
אונ באלעבאטימ איבערנ געזעצ, אימ געגעבנ אזא ווענדונג, וואָס האָט אָנגע־
הויבנ אומבאקוועמ ווערנ דער ייִדישער בורזשואזיִע גופע. עס האָט שוינ אָנ־
געהויבנ אָנרירנ אזעלכע, עמעס ווייניקער פארמעגלעכע גרופּעס, וואָס זײַנעג
אָבער צו דער בורזשואזיִע נאָענט געווענ. דאָס מאָסמיטל האָט שטארק „דע־
גענערירט". דער מיינ פונ מעמאָראנדומ איז צו קאָריגירנ אונ צוריק צו פירנ
די רעקרוטשינע אונ דאָס קאנטאָניסטנ־סיסטעמ — צומ אורשפּרינגלעכנ צוועק,
וואָס די בורזשואזיִע האָט אינ זיי געוואָלט האָבנ: אלס סטימוליר־מיטלענ פאר
פראָלעטאריזאציע אויסשליסלעכ נאָר פונ דער האמוינישער אָרעמשאפט אונ
אלס מיטלענ זי פיזיש צו רעדוצירנ. די סאָציִאלע ווירקונגס־גרענעצנ פונ די־
דאָזיקע מאָסמיטלענ האָבנ געמוזט דײַטלעכער אופגעשטעלט אונ אונטערגע־
שטראָכנ ווערנ. קעדיי עס זאָל ניט אָנרירנ די גרופּעס, וועלכע דאָס געזעצ
טאָר ניט אויסנ זײַנ, האָט מענ געמוזט פארפינקטלעכנ זײַנ ווירקונגס־געביט,
אזוי, אז „די שולדיקע, זעענדיק דאָס, זאָלנ באקומענ נאָכ א שטארקערנ סטי־
מול צו ווערנ בעסער" (דאָרט, מעמאָראנדומ) אונ זיי זאָלנ צומטייל „ליקווי־
דירט" ווערנ, צומטייל אריבערגיינ צו פאבריק־ארבעט, ערדארבעט, מעלאָכע,
צו געבילדעטע אָנגעשטעלטנ־ארבעט (בא די קאפּיטאליסטנ), צו געבילדעטע
פּראָפעסיעס — אונ דאָס אלצ לויט די אינטערעסנ פונ די ערשטע גילדעני־
קעס אונ „ערנבירגערס", פונ דער ייִדישער גרויס־בורזשואזיִע. —

1) זע ש. באָראָוואָי, „Еврейская земледельческая колонизация в старой России", מאָסקווע, 1928, זז. 184, אונ 189—190.

דאָס רעקרוטנ־געזעצ פונ 1827 איז, הייסט עס, געווענ דיקטירט ניט בלויז דורכ די עקאָנאָמישע אונ קלאַסאָווע נויטווענדיקייטנ פונ אנ אלגעמיינעמ מאסשטאב, נאָר עס האָט אויכ אינ א באשטימטנ זינענ געדארפט זײַנ א „כע־סעד“, א געשאנק אפ צו פארבעסערנ די לאגע פונ די ברייטערע מאסנ אָרעמע יִדישע באפעלקערונג, א „רעפאָרמע“ אונ א פרווו אכזאָריעסדיק צו לייזנ די „יִדנ־פראגע“ אפ אזא אויפנ, וואָס איז גראָד—מיר ווייסנ ניט פינקטלעכ ווי ווײַט דאָס איז געשענ „צופעליק“ אָדער נישט — לאכלוטנ ניט שעדלעכ געווענ, אסאכ גיכער אָבער, נוצלעכ געווענ אויכ דער יִדישער גרויס־בורזשואזיִע.

.3

ווי איז אופגענומענ געוואָרנ דער רעקרוטנ־אוקאז פונ יענעמ טייל באַ־פעלקערונג, אקעגנ וועלכנ ער איז געווענ געווענדט?

דער דעטאל, וואָס אקסענפעלד דערציילט אינ „ערשטנ יִדישנ רעקרוט־וועגנ דער מיינונג פונ די פארזאמלטע אפ דער אסיפע, אז פונ קאָהאָלס כסימע איז אָפּהענגיק דאָס געזעצ, איז ניט קיינ אויסגעטראכטער אונ ניט קיינ גוזמע. באמ איבערדערציילנ געזעלשאפטלעכע פאקטנ האלט זיכ אקסענפעלד, ווי מיר ווייסנ, באמ היסטאָרישנ עמעס. דידאָזיקע מיינונג פונ דער מאסע האָט אָבער געהאט אסאכ א רעאלערנ באָדנ איידער אנ אנדערע, אויכ היסטאָריש־באגלויבטע מיינונג אירע, א רעזולטאט פונ איר פאנאטישער אָפּגעשטאנענקייט, אז קאָלזמאנ דער גוטער־יִיד, דער רעבע, האָט ניט מאסקימ געווענ צו דעמ געזעצ, וועט עס ניט ווערנ אויסגעפירט. א. מ. דיק דערציילט אויכ אינ „דער ערסטער נאבאָר“, אז „... די רײַסישע אונ כסידישע רעביִימ... האָבנ דעמ אוילעמ פארזיכערט אפ געוויס, דאָס מענ וועט פונ יִדנ קיינע רעקרוטנ נעמענ“ (ז. 9). איבער דעמ האָט דאָס ארויסקומענ פונעמ געזעצ נאָכ מער איבעראשט אונ צעטומלט די מאסנ, וואָס האָבנ אינ אָנהייב אינ דעמ געזעצ ניט געוואָלט גלויבנ. אָבער אויכ דידאָזיקע פאָרשטעלונג פונ דער אָפּגעשטא־נענער מאסע איז ניט אינגאנצנ סטאמ פונ דער לופט גענומענ. זי שטייט בעלי־סאָפעק אינ צוזאמענהאנג מיט דעמ פאקט, וואָס די כסידישע רעבעס האָבנ ענערגיש אָרגאניזירט די געלט־זאמלונגענ פאר די „שטאדלאָנעסנ“ אינ פעטערבורג (מיט דער הילפ פונ פארשידענע טאקאָנעס, ווי לעמאָשל, דורכ אלגעמיינע טאנייסימ, וואָס האָבנ געדארפט ברענגענ אָפּגעשפּאָרטע סומעס). בא דער אגיטאציע פונ די געלט־זאמלונגענ האָבנ די רעבעס, וואָס פלעגנ בא אזעלכע געלעגנהײַטנ גאנצ גוט „פארדינענ“, אפ זייער שטייגער ניט געשפּאָרט מיט אָפּנארערישע צוזאָגנ. דעריבער שטייט בא דיקנ דער צוזאָג פונ די רעבעס אינ פארבינדונג מיט דער טעטיקײַט פונ די „שטאדלאָנימ“ [1]).

[1]) זע אויכ: „Еврейская старина“ זז. 258—260, די זיכרוינעס פונעמ באאמטנ ציפרינוס.

דידאָזיקע שטאדלאָנישע זשעסטנ פונ די רעבעס אונ די באמיִונגענ פונ די „ייִדישע אגענטנ״ אינ פעטערבורג אָפצוקויפנ די מעלוכע-מענטשנ—וועגנ „הישטאדלעסנ״ האָבנ די בירגערלעכע היסטאָריקער, צוליב קלאָרע סיבעס, ליב באזונדערס אויספירלעכ אונ פאטעטיש צו דערציילנ — טאָרנ אונדז ניט אָפנארנ מיקויעכ דער אייגנטלעכער באציִונג צומ רעקרוטנ־געזעצ פונ יענע געזעל־שאפטלעכע גרופעס, צו וועלכע די „שטאדלאָנימ״ האָבנ געהערט. אונ אויכ ניט וועגנ דעמ אייגנטלעכנ טאָכ פונ דידאָזיקע „הישטאדלעסנ״. צו אָט־אָ די גרופעס האָט דאָס רעקרוטנ־געזעצ קיינ שייַכעס ניט געהאט. די שטאדלאָ־נימ זייַנענ געווייִנלעכ געווענ, אכוצ די זעלטענע פאלנ, ווענ מע האָט מיט־געשיקט מיט זיי צוליב „קאָנטראָל״ אנ אומבאהאָלפענעמ ראָוו אלס „פאר־טרויטנ״ פונ די מאסנ אונ קעדיי די מאסנ צו בארויִקנ,—רייַכע סאָכרימ, וואָס זייַנענ געפאָרנ אינ דער הויפטשטאָט צוליב זייערע אייגענע געשעפטנ — אונ האָבנ דערבייַ איבערגענומענ נאָכ א „געשעפט״, בא וועלכנ מע האָט גאָרניט שלעכט פארדינט: דאָס שטאדלאָנעס־געשעפט. ניט געקוקט אפ דעמ, ווי די גאנצע געזעלשאפטלעכע גרופע, צו וועלכער די שטאדלאָנימ האָבנ געהערט, אונ ווי זיי גופע האָבנ זיכ קלאסנמעסיק געמוזט באציִענ, לעמאָשל, צומ רעקרוטנ־געזעצ, האָבנ פונדעסטוועגנ יעכידימ פונ דער גרופע געקענט איבערנעמענ הישטאדלעסנ קעגנ דעמ געזעצ, הישטאדלעסנ, צו וועלכע עס האָט זיי מיסכייַעוו געווענ די געזעלשאפטלעכע פּאָזיציע אונ בא וועלכע מע האָט געקענט גאנצ גוט פארדינענ. ענלעכע דערשייַנונגענ זעענ מיר דאָכ זייער אָפט אינ ענלעכע געשיכטלעכע סיטואציעס, אונ נאָר בעקיוונדיק „נאיִווע״ היסטאָריקער לאָזנ זיכ פונ אזעלכע פאקטנ אָפנארנ. בא שטאדלאָנימ אונ הישטאדלעסנ פונ העכערע קלאסנ־פאָרשטייער פאר די מאסנ טאָרנ מיר קיינמאָל ניט ארויסלאָזנ פונ אויג דעמ פאקט, אז אכוצ זעלטענע אויסנאמעס איז דערדאָזיקער איניִענ סייַ פאר די געלט־זאמלערס, סייַ פאר די אומיטלבארע „אגענטנ״, וואָס פלעגנ אָפקויפנ די מעלוכע־מענטשנ, געווענ זייער א לוינענדיקער אונ וויניק קאָנט־ראָלירטער געשעפט. ניט אומזיסט מיינט מענדעלע, אז די קאָרבאָנעס פונ דער רעקרוטשינע וואָלטנ גערנ געזאָגט: „ניט קיינ כאפערס אונ ניט קיינ באפרייַער, ניט קיינ מאקע אונ ניט קיינ רעפוע... איז דענ טאקע ניטאָ בא אונדז אזוינע קאפצאָנימ, אזעספענימער, וואָס פארגעסנדיק דאָס גוטס, וועלכס מע טוט זיי, טרעטנ זיי ארויס אקעגנ אלע אונדזערע גאבאָיִמ אונ יענע מינע באלעטויוועס מיט א ליארעמ, א געשריי: פיל גלייַכער וואָלט געווענ פאר אונדז אונ פאר קאָלייִסראָעל, אז איר וואָלט גאָרניט געבוירנ געוואָרנ!...״ („דאָס ווינשפינגערל״, צווייטער טייל, קיִעוו, 1930, ז. 129).

לויט זייַנ גאנצנ מעהוס האָט דער „אוקאז״ קיינעמ ניט געקענט ארייַנבירנ אינ סאָפעק צו מיינענ, אז ער איז אויסנ דעמ געווייִנלעכנ אלגעמיינעמ מע־לוכישנ כויוו, אונ ניט פארשארפטע קלאסאָווע צילנ קעגנ דער אָרעמשאפט.

קיינער האָט אינעמעסן ניט געקענט גלויבן, אַז די מעלוכע האָט אינזינען, ווי ס׳זאָגט זיך אינעם „באַפויל״, „צו פאַרגלײַכן אַלע שטאַנדן וואָס שײַכן מיליטער־פליכט״ אָדער אַז, „די בילדונג און די פעיִקײַטן, וואָס ייִדן וועלן באַקומען אין (פינף און צוואַנציק־יאָריקן — מ. וו.) מיליטער־דינסט״ זאָלן אַרײַנגעטראָגן ווערן נאָכן אָפדינען אין די פאַמיליעס, „קעדיי דאָס זאָל זיך צונוצקומען זייער אײַנגעזעסנקײַט און זייער ווירטשאַפט״.

לויטן „ספעציעלן סטאַטוט פאַר ייִדן״ מיט זײַנע 95 פונקטן, וואָס זײַנען געווען באַזונדערס אַכזאָריעסדיק פאַרשאַרפט קעגן דער אָרעמשאַפט, האָבן קלאָמערשט געדאַרפט דינען אַלע טויגלעכע מענער נאָך אַ באַשטימטער רייִ און אָרדענונג. קאָהאָל האָט אָבער געהאַט דאָס רעכט „אָפצוגעבן לויט זײַן אײַנזעען יעדן ייִדן און אין יעדער צײַט, וואָס צאָלט ניט פינקטלעך שטײַערן, אָדער וואָס שלעפט זיך אַרום און טוט ניט אַנדערע ניט דערלאָזבאַרע אומאָרנטלעכקײַטן״. דעמדאָזיקן געניוג דײַטלעכן ווונק האָט די אָרעמשאַפט אין די מאַסע „אומפינקטלעכע שטײַער־צאָלער, שלעפערס (מאַיאַסעניקעס) און אומאָרנטלעכע״ טײַקעף געמוזט ריכטיק פאַרשטיין. אַז עס וועט ניט אָפגעהיט ווערן אַפילע יענע האַנאָכע, וואָס דאָס געזעץ האָט געמאַכט בענעגייע אָרעמע אײַנציקע זין (ווי אין „ערשטן ייִדישן רעקרוט״) — האָט מען זיך גיך איבערצײַגט. פון מיליטער־כיווו זײַנען יורידיש אָדער פאַקטיש באַפרײַט געווען: גילדע־סאָכרים, ראַבאָנים, רעבעס און קלייקוידעש, וועלכע די מעלוכע האָט געדאַרפט שאַנעווען, לויט אירע קאָנפעסיאָנעל־רעאַקציאָנערע פרינציפן, צעכן־מײַסטערס, ד. ה. קוואַליפיצירטע אַרבעטער, צוליב די אינטערעסן פון דער אינדוסטריע, קאָלאָניסטן (אַ סטימול אַפ צוצובינדן די אָרעמערע ייִדן צו דער ערד און זיי אין אַ געוויסער מאָס סאָציאַל צו דעגראַדירן ביז צו אַ מער אָדער ווייניקער ענלעכע מאַדרייגע ווי די ניט־ייִדישע לײַבאייגענע) און ייִדן מיט אַטעסטאַטן פון רוסישע שולן (געהילפס־רעזערוון פאַרן קאַפיטאַליזם).

דער פאַרמעגלעכער מיטלשיכט האָט אויך ניט געקענט מיינען, אַז דער אוקאַז האָט סוביעקטיוו אינזינען די טויווע פון דער אָרעמשאַפט. פאַרקערט, ער האָט טײַקעף באַנומען, אַז דאָס וויל אים די מעלוכע אויפמונטערן אויסצונוצן דעם אוקאַז, ווי אַ שאַרפן קלאַסנקאַמף־מיטל קעגן דער אָרעמשאַפט. דער כעשבן אַפ עמאַנציפאַציע, לעמאָשל, אַפ פאַרברייטערונג פונעם דערלויבטן האַנדלס־טכום, האָט קוידעמקאָל געקענט האָבן אַ שײַכעס דעריקער צו די גרויסע סאָכרים. דידאָזיקע אָבער האָבן זיך פון די באַגרענעצונגען סײַ־ווי־סײַ אַרויסגעדרייט. פאַרן פאַרמעגלעכן מיטלשיכט איז יעדנפאַלס קלאָר געווען, אַז דאָס הייסט מען אים אָנפאַלן אַפן אָרעמסטן קלאַס. קימאַט צו גלײַכער צײַט מיטן אוקאַז, דרײַ כאַדאָשים שפעטער, זײַנען אונטערגעשריבן געוואָרן צוויי באַפוילן אַרויסצוטרײַבן ייִדן פון אַלע דערפער אין גראָדנער גובערניע און פון דער שטאָט קיִעוו. דער קיִעווער אַרויסטרײַב — אַלציינס ווי ווײַט מע האָט אים

פאקטיש אויסגעפירט — באטײַט אנ אָנהייב פונ א נײַער סיסטעמ: די פארשמעלערונג פונ וווינ־טכומ אינעווייניק אינעמ צונויפגעפרעסטנ טכומ גופע. עס קומענ דאנ אויכ וווינ־באגרענעצונגענ פאר באשטימטע שטאָט־טיילנ, אפילע אינ די דערלויבטע שטעט (דער אלטער געטאָ־פרינציפ), ווי לעמאָשל, אינ קאמענעצ־פאָדאָלסק, קאָוונע, זשיטאָמיר. 1829 ווערנ ארויסגעשיקט די יִידנ פונ די ברעג־קאנטנ באמ באלטישנ יאמ אונ שווארצנ יאמ. די מעלוכע באפוילט אינ קורלאנד אונ ליפלאנד אָנצונעמענ מיטלענ „אפ צו פארקלענערנ די צאָל יִידנ". אינ זעלבנ יאָר ווערנ יִידנ ארויסגעשיקט פונ סעוואסטאָפאָל אונ ניקאָלײַעוו, 1830—פונ דער קיִעווער גובערניע. 1835 קומט ארויס דאָס געזעצ וועגנ נײַע שטארקע באגרענעצונגענ פונעמ וווינ־טכומ א. א. וו. פארשטייט זיכ, אז נישט אלע מאָל האָט זיכ אײַנגעגעבנ דידאָזיקע געזעצנ פאקטיש אונ אינגאנצנ אויסצופירנ אינ לעבנ, יעדנפאלס אָבער האָבנ די אָרעמערע טיילנ יִידישע באפעלקערונג פונ די נײַ־פארבאָטענע קאנטנ געמוזט נאָכ ענגער מאכנ דעמ דערלויבטנ טכומ. די צאָלנמעסיק קליינע רײַכע יִידישע בורזשואזיע האָט זיכ פונ דידאָזיקע געזעצנ ניט געלאָזט אפ אנ ערנסט באגרענעצנ, עס האָט זיכ איר געווײנלעכ אײַנגעגעבנ צו באקומענ די נייטיקע צײַטווײַליקע אָדער גאָר שטענדיקע אויסנאמ־דערלויבענישנ. האָט טאקע ניט געקענט בלײַבנ קיינ סאָפעק, אז דאָס רעקרוטנ־געזעצ איז ניט קיינ אָנזאָג פאר ברייטערע האנדלס־רעכט פונ די מיטלשיכטנ אונ איז שוינ אוואדע גאָרנישט אויסנ די טויווע פונ די ברייטערע אָרעמע מאסנ.

דידאָזיקע מאסנ האָבנ טייקעף פארשטאנענ, אז דער גאנצער אָל פונ רעקרוטנ־געזעצ וועט פאלנ אפ זיי, אפ די באזיצלאָזע. די צאָל יִידישע קאָלאָניסטנ אונ קוואליפיצירטע ארבעטער אינ פאבריקנ, — כאָטש זי איז טאקע געווענ גרעסער, ווי מע מיינט געוויינלעכ — איז פאָרט אינ פארהעלטעניש צו דער מאסע באזיצלאָזע געווענ א קליינע. די גרויסע מאסע איז באשטאנענ פונ גאָר דריבנע אליינ־פראָדוצירער, באלמעלאָכעס, געזעלנ אונ מעשאָרסימ, באלעגאָלעס, קאָלערליי לופט־מענטשנ, דעקלאסירטע אונ קליינינקע הענדלערס. דידאָזיקע מאסע האָט פארשטאנענ, אז דאָ גייט וועגנ פיזישער „רעדוקציע". — ניט אומזיסט ברענגט זי טאקע דאָס געזעצ אינ צוזאמענהאנג צו די עלטערע פוילישע רעדוקציע־פראָיעקטנ (זע „דער ערשטער יִידישער רעקרוט" זײַט 159).

עמעס, עס איז באפוילנ געוואָרנ א כויוו צו דער גובערניאַלער אויבערמאכט אכטונג צו געבנ, אז באמ איבערגעבנ רעקרוטנ אכוצ דער ריי (קלאָמערשט האָבנ אלע דינסטפעיִקע געדארפט דינענ נאָכ א באשטימטער ריי, אכוצ דער ריי האָט מענ געמעגט אָפגעבנ בלויז די דערמאָנטע אומפינקטלעכע שטײַער־צאָלער, שלעפערס אונ אומלײַטישע אָדער „פרײַוויליקע") זאָלנ ניט באוולעט ווערנ אָרעמע אונ לײַטישע מענטשנ, אפ וועלכע קאָהאָל האָט א הארצ בלויז צוליב באשטימטע מײַסימ קעגנ יִידישנ אָבערגלויבנ אונ קעגנ מיסברויכנ בא יִידנ. געמיינט זײַנענ אָבער מיט דעמ באפויל דעריקער די קליינשטעטלדיקע „מאס־

קילים״ און „ביאור־אפיקאָרסים״, וואָס האָבן געדארפט שטעלן דעם קאָנטינגענט פאר דער נייטיקער אינטעליגענץ, און די שטאָט־מאָסרים, וואָס די מעלוכע האָט געדארפט האָבן קעדיי געוויר צו ווערן די „סוידעס״ פון קאָהאָל. פאק־טיש איז דאָס איבערגעבן אין רעקרוטן אויסער דער ריי גראָד „אָרעמע און לייטישע מענטשן״ געווען דאָס נאָרמאלע. אין „ערשטן יידישן רעקרוט״ זעען מיר, ווי דער „קאפיטאן־איספראווניק״ פרווווט אָפצורעדן נאכמענען דעם גרויסן, ער זאָל זיך ניט אָפגעבן אין סאָלדאטן (זייט 192) גראָד, ווייל ער האָט אל־פי טאָעס געמיינט, אז ער געהער צו די פארמעגלעכע קלאסן. אז קאָהאָלשע מאַ־כערס האָבן זיך לאכלוטן ניט אָפגעשטעלט אפילע פאר אָפגעבן אָרעמע איינ־ציקע זין קומט צום אויסדרוק אויך אין א ריי בעלעטריסטישע ווערק פון יענער און פון א שפעטערער צייט (אין לעווינזאָנס „העפקער־וועלט״, אין קאמראשס פיעסע, אין א. מ. דיקס „דער ערסטער נאבאָר״, אין דער אנאָנימער דערציילונג „עטלעכע יאָר צוריק״, „קול מבשר״ 1868, נומ. 42—51, אין די באוווסטע פאָלקסלידער, אין „ערשטן יידישן רעקרוט״ א. א. וו.).

די אָרעמשאפט האָט טאקע טייקעף באנומען, וועלכע ראָל קאָהאָל שפילט אין דעם איניען, וואָס גיט אים די מעגלעכקייט צו באשיצן די אינטערעסן פון די שיכטן, צוליב וועלכע ער איז פאראן: זיך צו באפרייען פון אן איבע־ריקן שטייער־אָל, פון פילאנטראָפישע כיוועס, גראָמער צו מאכן דעם קאָנ־קורענץ־קאמפ פאר די פארמעגלעכע און זיך נויקעם צו זיין אין אלע, וואָס בונטעווען קעגן זיין באַרייסערישן אווטאָריטעט. (ניט אומזיסט האָט ארן פראָ־וואָצירט נאכמענען דעם גרויסן, ער זאָל אָפכויזעקן אין זיין ליד פון קאָהאָל און זיינע אָנפירער, קעדיי אים אזוי ארום נאָך פאסיקער צו מאכן פאר א „פריי־ווילינקן״ רעקרוט אכוץ דער ריי.) ס'איז דערגאנגען אזוי וויט, דאָס געזעץ איז אזוי שטארק צונויפגעפאלן מיט די אינטערעסן פון קאָהאָל, אז ערטערווייז האָבן די מאסן געמוזט מיינען — און מיר קענען ניט זאָגן ווי וויט זיי זיינען אין טאָך און אין ברייטערן זינען געווען אומגערעכט — קאָהאָל גופע פירט איין אָדער קלייבט אויס לויט פרייען ווילן דאָס נאטוראלע רעקרוטן־סיסטעם אָנשטאָט רעקרוטן־אָפצאָל. עטלעכע יאָר שפעטער זיינען דאָך טאקע געקומען פאָרשלאָגן פון קאָהאָל צו געבן רעקרוטן איבער דער נאָרם אָנשטאָט אָפצו־צאָלן די שטייער־כיוועס.

אויב ס'איז פריער באם אָפצאָל־סיסטעם פאראן געווען א באשטימטע „שוטפעס־דיקע אכרייעס״ בענעגייע דער אָפצאָל־סומע, ווייל סאָפקאָלסאָפ האָט דאָס געמוזט באצאָלט ווערן פון דעם גאנצן קאָהאָל „סאָלידאריש״ (אין יורידישן זינען), איז איצט, באם נאטוראלן רעקרוטן־סיסטעם דער קאמפ געוואָרן אן אָנראכ־מאָנעסדיקער. עמעצער האָט דאָך פיזיש געמוזט גיין, האָט זיך דאָס שוין מע־מיילע געמוזט אויסלאָזן צום עקאָנאָמיש שוואכסטן. די שיכטן אין דער יידי־שער סוויווע האָבן זיך איבער דעם נאָך פינקטלעכער דיפערענצירט. דער

מיטעלֿער שיכט קעגנ דעמ סאמע אָרעמסטנ, אקעגנ וועלֿכנ עס זײַנענ איצט געווענ בלֿוטיק פארינטערעסירט אלֿע פארמעגלֿעכערע, וועלֿכע דאָס געזעצ האָט אכוצ דעמ באפרײַט פונ פריִעריקנ אָפּצאָל. „...אז עס איז נישט געווענ די רעקרוטנ פלֿעגט אמאָלֿ קאָהאָלֿ דאָס קאדאָכעס האָבנ אזוי גראָב דעמ אָרעמאנ צו בארײַסנ. מענ האָט טאקע פאָרט מוירע געהאט. דער געמײנער אוילֿעמ פלֿעגט זיכ טאקע אמאָלֿ ארופכאפּנ אפ זיי אונ זיי גוט אָפּזידלֿענ אונ האָבנ זיכ טאקע אמאָלֿ געקלֿאָגט פאר א גובערנאטער: דער פּאכעד איז ניט אזוי גרויס געווענ. הײַנט, זינט מענ נעמט רעקרוטנ, ציטערט נעבעכ דער געמײנער אוילֿעמ דאָס מויל צו עפענענ. האקלֿאלֿ, ער איז גאָר פארקויפט באמ אוישער ווי איינ עווער־קנאני. ווי זאָגט אנ אָרלֿ: אי ביע, אי פּלאקאטי ניע דאיע...״1) האָט טאקע די אָרעמשאפט געמוזט האלטנ, אז קאָהאָלֿ גופע האָט א האשפּאָע אפּנ ארויסקומענ אָדער אפ די גילֿטיקײַט פונעמ געזעצ.

פונ דאנענ נעמט זיכ, וואָס די מאסע האָט אינ אסאכ ערטער א ק ט י ו ו פּראָטעסטירט קעגנ אונטערשרײַבנ די קאבאָלֿע פונעמ אוקאז. די געשיכטע ווייסט פונ עטלֿעכע אזעלֿכע פאקטנ. אזוי, לֿעמאָשלֿ, איז געווענ אינ אלֿט־קאָנסטאנטינ. דער פּאָליצײ־באאמטער האָט ניט געטראָפנ די ראָשײ־קאָהאָלֿ אינ קאָהאָלֿ־שטיבלֿ — עפּשער האָבנ זיי זיכ באהאלטנ פונ מוירע פאר די מאסנ — האָט ער געטראָגנ דעמ אוקאז צומ ראָוו. די מענטשנ, וואָס זײַנענ דאָרט גראָד געווענ, אונ מינאסטאמ ניט צופעלֿיק געווענ, האָבנ געהאלטנ, אז פונ דער קאבאָלֿע־אונטערשריפט איז אָפּהענגיק דאָס גאנצע געזעצ אונ האָבנ שארפ גע־פּאָדערט, די קעהילֿע־לֿײַט זאָלֿנ ניט אונטערשרײַבנ דאָס פּאפּיר. דערנאָכ האָט דער אוילֿעמ, פארשטײט זיכ, דער אָרעמער האמוינ, פונ קאעס אפ קאָהאָלֿ אונ גווירימ באוואָרפנ זײערע הײַזער מיט שטײנער. דאָסדאָזיקע געשעעניש איז אינעמ פּאָרטראג פונעמ זשאנדארמ־שעפ פאר ניקאָלֿײַ I כאראקטעריזירט גע־וואָרנ ווי א בונט, אזוי אז דער קייסער האָט באפוילֿנ איבערגעבנ די שולדיקע אינ אזעלֿכע פאלֿנ צומ מילֿיטער־געריכט. אנ ענלֿעכער צוזאממענשטויס איז אויכ פּאָרגעקומענ אינ בערשאד. נאָכנ באקאנט־מאכנ דעמ אוקאז האָט דער אָרעמער האמוינ אויסגעשלֿאָגנ די פענצטער פונ די גווירימ אונ פּארנאָסימ. זיי האָבנ געהאט טײַנעס, לֿעמײַ האָט מענ זיי ניט גערופנ, בעייס ס׳איז אָנגעקומענ דאָס פּאפּיר (ד. ה. זיי וואָלֿטנ ניט דערלֿאָזט מע זאָלֿ עס אָנעמענ) אונ פּארוואָס

1) „די העפקער־וועלֿט״, ווארשע 1902, ז. 38. אגעוו, דידאָזיקע גוטע באקענטשאפט מיט דער סיטואציע, וואָס דאָס געזעצ האָט געשאפנ, דערלֿויבט ניט צו דאטירנ „די העפקער־וועלֿט״ מיט 1828. דער אוקאז איז ארויסגעקומענ 1827, דער ערשטער נאבאָר איז פּאָרגעקומענ 1828. עס איז ניט מעגלֿעכ, אז אינ זעלֿבנ יאָר האָט זיכ שוינ אויסגעבילֿדעט אזא סיטואציע, וואָס ווערט באשריבנ פונ לֿעווינזאָנענ. ווענגנ דער צײַט, ווענ עס זײַנענ „נישט געווענ קײנ רעקרוטנ״, רעדט לֿעווינזאָנ ווי ווענגנ א געננוג לֿאנג פארגאנגענער. אכוצדעמ האָבנ זיכ די פארשידענע מאניפּולאציעס אונ שווינדלֿערײַענ, וועגנ וועלֿכער לֿעווינזאָנ דערציילֿט (ז. 33), געקענט אויסארבעטנ ערשט מיט דער צײַט, נאָכ עטלֿעכע יאָר. מע דארפ דעריבער רעכענענ, אז „די העפקער־וועלֿט״ איז געשריבנ גע־וואָרנ ניט פריִער ווי ארומ העלֿפט דרײַסיקער יאָרנ, ד. ה. אנ ערעכ דעמאָלֿט, ווענ אקסענפעלֿד האָט געשריבנ זײַנ „ערשטנ ייִדישנ רעקרוט״.

ווערן זיי בּיכלאַל ניט צוגעצויגן צו די איניאָנים פונעם קאָהאָל. דאָס אייגענע איז פאָרגעקומען, לויט ש. גינזבורגס א יעדיִע („די אנטשטייונג פון דער ייִדישער רעקרוטשינע", „צײַטשריפט", בּד II—III, ז. 99) אויך אין מינסק.

א בּיז גאָר ענלעכע סיטואציע שילדערט אקסענפעלד אינעם ערשטן בּילד פון זײַן „ערשטן ייִדישן רעקרוט". עס דערגייט דאָ ניט בּיז צו אן אקטיוון פּראָטעסט, די פאטריִאָטישע לאָיאלקײַט פון אקסענפעלדן האָט דערצו ניט געטאָרט דערלאָזן און האָט געמוזט אויסמאָלן די סיטואציע אין א קאריקאטוריסטיש־קאָמישער בּאלײַכטונג. ער האָט געמוזט אפּאָלאָגעטיש צו־נישט מאכן די בּאשולדיקונג אין א מעלוכישן „בּונט", וואָס האָט דעמאָלט אָנגעמאכט א ליארעם אין בּאשטימטע קרײַזן. אכוצדעם שטייט אקסענפעלד, ניט געקוקט אפ זײַן סטירעדיקן מיטגעפיל, דורכויס ניט אפ דער זײַט פונעם האמוין, וואָס פּראָטעסטירט קעגן דעם געזעצ. אקסענפעלד פירט דאָ ארויס ווי פּראָטעסטירנדיקע קעגן דעם געזעצ יענע אומוויסנדיקע, אָפּגעשטאנענע קליין־קרעמערישע שיכטן, צו וועלכע ער פילט בּיכלאַל א קנאפּע סימפּאטיע. אָבער ניט געקוקט אפ דער קאריקאטוריסטישער בּאלײַכטונג פילט זיך אין דער סיטואציע, וואָס ער מאָלט, פאָרט די גאנצע אָנגעשטרענגטקײַט, וואָס האָט ערטערווײַז דערפירט די דעמאָלט שטארק־דערשלאָגענע און ווייניק־בּונטארישע מאסע קימאט צו בּונטארישע אקציעס.

אלץ, וואָס דער האמוין האָט זיך געקענט פון דעם אוקאַז ריכטן, איז בּיז גאָר מעקוייעם געוואָרן. צענדליקער יאָרן שפּעטער האָט זיך א. מ. דיק, וואָס איז ד ע ר ע כ־ק ל א ל איבּערצײַגט געווען אין דער נייטיקײַט און ריכטיקײַט פון דעם געזעצ, אין זײַן בּוך: „דער ערסטער נאבּאָר" פאָרט ניט געקענט אײַנהאלטן פארענדיקן זײַנע זיכרוינעס מיט די ווערטער: „מיר ייִדן האָבּן קיינע שיינע ראָלע געשפּילט אין די פאָריקע נאבּאָרן... מען האָט אָפּגעגעבּן פיל בּעניעכידים גאָר אָן ראכמאָנעס". וועגן די קאָהאָלשע שטיק אין דעם פּראט זאָגט ער, אז זיי „וועלן אזוי בּלײַבּן צום אייבּיקן שאנדפלעק אפ אונדזער ייִדנטום, וואָס דער שטראָם דער צײַט וועט דאָס ניט אויסוואשן".

נאָך שארפער דריקט זיך אויס וועגן דערדאָזיקער ראָל פון בּאשטימטע שיכטן „אין די פאָריקע נאבּאָרן" דער אנאָנימער מעכאבּער פון דער דערציילונג „עטלעכע יאָר צוריק" („קול מבשר", 1868, נומ. 42—51): „נאָר ווען ייִדן געדענקען די צאָרעס, וואָס זיי זײַנען אמאָל אויסגעשטאנען פון ראָצכים, מערדער... דארפן זיי זיך טאָמיד דערמאָנען אין דער פינצטערער צײַט און זיך שלאָגן א גרויסן אל־כעט אפ זייערע אייגענע זינד קעגן זייערע אייגענע בּרידער... נישט קיינער, נ אָ ר י יִ ד נ א ל יי נ (קורסיוו אינעם טעקסט גופע — מ. וו.) זײַנען שולדיק געווען בּא די אלע שרעקלעכע זאכן" (נומ. 46).

———

ווי האָט זיכ די האסקאָלע באצויגנ צו דער „רעקרוטשינע”? מיר האָבנ שוינ אויבנ אָנגעוויזנ, אז ניט אלע מאסקילימ דורכויס אלציינס, כאָטש עס מערקט זיכ אָנ א באשטימטע אלגעמיינע ליניע לעפּאָכעס אינ דעמ פראס, אז קיינער פונ די מאסקילימ איז ניט דיי־טלעכ אונ בעפיירעש אופגעטרעטנ קעגנ דער נייטיקייט אונ ריכטיקייט פונעמ געזעצ גופע, נאָר אינ בעסטנ פאל קעגנ דעמ אויפנ, ווי דאָס געזעצ איז אויסגעפירט געוואָרנ. מע דארפ אָבער פעסטשטעלנ, אז די באציִונג פונ דער האסקאָלע צומ רעקרוטנ־געזעצ האָט ניט געקענט בלייבנ קיינ סטאבילע, וואָס לענגער דאָס געזעצ איז דורכגעפירט געוואָרנ אינ לעבנ, וואָס מער עס זיינענ צוגעקומענ הארבע דעטאלנ צומ געזעצ, אלצ מער סטירעדיקייט איז אריינגעקומענ אינ דער שטעלונג פונ דער האסקאָלע ביכלאל אונ פונ די איינציקע מאסקילימ ביפראט. אינ די מיירעוו־אייראָפּעיִשע לענדער איז נאטוראלע רעקרוטנ־פליכט פאר ייִדנ געווענ פארבונדנ מיט רעפאָרמעס אונ עמאנציפּאציע־רעכט. דער געדאנק וועגנ רעקרוטנ־פליכט פאר ייִדנ האָט דאָרט גאָרנישט אנדערש געקענט אופקומענ סיידנ אינ צוזאמענהאנג מיט באשטימטע רעכט. די ייִדישע האסקאָלע אינ פוילנ—רוסלאנד, א פּאָליטיש־נידעריקערער טיפ פונ אופקלערונג, האָט פונקט ווי א באשטימטער טייל פונ די רוסישע בירגערלעכע אופקלערער צוליב באוווסטע היסטאָרישע סיבעס געהאלטנ די מאָנארכישע מעלוכע פאר א „פארבינדעטנ”. זי האָט געהאלטנ, אז אירע אינטערעסנ פאלנ זיכ אינ א באדייטנדיקער מאָס צונויפ מיט דער ליניע פונ דער מעלוכע. דאָס פארשפּרייטנ פּאטריִאָטיזמ, בירגערלעכ־מעלוכישע געפילנ, דאָס פּראָפּאגירנ די מעלוכישע מאָסמיטלענ האָט געמוזט זיינ א הויפּט־פּונקט אינ דער פּראָגראמ פונ דער האסקאָלע. (כאָטש טאקע ניט אינ אלע פאלנ. אזוי, לעמאָשל, געפינענ מיר ניט קיינ איינ מאסקיל, וואָס זאָל בארעכטיקנ אונ פּראָפּאגירנ די באגרענעצונג פונ וווינרעכט; דאָס מעלוכישע מאָסמיטל האָט געדארפט כאָטש אינ א באשטימטער מאָס צונויפאלנ מיט די אינטערעסנ פונ דער בורזשואזיִע, אשטייגער, ווי באמ רעקרוטנ־געזעצ.)

מיט דער צייט איז אָבער צו שטארק קלאָר געוואָרנ, אז די רעקרוטנ־פליכט האָט אינ רוסלאנד פאָרט אנ אנדערנ באטייט ווי אינ מיירעוו־אייראָפּע, ווו עס האָט אכוצ אלעמ געוויינלעכ געדינט אויכ ווי אנ אדערופ פאר בירגערלעכער עמאנציפּאציע. דאָס געזעצ גופע האָט פונ דער האסקאָלע אויכ דאנ ניט געטאָרט אָנגערירט ווערנ, מע האָט ווייטער געמוזט איינרעדנ דער אָרעמשאפט, אז ביכלאל גענומענ איז עס א „כעסעד” אונ א טויווע פונ דער מעלוכע. די טייַנעס פונ די אָרעמע שיכטנ, וואָס האָבנ זיכ שוואכ אונ ווידערשפּרוכיק דורכגעריסנ אינ דער האסקאָלע (די אופקלערונג קעמפט דאָכ פאר דער „גאנצער מענטשהייט”), האָבנ געקענט געפינענ אנ אויסדרוק בלויז אינ איינ דערלויבטער ריכטונג: קעגנ דעמ אויפנ אָנווענדונג פונעמ געזעצ, כאָטש יעדער בלינדער האָט געקענט זענ, אז גראָד אינ דערדאָזיקער קריטי־

קירטער אָנווענדונג איז געלעגן די אייגנטלעכע קאוואָנע פונעם געזעצ. סאָפּקאָל־סאָף האָט די עלטערע האסקאָלע אינ אלגעמיינעם, אכוצ סאנטימענטאלע אונ ניט שטענדיק אופריכטיקע פראזעס, ניט געפונענ קיינ קלאָרנ אויסוועג פאר דער סטירעדיקייט פונ איר באציִונג צום געזעצ. דאָס באווייזט זיכ אויכ אינ „ערשטנ יִדישנ רעקרוט״, באזונדערס אינ א ריי סאנטימענטאלע טיראדעס (פערעלעס ווערטער זז. 161, 174, 176 ; ציפּרעס ז. 175 אונ ארנס זז. 159—163).

א סאכאקלדיק בילד וועגנ דער דורכשניטלעכער באציִונג פונ דער עלטערער יִדישער האסקאָלע צום רעקרוטנ־געזעצ באקומענ מיר פונ א. מ. דיקס באטראכטונ־גענ וועגנ דעמדראָזיקנ איניענ. כאָטש זיינ בוכ „דער ערסטער נאבאָר, וואָס וואר אינ דעמ יאָר תק״פח (1828)״, ווילנע, תרל״ב (1871), איז געשריבנ געוואָרנ מיט מער ווי פיר יאָרצענדליק שפּעטער נאָכנ ארויסקומענ פונעמ געזעצ, באשטעטיקט זיכ פּאָרט דער זעלבסטלויב פונעמ מעכאבער וועגנ דער פּינקטלעכקייט אונ שארפקייט פונ זיינ זיקאָרנ. די רעטראָספּעקטיווע ארגו־מענטנ אונ באטראכטונגענ אינ דעמ בוכ זיינענ גיכער כאראקטעריסטיש פאר דער שטעלונג פונ דער ע ל ט ע ר ע ר האסקאָלע צו דער פראגע איידער פאר דער שפּעטער האסקאָלע פונ אָנהייב זיבעציקער יאָרנ. זיי פּאלנ זיכ דורכויס צונויפ מיט דעמ, וואָס מיר וויסנ וועגנ דעמ דורכשניטלעכנ צוגאנג פונ דער עלטערער האסקאָלע צו דעמ פאקט פונעמ געזעצ גופע, כאָטש זיי האָבנ עס ניט שטענדיק אזוי אָפּנ אונ דייטלעכ פאָרמולירט.

„יעדער איניענ — זאָגט דיק, ז. 31—32 — מוז באטראכט ווערנ אפ צוויי־ערליי אויפאנימ. ערשטנס, ווי ער איז אליינ בעעצעמ (אנ זיכ אונ פאר זיכ) אונ צווייטנס ווי ער איז ווירקנד אפ אנדערע איניאָנימ (בעציגליכ אנדערע געגנשטענדע)... נונ פונ דיזעמ געזיכטספּונקט אויס (דאָס הייסט, פונ דיזעמ מרכז) דארפנ מיר אויכ באטראכטנ די יִדישע נאבאָרנ. מענ קענ אנדערש ניט זאָגנ, דאָס בעעצעמ איז עס ק יי נ ג ו ט ע ז א כ (דידאָזיקע „פרייקייט״ דער־לויבט מענ זיכ ערשט נאָכ דער ליקווידאציע פונ דער אלטער רעקרוטשינע! — מ. וו.), אָבער בעדערעכ קלאל איז עס פאר אונדז יִדנ א טויווע״. עס איז אינטערעסאנט, אז דיק הייבט ניט אָנ מיט די מאָטיוונ, וואָס אקסענפעלד ברענגט אינ „ערשטנ יִדישנ רעקרוט״ : „קעדיי יידנ זאָלנ דערמיט האָבנ גלייכ רעכט אונ א כאזאָקע אינ דער מעדינע, יִדנ זאָלנ ניט זיינ ווי גיירימ אינ דער מעדינע״, „איטלעכער זאָל גלייכ א רעכט האָבנ צו ווינענ אָדער צו האנדלענ אומעטום״ (זז. 154 אונ 161). דידאָזיקע אָפּגעדראָשענע מאָטיווירונג איז שוינ עטלעכע צענדליק יאָר נאָכנ ארויסקומענ פונעמ געזעצ ניט מער מעגלעכ געווענ.

דיק הייבט דאפקע אָנ מיט יענעמ מאָטיוו, וועלכנ אקסענפעלד לייקנט גראָד (אומדירעקט) אָפּ (כאָטש פראקטיש שפּילט דער מאָטיוו פאר ארענען א ראָל), מיטנ מאָטיוו פונ „רעדוקציע״, פונ דער פיזישער פארמינערונג דורכ ליקווי־דירונג פונ דער אָרעמשאפט. „ערשטנס — זאָגט דיק — האָבנ די נאבאָרנ אויס־

גערייניקט פון אונדז זייער פיל שעדלעכע מענטשן און ליידיקגייער, צוויטנס, זײַנען פיל אָפּגעגעבענע גאנצע גליקלעכע געוואָרן און אויך זיך פיל געבעסערט אין זייער אופירונג". פאר דעם צווייטן מאָטיוו געפינען מיר אנאלאָגיעס שוין אין „ערשטן ייִדישן רעקרוט". אפ זײַט 175 דערציילט פינכעס דער רויטער וועגן זײַן ווײַב ציפרע, וואָס האָט ראכמאָנעס מיט די רעקרוטן: „איך גיב איר צו פארשטיין און רייד איר אויס, אז אין איטלעכן שטעטל געפינען זיך אזעלכע יונגען, וואָס טויגן נאָר פאר סאָלדאטן"; ארן זאָגט (ז. 176): „איך האָב א רעקרוט, וואָס זאָל זיך אליין שטעלן, וועט דאָס שטעטל פּאָטער ווערן א הולטײַ און אָפּגעבן א רעקרוט"; און ווײַטער (ז. 180): „איך זאָג אײַך דעם עמעס, אז עפשער טוט מען אים אויך א טויווע דערמיט" און פינכעס ענטפערט: „אוואדע א טויווע". —

ווײַטער רעכנט דיק אויס אזעלכע מײַלעס פון דעם געזעץ: „דריטנס, האָבן די נאבאָרן געמאכט לויזער די ייִדישע שטעט, זאָנסט וואָלטן מיר געהאט מיט נאָך עטלעכע הונדערט קרעמער מער אין יעדער שטאָט (דיק האָט אינזינען דאָס גאָר קארליקישע קליינקרעמערטום — מ. וו.), וואָס דער קאָנקורענט איז שוין גענוג גרויס אָן זיי. פערטנס, זײַנען מיר געוואָרן דורך דעם וואָרע בירגער דעס לאנדעס (דערדאָזיקער צו דיקס צײַטן ניט אופּ־ריכטיק־געמיינטער מאָטיוו פיגורירט ערשט אפּן פערטן אָרט; בא אקסענפעלדן, וואָס האָט נאָך אין דעם פראט געקענט האָבן אילויזיעס — אפּן ערשטן; — מ.וו.)... פינפטנס, זײַנען דאָ מענטשן אין אָרעם־שטאנד, וואָס לעבן זייער שלעכט, שטארבן פראָסט פאר הונגער... פאר אזא איינעם, וואָס איז שלעכט א סאָל־דאט צו זײַן? (עטינגערס מאָטיוו פון „די שמאטעס" — מ. וו.) ...זעקסטנס, ווי קען מען עס גאָר פארלאנגען, דאָס גראדע מיר ייִדן זאָלן מאכן אן אויסנאם אין דיזער זאכע, דאָס נאָר מיר זאָלן זײַן פרײַ פון רעקרוטן? בלויז,—וואָס „מיר ייִדן האָבן קיינע שיינע ראָלע געשפּילט אין די פאָריקע נאבאָרן...", דאָס הייסט, דער אויפן, ווי די קעהילעס האָבן אויסגעפירט דאָס געזעץ געפעלט דיקן ניט, פונקט ווי אקסענפעלדן און לעווינזאָנען, און ער זעט אין דעם א „אייביקן שאנדפלעק אפ אונדזער ייִדנטום, וואָס דער שטראָם דער צײַט וועט דאָס ניט אויסוואשן". —

פאר דער בעלעטריסטיק פון דער שפּעטערדיקער האסקאָלע זײַט די 60־ער יאָרן, סײַ אין דער ייִדישער, סײַ אין דער רוסיש־ייִדישער און העברעיִשער ליטעראטור איז וואָס שײַעך דער טעמע וועגן דער רעקרוטשינע און דעם קאנטאָ־ניסטן־סיסטעם כאראקטעריסטיש א קריטיש־דײַטלעכערער און אָפענערער טאָן. מיט גרעלע נאטוראליסטישע פארבן ווערן געשילדערט די אומדערהערטע גרויזאמקײַטן פון דעמדאָזיקן סיסטעם. אָבער אויך דעמאָלט הערן מיר זעלטן אמאָל טײַנעס צום געזעץ גופע, נאָר בלויז קעגן דעם אויפן, ווי עס איז פון ייִדן און ניט־ייִדן אויס־געפירט געוואָרן. די בעלעטריסטיק פון יענער צײַט גיט געוויינלעך אגעוודיק

איבער, לויטנ היסטאָרישנ עמעס, די פאקטנ וואָס שייַעכ דעמ קלאסנ־כאראקטער פונעמ געזעצ, אָבער זייער זעלטנ ווענדנ זיכ די רעטראָספעקטיווע טייַנעס קעגנ די דאָזיקע פאקטנ. ביכלאל פארשטארקנ זיכ די טייַנעס ערשט אינ יענע פאלנ, ווענ דאָס געזעצ הייבט אָנ אָנרירנ פאראָרעמטע אָדער גאָר „פּאָלוועטיקע“ מיט־גלידער פונ בירגערטומ (ווי, למשל, אינ אָ. ראבינאָוויטשעס „Штрафной“).

דערבייַ דארפ מענ געדענקענ, אז דידאָזיקע שפעט־מאסקילישע שרייַבער שילדערנ רעטראָספעקטיוו די פאקטנ פונ דער רעקרוטשינע אונ נעמענ צו זיי א שטעלונג לויט ווי אָט־אָ די פאקטנ האָבנ זיכ אָפּגעשפּילט סאָפ 40־ער אָנהייב 50־ער יאָרנ, ווענ דאָס געזעצ האָט שוינ שטארק „דעגענערירט“, ווענ עס האָט אָנגעהויבנ ארויסצוגיינ פונ די אורשפּרינגלעכ געמיינטע סאָציאלע גרענעצנ אונ צו ברענגענ שאָדנ אויכ העכערע סאָציאלע גרופּעס. דאָס געזעצ האָט שוינ דעמאָלט, אונ ניט בלויז איבער דעמ, אָנגעהויבנ פארלירנ זייַנ אייגנטלעכנ זינ אונ צוועק. אכוצדעמ האָט דאָס רעקרוטנ־ אונ קאנטאָניסטנ־סיסטעמ צו יענער צייַט שוינ אָנגענומענ אזעלכע כייַעש־העסלעכע שרייַענדיקע פאָרמעס, עס האָבנ זיכ שוינ אָנגעזאמלט אזויפיל ביטערע דערפארונגענ אונ „קענטענישנ“ וועגנ דעמ־דאָזיקנ סיסטעמ בא מענטשנ, וואָס זייַנענ אלס צייַטמעסיקע באאָבאכטערס אָדער גאָר אלס זייַנע קאָרבאָנעס אויסגעוואקסנ (ניקיטינ), אז קיינ אנדערער, ווי א שארפ קריטישער צוריק־קוק, איז גאָר ניט מעגלעכ געוועננ. פונ אָפּנארנ אנ אָפּגעשטאנענעמ מענטשנ, ער זאָל זיכ „פרייַוויליק“ צושטעלנ לויטנ געזעצלעכנ פרינציפּ פונ „אָכאָטניקעס“ — אפ וואָס עס איז געבויט די אינטריגע פונ „ערשטנ יידישנ רעקרוט“, — ביז צו אָפענעמ שרייַענדיקנ, כאָטש טאקע אויכ „געזעצלעכנ“ מענטשנ־ אונ קינדער־רויב — ווי אינ די רעקרוטשינע־טעמעס פונ דער שפּעטערדיקער האסקאָלע, — איז פאָרט א היפּשער כילעק.

וויַיטער דארפ מענ געדענקענ, אז דידאָזיקע בעלעטריסטישע ווערק, וועגנ וועלכע מיר רעדנ איצט, זייַנענ אלע געשריבנ געוואָרנ נאָכנ באָטל ווערנ פונ דער רעקרוטשינע, נאָכ 1856 (למשל: אָסיפ ראבינאָוויטשעס „Штрафной“—1859, באָגראָווס „Пойманник“ — 1873, זייַנ „Похождения Ерухима“ — נאָכ שפּעטער, ניקיטינס „Многострадальные“ — 1871, זייַנ „Век пережить — не поле перейти“ געדרוקט אינ 1876 א. אז. וו.). פּאָסט פאקטומ, ווענ דער אינעווייניקסטער סאָציאלער באטייַט פונ דעמ געזעצ איז שוינ ניט מער אזוי לעבעדיק קלאָר געוועננ, ביפראט נאָכ זייַנ גרינטלעכער סאָציאלער „פארקריפּלונג“ האָט מענ זיכ געמעגט אונ געמוזט דערלויבנ א פרייַערנ קוק אפ דעמ איניענ[1].

אָ. ראבינאָוויטש באווייַזט אינ זייַנ „Штрафной“, אז דאָס געזעצ רירט אָנ א האלבמאסקילישנ לייַטישנ קאָהאָלסמאנ, ווייַל ער פירט זיכ באמ רעקרוטנ־איניענ אָרנטלעכער ווי אלע אנדערע. ראבינאָוויטש פארשווייַגט ניט, אז די קאָרבאָנעס זייַנענ געווינלעכ פונ דער אָרעמשאפט אונ פונ באלמעלאָכעס (זע

[1]) זע „אָנמערקונגענ אונ עקסקורסיעס“.

ווערק, בד ו, ז. 62—63), אָבער דער העלד פונ זײַנ דערציילונג, צו וועמענ עס דארפ זיכ ווענדנ דאָס ראכמאָנעס פונעמ לייענער, איז דער ארײַנגעפאלענער קאָהאָלסמאנ. באָגראָוו באהאנדלט די רעקרוטשינע־טעמע אינ זײַנ „Пойманник“ (אגעוו לויט דער באוווסטער מעלאָדראמאטישער סכעמע וועגנ דער אָרעמער ווילער אונטערדריקטער יעסוימע, וואָס לעבט בא שלעכטע פארברעכערישע קרויווים, וועגנ איר ליבע צו אנ אָרעמענ מאסקילישנ ווילנ באָכער, וואָס ראטעוועט זי אונ זיכ ארויס פונ איר מישפּאָכעס הענט) שוינ ניט טראגיש. דער פארברעכערישער כאפּער ווערט דאָ אליינ אָפּגענארט אונ באשטראָפט. אינ אָט־אָ דער „געמיטלעכקײַט“ איז שוינ ניט פאראנ קיינ שארפקײַט, דאָס איז שוינ מער אנ „אָביעקטיווע“ אנעקדאָטישע רעמיניסצענצ. ביטערע שארפקײַט איז פאראנ אינ זײַנ „Похождения Ерухима“, עס איז אָבער שוינ פאָרט מעגלעכ אויכ א געמיטלעכערע באהאנדלונג פונ דער טעמע. באָגראָוו קריטיקירט אומגעוויינלעכ שארפ אונ אמאָל אפילע זייער האמעטנע דעמ יידישנ שטייגער ביכלאל, אָבער וואָס שײַעכ דער רעקרוטשינע דערקלערט ער („Пойманник“, ז. 9): Мы не оправдываем варварства некоторых евреев, но и обвинять трудно. אונ אפילע אינ דער טרויעריקער שטארק אווטאָביאָגראפישער דערציילונג ניקיטינס געפינענ מיר ניט קיינ פראָטעסט קעגנ דעמ קלאסנכאראקטער פונ דער רעקרוטשינע, קיינ אָנצייכעניש פונ דעמ מינ טײַנעס, ווי אשטייגער אינ לעווינזאָנס „העפקער־וועלט“.

ביז גאָר „געמיטלעכ“ איז דער טאָנ פונ י. ל. גאָרדאָנס דערציילונג וועגנ דער רעקרוטשינע: „העצמות היבשות“ („כל כתבי יהודה ליב גאָרדאָן“, חלק ראשון, אָדעס 1889). דאָ דערציילנ זיכ שוינ „אינ פריידנ“ די איבערגעקומענע ליידנ פונעמ געזעצ, וואָס ווערנ באנוצט ווי א פאבוליסטישאנעקדאָטישער אקצעסואר פאר א סאנטימענטאל־אידילישער נאָוועלע לויט דער סכעמע פונ געמיטלעכע זיכרוינעס. דאָ איז שוינ מעגלעכ געוואָרנ, אז עס זאָלנ דערציילט ווערנ קימאט ווי גליקלעכע רעזולטאטנ פונ דער רעקרוטשינע: אשטייגער, וויאזוי געכאפּטע קאנטאָניסטנ האָבנ זיכ דערשלאָגנ צו ווערנ בעקאָוועדיקע לײַטישע גענעראלנ אונ טוענ דערנאָכ טויוועס זייער אָרעמער מישפּאָכע. דער קאנטאָניסט־גענעראל, דער אמאָליקער געכאפּטער העשל, איז מיט א ברייט הארצ מויכל די כאפּערס, וואָס האָבנ אימ ארײַנגעפירט אינעמ אומגליק. דער געכאפּטער ווערט, לויטנ פאקטישנ שטייגער, אָנגעגעבנ אלס א זונ פונ דער אָרעמשאפט (זײַנ פאָטער איז אנ אָרעמער שנײַדער), ער גייט אלס א קאָרבנ פאר א רײַכנ קאָרעוו זײַנעמ, עס באקומט זיכ דאָ אָבער מער א מישפּאָכע־קאָנפליקט אפּנ באזיס פונ רויער אָפּגעשטאנענקײַט, איידער א סאָציאלער קאָנפליקט. דײַטלעכער ווערט אינ דער דערציילונג אונטערגעשטראָכנ דער פאל, ווענ א כאָסיד א פארנעס גיט איבער אינ רעקרוטנ א יינגל, יאנקעוו קאצ, ווײַל עס דוכט זיכ אימ, אז פונ דעמ קינד וועט אויסוואקסנ א מאסקיל, אנ אפּיקוירעס.

פּ. סמאָלענסקינ באַנוצט די רעקרוטשינע־טעמע אַלס א פּאַסיקנ מאָטיוו פאַר זײַנ אופקלערערישער דידאַקטיק. ביז גאָר נאַיִוו דערקלערט ער, אַז די סיבּע פונ דעם געזעצלעכנ מאָסמיטל איז געווענ — די אומגעבילדעטקײַט אונ אָפּגע־שטאַנענקײַט פונ די ייִדנ. איבּער זייער אָפּגעשטאַנענקײַט האָבּנ ייִדנ פּרי כאַ־סענע געמאַכט זייערע קינדער, אונ קעדיי דאָס צו פאַרהיטנ האָט די מעלוכע געמוזט אײַנפירנ די רעקרוטשינע. מיט אַנדערע ווערטער: די קעגנערשאַפט צו דער האַסקאָלע האָט געבּראַכט דער נאַציע דאָסדאָזיקע אומגליק. (פאַרגלײַכ „התועה בדרכי החיים״, חלק שני, ווינ, ז. 169—170.) מע דאַרפ אָבּער פעסט־שטעלנ, נישט אַרײַנלאָזנדיק זיכ אינ אַנ אויספירלעכערנ אַנאַליז אונ אינ א דער־קלערונג פונ דעם פאַקט—אַז בּא סמאָלענסקינענ געפינענ מיר שאַרפערע אונ מער סאָציִאַלע טענער פונ פּראָטעסט אַקעגנ דער אופירונג פונ די ייִדישע מאַכטהאָבּער, איידער בּא די דערמאָנטע רוסיש־ייִדישע שרײַבּער אונ ווי בּא גאָרדאָנענ, — כאָטש ער פאַרבּינדט די סאָציִאַלע טײַנעס מיט זײַנ קאַמפּ קעגנ די קעגנער פונ דער האַסקאָלע. בּאָגראָוו האַלט, אַז עס איז זייער שווער „צו בּאַשולדיקנ״, אונ גאָרדאָנ לאָזט זײַנ העלד בּרייטהאַרציק מויכל זײַנ די פאַר־בּרעכערס, וואָס האָבּנ אימ אַרײַנגעבּראַכט אינעמ אומגליק, סמאָלענסקינ אָבּער בּאַשולדיקט אונ איז ניט מויכל. „... אויכ פאַספּאָרטנ האָבּנ גאָרניט געהאָלפּנ די אָרעמע אונ די יעסוימימ, וואָס האָבּנ ניט געהאַט ווער עס זאָל זיכ פאַר זיי אָנעמענ; וואָרעמ די כאַפּערס האָבּנ געגאַזלט זייערע פּאַפּירנ אונ פאַרבּרענט אונ די מענטשנ האָבּנ זיי פאַרקויפט. ...אַסאַכ האָבּנ געמאַכט א פּאַרמעג פונעמ רויבּ בּא זייערע בּרידער... אָט־אָ דאָס זײַנענ געווענ בּא מײַנ פאָלק די קעפּ אונ די פּירער, די אײַנצוימער פונ צוימענ אונ זיי האָבּנ דאָס מיט גרימצאָרנ גע־רוידעפט יעדנ, וואָס לערנט די שפּראַכ פונ זײַנ פאָלק (העבּרעיִש—מ. וו.) אונ וואָס קוקט אַרײַנ אינ טאָמענע בּיכער. דאָס זײַנענ געווענ אונ זײַנענ נאָכ איצט זײַנע קעפּ אונ פּירער, וואָס רעכטנ זײַנ רעכט אונ וואָס היטנ אָפּ זײַנ אָפּהיטונג אונ פאַר זייער מי עסנ זיי אויפ דעמ פאָלקס געלט אונ זײַנע קינדער מיטנ פולנ מויל — אונ ווערנ ניט בּאַשולדיקט״ („התועה״ חלק שני, ז. 172). סמאָלענסקינ איז זיכ ניט מעשאַער אונ קענ זיכ לויט זײַנ קלאַסנ־מעהוס ניט מעשאַער זײַנ, אַז ווענ „די קעפּ אונ פּירער״ וואָלטנ געווענ געבּילדעטע מאַס־קילישע גווירימ, וואָס רוידעפנ ניט די „בּיאור־אַפּיקאָרסימ״—אונ דאָס איז ער מיט זײַנ טײַנע אינ טאָכ אויסנ — וואָלט דאָס אינעמ רעקרוטשינע־איניַנ קיינ שום ענדערונג ניט געבּראַכט, עס וואָלטנ בּלויז צוגעקומענ אַנדערע מינע צוואַקישע אָנשטעלנ. אָבּער ווי ס׳זאָל ניט זײַנ אונ כאָטש ער איז אויסנ אַגיטאַטאָריש אויסצונוצנ פאַר זײַנע אַקטועלע צוועקנ א היסטאָרישע שולד פונ דער סאָציִאַלער גרופּע, אַקעגנ וועלכער ער קעמפּט, האָט ער פאָרט דײַטלעכער אַרויסגעזאָגט דידאָזיקע שולד איידער זײַנע רוסיש־ אונ העבּרעיִש־שרײַבּנדיקע כאַוויירימ.

מענדעלע באהאנדלט די רעקרוטשינע־טעמע מיט עפישער געלאסנקייט, אויך ער דערלאָזט שוין אין דער „אינטריגע״ א גליקלעכן, לאכלוטן ניט־טראגישן אויסגאנג. אָפּגערעדט פון „מאסאָעס״, ווו דערדאָזיקער מאָטיוו קומט בלויז צוליב א קאָמישן עפּיזאָד, טראָגט דער מאָטיוו אויך אין צווייטן טייל „ווינטש־פינגערל״ (ריכטיקער: אין „בעמק הבכא״) מער דעם כאראקטער פון א שטיי־געריש־פּאבוליסטישן אקצעסואר אפ צו קאָמפּליצירן די אינטריגע. אפ אזויפיל איז שוין אפילע בא דעם סאָציאַל־פּילבארן מענדעלע דידאָזיקע היסטאָריש־געזעלשאפטלעכע ווונד געוועזן פארהיילט. וועגן דער שולד און די געזעל־שאפטלעכ — ניט אינדיווידועל — שולדיקע הערן מיר דאָ אין דעם פּראט בא אים קימאט נישט קיין שום דײַטלעכ פאָרמולירטע באוווסטזיניקע אָנקלאָגן, כאָטש מאָלן מאָלט ער די סיטואציע, לויט זײַן קינסטלערישן שטייגער, מיט שארפ־קײַט און ביטערקײַט. אזעלכע באוווסטזיניקע ווערטער ווי בא דעם אנאָ־נימען מעכאבער פון דער דערציילונג „עטלעכע יאָר צוריק״ („... נישט קיינער, נ אָ ר י ִ ד ן א ל י י ן זײַנען שולדיק געוועזן בא די אלע שרעקלעכע זאכן״—„קול מבשר״, 1868, נ. 46), אָדער אפילע ווי בא דיקן („מיר יידן האָבן קיינע שיינע ראָלע געשפּילט אין די פּאָריקע נאבאָרן״; דערדאָזיקער איניען וועט בלײַבן „צום אייביקן שאנדפלעק אפ אונדזער יידנטום, וואָס דער שטראָם דער צײַט וועט דאָס ניט אויסוואשן״ — „דער ערסטער נאבאָר״) גע־פינען מיר בא מענדעלען נישט. אָבער עמאַנציפּאַנעלן טיף־עכטן מיטגעפיל מיט די קאָרבאָנעס פון אָט־אָ די מאָסמיטלען — און טאקע אלס סאָציאַלע קאָרבאָנעס געגומען — ווייזן זײַנע סארקאסטיש־ביטערע, כאָטש לויט זײַן סטיל בארעדעוו־דיק־זאָגערישע סאנטימענטאלע און אביסל פרומלעכע באטראכטונגען, מער איידער אלע רוסיש־יידישע און העברעיִשע אופקלערער־בעלעטריסטן, וואָס האָבן אין יענעם פּעריאָד באהאנדלט דידאָזיקע טעמע. זיי הערן זיך ווי די קלאָג פון די פּאָלקסלידער אפ דערדאָזיקער טעמע. „וויפל טײַכן טרערן, אוי, ריבוינעשעלוילעם, האָבן זיך פון יענע צײַטן ארײַנגעגאָסן אין דײַן לאָגל, טרערן פון אָרעמינקע עלטערן, בא וועלכע מע האָט אוועקגענומען זייערע קליינע קינדערלעך, נעבעך, בעשאס שלאָפנדיק באנאכט אין די בעטלעך און זעענדיק גוטע כאלוימעס, טרערן פון מאמעס, בא וועלכע מע האָט אוועק־גענומען זייערע בניי־יעכידים, טרערן פון וויסטע אלמאָנעס, טרויעריקע אפ זייערע אוועקגענומענע קינדער, יעסוימים, דאָס איינציקע טרייסט, דאָס איינ־ציקע אָנהאלטעניש זייערע אין לעבן... און פונדעסטוועגן, נישקאָשע, האָט מען אויסגעהאלטן. געלויבט איז זײַן ליבער נאָמען, שעכיאָנו, וואָס האָט געלאָזט אונדזערע דאָזיקע קאפצאָנים לעבן, וועקימאָנו, וועהיגיאָנו, און געלאָזט זיי דערלעבן ערגערע נײַע צײַטן, צוצוזען ווידער דאָס אוועקנעמען בא זיי די איבעריקע קינדער״ („דאָס ווינטשפינגערל״, צווייטער טייל, קיִעוו 1930, ז. 107—108).

איצט קענענ מיר רעזומירנ די וויכטיקסטע געזעלשאפטלעכע טענדענצנ אינ „ערשטנ ייִדישנ רעקרוט“.

דער ס י ו ז ש ע ט י ש ע ר מ יי נ פונ דער פיעסע וואָלט געקענט, אפ א באַנאלנ אויפנ, אזוי פאָרמולירט ווערנ: קלוגע מענטשנ טראכטנ צו מיט סייכל, קומט אָבער די ליבע אונ מאכט צו נישט זייערע אייצעס, וואָס ברענגענ גאָר אומגעריכטע אומגליקנ. דער „קלוגער אונ גוטער“ ארנ זאָגט: „איכ האָב געטונ נאָר מיט סייכל, איכ האָב פארגעסנ, אז דאָרטנ, ווו דאָס הארצ פילט, הערט אופ דער סייכל“ (ז. 194). דערדאָזיקער סאנטימענטאלער ליבע־סיוזשעט איז אָבער בלויז א נעבנזעכלעכער מאָמענט, א טעאטראלע מאניר, לויטנ געשמאק פונ די דעמאָלטיקע דריט־ראנגיקע שרײַבער. דער באוווסטזיניק „טענדענציִעזער“ שרײַבער אקסענפעלד האָט מיט דעמ סיוזשעט נאָר דערעכ־אגעוו געוואָלט פארפעסטיקנ „דאָס רעכט אפ ליבע“ אינ ייִדישנ שטייגער אונ אינ דער ייִדישער ליטעראטור. דאָס איז בלויז דער פאָנ פאר דער געהעריקער דאָזע סאנטימענטאליטעט, וואָס זײַנ מאניר האָט געדארפט האָבנ. שפעטער וועלנ מיר נאָכ וועגנ דעמ אויספירלעכער רעדנ. די הויפט־טענדענצ פונ דערדאָזיקער פיעסע ליגט גאָר אפ אנ אנדערער פלאכ.

אקסענפעלד וויל אפ א סאנטימענטאלנ אויפנ מוסערנ די העכערע ייִדישע שיכטנ, זיי זאָלנ דאָס גוטע אונ נייטיקע רעקרוטנ־געזעצ אָנווענדנ אפ א „ריכטיקנ“ אויפנ אונ ניט באגיינ קיינ פעלער, וואָס גייענ אויס צו זייער אייגענעמ קאָפ. צומ פאקט פונעמ געזעצ גופע באציט זיכ אקסענפעלד דורכויס לאָיאל. ער זעט אינ אימ אנ אדערופ אפ דער עמאנציפאציע פונ דער בורזשואזיִע. ער שטייט אנערעכ אינ דער מיט צווישנ דער הורא־פראָפאגאנדע פונ עטינגערנ אונ זײַנ קאלטהארציקער שטעלונג, וואָס שײַעכ דער אָרעמשאפט („לוסטיק אונ פריילעכ, דינענ דעמ מיילעכ!“) — אונ צווישנ דער אָנגעשטרענגטער, גענוג אײַנגעהאלטענער האסקאָמע פונ לעווינזאָנענ אונ זײַנ שארפער קריטיק פונ דעמ אויפנ, ווי מע האָט אָנגעווענדט דאָס געזעצ בענעגייע דער אָרעמשאפט. („דארפ מענ בעסער, ווי דער קייזער, זאָל מאריכ יאָמימ זײַנ, האָט אזוי געטראכט פאר דעמ יוישער באמ רעקרוטנ־נעמענ, אז עס זאָל אלצ ערלעכ זײַנ?“ — אָבער: „סדאָמ איז נאָכ א הונט געווענ קעגנ אײַער קאָהאָל מיט אײַערע אָטדאווטשיקעס מיט זייערע רעציכעס אוגנייוועס“... אונ „באָכ וויסאָקע, פאנ דאלעקע“!) פונקט ווי לעווינזאָנ איז אויכ אקסענפעלד ניט צופרידנ מיט דער אָנווענדונג פונ געזעצ דורכ קאָהאָל, ער איז אָבער אינ דעמ פראט ווייניקער ראדיקאל, אסאכ אײַנגעהאלטענער ווי לעווינזאָנ, וואָס זאָגט זייער אָפענע אונ שארפע ווערטער קעגנ די קאָהאָלשע מאכערס אונ נעמט זיכ ב ע פ יי ר ע ש אָנ פאר דער קריוודע פונ דער אָרעמשאפט [1]). פונקט ווי לעווינזאָנ האָט ער פײַנט

1) אינ „די העפקער־וועלט“ אונ אינ „תולדות פלוני אלמוני הכזבי“. זע „אָנמערקונגענ אונ עקסקורסיעס“.

קאָהאָל, ווארפט אפ אים די שולד, אָבער דער האנט, וואָס דרייט פונ אויסנווייניק מיט קאָהאָל, דעם גרויסנ גוויר, צו וועלכנ ער באציט זיכ מיטנ גרעסטנ ייִרעס־האקאָוועד, מאכט ער בלויז א שטילינקנ אונ גענוג איינגעהאלטענעמ אויסרייד. ער קלערט אימ בלויז אופ זייַנ טאָעס. די פּיעסע איז געבויט לויט דער מאָראלישער סכעמע „די שולד אונ איר באשטראָפונג", אָבער באשטראָפט ווערט ניט דער אייגנטלעכער שולדיקער, ארנ. דער אומגליק פונ דעקלאסירטנ טאָר ניט אונ קענ זיכ ניט אָפּשפּיגלענ אפנ פאָרשטייער פונ העכסטנ שיכט. לעסאָפּ פאלט גאָר, דאכט זיכ אומלאָגיש, די גאנצע שולד אפ די שאדכנטע כאנצי, כאָטש זי איז בלויז געווענ אנ אינסטרומענט אינ ארנס האנט. דערינ איז אָבער פאראנ א געזעלשאפטלעכע לאָגיק: די מאכטהאָבער טאָרנ ניט שולדיק זייַנ.

אפ פערלעס פראגעס: „...דאָס איז דאָכ אוואדע א ביטערע גזיירע?" אונ „דערווייַל איז דאָכ אָבער זייער שלעכט דער מאמע מיטנ טאטנ, אז מענ נעמט בא זיי אוועק א קינד" לאָזט אקסענפעלד ענטפערנ זייַנ אידעאָלאָגישנ הויפּטרעזאָניאָר, ארענענ, מיט א ברייטער דערקלערונג וועגנ דעמ באטייַט פונ רעקרוטנ־געזעצ פאר דער עמאנציפּאציע פונ ייִדישנ קאפּיטאל (זז. 161—162) אונ וועגנ דער נויטווענדיקייַט פונ מיליטאריזמ פאר זייַנ קלאס: „...אז מיר זאָלנ ניט האָבנ אזוי פיל סאָלדאטנ מיט פאָלקנ מיט יענעראלנ, וואָלטנ די פראנצויזנ אָדער אנ אנדערער סוינע אלצ אוועקגענומענ, גאָר אונדז, מיט אונדזער פארמעגנ, מיט די פּאָליציעס, מיט די מאגיסטראטנ, מיט די גובערנאטערס. דעריבער מוז מענ מילכאָמע האלטנ, מענ זאָל ניט לאָזנ דעמ סוינע ארייַנ אינ דער מעדינע". אונ ער פארענדיקט די טיראדע: „הייַנט פארשטייסטו, אז די מאמע מיטנ טאטנ דארפנ בעשאס־מייַסע, אז מע נעמט בא זיי אוועק א קינד פאר א סאָלדאט וויסנ, אז דאָס קינד גייט טאקע פאר זיי, אז ניט וואָלטנ ראק אלע געמוזט גיינ אינ מילכאָמע ארייַנ". דאָס דערמאָנט אביסל עטינגערס „לוסטיק אונ פריילעכ", ס'איז אָבער פאָרט ניט דאָס אייגענע. אקסענפעלד פילט דייַטלעכ, אז אזא מינ פארטיילנ די ראָלעס צווישנ אָרעמע אונ רייַכע, אז די ערשטע דארפנ אָפּהיטנ דאָס פארמעגנ פונ די צווייטע, איז פאָרט ניט קיינ גענוגנדיקער ענטפער אפ דער פראגע: „דערווייַל איז דאָכ אָבער זייער שלעכט דער מאמע מיטנ טאטנ", אונ ער דערלויבט זייַנ רעזאָניאָר זיכ אויסדרייענ מיט א פוילנ אויסרייד: „דאָס איבעריקע וועל איכ מיט דיר אנ אנדערש מאָל איבעריידנ...", כאָטש ער קערט זיכ קיינמאָל ניט מער צוריק צו דער צוגעזאָגטער טעמע. אקסענפעלד אליינ דרייט זיכ דאָ ארויס אונ לאָזט די פראגע אָפנ.

מיט דער גאנצער פּיעסע גופע באווייַזט אָבער אקסענפעלד, לעהייפעכ צו זייַנ ארנס דערקלערונג, אז די רעזולטאטנ פונעמ געזעצ זייַנענ, ווי דיק זאָגט: „שלעכטער פונ אלע אומגליקנ אינ דער וועלט". ער באווייַזט מיט דער פּיעסע, אז דער אויסרייד: „ס'איז פאראנ אינ יעדער שטאָט הולטייַעס, וואָס שטאָט וועט זיכ צונוצקומענ, ווענ זי וועט פונ זיי פּאָטער ווערנ" איז א ליגנ, אז גראָד פונעמ

אוועקגעבנ אזא „הולטיַי“ איז ארויס פאר יענעמ טייל „שטאָט“, וואָס אקסענ־
פעלד האלט מיט אימ, דאפקע אנ אומגליק. עס באקומט זיכ, אז זייַנ אידעאל־
פיגור ארנ, די „סימפאטישע“ פארשוינענ פינכעס אונ ייִסראָליק האָבנ אָפּגעטונ
א העסלעכע זאכ. די סימפאטיעס פונעמ לייענער מוזנ זיכ ווענדנ צו נאכמענענ
אונ צו זייַנ ווארעמער מענטשלעכקייַט, כאָטש ער איז אונ בלייַבט אינ דער פּיעסע
דער אזעסדיקער מאיאסעניק. אקסענפעלדס אָפּשיַי פארנ גוויר ארנ פארמינערט
זיכ ניט, אָבער די העסלעכקייַט פונ זייַנ טאט דעקט ער ניט צו מיט גאָרניט.
ס'איז א סוואָרע, אז אקסענפעלד גופע דערפילט זי ניט אזוי שטארק, מיר
מוזנ דאָ דעריבער זייַנ פּאָרזיכטיק אינ דער אָפּשאצונג פונ זייַנ מיינ. מיר
ווייסנ פונ אנדערע ערטער אינ זייַנע ווערק, אז אקסענפעלד האָט ניט קיינ
זייער שטרענגע עטישע מאָס פאר די „שפּיצלעכ“ אונ „פּאָרטלענ“ פונ זייַנע
העלדנ. אָפּט באגוטיקט ער זיי אונ מיינט זיי דערמיט צו לויבנ. פונדעסטוועגנ
קענ קיינ סאָפּעק ניט זייַנ, אז מיט ארנס האנדלונג איז אקסענפעלד שטארק
ניט מאסקימ, אז ער מוסערט אימ דערפאר, כאָטש טאקע פרייַנטשאפטלעכ.

קעדיי צו פארשטארקנ די סימפאטיעס צו נאכמענענ, דערציילט אונדז אקסענ־
פעלד לעסאָף דעמ סאָד, אז דאָס איז ניט גלאט א מאיאסעניק, נאָר א מעיור־
כעס, וואָס שטאמט אָפּ פונ גרויסע לייַט, געלערנטע אונ גווירימ אונ קענ
אליינ אויכ „לערנענ אונ שרייַבנ“. מע טשעפּעט זיכ אליינ, אויב מע טשע־
פּעט אזא מינ דעקלאסירטנ, וואָס איז דורכ מישפּאָכע־באַציִונגענ פארבונדנ מיט
די העכערע שיכטנ. ניט לויטנ שעמ, וואָס עמעצ האָט דארפ מענ אימ צורע־
כענענ צו דער קאטעגאָריע „שלעפּערס אונ אומלייַטישע“, צו די „הולטייַעס“.
דער בילבל, אז „ער האָט... געוואָלט שלאָגנ“ זייַנ מוטער, בא דער פאטריִאר־
כאלישקייַט פונ דער סוויווע — די סאמע מעשונעדיק־העסלעכסטע טאט, וואָס די
גווירישע צוואקישקייַט האָט אפ אימ געקענט אויסטראכטנ, קעדיי אימ פּאסיק
צו מאכנ פאר א קאָרבנ, מאכט אקסענפעלד צונישט דורכ דער מוטערס אייַנ־
דרוקספולנ אונ טראגישנ טרויער נאָכנ אומגליק אונ דורכ איר איידעס־זאָגנ,
אז ער איז געוועזנ „א פארשייטער יונג, אָבער א גוטער יונג, א שייַנענדיקער
זונ“. פונקט ווי פרומעלע זאָגט פריִער: „דאָס איז פונ יונגע מענטשנ א קא־
טאָוועסל, אָבער אנ ערלעכער גוטער יונג איז ער דאָכ, אָבער קיינ שלעכטס
כאָלילע האָט מענ פונ אימ קיינמאָל ניט געזוענ אונ ניט געהערט. ער איז פאר־
שארט...“ אונ ווי קעדיי אונטערצושטרייַכנ דעמ פּראָוואָצירנדיקנ כאראקטער פונ
ארנס טאט לאָזט אימ דער מעכאבער שרייַבנ פאר נאכמענענ דאָס שפּאָטליד
אפ קאָהאָל־לייַט [1], וואָס האָט נאכמענענ ערשט רעכט געמאכט פאר צוגעהעריק

[1] אגעוו, דארפ מענ רעכענענ, אז די מעכאברימ פונ פאָלקסלידער מיט א סאָציִאלנ אינ־
האלט זייַנענ אינ יענער צייַט געוועזנ—אכוצ באדכאָנימ, קליינשטעטלדיקע מאסקילימ—אויכ גראָד
אזעלכע בונטארישע טיפּנ פונ ערעוו־מאסקילימ, ווי נאכמענ; אסאך זעלטענער אָבער דער אוילעמ
גופע, וואָס האָט די לידער געזונגענ.

צו דער קאטעגאָריע „הולטייַעס" און פאר אן אָביעקט פון קאָהאָלס סינע. אק־סענפעלד ווייַזט, אז ארנ האָט באשטימטע סימפאטיעס פאר נאכמענען, און פאָרט פארניכטעט ער אים; ער לאָזט נאכמענען גלויבן, אז ארנ וויל פון אים „א מענטש מאכן" (ז. 173), און דערמיט וויל אקסענפעלד מוסערן ארענען, אז דאָס וואָלט טאקע געווען זייַן כויוו. ניט אומזיסט רוקט אקסענפעלד ארויס אן אנדערן בעניאָכיד — די פיגור פון הערש־לייב נאר, דעם דעפעקטיוון זון פונעם פארנעס־כוידעש שלוימע פסיאַכע. אקסענפעלד לאָזט נאכמענען וועגן אים זאָגן: „מיר ביידע זייַנען א פּאָר בעניעכידימ, אָבער גוט געראָטן, נאָר ווי זאָגט מען: פיאניצא פערעספיטסיא, א דוראק ניקאָגדא". דערמיט גיט אקסענ־פעלד אן אָנצוהערעניש, וועמען מע האָט לויט זייַן מיינונג געדארפט אָפּגעבן פאר א רעקרוט. ניט נאכמענען, נאָר דעם פארגרעבטן זון פונעם אָפּגעשטא־נענעם פינצטערן פארנעס־כוידעש, וואָס געהער צו יענעם שיכט, וועלכן אק־סענפעלד האָט צומיינסטן פייַנט געהאט.

מע מוז באזונדערס און נאָכאמאָל אונטערשטרייַכן, אז אין דערדאָזיקער פּיעסע האָבן מיר לאכלוטן גאָרנישט קיין שום טייַנעס וועגן די אוולעס, וואָס מע טוט „אָרעמעלייַטס קינדער נעבעכ, ערלעכע באלמעלאָכעס קינדער... ער־לעכע מעשאָרסימ, ערלעכע באהעלפערס" (לעווינזאָן). צו מאכן פון דער פּיעסע די טראגעדיע פון דער אָרעמשאפט, און אזעלכע פרווון זייַנען געווען, וועט זייַן פּאָשעט א טאָעס. לויט דער סאנטימענטאלער מאניר לאָזט אקסענפעלד זייַן העלד ארענען אפילע א ווינ טון, אָבער ניט איבער דער הארבקייַט פון גע־זעצ, נאָר איבער דער „אָנוויסנדיקייַט" פון האמוינ, וואָס זעט ניט איין די ריכטיקייַט און דעם „כעסעד" פונעם געזעצ (ז. 163). שטרענג גענומען איז עס גאָר אייגנטלעכ אפילע ניט די טראגעדיע פון די נאכמענס, זייַן אומגליק ווערט ניט געשילדערט פון זייַן שטאנדפּונקט, נאָר אזוי ווייַט עס שפּיגלט זיכ אָפּ אפ יענעם טייל בירגערטום, וועלכן אקסענפעלד דריקט אויס. ניט סטאמ דערפאר, וואָס די „שטראָף" פאר דער טראגישער „שולד" מוז צוליב עסטעטישע טייַ־מימ, צוליב דער ווירקונג, פאלן אפ אזעלכע פּולווערטיקע פיגורן, וואָס זאָלן פעיק זייַן ארויסצורופן דעם לייענערס ראכמאָנעס־געפיל, — וואָרעם נאכמענס פערזענלעכקייַט איז סאָפּקאָלסאָפּ פאר אקסענפעלדן צו נישטיק, אז בלויז זייַן אומגליק זאָל קענען טראָגן דעם טראגישן שווערפּונקט — נאָר טאקע דערפאר, ווייַל דער באשטימטער טיפּ דעקלאסירטער האָט אקסענפעלדן אינטערעסירט בלויז אפ אזויפיל, וויפל עס האָט אים אינטערעסירט זייַן, אקסענפעלדס, אייגענער שיכט. עס איז כאראקטעריסטיש, אז אקסענפעלד ווייַזט ניט אפילע מיטן מינדסטן אָנצו־הערעניש די הארבקייַט פון נאכמענס גוירל. אפילע אינעם האקדאָמע־ליד, ווו עס ווערן ארויסגעהויבן עטלעכע טעמאטיש וויכטיקע פּונקטן פון דער פּיעסע, ווי לעמאָשל, דער ליבע־מאָטיוו („און אפ דער גאס איז אָפּגעשמועסט פון ליב", ד. ה. אפ דער גאס ווערט געשמועסט וועגן ליבע: — אן אָנצוהערעניש אפ

כאנציס שמועס מיט נאכמענען) הערן מיר וועגן דעם הויכפּונקט פון דער טראגעדיע בלויז: „דער עק (פון דער פּיעסע—מ. וו.) איז בא דער קאַלע גאָרניט לוסטיק"; פונעם „כאָסן", פון נאכמענען, וועמעס „עק" איז אויך גאָר ווייניק לוסטיק, האלט אקסענפעלד ניט פאַר נייטיק צו דערמאָנען [1].

———

אכוץ דער הויפּט־טענדענץ, וואָס גיט זיך אָנצוהערן שוין אינעם טיטל פונעם „ערשטן ייִדישן רעקרוט", קומען אין דערדאָזיקער פּיעסע צום אויס־דרוק, מער אָדער ווייניקער אויספּירלעך, אמאָל אפילו גאָר דערעך־אגעוו, פארשידענע אנדערע טענדענצן און פּראָבלעמעס פון אקסענפעלדס מאסקילישער אידעאָלאָגיע. מיר וועלן פארסאכאקלען די סאמע כאראקטעריסטישע פון זיי, מיר וועלן אָבער אויך אָנווייַזן אף יענע מאסקילישע פּראָבלעמעס, וועלכע אקסענפעלד מייַדט אויס צו באהאנדלען, סייַ אין דערדאָזיקער פּיעסע, סייַ ביכלאל אין זייַן שאפן, ד. ה. אין דעם טייל פון זייַן שאפן, וואָס האָט זיך אָפּגעהיט ביז אפן הייַנטיקן טאָג. —

אין קיין איינציקן ווערק אקסענפעלדס קומט ניט אזוי דייַטלעך צום אויסדרוק זייַן קעגנערשאפט צו דער אינסטיטוציע פון קאָהאָל ווי אין „ערשטן ייִדישן רעקרוט". עמעס, טאקע ניט אזוי בעפיירעש ווי אין לעווינ־זאָנס „העפקער־וועלט", אָבער קינסטלעריש אין אסאך א ווירקזאמערער פאָרם איידער אין לעווינזאָנס טרוקן־פּראָגראמאטישן שמועס און אפילו ווי אין זייַן „פּורים־שפּיל אויסגערופן אין שול". מיר האָבן שוין אויך געזאָגט, אז אין יענער צייַט און אין יענער געגנט האָט די אינסטיטוציע פון קאָהאָל דעריקער געדינט ווי אן אָרגאניזאציִאָנעלע דערגאנצונג פאַר דער עקאָנאָמיק פון א באשטימטן טייל מיטלבירגערטום, דעריקער פון מיטל־הענדלערישן, וואָס האָט באזאָרגט דעם אָרטיקן מארק מיט די אָרטיקע פּראָדוקטן אָדער מיט אריַינגע־פּעקלטע סכוירעס. קאָהאָל האָט דעמאָלט און דאָרט דעריקער געדינט צו די צוועקן פון ד ע מ שיכט, כאָטש עס איז אויך אָפּטמאָל דירעקט און אומדירעקט אויסגענוצט געוואָרן פונעם ייִדישן גרויס־קאפּיטאליסט (דערדאָזיקער באגריף דארף דאָ, אגעוו, אין דעם צוזאמענהאנג שטענדיק גענומען ווערן אין א רע־לאטיוון באטייַט). עס האָט זיך שוין געקענט טרעפן, אז קאָהאָל האָט זיך געווענדט ניט בלויז קעגן דער אָרעמשאפט, נאָר אמאָל אפילו קעגן דעם שטארקערן עקאָנאָמישן קעגנער, דעם רייַכן גרויסבירגער, וואָס האָט אריַינ־געטראָגן זייַנע שטייַערן דירעקט צו דער מעלוכע און איז פרייַ געוועזן פון

1) עס איז קעדייַ פעסטצושטעלן, אז אויך אין דער אנאָנימער דערציילונג „עטלעכע יאָר צוריק" („קול מבשר", 1868) ווערט אויסגעקליבן אלס טראגישע פיגור און קאָרבן פון דער רעקרו־טשינע א דעקלאסירטער בעניאָכיד, א געוועזענעם גווירס א זון (נאכמענ — הייסט דאָרט מויטע). ער איז אויך פארבונדן מיטן בירגערטום דורך א געליבטער (דינע), און זייַן גוירל ברענגט אומ־גליק דער גאנצער בירגערלעכער מישפּאָכע.

קאָהאָלשנ אָל (פונ קאָהאָלשע שטייַערנ, פונ דער סאָלידארישער שטייַער־פאר־אנטוואָרטלעכקייַט, פונ רעקרוטנ־פליכט א. א. וו.), כאָטש די קעגנערשאפט האָט דאנ דאָסראָוו געטראָפנ ניט דעמ קעגנער גופע, דעמ גרויסבירגער, נאָר זייַנ אידעאָלאָגישנ שאָליעכ, דעמ קליינשטעטלדיקנ ביאור־אונ דיקדוק־מאסקיל אונ אפיקאָרסישנ בונטאר. אנ אנדערע גרופע מיטלבירגערטומ (קאָלערליי קלע־נערע אָפּצאָל־פאכטערס, ·קלענערע פאָדריאטשיקעס, קאָמיסיאָנערנ א. א. וו.), וועמעס עקאָנאָמיק איז געווענ פארבונדנ מיטנ פיסקוס, מיט דער ארמיי, מיטנ אדל, אפ אנ ענלעכנ שטייגער ווי די עקאָנאָמיק פונעמ יידישנ גרויסקאפיטאל, אָדער גאָר מיט דער עקאָנאָמיק פונ יידישנ גרויסקאפיטאל גופע, ד. ה. ניט יענער טייל מיטלבירגערטומ, וואָס האָט געפירט די פראָדוקטנ פונעמ פרי־מיטיונ קליינפראָדוצירער דירעקט צומ פארברויכער, נאָר דער „מעשולעכ" (אגענט) אָדער דער אופקויפער־שוטעפ פונעמ גרויסהענדלער, וואָס זאמלט פאר אימ די סכוירעס, דער אקציז־אָנגעשטעלטער באמ גענעראל־פאכטער, דער אָנ־געשטעלטער באמ פאָטשט־ארענדאטער, דער קאָמיסיאָנער באמ גרויסנ פאָ־דריאטשיק א. א. וו. — האָט יורידיש נאָכ געהערט צו קאָהאָל, אָבער דידאָזיקע גרופע האָט געשטרעבט זיכ פונ קאָהאָל צו באפרייַענ. די עקאָנאָמיק, וועלכער דאָס קאָהאָל האָט געדינט, איז פאר דער גרופע געווענ א פייַנטלעכע, עס האָט זיכ איר געוויינטלעכ ניט געלוינט צו טראָגנ דעמ אָל פונ קאָהאָל צוליב דעמ נוצ, וואָס זי האָט פונ קאָהאָלשע מאכינאציעס געקענט ציענ. אינעווייניק אינעמ קאָהאָל איז זי געווענ דער פייַנט פונ קאָהאָל. אינ אונדזער פיעסע זעענ מיר, ווי אייַנגעהאלטנ אונ מיט וואָסער ביטל עס באציט זיכ צו קאָהאָל א פאָרשטייער פונ דער גרופע, פינכעס דער רויטער. פונ דערדאָזיקער גרופע באמיענ זיכ אָפט־מאָל „יעכידימ" צו ווערנ גילדעניקעס אונ זיכ אזוי ארומ צו באפרייַענ פונ דער יורידישער צוגעבונדנקייַט צו קאָהאָל, כאָטש דאָס שטייַגט אָפט אריבער זייערע שטייַער־קויכעס.

עס איז דעריבער פארשטענדלעכ, אז די נעגאטיווע שטעלונג פונ די גרויסבירגער (ניט געקוקט אפ שטאדלאָנישע זשעסטנ) אונ פונ זייַנע מיטלבירגערלעכע פארבינדעטע צו קאָהאָל,— איצט אונ דאָ דאָס אָרגאניזיר־מיטל פונ א פרימיטיווער פאטריארכאל־אָפגעשטאנענער עקאָנאָמיק,—האָט זיכ אפנ בוילעטסטנ אויפנ געמוזט אָפשפיגלענ אינ דער מאסקילישער אידעאָלאָגיע. פאר דער בירגערלעכער אופקלערערישער געזעלשאפטס־קריטיק אינ דער יידישער סוויווע איז די אינסטיטוציע פונ קאָהאָל געווענ זייער א פאסיק אָרט אפ צו געבנ קלעפ. די שולדיקע אינ נאכמענס אומגליק זייַנענ אינ דער פיעסע די „סימפאטישע" פאָזיטיווע פיגורנ, אָבער אָפגעלאכט ווערט דאפקע פונ קאָהאָל, פונ זייַנ הילפלאָזיקייַט אונ טעמפער אָפגעשטאנענקייַט. די אָפיציעלע פירער פונ קאָהאָל ווערנ גראָטעסק־קאריקאטוריסטיש געמאָלט אונ גאנצ קאָהאָל ווערט כאראקטעריזירט ווי „די גאנצע האָלאָטע". אקסענפעלד לאָזט נאכמענענ זינגענ

א שפּאָטליד אפ די קאָהאָל־לײַט און עס איז כאראקטעריסטיש, אז דער מעכאבער פון דעמדאָזיקן ליד איז גראָד דער אופגעקלערטער גוויר ר׳ ארן. אשטייגער אקסענפעלד גיט אונדז דערמיט אָנצוהערן, פונוואנען עס שטאמט זײַן אייגענע און נאכמענס קעגנערשאפט צו קאָהאָל: ניט פון דער אָריִענטאציע אפ די אָרעמשאפטס־מאסן, נאָר דאפקע אפ דער בורזשואזיִע.

אן אנדער הויפּט־פּונקט פון דער מאסקילישער פּראָגראם, דער קאמפּ קעגן כאסידיזם באווײַזט זיך אין „ערשטן ייִדישן רעקרוט" בלויז אגעוודיק, דעמאָלט ווען אקסענפעלד לאכט אָפּ דורך פּינכעסעס שארפע ווערטער פון די „גלאטע בעהיימעס", וואָס גלויבן, אז אזוי לאנג דער רעבע, דער גוטער־ייִד האָט ניט „אָנגענומען" דעם אוקאז, איז דאָס געזעץ קיין געזעץ ניט, און אין די אגעוודיקע באמערקונגען, ז. 160 און ז. 165. אין דער „געניארטער וועלט", אין „קאפּצן־אוישער שפּיל" און אין „שטערנטיכל" איז דער קאמפּ קעגן כאסידיזם די הויפּט־טענדענץ, אָבער אין „ערשטן ייִדישן רעקרוט" ליגט דער טראָפּ אפ אן אנדערער פּראָבלעם. דײַטלעכער ווי דער כאסידיזם ווערט אין „ערשטן ייִדישן רעקרוט" קריטיקירט די לײַכטגלויביקײַט און דער אָבערגלויבן פון דער אָפּגעשטאנענער מאסע אינעם ארײַנגעפלאָכטענעם אנעקדאָט, וואָס פּינכעס דער רויטער דערציילט פון זײַן פאמיליען־לעבן (ז. 177 ביז ז. 178). דידאָזיקע געזעלשאפטלעכע דערשײַנונגען דארפן לויט אקסענפעלדן מינאסטאם אויך באנומען ווערן אין צוזאמענהאנג מיט דעם ניסים־ און שיידים־גלויבן פון דער כסידישער סעקטע.

אויך בלויז אגעוודיק ווערט אָנגערירט דער פּראָבלעם פון קינדער־דערציִונג. אין איין אָרט (ז. 180) זאָגט פּינכעס וועגן נאכמענען, אז „ער איז דעריבער אזא הולטײַ געוואָרן, ווײַל די נארישע מאמע האָט אים פארצויגן און האָט אים אלץ נאָכגעגעבן... אוי, מאמעס, גייט, זעט, וואָס פון פארציִען, וואָס פון נאָכגעבן קינדער קומט ארויס, מען הארגעט דאָס קינד און מען טוט א ראָע דער וועלט ..." (זע אויך ז. 172). נאכמענס אומגליק איז, הייסט עס, א רעזולטאט פון אן אומגעראָטענער דערציִונג. דאָס איז א טראדיציאָנעלער האסקאָלע־געדאנק (זע דעם ייִדישן „ראָבינזאָן אָדער די געשיכטע פון אלטער־לעב" א. א.). אינעמעסן אָבער ווערט פון דער גאנצער פּיעסע קלאָר, אז אקסענפעלד גיט דאָ דעמדאָזיקן מאָמענט גאָר א קליינעם באטײַט.

אויך אפ דער פּראָפּאגאנדע פון בילדונג (א וויכטיקסטער הויפּט־פּונקט פון דער האסקאָלע, וואָס האָט, ווי געוויינלעך די בירגערלעכע אופקלערונג, געהאלטן, אז די אנטוויקלונג פון מענטשלעכן סייכל איז די לעצטע סיבע פון דער היסטאָרישער באוועגונג), האָבן מיר אין „ערשטן ייִדישן רעקרוט" נאָר אומדירעקטע אָנצוהערענישן· דעם פאקט, לעמאָשל, וואָס וועגן אלע „סימפּאטישע" פיגורן — אפילע פון נאכמענען — ווערט באטאָנט, אז זיי קענען לייענען און שרײַבן. עס איז אינטערעסאנט פעסטצושטעלן, אז אין „ערשטן ייִדישן רעקרוט", פּונקט ווי אין די איבעריקע ווערק אקסענפעלדס, געפינען מיר נישט קיין איין וואָרט,

וואָס זאָל פּראָפּאגירנ מעלאָכע צווישנ ייִדנ — לעהייפעכ צו אנדערע מאסקילימ, באזונדערס פונ דער גאליצישער שול. די מעלאָכע איז צו יענער צייַט אונ אינ יענע געגנטנ געווענ, פארקערט, צו שטארק פארשפּרייט אונ עקאָנאָמיש דעגראדירט, אז זי האָט געזאָלט קענענ דינענ פאר א פראָגראמ־פונקט. דאָס פראָפאגירנ ערדארבעט אינ קאָלאָניעס פעלט אויכ אינ אקסענפעלדס ווערק, לעפּאָכעס אינ די ווערק, וואָס האָבנ זיכ אָפּגעהיט ביז הייַנט.

זייער דייַטלעכ קומט צומ אויסדרוק אינ „ערשטנ ייִדישנ רעקרוט“, פונקט ווי אינ אלע איבעריקע ווערק אקסענפעלדס, די קעגנערשאפט פונ דער האסקאָלע צומ ייִדישלעכנ לעבנסשטייגער, אָנגעהויבנ פונ דער ייִדישלעכער קליידונג אונ אויסגעלאָזנ באמ שטייגער רעדנ. סייַ די מעלוכע, סייַ די מאסקילימ האָבנ אינ די באזונדערס בוילעטע עטנישע ספּעציפישקייַטנ געזענ א שווערנ אָפּהאלט פאר דער עקאָנאָמישער אסימיליאציע. אכוצדעמ פלעג דאָ נאָכ מיטווירקנ א זייער אלטער באקאנטער עקאָנאָמישער מאָטיוו, וואָס איז פאר דער סוויווע, וואָס אקסענפעלד מאָלט, שוינ ניט געווענ אזוי כאראקטעריסטיש ווי אמאָל אונ גיכער בלויז אנ אויסרייד: דער מאָטיוו, אז די ייִדישלעכע קליידונג, באזונדערס פונ פרויענ, איז צו רייַכ, א שווערער אָל פאר דער ייִדישער עקאָנאָמיק, אונ רופט ארויס די קינע־סינע פונ דער ניט־ייִדישער באפעלקערונג. פונ פריִערדיקע יאָרהונדערטער אינ מייַרעוו־אייראָפּע אונ פונ 18־טנ יאָרהונדערט אינ פוילנ זייַנענ באקאנט געזעצנ (אונ פאָרשלאגנ מיצאד ייִדישע שטאדלאָנימ), וואָס ווילנ רעגולירנ די ייִדישע קליידונג צוליב פארשידענע טייַמימ. אמאָל קעדיי אייַנצוהאלטנ די רייַבונגענ צווישנ דעמ רייַכנ ייִדישנ וואָכער־בירגערטומ, וואָס ברענגט נוצנ דער מעלוכע־קאסע, אונ דער ווייניקער פארמעגלעכער מע־שטשאנסטווע; אמאָל, פארקערט, קעדיי אָפּצוהאלטנ די שטייגערישע מימיקרי פונ רייַכנ ייִדישנ בירגערטומ (די מיטלאלטערלעכע קליידער־סימאָנימ); אמאָל ווידער, ווי אינ די פוילישע געזעצפראָיעקטנ פונ סאָפ 18־טנ י״ה [1], קעדיי צו פאר־גרינגערנ די עקאָנאָמישע אסימיליאציע פונ די ייִדנ. אקסענפעלד, פונקט ווי אנדערע מאסקילימ, איז אויסנ מיט זייַנ קעגנערשאפט ניט בלויז די רייַכע ייִדישע קליידונג, פארקערט, ער מאכט פונקט אזוי אונ נאָכ מער כויזעק פונ דער אָפּגעריסענער, אָפּגעשליסענער „רייַכקייַט“ אינ דער קליידונג פונ אָרעמערנ ייִדישלעכנ שטייגער. זייַנ טענדענצ קעגנ דעמדאָזיקנ שטייגער באווייַזט זיכ בוילעט אינ זייַנ איראָנישנ טאָנ באמ פינקטלעכנ אויסמאָלנ די קליידער־דעטאלנ. אינ זייַנ איראָניע מישט זיכ ארייַנ זייַנ שטארק עטנאָגראפישער אינטערעס, — איכ רעכנ אָבער, אז אינ יעדנ עטנאָגראפישנ אינטערעס, אפילע אינעמ רע־אקציִאָנערסטנ, ראָמאנטיזירנדיקנ, איז פאראנ א פינטעלע סטירעדיקע אָפּגע־

1) זע — Władysław Smolenski: „Ostatni rok sejmu wielkiego“, Kraków, 1896 — זז. 432—451. די ייִדישע דעפוטאטנ אונ קעניגלעכע „פאקטערס“ (לעמאָשל, אווראָמ הירשאָוויטש) האָבנ גענומענ דעמ וויכטיקסטנ אָנטייל באמ אויסארבעטנ דידאָזיקע פראָיעקטנ.

קילטע איראָניע, ווי צו די אומבאהאָלפענע טנועס פונ א קליינ קינד. אינ אקסענפעלדס עטנאָגראפישנ אינטערעס פילט זיכ אויכ דער אומרו פונ א כראָניקיאָר, וואָס האלט דעמ דאָר אונ שטייגער, וועלכנ ער מאָלט, פאר א פארווערטיילטנ צומ אָפּגאנג אונ וויל אימ דעריבער פינקטלעכ פיקסירנ פאר שפעטערדיקע דוירעס. דאָס אליינ קענ אָבער ניט דערקלערנ די אָפטמאָל קאריקאטוריסטישע פינקטלעכקייַט, מיט וועלכער אקסענפעלד מאָלט דאָס אויסזענ אונ די קליידונג פונ זייַנע נעגאטיווע פיגורנ, זייער שטייגער רעדנ, וואָס איז דורכגעזאפּט מיט קלאָלעס, פראזעאָלאָגיע, ניט פאסיקע מעשאָלימ אונ גוזמעדיק אָנגעוואלגערטנ וואָרט־פּאָלקלאָר. דער סיוזשעט פונעמ „שטערנטיכל“ דרייט זיכ דאָכ, זאָל זייַנ דערעכ־אגעוו אונ קלאָמערשט, ארומ דעמ אָפּשפּאָט פונ א יִדישער פרוי, וואָס וויל זיכ דערשלאָגנ צו א רייַכ שטערנטיכל: דעמ בוילעטסטנ ספּעציפיקומ פונ דער דעמאָלטיקער יִדישער פרויענ־קליידונג (זע אויכ עטינגערס מאָשל „דאָס שטערנטיכל“; אָדער לעווינזאָנ: „...ווי מיר זענ, ליידער, איז דער עני־שבעניים, דער גרעסטער אָרעמאנ באקליידעט זייַנע זענע אונ טעכטער ווי איינער פונ די נעגידימ אונ בעעמעס זעט מענ, אז דער לוקסוס פירט צו דער גרעסטער פארדאָרבנקייַט“[1]). דעמדאָזיקנ יִדישנ לעבנסשטייגער ווילנ טרעפנ די ווערטער: „אינ די קליינע שטעטלעכ זייַנענ אונדזערע יִדעלעכ גלאטע בעהיימעס“ (ז. 162), אונ אקעגניבער דעמ שטייגער ווערט אוועקגעשטעלט, ווי אנ אידעאל, דעמ אופגעקלערטנ גוויר ארנס לעבנסשטייגער, וועמעס וווינונג, קליידער אונ רייד ווערנ געשילדערט מיט באשייַמפערלעכער ליבע.

עס איז ניט קיינ צופאל, וואָס מיר געפינענ בא די מאסקילימ פונ די ערשטע צוויי דריטל 19 יאָרהונדערט נאָר זעלטנ אָנווייַזנ אפּ דער עקאָנאָמישער נויט פונ דער אָ ר ע מ ע ר ע ר באפעלקערונג. עס איז ניט קיינ צופאל, וואָס ניט בלויז עטינגער, נאָר אפילע אזעלכע געזעלשאפטלעכ טעמפּעראמענטפולע שרייַבער ווי לעווינזאָנ, אקסענפעלד אונ גאָטלאָבער דערמאָנענ אינ זייערע קינסטלערישע ווערק ניט מיט קיינ איינ וואָרט די יאָגענישנ פונ שטעט אונ דערפער (אינ „ערשטנ יִדישנ רעקרוט“ געפינענ מיר בלויז דעמ צופעליקנ זאצ „אז אינ 15 גובערניעס נאָר האָבנ יִדנ געמעגט וווינענ אונ האנדלענ“ ז. 161). אקסענפעלד, וואָס רופט זיכ געוויינלעכ שטארק אָפּ אפּ די געשעענישנ פונ זייַנ צייַט, שווייַגט דורכויס וואָס שייַעכ דעמ פראט[2]. צענזור־שוועריקייַטנ זייַנענ דאָ

---

1) לויט ב. נאטאנזאָנס „לעבנסבאשרייַבונג פונ ריב״ל“, „די העפקער־וועלט“ ווארשע, 1902, ז. 14. זע אויכ די אנאָנימע „געגנארטע וועלט“ אונ אנדערע האסקאָלע־ליטעראטור פונ יענער צייַט. די האסקאָלע גייט ווי אינ פארשידענע אנדערע פונקטנ אויכ אינ דעמ פראט נאָכ נאָכ דעמ פראָיעקט, וואָס די דעפוטאטנ אונ הירשאָוויטש האָבנ נאָכ אינ יאָר 1792 לויט מייַרעוו־אייראָפּעיִשע מוסטערנ דערלאנגט דעמ פוילישנ סיימ אונ קעניג. זע „אָנמערקונגענ אונ עקסקורסיעס“.

2) סייַדנ מע זאָל וועלנ זענ אנ אָנצוהערעניש אפּ דעמ אינ די ווערטער נויעכס (פונ דער „געגנארטער וועלט“ ז. 285) „אלע יִדנ איז נעבעכ אצינד שלעכט“.

ניט קיינ אויסשעפנדיקע דערקלערונג. אקסענפעלד האָט זיכ, ניט געקוקט אפ דער „קיצלדיקייַט” פונ דער רעקרוטשינע־טעמע, פאָרט וועגנ דער רעקרוטשינע אפ זייַנ שטייגער ארויסגעזאָגט. קיינער פונ די מאסקילימ דערזעט אונ דערמאָנט ניט די סטירע צווישנ דעמ רעקרוטנ־געזעצ אונ די נייַע יאָגענישנ פונ די נייַ־פארבאָטענע געגנטנ, וואָס האָבנ זיכ אָנגעהויבנ אָנשטאָט דער געהאָפטער עפענונג פונ נייַע קאנטנ פארנ יידישנ האנדל, וואָס די רעקרוטשינע האָט געדארפט ברענגענ. דרייַ כאדאָשימ נאָכנ ארויסקומענ פונעמ רעקרוטנ־אוקאז שיקט לעווינזאָנ דעמ קסאוו־יאד פונ „תעודה בישראל” צומ רעאקציאָנערנ בילדונגס־מיניסטער שישקאָוו מיט דער באקאָשע ער זאָל אימ העלפנ ארויסגעבנ זייַנ בוכ, העיויס דער מעכאבער באווייַזט דערינ דעמ נוצ פונ בילדונג אונ ערד־ארבעט, „פלאנצט ליבשאפט צומ קייזער אונ צומ פאָלק (ד. ה. צו די ניט־יידנ), מיט וועלכנ מיר זייַנענ באהעפט, אונ ווייַזט וויפל טויוועס אָנ א שיר מיר האָבנ פונ זיי”. אונ דאָס איז מינאסטאמ געווענ אופריכטיק געמיינט. אויב די יידישע אָרעמשאפט קענ, לעמאָשל, דורכ דער קאָלאָניזאציע קומענ אינ דער סאקאָנע אראָפגעדריקט צו ווערנ מיט דער צייַט צו דער מאדרייגע פונ רוסישנ לייַבייגענעמ פויער — טראכט וועגנ דעמ לעווינזאָנ ניט. ניט די סאָציאלע קלאסירונג איז דאָ זייַנ אונ דער האסקאָלעס פראָבלעמ, נאָר די ספעציפישקייַט פונ דער קלאסירונג בא יידנ.

דערעכ־אגעוו הערנ מיר אינ „ערשטנ יידישנ רעקרוט” עטלעכע אופקלערישע פאטריאָטישע ווערטער וועגנ די פליכטנ פונ א בירגער צו דער מעלוכע. די מאסקילימ האָבנ געוויינלעכ אידענטיפיצירט זייער האסקאָלע־פראָגראמ מיט דער פאָליטיק פונ דער מעלוכע בענעגייע יידנ. אינ א געוויסער מאָס ווערט אינ דער פיעסע אגיטירט אונ אופגעקלערט די ריכטיקייַט אונ נייטיקייַט פונעמ רעקרוטנ־געזעצ. מיטנ רעקרוטנ־געזעצ אונ זייַנע „רעדוקציע”־טענדענצנ הענגט צונויפ דער רעזאָניאָריש־אופקלערערישער אָרט, ווו אקסענפעלד טרעט ארויס, ווי געוויינלעכ אסאכ מאסקילימ, קעגנ די יונגע כאסענעס אונ דערקלערט דעמ באטייַט אונ די ריכטיקייַט פונ דער געזעצלעכער באגרענעצונג פונ כאסענע־עלטער. דאָסדאָזיקע געזעצ (1835) איז אויכ איבערגענומענ געוואָרנ פונ מייַרעוו־אייראָפע אונ פוילנ, כאָטש טאקע צוליב אביסל אנדערע מאָטיוונ. דאָס צו יונגע כאסענע־האָבנ האָט אינ אסאכ פאלנ געווירקט ווי א שטערונג באמ אָפגעבנ אינ רעקרוטנ, אָפט איז ניט באקוועמ געווענ איבערצוגעבנ אינ רעקרוטנ א באווייַבטנ, וואָס האָט איבערגעלאָזט זייַנ ווייַב אונ אמאָל אויכ זייַנע קינדער אפ דער פילאנטראָפיע פונ קאָהאָל. אינ דער באפעלקערונג איז געווענ אייַנגעוואָרצלט די פאָרשטעלונג, אז עס איז א באזונדערס גרויסע אוולע אָפצוגעבנ א באווייַבטנ. לויטנ דעקרעט פונ 1816 זייַנענ די, וואָס האָבנ כאסענע געהאט ביז צומ ארויסקומענ פונ דעקרעט, אָדער וואָס האָבנ כאסענע געהאט ביז צו זייער צוואנציקסטנ יאָר, באפרייַט געווענ פונ מילי־טער־דינסט (דעמאָלט נאָכ ניט „נאטוראלנ”). ערשט ווענ מע האָט אופמערק־

זאמ געמאכט אלעקסאנדער דעמ ו, אז אויב אזוי וועלנ אלע ייִדנ זײַנ פרײַ פונ מיליטער, איז ארויס א באזונדערער דעקרעט, אז כאסענע האָבנ באפרײַט ניט פונ מיליטער־פליכט. נאָכנ ארויסקומענ פונעמ רעקרוטנ־אוקאז אינ 1827 איז נייטיק געוואָרנ א געזעצלעכע באגרענעצונג פונ כאסענע־עלטער. די יעדיִעס וועגנ אזא געזעצלעכ מאָסמיטל האָבנ שטענדיק ארויסגערופנ א פאניק אינ דער ייִדישער באפעלקערונג, די אזויגערופענע „כאסענע־בעהאָלעס" (ד. ה. מע האָט אפ גיכ „כאסענע געמאכט" קליינע קינדער, קעדיי צו פארכאפנ איידער דאָס געזעצ קומט ארויס). אונ ניט בלויז צוליב די ייִנגלעכ; די באפעלקערונג האָט זיכ דאָס „רעדוקציע"־מיטל פונ דער רעקרוטשינע ניט געקענט אויסמאָלנ אָנ א דערגאנצונג אינ פראט פונ מיידלעכ, אונ אויסגעטײַטשט (עפשער ניט אינגאנצנ אומגערעכט, אפנ יעסאָד פונ געזעצ־פראָיעקטנ, וואָס זײַנענ אונדז ניט באקאנט), אז מיידלעכ וועט מענ נעמענ אינ פאבריקנ (זע זײַט 159). איניינעמ מיט דער אופקלער־ארבעט פארנ רעקרוטנ־געזעצ (עטינגער „די שמאטעס", אקסענפעלדס „דער ערשטער ייִדישער רעקרוט" א. א. וו.) האָט די האסקאָלע געמוזט ארויסטרעטנ קעגנ דער פאניק בענעגייע דער געזעצלעכער באגרענעצונג פונ כאסענע־עלטער. דאָ איז זיכ צונויפגעקומענ די פאטריִאָטישע לאָיאלקײַט מיט אנ אנדערנ עלטערנ מאָטיוו פונ דער האסקאָלע אונ מעלוכע קעגנ יונגע כאסענעס,—דעמ אומיטלבאר־עקאָנאָמישנ „רעדוקציע"־מאָטיוו, קעדיי אזוי ארומ צו פארמינערנ די אָרעמקײַט פונ דער ייִדישער באפעלקערונג. שוינ לאנג האָבנ די מאסקילימ אונ די מעלוכע (די פוילישע, לעמאָשל) געזענ אינ די יונגע כאסענעס איינע פונ די הויפט־סיבעס פונ דער אָרעמקײַט אונ פונ דער אָפגעשטאנענקײַט פונ די ברייטערע מאסנ [1]. אינ דער „גענארטער וועלט" (יעכיִעליק) אונ אינ „שטערנטיכל" (נאפטאָלצי) שילדערט אקסענפעלד די אָפשרעקנדיקע רעזולטאטנ פונ יונגע כאסענעס.

לעסאָפ וועלנ מיר נאָכ דערמאָנענ דעמ דײַטלעכ־באטאָנטנ ליבע־מאָטיוו, וואָס אקסענפעלד באמיט זיכ דאָ, פונקט ווי אינ דער „גענארטער וועלט" (ייִסראָעל שטשופאק אונ פעסי) אונ אינ „קאפצנ־אוישער־שפיל" (ארנ אונ פערעלע) אָרגאניש ארײַנצופירנ אלס הויפט־באזיס פארנ נייטיקנ סאנטימענטאליזמ אינ דער שטייגער־שילדערונג. ניט די אבסטראקט־פאטעטישע ליבע, וואָס די העברעיִשע מאסקילימ טראָגנ אריבער אינ זייערע סיוזשעטנ פונ ביבלישער אָדער קעמוי־ביבלישער פארגאנגענהײַט, אונ ניט די טראפארעטיש־ליטערארישע, בלאסע, אינטעליגענטישע ליבע ווי אינ עטינגערס „סערקעלע" אָדער אינ דער אנאָנימער „גענארטער וועלט", נאָר א ליידנשאפטלעכע,

---

1) זע וו. סמאָלענסקי, דאָרט; די אנאָנימע „גענארטע וועלט"; לעווינזאָנ אינ אסאכ ערטער א. א. וו. זע „אָנמערקונגענ אונ עקסקורסיעס".

רעאליסטישע, אָרגאניש־שטייגערישע, כאָטש טאקע סאנטימענטאל באפארבטע, ווי ערשט אסאך שפעטער אמאָל בא גאָלדפאדענען, מענדעלען און שאָלעם־אלייכעמען. דערדאָזיקער ליבע־מאָטיוו שפילט דאָ בא אקסענפעלדן אין דער טראגעדיע א שטארק אונטערגעשטראָכענע ראָל, מיט דעמדאָזיקן מאָטיוו וויל אקסענפעלד עפעס באזונדערס זאָגן.

דער שטייגערישער כאסענע־פּראָבלעם ווערט אינעם דעמאָלטיקן יִידישן ביר־גערטום באזונדערס שטארק באשטימט פון עקאָנאָמישע מאָמענטן. בלויז בא די באזיצלאָזע שיכטן האָבן די עקאָנאָמישע מאָמענטן פאר דער כאסענע א קלענערן באטייַט. ווי יעדעס אנדערע געשעפט ווערט אויך דאָס כאסענע־געשעפט בא די רייַכערע שיכטן געלייזט דורך דער מיטהילף פונעם מעקלער, דעם שאדכנ. די האסקאָלע איז פארינטערעסירט אריינצוברענגען אין דעם איניען אביסל מער נאטירלעכקייַט. ניט אומזיסט פארפאָלגט זי מיט קאעס די פיגור פונעם שאדכנ: וואָלפזאָנ אין „לייַכטזינ און פרעממעלייא”, דער אנאָנימער מעכאבער אין דער „גענארטער וועלט”, עטינגער אין „סערקעלע”, אקסענפעלד אין „ערשטנ יִדישנ רעקרוט” און אין זייַנ „גענארטער וועלט” א. א. וו. דער וויייניק פארמעגלעכער מאסקילישער אינטעליגענט, דער יִדישער „ראזנאָטשי־נעצ”, אזוי צו זאָגן, קענ זיך דאָ, ווי ביכלאל די אופקלערונג, דערלויבן א נאטירלעכערנ פרייַערנ קוק. עס לוינט זיך אים צו באטאָנענ דאָס רעכט פונ דער ליבע און די וויכטיקייַט פונ פערזענלעכנ ווערט [1]).

דערמיט האָט דער מאסקילישער אינטעליגענט געוואָלט באטאָנענ, אז ער, דער וויייניק פארמעגלעכער, האָט דאָס „נאטירלעכע רעכט” אפ רייַכערע קאלעס, א גרעסער רעכט איידער ווי עס קומט אים לויט זייַנ באזיצ־לאגע. דאָס אונטערשטרייַכנ דאָס „רעכט אפ ליבע” און דעם ווערט פונ פערזענלעכע מייַלעס באטייַט דאָ: דאָס רעכט אפ רייַכנ נאדנ פארנ אָרעמענ מאסקיל. מיר הערנ דאָ ארויס די געוויינלעכע טייַנע פונעם אָרעמענ בירגערלעכנ אינטעלי־גענט, וואָס האלט זיך גלייַך מיטנ רייַכנ שיכט און ווערט פונ אים פאָרט ניט אינגאנצנ אָנערקענט ווי זייַנסגלייַכנ. אריינצוקומענ גיך אינעם קאפיטא־ליסטישנ שיכט איז פארנ מאסקיל־אינטעליגענט מעגלעך געווענ נאָר דורך א רייַכנ שידעך.

אקסענפעלד וויל דערווייַזנ די בארעכטיקונג פונ דער ליבע צווישנ דעם אָרע־מענ דעקלאסירטנ מאיאסעניק (וואָס איז א „מעיוכעס” און קענ „לערנענ און שרייַבנ”) און דעם פארמעגלעכנ מיידל פרומעלע, צווישנ די וויייניק פארמעגלעכע יִסראָעל שטשופאק („די גענארטע וועלט”), ארנ („קאפצנ־אוישער־שפיל”) און מיכל מאצייווע („שטערנטיכל”)— און זייערע פארמעגלעכערע געליבטע. לויטנ שטיי־געריש רעאליסטישנ עמעס זייַנענ דערווייַל דעמאָלט אופריכטיקע, ליידנשאפטלעכ־

[1]) זע „אָנמערקונגען און עקסקורסיעס”.

„פאטעטישע" ליבע־באציִונגען פאָרגעקומען נאָר אין די נידעריקערע שיכטן. עמעס־דיק ליידנשאפטלעכע טענער פילן זיך בלויז אין דער באציִונג צווישן נאכמענען און פרומעלען. נאָר א האמוינ־מענטש, וואָס איז ניט געוווינט צו דערוואַרטן קיין עקאָנאָמישע אינטערעסן פון זיין כאסענע, האָט זיך געקענט פארגינען אן „עמעסע ליבע", נאָר אין די פאָלקסלידער פון יענע צייַטן הערן מיר אויפ־ריכטיקע נאָטן פון ליבע צווישן געשלעכטער. פונדעסטוועגן איז קלאָר, וואָס אקסענפעלד איז אויסן מיט דעמדאָזיקן מאָטיוו: צו זאָגן, אז ליבע און פער־זענלעכע מייַלעס זייַנען פונקט אזויפיל ווערט ווי עקאָנאָמישע פאָרבאדינ־גונגען. אין יעדן פעריאָד, ווען באשטימטע נידעריקערע שיכטן הייבן אָן צו קעמפן פאר אן עקזיסטענץ ניט בלויז „אין זיך", נאָר „פאר זיך", באווייַזט זיך אָפט אין דער ליטעראטור די סאנטימענטאלע ליבע־געשיכטע צווישן א טאָכטער פון העכערן און א זון פון נידעריקערן קלאַס: צווישן דער פרינצעסן און דעם אָרעמען ריטער, צווישן דעם מאכטיקן פעאָדאלס טאָכטער און דעם שטאָטישן סויכערס זון, צווישן דער גווירישער טאָכטער און דעם פאראָרעמטן קליינ־בירגערלעכן אינטעליגענט, און — פאר דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע — צווישן דעם בורזשואס טאָכטער און אן אנטוויקלטן ארבעטער אָדער פויער. דידאָזיקע סאנטימענטאלע צווישנקלאסיקע ליבע־פראָבלעמאטיק איז אין דער ליטעראטור א שפילערישער און ניט זייער ערנסטער אָנזאָג אף גאָר אנדערע, גאָרניט סאנטימענטאלע שארפע פראָבלעמעס פון קאמף צווישן פארשידענע קלאסן.

מ. ווינער

## Der erste jüdische Rekrut in Russland

im Jahre 5587 (1827) am Tage der Publicirung
des betreffenden Ukases

---

Ein komisch-tragischer Roman
in jüdisch-deutschem Jargon [1]

---

1) דערדאָזיקער דײַטשער טיטל געפינט זיך אפֿן פֿערטן הילע-זײַטל פֿון דער ערשטער אויסגאַבע.

# דער ערשטער יִידישער רעקרוט אין רוסלאנד

בשנת ה״ת״ק״פ״ז,

דענצמאָל איז דער אוקאז אָנגעקומען

אָדער

## א מיַיסע פון קלאָמערשט כאָסנ־קאלע

## דער ערשטער

## י‍ִדישער רעקרוט

## אין רוסלאַנד

בשנת התקפ״ז, דענצמאָל איז דער אוקאַז אָנגעקומען,

אָדער א מײַסע פון קלאָמערשט כאָסנ־קאלע.

דאָס האָט זיך געטראָפן אין דער שטאָט ניביוואלע.

עס איז ניט א קאטאָוועסל, ניין, א גאנצע שפיל,
דאָ איז דאָ צו לאכן און צו וויינען זייער פיל.

די מײַסע טוט זיך צום אָנהייב בא קאָהאָל,
און באַם גרעסטן אוישער אין שטוב צוויי מאָל.

דערנאָך צוויי מאָל אין א שענק־שטיב,
און אף דער גאס איז אָפגעשמועסט פון ליב.

דער עק איז בא דער קאלע גאָרניט ליסטיק, —
געדויערן געדויערט דאָס פון שאבעס ביז דינסטיק.

## די נעמען, ווי די מענטשן האָבן געהייסן, וואָס קערן דאָ צו דער מײַסע

ר׳ ארן קלוגער: מען רופט אים אין ניביוואלע דער באל־מאכשאָווע. ער איז דער גרעסטער אוישער אין שטאָט. א געלערנטער אין אלערליי כאָכמעס און לעשוינעס. ער איז א כאָשעוו בא דעם סאָר פון דער שטאָט, און זײַן האנדל איז מיט אָקסן קיין ווארשע.

פערעלע: זײַן ווײַב. זייער שיין און זייער קלוג און זייער גוט.

שלוימע פסיאָכע: פארנעס־כוידעש אין שטאָט. א קרעמער — א גראָבער יונג.

בראָכע: זײַן ווײַב. א טויבע, רעדט שיפיליאווע און איז זייער א בייזע. זי איז א בעריע אין קלייט.

הערש־לייב: זייער בעניאָכיד. א גרויסער שטאָט־נאר. ער האָט ניט לאנג כאסענע געהאט.

ציוויעלע: דעם שטאָט־נארס ווײַב. א שיין ווײַבעלע און ניט פרום.

וועלוול גיליוואטע: אויך פארנעס־כוידעש. ער האנדלט מיט פעל. אויך אן אמאָרעצ.

כאנצי: זײַן ווײַב. זייער קלוג. זי איז א שארכנטע אין שטאָט.

גאווריִעל שעד: א גרויסער שיקער. אים נעמט קאָהאָל צו פאר א לאָווטשע צו די רעקרוטן.

ליפשע די מויד: א שענקערן, אן אלטע ייִדענע.

ייִסראָליק אָקרײַנער: ער טויג צום אָקסן־מאסע־מאטן, א קלוגער ייִד; איז ער א שוטעף אפ א קליינעם כיילעק מיט ר׳ ארן באל־מאכשאָווע.

מאכלי: זײַן ווײַב. א בלינדע אפביידע אויגן. זי איז א גרויסע מעיור־כעסעס.

נאכמענ דער גרויסער: מאכליס א זונ פונ איר ערשטנ מאנ. ער איז אינ שטאָט א מאיאסעניק, א צאָרע. א שיינער, קלוגער יונג, אפילע מיט מיילעס, נאָר ניט קיינ לייט.

פינכעס דער רויטער: פונ טיטיִעוו, וווינט שוינ לאנג אינ ניביוואלע. מענ האָט אימ ליב אינ ניביוואלע. ער האלט די שטאָט־ארענדע.

ציפרע: זיינ ווייב. זייער שיינ אונ קלוג אונ זייער גוט.

פרומע אָדער פרומעלע: פינכעס מיט ציפרעס איינציק קינד. זייער א שיינ, קלוג, גוט מיידל פונ זעכצנ אינעמ זיבעצטנ יאָר.

אכוצ: ייִדנ אונ ווייבער, ייִנגלעכ אונ מיידלעכ, פאָליצייסקע, סאָלדאטנ אונ כעוורע שאמאָסימ.

---

## 1. ניביוואלער קאָהאָל זיצט בא דעם פּארנעס־כוידעש שלוימע פּסיאַכע אום שאבעס.

(ר׳ שלוימע פּסיאָכעס שטוב איז ניט ווײַט פון דער שול. די שטוב איז א נײַע, ערשט נאָך דער סרייפע אויסגעבויט, [מיט] א שטרויענעם דאך, מיט פריזבעס און ווײַס פון דרויסן אָפּגעשמירט. א שטיקל ווענטל איז נאָך ניט רעקאָנטשעט. די פענצטער אין גאס ארײַן שטייען אָפן. דאָ איז, אין דרויסן, פאר דער שטוב, קימאט די גאנצע שטאָט, ייִדן און ווײַבער, ייִנגלעך און מיידלעך. אינעווייניק איז די שטוב אויך פול אָנגעשטופּט. אלע זענען נעבעך מיט פינצטערע פּענימער, זייער טרויעריק. מען הערט אלע מאָל, טאָ פון דאנען, טאָ פון דאנען, קרעכצן און אָכצן. אלע קוקן צו דעם אוילעם, וואָס זיצן ארום דעם טיש. דער טיש איז ניט לאנג, נאָר לענגעכדיק, צוגעדעקט מיט א צעריסן, קויטיק טישטעך, פול מיט ברעקלעך און מיט שאָלעכץ פון גרינעם קנאָבל און פון אוגערקעס. אויוונאָן זיצט ר׳ שלוימע פּסיאָכע, א ייִד פון עטלעכע און פופציק יאָר, א געלער, מיט צוויי לאנגע געלע פּייעס, קיין באָרד וואקסט אים גאָרניט; א קאָל האָט ער פון א נעקייווע, א קליינעם שטערן, א געקאָרטשעטן; די באקן זענען אויך געקאָרטשעט. גראָע אויגן, נארישע, א לאנגע נאָז, א ברייט מויל. ער גייט אָנגעטון, בימקוים כאלאט, אין אן אלטער צעריסענער, אמאָל געוועזן ראצעמאָרענע[ר] זשופּיצע. דע[מ](ר) אונטערשלאק, בלאָער קיטײַ, זעט מען אומעטום ארויס, און דער אונטערשלאק האלט דאָס גאנצע מאלבוש, ניט צוגעגארטלט. אן ארבע־קאנפעס פון ווײַסער פּיקע, נאָר זייער קויטיק;—אין אן אלטער, פליסינער יארמיקע, פול מיט פעדערן. ער נעמט זיך אלץ אָן בא דער באָרד בעשאס ער שמועסט, כאָטשע ער האָט קיין באָרד ניט. נעבן אים זיצט הינטערן טיש, נאָענט בא דעם פענצטער, דער אנדערער פּארנעס־כוידעש, וועלוול גיליוואטע. א הויכער ייִד, אן אלטער, מיט א גרײַז־גראָער באָרד, א גאנץ לאנגע, א שמאָלע. פּייעס אויך גרײַזע־גראָע, גאנץ לאנגע. אימיטן שטערן, וואָס איז זייער געקאָרטשעט, האָט ער א גרויסע גולע; די גולע איז רויט. א קורצע נאָז, א גראָבע, פול מיט טאבעקע. גראָבע וואָנצעס, וואָס רעקן צו דאָס מויל. א לאנגן האלדז, א שווארצן. ער גייט אָנגעטון אין א נײַען איילנקיטײַנעם קאפּטן מיט א שמאָלער סטראָקע, און זייער אין אן אלט שטרײַמל. הינטן גייט אָפּ א גאנץ שטיק שטרײַמל, רוקט זיך אלץ דאָס שטרײַמל מיט דער זײַט, וואָס גייט אָפּ, פון פאָרנט-צו. דער ווערך איז גאָר צעריסן. צוגעגארטלט מיט א געפארבטן גרידיטורענעם גארטל, וואָס איז געוועזן רויטער גרידיטור, און עס קריכט אָפּ די פארב, זעט מען אָן די פריִעריקע רויטע פארב. ווײַטער בא דעם טיש זיצט ר׳ ייִסראָליק אָקרײַנער. דער איז א קליינער ייִד, א פּראוואָרנע, מיט א גראָבלעך בערדל, א קליינס, געקרײַזלטע פּייעלעך, קליינע, גאנץ דינע קרײַזעלעך אסאך. דאָס פּאָנעם איז שווארצלעך און אביסל נאָר געקאָרטשעט. אונטערגעשוירן די וואָנצעס — האָט א פּאָנעם ווי ער לאכט. א לאנגע נאָז און שווארצע גרויסע אויגן. אין א גאנצן קיטײַנעם קאפּטן, אביסל א

צוגעגאנגענע[מ](נ), מיט א ברייטער סטראָקע, אָנ איזיר[עס](ימ). א זײַדענעמ גארטל,— אונ מענ זעט ארויס, אז דער אונטערגארטל איז א לעדערנ בײַ־גארטעלע. א גײַעמ הויכנ ספּאָדעק, א גוטנ. ער האלטביידע הענט אינ גארטל. צו זיי קומענ ארײַנ: פּ י נ כ ע ס  ד ע ר  ר ו י ט ע ר. אלע לאָזנ אימ דורכ אונ זעצנ אימ אנידער אויוונאָנ, נעבנ ר׳ שלוימע פּסיאַכע. פּינכעס איז א טשאָגילסקע ייִד. ניט הויכ, ניט קליינ, א ווײַס פּאָנעמ, א געשטופּלטס, גראָע אויגנ, א גרויסע נאָז, א לאנגע, א ברייט מויל. דאָס בערדעלע איז שפּיצעכדיק, רויט אונ עס ווארפט זיכ דורכ גראָע האָר. פּייעס אויכ אזוינע. א פּאָנעמ פונ פופציק יאָר. אינ א בראָנז־ראצעמאָרענע[ר] קאפּאָטע, א שווארצ־זײַדענעמ גוטנ גארטל, א גוט שטרײַמל. אנדערע ייִדנ, וואָס א טייל זיצנ בא דעמ טיש אונ א טייל שטייענ ארומ אינ צעריסענע אָדער האלב־צעריסענע קאפּטנס אָדער זשופּיצעס מיט געלע שטרײַמלעכ. די, וואָס שטייענ אינ שטוב, קריכנ ארופּ אפ די בענק אונ אפ די בענקלעכ אונ אפ דעמ בעטל, אפ א קעסטל, אפ אנ איבערגעקערטע סטופּקע. דאָס זענענ אלצ יעכידימ אינ שטאָט, באלעבאטימ, קרעמערס, שענקערס, כאלפּאָנימ, האָזנ־הענדלערס, [הענדלערס מיט] וואקס, האָניק אונ וואָס האנדלענ מיט כיילעוו. אינ דער ענגעניש שטופּט זיכ דורכ ג א וו ר יִ ע ל  ש ע ד, א ייִד פונ א יאָר פופציק אָדער מער. א גאנצ הויכער, א זייער געזונטער, א ברייטער, [מיט] א רויט פּאָנעמ, פארשוואָלענע רויטע אויגנ, גראָע, אונ זייער א רויטע נאָז, מיט א קליינ גראָ בערדעלע, מיט צעקאָשמעטע פּייעס. ער איז אינגאנצנ זייער קויטיק, ווי איינער, וואָס האָט זיכ קיינמאָל ניט געוואשנ. א קויטיק העמד, א פארסמאלצעוועטנ קאפּטאניק פונ סיבירסקי קיטײַ, א צעריסענעמ. די סטראָקע אָפּגעריסנ, נאָר דער צייכנ איז געבליבנ, אז דאָ איז געווענ א סטראָקע. א שטיקל פונ א גארטל איז מיט א קנופּ צוגעקניפּט. עפּעס אזעלעכס, ווי א ספּאָדעק, אָנ האָר אונ אָנ א ווערכ. דער קאפּטאניק איז ארומ אונ ארומ צעשפּאלטנ אונ פארשמירט. זאָקנ צעריסענע, וואָלענע, אונ אלטע שקראבעס פונ אָפּגעטרעטענע שטיוול, וואָס א שוסטער האָט אונטערגענייט. [אפ] די עלנבויגנס אונ אפ די פּלייצעס זענענ לעכער, זעט מענ ארויס דאָס הוילע לײַב.)

ג א וו ר יִ ע ל  ש ע ד. כאָטשע איכ בינ, מעשונע, גאָרניט קיינ שאמעס ניט, האָב איכ גערופנ דעמ רענדאר, ר׳ פּינכעס דעמ רויטנ, מעשונע, צו קאָהאָל. (ער קוקט זיכ ארומ אונ דערזעט ר׳ פּינכעסנ.) האָט מיר, מעשונע, ניט קיינ פאריבל. איכ האָב ניט געזענ, אז איר זענט געקומענ. אָט, שמועסט פונ דער מאָני, וואָס איז, מעשונע, נעכטנ אָנגעקומענ. מימאָ־נעפּשעכ, אז קאָהאָל זיצט, מוזנ זיי זאָגנ, וואָס מע האָט צו טונ. מימאָ־נעפּשעכ, דארפ מענ שיקנ נאָכ א טרונק, אפילע בא א בארמענענ זיצט מענ ניט אָנ טרינקענ. וואָס שווײַגט איר, פּארנעס־כאדאָשימ, מימאָ־נעפּשעכ?

פּ י נ כ ע ס  ד ע ר  ר ו י ט ע ר. וואָס וויל די שטאָט? אדראבע, זאָגט. אז אזא ביטערע גזיירע איז אפ ייִדנ אויסגעגאנגענ, מוז דאָכ די שטאָט זענ עפּעס צו טונ. דאָס איז קיינ קאטאָוועס ניט.

ש ל ו י מ ע  פּ ס י א ָכ ע. קאָהאָל מיינט, אז מענ זאָל זיכ גאָרניט כאסמענענ אפ דער מאָני. קאָהאָל איז קאָהאָל, אונ א שטאָט איז א שטאָט. קיינ גוטער־ייִד איז ניטאָ צו פרעגנ. דער ... זאָל לעבנ, האָט נאָכ ניט אָנגענומענ די גזיירע. נאָכ וואָס זאָל זיכ קאָהאָל כאסמענענ?

פ ו נ ד ר ו י ס נ (הערט מען א געשריי פון יידן און פון ייִדענעס.) לאָז ד ע ר אויסגע־ריסן ווערן, ווער עס האָט דערינען א כיילעק, ד ע ר, וואָס הייסט, קאָהאָל זאָל כאסמענען! ר׳ שלוימע איז גערעכט. בראָכע, וואָס שווייַגט איר, וואָס לאָזט איר באַגראָבן, וואָס לאָזט איר אויסרייַסן די גאַנצע שטאָט? בראָכע, לאָזט אייַער מאַן ניט כאסמענען.

פ י נ כ ע ס. אז איר האָט מיך פון דעסטוועגן גערופן, מעג איך מיר אהיים גיין. דראַבסטווע שעלטן און ווייסן ניט פאַר וואָס. נאָר איר זענט דאָך, מי־שטיינס געזאָגט, פאַרנעס־כוידעשער, זענט איר אזוי בלינד, אז איר מיינט, עס ווענדט זיך דרינען, אויב איר וועט אייַך כאסמענען אָדער נישט?

וו ע ל וו ו ל ג י ל י וו א ט ע. לעמאָשל, ווי זאָגט מען עפעס: קום אריַין, קוק ארויס. לעמאָשל, אז מע זאָל נישט באַדאַרפן קאָהאָלס כסימע, וואָלט מען דאָך ניט געהייסן כאסמענען קאָהאָל. לעמאָשל, איך לייג קאָוועד אפ אייַך, ר׳ פינ־כעס, ווי זאָגט מען עפעס: א מענטש איז ווי א שטיקל קרייַד, אז מע שרייַבט — שרייַבטס ארופ און אראָפּ. לעמאָשל, גאַנץ קאָל־האקאָהאָל זיצט, מע האָט אייַך ליב, לייגט מען קאָוועד אפ אייַך. לעמאָשל, ווי זאָגט מען עפעס: עס פאלט ניט א שפּאָן, ביז ס׳איז ניט עפּעס דראָן. יעכידים זענען אויך דאָ, וויל מען, לעמאָשל, אַן אייצע האלטן. ווי זאָגט מען עפעס, לעמאָשל: די יונגע קייַען, וואָס די אלטע שפּייַען. און אז די סאָלדאטן זייַנען געקומען פונעם גאָראָד און האָבן געבראַכט דעם אוקאַז פון די נעקריטן, לעמאָשל, איז דאָך טאקע, ווי מע זאָגט: שנייַץ די נאָז און שמיר דאָס פּאָנעם. לעמאָשל, איר האלט די שטאָט־ארענדע ... (ער וויל ווייַטער „מאָשלען״, רייַסט זיך ארופ צום טיש די באַלעבאָסטע).

ב ר אָ כ ע. (א דארע ייִדענע, א הויכע, א שווארצע, זייער א מיִעסע. מע זעט איר אָן אינ פּאָנעם, אז זי איז טויב. די אויגן, כאָטשע זיי זענען אינ קאָפּ אריַין, גלאַנצט זי שארף מיט זיי אפ דעם מענטשן, וואָס זי וויל רעדן מיט אים, אז די אויגן קומען ארויס. א פּיצינקעלע שמאָ־לער שטערן, א זייער לאַנגע נאָז, א ברייט מויל, און די באָרד איז ווי צומויפגעהעפט, פון א מאקע אָדער פון פּאָקן, די באַקן איינגעפאלן, זי גייט אָנגעטון אינ איינ רויטער יאַמפּירקע, אַן אלטע[ר], א סיטקע א צעריסענע[ר]; א וויסט פון בלאָער מאָרע, אויך צעריסן, א קליידל, אמאָל איז׳ס געוועזן א רויט אטלעסנס, געשטעפּט אפ בייַמוול, אצינדערט איז׳ס צעריסן, און קימאַט נאָך די בייַמוול זעט מען שטיקלעך אטלעס הענגען נאָך אפ א טייל ערטער. א ציצן פאַרטעך אויסגעוואַשן און שטארק אָנגעקראָכמאַלעט. די צוויי ארבל פונעם העמד זענען זייער געבלאָט. א שטערנטיכל זייער לאַנג, ניט איבערגעהעפט, א קויטיקס. פון די שפּיצן זענען אלע פּערל אָפּגע־שיט, און [באַ] די רעדער אויך פון אסאַך ערטער אָפּגעשיט די פּערל. זי שטופּט אוועק אלע ייִדן מיט קאַעס און צעיאָגט זיך צום מאַן, צום פאַרנעס-כוידעש, מיט אויסגעטשערעטע ציין, און פון ביידע הענט קולעקעס, מיט א געשריי.) איך הער דאָש גאָרניסט. איך וועל דיך באַגראָבן צען איילן אינ דער ערד אריַין, אז דו וועשט כאשמענען די גזיירע אפ ייִדן. הערשטו, סלוימע, דייַן לעבן איז קיין לעבן ניט! וואָש, ייִדן זאָלן וויינען אפ דיר? איך האָב איינ בעניאָכיד, זאָל איך אים איינסטעלן? כאשמע

ניט, הערשטו? וואָש, ייִדן זאָלן מיך פארסעלטן? איך וועל דיך אוישרײַשן, אז דו וועשט נאָר אָנרירן א פּענ.

ש ל ו י מ ע  פּ ס י א י אָ כ ע. שעלט ניט, פלוך ניט. איך וועל מיך אוואדע ניט כאסמענען, בעשום־אויפּן וועל איך ניט כאסמענען.

ב ר אָ כ ע. וואָש, דו ווילשט דאפּקע כאשמענען? וועל איך דיר די פּייעש אוישרײַשן. איך וועל דיך אוישנעקערן, אז דײַן נאָמענ וועט אוישגערישן ווערן. איך הער דאָש גאָרניט.

ש ל ו י מ ע  פּ ס י א י אָ כ ע. (זעט, אז זי איז טאקע טויב, דעריבער הערט זי ניט, זאָגט ער הויך צו איר.) איך וועל מיך ניט כאסמענען. (ער שאָקלט מיטן קאָפּ „ניין״.) גיי שוין, ארורע, איך כאסמע ניט. (זי גייט אוועק)

פ ו נ ד ר ו י ס נ. בראָכע זאָל טאקע ניט דערלאָזן. וואָס, א שטאָט צעקוי־לען? אז סע געפעלט עמעצן ניט, לאָז ער ניט וווינען הי. די שטאָט וועט ניט בענקען. נישטקאָשע, מע וועט לויפן צו ציפּרען אויך, זי זאָל ניט דערלאָזן.

ו ו ע ל ו ו ל  ג י ל י ו ו א ט ע. (הענגט זיך ארויס פונעם פענצטער און שרײַט ארויס צום אוילעם.) בראָכע, לעמאָשל, איז גערעכט. מיר וועלן פאר־אוואדע ניט כאסמענען. ניין, די סאָלדאטן זענען דאָך נאָר צוויי. לעמאָשל, קאָהאָל קאָן מען ניט נייטן, אז מע וויל ניט, וויל מען ניט. ווי זאָגט מען עפּעס, לעמאָשל: געפעלט דיר ניט, בעט דיר באזונדער. (ער קערט זיך אום אין שטוב ארײַן צו די אלע, וואָס שטייען און זיצן.) די שטאָט איז אין גוטע הענט, לעמאָשל, ווי זאָגט מען עפּעס, איאָ, לעמאָשל: א יאָר איז אין א שטעקן ניט אָנגעבונדן.

פּ י נ כ ע ס. (שטעלט זיך אוף און זאָגט הויך צום אוילעם.) האָט מיר ניט פאריבל, ר׳ שלוימע און ר׳ וועלוול און איר אלע ייִדן, איר פארשטייט גאָרניט, וואָס איר שרײַט. איר ווייסט נעבעך ניט, אז די ביטערע גזיירע איז ניט פון אײַך. אונדזער קייזער, יר״ה, האלט דאָס פאר א כעסעד און האָט געגעבן אן אוקאז, אז ייִדישע קינדער זאָלן אויך זײַן סאָלדאטן. אײַער האסקאָמע דארף מען גאָר־ניט. וואָס די סאָלדאטן הייסן, איר זאָלט אײַך כאסמענען, איז נאָר, אז זיי האָבן אײַך אָפּגעגעבן דאָס פּאפּיר. וועט איר ניט כאסמענען, בלײַבט אלץ די גזיירע א גזיירע. (ער ווישט זיך מיט א פּאטשיילע אויס די טרערן פון די אויגן און רעדט מיט א וויינענדיק קאָל.) נאָך וואָס זאָלט איר אײַך אליינ פירזאָגן אזעלכע נארישקײַט? איך וועל אײַך באווײַזן, אז איר זענט אין טאָעס. אָט וועל איך רופן די סאָלדאטן פונעם גאָראָד און וועל זיי זאָגן, זיי זאָלן צוריק גיין אָן אײַער צע־שרײַבן אין ביכל, וועלן זיי אוועקגיין. בעסער זאָל מען לייענען דאָס פּאפּיר, וועט מען וויסן, וואָס צו טון, די שטאָט זאָל ניט דארפן צו צאָלן שטראָף דעריבער, אז מע וועט ניט אָפּגעבן דעם נעקריט צו דער צײַט.

א ל ע. גוט איז אײַך צו זאָגן, איר האָט א מיידל, וועט איר זען גיכער כאסענע צו מאכן אײַער פרומען. מיר וועלן די קליינע מיידלעך אפילע אויך זארעז כאסענע מאכן, ווי אין דער רעדיקציע איז געוועזן. אָבער מיט די

ייִנגלעך וואָס וועט זײַן? ווער וועט דאָס קענען צוזען, זײַן ייִנגל זאָל ווערן, כאָלילע, א נעקריט? (אלע הייבן אָן צו וויינען, פון דרויסן וויינט מען אויך: א געיאָמער, א געוויין, א געכליפערײַ.) ר' פּינכעס, האָט גאָט אין הארצן, איר זענט א גוטער, אײַער ווײַב איז א דימעט, איר גיט פיל צדאָקע, אלע האָבן אײַך ליב. פאר־וואָס זאָלט איר הייסן כאסמענען? ניין, ניין, ניין, ניט כאסמענען, בעשום־אויפן נישט! לאָמיר גאָרניט צונעמען דאָס פּאפּיר, אָדער די מאָני צוריקגעבן די סאָלדאטן.

פּ י נ כ ע ס. מער האָב איך קיין קויעך ניט. אז איר ווילט אָנארבעטן א צאָרע און הערט וואָס דער ראָוו, דער ... (ער האלט זיך אײַן) זאָגט אײַך פיר. לאָזט מיך אוועקגיין, מיר רײַסט מײַן ייִדיש הארץ, אז איך זע, ייִדן זענען נאָך אזוי אײַנגעשפּארט און ווילן מיך ניט הערן, אז איך גיב אײַך צו פאר־שטיין מיט סייכל.

ש ל וי מ ע פּ ס י א י אָ כ ע. נו, ווע֫לוול, שיק גאוורי֫עלן, ער זאָל רופן אהער די צוויי סאָלדאטן, וועלן מיר אין עמעסן זען, אויב ס'איז אזוי, ווי ר' פּינ־כעס זאָגט. ווי זאָגט איר, ייִדן, פּרווון מעג מען, הא, וואָס זאָגט איר, ראַ־בויסים? ר' וועלוול, זאָגט ארויס דעם אוילעם, וואָס שטייט אין דרויסן, אז מע שיקט רופן די סאָלדאטן אף א פּרווו; זיי, דער אוילעם, זאָלן זיך ניט דער־שרעקן, ר' וועלוול.

וו ע ל וו ל ג י ל י וו א ט ע. (בייגט זיך ארויס און שרײַט הויך.) לעמאָשל, ר' שלוימע און אלע זאָגן, מע זאָל שיקן רופן די סאָלדאטן. לעמאָשל, ווי זאָגט מען עפּעס: פאר א כופּע מוז מען זיך קריגן, לעמאָשל.

פ ו נ ד ר וי ס נ. נאָר ניט כאסמענען, נאָר ניט כאסמענען! מיר האָבן שוין אוועקגעשיקט צו ציפּערלען אויך, זי זאָל ניט לאָזן דעם מאן, ר' פּינכעסן, כאסמענען. נאָר ניט כאסמענען! ניין, ניין! און צוריק געבן דאָס פּאפּיר די סאָלדאטן טאקע.

ג א וו ר י ע ל ש ע ד. עפּעס הינטישע פּיס האָב איך, מעשונע. קיין שאמעס בין איך נישט, צו באנעצן דעם פּיסק גיט מען נישט, נאָר איך גיי פּאָרט, מעשונע, און וועל ברענגען אהער די סאָלדאטן. זיי זענען בא ליפּשע דער מויד. ווער ווייסט, וויפל זיי האָבן אף קאָהאָל אָנגעטרונקען. איך וועל אויך אף קאָהאָלס כעשבן, מעשונע, א גרויסן טרונק בראָמפן טון, טאקע, טאקע מעשונע א גרויסן. מימאָ־נעפשעך, אז די סאָלדאטן טרינקען בא איר, מימאָ־נעפשעך, מעג איך אויך, מעשונע, א טרונק בראָמפן טון. (ער גייט אוועק. דאָ בלײַבט שטיל. אלע זענען ווי פארטויבט אף עטלעכע מינוט.)

וו ע ל וו ל ג י ל י וו א ט ע. לעמאָשל, איר, ר' פּינכעס, האָט פריִער געזאָגט, אז מיר וועלן אָנארבעטן א צאָרע. לעמאָשל, וואָס מיינט איר דערמיט? ווי זאָגט מען עפּעס: פון א קאָלטענע טוט דער קאָפּ ניט וויי. לעמאָשל, וואָס קאָן דאָ זײַן פאר א צאָרע, לעמאָשל? ווי זאָגט מען עפּעס: פון א כאזער־

שווענצל קאָן מען קיין שטרייַמל ניט מאכן. לעמאָשל, איך בין אַן איבער־געשראָקענער, ר׳ שלוימע ווייסט. נו, לעמאָשל, אַז איר זאָגט, אַז עס קאָן, לעמאָשל, ארויסקומען אַ צאָרע, ווי זאָגט מען עפּעס: אַ שטעקן האָט צוויי עקן, לעמאָשל. נאָר, ר׳ פּינכעס, כ׳לעבן, זאָגט, וואָס האָט איר, לעמאָשל, גע־מיינט דערמיט?

פּינכעס. (הייבט זיך אויף און רעדט הויך, אַז די פון דרויסן זאָלן אויך הערן.) הערט, ראַבויסים! איך בין פון אַ קליין שטעטל, פון טיטיִעוו. נאָר אַז מייַן טאַטע האָט געלעבט און איך בין יינגער געווען, האָב איך די גאַנצע יאָרן אין באַרדיטשעוו מיך געריבן צווישן די גרעסטע לייַט, און האָב מיך אויסגעלערנט רוסיש און יידיש שרייַבן און לייענען. איך האָב מיך גענוג אָנגעהערט צווישן די בראָדער און צווישן אַנדערע מענטשן, וואָס זענען געניט און וואָס זענען געווען אויף דער וועלט אין אַנדערע מעדינעס, אַכוץ אין פּעטער־בורג און אין מאָסקווע. מיר יידלעך אין קליינע שטעטלעך קענען נעבעך גאָר־נישט און ווייסן גאָרנישט, דעריבער מעג איך אייַך זאָגן, אַז איר פאַרשטייט דאָ ניט, וואָס דאָ איז. מיר מיינען, דאָס איז אַ גזיירע, אַנדערע גרעסטע לייַט זאָגן, אַז דער קייזער האָט יידן דערמיט אַ כעסעד געטון, קעדיי יידן זאָלן דערמיט האָבן גלייַך רעכט און אַ כאַזאָקע אין דער מעדינע, יידן זאָלן ניט זייַן ווי גיירים אין דער מעדינע. מיר ווייסן לעסאַטע נאָך ניט, וואָס דערפון וועט ווערן, נאָר סייַ־ווי־סייַ טאָרן מיר ניט זייַן אַקעגן ראָצן האַקייזער, יר״ה. אונדזער דין־טוירע זאָגט אונדז, אַז: דינא דמלכותא דינא — אויף פּראָסטע יידיש הייסט דאָס, אַז וואָס דער קייזער, יר״ה, הייסט, מוז מען אַקוראַט אַזוי פאָלגן, ווי אַנדערע מיצוועס, וואָס שטייען אין דער טוירע. נאָר פאַרשטייט איר מיך, אַז עמעצער וויל ניט פאָלגן עפּעס אַ מיצווע אָדער ער טוט אַן אַווייַרע אַקעגן דער טוירע, וועט אים השי״ת שטראָפן. ווער עס פאָלגט אָבער ניט, וואָס דער קייזער הייסט — אַכוץ, וואָס גאָט וועט אים שטראָפן — וועט ער געשטראָפט ווערן טייקעף טאַקע. כאַס־וועכאָלילע, אַז איר וועט מיט אייַער אַקשאָנעס ניט וועלן געבן קיין רעקרוטן, וועט איר מיט געוואַלד געבן, און קאָהאָל וועט מוזן שטראָף צאָלן, — אַכוץ וואָס מע וועט זיי עפּשער אַוועק־שיקן קיין סיביר. איך ווייס, אַז פון דער נייַ איז דאָס ביטער; איך ווייס, אַז יידן זענען ביז אַהער פרייַ געווען פון רעקרוטן, איז אויף אַמאָל זייער שווער צו דערטראָגן אַ יידיש קינד אַוועקצוגעבן פאַר אַ רעקרוט. פאַרגעסט אָבער ניט, אַז די גזיירע איז שוין; וואָס וועט דאָ העלפן אייַער ניט־וועלן? מיר רייַסט מייַן האַרץ, איך פיל דאָס גאַנץ גוט, וואָס דאָס ביטערניש איז, אַ מאַמע זאָל איר זון מוזן אַוועקגעבן, אָדער פאָטער און מוטער זאָלן זען זייער קינד אַוועקנעמען פאַר אַ רעקרוט. (פון אינעווייניק און פון דרויסן הערט מען אַ גרויס געוויין, אַז פּינכעס קאָן ווייַטער ניט רעדן. ער וויינט אויך. דאָס דויערט עטלעכע מינוט. עס ווערט שטי־לער, רעדט ער ווייַטער.) נאָר פאַרגעסט ניט, אַז עס קאָן נאָך, כאָלילע, ערגער

ווערנ. דער זאקאָנ איז, אז די פארנעס־כאדאָשימ, וואָס פאָלגנ ניט, נעמט מענ זיי אוועק פאר רעקרוטנ. נו, פארשטייט איר, אינ וואָס פאר א סאקאָנע איר ברענגט די שטאָט, אינ וואָס פאר א סאקאָנע איר ברענגט די פארנעס־כאדאָשימ דורכ דעמ, וואָס אייַכ דאכט זיכ א נארישקייַט, אז נאָר אינ אייַער כסימע איז׳ס געווענדט? מער וויל אייַכ ניט זאָגנ.

**ב ר אָ כ ע.** (האָט געהאט איינעמ נעבנ זיכ, וואָס האָט איר אינ אויער ארייַנגעזאָגט אלצ, וואָס פינכעס האָט דערציילט אונ געזאָגט. אז זי האָט דערהערט פונ סאקאָנע, טוט זי זיכ א שטופּ דורכ אלע אונ לויפט ארופ ביז אויוונאָנ, צומ מאנ, מיט ביידע קולעקעס.) הערשטו, סלוימע, דו וועשט פאר־אוואדע געסעדיקט ווערנ, אז דו וועשט דיכ ניט כאשמענענ! וואָש, איכ זאָל האָבנ א מאנ א נעקריט? ניט דערלעבנ זאָל[נ] דאָש די שאָנימ! זארעש זאָלשטו בעטנ די מאָשקוויטער, זיי זאָלנ ווארטנ ביז נאָכ האוודאָלע אונ דו זאָלשט דיכ כאשמענענ. דייַנ לעבנ איז קיינ לעבנ ניסט. איכ וועל דיכ אוישרייַשנ, איכ וועל דיר דעמ טויט מאכנ, מעסוגענער הונט! וואָש? דו ווילשט דיכ ווארפנ אינ פייַער ארייַנ? אָ, איכ וועל אליינ בעטנ די מאָשקוויטער, וועלנ זיי ווארטנ. אונ דו מושט דיכ כאשמענענ. הערשטו, מעסוגענער הונט, יימאכ־וועזיכרוי זאָלשטו ווערנ! (זי לויפט אוועק אונ וויל גייַנ אקעגנ די סאָלדאטנ, דערווייַל קומט ארייַנ גאווריִעל שעד מיט די צוויי סאָלדאטנ: איינער א גאנצ הויכער, א שווארצער, מיט א לאָכ אינ דער באק, דער אנדערער א קליינער מיט אנ אָפגעשאָסענער האנט. די סאָלדאטנ זענענ ניט שטארק שיקער, נאָר גאווריִעל שעד איז זייער שיקער.)

**ג א וו ר יִ ע ל ש ע ד.** מעשונע, האָבנ שוינ די סאָלדאטנ געוואָלט צוריקגייַנ אינ גאָראָד ארייַנ, האָב איכ זיי אפ מאָסקוויטעריש טאקע געזאָגט, אז כאָטשע קאָהאָל וויל זיכ ניט כאסמענענ, מעשונע גאָר... (ער הייבט אָנ צו פאלנ פונ די פיס) א רועכ אינ ליפשעס טאטנ ארייַנ! זי האָט מיר, מעשונע, געגעבנ פונ דער האנט דעמ טרונק בראָמפנ. ליפשענ די מויד זאָל, מעשונע, טאקע, טאקע אינ איר טאטנ א רועכ רייַנ... (ער קאָנ ווייַטער ניט.)

**וו ע ל וו ל ג י ל י וו א ט ע.** (שפרינגט אפיר פונ הינטערנ טיש אונ פארטשעפעט מיט א העקעלע פונעמ ארבל דאָס טישטעכ אונ שלעפט אלצ מיט זיכ אונ האָט גאָרניט צייַט. שיט ער אויס אלע ברעקלעכ מיט אלע שאָלעכצנ ארופ אפ די ייִדנ, וואָס שטייענ דאָ. ער וויל אָפטשעפענ אונ קאָנ ניט, מאכמעס קאעס, מוז ער דאָ טאקע אזוי מיט אלעמ אָנגעטשעפעטערהייט רעדנ.) לעמאָשל, א רועכ אינ דייַנ טאטנ ארייַנ, דו שיקעריסקע! ווי זאָגט מענ עפעס, לעמאָשל: פאר א געשלאָגענעמ הונט טאָר מענ קיינ שטעקנ ניט ווייַזנ, — א רועכ אינ דייַנ טאטנ ארייַנ! לעמאָשל, נאָכ וואָס האָט ער געדארפט זאָגנ, לעמאָשל, אז קאָהאָל וויל ניט כאסמענענ? ווי זאָגט מענ עפעס: מער געהארט, מער גענארט. אזא שעד, אזא שיקעריסקע, לעמאָשל, דארפ זאָגנ די סאָלדאטנ, אז קאָהאָל וויל זיכ, לעמאָשל, ניט כאסמענענ. אפ מיר ציטערט די הויט, לעמאָשל, בראָכע! (ער גייט צו צו בראָכענ אונ שלעפט דעמ טישטעכ מיט זיכ.) וואָס, איר וועט, לעמאָשל, דאָס שווייַגנ? (ער ראמט איר אינ אויער ארייַנ.)

ב ר אָ כ ע. (דערשרעקט זיך און גייט מיט וועלוולען איניינעם צו צום מאַנ.) דייַנ לֿעבֿנ וועט קיינ לֿעבֿנ ניט זייַנ, איך וועלֿ דיך אוישרייַשנ, מעסוגענער הונט! קום, וועלנ מיר בעטנ די מאָשקוויטער, זיי זאָלנ ווארטנ ביז נאָך האוודאָלע. איך וועלֿ זיי סענקענ א האלבֿ ברויט און ראָשלֿ פונ אוגערקעש, וועלנ זיי סוינ ווארטנ. ו, גיי סוינ. באַגראָבֿנ זאָלֿ איך דיך, איך וועלֿ דיך אוישרייַשנ. זאָג, סלוימע, זיי צו פונ קאָהאָלֿ עפּעש. סיקערישקע! א סעד איז טאקע א רועך. וואָש האָט אזא סעד די מאָשקוויטער געדארפט זאָגנ, אז קאָהאָלֿ ווילֿ זיך ניט כאשמענענ? (זי גייט צו צו די סאָלדאטנ און זאָגט זיי עפּעס שטילֿערהייט. וועלוול גיליוואטע און שלֿוימע פּסיאיאָכע שושקענ זיך אויך מיט די סאָלדאטנ.)

ג א וו ר יִ ע לֿ ש ע ד. (האלט זיך שטארק צו בא דעמ טיש און רעדט מיט קויעך.) מעשונע, מעג מענ העטער־איסקע, און שיקעריסקע טאָר מענ ניט, מעשונע, פאר־וואָס? איך בינ גאָרניט קיינ שאמעס, נאָר אז קאָהאָלֿ הייסט, גיי איך. לֿיפּ־שענ דער מויד זאָלֿ א רועך אינ איר מאמענ אריַינ! אז זי האָט מיר געגעבֿנ פונ דער האנט, האָט זיך מיר דער קאָפּ פארדרייט, אָבֿער שיקער בינ איך, מעשונע, ניט שיקער. (ער ווילֿ צוגיינ צו די סאָלדאטנ, שלֿוימע פּסיאיאָכע לֿאָזט אימ ניט. זיי ראנגלענ זיך בײדע, ביז גאוורִיעלֿ שעד פאלט ארופּ אפּ א בענקלֿ און צעבֿרעכט דאָס בענקלֿ.)

ד י ס אָ לֿ ד א ט נ. (זענענ קלוג, און ווי זיי זעענ, אז אלֿע בעטנ זיי, זיי זאָלנ ווארטנ ביז נאָך האוודאָלע, זאָגנ זיי: נייג, און ווייַזנ, אז זיי מוזנ צוריקגיינ אינ גאָראָד אריַינ.)

ב ר אָ כ ע. (הייבֿט אָנ צו שרייַענ גאָרניט מיט איר קאָלֿ, און טשעפּעט אָפּ דעמ טישטעך פונ וועלוול גיליוואטעס העקעלע אינ איינוועגס.) געוואלד וועלֿ איך סרייַענ, וואָש ווילֿ די סטאָט האָבֿנ פונ מיר? אָט ווילֿנ די מאָשקוויטער צוריקגיינ אינ גאָראָד אריַינ און אוישזאָגנ, וועט מענ מייַנ מאנ אוועקסיקנ אפּנ שיבֿיר. וואָש ווילט איר, די סטאָט זאָלֿ בלייַבֿנ אָנ א קאָפּ? אָך איז מיר, איך בינ דאָש גאָרניט מויסע־מעכויעוו. סלוימע, ווארפ דיך אָפּ פונ פארנעש־כוידעסאפּט! איך זאָג דיר, איך וועלֿ דיך אוישרייַשנ. גענוג געוועזנ פארנעש־כוידעס, אז דו בישט דער קאָפּ פונ דער סטאָט! נו, וואָש סווייַגשטו? וואָש סווייַגט איר, ראבֿוי־שימ? מייַנ מאנ זאָלֿ זייַנ א נעקריט, וואָש? (זי רייַסט זיך בא דעמ פּאָנעמ און שרייַט געוואלד) געוואלד, געוואלד!

ש לֿ ו י מ ע פּ ס י א י אָ כ ע. (מיט א וויינענדיק קאָלֿ.) וואָס זענט איר אויסנ אפּ מייַנ לֿעבֿנ? און איר, וועלוול, וועט אויך גיינ קיינ סימבֿיר. ראבֿויסימ, פאר־שלֿיסט די טיר, די סאָלדאטנ זאָלנ ניט אוועקגיינ.

יִ ס ר אָ לֿ י ק ד ע ר אָ ק ר ײַ נ ע ר. אָט פּאָלגט מיך, לאָמיר גיינ צו ר׳ ארענענ, ער וועט אנ אייצע געבֿנ, ווי אזוי די סאָלדאטנ איַינצוהאלטנ. (ער הייבֿט זיך אופּ און גייט פריִער אוועק.)

א לֿ ע. יאָ, צו ר׳ ארענענ, יאָ, צו ר׳ ארענענ. (די גאנצע האָלֿאָטע גייט צו ר׳ ארענענ. די סאָלדאטנ בלייַבֿנ מיט בראָכענ.)

בּראָכע. (גייט אינ אלקער ארײַנ און ברענגט ארײַנצופירנ די שנור ציוויענ.) סטאָצ, דו הערשט, אז אפ מיר איז אזא צאָרע, מע וויל דעם סוווער אוועקסיקנ אפנ שיביר אָדער אוועקגעבנ פאר א נעקריט, און דו האָשט אזא געזונט הארצ און קומשט ניט ארײַנצוגיינ? און אז מע וועט דײַנ מאנ נעמענ פאר א נעקריט, וואָש וועשטו טונ, הא? נאָר א שוינע אינ סטוב איז א סנור.

ציוויע. (גאָר א יונג ווײַבל, הויכ געוואקסנ. זי איז אפילע שיינ, נאָר זייער מעוּבערעס, איז דאָס פּאָנעם פול מיט פלעקנ. שווארצע אויגנ, שווארצע ברעמענ, א קליינ מײַלעכנ, גייט אָנגעטונ אינ א זײַדנ מונדירל, א נײַס, א ווײַס מושלינענ פארטעכל, א קליינ שמאָל ראצימאָרנ ברוסטיכל, באלייגט מיט שפּאנירלעכ, א קאניק מיט אנ אויבל, און א מאָדנע שלייערל מיט א רויט יאמפּירקעלע, א שמאָלס, מיט א שטערנטיכל. פארקרימט, נעבעכ, דאָס פּאָנעם, ווי א מעוּבערעסע, וואָס איז אפ דער צײַט.) וואָס ווילט איר, שוויגער, איכ האָב ניט געקענט ארײַנגיינ, ווי איר, אז אזויפיל פרעמדע ייִדנ זענענ אינ שטוב. און הערש־לייב האָט מיכ ניט געלאָזט. ער האָט געזאָגט, די מאמע רײַסט זיכ דאָרטנ, לאָז זי זיכ רײַסנ, און דו זיצ דאָ מיט מיר. אָט איז ער, לאָז ער זאָגנ.

בּראָכע. וואָס קוקשטו אפ אים? פרעג אים, זאָל מענ דעם טאטנ הארגענענ, און די מאמע אפ טויט הארגענענ, ארט אים ניסט. דו בישט דאָכ אָבער די קלוגע, נו, ווי האָט מענ אזא טאָטעריש הארצ, גאָרניסט ארײַנצוקומענ?

הערש־לייב. (א געזונטער יונג, מיט א קליינ בערדל, א הויכער, מיט שווארצע אויגנ, נאָר זיי ווײַזנ אויס פונ נארישע אויגנ. צוויי גאנצ לאנגע פייעס, גלײַכע. דאָס בערדל און די פייעס זײַנענ געלבלעכ. א ברייט פּאָנעם מיט בלייכע באקנ, א ברייט מויל מיט זייער גרויסע ציינ, און די צוויי הענט הענגענ אראָפּ. ער גייט אינ א ראצעמאָרע פּיאָס מיט איינ סטראָקע, א נײַע זשופּיצע און א נײַ שטרײַמל. אונטער דעם שטעקט ארויס אנ אלטע יארמיקע, פול מיט פעדערנ. א גארטל א שמאָלנ, א זײַדענעמ, מיט א ווײַסנ פּאס, נאָר די קרײַקע, וואָס ער האָט פאר אנ אונטערגארטל, האָט זיכ גאָר אָפּגעטונ פונ דעם אייבערשטנ גארטל, האָט׳ס א פּאָנעם ווי צוויי גארטלענ, באזונדער דער זײַדענער און באזונדער דער קרײַקענער. אינ שיכ מיט זאָקנ,ביידע צעריסנ.) ווייסטו, מאמע, מײַנ ווײַב איז שענער פונ דיר און איז מעוּבערעס אויכ, און דו נישט. אז איכ האָב זי געדארפט האָבנ אינ אלקער, זאָל זי זיצנ, וואָס שרײַסטו אפ איר? זי איז מײַנ ווײַב, ניט דײַנ ווײַב, און פּאָטער.

בּראָכע. (האָט האלב ניט געהערט, דערצו איז ער דאָכ איר אייגענער נאר, מאכט זי זיכ ניט וויסנדיק און רעדט מיט די מאָסקוויטער. און די מאָסקוויטער ווילנ אלצ אוועקגיינ, זי לאָזט זיי נישט.) וואָש וועל איכ טונ, געסעדיקט זאָלשטו ווערנ מיט דײַנ טאטנ, דעם מעסוגענעמ הונט! די מאָשקוויטער ווילנ צוריקגיינ אינ גאָראָד ארײַנ. איכ וועל געוואלד סרײַענ אינ די גאשנ.

הערש־לייב. נאָכ וואָס האָסטו דיכ פארקאָכעט אינ די מאָסקוויטער! לאָזנ זיי גיינ צו אלדע רוכעס! אנומלט איז א מעלאמעד געלאָפנ און האָט געוויינט, אז מע האָט אים ארײַנגעשטעלט צוויי מאָסקוויטער. לאָזנ זיי גיינ, און פּאָטער! (ער עפנט די טיר, די מאָסקוויטער זאָלנ ארויסגיינ.)

בראָכע. (שלאָגט זיכ אינ קאָפּ אַרײַנ אונ שרײַט געוואלד.) געסעדיקט זאָל ער ווערנ מיטנ פאָטער, דעם מעסוגענעם הונט. געוואלד, געוואלד!

ציוויע. הערש־לײב, נאָכ וואָס לאָזטו ארויס די מאָסקוויטער? אז די מאמע זאָגט נײנ, אונ בעט, מענ זאָל ניט לאָזנ אוועקגײנ, מינאסטאם דארפ מענ אזוי. פאָלג מיכ, אונ לאָז זײ ניט ארויס.

הערש־לײב. (פארשליסט ווידער די טיר אונ שטעלט זיכ אקעגנ די מאָסקוויטער, זײ זאָלנ ניט ארויסגײנ. דערווײַל זענענ מענטשנ געקומענ צו לויפנ, וואָס האָבנ געהערט דעם געוואלד פונ בראָכענ. קאָנענ זײ ניט אַרײַנ, גײענ זײ צו די פענצטער אונ קוקנ אַרײַנ.) נאָכ וואָס האָסטו, מאמע, געמאכט א געוואלד? דעריבער האָב איכ דיכ ניט געפאָלגט. אז ציוויע האָט געזאָגט: הערש לײב, לאָז ניט, לאָז איכ ניט אונ פאָטער!

די סאָלדאטנ. (זעענ אונ פארשטײענ ניט, וואָס דאָ טוט זיכ. גײענ זײ צו אונ טוענ א וואָרפ הערש־לײבנ פונ דער טיר אונ עפענענ אונ לויפנ ארויס. בראָכע מיט הערש־לײבנ לויפנ נאָכ.)

## 2. נאָכאמאָל ניביוואלע, בא דעם נאָגיד ר' ארנ. טאקע דעם אײגענעם שאבעס נאָכנ טיש.

(א הויפל, ניט ווײַט פונעם פאלאצ, ווו דער סאָר, דער גראפ ניביוואלסקי אלײנ זיצט. פונ פאָרנט איז שטראכעטנ פונ פרוטעס, שײנ אונ געדיכט געפלאָכטנ. א טויער אונ א קלײנ טירעלע. ווײַט אונ ברײט איז דער לײדיקער פלאצ אינ הויפ. אפ אײנ זײַט ליגט געהאקט האָלצ אונ שטײענ וועגנ, וואָס מע פירט הײ, א טעליגע מיט א פאס וואסער. אפ דער אנדערער זײַט זײַנענ סטײַנעס, אפ פערד אונ אפ קארעטעס אַרײַנצושטעלנ; אלצ מיט טויערנ. טיפ אַרײַנ איז א שײנ געבײַ מיט א שינדלענעם דאכ, מיט אסאכ פענצטער. פאר די פענצטער איז א גאָרטנדל, מיט צאצקעס געזעצט אינ בײטנ אונ א טײל אינ וואזאָנעס, זײער שײנ. א קלײנ פידאשעקל מיט געטאָקטע פרלײבינ [פרילעוונ?] אונטער א דעכעלע. בענקלעכ הילצערנע, געבויטע, לאנגע, בא די זײַטנ. דערנאָכ קומט מענ פונ דעם פידאשעקל אַרײַנ אינ א הײַזל. פונעם הײַזל איז א טיר אינ א גרויסער סאלע אַרײַנ. זײער שײנ געמאָלטע ווענט מיט א סטעליע. די ברעטער, וואָס איז אויסגעברוקירט, זײַנענ רײנ אָפּגעוואשנ. דאָ שטײענ בענקלעכ, איבערגעצויגנ מיט ציצ, א גרויסער קײַלעכדיקער טיש. א זײגער הענגט אפ דער וואנט, אונ אפ איטלעכער וואנט איז א שפיגל. קלײנע טישלעכ שטײענ לעבנ איטלעכנ שפיגל. פאר די פענצטער זענענ ציצענע פירהאנגענ, אזא ציצ ווי [בא] די בענקלעכ. דאָ שפילנ זיכ צוויי קלײנע שײנע מײדלעכ. א ניאנקע, א שיקסע מיט אסאכ פאטשערקעס, גיט אכטונג אפ די קינדער. אקעגנ דער טיר, אינ דער אנדערער שטוב אַרײַנ, הענגט א גאנצ גרויסער שפיגל. אונ נאָכ פאָקאָיעס אונ פאָקאָיעס. דאָ, צו די קינדער, קומט פונ די פאָקאָיעס ארויס פערעלע. זײער א שײנע, הויכ געוואוקסיק, אינ א גרויס שטערנטיכל, אפ דעם ווײַסנ האלדז אײנ שנור זײער גרויסע אָרלעאנסקע פערל. אָנגעטונ אינ א זײַדנ שלאָפּרעקל, א בלאָס. די פינגער פונ די ווײַסע הענט מיט גוטע דימעטענע פינגערלעכ. זי האָט א פאָנעם פונ א יאָר אכט אונ צוואנציק ביז דרײַ־

סיק, ניט מער. זי גייט צו צו די קינדערלעך און קושט זיי. די יִינגסטע, יִטעניו, הענגט זיך אָן אין איר. זי נעמט דאָס קינד אפ דער האנט און זעצט זיך נעבן א פענצטער, מיט א ביכל אין די הענט, לייענען. באלד דערויף קומט אריין ר׳ א ר ן ק ל ו ג ע ר, ניט הויך געוואקסן, אזוי ווי פון זעקס און דרייַסיק יאָר. א שיין שווארץ בערדל און קליינע שווארצע פייעלעך, א שיין געזונט פּאָנעם, א ווייַס, מיט רויטע באקן, א לאנגע שפּיציקע נאָז, צוויי זייער קלוגע שווארצע אויגן. אין א שווארץ ראצעמאָרענער קאפּאָטע, מיט זייַדנווארג אונטערגעשלאָגן, געלע נענקינע הויזן, מיט שטיוול גלאנצנדיקע. און א זשילעט מיט א ווייַס האלדזטיכל, מיט א זייגערל זעט מען [ארויס], ווייַל די קאפּאָטע איז אָפן. [גייט אָנגעטון] אין א שווארצער רייַנער יארמיקע. ווי ער קומט אריַין, לויפט דאָס עלטערע מיידעלע צו אים צו. ער קושט זיך מיטן קינד און זעצט זי אפ א בענקל אנידער נעבן זיך. ביידע זיצן נעבן פערעלען.)

א ר ן. איאָ, די מאמעס, וואָס די קינדער הייסן נאָך זיי, האָבן אמאָל ארום זיך געהאלטן: דייַן מאמע דיך, און מייַן מאמע מיך. הייַנט זענען ביידע, נעבעך, פאר דער צייַט געשטאָרבן. זיי זאָלן אָבער אצינדערט לעבן, וואָלטן זיי האנאָע געהאט. דייַן מוטער האָט! כאָטשע עטלעכע יאָר געלעבט נאָך אונדזער כאסענע, און דער טאטע האָט שוין געזען, אז אונדזער קינד הייסט נאָך דער מאמע. מייַן פאָטער און מוטער, נעבעך, האָבן גאָרניט דער־לעבט. אזוי גייט די וועלט, און אזוי בייַטן זיך די מענטשן. מיר קאָנען דאָס גאָרניט דערקלערן, און דאָ הערט אוף אונדזער סייכל. (ער גיט א זיפץ און גיט א קוש דעם קינד און דעם אנדערן קינד.)

פ ע ר ע ל ע. און איך מוז נאָך זאָגן עפּעס מער, אז דאָס, וואָס דייַן טאטע־מאמע זענען אזוי פרי געשטאָרבן, איז געוועזן פאר דיר א גרויסע טויווע, וואָרין זיי זאָלן ביידע געוועזן לעבן, וואָלסטו ניט מעגולגל געוואָרן קיין ווארשע, וואָלסטו געבליבן א ניביוואלער יִידעלע. צו פערצן יאָר וואָלסטו כא־סענע געהאט, און איך וואָלט ניט געהאט קיין ארן. עפּשער וואָלסטו געוואָרן איינ יִיסראָליק דער אָקרייַנער, אָדער א שלוימע פסיאיאָכע גאָר. און איך זאָל ניט דורך גאָטס האנט געוועזן דיר פאר א ווייַב געגעבן ווערן, ווער ווייסט, עפּשער וואָלט איך געהאט א הערש־לייב פאר א מאן, ווי ציוויע נעבעך. נאָר ניין, איך בין ערלעכער געוועזן און עפּשער קליגער אויך אביסל. לאָמיר ניט קלערן, ליבער מאן, לאָמיר בעסער האנאָע האָבן, ווי גאָט האָט געפירט, און בעטן גאָט, ער זאָל אונדז שענקען דאָס לעבן, אונדזערע קינדערלעך צו קע־נען מעגאדל זייַן, אזוי ווי מיר ווינטשן. איקער־שאָכאכטי, זאָג מיר, איך בעט דיך, וואָס איז דאָס פאר א ליארעמ אין שטעטל, אז כוץ די רעקרוטן וועט מען יִידישע מיידלעך נעמען אין די פאבריקן ארייַן, דעריבער ווילן יִידן אָנ־הייבן פּיצינקעלעך מיידלעך כאסענע צו מאכן. עפּעס זאָגן זיי, ווי אין דער רע־דיקציע, ווי ס׳איז געוועזן בעשאס רעדיקציע. איך פארשטיי ניט ביידע זאכן. איך בעט דיך, זאָג מיר, וואָס הייסט דאָס? דו ווייסט דאָך אלץ, איך בעט דיך.

ארן. דאָס ערשטע איז א ליגן, א פראָסטע ליגן. נאָר אונדזערע ייִדלעך אין דער מעדינע זענען אזוי גראָבֿ, אזוי נאריש, און קאָנען נאָך ניט אפילע א וואָרט לייענען, אז מע קאָן זיי פירזאָגן אלע שקאָרים. דער, וואָס ווייסט, נעבעך, גאָרנישט, מיינט, אז דער רעבֿע, דער גוטער־ייִד, — וואָס זיי רופן „גוטער ייִד״; בעעמעס אַבֿער זענען די רעבֿעס, וואָס איך קאָן עטלעכע, ניט גוט און ניט ייִד — ווייסט אלץ. דער רעבֿע איז אָבֿער נאָך אָנווייסנדיקער פון זיי, דעריבֿער פלוידערן די גוטע־ייִדן, און די פראָסטע גלייבן און זאָגן נאָך. וואָלטן זיי עפּעס געוווּסט פון רוסיש אָדער אן אנדער לאָשן לייענען, איז אין די צײַטונג קלאָר צו זען, אז דאָס, וואָס זיי האלטן פאר א גזיירע, איז, פארקערט, א כעסעד פונעם קייזער, יר״ה. אז דער קייזער הייסט, א מיידל ווייניקער פון אכצן יאָר און א ייִנגל ווייניקער פון צוואנציק יאָר זאָל[ן] ניט טאָרן כאסענע האָבֿן, מוז מען אים ניט הארציק דאנקען דערפאר? דער אוקאז איז אָבֿער נאָך ניט ארויסגעקומען, און עפשער וועט מען דריינען עפּעס אנדערש מאכן מיט די יאָרן, עפשער זעכצן און אכצן יאָר. קען דען ניט אזוי צו זײַן, און אפילע אלפי דין־טוירע? בא די בעהיימעס בעצורעס אָדעם איז אלץ א גזיירע. אזוי איז אין טיף רוסלאנד א גזיירע בא די רוסן, אז מע הייסט אים מאכן א קוימען, דער רויך זאָל ארויס. ניין, דאפקע א כולע שטובֿ מיט רויך, דאפקע דערשטיקט צו ווערן, און צו ליגן אף דער ערד ביז דער רויך ציט זיך ארויס דורך א פענצטערל, וואָס איז פארשטופט מיט שטרוי. שלאָגן מוז מען זיי, אז זיי זאָלן לאָזן קוימענס מאכן. א ביטערע גזיירע, א געוויין! בלינד ווערן, קראנק ווערן, שטארבן פון טשאד און פון רויך, נאָר ניט אנדערש קאָן ער באשטיין! אזוי איז געווען אין דײַטשלאנד, אז מע האָט די קארטאָפלעס צום ערשטן מאָל געהייסן זייען, קעדיי אז קאָרן געראָט אמאָל נישט, זאָל מען קאָנען האָבֿן די קארטאָפלעס, וואָס איז זייער גרינג צו האָבֿן מיט ווייניק ארבעט. נו, אזא טויווע האָט בא דעם פראָסטן גראָבֿן מענטשן געהייסן א גזיירע. אקוראט איז דאָס אויך אזוי: ייִדן זענען נעבֿעך אָרעם און מאכן דאפקע כאסענע צו דרײַצן יאָר. טאָר מען דאָס? דעריבֿער איז דאָס א כעסעד: דער קייזער הייסט, אז דאפקע אכצן יאָר און צוואנציק יאָר, אָדער דאָס מיידל זעכצן יאָר, ווי דו, מײַן טײַערע פערעלע, ביסט געווען, און דער מאנצבֿל אכצן אָדער מער. וואָס זיי זאָגן דאָס וואָרט „רעדיקציע״, איז אויך אזא מײַסע. נאָך פאר פוילן, האָט דער פוילישער סענאט געוואָלט מאכן פאר ייִדן די אייגענע גזיירע, אז דאָס מיידל [צון] אכצן און דאָס ייִנגל [צון] צוואנציק יאָר זאָל מעגן כאסענע האָבֿן. האָבֿן די נאראָנים אָנגענומען די טאקאָנע פאר א ביטערער גזיירע און מע האָט, געשווינד, געשווינד, קליינע פיצעלעך קינדער פון אכט יאָר כאסענע געמאכט. דאָס הייסט „רעדיקציע״.

**פערעלע.** אז דו זאָגסט מיר, פארשטיי איך. זאָג מיר נאָך עפּעס, און דאָס, וואָס מע זאָל נעמען ייִדן פאר נעקריטן, אָדער פאר סאָלדאטן, ווי דו רופסט'ס, איז דאָס אויך ניט קיין גזיירע? דאָס איז דאָך אוודע א ביטערע גזיירע.

**ארנ.** ניין, פערעלע, די זאך מוז מען אנדערש פארשטיין. אונדזער קייזער, יר"ה, ווי איך מיין, וויל אין זײַן מעדינע, אלע אומעס, וואָס ווױנען אין זײַן אימפּעריע, גלײַך מאכן, און איטלעכער זאָל גלײַך א רעכט האָבן צו ווױנען אָדער צו האנדלען אומעטום. ניט אזוי ווי ביז אהער איז געוועזן, אז אין פופצן גובערניעס נאָר האָבן ייִדן געמעגט ווױנען און האנדלען. פארשטייסט זיך, אז דער, וואָס וויל א גלײַכן רעכט האָבן ווי יענער, מוז נושא בעול המדינה זײַן, גלײַך ווי יענער. הײַנט גיבן ייִדן אָבער נישט קיין רעקרוטן, דעריבער הייסט דער קייזער, אז ייִדן זאָלן אויך געבן רעקרוטן, וועט שוין א רעכט זײַן, אז זיי זאָלן מעגן גלײַך מיט יענע אומעטום ווױנען און אומעטום האנדלען. אז דו קויפסט דיר א שטאָט אין שול, צאָלסטו פריִער געלט, דענצמאָל האָסטו א רעכט צו זיצן און צו שטיין אף דײַן שטאָט. מיר דארפן און מוזן גלויבן אונדזער קייזער, יר"ה, אז דורך דעם, וואָס ייִדן וועלן געבן רעקרוטן, וועט ער זיי גלײַך מיט אלע געבן א פּראוועו צו האנדלען און צו ווױנען אומעטום. דאָס דארף א מענטש פארשטיין אליין.

**פערעלע.** דערווײַל איז דאָך אָבער זייער שלעכט דער מאמע מיטן טאטן, אז מע נעמט בא זיי אוועק א קינד. ווײ איז מיר, סטײַטש, א קינד אוועקנעמען! אז איך דערמאָן מיך דרינען, ווי אזוי וואָלט מיר געוועזן, כאָס־ועשאָלעם, עמעצער זאָל וועלן מײַן קינד אוועקנעמען, — איך 'אָלט געשטאָרבן פאראַגעוויס. וואָס העלפט מיר דאָס, וואָס מע נעמט בא יענעם אויך? איז יענעם אויך פינצטער. אָבער מיר איז דאָך זייער שלעכט, שלעכטער פון אלע אנדערע אומגליקן פון דער וועלט.

**ארנ.** איך וועל דיר גאָר קורץ ענטפערן, וואָרינ ייִסראָליק דער אָקרײַנער, זע איך, קומט אָנצוגיין. עפּעס קומט ער קיינמאָל ניט שאבעס, און אצינד יאָגט ער זיך. עס מוז עפּעס נײַעס זײַן. (אין דעם קומט ארײַן ייִסראָליק דער אָקרײַנער.)

**ייִסראָליק דער אָקרײַנער.** גוט־שאבעס אײַך! איך בין אומיסנע פריִער געקומען, איר זאָלט וויסן, וואָס דער גאנצער אוילעם וויל פון אײַך. אָט באלד וועלן זיי אָנקומען.

**ארנ.** וואַרט נאָר אביסל, ביז איך וועל פערעלען דערקלערן עפּעס, עפּשער וועט'ס אײַך אויך צונוץ קומען. פערעלע, איאָ, מיר זיצן דאָ גאנץ רוהיג און האָבן עטלעכע גילדן אונדזער אייגנס. איז'ס אונדזערס, קיינער טאָר באם אנדערן ניט אוועקנעמען, כאָלילע, און אז א שלעכטער מענטש וויל אחעק־גאנווענען אָדער גאזלענען בא איינעם זײַן פארמעגן, ווערט ער באשטראָפט.

פאַרוואָס איז דאָס אַזוי? ווײַל ס'איז דאָ א תקון־המדינה און א פּאָליציע, א
מאַגיסטראַט און א גובערנאַטאָר אוכעדוימע, די היטן אונדז אַלע אָפּ פון גע־
נייוועס און פון גזיילעס און אַפילע פון אוולעס, קיינער זאָל דעם אַנדערן
קיין שום אוולע ניט טון. ווייסטו, ווער זיי אַלע און אונדז אַלע היטן? די
סאָלדאַטן. אז מיר זאָלן ניט האָבן אַזויפיל סאָלדאַטן מיט פּאָלקן מיט יענע־
ראַלן, וואָלטן די פראַנצויזן אָדער אן אַנדער סוינע אַלץ אַוועקגענומען, גאָר
אונדז, מיט אונדזער פאַרמעגן, מיט די פּאָליציעס, מיט די מאַגיסטראַטן, מיט
די גובערנאַטערס. דעריבער מוז מען מילכאָמע האַלטן, מע זאָל ניט לאָזן דעם
סוינע אַרײַן אין דער מעדינע. פרעגט מען, ווער זאָל גיין מילכאָמע האַלטן פאַר
אונדז? מיט דעם דערעכ־האַטעווע דאַרפן אַלע גיין שלאָגן זיך מיט דעם סוינע,
נאָר מע דאַרף אָבער ניט אַזויפיל, עטלעכע הונדערט טויזנט סאָלדאַטן קאָנען
אויך דעם סוינע אין א מילכאָמע בײַקומען. מוז מען א גוירל וואַרפן, ווער
עס זאָל בלײַבן אינדערהיים, און ווער עס זאָל גיין פאַר א סאָלדאַט. דעם
גוירל מאַכט איטלעכס דאָרף, איטלעכע שטאָט צישן זיך טאַקע, און קלויבט
אויס, וועמען צו געבן פאַר א רעקרוט. דעריבער דאַרפן מיר באַטראַכטן די
סאָלדאַטן פאַר טײַערע מענטשן, וואָס גייען אין דער מילכאָמע אַרײַן פון
אונדזערטוועגן. דאָס איז ניט גענוג, וואָס מע גיט זיי קליידער און זשאַלע־
וואַניע, ניין, זיי גייען דאָך אין א פײַער אַרײַן, זיי שטעלן אײַן זייער לעבן
פון אונדזערטוועגן. הײַנט, פאַרשטייסטו, אז די מאַמע מיטן טאַטן דאַרפן בעשאַס־
מײַסע, אז מע נעמט בא זיי אַוועק א קינד פאַר א סאָלדאַט, וויסן, אז דאָס
קינד גייט טאַקע פאַר זיי, אז ניט וואָלטן דאָך אַלע געמוזט גיין אין דער
מילכאָמע אַרײַן. דאָס איבעריקע וועל איך מיט דיר אן אַנדערט מאָל איבע־
רעדן. נו, ר' ייִסראָליק, וואָס דערציילט איר נײַעס?

ייִסראָליק דער אָקרײַנער. אז אַלע זאָלן אַזוי פאַרשטיין ווי איר,
אָדער כאָטשע ניט זײַן קיין גלאַטע בעהיימעס, וואָס 'אָלט קאָשע געוועזן?
אין די קליינע שטעטלעך זענען אונדזערע ייִדלעך גלאַטע בעהיימעס, נאָר קיין
מילעך גיבן זיי נישט, און אָקסן זענען זיי אויך ניט, אז מע קאָן זיי ניט
טרײַבן קיין וואַרשע. מיך האָט מען נאָך טיש טייקעף גערופן צו ר' שלוימע
פּסיאַקעכע, צום פּאַרנעס־כוידעש, און ניט אָפּגעטרעטן, איך האָב געמוזט טיי־
קעף גיין. קאָהאָל איז געזעסן, און דאָס גאַנצע שטעטל זענען דאָ געוועזן. איר
וועט ניט גלויבן, וואָס דאָרט האָט זיך געטון, אז איך זאָל'ס אײַך דערציילן.
ר' פּינכעס דעם רויטן האָט א מאַלעך אַהין געבראַכט, אז ער זאָל ניט געוועזן
זײַן, וואָלט געקאָנט זײַן א גאַנצער קלאָפּאָט. אונדזער ר' גאַווריִעל שיקער,
וואָס טרינקט אײַך אויס א דריטל בראָמפן פונעם סקאַרב, איז געוואָרן קאָ־
האָל־שאַמעס און איז גוט, טאַקע גוט שיקער. ר' שלוימע פּסיאַקעכע איז געזעסן,
קיין באָרד האָט ער ניט, אָבער אָפּ דעם, וואָס מע זיצט, האָט ער, און דער
קאָפּ זײַנער איז אויך אַזעלעכער. פאַרשווארצט זײַנען ייִדן געוואָרן, אז אַזא

פסיאיאָכעע איז דער פארנעס־כוידעש, און דאָס ווייַב, די טויבע שלאַנג, איז א פּארנעס־כוידעשטע; דער אנדערער ראָש־האקאָהאָל איז וועלוול גיליוואטע מיט זייַן לעמאָשל און זייַנע שפּרעכ־ווערטלעכ, וואָס קומט ניט איינס צום פּיפּטנ. דערצו איז זיכ צומויפגעלאָפּנ אלע מעלאמדימ מיט אלע פון די אונטערגעסלעכ. איכ האָב געמוזט שווייַגנ, אָבער וויינענ און לאַכנ איז זיכ אָנגעגאנגענ. אלע האָבנ געמיינט, אז דער אוקאז, וואָס מע האָט געשיקט פונעם גאָראָד, איז, אז מענ בעט קאָהאָל, אז זיי זאָלנ געבנ א נעקרוט. און אז די סאָלדאטנ, וואָס האָבנ געבראכט דאָס פּאפּיר, האָבנ געהייסנ, עמעצ[ר](נ) פונ קאָהאָל זאָל זיכ אינ ביכל צעשרייַבנ, נו, מיינענ די יידלעכ, בעיִמ זיי וועלנ זיכ אינעמ קליי־נעמ סאָלדאטס ביכעלע ניט צעשרייַבנ, איז דער גאנצער אוקאז פונעמ קייזער קיינ אוקאז ניט. דאָ האָט איר געזאָלט הערנ א געשריי פונ אינעווייניק און פונ אויסנווייניק און פונ דרויסנ. אלע האָבנ געשריגנ: כאסמעט אייַכ ניט! און די טויבע פּסיאיאָכעכע האָט אימ נאָר געשאָלטנ, ער זאָל זיכ לעמאנע־שעמ ניט כאסמענענ. וועלוול גיליוואטע האָט גערעדט פאר פייַער און פאר וואסער: נאָר ניט כאסמענענ, וועט מענ ניט טאָרנ נעמענ קיינ נעקריטנ. א געוויינ, א געשריי: כאסמעט ניט, כאסמעט ניט! ערשט, אז ר׳ פּינכעס דער רויטער, לאנג לעבנ זאָל ער, האָט זיי געגעבנ צו פארשטיינ, אז דער אוקאז איז אָנ זיי אויכ אנ אוקאז, אָנ זייער כסימע איז שוינ אפ זיי גערעכנט א נעקריט, נאָר, א קלייניקייַט, אז זיי ווילנ ניט געבנ, וועט מענ די פּארנעס־כאַ־אָשימ נעמענ פאר נעקריטנ אָדער עפּשער שיקנ קיינ סימביר — אָט דאָ האָבנ זיי זיכ דערשראָקנ.

א ר נ. א ראכמאָנעס, א ביטערע ראכמאָנעס! (ער ווישט זיכ די אויגנ פונ טרערנ.) אזוי בלינד, אזוי אָנוויסנדיק. עפּעס א גליק, אז דאָס איז ניט אינ א גאָראָד, דאָרט וואָלט מענ זיי שוינ גענומענ. נו, וואָס האָט פּינכעס געפּויעלט? זאָגט שוינ.

ייסראָליק דער אָקרייַנער. סטייַטש געפּויעלט, סטייַטש געפּוי־עלט? די בעהיימעס האָבנ זיכ אזוי דערשראָקנ, אז מע האָט געציטערט, און די טויבע פּאסקודניצע איז טאקע שיר מעשוגע געוואָרנ: לעמאנעשעמ, יאָ כאסמענענ, לעמאנעשעמ, נאָר כאסמענענ, טאקע כאסמענענ!

פּערעלע. נו, האָבנ זיי אומ שאבעס געכאסמעט, וואָס רעדט איר?

ייסראָליק דער אָקרייַנער. נייַנ, כאָלילע. נאָר אלע האָבנ מוירע געקריגנ פאר דער מוירע, וואָס פּינכעס האָט זיי געמאכט, און האָבנ געשריגנ: לעמאנעשעמ, יאָ כאסמענענ, נאָר כאסמענענ, טאקע כאסמענענ! די סאָלדאטנ איז מענ געלאָפנ ברענגענ און בעטנ, זיי זאָלנ ווארטנ ביז נאָכ האוודאָלע. קורצ, איכ האָב געהאט דעמ אייַנפאל, אז איכ האָב זיי געהייסנ קומענ צו אייַכ, און אָט גייענ די גאנצע האָלאָטע. (מע זעט דורכ דעמ פענצטער גיינ יידנ און יידענעס, ייִנגלעכ און מיידלעכ. זיי שרייַענ איבער דער גאס און קריגנ זיכ ביז נאָענט פונ פאר דעמ הויפ. דאָ טרייַבנ די פּארנעס־כאדאָשימ אוועק די האָלאָטעס און גייענ אליינ ארייַנ.)

## 3. נאָכאמאָלֿ אין דעם אייגענעם הויפֿ בא ר׳ ארנ דעם נאָגיד.

(דאָ קומענ אריַינ שלֿוימע פסיאיאָכע, וועלֿוולֿ גילֿיוואטע אונ ר׳ פינכעס דער רויי־טער. גאווריִעלֿ שעד וויל אויכ אריַינגיינ טאקע שיקערערהייט אונ שריַיט: די מאָני [איז] טאקע א מאָני. פארטשעפעט ער זיכ באמ טויער אונ פאלֿט אונ בלֿיַיבט דאָרט לֿיגנ. דערנאָכ שעמט ער זיכ אונ גייט צוריק.)

אלֿע. א גוטנ שאבעס איַיכ! (טאפנ צו דער מעזוזע אונ נעמענ אראָפ די שטריַימ־לֿעכ. פאלֿט בא וועלֿוולֿ גילֿיוואטע אראָפ די יארמיקע אויכ. ער הייבט זי אופ אונ האלֿט זיכ צו דערוויַילֿ מיט דער האנט אפ זיַינ קאָפ, ביז ער טוט אָנ.)

וועלֿוולֿ גילֿיוואטע. לֿעמאָשלֿ, איכ זאָלֿ דאָ בלֿיַיבנ בקלֿות־ראש? ווי זאָגט מענ עפעס, לֿעמאָשלֿ: פרעג ניט דעמ רויפע, פרעג דעמ כוילֿע. אזא, לֿעמאָשל, א הארבע זאכ, וואָס די גאנצע שטאָט אונ קאָהאָלֿ קאָנענ זיכ קיינ אייצע ניט געבנ, לֿעמאָשלֿ, נו, קומט מענ צו איַיכ, ווי זאָגט מענ עפעס, לֿע־מאָשלֿ: איטלֿעכער ווייסט זיַינ וווייטיק. כ׳לֿעבנ, מיר קאָנענ, לֿעמאָשלֿ, שמועסנ מיט אזא גרויסנ מאנ, ווי זאָגט מענ עפעס, לֿעמאָשלֿ: פארוואָס טאנצט דער בער? וויַילֿ ער האָט קיינ פארטעכ ניט, לֿעמאָשלֿ.

ארנ. (הייסט דער ניאנקע מיט די קינדער ארויסגיינ. זי גייט אוועק אינ דער אנדערער שטוב אריַינ. פערעלֿע גייט אויכ אהינ אונ זעצט זיכ בא דער טיר אפ א בענקלֿ.) זיצט, ראַ־בויסים, איַיער מיַיסע ווייס איכ שוינ, ר׳ ייִסראָלֿיק האָט מיר שוינ דערציילֿט, פארשפאָרט איר לֿאנג זיכ מאטריִעכ צו זיַינ. דאָס, וואָס איר האָט איַיכ ניט געוואָלֿט כאסמענענ, דערנאָכ יאָ כאסמענענ, איז א קלֿייניקיַיט. הייסט מיַינ פוילֿישנ שריַיבער, וועט ער כאסמענענ. אונ אז גאָרניט געכאסמעט, איז אוי נישטקאָשע. גיט נאָר אהער דאָס פאפיר, וועלֿ איכ לֿייענענ, וואָס שטייט דרינענ. דאָס איז צומ אלֿעמ ערשטנ געניייטיק. ווו איז דאָס פאפיר?

שלֿוימע פסיאיאָכע. בא גאווריִעלֿ שעד. מיר האָבנ אימ צוגענומענ צו די זאכנ טאקע, דערצו דארפ מענ א בעריע, אונ דער קרומער שולֿ־קלֿאַ־פער טויג צו אזעלֿכע זאכנ ניט. ער איז, פראוודע, א גרויסער שיקער, נאָר אז ער ניכטערט זיכ אויס, איז ער א בעריע אונ קאָנ רעדנ מיט די מאָסקווי־טער. אכוצ וועט ער זיַינ א לֿאָוטשע, א ניכטערער וועט ניט וועלֿנ זיַינ אָנ שיקרעס א שאמעס, אָט לֿאָז גאווריִעלֿ שעד זיַינ. איכ האָב געמיינט, ער איז אונדז נאָכגעגאנגענ, היַינט וועלֿ איכ אָדער ר׳ וועלֿוולֿ מוזנ גיינ נאָכ אימ (וועלֿוולֿ גייט אוועק.)

פינכעס דער רויטער. איכ האָב געמיינט, נאָר טיטיִעוו איז אזא פוסטקע, היַינט זע איכ, אז ניביוואלֿע איז נאָכ ערגער. אינ טיטיִעוו איז גע־וועזנ פאר מיר זייער א קלֿוגער ראָוו אונ א נארישער דיַיענ, — אפילֿע א קאָ־רעוו מיַינער. הי איז דאָס אויכ ניטאָ. זינט די רעבעס, די גוטע־ייִדנ, האָבנ זיכ אריַינגעפלֿאָדעט אינ דער מעדינע, האָבנ אופגעהערט די ראבאָנימ צו וועלֿנ זיַינ אינ א שטעטלֿ. זיי האָבנ מוירע, פראָסטע, פאר זיי מיט די כסידימ.

ש ל ו י מ ע  פ ס י א י אָ כ ע. אי, פארוואָס? ר׳... האָט א צײַט לאנג געהאט א מאגידעס־בריוו פונ דער שטאָט, נאָר פונ א צײַט וויל ער אהער ניט פאָרנ.

א ר נ. אָט דעמ געלט־נייזער האָב איכ פארטריבנ, אונ רעכנ דאָס מיר פאר דער גרעסטער מיצווע. איר ווייסט דאָכ די מײַסע פונ מײַנ שווער, אָלעווו־האשאָלעמ? דענצמאָל האָט מענ ארויסגעזוגנ דאָס צידקעס פונ אזא רעבנ, דעמ לעצטנ גראָשנ האָט ער בא אימ אוועקגענומענ, מיט געוואלד, טאקע פראָסטע גערויבעוועט. וואָס דער נייזער האָט געקאָסט די שטאָט, איר זאָלט דאָס וועלנ ארויסגעבנ אפ נייטיקערע זאכנ, וואָלט איר געהאט א ראָוו, עפּעס אנ ערלעכנ לאמדנ אינ שטאָט, אונ שאמאָסימ, ניט שיקורימ. נאָר וואָס זאָל מענ דאָ רעדנ, אָט גייט שוינ ר׳ וועלוול־לעמאָשל מיטנ פאפיר.

ו ע ל ו ו ל  ג י ל י ו ו א ט ע. לעמאָשל, ווו האָב איכ אימ אָפּגעזוכט? טאקע אינ שענק, לעמאָשל. ווי זאָגט מענ עפּעס: פונ געלטס וועגנ גייט קיינ שידעכ ניט אָפּ. לעמאָשל, אײַער ווײַב בראָכע מיט אײַער הערש־לייבנ מיט די סאָלדאטנ, לעמאָשל, זענענ געוועזנ בא ליפשע דער מויד. האָב איך זיי געזאָגט, אז ר׳ ארנ, לעמאָשל, האָט געזאָגט, זיי מעגנ אהיימ גיינ, זענענ זיי אהיימ געגאנגענ. ווי זאָגט מענ עפּעס: אז מע קאָנ ניט אריבער, מוז מענ ארונטער.

א ר נ. (נעמט דאָס פאפיר אונ לייענט, בעשאס וועלוול לעמאָשלט דאָ. ער קרעכצט, דערנאָכ זאָגט ער.) הערט נאָר, דאָ קומט פונ דער שטאָט נאָר איינ רעקרוט, אָבער ביז פאר נאָווע־גאָד מוז מענ אימ אָפּגעבנ אינ גאָראָד צומ פרײַיאָמ. א גוטנ רעקרוט, וואָס זאָל טויגנ, אונ אז ער וועט ניט טויגנ, וועט מענ אימ בראַקעווענ. מוזנ מיר דאָ א קלער געבנ גאָר שטילערהייט, ווּעמענ מע זאָל געבנ, אז מע זאָל ניט בראקעווענ. לעסאטע האָט מענ נאָכ צײַט אביסל. גייט איר אהיימ אונ טראכט אײַכ שטילערהייט, אפ ווּעמענ איר מיינט, זאָגט פאר קיינעמ ניט א וואָרט, אונ איבערמאָרגנ זאָלנ מיר זיכ צומויפקומענ ווידער. איכ וועל אויכ טראכטנ, וועלנ מיר ווײַטער שמועסנ. ר׳ פינכעס, אײַכ בעט איכ, מאָרגנ, אימירצעשעמ, צו מיר ארומ זייגער צוועלפ צו קומענ. איכ האָב מיט אײַכ עפּעס צו שמועסנ.

פ ע ר ע ל ע. (קומט ארײַנ, אונ א מעשאָרעס טראָגט איר נאָכ א טאצ מיט פיירעס אונ שטעלט אנידער אפ א טישל. א פלאש מעד ברענגט אנ אנדער מעשאָרעס מיט גלעזער, אונ שטעלט אויכ אפ דעמ טיש.) אז איכ האָב יאָ אזעלעכע געסט, כאָטשע בא זייער א ביטערנ אייסעק, נאָר זאָגט איר, ר׳ וועלוול, א מאָשל: אז מעכאבעד זײַנ, דארפ מענ פאָרט. מאכט בראָכע.

ו ע ל ו ו ל  ג י ל י ו ו א ט ע. איכ ווייס, לעמאָשל, אז איר האָט טאָמיד האַנאָע פונ מיר, ווײַל איכ קאָנ שמועסנ מיט גרויסע לײַט, לעמאָשל, ווי זאָגט מענ עפּעס: אנ אָקס האָט א לאנגע צונג אונ קאָנ ניט רעדנ, לעמאָשל. א בראָכע מוז מענ מאכנ, אוביפראט בא אײַכ, בא גרויסע לײַט, ווי זאָגט מענ עפּעס: וואָס בא א ניכטערנ אפ דער לונג, איז בא א שיקערנ אפ דער צונג.

א ל ע. (נאָר ר׳ ארנ איז פארטראכט אונ הערט ניט וואָס מע שמועסט.) טאקע אינ פריידנ זאָל מענ אײַכ פארנוצנ, ר׳ וועלוול! אז איר שמועסט, מוז מענ לאכנ. (זיי טרינקענ צו גלעזלעכ מעד, עסנ פיירעס אונ גייענ אוועק.) זײַט געזונט, האָט אײַך א גוטנ שאבעס, לעמאָשל.

## 4. טאקע אינ ניביוואלע, אינ א שענק־שטוב, בא ליפשע דער מויד. זונטיק.

(א גרויסע שטוב, פונ געוואשענע ברעטער די ווענט, נאָר קיינמאָל ניט געוואשנ. איינ זייער אלטע שטוב. די סטעליע איז אויכ אזוי פונ געוואשענע ברעטער, נאָר פונ אלטקייַט פינצטער. די ערד איז אמאָל געוועזנ געברוקירט, זענענ עטלעכע ברעטער אויסגעפוילט אונ עטלעכע גייענ אָפּ גאָר. ארומ די ווענט זענענ לאנגע בענק, טאקע ארײַנגעבויט. א טיש שטייט, א לאנגער, א שווארצער, א דעמבענער; אפ איינ אָרט איז ער צעבראָכנ, ליגט א ברעטל אפ דעם לאָכ. דער [שטאָלנ] (שטלאָינ) פונ דעם טיש איז פול מיט בלאָטע אונ מיסט אהינ פארקערט. די פענצטער זענענ קליינע אונ פונ קײַלעכדיקע שײַבלעכ. פונ דער מיטנ סטעליע הענגט אנ אײַזערנער הענגלײַכטער אפ א שטריקל; דרינענ זענענ צוויי אײַזערנע רערלעכ, ארײַנצושטעלנ ליכט. אכוצ איז איבער די טירנ דרײַ רערלעכ אײַזערנע ארײַנגעשלאָגנ אינ דער וואנט. אינ דער וואנט, וואָס גייט אינ הויז ארײַנ, איז א שאפע בא דער וואנט, א הילצערנע, נאָר זייער אלט. די טירנ פונ דער שאפע זענענ אָפּגעבראָכנ. דרינענ שטייענ טעפּ אונ צינערנע טעלער, א יינגלס יארמיקע מיט שעכ, אונ א פּאָר נײַע גוייִשע שטיוול, פארזעצטע, טכינעס צעוואָרפענע אונ אסאכ שמאטקעלעכ. בא דער אנדערער טיר, וואָס גייט אינ א קיכ־אלקער ארײַנ, שטייט א בעט מיט דרײַ קישנס, לײַוונטענע, קויטיקע, אונ פונ קלאנטשאסטע פּיס־טרע אנ איבערבעט פארבעט. איבערנ בעט, אינ דער וואנט, זענענ טשוועקעס ארײַנגעשלאָגנ, דערופ הענגט א יופּע מיט א פּיקסל באבערעמט, א שטיקל אפּיקויר־מענ אונ בינטלעכ קרײַטעכצ. נעבנ דעם שטייט זייער א גרויסער קאסטנ, א לאנ־גער, א ברייטער, אָנ רעדער, מיט א הענגל־שלאָס פארשלאָסנ. דערופ איז אָנגע־וואָרפנ זעק אונ פעלצלעכ אלטע אונ פאָסטילעס פונ גויִמ. בא דער וואנט, וואָס די טיר איז ארויס אינ גאס ארײַנ, איז אינעמ פענצטער טאקע, געמאכט פּאָלעצקע־לעכ, וואָס דאָ שטייט גרויסע לאנגע גלעזער צו ביר אָדער צו מעד, קעלישעק־לעכ אונ גלעזלעכ צו בראָמפנ, אונ א בונט שליסל ליגט אויכ דאָרט. דערבײַ שטייט א שענק־טישל, אָנגעשטעלט מיט בוטלעס בראָמפנ. ארומ דעמ אָרט זענענ אפ די ווענט אָנגעשריבנ מיט קרײַד רינגלעכ, שטרעכעלעכ, אָפּגעטיילט אָנגעשריבנ מיט גרויסע שטרעכנ. די טיר, וואָס גייט ארויס, מאכט זיכ צו נאָר אפ א פלאָקנ, וואָס מע שפּײַט אָנ, זי זאָל זיכ האלטנ. וואָרינ פאר אלטקײַט איז די פעדערשטע וואנט אײַנגעבויגנ, עפנט זיכ אלצ די טיר. דאָ פאר דעמ שענק שטייט ליפשע די מויד, א יידענע פונ א יאָר פופציק, א גראָבע, אינ א שלייער פונ דער אלטער מאָדע, מיט א געלער יאמפּירקע אונ א קויטיק קליינ שטערנטיכל. א שווארצ פּאָנעמ, א געשטופּלטס, א פּעטס, מיט א בראָדעוועקע אפ דער באק, וואָס וואקסט דערופ גראָע האָר. א מויל מיט זייער גרויסע ציינ, אינ א קורצ יופּקעלע, צוגעגארטלט מיט א האנטעכ, אונ א שטיקל ציצנ ברוסטוכ שטעקט ארויס. א קלייד פונ בלאָענ קיטײַ

זעט מענ הינטנ ארויס, מיט א פאָר גרויסע קעשענעס פונ פיסטרע, אָנ א פארטעכ. א פאָר זאָקנ מיט פאנטאָפל, גראָבע, גויִישע. א מויד, א גראָבע, מיט צעפּאטלטע האָר, אָפּגעריסנ אונ האלב־באָרוועס, זייער א מיִעסע, דרייט זיכ ארומ אינ שטוב אונ דערלאנגט ליפשענ א הילצערנעמ טעלער מיט אָנגעשניטענע שטיקלעכ ברויט אונ זאלצ. עטלעכע הילצערנע, רעמבענע בענקלעכ אפ דריי פיס שטייענ פאר דעמ טיש. עטלעכע שיקערע גויִימ זיצנ אינ איינ עק טיש, אפ דער באנק, וואָס בא דער וואנט, וואָס קאָנענ שוינ ניט רעדנ, נאָר אלע מאָל א הוק הערט מענ. נעבנ זיי שטייענ פלעשלעכ מיט בראָמפנ אונ קעלישעקלעכ. עטלעכע ייִדנ קומענ אריינ טרינקענ בראָמפנ אונ פארבייסנ מיט שטיקלעכ ברויט, אונ בלייבנ שטיינ אביסל. א פאָר יונגע יונגענ, האָבנ א פּאָנעמ ווי שניידערס אונ שוסטערס אונ קירזשנערס, זיצנ אפ די בענקלעכ. צישנ זיי זיצט נ א כ מ ע נ  ד ע ר  ג ר ו י ס ע ר, א יונ־גער יונג פונ איינ אונ צוואנציק אָדער צוויי אונ צוואנציק יאָר, זייער א שיינער יונג, גרויס געוואקסנ, האָט נאָכ קיינ חתימת־זקן נישט. א ווייס פּאָנעמ מיט רויטע באקנ אונ שווארצע אויגנ, א קליינ מויל מיט כיינ־גריבעלעכ בא דעמ מויל. די פּייעס זענענ שווארצע, געקרייזלטע, נאָר פול מיט פעדערנ. אינ א קאפּעלושל אנ אלטס, א צעבראָכנס, א קורצנ ברישלאק, א צעריסענעמ, א געלאטעטנ פונ אלערליי מינימ לאטעס. פיסטרענע פלודערנ, אויכ צעריסענע, נאָר זייער לאנגע, ביז אינ די שיכ אריינ. די שיכ זענענ אויכ צעריסנ. ער האָט, אפּאָנעמ, שוינ א טרונק געטינ, אונ איז פריילעכ.)

נ א כ מ ע נ  ד ע ר  ג ר ו י ס ע ר. ליפשע, איאָ, דאָס זענענ באלמעלאָכעס, אונ איכ בינ א פּראָסטאק, אָבער ווער קאָנ בעסער די מעלאָכע? (ער ווייזט אפ די פלעשער.) טאקע נאכמענ, נאָר נאכמענ איז א ווילער יונג, מיט הענט אונ פיס, קאָפּ אונ צונג. ווייסטו, אז ר' ארנ דער נאָגיד האָט מיר פונ מיינע עט־לעכע ווערטער אנומלט אופגעשריבנ א גאנצע מאָני, אונ איכ האָב מיר גע־מאכט גראמענ דערצו, איז געוואָרנ א ווויל לידל, אונ איכ לייענ מיר דאָס אזוי נאָכנ טאק טשאקענדיק.

ל י פ ש ע  ד י  מ ו י ד. אָט, גיי שוינ גיי מיט דיינע ליגנ! ר' ארנ האָט מער ניט צו טונ, נאָר דיר צו שרייבנ. עפשער פונ קאדאָכעס האָט ער דיר אָפּגעשריבנ. גיי שוינ, מאיאסעניק! ר' ארנ איז דער גרויסער נאָגיד אונ כאָשעוו באמ סאָר, נו, וועט ער מיט אזא מאיאסעניק...

נ א כ מ ע נ  ד ע ר  ג ר ו י ס ע ר. דו האָסט מער קיינ סייכל נישט, נאָר א שענ־קערנ צו זיינ. סטייטש, אז איכ קומ ארייַנ צו ר' ארענענ, גיט ער מיר א בענקל, אונ די גוטע פּערעלע, די שיינע, שמועסט מיט מיר. איכ זאָג זיי מיינע ווערטלעכ אונ דערציילַ זיי מיינע מייסעלעכ, לאכנ זיי אונ גיבנ מיר דאָס שענסטע אונ דאָס בעסטע. ר' ארנ אליינ האָט זיכ פּארוועט מיט מיר, אז ער וועט מיר שרייבנ א גאנצע מאָני, אזוי ווי איכ דארפ זינגענ אינ שענק. אז דו ווילסט ניט גלויבנ,— אָט ווי די באלמעלאָכעס שטייענ, אז זיי וועלנ מיר הייסנ געבנ א גוט גלעזעלע אָלעמביקאָווע בראָמפנ, — נאָר פריִער אנידערגעלייגט געלט, אפ באָרג האָב איכ פיינט — וועל איכ דאָ זארעז טאקע א זינג טונ מיט גראמענ פונעמ פּאפּיר

אַרויס. (ווי ער דערציילט, קומט אַרײַן גאוורי̤על שעד. ער שטייט אַפּ דער טיר און הערט דאָ דאָס, וואָס נאכמען האָט דערציילט.)

גאוורי̤על שעד. מעשונע גאָר, גיב איך א גוט גלעזל בראָמפּן נאכ־מענען, ער זאָל לייענען די מאָני. איך האָב הײַנט גענומען בא קאָהאָל, מעשו־נע, א ווײַסן גילדן דערפאר, וואָס איך האָב די מאָסקוויטער נעכטן אָפּגעבעטן, אַז זיי זאָלן, מעשונע, ביז אפּדערנאכט ווארטן. נאט אײַך, ליפשע, מעשונע, דעם ווײַסן גילדן, און פון נעכטן קומט מיר אויך, אַפּ ר׳ פינכעס דעם רויטנס כעשבן, א האלבע קוואָרט בראָמפּן. רירט אײַך, טעלעפּאָסעכע.

ליפשע די מויד. אָט, גיי שוין גיי מיט דײַנע ליגן! קאָהאָל האָט קיין ניכטערערן ניט געפונען. נאָר ווי זאָגט מען עפּעס: „אָבע דײַ, אָבע ווידערע"! גיב אהער דעם ווײַסן גילדן. (זי גיסט אָן א האלבע קוואָרט בראָמפּן און שטעלט אנידער מיט צוויי גלעזלעך.)

גאוורי̤על שעד. ווער האָט אײַך געהייסן געבן א האלבע קוואָרט, מעשונע? איר מיינט, איר זענט בא מיר אן איינציקע גאָר? איר מיינט, אַז איך האָב, מעשונע, ניכטערן שפּײַעכץ אַפּ א רעפּוע? אָהאָ, גאוורי̤על האָט שוין, מעשונע, גאָר עטלעכע גאלקעס ארײַנגעוואָרפן, טאקע פונעם צאפּן, בא ר׳ פינ־כעסן, אין דער ארענדע, מעשונע טאקע. גאוורי̤עלן גיט מען אומעטום א גאלקע, און אמאָל, מעשונע, טאקע צוויי און דרײַ גאלקעס. א פעלץ אַפּ דעם ווינטער — זאָל זיך קאָהאָל זאָרגן. נו, טרינק, נאכמען, מעשונע, טרינק וויפל דו ווילסט, און לייען די מאָני. לאָזן די באלמעלאָכעס, מעשונע, גאָר הערן. איאָ, די טעלעפּאָסעכע ווערט אויך הערן? זי איז, מעשונע, א מייוון אַפּ א מאָני. (ער נעמט זי ארום.) א רועך זאָל אין דער וועלט ארײַן, דאָרט, וווּ קיין לײַט גייען ניט!

נאכמען דער גרויסער. (נעמט אראָפּ דעם קאפּעלוש, און פון א שמאטקעלע אײַנגעוויקלט א פּאפּיר, טוט א טרונק א גלעזל בראָמפּן דערכעמע, זעצט זיך אַפּ א בענקל, און לייענט מיט א ניגנדל, וואָס א גוי̤ישער קלעזמער שפּילט אום זונטיק אין א קרעטשמע. אלע שטייען און הערן צו.)

1) טאקע נאָר נאכמען איז א ווילער יונג,
מיט הענט און פיס, קאָפּ און צונג.
וואָס האָב איך, גוטער נאכמען, צו זאָרגן,
אבי מיר, נאכמען, הײַנט און מאָרגן;
לאָזן די נעגידים, די אשירים זאָרגן,
וואָס קענען געלט לײַען אָדער באָרגן.

נאכמענען לײַט מען נישט אפילע א מעסער,
דאָס איז פאר מיר אפילע בעסער.

אז איך, נאַכמען, בין ניט שולדיק קיינעם,
איז מײַן ביסל אָרעמקײַט טאָמיד אינײנעם.
טאַקע נאָר נאַכמען איז אַ ווילדער יונג,
מיט הענט און פיס, קאָפּ און צונג.

אַלע. (מיט אַ געשריי) אָט אַזוי, נאַכמען, מעשונע, כידעשדיק, מעכײַעדיק.
אַנו, ווײַטער!
נאַכמען דער גרויסער. (לייענט ווײַטער.)

2) טאַקע נאָר נאַכמען איז אַ ווילדער יונג,
מיט הענט און פיס, קאָפּ און צונג.
לאָזט מען מיך ניט ארײַנ נעכטיקן,
מיך, דעם גוטן נאַכמען, דעם גרויסן,
שלאָפט נאַכמען ביז אין טאָג אַרײַן, אין לעכטיקן,
טאַקע גוט אַפּ אַ וואָגן אין דרויסן.

אָבער די פּופּציק אייער ניט צו פאַרגעסן,
וואָס מע האָט אַפּ מיר פאַרוועט,
האָב איך אַלע אופּגעגעסן,
שלאָף איך בעסער פון דעם, וואָס שלאָפט אין אַ בעט.
אַמאָל לײַד איך הונגער און קעלט,
איינער זידלט, דער אַנדערער שעלט.

נאַכמען שטעלט אַלע אַרויס אַ צינג,
און טאַנצט מיט קלעזמער אין מיטן רינג.
וואָרין אָט באַקומט נאַכמען נאָר אַביסל געלט,
טוט ער אַ הוליע און ברענט די וועלט.
האָט אַפילע דער גוטער נאַכמען ניט אַ גראָשן,
ווערט דאָס ברענען אויך ניט פאַרלאָשן.

טאַקע נאָר נאַכמען איז אַ ווילדער יונג,
מיט הענט און פיס, קאָפּ און צונג.

אַלע. (מיט אַ געלעכטער און מיט אַ געשריי.) אָט אַזוי, אָט אַזוי, גאַנץ כידעשדיק,
גאַנץ ווויל, מעכײַעדיק, אַנו, ווײַטער!
נאַכמען דער גרויסער. (לייענט ווײַטער.)

3) טאקע נאָר נאכמען איז א ווילער יונג,
מיט הענט און פיס, קאָפּ און צונג.
אלע האָבן פאר נאכמענען דאָס קאדאָכעס,
כאָטשע נאכמען טוט זיי אפ לעהאָכעס.
וואָס און ווער קאָן מיר עפּעס טון?
סײַדן אוועקנעמען בא מיר מעש און צין.
די אלע זאכן האָב איך ניט אין מײַן גוויל,
דעריבער מעג איך, נאכמען, טון וואָס איך וויל.

די שענקערנס לייזן פון מיר מעזומען,
אָדער איך לאָז א גארטל פאר א סימען.
אנומלט זײַנען אלע דערבײַ געזעסן,
ווי איך האָב א טאָפּ אײַנגעמאכץ אופגעגעסן,
און בראָמפן א האלבע קוואָרט געגעבן א טרונק,
יאָ א בראָכע, ניט א בראָכע, צו גאָט נאָר א ווונק.
אז נאכמען האָט אפילע ניט קיין שיך,
לויפט ער באָרוועס אויך אינדערגיך.

טאקע נאָר נאכמען איז א ווילער יונג,
מיט הענט און פיס, קאָפּ און צונג.

אלע. (מיט א גרויס געלעכטער און מיט א גרויס געשריי.) אָ, גוט, אָ, מעכײַעדיק, אוי, נאכמען, געשעדיקטער נאכמען, מעשונע גאָר א ווילער יונג!

נאכמען דער גרויסער. איך מוז באנעצן די שער. גאווריעל, אָט גיס איך אָן נאָך א גלעזל און טרינק אויס דעכעם, וואָרין דאָ קומט ערשט די רעכטע האק, דאָ מוז איך יאיען־סאָראָפּ, מײַן קאָרעוו, א שלעפּ געבן. (ער עמט א גאנץ גלעזל בראָמפן, גאווריעל אויך, און נאכמען ווארפט גיכער ארײַן פון גאווריעלן.)

4) טאקע נאָר נאכמען איז א ווילער יונג,
מיט הענט און פיס, קאָפּ און צונג.
פרומעלע איז א שיין מיידל, און איך האָב זי ליב,
און דער פאָטער לאָזט מיך ניט ארײַן אין שטיב.
אָבער אפ דער גאס קוק איך זי אָן,
און זי קוקט אפ מיר, ווי די הון אפ דעם האָן.

אמאָל לויף איך צו און גיב א גלעט,
וואָס זי לויפט אוועק, דאָס איז ניט קיין געט.

א ראָוו מיט א רעבעצנ דערקענ זיך אויך,
די רעבעצנ איז פּאסקודנע און ווי א דראָנג הויך.
פרומעלע איז שיינ און קלוג, אקוראט נאָך מײַנ מאַס,
מײַנ מאָס איז א ברייט און א פול גלאָז.

אז איך גיי אמאָל גוט אָפּגעריסנ,
וויל פרומעלע מיט מיר גאָרניט שמועסנ.
אָבער הײַנט האָב איך א קאפּטנ גאָר א נײַעם,
נאָר ער איז פארזעצט פאר לעכאיעמ.
אָבער בא ליפשענ ליגט ער גרייט,
און איז גאָר מיט דער מאָדע גענייט.

דערווײַל, אז איך גיי אפילע אזוי,
שמועס איך מיט א פּאָרעצ, ווי מיט א פּראָסטנ גוי.
און אז דער פּאָרעצ טרײַבט מיך אוועק,
לויף איך אוועק און שפּײַ אויס קלעק.
טאקע נאָר נאכמענ איז א ווילער יונג,
מיט הענט און פיס, קאָפּ און צונג.

**א ל ע.** (פּלעסקענ מיט די הענט און שרײַענ.) אָט אזוי, אָט אזוי, נאכמענ, זייער גוט, מעכײַעדיק, אנו, ווײַטער!

5) טאקע נאָר נאכמענ איז א ווילער יונג,
מיט הענט און פיס, קאָפּ און צונג.

הערש־לייב נאר, דעמ פארנעס־כוידעש זונ,
וואָס די גאנצע שטאָט האָט מיט אימ צו טונ,
האָט קיינער ניט דאָקאזעט מיטנ קנאק,
נאָר נאכמענ האָט אימ ארײַנגעגנארט אינ זאק.
איך לאך אויס זײַנ טאטנ, שלוימע פסיאיאָכע,
און לאך אויס זײַנ מאמע, די פאסקודנע בראָכע.

וועלוול גילױואטעס לעמאָשל איז בא מיר ניט קיינ טוירע,
פאר מײַנ פּאטש האָט ער טאקע מוירע.
אָבער כאנצי זײַנ ווײַב האלט טאָמיד מיט מיר,
ווײַל זי איז קלוג און גוט אָנ א שיר.
און אז נאכמענ וויל די גאנצע שטאָט דערשרעקנ,
גייט ער פייסעך ארומ צו סליכעס־וועקנ.

ציוויע כאפט זיך ארויס נאקעט און שעלט,
אט איך האָב איר די צונג ארויסגעשטעלט.
פון נאכמענס אָנשטעל לאכן אלע,
און ווילן מיר פּאָרט ניט געבן פרומעלען פאר א קאלע.
איר וועט נאָך מײַנער פּאָטער ניט ווערן,
ביז איך וועל אײַך האָרע־קאָרנים איבערקערן.

טאקע נאָר נאכמענ איז א ווילער יונג,
מיט הענט און פיס, קאָפּ און צונג.

א ל ע. (פלעסקען און טופּען מיט די פיס און שרײַען.) אָט אזוי, אָט אזוי, גאנץ ווויל, נאכמענ, זייער גוט, כידעשדיק טאקע, מעכײַעדיק, אנו, ווײַטער!

נ א כ מ ע נ  ד ע ר  ג ר ו י ס ע ר.

6) טאקע נאָר נאכמענ איז א ווילער יונג,
מיט הענט און פיס, קאָפּ און צונג.
א נאָמענ האָט נאכמענ א גוטנ, א שיינעם.
נאכמענ דער גרויסער ערצט נישט קיינעם.
בא מיר איז אלט און יונג, אָרעם און רײַך,
א לאמדנ און אנ אמאָרעצ, אלצ גלײַך.

בא מיר איז ניט כאָשעוו קיינ שום מײַלע,
און צום דײַענ גיי איך ניט פרעגנ קיינ שײַלע.
דעם גרעסטנ קאָנ איך מיט דער בלאָטע אויסמישנ,
און איינער, וואָס מאכט כיינ, הייס איך אים קישנ.
אז איך וויל, קאָנ איך לערנען און לייענענ און שרײַבנ,
נאָר איך האָב ליב אזוי קאַטאָוועסלעך צו טרײַבנ.

נאָך וואָס האָט מיך די מאמע אזוי פארצויגנ,
דעריבער איז זי הײַנט בלינד אפביידע אויגנ.
לאָזנ אנדערע מאמעס זיך דערפּת שטויסנ,
קינדער ניט צו פארציִענ, ווי נאכמענ דעם גרויסנ.
נאכמענ דער גרויסער טוט וואָס ער וויל,
און איז אומעטום פיל.

טאקע נאָר נאכמענ איז א ווילער יונג,
מיט הענט און פיס, קאָפּ און צונג.

**אלע.** (מיט א געשריי, מיט א געלעכטער און מיט פלעסקען.) **אוי, נאכמען, אוי,** נאכמען, טאקע ווויל, טאקע נאָר כידעשדיק, מעשונגע מעכייַעדיק, אנו, ווייַטער!

**נאכמען דער גרויסער.** איר מיינט, א גאנצן טאָג וועל איך אייַך דאָ זינגען די גראמען? אָט נאָך איין שטיקל, אָבער א גוטס. דערנאָך א טרונק בראָמפן און געעקט. (ער לייענט ווייַטער.)

7) טאקע נאָר נאכמען איז א ווילער יונג,
מיט הענט און פיס, קאָפּ און צונג.
אז ס'איז נאכמענען גאָר א נויט,
אז נאכמען האָט ניט אפ ברויט,
גייט ער צו ארנ באַל־מאכשאָווע,
גיט ער אים א גרויסע נעדאָווע.

נאָר צו אים גיי איך, צו אנדערע א מאקע,
ארנ מיט פערעלען זאָלן לעבן טאקע.
זי האָט אים נאָר א בעט געטאָן,
האָט ער זיך אנידערגעזעצט אויוונאָן,
אונ טייקעף אָנגעשריבן דאָס גאנצע לידל,
דערצו דארף מען זינגען אונ צושפּילן אפ א פידל.

ר' ארנ וויל דורכ דעם פונ מיר א מענטש מאכן,
ער מעג מיינען, אונ מעג דרויס לאכן.
אָט גיי איך מיר אפ פרומעלען געבן א קוק,
דאָס איז בא מיר דאָס גרעסטע גליק.
פרומעלע, א קאפּאָרע זאָל איך ווערן פאר דייַנ פיס,
דו ביסט שיינ, דו ביסט קלוג, דו ביסט זיס,
נאָר איכ, נאכמען, בינ אָבער אויכ ניט מיִעס.

טאקע נאָר נאכמען איז א ווילער יונג,
מיט הענט אונ פיס, קאָפּ אונ צונג.

**אלע.** (שרייַען און פלעסקען.) אָט אזוי, נאכמען, גאנץ גוט, גאָר מעכייַעדיק.

**ליפשע די מויד.** נו, דו ביסט ווערט א טרונק בראָמפן, כלעבן, ווי זאָגט מען עפּעס: הימל אונ ערד האָבן געשווירן, עס זאָל ניט ווערן פאר־לוירן. (זי גיט אים נאָך א טרונק בראָמפן. אלע גייען אוועק.)

## 5. נאָכאמאָל בא דעם נאָגיד ר׳ ארנ. מאָנטיק.

(ר׳ ארנ באל־מאכשאָווע אָדער ר׳ ארנ קלוגער זיצט אינ דער פערערשטער סאלע, גאנצ פרי, אינ א זײַדענעמ כאלאט, בא א טישל פול מיט ספאָרימ אונ ביכער, פאר־טיפט אינעמ לייענען. א פען מיט א טינטאָרנ אונ פאפיר ליגט אויכ אפ דעמ טישל. קומט ארײַנ פונ דעמ גערטנדל, וואָס פאר די פענצטער, אָנ א שלייער, נאָר מיט א פאטשיילע צוגעבונדנ דעמ קאָפּ, פערעלע.)

פ ע ר ע ל ע. (מיט א גרויס געלעכטער, אז ארנ דערשרעקט זיכ אונ ווארפט אוועק די ספאָ־רימ אונ אלצ.) ארנ, דו זאָלסט ויסנ, ווער דאָ איז בא מיר געוועזנ, אונ וואָס מע איז בא מיר געוועזנ אזוי [גאנצ] (גאָצ—גאָטס?) פרי, אז די גאנצע שטאָט שלאָפט... טרעפ[illegible]ער? (זי לאכט אונ קאָנ ניט רעדנ פאר לאכנ.)

א ר נ. אז דו וועסט אזוי לאכנ, וועל איכ טאקע אלצ ניט ויסנ. זע נאָר אָבער, אז זיי מעגנ מיכ רופנ באל־מאכשאָווע, אז דאָ פאר די פענצטער האָסטו מיט עמעצנ גערעדט, אונ איכ האָב אפילע ניט א קוק געגעבנ. איכ בעט דיכ, פערעלע, הער שוינ אופ צו לאכנ.

פ ע ר ע ל ע. איכ מוז מיכ דערמאנענ, אז דער אוקאז איז אָנגעקומענ יידנ צו נעמענ פאר סאָלדאטנ, איכ זאָל אופהערנ צו לאכנ, ניט אנדערש קאָנ איכ שטילנ דאָס לאכנ. ווייסטו ווער דאָ איז צו מיר געקומענ צו לויפנ? טאקע נאָר הערש־לייב נאר. אנו, טרעפ וואָס? דו וועסט נישט טרעפנ, ביז איכ וועל דיר אויסזאָגנ. געדענקסטו, מײַנ ליבער באל־מאכשאָווע, אז דאָוויד דער גראָבער האָט זײַנ מיידל ציוויעלע, דאָס שיינע מיידל, געשווינד אוועקגעגעבנ פאר א ווײַב דעמ הערש־לייב נאר, וואָס קיינער האָט ניט געוואָלט גלויבנ, אז אזא יוסטער באלעבאָס, א קרעמער, זאָל זײַנ איינ־איינציק מיידעלע, אונ דאפקע א שיינ מיידעלע, געבנ אזא שטאָט־נאר, אונ דערצו דעמ אנדערנ זונטיק גע־מאכט טייקעפ די כאסענע? איאָ, דו ווייסט וואָס מע האָט אינ שטאָט געמומלט, געדענקסטו?

א ר נ. יאָ, איכ געדענק. איכ האָב דאָס אָבער ניט געוואָלט הערנ, ווײַל איכ האלט דאָס פאר א ליגנ. נו, זאָג שוינ, איכ בעט דיכ.

פ ע ר ע ל ע. איכ מוז ניט פארגעסנ, אז מע נעמט נעבעכ יידנ פאר סאָל־דאטנ, וואָרינ איכ וועל ווײַטער ניט קאָנענ רעדנ. (זי טוט א זיפצ.) הערש־לייב צעיאָגט זיכ גלײַכ צו מיר אונ פרעגט מיכ—איכ מוז דיר טאקע מיט זײַנ לאָשנ נאָכדערציילנ: „פערעלע, פערעלע, איר זענט דאָכ א קלוגע, זאָגט מיר, צו וויפל כאדאָשימ האָט א יידענע א קינד?“. איכ ענטפער אימ, אזוי־ווי איכ האָב מיכ גע־שטויסנ וווהינ די שײַלע גייט: „אזעלעכס ווענדט זיכ אינעמ פאָטער, אמאָל איז א פאָטער גאָר א שלימזאלניק, קאָנ זײַנ צענ יאָר נאָכ דער כאסענע זאָל דאָס ווײַב ניט האָבנ קיינ קינד. א בעריעס א ווײַב מאכט צומ יאָר א בריס, אינ א גרויסנ בעריעס ווײַב—צו נײַנ כאדאָשימ, א גאנצ קלוגער יונג — קאָנ זײַנ

צו זיבן כאדאָשים". פרעגט ער: „און אַז פיר כאדאָשים?" ענטפער איך אים: „אָהאָ, דאָס מוז זײַן אַ קלוגער און אַ בעריע, וואָס זײַן גלײַכן איז ניטאָ". אַף דער טשוועע בלײַבט מײַן הערש־לייב שטיין, אָפּן דאָס מויל, אין איינס סימכע, און ווײַזט מיטן מיטלסטן פינגער פון דער רעכטער האַנט אויף זײַן האַרץ דורכ־אַנאַנד עטלעכע מאָל. איך מאַך מיך ווי איך פאַרשטיי אים קלאָמערשט ניט. מאַכט מײַן הערש־לייב שוין צו דאָס מויל און זאָגט: „איך בין דאָס דער בעריע, דער קלוגער, וואָס מײַן גלײַכן איז גאָר ניטאָ. ווי לאַנג האָב איך גאָר כאַסענע? ערשט פיר כאַדאָשים, און מײַן ווײַב ציוויע גייט שוין צו קינד. די באָבע איז שוין בײַ איר, איך האָב זי אַליין גערופֿן". כאַ־כאַ־כאַ! (זי לאַכט.)

אַ ר נ. (לאַכט אויך און גיט פּערעלען אַ קוש.) דו זאָלסט וויסן, ווי אַזוי גוט דו מאַכסט נאָך דעם הערש־לייב נאַר, וואָלסטו דיר אַליין געדאַרפֿט אַ קוש געבן. נאָר דאָס גליק פֿאַר איר איז, וואָס דאָס שטעטל איז אַצינד פֿאַרפּינצטערט מיט די יידישע רעקרוטן, זיסט וואָלטן זיי זיך געמאַכט אַ גאַנצע סימכע דערפֿון. איך מוז טייקעף גיין בעטן דעם קאָמיסאַר, ער זאָל אַהין שיקן אַ פּאָר רייקים, די זאָלן פֿונוויַיטנס אַכטונג געבן, אַז די בעסמעדרעש־דראַבעס זאָלן אַהין ניט אַרײַנ־פֿאַלן. דערווײַל איז זי נעבעך אַ קימפּעטאָרן, און אַן ערשטלינג. און די פּסיא־יאָכעכע אַליין מוז מען אויך זען, זי זאָל ניט שלאָגן. דו, מײַן פּערעלע, ווייסט נישט, וואָס פֿאַר אַ רעציכע עס שטעקט אין אַ מיעסער יידענע בײַ אַזאַ פֿאַל. דאָ ווײַזט זי אַרויס, אַז געלויבט צו גאָט, וואָס זי איז מיעס, אַבי זי איז ער־לעך. אַ שאָד, איך ווייס גאָרניט, וואָס דאָ וועט זיך טון און ווי אַזוי מע העלפֿט דאָ. גאָר כאַלאָשעס; זי וועט זיך מוזן געטן מיט דעם נאַר. האַ, עפּשער נישט? ווי נעמט מען דעם נאַר אַהער? איך וועל אים עפּעס אויסשטעלן, וועט זי מעגן בלײַבן זײַן ווײַב. איך בעט דיך, פּערעלע, דערמאַן מיך דערינען. דער־ווײַל קומט, אָט קומט אונדזער ר׳ פּינכעס דער רענדאַר. פֿון דיר, פּערעלע, זאָל ער׳ס ניט געוואָר ווערן. האַלט אים דאָ אויף אַביסל, ביז איך וועל צוריק קומען פֿונעם קאָמיסאַר. דאָס מוז מען געשווינד פֿאַרזאָרגן, דאָ איז אַ סאַקאָנע פֿון צוויי נעפֿאַשעס. (בײַ די אונטערשטע ווערטער גייט ר׳ אַרנ אינעם אַנדערן כיידער אַרײַן, זיך אָנטון, און פּינכעס דער רויטער קומט אַרײַן.)

פּ י נ כ ע ס ד ע ר ר ו י ט ע ר. (אין אַ קאַמלעטענער קאַפּאָטע און אַ ספּאָדעק. נעמט אַראָפּ דעם ספּאָדעק בײַ דער טיר.) גוט מאָרגן! איאָ, איך בין שולדיק, איך האָב גע־דאַרפֿט נעכטן קומען, נאָר איך האָב נישט געקענט קומען איבער מײַן ציפּרען. זי איז נעבעך קראַנק געוואָרן איבער דעם אוקאַז. איך גיב איר צו פֿאַרשטיין און רעד איר אויס, אַז אין איטלעכן שטעטל געפֿינען זיך אַזעלכע יונגען, וואָס טויגן נאָר פֿאַר סאָלדאַטן. זי וויינט און וויינט און זאָגט, אַז זי קאָן ניט אויפֿהערן. בײַ מיר אין שטוב איז טישעבאָוו. איך פֿרעג זי אַפּילע: מיר האָבן דאָך נאָר איין מיידל, וואָס וויינט זי מער פֿון די, וואָס האָבן יינגלעך? זי שרײַט פֿונעם שלאָף: „וואָס נעמט איר מיר אַוועק מײַן קינד, מײַן איינ־איינציק

קינד?״ הײַנט שלאָפֿט זי אַביסל, האָב איך מיך אַרויסגעכאַפּט אַהער, ווײַל איך ווייס, ר׳ אַרנ האָט מיט מיר עפּעס צו רעדנ. ר׳ אַרנ איז אַוועקגעגאַנגען אינ הויפּ אַרײַנ מיסטאָמע?

פּ ע ר ע ל ע. ער וועט באַלד צוריק קומענ. אײַער ציפּרע איז דאָך קלוג, וואָס נעמט זי זיך אַזוי צום האַרצנ? גלויבט מיר, אַז אינ מיר וויינט אויך מײַנ האַרצ, אַז איך דערמאָנ מיך, וואָס די מאַמעס וועלנ לײַדנ, אַז מענ וועט בײַ זיי אַוועקנעמענ קינדער (זי רעדט מיט אַ וויינענדיק קאָל און ווישט זיך מיט אַ פֿאַטשיילעכל די אויגנ) פֿאַר רעקרוטנ. נאָר וואָס קאָנענ מיר דערצו העלפֿנ? אָט ווערט מענ קראַנק. איך וועל הײַנט זײַנ בײַ אײַך, וועל איך איר אויסרעדנ. זאָגט־זשע, און פֿרומעלע מוז נעבעך אויך זײַנ פֿאַרוויסט, אַז די מאַמע ליגט אינ בעט? איך ווייס, ווי דאָס קינד האָט ליב די מוטער, און ווי ציפּרע האָט ליב דאָס טעכטערל. איינס און אַ שיינס איז בעסער פֿונ אַסאַך קינדער ניט געראָטענע. אָט גייט שוינ מײַנ אַרנ, וועל איך מיך קאָנענ גיינ אָנטונ. (אַרנ קומט אַרײַנ, פּערעלע גייט אַוועק אינ דעם אַנדערנ כיידער אַרײַנ.)

אַ ר נ. איאָ, איר ווייסט ניט, וואָס איך האָב דאָ אַזוי געבעטנ, איר זאָלט קומענ צו מיר? איר זענט מיר נאָך אַ באַל־כויוו צו דערציילנ די מײַסע פֿונ אײַער ציפּרענ, ווי אַזוי זי איז פֿאָטער געוואָרנ פֿונ דעם גאַנעוו פֿישל בי־לענקי פֿונ טיטיִעוו, און ווי אַזוי איר האָט אַרײַנגעפּלאָכטנ אינ דעם ראָוס אָנשטעל מיט די מייסים, אײַער ציפּרענ זאָל ער מוזנ געטנ. כאָטשע איר וועט פֿרעגנ, הײַנט איז אַוואַדע ניט די צײַט פֿונ אַזעלכע מײַסעס? דער טע־רעצ איז אָבער, ווי איך וועל אײַך דאָ געבנ צו פֿאַרשטיינ, אַז אונדז איז דאָס גראָד אַצינדערט נייטיק. וואָרינ פֿאַרגעסט ניט, אַז אַפֿ די ביטערע פּאַרנעס־כאַדאָשים, ר׳ שלוימע מיט וועלוועלענ, איז זיך ניט סוימעך צו זײַנ רעקרוטנ אָפּצוגעבנ, איז דאָס אַפֿ אונדז מוטל. דאָ וועט, אַזוי ווי מיר דאַכט, אויך מוזנ אַנ אָנשטעל זײַנ, דעם איינעם רעקרוט אָפּצוגעבנ — געלויבט צו גאָט, אַז נאָר איינ רעקרוט! איך האָב אַ רעקרוט, וואָס זאָל זיך אַליינ שטעלנ, וועט דאָס שטעטל פּאָטער ווערנ אַ הולטײַ, און אָפּגעבנ אַ רעקרוט. טרעפֿט וועמענ איך מיינ? (ווי ער שמועסט דאָ, קומט אַרײַנ פּערעלע אָנגעטונ און געשלייערט.)

פּ י נ כ ע ס ד ע ר ר ו י ט ע ר. עפּעס שטויס איך מיך, אַז איר מיינט נאָכ־מענ דעם גרויסנ. נאָר דער נאָכמענ איז אַ בעניאָכיד דער מוטערס, און אַ בעניאָכיד נעמט מענ ניט, אַזוי ווי איך האָב געלייענט [אינ] דעם אוקאַז. דערצו איז קאָשע, וועט גאָר אַזאַ נאָכמענ וועלנ גיינ זיך יאַוועננ? אַזאַ ווינט, אַזאַ צאָרע, אַזאַ זאַווערוכע, ווי טרעט מענ גאָר צו צו אים? אָנשטעלנ גע־שיקט זיך צו מאַכנ מיט איינעם, וואָס איז מעיושעוו, נאָר שלעכט, — מוז מענ זיך אַנ אייצע געבנ. אָבער אַזאַ שלימוינעס, אַזאַ וויכער, אַזאַ שלימאַזל, וואָס קאָנ אים רירנ?

א ר נ. דאָס וועל איך אײַך שוין שפּעטער זאָגן. נאָר איר מוזט מיר דער־ציילן אײַער אָנשטעל, טאָמער וועט מיר עפּעס צונוץ קומען. איך האַלט פֿון דער געמאָרע: מכל מלמדי השכלתי. איר זאָלט וויסן, ר' פּינכעס, אַז די כאָכ־מע פֿון רעפֿועס איז אַפֿ גענימשאַפֿט, אַלע אַנדערע כאָכמעס זענען נאָר אַלץ צומויפֿגעקליבענע, צומויפֿגעזאַמלטע מײַסעס אײנײנעם געמאַכט געוואָרן.

פּ ע ר ע ל ע. ציפּרע, אײַער ווײַב, האָט מיר אַמאָל דערציילט די גאַנצע זאַך. איך קאָן אָבער שוין אַקוראַט ניט געדענקען, מײַן מאַן נאָכצודערציילן. ער זאָגט, דאָס קאָן אים צונוץ קומען.

פּ י נ כ ע ס. אַז עס גייט אײַך דערינען, מוז איך מיר אָנידערזעצן ניכ־טערנהייט און אײַך דערציילן.

פּ ע ר ע ל ע. באַ אונדז וועט איר דאָך אויך וועלן טרינקען טיי. אָט ברענגט מען אַרײַן, און עפּעס צו פֿאַרבײַסן אויך. נאָר מײַן מאַן גאַרט אַזוי, בעט איך אײַך אויך. (אַלע זעצן זיך.)

פּ י נ כ ע ס. וואָלט מיר ניט אַזוי געוועזן אַפֿ דעם האַרץ, וואָלט איך אײַך די מײַסע געקאָנט לאַנג און ברייט דערציילן. נאָר אַזוי־ווי איך בין גאָר פֿאַרבי־טערט, מײַן ציפּרע איז שלאָף, און איבער וואָס, איבער דעם אוקאַז, וויל איך אײַך בלויז צוליב טון, אָדער קעדיי עס זאָל אײַך צונוץ קומען, בעקיצער דער־ציילן. מײַן ווײַב ציפּרע האָט נעבעך געהאַט אַ מאַן, דעם פֿישל בילענקי אין טיטיעוו. דער איז געוועזן, כוץ וואָס אַ גראָבער יונג, גאָר פֿון דעם אונ־טערשטן גאַטונג, אַ גראָבער שלעכטער יונג, נאָך דערצו אַ גאַנעוו. אַז עס האָט זיך אָבער ניט געטראָפֿן עמעצער, וואָס זאָל דאָס ווײַבל אויסלייזן פֿון דער שביה, איז זי נעבעך טאַקע גוט פֿאַרשוואַרצט געוואָרן פֿון דעם גראָבן יונג און פֿון זײַן פֿאַסקודנע[ר] יונגע[ר] טאָכטער, אַ גרושע, וואָס קיין הונט וואָלט זי אויך ניט גענומען. אַז איך בין אַהין אַרײַנגעגאַנגען, האָט די שאַטיע גע־מיינט, אַז איך, דער אַלמען פּינכעס, וויל זי נעמען. זי האָט זויערן כיין גע־מאַכט, ווען איך בין אַרײַנגעקומען אַהין. איך האָב אָבער גרויס ראַכמאָנעס געהאַט אַפֿ דער ציפּרען נעבעך, נאָר עס איז קיין שום טאַכבולע ניט געוועזן דער ציפּרען אַרויסצוהעלפֿן. זי פֿלעגט וויינען פֿאַר מײַן מוטער און פֿאַר מײַן פֿאָטער, מע זאָל איר אַרויסהעלפֿן פּאָטער צו ווערן. מאָלט אײַך, אַז מײַן אַל־טער טאַטע האָט געזאָגט: נו, פּינכעס, באַווײַז דאָ דײַן קלוגשאַפֿט, העלף דעם ווײַבל נעבעך. גראָד, אַז עס האָט זיך געטראָפֿן די מײַסע, ווי דער פֿישל מיט דער פֿאַסקודנע[ר] טאָכטער האָבן אַוועקגעגאַנוועט באַ דעם זאַטקעוויטשער אוירעך זעקס הונדערט רענדלעך...

א ר נ. איך געדענק, איר האָט מיר דערציילט, אַז דער אוירעך האָט אים געגעבן צו באַהאַלטן איבער שאַבעס דאָס געלט, און ער האָט דערנאָך געלייקנט.

פינכעס. נו, הייסט דען דאָס ניט געגאַנוועט? מײַן טאַטע פּלעגט צו זאָגן: פּאַרוואָס רופט מען דאָס, וואָס אַ שנײַדער גאַנוועט, „יִיטער“? ווײַל ער איז מעיאַטער דעם וועג, וואָס אַ פּראָסטע גאַנעוו מוז גיין גאַנווענען, און דער שנײַדער גאַנוועט בײַ זיך אינדערהיים (ארנ און פערעלע לאַכן.) דאָ, בײַ דער מײַסע, איז דער פּישל אַרומגעגאַנגען גאָר ווי געקאָכט. בײַ זיך איז ער שוין געווען אַן אוישער מיט די זעקס הונדערט רענדלעך, די פּאַסקודנע טאָכטער אויך; וואָרין זיי האָבן בײַ זיך מיסטאַמע אָפּגעשמועסט אַ שוועע אָפּצושווערן. און אַפילע, אַז דער ראָוו האָט געהייסן פאַסטן און נעכטיקן אין שול איידער מע גייט שווערן, האָבן זיי דאָס געהאַלטן פאַר אַ קינדער־שפּילעכל. ציפּרע, נעבעך, האָט דאָך פון נישט ניט געוווסט, האָט זי אָנגעהויבן מיט אים צו שמועסן: מײַן מאַן, דער אוירעך איז דאָך עפּעס פאַרט נישט מעשוגע, אַ ייִד וועט זיך פּלוצים אויסטראַכטן זעקס הונדערט רענדלעך? מײַן פּישל האָט איר דערלאַנגט אַ גרויסן פּאַטש, און נאָך איינעם, און נאָך איינעם, און דערצו האָט ער געשריגן, ער וויל זי דאַפקע געטן, זי טויג אים נישט, זי איז נישט קלוג, זי טויג ניט צו דער פּאַרנאָסע. וואוהין לויפט זי? צו מײַן מאַמע און צו מײַן טאַטן. דער דײַען ר׳ גדאַליע, וואָס אין טיטיִעוו, איז דעם טאַטנס, צי דער מאַמענס אַ קאָרעוו, אַ גרויסער שויטע, און אַז דער טאַטע זאָל אים הייסן אין פּײַער אַרײַן, וואָלט ער אויך געגאַנגען. מײַן טאַטע האָט נאָך דעם דײַען געשיקט, ער זאָל אַרײַנגיין צו פּישלען. עפּעס קער ער אים אויך אָן: — אויב איר ווייסט, אַז איטלעכער נאַר איז זיך קלוג, נאָר אַלע אַנדערע קער ער אָן אַ נאַר, — און האָט אים מעכאַבעד געווען מיט אַ מיצווע: אָדער ער זאָל שאָך־לעם־מאַכן טייקעף, אָדער מעקאַבל־קיניען זײַן אַפּ אַ געט. מײַן פּישל און די טאָכטער דערצו, — איבער נאַכט זײַנען זיי זיך געווען אַשירים, — האָט דער פּישל באַלד מעקאַבל־קיניען געווען, אויבּפראַט אַ געט אָן קסובע. אָט וועט ער נעמען אַ ווײַב, אויך מיט רענדלעך, וועט ער שוין גאָר לויכטן. איך האָב דאָ צוגעזען און צוגעהערט. די ציפּרע וויינט אָבער ווײַטער: סטײַטש, דער פּישל וועט מאָרגן כאַראָטע האָבן און וועט זי ניט וועלן דערנאָך געטן?

פערעלע. ווי קאָן מען כאַראָטע האָבן, אַז ער האָט מעקאַבל־קיניען געווען בײַ דעם דײַען?

פינכעס. אַז מע קאָן אָוועקגאַנווענען בײַ אַן אוירעך אַ בײַגאַרטעלע מיט רענדלעך, קאָן מען אַ קאַבאָלעס־קיניען נאָך גרינגער אָוועקגאַנווענען.

ארנ. נו, קומען מיר דאָך צום אָנשטעל, וואָס איך וויל דאָ הערן.

פינכעס. איר געדענקט דאָס, וואָס איך האָב אײַך דערציילט, אַז אונדזער קלוגער ראָוו אין טיטיִעוו, ווי ער האָט געזען, דער פּישל וויל אָפּשווערן פאַלש, האָט ער געהייסן זײַן קלוגן שאַמעס לייזער, וואָס איז אין דער יוגנט אַ מאַרשעלעק געווען, מאַכן צורעכט עטלעכע באַקאַנטע מענטשן אין שול

אריַין, פאַרשטעלן פאַר מייסים; קעדיי, אַז מע וועט באַנאַכט פישלען פאַר דער שוויגער אַרײַנלאָזן נעכטיקן אין שול אַרײַן, זאָלן זיי אים וועלן קלאָ־מערשט וואַרגן.

אַ ר נ. נו, וואָס האָבן געהאַט די מייסים צו אײַך? איך פאַרשטיי ניט.

פּ ע ר ע ל ע. איך האָב, כ׳לעבן, שוין פאַרגעסן. האָט פישל טייקעף פאַר די מייסים מודיע געוועזן? סטײַטש, אַז איר מייסים ווייסט, אַז ער האָט גע־גאַנוועט, מוזט איר דאָך וויסן, ווו עס ליגט? גייט און גיט אָפּ דעם אוירעך. האָט ער זיך ניט געשטויסן?

אַ ר נ. גאַנאָווים זאָלן אַזוי קלוג זײַן ווי פּערעלע, כאַס־וועשאָלעם, וואָלטן זיי אָדער קיין גאַנאָווים ניט געוועזן, אָדער, אַז זיי זאָלן יאָ גאַנווענען, וואָלטן זיי קיינמאָל ניט אָפּגעגעבן. איך בעט דיך, פּערעלע, לאָז שוין עקן ר׳ פּינ־כעסן, און מיר וועלן שווײַגן ביז צום עק. דערציילט, ר׳ פּינכעס.

פּ י נ כ ע ס. דעמ[מ](ר) סעקרעט פון די מייסים האָב איך געוואָר געוואָרן פון דעם קלוגן שאַמעס. ער איז געגאַנגען וועדבעוועגן בא אונדזער שאָכנ אַ מענטשן, איינעם, לעמל צונג, האָב איך עפּעס דערשנאַפּט און האָב דעם שאַ־מעס געשענקט זעקס גילדן, ער זאָל בעסער מיך נעמען. בין איך דאָ געוועזן אַ מעס אין שול און האָב דעם פישלען נאָכדעם, אַז ער האָט שוין אויסגע־זאָגט גאַנץ הויך פאַר די מייסים, ווו דאָס געלט ליגט — און ווי איר ווייסט, האָט דער ראָוו מיט נאָך עטלעכע אונטערגעהערט אין פּאָליש — האָב איך אים אַ וואַרג געגעבן אפּ אַ קאָל, ווי יענע מייסים האָבן געמאַכט, ער זאָל געבן אַ געט דעם ווײַב. און ער האָט מיר, דעם מעס, טקיִעס־קאַפּ געגעבן, אַז דעם אַנדערן טאָג זאָל ער זי געטן. ער, פישל, מיינט דאָך אַדהאַיאָם, אַז דאָס זע־נען פאַרט מייסים געוועזן. האָט ער טאַקע דעם אַנדערן טאָג איר געט געגעבן.

פּ ע ר ע ל ע. נו, האָט זיך אויסגעלאָזט אַ כאַסענע מיט ר׳ פּינכעסן.

פּ י נ כ ע ס. גלויבט מיר, איך שווער אײַך בא גאָט, אַז איך האָב דאָס גאָרניט אין זינען געהאַט. איך האָב דאָס אַלץ געטון פאַר ראַכמאָנעס. נאָר מײַן טאַטע־אומאמע האָבן זי ליב געהאַט ווי אַן אייגן קינד, און האָבן מיך קימאַט גענויט, איך זאָל ציפּרען נעמען. ערשט אין אַ יאָר אַרום האָבן מיר כאַסענע געהאַט, ביז הונדערט יאָר. נו, ר׳ אַרן, קאָנט איר דאָ עפּעס אַ נוצ האָבן?

אַ ר נ. זייער פיל. אפילע, ווען איך וועל ניט מיט מייסים צו טון האָבן, זע איך, אַז מענטשן גלויבן זייער גרינג. נו, וועט מיר אויך דאָ געראָטן אַ פּלאַן, מיר זאָלן האָבן באַלד אַ רעקרוט, און קיינער זאָל ניט וויינען, נאָר דורך גלויבן.

פּ י נ כ ע ס און פּ ע ר ע ל ע. מעגן מיר אויך וויסן פון דעם פּלאַן? דאָס מוז דאָך עפּעס קלוג און גוט זײַן.

א ר נ. איך וויל אליינ אפ מיר ניט שטעלנ, דעריבער וויל איך, איר זאָלט הערנ און זאָלט מיר אײַער דייע זאָגנ, ווי אײַך וועט דאָס געפעלנ אָדער נישט געפעלנ. הערט נאָר, איך מיינ, אז דער נאכמענ דער גרויסער זאָל זיך גאָר אליינ שטעלנ. א האקדאָמע מוז איך אײַך זאָגנ דאָס, וואָס איר ביידע ווייסט. נאכמענ, דער הולטײַ, דער מאיאסעניק, ווי מע רופט אימ הי אינ שטאָט, איז פארליבט — אָדער ווי היגע יידנ שמועסנ: אײַנגעליבט — אינ אײַער פרומעלענ. איך וועל שיקנ צו אימ כאנציִנ פאר א שאדכנטע קלאָמערשט. די כאנצי, וועלוול גיליוואטעס ווײַב, איז א גאנצ קלוגע יידענע. זי וועט אימ אײַנרעדנ, אז זי וועט אויספירנ דעמ שידעכ — וואָס ארט דאָס אײַך? — נאָר ביטנײַ, ער זאָל זיך אליינ שטעלנ פאר א רעקרוט. אײַערע אלע קאשעס, אז ער וועט זײַנ א רעקרוט, ווי וועט ער קענענ כאסענע האָבנ, דאָס איז בא אזא מענטשנ גאָרניט פארהאנדנ. איר האָט דאָ אליינ דערציילט, אז אנ אלטער ייד, דער פישל בילענקי, אז ער הערט די מייסימ זאָגנ אימ, זיי ווייסנ, ער האָט בא דעמ אוירעכ גענומענ דאָס געלט, פרעגנ זיי אימ, וואהינ ער האָט דאָס געלט געלייגט, און ער זאָגט אויס ווו און וואָס. די קאשע האָט פערעלע טייקעפ געפרעגט. דערפונ זעענ מיר, אז גראָבע מענטשנ זענענ ניט אזוי קלאָר. אינ ווארשע איז געוועזנ א פראָפעסער, האָט ער געדרונגענ, אז די הולטײַסקע מענטשנ זענענ א שטיק מעשוגע. האָב איך אימ געזאָגט, אז אינ אונדזער געמאָרע שטייט אויך די אייגענע סוואָרע: „אין אדם עובר עבירה, אלא אם נכנס בו רוח שטות". האָט דער פראָפעסער גרויס האנאָע געהאט, אז די דייע איז שוינ פונ אונדזערע כאכאָמימ אָנגענומענ פאר עמעס. דעריבער דאכט מיר, אז דער באָכער וועט כאנציִנ גלויבנ, וועלנ מיר פּאָטער ווערנ אזא הולטײַ פונ דער שטאָט, און א רעקרוט וועלנ מיר אָפּגעבנ, וואָס מע וועט אוודע ניט בראקעווענ. הערט נאָר ווײַטער. איך וועל אימ דאָ אינ איינ שאָ אויסקליידנ און וועל אימ שענקענ פונ מיר עטלעכע זאכנ, וואָרינ ער קומט, ווענ ער האָט שוינ גאָר א נויט און איז הונגעריק אָדער גאָר נאקעט, צו קיינעמ ניט, נאָר צו מיר. איך גיב אימ טאָמיד א גרויסע נעדאָווע. וועט ער זײַנ אויסגעקליידט. און זײַנע לידלעכ, וואָס איך האָב אימ אופגעשריבנ ... (ער ווײַזט א קאָפּיע פונ דעמ, וואָס נאכמענ האָט געזונגענ בא ליפשענ אינ שענק: „טאקע נאָר נאכמענ איז א ווילער יונג". פינכעס לייענט דאָס און לאכט. ארנ ווארט ביז ער האָט אָפּגעלייענט.) דעמ דינ ווייסט איר נישט, כאָטשע א בעניאָכיד, אז ער שטעלט זיך אליינ אל־כעשבנ האקאָהאָל, נעמט מענ אימ אָנ. איך זאָג אײַך דעמ עמעס, אז עפּשער טוט מענ אימ אויך א טויווע דערמיט. איך בעט אײַך נאָר, בעסאָד צו האלטנ מײַנ פּלאנ.

פּ י נ כ ע ס. אוודע א טויווע! ער איז דעריבער אזא הולטײַ געוואָרנ, ווײַל די נארישע מאמע האָט אימ פארצויגנ און האָט אימ אלצ נאָכגעגעבנ. נו, האָט זי איר געהענעמ אפ ד ע ר וועלט, — אז ער האָט זי געוואָלט שלאָגנ, און איז שוינ געוואָרנ א שטאָט־קינד, ניט דער מאמעס קינד. ווײַטער און ווײַטער וועט

ער ווערן א גאזלען, א רעצייעך אין וואלד, אפ די וועגן, אפ אלע שטראָזן. אוי, מאמעס, גייט זעט, וואָס פון פארציִען, וואָס פון נאָכגעבנ קינדער קומט ארויס. מע הארגעט דאָס קינד און מע טוט א ראָע דער וועלט. א סאָלדאט וועט ער זײַן א גוטער. דאָרט וועט ער מוזן שטיל ווערן און וועט ניט טאָרן שיקערן. נאָר אויב איר קאָנט דאָס אויספירן, ווייס איך ניט. כאנצינ וועל איך אײַך אליינ באלד שיקן. זי איז זייער קלוג, דאָס איז עמעס, נאָר ווי אזוי זי וועט אים אײַנרעדן, ווייס איך ניט.

פ ע ר ע ל ע. און די בלינדע מוטער, מיינט איר, וועט מערוצע זײַן? מיך דאכט, כאָטש ער האָט זי געוואָלט שלאָגן, כאָטשע זי האָט כארפעס און בושעס דורך אים, וועט זי פאָרט ניט וועלן, דער זיסער בעניאָכיד זאָל זײַן א רעקרוט.

פ י נ כ ע ס. דאָס האָט איר גאָרניט אין זינ צו האָבן. מען האָט מיר דער־ציילט, אז זי האָט אליינ געבעטן, מע זאָל אים אוועקשיקן קיין סיביר אפילע. וואָס האָט זי אָנצווווערן? ער איז דאָך א פארלוירענער מענטש, נאָר כארפעס און בושעס האָט זי נעבעך אלע טאָג פון זײַנע מײַסעס. אזוי וועט זי זײַנער פּאָטער ווערן. טוט, ר' ארן, אויב עס וועט אײַך געראָטן, וועט דאָס זײַן א שטיק. איך מוז אהיימ גיין, ווײַל מײַן ציפּרע איז נעבעך גאָרניט געזונט. זי ליגט אלץ אין איין פײַער, זינט דער אוקאז איז געקומען, און שרײַט פונעם פײַער: געוואלד, מע נעמט בא איר אוועק איר קינד. זײַט געזונט! אז ציפּרען וועט אביסל בעסער ווערן, וועל איך ווידער קומען צו אײַך.

(פינכעס גייט אוועק.)

א ר נ. הער נאָר, פערעלע, איך טאָר מיך ניט פארלאָזן אפ זײַן שיקן, איך מוז דעם מעשאָרעס שיקן, כאנצינ אהער רופן, און טאקע דעם נאכמען דעם גרויסן טייקעפּ אויסקליידן. איך וועל הייסן אָנגרייטן אלטע זאכן, גאנצע, פון נאכמענס וועגן.

(געעקט בא ארענען.)

## 6. נאָכאמאָל אינ שענק בא ליפשע דער מויד.
## מאָנטיק באנאכט.

(א ליכט ברענט אינעם אײַזערנעם רערל, נאָענט בא דעם שענק־טישל. ליפשע נעמט ארויס מינצ פון דעם שופלעדל, פונעם שענק־טישל און פון די גרויסע קעשענעס; גיסט צומויפ פון די גלעזלעך און פון די פלעשלעך, וואָס איז געבליבן צו ביסלעך בראָמפן — אין איינ פלעשל ארײַן, און מאכט פול. זי ציילט איבער די אויסגעזאָ־טענע אייער, און שלאָגט מיט איינ פינגער אין דער זײַט פונעם שלייער, אזוי ווי געקראצט. זי מעקט אָפּ שטרעכעלעך און רינגעלעך פון דער וואנט פון איינ אָרט, און ווידער שרײַבט זי צו אינ אנ אנדער אָרט. זי שטעלט די פּאָסטיוויצעס אויס־טריקענען. דערנאָך ציילט זי איבער די מאשקאָנעס. אזוי טאָרעד ווי זי איז — קומט

(אַרייַן נאכמען דער גרויסער, אָנגעטון אין אַ נייַער קאַפּאָטע, אַ קיטייַנער, מיט אַ גאַנצן קאַפּעלוש, אין אַ גאַנצן זייַדענעם גאַרטל, כאָטשע אַלט, נאָר נאָך גאַנץ שיין, אין געלע נענקינע פּלודערן און געוועקסלטע שטיוול. פון אַ ווייַס העמד שטעקט אַרויס אַ קאָלנער, דער האַלדז איז צוגעבונדן מיט אַ שיין פאַטשיילעכל. אַ שטעקעלע אין דער האַנט. און [ער איז] גאַנץ ריין אָפּגעוואַשן,— און טוט אַ געשריי דעם אָנהייב פון זייַן לידל: „טאַקע נאָר נאכמען...”)

**ליפשע.** וואָס האָט זיך מיר געכאָלעמט, מיר און מייַנע קינדער און מייַנע פרייַנט און מייַנע שכיינים אַ גאַנץ גייענדיק יאָר, זאָל מיר צו מייַנע סאָנימס קעפּ אויסגיין! צי ביסטו דאָס, נאכמען?

**נאכמען.** (טוט אַ קלונג מיט מינץ אין די פּלודערן־קעשענע.) איאָ, דו, ליפשע, האָסט געמיינט, מייַן לידל איז אַ פּראָסטס? איאָ, דו ביסט אַ נאַר, און די גאַנצע שטאָט זענען נאַראָנים, נאָר איינער איז דאָ אַ קלוגער, און איך, נאכמען, דערצו. (ער זינגט זייַן לידל מיט דעם גוייִשן קלעזמערס ניגנדל.)

טאַקע נאָר נאכמען איז אַ ווילער יונג,
מיט הענט און פיס, קאָפּ און צונג.

ליפשע, בראָמפן אהער, אָבער דעם אָלעמביקאָווע, אַ מאָהאָריטש, אָדער אַ קריטשינע. איאָ, די קאַפּאָטע איז געלעגן פאַרזעצט בּאַ דיר, פאַר דעם, וואָס איך האָב אַנדערע געהייסן געבן קריטשינע. הייַנט, אַז איך האָב די קאַפּאָטע אויסגעלייזט בּאַ דיר, און האָב נאָך אַ פולע קעשענע מיט געלט, בין איך מיר געקומען אַליין אַ טרונק טון, מיר אַליין קריטשינע. נו, ריר דיך, טאַקע אַ קוואַרטירל, גיכער שוין!

**ליפשע.** (גיט אים אין אַ גרויס גלאָז אַ קוואַרטירל אָפּגעמאָסטן.) געזונטערהייט זאָלסטו גיין, ביז זיי וועלן בּאַ מיר ליגן פאַרזעצט.

**נאכמען.** (טוט אַ געשריי מיט אַ ניגן, ווי מע מאַכט בעשאַס מע לייענט מאַפטיר: אָמיין! און וואַרפט אַרייַן דעכעם דעם בראָמפן.) דו, ליפשע, מיינסט, קיינער האָט מיך ניט געזען? אָהאָ, פון וואָרעמעס־צייַט אָן גיי איך מיר אַזוי אַרום אין דער גאַנצער שטאָט. אַלע קוקן מיך אָן, און איך שטעל אַרויס די צונג. מייַן פרומעלע האָט מיך אויך געזען. זי האָט טאַקע לאַנג געקוקט, און איז אַרייַנגעלאָפן. איר האָב איך די צונג ניט אַרויסגעשטעלט. דעם פאַרנעס־כוידעש וועלוול גילויוואַטע בין איך פון הינטן אָנגעקומען און האָב אים געגעבן אַ שנאָל אין דער גולע אַרייַן, מיט אַ ווערטל פון זייַנע ווערטלעך: לעמאָשל, ווי זאָגט מען עפּעס... אַלע קרעמערס האָבן געלאַכט. איידער ער האָט זיך אומגעקוקט, האָב איך אַ שפּרונג געטון איבער אַ פּאַס, וואָס איז געלעגן, און האָב מיר שיר צעריסן די פּלודערן. גאַווריעל שעד, דער הונט, האָט מיך ניט דערקענט און איז גוט זאַטשאַדעט געוועזן. ער פּאָרעט זיך בּאַ פּסיאַיאָכען. מע זאָגט, ציוויע איז גאָר גויסעס, און דאָס קינד איז טייקעף געשטאָרבן. אָ, איך מוז

הערש־לֿייבן אויסלֿערנען קאַדעש זאָגן נאָך דעם קינד. מיר ביידע זענען א פּאָר בעניעכידים, אָבער גוט געראָטן. נאָר ווי זאָגט מען: פּיאַניצע פּערע־ספּיטסיא, א דוראַק ניקאָגדא. (ער נעמט ארויס זײַן פּאַפּיר און וויל אָנהייבן זײַן לידל צו זינגען. קומט אַרײַן כ א נ צ י וועלוול גיליוואַטעס.)

כ א נ צ י. (וועלוול גיליוואַטעס ווײַב. א הויכע, א מאָגערע ייִדענע, מיט בלייזע אויגן, אביסל א געקאָרטשעטע פּאָנעם — אמאָל איז׳ס שיין געוועזן — א קליין מויל מיט גרויסע ציין. אין א שלייער פון דער אַלטער מאָדע, מיט א ווײַסער פּאַטשיילע צוגעבונדן, און א קליין שטערנטיכל, א נײַ־געהעפּטס. אָנגעטון אין א לאַנגער קאַפּראָווע קיטײַנער יופּע אפּ איין ארבל, א ברוסטוך, א צומויפגעקאָרטשעטס, א ציצנס, אין א ווײַס פּאַרטעך. די גרויסע נאָז איז פון טאַבאַקע. זי מאַכט אלץ מיט די הענט בעשאַס זי רעדט.) א גוטער נאָוונט, לֿיפּשע, שוין לאַנג, אז איך בין בא אײַך ניט געוועזן, אז איר וועט וועלן די הרובע אײַנלֿייגן. כ׳לֿעבן, ווי זאָגט מען דאָרטן: מע ווינט אין איין שטאָט, זעט מען זיך אָפּט אין מאַרק און אין שול, און צישן די קלֿייטן, נאָר, פּראַוודע, איר האָט, אָן אײַנהאָרע, אינדערהיים צו טון, אז איר גייט נאָר אמאָל אין יאָר ארויס פון דער שטוב. זאָגט נאָר, ווער איז דער יונגערמאַן? עפּעס זייער באַקענט. איך האָב אין פלוג געוואָלט זאָגן אלץ: ר׳ נאַכמען, זיי קאָן איך דאָך. איר האָט דאָ א מאַשקן פון דעם גאַווריִעלן, א פּעלֿץ, דאַכט מיך, נאָר דאָ גייט ווינטער, און דער גאַווריִעל איז געוואָרן א קאָהאָל־שאַמעס, וויל איך דעם פּעלֿץ אויסלֿייזן. וויפל איז ער אײַך שולדיק?

לֿ י פּ ש ע. אײַ, אײַ, אײַ, וויפל ער איז שולדיק? גאַווריִעל איז שולדיק גאָט די נעשאָמע, און מיר קומט אפּ דעם פּעלֿץ, מײַן לֿיבע כאַנצי, דרײַ גילדן מיט צוועלף גראָשן. איר וועט, כ׳לֿעבן, א מיצווע טון, אז איר וועט מיר דאָס געלֿט באַצאָלֿן. ער האָט הײַנט פון וואַנען, וועט ער טרינקען פאַר מעזומען. טאָמיד איז מעזומען בעסער. ווי זאָגט איר, כאַנצי? נאָר אז ס׳איז ניטאָ קיין מע־זומען: משכן בבית — שלום בעקעשענע, שטייט אין פּאָסעק. (זי גייט אין אַלקער אַרײַן ברענגען דעם פּעלֿץ. זי זאַמט זיך.)

כ א נ צ י. איר ווייסט, ר׳ נאַכמען, אז איך בין א שאַדכנטע, און בין טאַקע אומיסנע געקומען מיט אײַך א זאַך צו שמועסן, וואָס קיינער דאַרף ניט וויסן. איר זענט דאָך א קלֿוגער, איך וויל ניט, אז די לֿיפּשע זאָל וויסן. אָט וועט זי אַרײַנקומען, וועל איך איר צאָלֿן פאַר דעם פּעלֿץ און וועל אוועק־גיין, וועט איר מיר נאָכגיין ארויס אפּ דער גאַס. איין וואָרט וויל איך אײַך זאָגן אינדערגיך, אז איך וויל אײַך שאַדכענען פאַר א קאַלֿע פרומעלֿען. איאָ, איר קענט זי פאַר א שיין מיידל? זי האָט אײַך הײַנט געזען אזוי אויסגע־קלֿיידט, ווערט זי טאַקע די קאַפּאָרע נאָך אײַך. נאָר קיינער טאָר ניט וויסן דערפון, אפילֿע די פּאָטער־און־מוטער דאַרפן דערפון ניט וויסן. נו, האָט איר עפּעס כיישעק, זאָגט! (זי קלֿאַפּט נאַכמענען אפּ די אַקסלֿען.) בין איך עפּעס א גוטע שאַדכנטע?

**נאכמענ.** (איז דאָ פונ די ווערטער גאָר פריילעכער געוואָרנ ווי טאָמיד, אונ טוט א געשריי גאָר ניט מיט זײַנ קאָל.) מעכײַעדיק, כאנצי, וויל! אז דו ווילסט, כאנצי, שפרינג איכ ארופ אפ דעמ טיש אונ שפרינג אראָפּ אפ איינ פוס. (ער וויל שפרינגענ אונ רעדנ. כאנצי גיט אימ א ווונק מיטביידע הענט אונ פארבײַסט די ליפּנ.)

טאקע נאָר נאכמענ איז א ווילער יונג,
מיט הענט אונ פיס, קאָפּ אונ צונג.

(דערווײַל קומט ארײַנ ליפשע אונ ברענגט א פעלצ. דער פעלצ איז גאָר א צעריסענער.)

**ליפשע.** איר מיינט, דער פעלצ איז גאָר ווערט דאָס געלט, וואָס מיר קומט? איכ נעמ טאָמיד מאשקאָנעס, וואָס מע גיט מיר, אונ פאָרט קויפט מענ ניט קיינ אנדערנ ניט. איטלעכער האָט ליב זײַנ פעלצ, זײַנ גארטל, אָדער וואָס ער גיט פאר א מאשקנ.

**כאנצי.** איטלעכער ווייסט אינ זײַנ פארנאָסע ווי אזוי צו טונ. (זי גיט איר דרײַ גילדנ מיט צוועלף גראָשנ.) דעמ פעלצ וועט איר מויכל זײַנ אָפּשיקנ צו מיר. זײַט אײַכ געזונט, אונ האָט אײַכ א גוטע נאכט! איכ מוז אהיימ גיינ. אָט האָב איכ א מיצוועלע געטונ, כ'לעבנ, וואָס דענ מיינט איר, בינ איכ געקומענ באדערנאכט? אפ וואָס דענ בינ איכ אויסנ? אָט, א מיצווע.

**ליפשע.** זאָגט־זשע, וואָס טוט, נעבעכ, דאָס ווײַבל ציוויע? עפּעס זאָגט נאכמענ, זי איז גויסעס, נעבעכ! א שײַנענדיק ווײַבל, ווער ווייסט, עפשער איז זי ערלעכ? (זי גיט א [הוסט] (היס).) הא, ווי זאָגט איר?

**כאנצי.** די בושע איז זייער גרויס, כאָטשע, אפ דער פסיאָכעכע איז א גרויסע מיצווע. נאָר דערווײַל איז א ראכמאָנעס. גאָט ווייסט, וואָס ער טוט. א גוטע נאכט! (זי גייט אוועק.)

**נאכמענ.** ליפשע, גיב מיר נאָכ א גלעזל אָלעמביקאָווע בראָמפנ, אונ נא דיר מעזומענ געלט. גיכער, וואָרינ איכ דארפ געניייטיק אוועקצוגיינ. (ער נעמט ארויס פונ די פלודערנ־קעשענע געלט אונ צאָלט. ליפשע גיט אימ א טרונק בראָמפנ. ער קערט איבער דאָס גלעזל דעכעמ אונ גייט אוועק) א גוטע נאכט, ליפשע! אז איכ וועל אָנקלאפּנ, וועסטו מיר עפענענ, איאָ?

## 7. אינ ניביוואלע אפ דער גאס. באנאכט. מאָנטיק.

(פינצטער אונ שטיל ארומ אונ ארומ, נאָר כאנצי שטייט דאָ מיט נאכמענ דעמ גרויסנ אונ שמועסנ. פונוויטנס גייט גאווריעל שעד.)

**כאנצי.** אזא שיינער יונג, אז ער איז אויסגעקליידט! א לוסטיקער יונג ביסטו אויכ, נו, פארוואָס זאָלסטו ניט געפעלנ? זי, פרומעלע, גייט גאָר אויס נאָכ דיר, זי וויל טאקע מעשונע גאָר דעמ שידעכ. דער פאָטער מיט

דער מוטער וועלן אויך זאָגן יאָ, אַז זי וועט נאָר שטאַרק זאָגן, זי ווילֿ דיך. נאָר...

נ א כ מ ע נ. האָט זי, פרומעלֿע, דיר געזאָגט, אַז זי האָט מיך הײַנט געזען אין די קלֿיידער, גאָר פֿײַן אָפּגעוואַשן, מיט אַ שטעקלֿע אין דער האַנט? איך האָב מיך זאַרעז געשטויסן, אַז איך האָב געזען, זי איז אַרײַנגעלֿאָפֿן. זי איז זייער שיינ און זייער זיס, אַ קאַפּאָרע זאָלֿ איך ווערן פאַר איר פיס. דאָס שטייט בּאַ מיר אין לֿידעלֿע פאַרשריבּן. ווועמען איז גוט? נאַכמענען! וועמען איז ווילֿ? נאַכמענען! ווער האָט אַ שיינע קאַלֿע? נאַכמענען! ווער האָט אַ קלֿוגע קאַלֿע? נאַכמענען! ווער איז אַ יונג? נאַכמענען! אַז דו ווילֿסט, וועלֿ איך דיר אויסנווייניק זינגען אַלֿץ, וואָס בּאַ מיר איז אופגעשריבּן אין מײַן לֿידלֿ. איך האָבּ דאָס מיר געלֿאָזט אופשרײַבּן, און לֿייען דאָס ווי אַ וואַסער. הײַנט לֿאָז איך מיר גאָר אַ נײַ לֿידלֿ שרײַבּן:

פרומעלֿע מײַן,<br>
איך בּין דײַן.<br>
איך, נאַכמען, בּין שיינ,<br>
וואָרין פרומעלֿע איז פֿײַן.

איאָ, שרײַבּן? זאָג שוין, וואָס האָט פרומעלֿע דיר געזאָגט, די שיינע, די גוטע, די קלֿוגע פרומעלֿע מײַן?

ג א וו ר יִ ע לֿ ש ע ד. (גייט זייער שיקער, פאַלט פון די פיס און רעדט צו זיך אַליין.) שלֿוימע פסיאַיאָכע, אַ רועכ אין דײַן טאַטן! בּראָכע פסיאַיאָכע, אַ רועכ אין דײַן מאַמע! ציוויעלֿע איז געשטאָרבּן, אַ רועכ אין איר טאַטן! הערש־לֿייבּ נאַר, אַ רועכ אין דײַן טאַטן! גאַווריִעלֿ שעד, אַ רועכ אין דײַן טאַטן! כעוורע־קאַדישע, אַ רועכ אין דײַן מאַמעס טאַטן אַרײַן! זאַרעז אַרויס, גאַווריִעלֿ! וואָס, גאַווריִעלֿ קאָן ניט אָפּהייבּן? אַפילֿע סמעטענע קאָן איך אויך אָפּהייבּן. אַ שאַמעס בּאַ קאָהאָלֿ קאָן איך זײַן. פע, פאַסקודנע בּראָמפן איז בּאַ דעם מעשור־מעד. טאַקע נאָר בּאַ לֿיפשע דער מויד! לֿיפשע, אַ רועכ אין דײַן טאַטן! גאַווריִעלֿ שיקער, אַ רועכ אין דײַן מאַמע! איך זאָלֿ נאָר טרעפן צו לֿיפשעס טיר, אַ רועכ אין מײַן טאַטן אַרײַן! וואָרין איך ווייס, וואוהין איך גיי? פע, פאַסקודנע בּראָמפן. אַ רועכ אין דײַן טאַטן אַרײַן! (ער גייט בּאַ אַ וואַנט, און גיט זיך אַ זעץ אין דער וואַנט אַרײַן, אַז סע הילֿעכט.) וואַנט, אַ רועכ אין דײַן מאַמען אַרײַן!

כ א נ צ י. (טוט אַ זיפץ, אַז זי הערט, ציוויע איז געשטאָרבּן, און רוקט זיך אַוועק מיט נאַכמענען, גאַווריִעלֿ שעד זאָלֿ זיי ניט זען.) יאָ, זי האָט מיר הײַנט דערציילֿט, אַז זי האָט דיך געזען, אַפילֿע נאָך וואַרעמעס, דו בּיסט געגאַנגען גאַנץ פריילֿעך. זי גייט גאָר אויס נאָך דיר. נאָר...

נ א כ מ ע נ.

פרומעלע מײַן,
איך בין דײַן.
איך, נאכמענ, בין שיין,
וואָרין פרומעלע איז פײַן.

זאָג, כאנצי, איך וויל דיר טונ א קוש דערפאר, כאָטשע דו ביסט אנ אלטע יידענע. זאָג שוין, וואָס זאָגסטו אלץ „נאָר״?

ג א וו ר י ע ל ש ע ד. א רועכ אינ קאָהאָלס טאטנ ארײַנ! זיי מיינענ, איך וויל זיי הערנ, נעמענ קינדער פאר נעקריטנ? א מאקע זיי, א רועכ אינ קאָ־האָלס טאטנ ארײַנ! איך וויל א כאפ געבנ גרויסע, אונ דושענ געלט. א רועכ אינ דער וועלט ארײַנ, ווו קיינ לײַט גייענ ניט! פע, פאסקודנע בראָמפנ. א רועכ אינ דעמ בראָמפנס טאטנ ארײַנ! ווו בינ איכ? גאווריִעל שיקער, א רועכ אינ דײַנ מאמענ ארײַנ! ליפשע די מויד, א רועכ אינ דײַנ טאטנ ארײַנ, ווו ביסטו? נעקריטנ א כאפ! די מאמע וועט וויינענ, די מאמע וועט שרײַענ, די וועט כאלעשנ: מײַנ קינד! די וועט ברעכנ די הענט: מײַנ קינד, מײַנ קינד! כאלעשט, וויינט, ברעכט די הענט, שרײַט. איך בינ א לאָווטשע, טו איך א כאפ אונ לאכ מיכ אויס. א רועכ אינ דײַנ טאטנ ארײַנ, וואנט! (ער גיט זיכ א זעצ אינ דער וואנט ארײַנ אונ פאלט.) דאָ איז שוינ גאָר, גאווריִעל שיקער, א רועכ אינ דײַנ טאטנס טאטנס טאטנס טאטנ ארײַנ! פע, פאסקודנע בראָמפנ, פיפ... פע... (ער קאָנ שוינ ניט רעדנ אונ זאָגט נאָר פאררומפנ.) א רועכ, בראָמפנ, אינ דײַנ... ליפשע, ווו ביסטו, טעלעפאָ...? פיפ... פיפ... פע...

נ א כ מ ע נ. אָ, מוז זײַנ שטארקער בראָמפנ בא דעמ מעשומעד. מאָרגנ מוז מענ אהינ א גיי טונ. ליפשע מישט מיט וואסער, די בעסטיע. זאָג־זשע, כאנצי, וואָס זאָגסטו אלץ „נאָר״? מיינסטו, אז איך זאָל דעמ טרונק אוועקלייגנ? אז פרומעלע מײַנ וועט נאָר א פיפס טונ — ניט א קאָפ, ניט א טראָפנ!

פרומעלע, דו ביסט זיס,
א קאפאָרע זאָל איך ווערנ פאר דײַנ פיס.

כ א נ צ י. אז דו האָסט פרומעלענ אזוי ליב, ווי דו זאָגסט, האָט זי מיר געזאָגט, אז זי וויל דיר אפילע שענקענ אירס א פינגערל. נאָר...

נ א כ מ ע נ. זאָג שוינ וואָס פאר א „נאָר״, אלצדינג וועל איך פאָלגנ, וואָס פרומעלע מײַנ, פרומעלע פײַנ וועט מיר הייסנ, אפילע אינ פײַער ארײַנ, אפילע אינ פײַער ארײַנ.

פרומעלע, דו ביסט שיינ, דו ביסט זיס,
א קאפאָרע זאָל איך ווערנ פאר דײַנ פיס.

זאָג שוינ, כאנצי, וואָס מיינסטו מיטנ „נאָר״?

**כאנצי.** נאכמענ איז אזא ווילער יונג, אז ער וועט איר אוואדע ניט אָפּזאָגנ, דער שיינער זיסער פרומעלענ. מאָרגנ זאָל זיכ נאכמענ אליינ שטעלנ פאר א נעקריט. אונ איכ גיב דיר טייקעפ פונ פרומעלענ א פינגערל, וואָס זי האָט מיר מיטגעגעבנ, דיר צו שענקענ. פונ דער זיסער פרומעלעס אייגענער האנט. זי אליינ, די שיינע פרומעלע, האָט מיר [דאָס] פונ דיינעטוועגנ געגעבנ.

**נא דיר.** (זי גיט אימ דאָס פינגערל.)

**נאכמענ.** (גיט א קוש דאָס פינגערל אונ טוט א שפרונג.) מאָרגנ גאנצ פרי גיי איכ אריינ צו קאָהאָל אונ כאסמע מיכ פאר א נעקריט. נאָר הערסטו, כאנצי, מאָרגנ פרי וועל איכ פארבייגיינ אירע פענצטער; — אז דו ביסט א קלוגע שאדכנטע, זאָג, זאָל איכ איר זאָגנ: גוט־מאָרגנ אונ א ווייז טונ די פראָשעניע? (ער גיט א קוש דאָס פינגערל אונ טוט א שפרונג.)

פרומעלע איז שיינ, פרומעלע איז זיס,
א קאפּאָרע זאָל איכ ווערנ פאר איר פיס.

**כאנצי.** זע, נאכמענ, מאָרגנ אינדערפרי וועל איכ מיט פרומעלענ שטיינ בא דעמ פענצטער, ווו דו וועסט גיינ, אונ אז דו וועסט זיינ א קלוגער, אונ גאנצ פיינ זאָגנ גוט־מאָרגנ. — נאָר קיינ שומ מענטש זאָל גאָרניט ויסנ, וואָרינ, קאָנסטו אונדזערע ניביוואלער יידלעכ, וועלנ אָנהייבנ אנ־דערע שידוכימ צו רעדנ, וועט מענ מיר קאליע מאכנ מיינ שאדכאָנעס, אונ דיר, כאָלילע, דעמ שידעכ. פארשטייסטו, קלוגער נאכמענ, גאָר שטיל אונ גע־גאנגענ מיט צוויי איידעס אריינ צו קאָהאָל, אָדער בעסער גאָר אינ הויפ אריינ, אונ געכאסמעט גאנצ פיינ א פאפּיר. איכ האָב א גרייט פאפּיר אָנגעשריבנ בא מיר. נא נעמ, אונ טו א כאסמע אונ טראָג מאָרגנ אינ הויפ אריינ. דו ביסט דאָכ א קלוגער, דו שמועסט דאָכ פויליש גאנצ גוט, אונ פרומעלע די זיסע וועט זענ ווי ליב דו האָסט זי, דורכ דעמ פאפּיר. אָט דאָ וועסטו ערשט זיינ א ווילער יונג, ווי פרומעלע זאָגט: „מיינ נאכמענ איז וויל".

**נאכמענ.** (טוט א שפרונג אונ גיט א קוש דאָס פינגערל.)

מיינ פרומעלע איז שיינ, מיינ פרומעלע איז זיס,
א קאפּאָרע זאָל איכ זיינ פאר איר פיס.

אונ דו, כאנצי, זאָלסט איר זאָגנ, אז איכ וועל פאר קיינ שומ מענטשנ נישט אויסזאָגנ, אונ וועל ניט טרינקענ ניט א קאפּ בראָמפנ, א ניט א טראָפּנ, אז זי הייסט ניט. כאנצי, לאָמיכ דיר א קוש טונ פאר שאדכאָנעס, דו ביסט קלוג, די ביסט גוט. (ער כאפּט זי ארומ אונ גיט איר א קוש.) איאָ,

נאכמענ איז א ווילער יונג,
מיט הענט אונ פיס, קאָפּ אונ צונג?
פרומעלע מיינ, פרומעלע פיינ... (ער שפרינגט אונ זינגט.)

כאנצי. געגוג, איך מוז שוין אהיים גיין, עס איז שוין שפעט. גענוג, א גוטע נאכט, כאָסנ נאכמענ. נאכמענ איז א ווילער יונג. (זי, כאנצי, גייט אוועק, און נאכמענ גייט אינ אנ אנדער זײַט אוועק.)

## 8. אינ ניביוואלע בא פינכעס דעמ רויטנ. אינדערפרי. דינסטיק.

(אינ עק פונ דער גאס, צום מארק־צו, איז א נײַ הויפל, פירעקעכיק, מיט א דאכ פונ נײַע שינדלענ. פונ דער גאס גייט מענ אפ צוויי טרעפלעכ ארײַנ אינ הײַזל. די פענצטער זענענ: דרײַ אפ איינ זײַט פונ די טרעפלעכ און צוויי אפ דער אנדערער העלפט. דער באלעבאָס, ר׳ פינכעס דער רויטער, איז שוינ אוועקגאנגענ פונ דער היימ צו ר׳ ארנ באל-מאכשאָווע. ציפרע שלאָפט נאָכ, ווײַל זי איז שלאפ. אינ דער גרויסער שטוב פונ די דרײַ פענצטער שטייט א קאנאפע און בענקלעכ מיט ציצ איבערגעצויגנ. א קאמאָדע, אפ דער קאמאָדע שטייענ עטלעכע פאָר זילבערנע לײַכטער, א שקאטולקע און א פאָר ספאָרימ. אפ די ווענט הענגענ קארטינעס עטלעכע און קליינע שפיגעלעכ. איבער דער טיר, וואָס גייט אינ שלאָפ־כיידער ארײַנ, איז אזוי ווי אנ אײַנגעמויערט שאפקעלע מיט א גלעזערנ טירל. דרינענ שטייענ שאָלנ און א טשײַניק, גלעזלעכ און פלעשלעכ געשליפענע. צו דער אנדערער טיר־צו, וואָס גייט אינ הײַזל ארײַנ, איז א קאָמינ, אויכ מיט צוויי פאָלעצעס. די אייבערשטע איז פול מיט ספאָרימ, די אנדערע איז מיט פלעשלעכ פונ רעפועס. עטלעכע פאָר גאָפל־און־מעסער, ביינערנע, א וועקשטיינ, א קעמל, א שטרוינ־בערשטל און א שפיגעלע, וואָס ליגט זיכ צומויפ אינ א פאפירנ רויט פודעלע. אימיטנ שטוב שטייט א קײַלעכדיקער טיש, א הילצערנער, א פראָסטער; דערופ שטייענ גלעזער מיט אָפגעטרונקענעמ טיי, א טינטאָרנ מיט פענעס און פאפיר. הינטערנ טיש שטייט א סאמאָוואר, א קופערנער. דאָס איינע פענצטער, וואָס איז אָפנ [...], בא דעמ פענצטער זיצט כאנצי. נעבנ איר, אקעגניבער אפ א בענקל זיצט פרומעלע, א מיידל פונ זעכצנ יאָר, הויכ געוויקסיק און פעט, זייער שיינ, מיט רויטלעכע האָר ווי גאָלד. א ווײַס שיינ פאָנעמ, א קײַלעכיקס, מיט רויטע בעקלעכ, צוויי גראָע אויגנ, זייער קלוגע, א קליינ מײַלעכל מיט צוויי רויטע ליפנ, א בערדעלע מיט א כיינ־גריבעלע, די האָר פײַנ געפלאָכטנ אינ צוויי צעפּ. א שלאָפ־רעקל א ציצנס, זייער מאָדנע גענייט, שיכ און זעקלעכ ריינ און ווײַס. די הענט זענענ אויכ זייער שיינ און ריינ. זי ארבעט א זאָק און הערט, וואָס כאנצי דערציילט.)

כאנצי. (לאכט) דו זאָלסט געווען הערנ, ווי ער האָט געשפרונגענ פאר סימכע, און זאָלסט געוועזנ זענ זײַנ זינגענ „פרומעלע מײַנ, פרומעלע זיס, א קאפאָרע זאָל איך ווערנ פאר איר פיס", וואָלסטו געהאט א גאנצ יאָר צו לאכנ. וואָס, זאָגט ער, פרומעלע מײַנ, פרומעלע פײַנ, זאָל נאָר א פיפס טונ, וועל איך ניט א טראָפּנ, ניט א קאפּ בראָמפנ נעמענ אינ מויל ארײַנ. כא־כא־כא! (זי לאכט) אז איך האָב אימ געוואָלט ארופּברענגענ, ער זאָל זיכ פארשרײַבנ אליינ פאר א נעקריט, האָב איך אימ קלאָמערט געגעבנ א פינגערל, וואָס עס איז ווערט א גראָשנ. איך האָב אימ געזאָגט, פרומעלע האָט אימ דאָס געשיקט.

(זי לאכט) כא־כא־כא! האָט ער דאָס אביסל אָנגעהויבנ צו קושנ, אונ ווידער געשפרונגענ, „פרומעלע מײַנ, פרומעלע פײַנ" געזונגענ, אונ איז געווענ גאָר, גאָר העט ארופצופליִענ אינ הימל ארײַנ.

פרומעלע. (איז שטארק פארטראכט אונ הערט פאָרט צו איטלעכס וואָרט אונ קוקט ארויס פונ דעמ פענצטער.) נו, אז איר האָט אימ געזאָגט, ער זאָל זיכ אליינ פאר־שרײַבנ פאר א רעקרוט, נו, וואָס האָט ער געענטפערט?

כאנצי. כא־כא־כא! (זי פארהוסט זיכ לאכנדיק.) האָט ער זיכ גאָר מעיאשעוו געווענ, מיינסטו? ניט א מינוט. פונ פרומעלעס וועגנ, אז מײַנ פרומעלע הייסט, גיי איכ אינ פײַער ארײַנ, אָדער אינ וואסער ארײַנ טייקעפ. „פרומעלע איז זיס, א קאפּאָרע זאָל איכ ווערנ פאר איר פיס", דאָס האָט ער געזונגענ אונ גע־שפרונגענ, ווי א מעשוגענער, אונ אלצ געקושט דאָס מעשענע פינגערל.

פרומעלע. עפשער האָט ער געמיינט, דאָס פינגערל איז א טײַערס? ווער ווייסט, וויפל דאָס פינגערל איז בא אימ אײַנגעשאצט.

כאנצי. וואָס רעדסטו, מײַנ קינד, — אינ דער פינצטער! ער האָט דאָס גאָר־ניט אָנגעקוקט אפילע, נאָר וואָס איכ האָב אימ פירגעזאָגט, אז פונ פרומעלעס האנט איז דאָס פינגערל, האָט ער עס געקושט אונ געקושט. דו זאָלסט געווענ זענ זײַנע האוויִעס, וואָלסטו געלאכט אונ דיכ בא די זײַטנ געהאלטנ. אזא מאיאסעניק, וואָס טויג אימ געלט, וואָס טויג אימ עפּעס? „פרומעלע מײַנ, פרומעלע פײַנ, פרומעלע איז שיינ, פרומעלע איז זיס, א קא־פּאָרע זאָל איכ ווערנ פאר איר פיס" האָט ער געזונגענ אונ געשפרונגענ, אז איכ האָב מוירע געהאט, עמעצער זאָל ניט דערזענ. זאָג, מײַנ קינד, וואָס ביסטו אזוי פארמישט אונ בלייכ?

פרומעלע. (טוט א שווערנ זיפצ.) איר זענט דאָכ א קלוגע, ווי אזוי האָט איר אימ ארויסגעזאָגט אזא נארישקײַט, ער זאָל זיכ גיינ פארשרײַבנ אליינ פאר א רעקרוט? דאָ גייט ער דאָכ אוועק אפ אייביק פאר א סאָלדאט.

כאנצי. כא־כא־כא! (זי לאכט אונ האלט זיכ בא די זײַטנ.) איכ זאָל נאָר די מאמע ניט אופוועקנ מיט מײַנ געלעכטער. איכ קאָנ מיכ ניט אײַנהאלטנ פאר געלעכטער. סטײַטש, פונ פרומעלעס וועגנ, אז איכ האָב אימ געזאָגט: פרו־מעלע זאָגט, אז אויב דו האָסט זי ליב, וויל זי, דו זאָלסט דיכ גיינ פאר דער גאנצער שטאָט פארשרײַבנ פאר א נעקריט. אפ דער מינוט האָט ער מיכ ארומגעכאפּט, (פרומעלע לייגט אוועק דעמ זאָק ארבעטנ, זיפצט שטארק אונ איז זייער בלייכ אונ הערט זיכ גוט צו) איכ שעמ מיכ צו זאָגנ, אונ גיט מיר א קוש. טייקעפ, אז פרומעלע מײַנ, פרומעלע פײַנ הייסט, גיי איכ גאנצ פרי אונ כאסמע מיכ פאר א נעקריט. אונ האָט מיר צוגעזאָגט, אז גאנצ פרי וועט ער דאָ פארבײַגיינ מיט דער סופליקע גרייטערהייט געכאסמעט, אונ וויל דיכ נאָר זענ אונ דיר זאָגנ גוט־מאָרגנ. (זי טוט א קוק ארויס פונעמ פענצטער.) זע נאָר, אָט גייט ער, די צאָרע

אויסגעפוצט, ווי צום טאנצ, און קוקט טאקע גלײַך אהער. אזא לייד, אזא צאָרע טרעפט זיך ניט אין דער גאנצער וועלט. קוק אים נאָר אָן, ער מיינט די וועלט איז זײַן, כא־כא־כא ... (זי לאכט און פארשטעלט זיך דאָס מויל.) קוק נאָר ווי ער איז אויגעטשאָגלט, ווי עפעס רעכטס, מישטיינס געזאָגט: קראָפּעווע וואקסט הויך. ווי מעכוער ער איז, גאנצ טשאקענדיק אויסגעצוואָגן די פּייעלעך. ווײַ איז דער מאמע, וואָס האָט אזא צאָרע! א גוט קאדעשל! זע נאָר, אָט קומט ער נעענטער. איך מוז מיר צוהאלטנ דאָס מויל, איך זאָל אים ניט לאכנ אינ די אויגנ ארײַנ. (פרומעלע ציטערט, ווי איינע, וואָס האָט קאדאָכעס, און רוקט זיך פּאָרט צו צום פענצטער.)

פ ר ו מ ע ל ע. (טוט א זיפצ.) וואָס זאָל איך טונ, זאָל איך אים ענטפערנ גוט־יאָר?

כ א נ צ י. (לאכט און האלט זיך צו דאָס מויל.) כא־כא־כא, ענטפער אים קלאָ־מערשט. (מע זעט זײנעם פענצטער באכמענעג גיינ זייער גוט אָנגעטונ, אויסגעצוואָגנ, א שטע־קעלע אינ דער איינער האנט, אינ דער אנדערער האנט האלט ער א פאפיר. ער גייט פאר די פענצטער און טוט א שאָקל מיט א סימכע און אביסל דערשראָקנ דעמ קאָפּ און זאָגט גוט־מאָרגנ. פרומעלע קוקט שטארק צו אים און זאָגט ציטעריק גוט־יאָר.) נו, שוינ ביסטו איבערגעקו־מענ די גאנצע זאכ, און פּאָטער. (זי זעט, פרומעלע איז זייער בלייך און וויל זיך אני־דערלייגנ אפ דעמ אָנשפאר פונעמ בענקל.) וואָס איז דיר, פרומעלע? האָב קיינ מוירע ניט, קיינער וועט ניט וויסנ, ער האָט מיר געשווירנ, אז ער וועט קיינ שומ מענטש ניט זאָגנ ניט א וואָרט. אָ, דערופּ בינ איך שוינ באָרוכ־האשעמ קיינ נאר ניט, איך האָב׳ס באוואָרנט. (פרומעלע זיפצט שווער און טרערנ שטעלנ זיך איר אינ די אויגנ.) גלײַכ דו ווייסט, וואָס פאר א טויווע דאָס איז פאר דער שטאָט, אזא מאיאסעניק פּאָטער צו ווערנ אפּ אייביק. ווייסטו, וואָס ער האָט אביסל געטונ נעכטנ? מײַנ מאנ איז געגאנגענ איבער דער גאס אינ זײַנ מאסע־מאטנ, קומט דער מאיאסעניק פונ הינטנ און גיט מײַנ מאנ א שנאָל אינ דער גולע ארײַנ און טוט א שפּרונג אוועק. נו, ווי כאפּט מענ אזא שפּרינגער? מײַנ מאנ איז מע־וויעש געוואָרנ און האָט שיר געכאלעשט.

פ ר ו מ ע ל ע. (טוט קוימ אזוי ווי א לאכ.) נו, דאָס איז פונ יונגע מענטשנ א קאטאָוועסל, אָבער אנ ערלעכער, גוטער יונג איז ער דאָכ, אָבער קיינ שלעכטס, כאָלילע, האָט מענ פונ אימ קיינמאָל ניט געזענ און ניט געהערט, ער איז פארשארט... (זי ווערט ווידער גאָר שטיל און בלייך און שטארק פינצטער, האלט מיט איינ האנט זיך בא דעמ הארצנ, מיט דער אנדערער האנט האלט זי זיך צו דעמ מויעכ און זיפצט שטארק.)

כ א נ צ י. האָב מיר ניט פאריבל, יונגער סייכל, סטײַטש, אז ניביוואלע זאָל זײַנ א רעכטע שטאָט, וואָלט מענ ניט געדארפט כאפּנ אזא יונג און אָפּשמײַסנ? מײַנ מאנ איז דאָכ פּאָרט פּארנעס־כוידעש און אנ אלטער באלעבאָס אינ שטאָט. זאָג נאָר, פרומעלע, ערשט האָסטו געלאכט, און עפּעס ביסטו ווידער פאר־טראכט און זיפצסט, און ביסט אזוי טויט און אזוי פינצטער. הא, וואָס די מאמע

איז נעבעך ניט געזונט? איך וויל דיך ווידער לאַכנדיק מאַכן, אַז איך וועל דיר נאָכאַמאָל דערציילן, ווי דער מאַיאָסעניק נאַכמען האָט מיך אַרומגענומען און האָט מיר אַ קוש געגעבן. האָב אים אַ רוק! ער האָט מיך שיר פאַרבריהט מיט זײַן פּיסק. אַז איך בין אַמאָל געוועזן אַ יונג ווײַבל — שקאָדע, וואָס איך בין הײַנט אַן אַלטע ייִדענע — בין איך אַמאָל אויך שיין, ווי דו קוקסט מיך אָן, געוועזן. מײַן מאַמע איז געוועזן אַ קרעמערן, פֿלעגן קומען פּריצים און פּריצטעס: „אָ, יאַקע טאָ פּיענק[נ]ע, אָ, יאַקע טאָ לאַדנע!..״ אַמאָל איז, הערסטו, אַרײַנגעקומען אַ יונגער פּאָרעץ, אַ שײַנדיקער, און איז צוגעפאַלן און האָט מיר, הערסטו, אַ קוש געטון, האָב איך דיר אַ גאַנצן טאָג געוויינט. מײַן מאַמע, אַ גוטע מעליצע זאָל זי זײַן, האָט מיך אויסגעשטראָפט, הערסטו, מיט די ווערטער: „מײַן קינד, לאָז זיך דיר דאַכטן, אַ הונט האָט אַ לעק געטון״. נאָר דאָס געדענק איך, אַז דער יונגער פּאָרעץ האָט מיר אויך אַזאַ הייסן קוש געטון ווי פײַער. האָב איך מיך נעכטן דערמאַנט, דאָס, וואָס מײַן מאַמע האָט מיר געזאָגט: אָט לאָז זיך מיר דאַכטן, אַ הונט האָט אַ לעק געטון. גאָט וועט מיך דערפאַר ניט שטראָפן, גאָט ווייסט דעם עמעס, אַז איך האָב נאָר געטון, אַבי די שטאָט צו פּאַטערן פון אַ נעקריט. עפּעס אַ קאַטאָוועס, זינט פּרײַטיק אָן וויינען אַלע מאַמעס, וואָס האָבן קינדער. (פּרומעלע ברעכט די הענט, זיפצט און איז זייער בלייך און פּינצטער, און טרערן שטעלן זיך איר אין די אויגן. זי וויל עפּעס זאָגן און קאָן דאָס מויל ניט עפענען. דער קאָפּ הענגט אַראָפּ.) זאָג, מײַן קינד, וואָס זיפצסטו? געלויבט צו גאָט, ווי דאָס פייגעלע האָט געזאָגט: „מײַן מאַמע האָט קיין קינדער ניט געהאַט, איך וועל אויך קיין קינדער ניט האָבן״. דײַן מאַמע האָט באָרוך־האשעם קיין ייִנגלעך ניט, וואָס דאַרפסטו דיך צו זאָרגן? אָט קומט דער טאַטע, וועט ער אונדז דערציילן, ווי אַזוי דער מאַיאָסעניק נאַכמען האָט אָפּגעגעבן דאָס פּאַפּיר אין הויף. (פּינכעס דער רויטער קומט אַרײַן און לייגט אַנידער דעם קאַפּעלוש. ער קוקט זיך ניט צו צו פּרומעלען. זי הייבט זיך קוים אויף און וויל הערן, וואָס ער וועט דערציילן. [זי] זעצט זיך צוריק אויף דער קאַנאַפּע. זי איז בלייך ווי אַ טויטע און פאַרשרומפּן דאָס מויל, די אויגן זענען ווי פאַרגלייזט, און [זי] ברעכט די הענט.)

פּינכעס. נו, כאַנצי, איר זענט אַ באַלמעלאָכעטע. איר זאָלט געוועזן זען, ווי דער נאַכמען איז געקומען גלײַך אין הויף אַרײַן. ר׳ אַרן איז אויך דערבײַ געוועזן. דער סאָר האָט געמיינט טכילעס, עס איז עפּעס רעכטס און דער קאַפּיטאַן־ספּראַווניק איז גראָד געוועזן בײַ אונדזער גראַף, — איר ווייסט דאָך, אַז בײַניײַהעם איז דאָך אַלץ מיט גרויס דערעכערעץ, — האָט דער ספּראַווניק געזאָגט: גראַף ניביוואַלסקי, עמעצער איז צו דיר געקומען. האָט מען דאָ אַרײַנגעלאָזט דעם באָכער, ער האָט טאַקע געשײַנט. (פּרומעלע מאַכט צו די אויגן און האַלט זיך מיט דער האַנט בײַם האַרצן און ציטערט, בלייך, פּינצטער ווי די ערד.) גיט ער דעם ספּראַווניק דאָס פּאַפּיר און זאָגט מיט אַזאַ כיישעק נאָך דערצו: איך וויל זײַן אַ רעקרוט פאַר דער גאַנצער שטאָט, (פּרומעלע טוט אַ שאָקל און אַ טרעס מיט

זיך ווי א כוילע־נויפלֿ) און רעדט נאָך, מישטיינס געזאָגט, אזוי גוט פוילֿיש דערצו. ר׳ ארנ און איך האָבנ מיר גאָר געציטערט, ווי דער ספּראווניק און דער גראפ האָבנ אים אָנגעהויבנ אָפּצורעדנ: סטייַטש, אזא שיינער מענטש, אזא יונגער מענטש זאָלֿ זיך אלֿיינ אוועקגעבנ אפ זייַנ גאנצ לֿעבנ פאר א סאָלֿדאט? (פרומעלֿע ווערט ווי פארמישט, און דאָס מוילֿ איז איר פארצויגנ. זי טוט ווידער מיט זיך א שטארקנ טרעס.) הערסטו, פרומעלֿע, דו הערסט ניט? ענטפערט דער באָכער: דאָס, וואָס איר זאָגט מיר, ווייס איך אלֿיינ, נאָר איך ווילֿ אזוי, איך טו דאָס מיט גרויס כיישעק, איך האָב דערפונ גרויס האנאָע. פארשווארצט איז די מאמע געוואָרנ, וואָס האָט אזא זונ! ער האָט אביסלֿ געעפנט די פּאָשטשעקע און האָט געזאָגט, ער ווילֿ זייַנ א נעקריט פאר לֿיבשאפט. קיינער האָט ניט פארשטאנענ, וואָס ער מיינט, נאָר מיר. (פרומעלֿע עפנט די אויגנ און ציטערט מיט הענט און פיס.)

נו, האָט מענ ארייַנגעבראכט די גוטע שווערע אייַזערנע קייטנ און מע האָט דעמ גוטנ נאכמענע אָנגעטונ אפ ביידע פיס, (פרומעלֿענ באשלאָגט א קאלֿטער שווייס, זי פארווארפט דעמ קאָפּ) און צוויי סטאָראָזשעס, גויימ, צוגעשטעלֿט צו אים, טייקעפ געשיקט נאָך קאָהאָלֿ, זיי זאָלֿנ וויסנ דערפונ. מיינט איר, מייַנ נאכמענ האָט זיך עפעס דערשראָקנ, אָדער ער איז אומעטיק געוואָרנ? (פינכעס איז אזוי טאָרעד, כאנציג די מייַסע צו דערציילֿנ, אז ער זעט גאָרנישט צו פרומעלֿענ. זי ווערט צומנויפגעוויקלֿט און איז ווי א טויטע, נאָר זי הערט נאָך אלֿצ, וואָס פינכעס דער פאָטער דערציילֿט, און גיט זיך א וואָרפ אלֿע מאָלֿ ווי א כוילֿע־נויפלֿ, אז די סלונע גייט איר פונעמ מוילֿ, און טוט דאָ באַ די ווערטער א זיפצ.) כאָלֿילֿע! ווי צומ טאנצ איז ער געגאנגענ. דער גראפ האָט אים געגעבנ א טרונק בראָמפנ, האָט ער געזאָגט, ער טרינקט ניט א קאָפּ, ניט א טראָפּנ, פונ נעכטנ אפדערנאכט אָנ. (פרומעלֿע עפנט די אויגנ) זאָרגט אייַך ניט, כאנצי, איך בינ ניט אוועקגעגאנגענ פונ דאָרטנ, ביז דער ספּראווניק האָט אים געהייסנ אינ די שווערע קייטנ ארופלֿייגנ אפ א וואָגנ מיט צוויי סטאָראָזשעס, און דעמ ייִדנ, לֿאָווטשע גאווריִעלֿ שעד, דערצו, מיט א ראפּאָרט אוועקגעשיקט אינ גאָראָד ארייַנ. אָהאָ, ער איז שוינ אפ דעמ וועג, פונ דאָרט וועט ער שוינ אייביק ניט צוריקקומענ. (פרומעלֿע טוט ווידער א טרעס מיט זיך איינגאנצנ און רירט זיך שוינ דערנאָך ניט, נאָר זי הערט נאָך, האָט אפּאָנעמ. פינכעס איז אָבער אלֿצ טאָרעד, כאנציג צו דערציילֿנ, און זעט גאָרניט אהינ צו פרומעלֿענ. כאנצי איז אויך טאָרעד צוצוהערנ און האָט גרויס האנאָע דערפונ.) דער גאנצער הויפ האָט זיך פארוואונדערט אפ דעמ כיישעק פונ דעמ נאכמענע. א שיינער יונג איז ער, צומ שלֿימאזלֿ. (פרומעלֿע כאָרכלֿט און איז גאָר אויסנ־געבלֿיבנ. פינכעס קוקט זיך אומ צו איר, און ווערט זייער דערשראָקנ.) וויי איז מיר, פרומעלֿע! וואָס איז דיר? ביטער איז מיר! כאנצי, זעט נאָר! (ער ברעכט די הענט און גייט צו צו איר און גיט זיך א זעצ מיט ביידע הענט אינ קאָפּ ארייַנ.) איר זעט ניט? זי איז דאָך גאָר פארבייַ, וויי און אָך איז מיר! כאנצי, גיכער!

פרומעלֿע. (טוט א שטארקנ הויכנ געשריי, ווי איינער, וואָס מע גיט אים מיט א האק א זעצ אינ קאָפּ ארייַנ.) אוי! (און פאלֿט אראָפּ פונ דער קאנאפּע אפ דער ערד, ווי א קלאָצ.

פונ דעמ שטארקנ געשריי האָט זיכ ציפּרע אופגעכאַפּט פונעמ שלאָפ, אונ קומט אריַינ צו לויפנ באָרוועס, אינ א צעוואָרפענע[ר] פאַטשיילע, ניט צוגעבונדנ, אפ איר קאָפּ, א קליידל, וואָס זי האָט געכאַפּט, אפ דעמ הוילנ העמד; האָט זי איינ פאָלע פארטשעפּעט. זי איז זייער דער־שראָקנ אונ קראנק דערצו, איז זי זייער בלייכ, כאָטשע זייער שיינ. נאָר גאָר טאקע ווי א ווילדער מענטש לויפט זי ארופ אפ פרומעלען. כאנצי אונ פינכעס זענענ אויכ זייער דערשראָקנ. אלע דריַי שריַיענ אונ ווייסנ ניט וואָס צו טונ. פרומעלע ליגט אויסגעשטרעקט אפ דער ערד. מע ריַיסט זי, מע שריַיט איבער איר, זי רירט זיכ ניט. דערנאָכ טוט זי נאָכ א זאָג מיט א לאָשנ, וואָס מע פאַר־שטייט קוימ.) מיַינ נאכמענ, מיַינ נאכמענ... איבער מיר... יאָ! איכ בינ דיַינ... (נאָכדעמ טוט זי א כאָרכל אונ הערט אופ צו לעבנ.)

צ י פּ ר ע. (שריַיט ווי אנ אָנגעהיַיער אונ ריַיסט זיכ באמ פּאָנעמ.) מיַינ איינ־איינציק קינד, מיַינ פרומעלע! מיַינ איינ־איינציק קינד איז געשטאָרבנ! (זי בליַיבט כאלעשנ.)

פּ י נ כ ע ס. (שריַיט מיט א געוויינ, וואָס ריַיסט דאָס הארצ.) געוואלד, ראטעוועט מיַינ וויַיב! ראטעוועט מיַינ קינד! געוואלד, ראטעוועט, ראטעוועט! (דאָ זענענ אריַינגעלאָפנ פונ דער גאס א פולע שטוב מיט מענטשנ, אונ די שטוב איז באלעגערט. די מענטשנ פּאָרענ זיכ מיט פרומעלענ אונ וויַיזנ איינער דעמ אנדערנ: זי איז שוינ טויט, ווי אלע טויטע. אונ די, וואָס פּאָרענ זיכ מיט ציפּרענ, מינטערנ זי. פינכעס לויפט איבער דער שטוב אונ צומ פענצטער אונ שריַיט מיט א ביטער געוויינ.) געוואלד, וואָס פאר א שלאק! געוואלד, ביטער איז מיר! (ער שלאָגט זיכ אינ קאָפּ אריַינ.) לויפט נאָכ דעמ סאָרס דאָקטער, לויפט נאָכ ר׳ ארענענ. געוואלד, וויי אונ ביטער איז מיר!

כ א נ צ י. (פּאָרעט זיכ שטארק מיט ציפּרענ צו מינטערנ אונ שטופּט זיכ דורכ וויינענדי־קערהייט. די הענט ברעכט זי אונ שלאָגט זיכ אינ הארצנ אריַינ אונ אינ קאָפּ אריַינ אונ יאָמערט הויכ.) ביטער איז מיר, אז אָכ איז מיר אונ ביטער! איכ, איכ בינ געוועזנ איר מאלכאמאָוועס, טאקע נאָר איכ. פרומעלע, זיַי מיר מויכל, איכ האָב דיכ ניט רעכט געקאָנט, איכ בינ אנ אלטע נארישע ייִדענע, איכ האָב פארגעסנ, אז דו ביסט נאָכ יונג בלוט. ציפּרעלע, וויי איז מיר, איַיער איינ־איינציק קינד, וויי איז מיר אונ פינצטער! ראטעוועט כאָטשע ציפּרענ, פרומעלע איז א מעס, פרומעלע איז שוינ געשטאָרבנ. (זי שריַיט אזוי הויכ איבער ציפּרענ די אונטערשטע ווער־טער מיט אזא יאָמערדיק קאָל, בעשאס מע מינטערט זי, אז ציפּרע עפנט די אויגנ. די אויגנ אונ דאָס גאנצע פּאָנעמ איז אזוי ווילד, אזוי נשתנה געוואָרנ, אז זי זעט אויס ווי א מעשוגענע.)

צ י פּ ר ע. (וואַרפט אראָפּ מיט קאעס די פּאטשיילע פונעמ קאָפּ, וואָס כאנצי האָט איר צוגעבונדנ, אונ בליַיבט באָרהויפּטיק. מיט א לאכנדיק־וויינענדיק קאָל.) כא־כא־כא, א מיידעלע, א מיידעלע זאָל ניט... א מיידעלע, א מיידעלע זאָל גיינ אינ כיידער אריַינ. דער בעלפער איז געקומענ נאָכ דיר. [אדיע ?] (אדיִא), פרומעלע, א מיידעלע, א מיידעלע... [אדיע ?] (אדיִא), פרומעלע, א מיידעלע זאָל ניט... [אדיע ?] (אדיִא) פרומעלע, גיי אינ כיידער אריַינ, פרומעלע, דו לעבסט. (זי ציטערט ווי איינע, וואָס האָט קאדאָכעס) קאלט, קאלט, ווארעמ, קאלט. [אדיע ?] (אדיִא) מיידעלע, א מיידעלע זאָל גיינ אינ כיידער אריַינ, כא־כא־כא... (זי פּלעסקעט מיט די הענט אונ וויינט אונ לאכט, גאָרניט מיט איר קאָל, אונ וויל זיכ א וואָרפ טונ אפ דער גע־שטאָרבענע[ר](נ) פרומעלענ. קומט אריַינ דער דאָקטער מיט ארענענ. דער דאָקטער גייט צו צו פרו־

מעלען, טאפּט און זוכט דעם דייפּעק. ער טוט א מאך מיטן קאָפּ און מיט די הענט, אז דאָ איז שוין גאָרניט צו ראטעווען. זי איז טויט, ווײַזט ער, און רופט ארענען, ער זאָל הייסן ציפּרען אוועקטראָגן אין אנדערן כיידער ארײַן. זי לאָזט זיך גיט און שלאָגט און לאכט און וויינט. מע נעמט זי אָבער מיט געוואלד. זי שרײַט מיט א מעשונענע[מ] קאָל. מע טראָגט זי אהין ארײַן און פארשליסט די טיר. דער דאָקטער גייט אויך אהין ארײַן. ארן שטייט און שושקעט זיך מיט כאנצין. כאנצי מאכט מיט די הענט און ווײַזט אפּ איר הארץ, זי שלאָגט זיך אין קאָפּ ארײַן. ארן ווערט בלייך ווי די וואנט און איז זייער דערשראָקן. דערווײַל קומען צו גיין כעוורע שאמאָסים, נעמען פרומעלען און הייבן זי אָפּ און זאָגן, וואָס מע זאָגט בא א מעס, [זיי] לייגן זי מיט די פיס צו דער טיר, אפּ עטלעכע שטרויען, און דעקן זי איבער מיט א שווארצן. אלע, וואָס שטייען דאָ, שושקען זיך איינער מיטן אנדערן. כאנצי האָלאָסעט און יאָמערט.)

**א ר ן.** (גייט צו צו פינכעסן, וואָס שלאָגט זיך אין קאָפּ ארײַן און וויינט און שרײַט.) ליבער, גוטער ר׳ פינכעס, א גרויס אומגליק, א ביטערער שלאק! ווער האָט זיך געזאָלט ריכטן, אז פרומעלע האָט נאכמענען טאקע ליב, און דערפאר וואָס ער האָט זיך מאקריוו געוועזן פאר איר, איז ער איר נאָך טײַערער געוואָרן? איך האָב געטון נאָר מיט סייכל, און האָב פארגעסן, אז דאָרטן, ווו דאָס הארץ פילט, הערט אוף דער סייכל. איך וויל בעסער שווײַגן, וואָרין אין אזא שטעטל איז׳ס נאָך א שטיקל בושע אויך. אײַער אומגליק טוט מיר אקוראט אזוי וויי, עפּשער ווי אײַך. א ביטער אומגליק, א ביטערער שלאק פון גאָט!

**פ י נ כ ע ס.** (גיסט מיט טרערן און יאָמערט און שרײַט.) מײַן איין־איינציק קינד, מײַן טײַערע, גוטע, שיינע פרומעלע, וואָס וואַרפסטו אונדז אוועק? דו ביסט גערעכט. איך וואָלט געדארפט דיך פרעגן, איך וואָלט געדארפט די מאמע צו פרעגן פריִער, אויב איך זאָל דאָס טון. יאָ, איך בין שולדיק, (ער שלאָגט זיך מיטן קאָפּ אין דער וואנט ארײַן און וויינט און יאָמערט הויך.) וואוהין איך קער מיך, איז מיר אָך און וויי! דאָ ליגט מײַן איינציק קינד מיט די פיס צו דער טיר, (פון דרויסן און פון אינעווייניק הערט מען א גרויס געיאָמערײַ מיט א געוויין) דאָרט איז ציפּרע שלאָף און מעשוגע געוואָרן פאר צאר. (ער גייט אזוי האָלאָסעדיק ארײַן צום אלקער. מע עפנט אים און מע לאָזט אים ארײַן. מע הערט, דער דאָקטער לאָזט איר צו-דער־אָדער, און זי, ציפּרע, שרײַט, וויינט און לאכט: „א מיידעלע, א מיידעלע זאָל גיין אין כיידער ארײַן...“. ארן גיט געלט די כעוורע שאמאָסים, און ווײַזט, מע זאָל גיכער צונעמען דעם מעס, קעדיי מע זאָל קענען יענע ראטעווען, און גייט אוועק פון פינכעסעס שטוב אהיים.)

**כ א נ צ י.** (זיצט אפּ דער ערד נעבן מעס — א ליכט ברענט צוקאָפּנס — און וויינט הויך מיט א געיאָמער, מיט א געשריי, און שלאָגט זיך מיט ביידע קולעקעס אין הארץ ארײַן) פרומעלע, די שיינע פרומעלע, די גוטע פרומעלע, די קלוגע פרומעלע, אז אָך און וויי איז מיר, ביטער און זויער! דו ביסט א קאָשער, א ליכטיק קינד. ווינד איז מיר און אָך און וויי, איך בין כײַעוו, איך בין שולדיק, איך אליין האָב דיר דערציילט, ווי ליב ער האָט דיך געהאט, אז ער איז דיר צוליב געגאנגען פאר א נעקריט. (זי רײַסט זיך מיט א קאָל, מיט א געיאָמער און לייגט דעם קאָפּ צו צום מעס.) „א פארשארטער יונג איז ער געוועזן, נאכמען, אָבער קיין שלעכטס האָט ער קיינעם ניט געטון“—האָסטו מיר געזאָגט. אז אָך און וויי איז מיר און ביטער!

איך האָב דיר דערציילט, ווי ער האָט געשפּרונגען אין דער הויך, אַז איך האָב אים געזאָגט, פּרומעלע וויל זײַן דײַן קאַלע. ביטער איז מיר און פינצטער, און ווינד איז מיר און וויי! איך האָב דיר אַליין דערציילט, אַז איך האָב אים געזאָגט: נאַכמענע, פּרומעלע זאָגט, דו זאָלסט זיך אַליין שטעלן פאַר אַ נעקריט; האָט ער געזאָגט מיט אַ סימכע: טייקעף, זאַרעז! וויי איז מיר, און אָך און ווינד איז מיר. אַז איך האָב דיר אַליין געוויזן, ווי ער האָט געשײַנט, אַז ער איז פירגעגאַנגען פאַר דײַנע פענצטער און האָט דיר געזאָגט גוט־מאָרגן, און דו האָסט אים געזאָגט גוט־יאָר. וויי און אָך און ווינד איז מיר און ביטער! עס האָט דיך אפילע קיינער ניט צו באַווײַנען. די מאַמע איז פאַר צאָרעס מעשוגע געוואָרן, און דער טאַטע מוז זיך פּאָרען מיט איר. (זי רײַסט זיך באַם פּאָנעם און שלאָגט זיך אין הארצן ארײַן, און וויינט און קלאָגט. אַז זי ווערט אַביסל שטיל, הערט מען פונעם אַלקער ציפּרען לאַכן: „כאַ־כאַ־כאַ, אַ מיידעלע, אַ מיידעלע זאָל גיין אין כיידער ארײַן...״ און מע חערט פינכעסן וויינען און האָלאָסען און בעטן דעם דאָקטער, ער זאָל ראַטעווען. וויל כאַנצי ווײַטער אָנהייבן צו קלאָגן און צו יאָמערן. ווערט אַ גערעדערײַ צווישן אַלע מענטשן, וואָס דערשרעקן זיך דאָ.)

אַ ל ע. לאָזט דורך מאַכלי די בלינדע! נאַכמענס מאַמע גייט, לאָזט זי ארײַן אין שטוב ארײַן.

מ אַ כ ל י. (זייער אַ שיינע עלטלעכע ייִדענע, אַ הויכע, די אויגן זענען צו. אַ מיידל פירט זי. זי גייט אָנגעטון אין אַ ציצענעם שלאָפראָק, אַ ריינעם, אין אַ שלייער מיט אַ רויטער יאַמפּירקע. קיין ברוסטוך אָדער אַ קלייד זעט מען נישט, ווײַל דער שלאָפראָק איז צו ביז ארוף. איר פּאָנעם איז מיט גרויס קאַעס, זי ציטערט און פלאַטערט פאַר קאַעס. מיט איין האַנט האַלט זי זיך אָן אין דעם מיידל, וואָס פירט זי, די אַנדערע האַנט האַלט זי אין דער הויך, ווי אַ קולעק געמאַכט, אַזוי ווי מען וויל עמעצן שלאָגן. אַזוי קומט זי ארײַן אין שטוב ארײַן און בלײַבט מיטן מיידל, וואָס פירט זי, שטיין בײַ דער טיר. זי זאָגט מיט אַ וויינענדיק קאָל און מיט ציטערדיקן קאַעס, מיט אַזאַ געשריי, אַז אַלע ווערן זייער דערשראָקן. דער דאָקטער עפנט אויף די טיר פונעם אַלקער, און גיט אַ קוק ארײַן. און דאָ הערט מען ציפּרען לאַכן און שרײַען: „אַ מיידעלע, אַ מיידעלע...״). ווו איז זי, די שלעכטע אַכבעראָשטע, די פאַלשע כאַנצי? גיב מיר אָפּ מײַן קינד, מײַן איין־איינציק קינד, מײַן זון, מײַן נאַכמענען. מײַן שײַנענדיקן זון האָט מען דורך דיר אַוועקגעפירט פאַר אַ נעקריט. (זי לאָזט אָפּ דאָס מיידל און שטרעקט אויס ביידע הענט און זוכט ארום זיך, און טאַפּט ארום.) גיב מיר אָפּ, אַכבעראָשטע! ווו איז זי, די פאַלשע שלאַנג? גיב מיר אָפּ מײַן זון, מײַן שײַנענדיקן נאַכמענען! איך וויל דיך צערײַסן, ווי אַ הערינג, מײַן קינדס מאַלכאַמאָוועס! גיב מיר אָפּ מײַן זון, גיב מיר אָפּ מײַן זונס קאַלע, די שיינע פּרומעלע, גיב מיר אָפּ מײַן קינד, מײַן איין־איינציקן בעניאָכיד. ער איז געוועזן אַ פאַרשײַטער יונג, אָבער אַ גוטער יונג, אַ שײַנענדיקער זון, מײַן קינד. שלאַנג כאַנצי, אַכבעראָשטע, ווו איז זי? (זי וויינט און שרײַט נאָך שטאַרקער און ציטערט מיט די הענט און פיס און מיט דעם גאַנצן גוף.) מײַן קינד זאָלסטו מיר אָפּגעבן, מײַן קינדס קאַלע גיב מיר אָפּ! איך האָב דאָס פינגערל, וואָס ער האָט מיר באַנאַכט געשיקט, און אַ בריוול, וואָס ער האָט מיר געשיקט, איך זאָל׳ס ערשט איבערמאָרגן עפענען.

שלאנג כאנצי, ייִמאַכ־שמוינִיצע, פאַלשעניצע, מײַנ בעניאָכיד גיב מיר אָפּ! (זי טוט אַ טרעט נעענטער, טרעט זי אָנ דעמ מעס. די כעוורע שאַמאָסימ שטופּנ זי אַוועק אונ זאָגנ איר, מענ טאָר ניט טרעטנ אַפּ אַ מעס.) לאָזט מיכ, לאָמיכ כאָטשע אָנטאַפּנ די טויטע קאַלע פונ מײַנ זונ, פונ מײַנ בעניאָכיד. דו האָסט דיכ ניט צו שעמענ, פּרו־מעלע, מײַנ זונ קומט אַרויס פונ גרויסע לײַט; מײַנ ערשטער מאַנ איז געוועזנ ר׳ שלוימע כאַריפּ, אַ גרויסער אוישער אונ אַ גרויסער כאָשעוו בײַ אַלע סראָרעס. יאָ, זײַנ פאָטער איז געוועזנ דער גרעסטער מעיוכעס צישנ ייִדנ. נאָכמענ קאָנ אויכ לערנענ אונ שרײַבנ, אונ איז אַ שײַנענדיקער יונג. גיט זי מיר אַהער, די שלאַנג, די פאַלשע כאַנצי, די ייִמאַכ־שמוינִיצע, די אויכערטע, ווו איז זי? (זי פאַלט אַנידער כאַלעש איבערנ מעס.)

דערמיט עקט זיכ די גאַנצע מײַסע

---

# צום קאמפ פון האסקאָלע קעגנ כאסידיזמ[1]

(ארייַנפיר צו „די געפֿונענע װעלט״)

דער קאמפ קעגנ כאסידיזמ איז איינע פון די דייַטלעכסטע און שארפסטע טענדענצנ אינ אקסענפעלדס ווערק. אקסענפעלד גופע זעט אינ דערדאָזיקער טענדענצ דעמ וויכטיקסטנ און קימאט איינציקנ מאָטיוו פאר זייַנ שאפנ [2]. לויט זייַנ איידעס־זאָגנ, האָט ער „אָפּגעגעבנ עטלעכע יאָר לעבנ אפ צו קעמפנ מיט די פארבלאָנדזשענישנ פון כאסידיזמ״, אפ „אופצווייַזנ די גאנצע שעדלעכקייַט און לעכערלעכקייַט פונעמ כאסידיזמ און פון זייַנע פאלשע באלע־מאָפסימ, וועלכע רופנ זיכ בא זיי צאדיקימ״. אינ דערדאָזיקער טענדענצ זעט ער אויכ די סיבע צוליב וואָס ער איז אָפּגעטראָטנ פונ דער העברעיִשער טראַדיציע פון די מאסקילימ אינ יענער צייַט און איז אריבערגעגאנגענ אפ ייִדיש, „וואָס איז פארשטענדלעכ דעמ ייִדישנ פּאָשעטנ אוילעמ״. דידאָזיקע דערקלערונגענ וועגנ דעמ כאראקטער פון זייַנ שאפנ ביכלאל און וועגנ די סיבעס פון זייַנ שרייַבנ אינ דער ייִדישער שפראכ ביפראט זייַנענ, פארשטייט זיכ, איינזייַטיק און איבערגעטריבנ. זיי זייַנענ דיקטירט געוואָרנ דורכנ כאראקטער פון די דאָקומענטנ, אינ וועלכע זיי געפינענ זיכ: באקאָשעס צו די מעלוכישע אינסטאנצנ אפ צו באקומענ א דערלויבעניש צו דרוקנ זייַנע ווערק, אייַנ־צואָרדענענ א ייִדישע דרוקערייַ א. א. וו. אָבער ווענ מיר וועלנ אפילע ווי געהעריק פארמינערנ די וואָג פון דער אנטיכסידישער טענדענצ אינ זייַנ שאפנ, וועט זי פאָרט נאָכ בלייַבנ גענוג גרויס און דאָמינירנדיק. ארומ דערדאָזיקער טענדענצ האָבנ זיכ, באהאלטנ אָדער אָפנ, קאָנצענטרירט און

[1]) זע אויבנ „וועגנ אקסענפעלדס פיעסעס״ פונ מ. ווינער, זז. 16—24.

[2]) זע ש. באָראָוואָיס ארבעט: „אקסענפעלדס פרווו צו גרינדנ א דרוקערייַ אינ אָדעס״ אינ „ביבליאָלאָגישנ זאמלבוכ״, ב. I, ארויסגעגעבנ פונ אינסטיטוט פאר ייִדישער קולטור בא דער אוק־ראיִנישער אקאדעמיע פונ וויסנשאפטנ, קיִעוו, 1930. ז. 92—103. זע אויכ ש. גינזבורג: „נייַעס וועגנ ייִסראָעל אקסענפעלד״ אינ די „פילאָלאָגישע שריפטנ״, ב. II, ווילנע, 1928.

גרופירט אלע זײַנע איבעריקע און אײגנטלעכע סאָציאַלע אופקלערעריש־בירגערלעכע טענדענצן.

פון די ווערק, וואָס זײַנען צו אונדז דערגאַנגען פון אַקסענפעלדס גרויסער ליטעראַרישער ירושה, האָבן דרײַ אַלס אַ צענטער פון זײער אַקציע דעם קאַמף מיט כאַסידיזם („די גענאַרטע וועלט", „קאַפּצן־אוישער־שפּיל", „דאָס שטערנטיכל" [1]); אָבער אין קײנעם פון דידאַזיקע דרײַ ווערק איז ניט די גאַנצע פאַבולע אין ניט דער גאַנצער סיוזשעט אַזוי שטאַרק פאַרבונדן מיט דעם־דאָזיקן קאַמף, ווי אין דער „גענאַרטער וועלט". אין דעמדאָזיקן ווערק איז דער קאַמף מיט כאַסידיזם ווירקלעך — ווי עס זעט זיך שוין אַרויס פון דעם נאָמען גופא — די אײגנטלעכע הויפּט־טענדענץ.

לעהײפּעך צו אַ טײל העברעיִשע מאַסקילים, וואָס האָבן דעם ליטעראַרישן קאַמף געפירט מיט דער הילף פון פּאַראָדיעס און פּערסיפלאַזשן, נאָכ־קרימענדיק דעם סטיל פון די כסידישע טויִרעס, לעגענדעס און בריוו — גיט אַקסענפעלד זײַן „סאַטירע און דידאַקטיק", מיט וועלכער זײַן שאַפן איז, לויט זײַנע ווערטער, דורכגעדרונגען, אינעם שפּיגל פון ביז גאָר לעבעדיקע, רעאַ־ליסטישע שילדערונגען פונעם עקאָנאָמישן, סאָציאַלן און קולטורעלן לעבנ־שטײגער אין יענער צײַט. אין דער „גענאַרטער וועלט" פירט פאַר אונדז אַקסענפעלד אַרויס אַ רעבן „בא דער אַרבעט", באַם נעמען פּידיוינעס און בא זײַנע „קאָנסולטאַציעס" מיט די אָנהענגער. אַקסענפעלד פירט פאַרבײַ אונ־דזערע אויגן אַ רײ טיפּישע כסידישע פיגורן מיט זײערע טיפּישע עקאָנאָמישע באַשעפטיקונגען און זײערע טיפּישע כאַראַקטערן. ער לאָזט זײ דערצײלן כאַ־ראַקטעריסטישע פּראָטים פון זײערע מיסכאָרים, פון זײערע הײמישע איניאָנים און פון זײער לעבנשטײגער ביכלאַל. אין קײן שום ליטעראַריש ווערק פון יענער צײַט באַקומען מיר ניט אַזאַ פולקום און דײַטלעך בילד וועגן דעם עקאָנאָמישן, סאָציאַלן, קולטורעלן און שטײגערישן לעבן אין דער ייִדישער סוויווע ביכלאַל און בא די כסידים ביפראַט, ווי אין דער „גענאַרטער וועלט".

מיט זײַן קאַמף קעגן כאַסידיזם פירט אַקסענפעלד אויס אײנעם פון די הויפּט־פונקטן אין דער פּראָגראַם פון דער האַסקאָלע. דעמדאָזיקן קאַמף שיל־דערן געוויינלעך די בירגערלעכע היסטאָריקער אַלס אַ גײַסטיקן קאַמף, אַלס אַ מילכאָמע צווישן און פאַר אידײען: בילדונג קעגן אָבסקוראַנטיזם, אופ־קלערערישע ניכטערקײַט קעגן געהויבענער מיסטיק א. א. וו.

ס'איז אָבער קלאָר, אַז ווי יעדער אַנדערער געזעלשאַפטלעכער קאַמף, האָט אויך דער קאַמף פון האַסקאָלע קעגן כאַסידיזם אויסגעדריקט באַשטימטע עקאָנאָמיש־סאָציאַלע קעגנזאַצן צווישן פאַרשידענע גרופּעס אין דער ייִדישער סוויווע פון יענער צײַט, — פון די ערשטע יאָרצענדליקער אינעם 19־טן יאָר־

[1] אויך אין „ערשטע ייִדישע רעקרוט" ווערט דער כאַסידיזם, זאָל זײַן דערעכ־אַגעוו, שאַרף און בײַז אָנגעריִרט.

הונדערט. ס'איז דעריבער נייטיק פריִער פאר אלצ זיכ אָפּצושטעלנ אינ אַנ אלגעמיינעמ איבערבליק אפנ עקאָנאָמישנ אונ סאָציִאלנ פּאָנ פונ דידאָזיקע געזעלשאפטלעכע באוועגונגענ.

———

די ביִרגערלעכע יידישע היסטאָריקער האָבנ אופגעשטעלט די שאבלאָנישע קאָנצעפּציע וועגנ דעמ כאסידיזמ אלס ד ע מ אָ ק ר א ט י ש ע דאָקטרינע, וואָס האָט באדארפט באפרידיקנ די „רעליגיעזע באדערפענישנ פונ די פאָלקס־מאסנ”. דער כאסידיזמ ווערט דורכ זיי דערקלערט אלס א אידעאָלאָגישע רעאקציע קעגנ דער טרוקענער פאָרמאליסטיק פונעמ ראבּיניזמ מיט זיינ שטרענגנ שולכאָנאָרעכ אונ ריטועלער רעגלאמענטירונג. אי. ג. אָרשאנסקי אינ זיינ באוווּסטנ ארטיקל „געדאנקענ וועגנ כאסידיזמ” [1], וואָס האָט שוינ צוריק מיט עטלעכע צענדליק יאָרנ געפּרווט אופדעקנ דעמ סאָציִאל־עקאָנאָמישנ באזיס פונ דער כסידישער דאָקטרינע אונ דערקלערנ די סיבע, פארוואָס דער כאסידיזמ איז אנטשטאנענ אינ אוקראיִנע (פּאָדאָליע, בראצלאווּשטשינע אונ קיִעווּשטשינע), האָט אָבער אינ דער אייגענער צייט דער ערשטער אופגעשטעלט די קאָנצעפּציע וועגנ די „דעמאָקראטישע רעליגיעזע באדערפענישנ”. ער האָט געזוכט א צוזאמענהאנג צווישנ דער אנטשטייונג פונ כאסידיזמ מיט די פארשידענע מינימ ארענדע־באשעפטיקונגענ, וואָס זיינענ געווענ פארשפרייט צווישנ די אוקראיִנישע יידנ. די אוקראיִניש־יידישע קליינ־ארענדאטאָרנ אונ קרעטשמערס, וואָס זיינענ געווענ צעזייט איבער גרויסע מעהאלעכנ אונ האָבנ געווינט ווייט פונ גרעסערע שטעט, האָבנ זיכ — לויט זיינ מיינונג — צוביסלעכ באפרייט פונ אונטער דער קאָהאָלש־ראבּאָנישער האשפּאָע, וואָס איז געווענ אזוי שטארק אינ די געדיכט־באזעצטע יידישע ווינקערטער אינ ליטע אונ ווייסרוסלאנד. דער דאָרפישער שטייגער־לעבנ האָט, לויט אָרשאנסקינ, אויסגעארבעט באמ אוקראיִנישנ יידנ „נייע רעליגיעזע באדערפענישנ”. דער דאָרפישער יישוּווניק אונ קרעטשמער האָט זיכ גענייטיקט שוינ „ניט אינ קיינ געלערנטנ טעאָלאָג, וועלכער זאָל אימ דערקלערנ די שווערע ערטער אינ טאלמוד, נאָר אינ א רעליגיעזנ פירער, וועלכער זאָל פארוואלטנ מיט זיינ סייכל אונ הארצ, אזוי ווי דאָס האָט געטונ דער גאלעכ פונעמ שכיינישנ דאָרפ בענעגייע די פויערימ, צו וועמעס גייסטיקער אונ מאָראלישער פלאכ עס האָט זיכ באדייטנדיק דערנעענטערט דער אוקראיִנישער ייִד”. אָט דידאָזיקע סיבעס האָבנ דאָס, לויט אָרשאנסקינ, באשאפנ אינ אוקראיִנע דעמ באָדנ פאר דער כסידישער דאָקטרינע, וואָס איז קלאָמערשט מער צוגעפאסט צו די „רעליגיעזע געפילנ” פונעמ פּאָשעטנ „פּאָלקסמענטש”,

1) צומ ערשטנ מאָל געדרוקט אינ „Еврейская Библиотека” ב. I, 1871, שפּעטער איבערגעדרוקט אינ אי. ג. אָרשאנסקיס בוכ: „Евреи в России”.

פונעם יִשוווניק און קרעטשמער. אין פארשידענע וואריאַציעס באגעגענען מיר דיזעלבע קאָנצעפּציע באם ראָוו שפּעטערדיקע היסטאָריקער פון כאסידיזם (דובנאָוו, האָראָדעצקי א. אנד.).

דידאָזיקע קאָנצעפּציע שטעלט, ווי מיר זעען, בלויז די פראגע וועגן דעם דערפאָלג פון כאסידיזם בא באשטימטע יִדישע באפעלקערונג־טיילן אין יענער צײַט. זײַן כאראקטער אלס אידעאָלאָגישער איבערבוי פאר באשטימטע פּאָלי־טיש־געזעלשאפטלעכע פאקטן שטייט אויסער די ראמען פון איר באטראכטונג, פונקט אזוי ווי די דערקלערונג פונעם פּאָליטיש־געזעלשאפטלעכן קאמף, וואָס האָט זיך מיט אזא שארפקײַט פאנאנדערגעוויקלט ארום דער כסידישער באוועגונג: צווישן מיסנאגדים און כסידים, פון איין זײַט, און צווישן מאס־קילים און כסידים, פון דער אנדערער זײַט.

אנדערש און ריכטיקער איז צוגעגאנגען צו דער פּראָבלעם וועגן סאָציאַלן כאראקטער פון דער כסידישער אידעאָלאָגיע פ. מארעק אין זײַן ארטיקל: „קריזיס פון דער יִדישער זעלבסטפארוואלטונג און דער כאסידיזם" [1]). מארעק שטעלט זיך שוין אויספירלעך אָפּ אפן קאמף, וואָס די כסידים האָבן געפירט אפּ צו באהערשן די קאָהאָלשע אָפּיציעלע אינסטיטוציעס. ער פּרוווט דעמדאָזיקן קאמפּ פארבינדן מיט די אָפּאָזיציאָנעלע ארויסטרעטונגען און עקסצעסן מיצאד די האמוינישע מאסן קעגן די אָנפירנדיקע קאָהאָלש־ראבאָ־נישע גרופּעס. דעם עצעם דערפאָלג און שנעלן וווקס פון דער כסידישער באוועגונג צום סאָף 18 י"ה דערקלערט מארעק מיט דער אלגעמיינער פּאָלי־טישער סיטואציע פון פוילן אין דער צעטיילונג־טקופע, מיט דעם צעפאלונג־פּראָצעס פון דער אווטאָנאָמישער וואאדישער אינסטיטוציע און מיט דער אָפּ־שוואכונג פון דעם אווטאָריטעט און מאכט, וואָס קאָהאָל און ראבינאט האָבן פריִער פארמאָגט צווישן דער יִדישער באפעלקערונג.

אָבער אויך מארעקס קאָנצעפּציע באפרידיקט ניט אינגאנצן. מארעק אָפּע־רירט בלויז מיט מאטעריאַלן פון „רײַסן" (ווײַסרוסלאנד), ד. ה. פון א געגנט, ווו דער כאסידיזם איז ארײַנגעדרונגען אין א שפּעטערדיקן פּעריאָד און ווו ער איז ביכלאל געווען שוואכער אנטוויקלט איידער אין אוקראַינע. דער „ראַ־ציאָנאליסטישער" כאסידיזם פון רײַסן, די א. ג. „כאבאדישע שיטע" [2]) איז געווען א מין קאָמפּראָמיס צווישן אוקראַינישן כאסידיזם און ליטווישן ראבי־ניזם. אין דער כאבאדישער ליניע האָט דער כאסידיזם אָנגעווירן עטלעכע פון זײַנע גרונט־שטריכן, לויט ווי זיי האָבן זיך אויספאָרמירט אין זײַנע טעריטאָריאַלן אנטשטייונגס־באזיס, אין אוקראַינע. פארשטייט זיך, אז פארן

[1]) זע זאמלבוך „Евр. старина", ב. XII, לענינגראד, 1928.

[2]) א כסידישע ריכטונג, וואָס שטיצט זיך אפּ א קלאָמערשט פילאָזאָפיש־פאנטעיִסטישער „סיסטעם", באגרינדעט פון דעם ליאדיִער רעבן שנייער־זאלמען (1747—1812).

אויסקלאָרן דעם סאָציִאַל־עקאָנאָמישן אונטערשלאק פונעם כאסידיזם דארפ
דער היסטאָריקער באזונדערס נעמען אינ אכט דעם טעריטאָריִאלן אויסגאנג־
פונקט פונ דער באוועגונג, ד. ה. פאָדאָליע און וואָלינ, ווו די באוועגונג איז
אנטשטאנען און ווו זי האָט באקומענ די אנטשיידנדיקע כאראקטער־שטריכנ.
דער גוירל פונ דער כסידישער באוועגונג איז שוינ אינ די נאָענטסטע יאָר־
צענדליקער נאָכנ טויט פונ ייִסראָעל בעש"ט געווענ א גאנצ אנדערער אינ
אוקראַינע און אנ אנדערער אינ רײַסנ און ליטע. אינ פאָדאָליע, וואָלינ און
קיִעוושטשינע האָט די כסידישע באוועגונג צו דערדאָזיקער צײַט באוויזנ זיכ
שטארק צו פארפעסטיקנ. די כסידימ האָבנ פארכאפט אינ זייערע הענט דאָס
גאנצע קאָהאָלשע לעבנ מיט אלע זײַנע אינסטיטוציעס און זיי זײַנענ אליינ
געוואָרנ דער אָפיציִעלער קאָהאָל. אינ רײַסנ און ליטע איז די כסידישע בא־
וועגונג ביז צומ סאָפ 18־טנ און אפילע אָנהייב 19־טנ י"ה פארבליבנ אנ
אָפאָזיציִאָנעלע. דאָרט האָבנ די כסידימ די גאנצע צײַט געהאט אויסצושטיינ
א שווערנ פארביטערטנ קאמפ מיצאד קאָהאָל און ראבינאט. עס איז דעריבער
קלאָר, אז דאָס בילד, וואָס מארעק שילדערט פונעם ווײַסרוסישנ כאסידיזמ
צומ סאָפ 18־טנ י"ה, קענ וויניק דערקלערנ די אנטשטייונג און דעמ אנט־
וויקלונגס־גאנג פונ דער כסידישער באוועגונג ביכלאל, און נאָכ וויניקער
דעמ אייגנטלעכנ סאָציִאלנ מעהוס פונעמ קאמפ, וואָס האָט זיכ געפירט ארומ
כאסידיזמ.

דער הויפט־כיסאָרנ פונ מארעקס קאָנצעפציע איז, וואָס ער גיט ניט קיינ
בילד פונ די עקאָנאָמישע פאקטאָרנ, פונ די סאָציִאלע קאמפנ אינ דער דע־
מאָלטיקער יידישער סוויווע: דעמ אייגנטלעכנ געזעלשאפטלעכנ באזיס, אפ
וועלכנ ס'איז אנטשטאנענ דער כאסידיזמ און וואָס האָט געמוזט אויכ ארויס־
רופנ דעמ געזעלשאפטלעכנ קאמפ ארומ אימ. זײַנ קאָנצעפציע הענגט דעריבער
אינ דער לופט. זי קענ ניט דערקלערנ דעמ אנטוויקלונגס־גאנג פונ דעמדאָזיקנ
אידעאָלאָגישנ איבערבוי, און עס מוזנ בלײַבנ אומפארשטענדלעכ א ריי דער־
שײַנונגענ אינ יענעמ געשיכט־פעריִאָד. עס בלײַבט, לעמאָשל, אומפארשטענד־
לעכ, פארוואָס די האסקאָלע האָט געווענדט איר הויפט־פײַער ניט קעגנ דעמ
אָפיציִעלנ ראבינизמ, נאָר קעגנ כאסידיזמ. אי דער כאסידיזמ, אי די האסקאָלע
זײַנענ דאָכ אינ א באשטימטנ צײַט־פונקט ביידע ארויסגעטראָטנ אלס אָפאָזי־
ציִאָנעלע באוועגונגענ קעגנ דער אָפיציִעלער קאָהאָלשער מאכט. עס וואָלט זיכ
געקענט דוכטנ, אז דערדאָזיקער שוטפעסדיקער שטריכ, וואָס האָט אינ א
געוויסנ זינענ פאראייניקט די מאסקילימ מיט די כסידימ, לעפאָכעס, אינעמ
שוטפעסדיקנ קאמפ קעגנ דער ראבאָנישער אידעאָלאָגיע, אפ וועלכער עס האָט
זיכ געהאלטנ די קאָהאָלשע מאכט — וואָלט געדארפט די מאסקילימ מאכנ
גענויגטער צו די כסידימ און קעגנערישער צו די מיסנאגדימ. מיר זעענ אָבער
פארקערט, אז גראָד קעגנ די כסידימ זײַנענ די מאסקילימ ארויסגעטראָטנ מיט

דער שארפסטער פארביטערטקײַט. דעם ראבּיניזם אָבער האָבן זיי קימאט ווי געלאָזט צורו. אויב אָבער דער קאמפ פון דער אופקלערונג איז דאָ ניט געווען קיין אלגעמיינער קאמפ קעגן קלעריקאליזם ביכלל, פרעגט זיך: וואָס האָט אין סאָציאַלן און עקאָנאָמישן זינען באַטײַט דער קאמפ פון דער האס־קאָלע קעגן כאסידיזם? פארוואָס האָט זיך די קלאָמערשטע דעמאָקראטישקײַט פון כאסידיזם אין ערגעץ ניט באגעגנט מיט דער קלאָמערשטער דעמאָקרא־טישקײַט פון דער האסקאָלע?

ווי יעדער רעליגיעז־אידעאָלאָגישער איבערבוי, האָט אויך דער כאסידיזם אין פארלויף פון זײַן אנטוויקלונג עטלעכע מאָל געביטן זײַן באַזע. ניט שטענדיק זײַנען די סאָציאַלע און עקאָנאָמישע פאקטן, וועלכע ער האָט אָפּ א פארקריפּלטן אויפן אויסגעדריקט אין מעשעכ פון עטלעכע דורעס, געווען די אייגענע. די בירגערלעכע געשיכט־שרײַבונג באַנעמט דעם כאסידיזם ווי אן איינהײַטלעכע אידעאָלאָגיע מיט אן איינהײַטלעכן געזעלשאפטלעכן באַטײַט. דערדאָזיקער באַנעם שפּיגלט זיך אָפּ אפילע בא יענע היסטאָריקער, וואָס פּרוּוון צוגיין צו דער פראגע אפ א מין עקאָנאָמיסטישן אויפן. קעדיי צו דערקלערן דעם קאמפּ פון דער האסקאָלע קעגן כאסידיזם און זײַנע אייגנט־לעכע געזעלשאפטלעכע און עקאָנאָמישע מאָטיוון וועט נייטיק זײַן אין געפּרעסטע שטריכן אָנצוווארפן אן אלגעמיינעם איבערבליק איבער די עקאָנאָמישע און סאָציאַלע גרונט־פּראָצעסן, וואָס האָבן געדינט אלס באַזיס פאר דער אויס־פאָרמירונג פון כאסידיזם ביז צו דעם צײַט־פונקט, ווען ער האָט זיך צונויפ־געשטויסן אין זײַן אנטוויקלונג מיט א באַוועגונג, וואָס איז געווען אָן אן ערעכ צײַטמעסיקער, גײַסטיק שטארקער באַוואָפנט און מער צוגעפּאסט פארן בירגערטום — מיט דער האסקאָלע.

---

צו דער צײַט, ווען די כסידישע באַוועגונג האָט זיך אָנגעהויבן צו אנט־וויקלען און צו פארפעסטיקן אין פּאָדאָליע, וואָלין און קיִעווטשינע — האָט די עקאָנאָמיק אין פוילן דורכגעלעבט א שווערן און פארוויקלטן פעריאָד. די גאנצע מעלוכע־ווירטשאפט האָט זײַט אָנהייב 18־טן י״ה איבערגעלעבט א קריזיס. באַזונדערס שטארק איז געפאלן דער גרויסער טוווע־האנדל, דער הויפּט־ארטיקל פונעם פוילישן עקספּאָרט. (אין 1648 יאָר, לעמאָשל, האָט דער פוילישער טוווע־עקספּאָרט באַטראָפן 128.790 לאַשט, אין 18־טן י״ה דער־גרייכט ער זעלטן ביז 30.000 לאַשט א יאָר [1]). דער קריזיס פון גרויס־פּריצישן טוווע־עקספּאָרט האָט אין דער אייגענער צײַט באַטײַט אויך א קריזיס פון דעם יידישן גרויס־האנדל, וואָס איז אין פאָרם פון ארענדעס און אויך אפ א

1) זע סט. קוטשעבא: „Очерк исторіи общественнаго и государственнаго строя Польши" זז. 185 און 188.

מער דירעקטערן אויפֿן געווען ענג פֿאַרבונדן מיט דער מאַגנאַטישער ווירט־שאַפֿט. דאָס האָט אָבער אויך אַרויסגערופֿן די רויִנירונג פֿון אַ גרויסן טייל מיטעלע און קליינע טוווע־הענדלער, וועמעס האַנדל ס'איז געווען אָפּהענגיק פֿונעם גרויסן טוווע־האַנדל. באַזונדערס שאַרף האָט זיך דער קריזיס פֿונעם ברויט־עקספּאָרט געלאָזט פֿילן אין די גרעניצעניש־דרײַכע געגנטן פֿון דער רעכטברעגיקער אוקראַיִנע. עס האָבן זיך דאָרט אָנגעקליבן גרויסע טוווע־רעזערוון, פֿאַר וועלכע עס האָט זיך ניט געפֿונען קיין אָפּזאַץ־מאַרק. אַלס רעזולטאַט פֿון דערדאָזיקער סיטואַציע דאַרף באַטראַכט ווערן די פֿאַרשטאַר־קונג פֿון אַן אַנדערן ווירטשאַפֿט־צווײַג אין דערדאָזיקער געגנט: די פֿאַר־גרעסערטע בראָנפֿן־פּראָדוקציע. די פּריצישע גיטער ווערן באַדעקט מיט אַ נעץ פֿון גוראַלניעס. ס'אַנטוויקלט זיך אַ ברייטער בראָנפֿן־האַנדל. די בראָנפֿן־פּראָדוקציע ווערט צומטייל דורך פֿאַרשידענע צוואַנג־מיטלען אָפּגעזעצט אפֿן אָרט און אינעם לאַנד גופֿא (לעמאָשל, דורך פֿאַרפֿליכטן די פּויערים אָפּצו־קויפֿן באַשטימטע קוואַנטן בראָנפֿן און ביר אַף כאַסענעס, קרעסטינעס און לעווײַעס [1]). צומטייל ווערן די בראָנפֿן־סכוירעס טראַנספּאָרטירט אַף אַ דערלויבטן און ניט־דערלויבטן אויפֿן קיין זאַפּאָראָזשיע, אַף יענער זײַט דניעפּער, אין דער רוסישער אוקראַיִנע, און פֿונדאָרט אויך אין די טיפֿערע געגנטן פֿון רוסלאַנד. דערדאָזיקער בראָנפֿן־האַנדל איז דאָס דער הויפּט־באַזיס, אַף וועלכן עס האָט זיך דער באַוווסטער „טשומאַקישער האַנדל" פֿון די זאַפּאָראָזשיער מיט פּוילן. אַף דעמדאָזיקן באַזיס איז אויסגעוואַקסן אין דער רעכטברעגיקער אוקראַיִנע די היידאַמאַקישע באַוועגונג פֿונעם 18־טן יאָרהונדערט. דערדאָזיקער טשומאַקישער האַנדל האָט זיך צוגעצויגן אויך דעם ייִדישן מיטל־און קליין־האַנדל [2]). אין דער פּוילישער אוקראַיִנע בילדעט זיך אויס אַ נײַער שיכט ייִדישע קרעטשמערס און הענדלער, וועלכע אָריִענטירן זיך אַפֿן טשומאַקישן בראָנפֿן־האַנדל און ביכלאַל אַף די האַנדל־באַציִונגען מיט זאַפּאָראָזשיע, און דורך איר — מיט רוסלאַנד.

דער נײַער עקאָנאָמישער קוואַל, וועלכער האָט זיך געעפֿנט אין אוקראַיִנע פֿאַר דעם ייִדישן קליינעם און מיטעלן הענדלער, האָט געפֿירט אויך צו אַ געוויסער איבערגעשטאַלטונג און אויך טעריטאָריִעלער איבעראָריִענטאַציע פֿונעם עקאָנאָמישן און מעמייִלע אויך געזעלשאַפֿטלעכן לעבן בײַ ייִדן. די אַלטע קאָהאָלש־ראַבאָנישע אָרגאַניזאַציע איז געווען אַ רעזולטאַט פֿונעם ייִדישן גרויס־האַנדל. די א. ג. ייִדישע אווטאָנאָמיע האָט געדינט דעם ייִדישן גרויס־האַנדל ווי אַ מיטל אַף צו פֿאַרשטאַרקן זײַן עקאָנאָמישע מאַכט. ס'איז דערי־

1) זע ק. וואָבלי: „Очерк по истории польской фабричной промышленности" том I, ז. 9.

2) זע, אַנדריִעווסקי: „Исторические материалы из архива киевск. губернск. правления, выпуск 1. ז. 66. זע אויך: „Регесты и надписи" т. III, ז. 344.

בער געווען נאַטירלעך, וואָס די געאָגראַפישע צענטערן פון דער א. ג. יידישער זעלבסטפאַרוואַלטונג, די צענטראַלע וואַאדים און די הויפּט־קעהילעס, די „קהלות ראשיות״ האָבן זיך געפונען אין די גרויסע מער מײַרעװ־דיקע שטעט אַף די ברעגן פון דער ווײַסל און ניעמאַן, ווו ס׳פלעגן פאָר־קומען די גרעסטע לאַנד־יאַרידים (לובלין, יאַראָסלאַוו, לעמבערג א. א. וו.) און ווו ס׳זײַנען געווען קאָנצענטרירט די הויפּט־געשעפטן פונעם יידישן גרויס־האַנדל מיט אויסלאַנד. די גאַנצע קנאַפּע צוויי הונדערט יאָר עקזיסטענץ פון דער א. ג. יידישער אווטאָנאָמיע איז איר אָנפירונג געלעגן אין די הענט פון גרויס־הענדלער, גרויס־מיטניקעס — און ראַבאָנים. דער קריזיס פונעם יידישן גרויס־האַנדל אין 18־טן י״ה האָט מעמיילע געמוזט אָפּשוואַכן די מאַכט, דעם אווטאָריטעט און באַטײַט פון די אווטאָנאָמישע אָרגאַנען און אינסטיטוציעס. אַזוי, לעמאָשל, זײַנען די צונויפפאָרן פונעם ליטווישן וואַאד (איינער פון די צוויי צענטראַלע וואַאדים, וועמעס פּראָטאָקאָלן ס׳האָבן זיך אָפּגעהיט) אינעם 18־טן יאָרהונדערט פאָרגעקומען אַסאַך זעלטענער איידער אין 17־טן י״ה (איז 17־טן יאָרהונדערט פלעגן די צונויפפאָרן פאָרקומען איין מאָל אין צוויי־פיר יאָר, אין 18־טן יאָרהונדערט האָט פון איין צונויפפאָר ביז צום אַנדערן געדויערט צען, זעכצן און אַפילע איין און צוואַנציק יאָר [1]).

די אָפּשוואַכונג פון דעם יידישן אווטאָנאָמיע־רעזשים האָט זיך באַזונדערס געלאָזט פילן אין פּאָדאָליע, וואָס איז די לעצטע יאָרצענדליקער פונעם 17־טן יאָר־הונדערט (1672—1699) אַריבער אונטער דער הערשאַפט פון טערקײַ. אין משעך פון די דאָזיקע צענדליקער יאָרן האָבן די יידישע קעהילעס אין פּאָדאָליע באַוויזן זיך אָפּצורײַסן פון די צענטראַלע וואַאדים און זיך באַפרײַען פון זייער אַפּעטראָפּסעס און אָפּהענגיקײַט. אָבער נאָך וויכטיקער פאַר דער ווײַ־טערדיקער היסטאָרישער אַנטוויקלונג פון די יידן אין דעמדאָזיקן קאַנט איז געווען, וואָס די פּאָדאָלער יידן האָבן פאַר דער צײַט פאַרקניפּט ענגע האַנדלס־באַציִונגען מיט די נאָענטע מיזרעך־לענדער (טערקײַ, וואַלאַכיע, רוסלאַנד).

זײַט דעם 18־טן יאָרהונדערט ווערן די האַנדלס־באַציִונגען מיט מיזרעך און דעריקער מיט רוסלאַנד א באַשטענדיקער פאַקטאָר אינעם יידישן עקאָנאָמישן לעבן ניט בלויז אין פּאָדאָליע, נאָר אויך אין די איבעריקע טיילן פון אוקראַיִנע. בא דערדאָזיקער נײַער עקאָנאָמישער סיטואַציע האָבן די אַלטע געאָגראַפישע צענטערן פון דער יידישער זעלבסטפאַרוואַלטונג — די מײַרעװדיקע צענ־טרען, וואָס זײַנען געווען צוגעפּאַסט פאַרן יידישן גרויס־האַנדל מיט מײַרעװ — געמוזט פאַרלירן פאַר אוקראַיִנע זייער באַטײַט. אַף זייער אָרט האָבן זיך געדאַרפט אַרויסרוקן נײַע צענטערן, וואָס זאָלן זיך געפינען שוין ניט אַף מײַרעװ, נאָר וואָס נעענטער צו רוסלאַנד. אינײנעם מיטן אַריבערטראָגן

---

1) זע דובנאָווס פאָרוואָרט צום „פּנקס המדינה של ועד הקהלות הראשיות שבמדינת ליטא״, פּעטערבורג, 1912.

דעמ געאָגראפישנ צענטער פונ מיַירעוו קיינ מיזרעכ האָט זיכ אָבער אויכ געביטנ דער עצעמ *כאראקטער* פונעמ יידישנ האנדל. דער פריערדיקער יידישער גרויס־האנדל איז געווענ פארבונדנ מיט דער מאגנאטישער ווירטשאפט. דער יידישער סויכער פלעגט ארענדירנ גיטער באמ גרויסנ פּאָרעצ, אופקויפנ פריצישע טוווע פארנ אויסלענדישנ עקספּאָרט אונ פארקויפנ דיזעלבע פריצימ די אימפּאָרטירטע אויסלענדישע סכוירעס. *דאָס פאלנ פונעמ גרויס־האנדל גיט צו דעמ מיטל־ אונ קליינ־האנדל א גרעסערנ באטייַט.* די נייַע האנדלס־באציונגענ, וואָס דער יידישער מיטל־ אונ קליינ־האנדל האָט צומ 18־טנ יאָרהונדערט אָנגעהויבנ פארקניפּנ מיט רוסלאנד, אָריענטירנ זיכ אָבער דעריקער ניט אפ דער פריצישער, נאָר אפ דער פויערישער ווירטשאפט. א הויפּטארטיקל פונעמ דאָזיקנ האנדל, בראָנפנ אונ אנדערע שארפע געטראנקענ, איז געווענ באשטימט פארנ פויערישנ געברויכ. אויכ די איבעריקע ארטיקלענ פונעמ יידישנ מיטל־ אונ קליינ־האנדל זייַנענ געווענ אויסגערעכנט דעריקער פאר די באדערפענישנ פונעמ פויערישנ געברויכער.

דידאָזיקע נייַסנ אינ דער עקאָנאָמיק האָבנ זיכ אפ א באשטימטנ אויפנ אָפּגעשפיגלט אויכ אינ דער געזעלשאפטלעכער אידעאָלאָגיע, וואָס האָט זיכ, לויטנ דעמאָלטיקנ צושטאנד פונ דער קולטור, קאָנצענטרירט אינ א רעליגיעזנ אויסדרוק. די עלטערע ראבאָנישע אידעאָלאָגיע איז געווענ אינגאנצנ דורכגעדרונגענ מיטנ גייַסט פונ גרויס־האנדל, געלט־געשעפטנ א. א. וו. די רייַכע ראבאָניש־יורידישע ליטעראטור מיט אירע אָנצאָליקע שייַלעס־אוטשוועס איז אנטשטאנענ אפנ באָדנ פונ גרויס־האנדל אונ גרויסע געלט־געשעפטנ, אפ זייערע האנדלס־סיכסוכימ אונ געלט־פּאָדערונגענ. אפ דער האָרשפאלטנדיקער, דרייערישער, ספעקוליאטיווער, פילפּוליסטישער ראבאָנישער ליטעראטור, וואָס איז אנטשטאנענ אינ די פּוילישע יעשיוועס, איז געלעגנ דער שטעמפּל פונעמ גרויס־האנדל. די קאָפּשווינדלערישע קאָמבינאציעס, וואָס די גרויסע סאָכרימ האָבנ אָנגעווענדט באַ זייערע עקספּאָרט־אונ אימפּאָרט־געשעפטנ (מיט פארהעלטניסמעסיק ניט אנטשפּרעכנדיקע קאפּיטאלנ), די ספּעקוליאציעס פונעמ פינאנסיסט אונ וואָכערניק, די שווינדלערישע דריידלעכ פונ זייערע קלענערע, ווייניקער פארמעגלעכע מיטהעלפערס, האָבנ זיכ אָפּגעשפיגלט אינ די שארפזיניקע האמצאָעס אונ שווינדלערישע קונצנ פונ דער פילפּוליסטיק, וואָס די פּוילישע ראבאָנימ האָבנ באנוצט אינ זייערע סכאָלאסטישע ווערק. די נויטווענדיקייַט פונעמ ספּעקוליאנט אונ גרויסנ סויכער אינ אלע סיטואציעס גיכ צו געפינענ אנ אויסוועג, צו געפינענ א צוזאמענהאנג צווישנ איניאָנימ, וואָס האָבנ ניט קיינ אינעווייניקסטע שייַכעס („געלט־מעקלערישער מעטאָד”), ארויסצוגעפינענ שטענדיק אונ ליגנעריש א פּעדעמל, וואָס זאָל פארבינדנ קעגנזאצנ, די פעיִקייַט צו מאכנ פונ קרומ אונ פאלש — גראָד אונ ריכטיק, די פארקריפּלונג פונ די פּאָשעטסטע עטישע פרינציפּנ דורכ א נעצ פונ ראבוליסטישע

אויסריידן און דאָס פארבײַטן „די עטיק אין דער לאָגיק" מיט א שווינדלערישער פסעוודאָ־לאָגיק — דאָס אלץ האָט געפונען אן אויסדרוק אינעם גאנצן כאראק־טער פון דער ראבאָנישער אידעאָלאָגיע אין יענער צײַט. כאראקטעריסטיש איז דער אנעקדאָט וועגן יאנקעוו פּאָליאק (געלעבט סאָף 15־טן יאָרהונדערט), דעם באגרינדער פון דער ראבאָנישער פּילפּוליסטיק, אז לייענענדיק אין א געמאָרע, אין וועלכער עס האָבן געפעלט עטלעכע בלעטער, האָט ער דאָס אפילע ניט באמערקט און האָט פארבונדן די פארשידענע טעמעס, אשטייגער, ווי עס וואָלט זיך געהאנדלט וועגן איינעם און דעמזעלבן איניען. דאָס איז א כא־ראקטעריסטישער שטריך פונעם גרויס־האנדל און פון געלט־געשעפטן, אז זיי ניוועלירן די קאָנקרעטע פאָרמעס פון זאכן און פארוואנדלען זיי אין אבס־טראקטע טויש־ווערטן.

דערדאָזיקער קאָמפּליצירטער יורידיש־קאזויִסטישער כאראקטער האָט מער ניט געפּאסט פאר דער (רעליגיעזער) אידעאָלאָגיע פונעם פּראָסטערן ייִדיש־אוקראיִנישן מיטל־ און קליין־האנדלטום פון דער צײַט, וועגן וועלכער מיר ריידן. דער „דאָרפיש־פויערישער" מעהוס פון דעמדאָזיקן מיטל־ און קליין־האנדל האָט זיך געניײטיקט אין „פאָלקסטימלעכע"־פּראָסטערע אידעאָלאָגישע פאָרמעס, וואָס האָבן זיך טאקע אויסגעבילדעט אין אוקראיִנע זײַט די 40—50־ער יאָרן פונעם 18־טן יאָרהונדערט (אָנעמענדיק באשטימטע שטריכן פון פראנקיזם און שאבסעצוויִזם) — אלס בעשטישער כאסידיזם.

דער בעשטישער כאסידיזם טראָגט אריבער דעם שווערפּונקט פון דער רעליגיעזער אידעאָלאָגיע — פון דער ריגאָראָזער געזעץ־אָפּהיטונג אף דער גוטער „קאוואָנע", מיט וועלכער דער פּראָסטער גוט־מיינענדיקער מענטש באגלייט זײַנע טאטן. ניט די טאטן זײַנען דער איקער, נאָר דער מיין, די קאוואָנע, מיט וועלכער מע באגלייט זיי. ניט די ראפינירטע פײַנקײַטן פון דער געזעץ־קענטעניש, ניט דאָס פּינקטלעכע אָפּהיטן דעם ריטואל, נאָר דער מיין און די קאוואָנע פון דעם פרימיטיוון, דאָרפישן און קליינשטעטלשן מענטשן, ווי נאַיִוו און אָביעקטיוו־קליינלעך זײַנע פרומע טאטן זאָלן ניט זײַן, דאָס אנטשפּרעכט דעם שטרעבן פון דערדאָזיקער פאָרמאציע מיטעלע און קליינע דאָרפישע הענדלערס מיט בראָנפן און אנדערע ארטיקלען פארן פויערישן געברויך, מיט זייערע געוויינלעך געזעלשאפטלעך ניט זייער געשעצטע גע־שעפטן — צו בארעכטיקן אקעגן די גרויס־הענדלערישע אָנגעזעענע גרופּעס ניט בלויז זייער אייגענע קנאפּע רעליגיעזע „בילדונג", זייערע פרימיטיוו־פאר־גרעבטע „אומאָפּיציִעלע" אָבערגלויבענישן (אקעגן די אָפּיציִעלע), נאָר אויך און דעריקער זייער פרימיטיווע, פאטריארכאלישע און ניט באזונדערס אָנגע־זעענע עקאָנאָמיק. ניט בלויז די אָפּיציִעלע רעליגיעזע „טעאָריע און פּראקטיק", צו וועלכער עס איז נייטיק א באשטימטע רעליגיעזע „געלערנטקײַט", קען פירן צום רעליגיעזן ציל, נאָר „גאָט וויל מע זאָל אים דינען אף אלער־

אויפֿאנימ״, אפילע מיט די סאמע פּראָסטע טאטנ, לעמאָשל, דורכ עסנ, טרינ־קענ [1], רויכערנ, טאנצנ, סטאמ פרײלעכקײַט, דורכ די פארגעניגנס, וואָס דער מענטש טוט זיכ אָנ, אונ אפילע דורכ גלײַכגילטיקסטע מײַסימ, אויב זיי זײַנענ נאָר באגלייט מיט א רעליגיעזנ „גוטנ מיינ״.

דערדאָזיקער האלב־מיסטישער סעקטאנטישער געדאנקענגאנג וועגנ דער גלײַכוועריטקײַט פונ די פארשידנסטע אויפֿאנימ, דורכ וועלכע „מע קענ דינענ גאָט״, אנטשפּרעכט דאָ דער געפאלענער (אינ פארגלײַכ מיטנ פריערדיקנ גרויסנ מײַרעוו־האנדל) פרימיטיוו־געוואָרענער עקאָנאָמיק, וואָס קלײַבט ניט איבער קיינ געשעפטנ, האנדלט מיט אלצ, וואָס טרעפט זיכ, אונ פאר וועלכער אלצ איז א פאסיק געשעפט אונ א פאסיקע סכוירע. אזא אידעאָלאָגיע דארפ דורכ א דרייסטער „פארהייליקונג״ פונ דער פּראָסטקײַט אונ פרימיטיווקײַט (sancta simplicitas) צופאסנ באשטימטע סאָציאַלע פאָדערונגענ לויט די באשטימטע אראָפּגעדריקטע, אָבער אינ דעמ קאנט אונ צו דער צײַט גראָד מאָסגעבנדיקע, אונ אמאָל אפילע פארהעלטניסמעסיק עקאָנאָמיש־פּראָגרעסיווע טאטזאכנ. (לעמאָשל, בא די באשטימטע מײַרעוו־אייראָפּעיִשע אונ רוסישע „בעטלערישע״ מאָנאכנ־אָרדענס, וועמעס ברייטע מאסע איז דאָסראָוו ארויסגעקומענ פונ פויערישע אונ ניט־געלערנטע שיכטנ, בא די פארשידענע מײַרעוו־אייראָפּעיִשע סעקטעס זײַט דער רעפאָרמאציע אונ קעגנ־רעפאָרמאציע, בא די פארשידענע רוסישע פויערישע סעקטעס אינעמ 19־טנ י״ה א. א. וו.). דידאָזיקע אידעאָלאָגיע אנטשפּרעכט דעמ שטרעבנ צו באווײַזנ, אז דער אווטאָריטעט אונ די מאכט פונ גרויס־האנדל שטייט צו דער צײַט אונ אינ דעמ קאנט ניט אפנ ערשטנ אָרט, אז מע קענ זײַנ א „לײַט״ מיט דער הילפ פונ א פּראָסטערער, ווייניקער־אָנגעזעענער עקאָנאָמיק. מיט דער באשטימטער לעבנס־פריידיקער דרייסטקײַט פונעמ פרימיטיוו ווערט דאָ באטאָנט דער ווערט פונ דעמ פרײלעכנ אומגעלערנטנ, פּראָסטנ מיטעלנ באלעגופ.

דער אמאָליקער פּילפּול, וואָס איז באשטימט געוואָרנ פונ דער קאָמפּליציר־טער יורידישער קאזויִסטיק וועגנ גרויסע יורידישע האנדלס־פאלנ, ווערט בא די כסידימ פארביטנ מיט א קליינלעכער ראבוליסטיק, וואָס באמיט זיכ אפ א דורכויס אמעראצישנ אונ שפּילעריש־זאָרגלאָזנ אויפנ סימבאָליסטיש־מיסטיש אויסטײַטשנ דורכ וואָרטשפּילערײַענ די ווערטער פונ דער ביבל אונ זיי אויס־

---

1) די בראָנפנ־הענדלערישע, ארענדאטעריש־קרעטשמערישע כסידישע „מיסטיקער״ גיבנ צו דעמ בראָנפנ־טרינקענ (ווי ביכלאל אלע שארפע מאשקאָעס), אנטשפּרעכנדיק צו זייער עקאָנאָמישנ שטייגער, אזא באטײַט, ווי אנדערע מיסטיקער גיבנ צו דעמ ווײַנ־טרינקענ. די שיקערע מיסטיק, וואָס וויל ניוועלירנ אונ אידענטיפיצירנ אלע זאכנ (גלײַכוועריטקײַט אונ פאנטעיִזמ), וואקסט אומעטומ געוויינלעכ ארויס פונ א סיטואציע, וואָס דארפ צופאסנ א געפאלענע עקאָנאָמיק צו וואקסנדיקע סאָציאַלע פאָדערונגענ אונ וואָס איז לויט דער נידעריקער וויסנשאפטלעכ־קולטורעלער אנטוויקלונג אימשטאנד דאָס צו באווײַזנ נאָר אפ א רעליגיעזנ אויפנ.

נוצן צוליב קליינלעכערע צוועקן. די כסידישע „טוירעס״ [1] שפיגלען שוין מער ניט אָפּ די האנדל־ספּעקוליאציעס פון א גרעסערן מאסשטאב, ווי דער פּילפּול און די שײַלעס־אוטשוווּעס, נאָר די קליינלעכע ספּעקוליאציעס פון קלענערן האנדל. דער פארשטארקטער סימבאָליזירנדיקער צוגאנג, וואָס וויל אין יעדן ביבלישן וואָרט געפינען כיטרע באהאלטענע קאוואָנעס און מיינען, וועלכע מע דארף דעשיפרירן דורך א ייִדישלעך־קליינקרעמערישער קלוגיטשקײַט, דורך א דריי, וואָס איז דורכגעמישט מיט עלעמענטן פון פויערישער כיטרעקײַט — אנטשפּרעכט דעם געשעפטלעכן שטייגער פון דידאָזיקע עקאָנאָמישע גרופּעס, וואָס זעען אין יעדן שמועס א באהאלטענעם כיטרען מיין און וואָס דארפן פון יעדן וואָרט ארויסשלאָגן א באשטימטן רעוועך.

———

דער אָפיציעלער קאָהאָל האָט פון אָנהייב אָן דערקלערט א קאמף דער כסידישער באוועגונג. דאָס איז צו יענער צײַט געווען א צוזאמענשטויס פון צוויי סאָציאַלע קויכעס מיט פארשידענע עקאָנאָמישע אָריענטאציעס: פונעם גרויס־האנדל מיט זײַן מײַרעוודיקער אָריענטאציע, פון איין זײַט, און כונעם מיטעלן און קליין־האנדל מיט זײַן מיזרעכדיקער אָריענטאציע, פון דער אנדערער זײַט. די לאגע פון די צדאָדים איז צום אָנהייב קאמף ווײַט ניט געווען קיין גלײַכע. די אווטאָנאָמיע־אָרגאנען — די צענטראלע וואאדים און די אָרטיקע קעהילעס — האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט אן אײַנגעפונדעוועטע אָרגאניזאציע מיט א לאנגאָניקן אווטאָריטעט, מיט א פארצווײַגטן „אדמיניסטראטיוון אפאראט״ — און מיט דער אָפיציעלער אָנערקענונג מיצאד דער מעלוכע. די כסידישע באוועגונג איז אָבער געווען א יונגע, אָן טראדיציעס, אָן געזעלשאפטלעכע מאטעריעלע מיטלען, אָן אן „אדמיניסטראטיוון אפאראט״ און אָן דער אָפיציעלער מעלוכישער אָנערקענונג. וואקסנדיק אפ א סאָציאַל־נידעריקערן באָדן, איז דער כאסידיזם שוין סײַווי געווען גענויגט צו באטאָנען אקעגן דעם ווערט פון געלערנטקײַט, ייִכעס און רײַכקײַט, וואָס זײַנען געווען די שאצונג־מאָס פון דער פריִעריקער ניט־כסידישער געזעלשאפט — דעם ווערט פון דער פערזענלעכקײַט גופע. (דעם באגרינדער פון כאסידיזם האָט, לעמאָשל, ניט געשאדט, וואָס ער איז געווען אן אמעראַצישער פּראָסטער אָרעמער באהעלפער). בא דער שטארקער ניט־גלײַכקײַט פון די קויכעס אינעם קאמף, וואָס דער כאסידיזם האָט געפירט מיט קאָהאָל און מיט די עלטערע ראבאָנישע געזעלשאפטלעך־רעליגיעזע פאָרמעס, איז דאָס באטאָנען פון פערזענלעכקײַט־

1) זייער כאראקטעריסטישע און וויציק־פאראָדירטע מוסטערן פון דעם מין טוירעס ברענגט אקסענפעלד אין דער „גענארטער וועלט״ און אין „שטערנטיכל״. זע אויך ש. מײַמאָן „לעבנסגעשיכטע״ (ייִדישע אויסגאַבע, ווילנע, 1927), ערשטער טייל, זז. 173—175.

ווערט געוואָרנ א וויכטיקער קאמפ־מיטל, אונ איז גיכ אויסגעוואַקסנ ביז צו א פּערזענלעכקייַט־קולט. אקעגנ דעמ אווטאָריטעט אונ קויעכ פונעמ קהל— פונעמ וואאד אונ קאָהאָל — האָט דער כאסידיזמ ארויסגערוקט די אידייע פונ דער גרויסער פּערזענלעכקייַט מיט איר אומבאדינגטנ מאָראלישנ, גייַסטיקנ אונ זנאכעריש־קישעפמאכערישנ אווטאָריטעט (א טיפּישע סעקטאַנ־טישע דערשייַנונג).

אונ טאקע אינ די ערשטע יאָרצענדליק (אנ ערעכ ביז די 70־ער יאָרנ פונ 18־טנ י״ה) קאָנצענטרירט זיכ דער כאסידיזמ ארומ איינ פּערזענלעכ־קייַט, פריִער ארומ ייִסראָעל בעש״ט, אונ נאָכ זייַנ טויט (1760), ארומ בער פונ מעזעריטש (1710—1772), וועלכע די כסידישע לעגענדע האָט נאָכ באמ לעבנ ארומגעפלאָכטנ מיט אנ אָרעאָל פונ א מינ שאמאַנישער געט־לעכקייַט. מיט דער צייַט האָבנ זיכ די כסידישע „רעבעס" באדייַטנדיק פאר־מערט, אָבער דער אומגעהייערער פּערזענלעכקייַט־קולט, וואָס האָט דערפירט צו א קימאט פויפּסטלעכער אומפעלבארקייַט פונ די רעבעס, האָט זיכ ניט פארמינערט. נאָכנ צעפאל פונ דער אזויגערופענער ייִדישער אווטאָנאָמיע (1764), וואָס האָט געבראכט צו דער אָפּשוואכונג פונ דער ראבאָניש־קאָהאָלשער מאכט אונ אווטאָריטעט — איז אויכ דער ראבּיניזמ געצוווּנגענ איבערצונעמענ פונ כאסי־דיזמ דעמ „אָרגאניזיר־מיטל" פונ „פּערזענלעכקייַט־קולט". די פּערזענלעכקייַט פונ עליִאָהו פונ ווילנע, פונעמ אזויגערופענעמ ווילנער גאָענ (1720—1797) איז אינ דער ראבאָנישער געזעלשאפט אפּ א גענוג ענלעכנ אויפנ פארהייליקט געוואָרנ, ווי ייִסראָעל בעש״ט בא די כסידישע סעקטאנטנ.

דער אופבלי פונ דער כסידישער באוועגונג פאלט כראָנאָלאָגיש צונויפ מיט דער אָפּאָזיציִאָנעלער באוועגונג פונ די באלמעלאָכישע אונ האמוינישע שיכטנ קעגנ די אָפיציִעלע קאָהאָלשע אינסטיטוציעס. אינ די לעצטע יאָרצענ־דליקער פונעמ 18־טנ י״ה זייַנענ איבער די ווילקירלעכע שטייַער־באַרייַסע־נישנ אונ איבער אנדערע מיסברויכנ מיצאד דער קאָהאָלשער אָליגארכיע זייער פארשארפט געוואָרנ די באציִונגענ צווישנ די ברייטערע מאסנ מיט די פאָרשטייער פונ קאָהאָל. אינ א ריי ערטער איז עס אפילע דערגאנגענ ביז צו בונטארישע צוזאמענשטויסנ, „עקסצעסנ" אונ געשלעגנ (מינסק, ווילנע, שאוול אונ אנדערע ערטער [1]). די אָפּאָזיציע צומ אָפיציִעלנ קאָהאָל האָט גאנצ אָפט פאריייניקט די־דאָזיקע צוויי באוועגונגענ: דעמ כאסידיזמ אונ דעמ סאָציִאלנ קאמפ פונ די באלמע־לאָכיש־האמוינישע שיכטנ אונ האָט זיי דערנעענטערט איינע צו דער אנדערער. דאָס האָט זיכ באזונדערס באמערקט אינ ווייַסרוסלאנד אונ אינ ליטע, ווו די כסידישע באוועגונג איז געבליבנ אנ אָפּאָזיציִאָנעלע ביז צומ אָנהייב 19־טנ יאָר־

1) זע מארעקס דערמאָנטנ ארטיקל „קריזיס פונ דער ייִדישער זעלבסטפארוואלטונג אונ כאסי־דיזמ", זז. 88—100 אונ פריִער. זע אויכ בערשאדסקיס „Литовские евреи" זז. 46—48.

הונדערט. עס פלעגט זיכ טרעפנ, אז אינ זייער קאמפ קעגנ קאָהאָל האָבנ די האַמוינישע מאסנ געזענ אינ די כסידימ פארבינדעטע. אינ אייניקע פאלנ (לעמאָשל, אינ ווילנע אינ 1799 י.) האָבנ זיי אויסגעקליבנ כסידימ אלס פאָרשטייער אונ פארטיידיקער פונ זייערע אינטערעסנ אינ דער קאָהאָלשער פארוואלטונג [1].

---

נאָכ דער ערשטער צעטיילונג פונ פוילנ, וואָס פאלט כראָנאָלאָגיש צונויפ מיט דעמ טויט פונ בער פונ מעזעריטש, הייבט זיכ אָנ א נייַער פאזיס אינ דער אנטוויקלונג פונ כאסידיזמ. מיטנ אריבערגיינ פונ א טייל פוילישע קאנטנ צו רוסלאנד האָבנ זיכ פאר דידאָזיקע געוועזענע פוילישע געגנטנ געעפנט נייַע עקאָנאָמישע מעגלעכקייַטנ. דער יידישער גרויסער עקספאָרט־האנדל, וואָס האָט אינ פוילנ איבערגעלעבט א שארפנ קריזיס, ווערט אינ די נייַע באדינגונגענ פונ דער רוסישער מעלוכע־ווירטשאפט אפסנייַ אופגעריכט. דער יידישער גרויסער האנדלס־קאפיטאל לעבט ווידער אופ. די לעצטע יאָרצענדליקער פונ 18־טנ יאָרהונדערט זייַנענ גראָד די אופבלי־טקופע פונעמ רוסישנ האנדל־קאפיטאליזמ. א באַזונדערס שטארקע אופלעבונג קומט פאָר אפנ געביט פונעמ רוסישנ טוווע־האנדל. די פרייַזנ־שטייַגערונג אפ ברויט אינ ענגלאנד, אלס רעזולטאט פונ דער ענגלישער אינדוסטריעלער איבערקערעניש, אונ דער נייַער וועג, וואָס רוסלאנד האָט פאר זיכ דורכגעשלאָגנ צו די האפנס פונעמ שווארצנ יאמ — זייַנענ געווענ די הויפט־פאקטאָרנ, וואָס האָבנ פארשטארקט די קאָניונקטור פארנ רוסישנ טוווע־עקספאָרט. „רוסלאנד" איז אזוי ארומ געוואָרנ די „ברויט־קאמער פונ אייראָפע". פארנ יידישנ גרויס־האנדל, אונ באזונדערס אפנ געביט פונ טוווע־עקספאָרט, האָט זיכ געעפנט א ברייט פעלד פאר איניציאטיוו אונ אונטערנעמונג. בא די אָפטע מילכאָמעס, וואָס רוסלאנד פירט דעמאָלט קעדיי צו פארכאפנ אלץ נייַע אונ נייַע מערק, ווארפט זיכ דער יידישער קאפיטאל מיט א באַזונדערנ אימפעט אפ פארשידנערליי פאָדריאד־געשעפטנ פאר דער ארמיי (צושטעלנ ברויט, פוראזש אונ פראָוויאנט). אזוי, לעמאָשל, טרעפנ מיר שוינ אינ די נאָענטסטע יאָרנ נאָכ דער ערשטער צעטיילונג פונ פוילנ אונ דער פארייניקונג פונ „רייַסנ" צו רוסלאנד באמ הויפ פונ פירשט פאָטיאָמקינ, דעמ קאָלאָניזאטער פונ „נייַ־רוסלאנד" — א יידישנ שקלאָווער גוויר אונ מעצענאט, יעהושוע צייטלינ, אלס גרעסטנ פאָדריאטשיק אונ צושטעלער פונ פוראזש אונ פראָוויאנט פאר דער רוסישער ארמיי בא דעמ ערשטנ אונ צווייטנ טערקישנ קריג (אינ די יאָרנ 1775 אונ 1787—1791). צו די באוווּסטערע פונ די דעמאָלטיקע קאפיטאליסטנ געהערט די גרופע גרויסע סאָכרימ אונ פאָדריאטשיקעס, וואָס רוקט זיכ ארויס אביסל שפעטער (די שקלאָווער סאָכרימ, א. פערעצ, נאָטקינ, שטיגליצ א. א.), וועלכע פאָרנ אינגיכנ אריבער קיינ

[1]) מארעק, דאָרט, זז. 100.

פעטערבורג און הייבן אָן צו שפּילן א באשטימטע ראָל אלס גרויסע סאָכרים, אלס פּאָדריאטשיקעס באַם שיפ־בוי און וועג־בוי, אלס פינאנסיסטן א. א. וו.

אן ערנסטערע ראָל האָבן די ייִדישע פּאָדריאטשיקעס געשפּילט אינעם רוסיש־פראנצויזישן קריג אין יאָר 1812. אין „שטערנטיכל" פירט אקסענפעלד ארויס א היפשע גרופּע אזעלכע באַדייַטנדיקערע פּאָדריאטשיקעס (מארגאָסין, דאווידזאָן, האלפערין, קרוין, בלומענפעלד, דילאָן, זאָנענבערג [1]), אָקסמאַן א. א.), וואָס דרייען זיך ארום דער אינטענדאנטור און שטעלן צו פּראָוויאנט, פוראזש א. א. וו. פאר פארשידענע ארמיי־קאָרפּוסן, שפּיטאָלן א. ד. גל. אקסענפעלד שילדערט זיי ווי „בעריעס מענטשן, געניטע פּאָדריאטשיקעס, מענטשן, וואָס האָבן א נאָמען אפּ דער מעדינע, פון דער היימ מעיוכאָסים, אשירים, א טייל גרויסע אשירים, א טייל ניט זייער רײַך, נאָר טאָמיד אין אסאָקים". איינער פון דידאָזיקע פּאָדריאטשיקעס, אָקסמאַן, דערציילט וועגן זײַן נעסיִע אין די גרויסע פרעסט פונעם 1812—1813 יאָר צו דער הויפּט־קווארטיר פון דער רוסישער ארמיי און ציטירט דערבײַ, אלס שטייגערישן מאָמענט, א דעמאָלט־פארשפרייטן גלײַכווערטל: „ווען זעען זיך אלע פּאָדריאטשיקעס אינײנעם? נאָר אין געהענעם, און באַם לעבן — אין דער הויפּט־קווארטיר. אלע פּאָדריאטשיקעס זײַנען אהין געפאָרן נאָך אסאָקים, פאָר איך אויך". פון אקסענפעלדס שילדערונג קענען מיר באקומען א פאָרשטעלונג וועגן דער ראָל, וואָס די פּאָדריאד־געשעפטן פאר דער ארמיי האָבן אין דעמאָזיקן פעריִאָד געשפּילט באַ דער אופקומענדיקער ייִדישער בורזשואַזיִע.

אכוץ ארמיי־פּאָדריאטשיקעס געפינען מיר אין יענער צײַט און אביסל שפּעטער ייִדישע פּאָדריאטשיקעס באַ דער שאָסיי־בויונג, שיפ־בויונג א. ד. גל. אין די 20־ער יאָרן, ווען דער ייִדישער גרויס־קאפּיטאל ווארפט זיך מיט א באזונדערן אימפּעט צו דער געוואנט־אינדוסטריע, זײַנען די ייִדישע געוואנט־פאבריקאנטן די גרעסטע געוואנט־צושטעלער פאר די ארמייִשע קאָמיסאריִאט־דעפּאָ'ס [2]). ביכלאל האָט דעמאָלט דער ייִדישער גרויס־קאפּיטאל אין א גרויסער מאָס, אויב ניט דעריקער, באדינט די ארמיי (דאָס האָט אגעוו געדארפט באשטימען די שטעלונג פון דער ייִדישער בורזשואַזיִע צו דער רעקרוטשינע פאר ייִדן). אפילע אזא געשעפט, ווי „האנדלען מיט אָקסן קיין ווארשע", מיט וואָס עס האָט זיך באשעפטיקט דער ניביוואלער גרעסטער אוישער ארן קלוגער (זע

1) דילאָן און זאָנענבערג זײַנען יעדנפאלס ווירקלעכע היסטאָרישע פיגורן. דידאָזיקע צוויי פּאָדריאטשיקעס זײַנען באשטימט געוואָרן אלס דעפּוטאטן פון אלע ייִדישע קעהילעס באַ דער הויפּט־קווארטיר. זייער מעגלעך, אז אויך די איבעריקע נעמען זײַנען פון ווירקלעכע פיגורן.

2) זע מײַן ארבעט „ייִדישע ארבעט און ייִדישער קאפּיטאל אין דער ערשטער העלפט 19־טן י"ה אין רוסלאנד", וואָס דרוקט זיך אין די „היסטאָרישע שריפטן", ב. I., ארויסג. פון אינסטיטוט פאר ייִדישער קולטור באַ דער אוקר. אקאדעמיע פון וויסנשאפטן אין קיִעוו.

„דער ערשטער ייִדישער רעקרוט"), האָט צו יענער צײַט געקאָנט זײַנ פארבונדנ נאָר מיט ארמיי־פּאָדריאדנ. צום סאָפּ 20־ער יאָרנ, וואָס ווערנ געשילדערט אינעמ „ערשטנ ייִדישנ רעקרוט", איז ווארשע, צוליב דער פּאָליטישער אָנגעשטרענגטקײַט, וואָס האָט לעסאָפּ דערפירט צום אופשטאנד פונ 1831—געווענ א מיליטערישער צענטער. די גאנצע שטאָט איז געווענ פארפלייצט מיט פארשידענע מינימ רוסישנ מיליטער. טרײַבנ אָקסנ קיינ ווארשע — האָט אינ יענער צײַט באטײַט צושטעלנ פלייש פאר די פארשידענע ארמיי־קאָרפּוסנ, וואָס האָבנ געהאלטנ קווארטיר אינ ווארשע.

צומ סאָפּ 20־ער יאָרנ איז פאר דער עקאָנאָמיק פונ דעמ גרעסערנ ייִדישנ קאפּיטאל צוגעקומענ אזא וויכטיקער ווירטשאפט־צווײַג, ווי בראָנפנ־אָטקופּ, וואָס האָט געשפּילט א באשטימטע ראָל אינ דער ייִדישער קאפּיטאלנ־אָנזאמלונג און אינ דער אויסבילדונג פונ א ייִדישער אינדוסטריעלער בורזשואזיִע [1]). אויב מיר וועלנ נאָכ צוגעבנ גרויסע געלט־סאָכרימ, וואָכערערס אונ די ארענדע פונ פּאָסט־סטאנציעס, וואָס האָט זיכ אינ אסאכ ערטער געפונענ קאָנצענטרירט בא ייִדישע קאפּיטאליסטנ — וועלנ מיר מער וויניקער האָבנ ארומגעצייכנט די עקאָנאָמישע טעטיקײַט פונ דער ייִדישער גרויס־בורזשואזיִע, אזוי ווי זי האָט זיכ אויספאָרמירט אינ די ערשטע יאָרצענדליקער פונ 19־טנ יאָרהונדערט.

אפנ באָדנ פונ דער נײַער רוסישער עקאָנאָמיק האָט זיכ אויסגעבילדעט א נײַער טיפּ ייִדישער בורזשוא, וואָס איז ניט ענלעכ געווענ צומ אמאָליקנ פוילישייִדישנ גרויסנ סויכער. דער ייִדישער גרויס־האנדל אינ פוילנ האָט אינ א באשטימטער מאָס געהאט א „נאציִאָנאלנ" כאראקטער. די ייִדישע מיסכאָרימ זײַנענ אינ גרעסטנ טייל געפירט געוואָרנ צווישנ ייִדנ גופע. אפ די גרויסע מערק אונ יארידימ אינ פוילנ (לובלינ, יאראָסלאוו, לעמבערג, קראָקע א. א.), ווי אפ די נאָענטע אויסלענדישע יארידימ (לייפּציק, קעניגסבערג א. א.) פלעגנ זיכ טרעפנ ייִדישע סאָכרימ פונ פוילנ, דײַטשלאנד אונ אנדערע לענדער אונ אָפּמאכנ צווישנ זיכ פארשידענע געשעפטנ. דידאָזיקע האנדלס־באציִונגענ צווישנ די פוילישע ייִדנ פונ פארשידענע קאנטנ אונ צווישנ זיי מיט ייִדנ פונ אנדערע לענדער האָט דאָס טאקע געדינט אלס באזיס פאר דער ייִדישער „אווטאָנאָמער" אָרגאניזאציע אונ האָט „נאציִאָנאל" באפארבט דאָס דעמאָלטיקע ייִדישע האנדלס־וועזנ אינ פוילנ.

אינ די נײַע רוסישע באדינגונגענ האָט דער ייִדישער גרויס־האנדל אינ די קאנטנ, וואָס זײַנענ פאריייניקט געוואָרנ צו רוסלאנד, אָנגענומענ גאָר אנ אנדערנ כאראקטער. זײַנ שווערפּונקט האָט זיכ אריבערגעטראָגנ פונ מײַרעוו אפ מיזרעכ, אינ דער ערשטער ריי — אפנ ברייטנ מארק פונ רוסלאנד גופע, אינ די צענטראלע רוסישע גובערניעס, וווהינ דער ייִדישער גרויסער קאפּיטאל

1) זע מײַנ נאָר־וואָס ציטירטע ארבעט.

הייבט אָנ אַרײַנצודרינגענ, איז קיינ ייִדישע באַפעלקערונג ביז דעמאָלט ניט געווענ. דעם ייִדישנ גרויס־הענדלער, אינדוסטריִעלער, פינאַנסיסט, פּאָדריאַטשיק קומט דאָ אויס זיכ צו באַגעגענענ קימאַט נאָר מיטנ רוסישנ סויכער, פאַבריקאַנט, מיט מיליטערישע אונ ציווילע העכערע באַאַמטע א. א. וו. דער אינטערעסנ־קרײַז פונעם ייִדישנ גרויס־קאַפּיטאַל האָט זיכ באַ די נײַע באַדינגונגענ אַלץ מער דערווײַטערט פונ דער ייִדישער סוויווע אונ פונ אָרטיקנ ייִדישנ מאַרק. דאָס האָט געמוזט פירנ צו דער דענאַציאָנאַליזירונג פונ דער נײַאופקומענדיקער ייִדישער בורזשואַזיִע, צו דער אויספּאָרמירונג פונעם שטרעבנ זיכ צו באַהעפטנ מיט דער הערשנדיקער רוסישער קולטור. דאָסדאָזיקע שטרעבנ שפּיגלט זיכ אינ א באַשטימטער מאָס אָפּ אינ דער האַסקאָלע פונ די 20—40־ער יאָרנ, אינ איר באַמיִונג אײַנצופירנ צווישנ ייִדנ די לאַנד־שפּראַכ, אײַנצובירגערנ זיכ אינעם רוסישנ געזעלשאַפטלעכנ לעבנ אונ וואָס טיפער זיכ אײַנצוואָרצלענ אינ דער רוסישער סוויווע.

נאָענט צו דער ייִדישער גרויס־בורזשואַזיִע איז געשטאַנענ אַנ אַנדערע סאָציִאַלע גרופּע פונ א נידעריקערנ, מיטל־בירגערלעכנ שיכט. צו דערדאָזיקער גרופּע האָט געהערט די היפּשע מאַכנע אָנגעשטעלטע, קאָמיסיִאָנערנ אונ מעקלערס, וואָס זײַנענ עקאָנאָמיש געווענ פאַרבונדנ מיט דער גרויס-בורזשואַזיִע אונ וואָס האָבנ אויסגעפילט אירע פאַרשידענע שליכעסנ אונ באַשטעלונגענ. צו דערדאָזיקער קאַטעגאָריִע געהערנ אַקטענפעלדס טיפּנ: מיכל מאַציִיווע (פונ „שטערנטיכל”) אונ ייִסראָעל שטשופּאַק (פונ דער „גענאַרטער וועלט”). מע קענ דידאָזיקע גרופּע באַצייכענענ אַלס א מינ ע ר ע וו ־ ב ו ר ז ש ו אַ ז י ִ ע. מיט איינ פוס שטעקנ די פאָרשטייער פונ דערדאָזיקער גרופּע נאָכ אינ דער אַלטער היימישער סוויווע פונעם פאַטריִאַרכאַלנ קליינשטעטלשנ לעבנ. זיי שטרעבנ אָבער אַרופצוקלעטערנ אַפ א העכערנ סאָציִאַלנ שטאַפּל. זיי זײַנענ דאָס טאַקע דער רעזערוו פאַר דער ייִדישער בורזשואַזיִע. פונדאַנענ שטאַמט די אידעאָלאָגישע קרויוועשאַפט פונ דערדאָזיקער סאָציִאַלער גרופּע מיט דער דעמאָלטיקער ייִדישער בורזשואַזיִע.

———

אויב די פאַרייניקונג פונ באַשטימטע קאַנטנ צו רוסלאַנד האָט מיטגעהאָלפנ, אַז דער ייִדישער גרויס־האַנדל זאָל אופלעבנ, האָט דערזעלבער פאַקטאָר געהאַט אַפנ קליינעמ אונ מיטל־האַנדל, פאַרקערט, א נעגאַטיווע ווירקונג. דער הויפּט־אָביעקט פונ דעמדאָזיקנ האַנדל איז געווענ, ווי מיר האָבנ שוינ דערמאָנט, דאָס בראָנפנ־געשעפט, וואָס זײַנ אופבלי איז געווענ פאַרבונדנ מיטנ קריזיס פונ ברויט־עקספּאָרט אינ פוילנ. מיט דער אופלעבונג פונעם ברויט־עקספּאָרט אינ די נײַע רוסישע באַדינגונגענ האָט געמוזט אָפּגעשוואַכט ווערנ די בראָנפנ־פּראָדוקציִע אונ מעמיילע אויכ דער האַנדל מיט בראָנפנ.

דאָס איַינשטעלן א ייִדישן „ווינ־טכום” און דאָס ארויסטרייַבן די ייִדן פון די דערפער אינ די ערשטע יאָרצענדליקער פון 19־טנ יאָרהונדערט האָבן אויכ ניט ווייניק מיטגעווירקט, אז עס זאָל באדייַטנדיק פארקלענערט ווערנ דאָס ייִדישע בראָנפנ־געשעפט, וואָס איז אינ א היפשער מאָס געווענ פארבונדנ מיטנ דאָרפ. די גרעסטע מאסע ייִדישע קליינ־ און מיטל־הענדלער האָט זיכ קאָנצענטרירט אינ די שטעטלעכ. דאָרט איז אָבער דער מארק געווענ א גע־ענגטער, א באגרענעצטער. די צאָל קרעמער און הענדלער איז אינ פראָפּאָרצ צו דער באפעלקערונג געווענ א גוזמעדיק־גרויסע און דאָס האָט געפירט צו א שארפער קאָנקורענצ פונ די קרעמער, הענדלער, שענקער און באלמעלאָכעס צווישנ זיכ גופע. די עקאָנאָמישע געענגטקייַט פונ די שטעטלשע פארנאָסעס האָט געשטויסנ דידאָזיקע גרופּעס צו דער פארברייטערונג פונ זייערע עקאָנאָ־מישע מעגלעכקייַטנ דורכ קאָנטראבאנדע.

דער שמוגל־האנדל, וואָס איז געפירט געוואָרנ און האָט זיכ פאר־שפרייט בא די מייַרעוו־גרענעצנ, האָט שוינ אָבער געהאט פאר דער עקאָנאָמיק פר־נעמ לאנד גאָר אנ אנדערנ באטייַט, איידער דער שמוגלערישער בראָנפנ־האנדל (און דער שמוגל־האנדל מיט אנדערע ארטיקלענ) מיט רוסלאנד פונ 18־טנ יאָרהונדערט. יענער עלטערער שמוגל־האנדל איז געלעגנ אפ דער ליניע פונ די שטרעבונ־גענ זיכ עקאָנאָמיש צונויפצושמעלצנ מיט רוסלאנד,— שטרעבונגענ, וואָס זייַנענ זייער נייטיק געווענ פאר דער ווייַטערדיקער אנטוויקלונג פונ די פראָדוקטיוו־קרעפטנ אינ די פויליש־ליטווישע געגנטנ. דער שמוגל־האנדל מיט מייַרעוו אינ די ערשטע יאָרצענדליקער פונ 19־טנ יאָרהונדערט איז, פארקערט, געווענ א שטער פאר דער נאָרמאלער אנטוויקלונג פונ דער אָנהייבנדיקער רוסישער אינדוסטריע. ער האָט זיכ אונטערגעגראָבנ אונטער דער פראָטעקציאָניסטישער צאָל־פּאָליטיק, וואָס די רעגירונג האָט איַינגעשטעלט אלס שוצ פאר דער יונגער רוסישער אינדוסטריע קעגנ דער קאָנקורענצ מיצאד דער אנטוויקלטערער און שטאר־קערער אויסלענדישער אינדוסטריע. דעריבער האָט טאקע די רוסישע מעלוכע אינ די ערשטע יאָרצענדליקער פונ 19־טנ יאָרהונדערט געפירט אזא שארפנ קאמפ קעגנ דער קאָנטראבאנדע, — א קאמפ, אינ וועלכנ די מאסקילים האָבנ איר צוגעהאָלפנ אפ זייער אויפנ און לויט זייערע מעגלעכקייַטנ. דידאָזיקע אלע פאקטנ שילדערט אקסענפעלד אינ דער „גענארטער וועלט” מיט שטייגערישער אויספירלעכקייַט.

אכוצ די פעקלמאכערס גופע זייַנענ געווענ פארינטערעסירט אינ דער קאָנטרא־באנדע א היפשער טייל ייִדישע קרעמערס פונ די קאנטנ, וואָס זייַנענ געווענ נאָענט און אפילע ווייַטער פונ דער גרענעצ. פונ דידאָזיקע גרופּעס שטאמט א באדייַטנדיקער טייל פונ די דעמאָלטיקע כסידישע אָנהענגער. צווישנ די כסידימ האָט זיכ די פעקלמאכערייַ גערעכנט פאר א שיינער, בעקאָוועדיקער פארנאָסע. ייִדל פעקלמאכער (פונ דער „גענארטער וועלט”) איז א גרויסער

כאָשעוו און א „מעקורעוו״ באַם שפּיצעניצער רעבן. ער גיט דעם רעבן דעם גרעסטן „פּידיען״ (א פרומע געלט־גאָב) — גאַנצע צוואַנציק רענדלעך — קעדיי ער זאָל „בעטן באַם אייבערשטן, אַז דער מאַסע־מאַטן זאָל אריבער בעשאָלעם״. ער דערציילט דערביַי אייניקע דעטאַלן וועגן זיַינע פּעקל־געשעפטן, וואָס גיבן א שטייגעריש־ווירקלעכע פאָרשטעלונג וועגן דעם פאַרנעם פון דער פּעקל־מאַכעריַי און וועגן איר ראָל אין דער ייִדישער עקאָנאָמיק פון יענע קאַנטן אין יענער ציַיט. ער דערציילט, לעמאָשל, אַז ער האָט „דאָס מאָל אָפּצופירן סכוירע פאַר אכט טויזנט קערבלעך (א היפּשע סומע פאַר יענער ציַיט — א. י.) ביז קיין ט... (טולטשין ? — א. י.)״ און בעט דעריבער דעם רעבן, „ער זאָל אים אינזינען האָבן, וואָרעם אין ט... אַליין, ביז מע גיט אָפּ די קרעמערס די סכוירע, איז נאָך אביסל סאַקאָנעוואַטע״.

די פּעקל־סכוירע איז אין די 20־ער און 30־ער יאָרן אין גרעסטן טייל באַשטאַנען פון מאַנופאַקטור [1]). מיט פּעקל־מאַנופאַקטור אַפּ א סומע פון אכט טויזנט קערבלעך — פּעקל־סכוירע פלעגט מען קויפן צו ביליקע פּריַיזן — האָט אַזאַ ייִדל פּעקלמאַכער געקענט באַטיילן אַלע שניט־קראָמען פון אַזאַ שטעטל ווי ט... לויט ייִדל פּעקלמאַכערס דערציילונג, זיַינען מיט זיַין פּעקל־האַנדל געווען פאַרבונדן א גרויסער טייל, אויב ניט אַלע קרעמער פון ט..., געוויינלעך די כאָשעווסטע און בעקאָוועדיקסטע ליַיט אין שטעטל, און געוויינלעך — כסידישע אָנהענגער.

דער פאַקט, וואָס די כסידישע באַוועגונג האָט צו יענער ציַיט באַוויזן צו פאַרשפּרייטן איר ווירקונג אַפּ א געוויסן שעטעך פון ביידע זיַיטן גרענעץ, איז ניט ווייניק צונוצגעקומען דער פּעקלמאַכעריַי. א ריי צאַדיקישע דינאַסטיעס פון דער רוסישער זיַיט גרענעץ האָבן געהאַט אַסאַך אָנהענגער אַפּ יענער זיַיט גרענעץ. דאָסזעלבע איז געווען מיט אַנדערע צאַדיקישע דינאַסטיעס פון יענער זיַיט גרענעץ, וואָס האָבן געהאַט זייערע כסידישע היעפּאַרכיעס אַפּ דער רוסישער זיַיט. דידאָזיקע אַהין־און־צוריק־וואַנדערנדיקע כסידים זיַינען צום גרויסן טייל געווען פּעקלמאַכער. מיט דער נעסיִע צום רעבן האָבן זיי געוויינלעך פאַרבונדן אויך פּעקלמאַכערישע געשעפטן. אווראָם־בער גאָטלאָבער, וואָס איז אין דער יוגנט אַליין געווען אַריַינגעצויגן אין דער כסידישער באַוועגונג, שריַיבט אין זיַינע זיכרוינעס: „טאַקע אַזעלכעס האָבן מיר געזען און מיר ווייסן אַפּ זיכער, אַז פון דידאָזיקע ליַיט, וואָס רופן זיך כסידים, פאָרן אין דעם לאַנד גאַליציע צום רעבן, וואָס זיי האָבן דאָרט פון רעב ייִסראָעל רוזשינערס קינדער, וואָס איז דאָרט אַהינצו אַנטלאָפן — און אַז זיי קומען פון דאָרט צוריק, ברענגען זיי מיט זיך פון די סכוירעס פון דעם לאַנד, און דאָס איז

[1]) זע די איניאָנים נ. 368 פאַרן יאָר 1832 און נ. 65, 79 פאַרן יאָר 1833 אין קיִעווער צענטראַלן היסטאָרישן אַרכיוו (געהיימע אָפּטיילונג פון גענעראַל־גובערנאַטערס פאָנד).

קימאט זייער גאנצער מיינ און ווילנ, און זייער נעסיִע צום רעבנ איז בלויז אפ צו פארבלענדנ די אויגנ" [1]).

דער אָנטייל פון די כסידישע רעבעס אינ דער פעקלמאכערײַ האָט זיכ ניט באגרענעצט בלויז מיט די פידיוינעס, וואָס זיי פלעגנ באקומענ פונ זייערע כסידים פעקלמאכערס. גענוג אָפט זײַנענ די „קינדער" פונ די רעבעס, ד. ה. טאַקע זיי אליינ, געווענ אומיטלבארע שוטפים פונ די פעקל־געשעפטנ [2]). די פעקלמאכערײַ איז ביִכלאל, דירעקט און אומדירעקט, געווענ צו דערדאָזיקער צײַט איינער פונ די האכנאָסעס־קוואלנ פונ די רעבעיִשע „הויפנ". „ס'טײַטש א פעקלמאכער — זאָגט לעווינזאָנס רעזאָניאָר אינ דער „העפקער־וועלט" — איז דאָכ בא ראביִימ גאָר דאָס אייבערשטע פונעמ שטייסל. ווער גיט מער געלט דעמ רעבנ, ווי א פעקלמאכער? ווער איז מער כאָשעוו בא זיי, ווי א פעקלמאכער?"

דער כאסידיזמ איז אופגעקומענ צו דער מיט 18־טנ יאָרהונדערט אפ דעמ באזיס פונ יִדישנ מיטעלנ און קליינעמ האנדל אינ פוילנ מיט זײַנ אָריִענטאציע אפ רוסלאנד. דערזעלבער כאסידיזמ האָט אינ די ערשטע יאָרצענדליקער פונ 19־טנ י"ה געשפילט א באדײַטנדיקע ראָל אינ דער נײַער ווענדונג, וואָס דער יִדישער מיטל־ און קליינ־האנדל האָט באקומענ אינ די נײַע באדינגונגענ פונ דער רוסישער עקאָנאָמיק. אינביידע סיטואציעס האָט דער שמוגל פארנומענ א וויכטיק אָרט. אויב די לעגאלע און אומלעגאלע אָריִענטאציע אפ מיזרעכ פונעמ עלטערנ פויליש־יִדישנ מיטל־ און קליינ־האנדל האָט געקענט האָבנ א באשטימטנ עקאָנאָמיש־פּאָזיטיווּנ באטײַט, איז די ריינ־שמוגלערישע אָריִענ־טאציע פונ א טייל מיטל־ און קליינ־האנדל אפ מײַרעוו אינ די ערשטע יאָר־צענדליקער פונ 19־טנ יאָרהונדערט שוינ געווענ אינ עקאָנאָמישנ זינענ א דורכויס רעגרעסיווע דערשײַנונג, וואָס האָט גענוג ערנסט געשטערט דער נאָרמאלער אנטוויקלונג פונ דער אינדוסטריע אינעמ לאנד. די מעלוכע האָט שארפ געמוזט ארויסטרעטנ קעגנ דידאָזיקע עקאָנאָמיש־שעדלעכע און אָפגעשטאנענע גרופעס. אויכ די קעמפערס פאר עמאנציפאציע, די מאסקילימ, האָבנ אפנ שארפסטנ אויפנ געמוזט ארויסטרעטנ קעגנ דעמ שמוגל, וואָס האָט זיי אינ פּאָליטיש־בירגער־לעכנ זינענ שטארק קאָמפּראָמיטירט און געפירט צו באשטימטע רעפרעסיווע

1) א. ב. גאָטלאָבער: „זכרונות ימי נעורי" אינ „הבקר אור" תר'מ, חוברת ז', זז. 247—248. זע אויכ „טעיאטאר פון חסידים" (לויט מ. עריקס אָנווײַז איז דער מעכאבער, ווי ס'איז צו זענ פונעמ אקראָסטיכ צום סאָפ—עפראיִמ פישלזאָנ): „ווענ מיר אלע כסידים קומ'מער צום גוטנ יִדס כיידער, בא דעמ שאָלעמ־נעמענ אָדער באמ געזעגענענ, ווענ ער גיט אונדז צדה לדרך, איטלעכס כאָסידל באזונדער, איטלעכנ פּאָדליג זײַנ ערעכ, איינעמ א בראָכע, איינעמ א צי־נערנע מאטבייעלע א שמירע, דערקענט מענ זאריז אינ זײַנע הייליקע ווערטער, אז אפ מיר וועל' מירניצל ווערנ אפ די גנייווישע ערטער, הענ בא דער גרענעצ פונ פוילנ, הענ פונ קי"רה" (קורסיוו מײַנער—א. י.). „היסטאָרישע שריפטנ", I. ב., ווילנע, 1929 ז. 667.

2) זע י. ב. לעווינזאָנ: „די העפקער־וועלט", ווארשע, 1894 ז. 31: „זייערע קינדער אליינ האָבנ אָפט שטעקנ געלט אינ פעקל".

מיטלענ מיצאד דער מעלוכע (פאַרטרײַבונג פונ די גרענעצ־קאנטנ, באגרענעצונג פונ װוינ־טכומ א. א. װ.). אפ װיפל די אידעאָלאָגיע פונ דער האסקאָלע האָט אָפגעשפיגלט די אינטערעסנ פונ דער ייִדישער בורזשואזיִע, האָט אויכ זי געמוזט ארויסטרעטנ קעגנ דער שמוגלערײַ, װאָס איז געװענ קעגנ אירע אינטערעסנ. פונדאנענ נעמט זיכ די פארביטערטקײַט פונ א לעװינזאָנ, װאָס זעט אינ יעדנ שמוגלער אנ „אויכער ייִסראָעל", װעלכנ „ס'איז א גרויסע מיצװע מויסער צו זײַנ צומ מאלכעס, אז מע זאָל מיט אימ פאָסטופײַענ פאָ זאקאָנו" („די העפקער־װעלט").

---

דאָס שטרעבנ פונ די אופגעקומענע העכערע ייִדישע בירגערלעכע שיכטנ טיפער ארײַנצודרינגענ אינעמ אלגעמיינעמ פראָגרעסיװ־עקאָנאָמישנ אנטװיקלונגס־פראָצעס פונ לאנד האָט זיכ געפונענ אינ א סטירע צו די פארקריפלטע אונ אָפגעשטאנענע פאָרמעס פונ די שטארק אומזיכערע ייִדישע פארנאָסעס. ניט־באשטענדיקײַט אונ ניט־זיכערקײַט זײַנענ געװענ כאראקטעריסטישע שטריכנ נישט בלויז פונ דער שמוגלערײַ, אפ װעלכער עס האָט זיכ באזירט א היפשער טייל פונ דעמאָלטיקנ ייִדישנ מיטל־ אונ קליינ־האנדל. לעװינזאָנ („העפקער־װעלט", זז. 36—37) כאראקטעריזירט די עקאָנאָמיק פונ דידאָזיקע שיכטנ צו יענער צײַט אפ אזא אויפנ: „מ'לעבט נאָר פונ דעמ װינט, א פעקעלע, א קװיטעלע אפ א פאָרעצ, פונ עפעס א היסמאנעסל, פאקטער־לאָשנ — אונ אמאָל א מעסירעלע הינטערװײַלעכס. דערבײַ פונ די גנײװישע טאקסעלעכ, עפעס פונ דער זײַט א לעק, א שמעק. קיינ טאָכ איז אלצ נישטאָ".

אינ דערדאָזיקער עקאָנאָמיק האָבנ שענקערײַ, קרעטשמערײַ אונ אלערליי מינימ ארענדעס באמ פאָרעצ פארנומענ א װיכטיק אָרט. דער ייִדישער רענדאר, שענקער אונ קרעטשמער איז קיינמאָל ניט זיכער געװענ מיט זײַנ פארנאָסע. ער איז שטענדיק געװענ אָפהענגיק פונעמ פאָרעצס קאפריזנ [1]. נויעכ, דער „פראָסטער רענדאר, װאָס האלט מילנ ארומ שפיצעניצ", קלאָגט זיכ אינ דער „גענארטער װעלט", אז דער „גראפ ניבילינצקי (בא װעמענ ער האָט גענומענ די מילנ אינ ארענדע — א. י.) איז א גרויסער פסיאקרעװ", אונ „אז איכ האָב מיכ אײַנגעשפארט אנטקעגנ פאָרעצ... דאפקע א האנאָכע אפ די מילנ... האָט ער זיכ דערבייזערט אונ האָט מיכ... מאדכע געװענ, גאָר פרעטש ארויס פונ דער ארענדע". אינ זײַנ אומבאהאָלפנקײַט האָט דער רענדאר, דער קרעטשמער, דער שענקער שטענדיק געמוזט ארויסקוקנ אפ א איבערנאטירלעכער הילפ, אפ עפעס א „נעס", א מויפעס פונעמ „צאדיק" [1]. דער דערמאָנטער נויעכ, דער רענדאר פונ דער „גענארטער װעלט" בעט זיכ בא לייב שפיצעניצער:

---

1) זע „שבחי בעש"ט", הרובישוב, תק"עז (1817), זז. ט"ו, כ"א, כ"ה, כ"ו א. א. זע אויכ ש. מײַמאָנ: „לעבנסגעשיכטע" (ייִדישע אויסגאבע, װילנע 1927), ז. 10—11.

„רעבע, נאָר איר קענט אים (דעם גראַפ ניביליצקי—א. י.) איבערקערן", און לייב שפּיצעניצער פאַרזיכערט אים פונ זײַנ זײַט: „אז ער איז א סראָרע, מוז ער אונדז פאָלגנ. לב שרים ומלכים ביד השם. ער מוז אײַך געבנ א האנאָכע פאַר דעם קווארטל. איך וויל אנדערש ניט, איך וויל אנדערש ניט".

אפילע שויעל אָסטרער פונ דער „געגנאַרטער וועלט", וואָס „האנדלט מיט געהילצ קיינ דאנציק" אפ צענדליקער טויזנטער רובל, מוז זיך צוליב דער אומזיכערקײַט און ריזיקאַלישקײַט פונ זײַנ געשעפט אָריִענטירנ אפ ניסים. ער בעט בא לייב שפּיצעניצער: „נאָך אפ צוויי וואָכנ פרעסט, איר זאָלט מיר פויעלנ, קענ איך פאַר דרײַסיק טויזנט קערבלעך סכוירע מאכנ באמ ברעג. דערינענ איז מײַנס אפילע וויניק, נאָר לײַטנס געלט. וואָלט איך אלע די מײַלער פאַרשטאָפּט מיט אזא סכוירע באמ ברעג. אז ניט, כאָלילע, איז גאָר אנ עק פונ מיר. ווער שמועסט מײַנס איז אוואדע דערטרונקענ, נאָר פרעמדס וועט אויך ניט בלײַבנ... רעבע, אָט דאָ באוויַיזט א מויפעס". דעם רעבנס מויפעס האָט אָבער גאָרניט געהאָלפנ, און דער סאָפ האָט באוויזנ, אז די מוירע פונ שויעל אָסטרער איז געווענ א גערעכטע. דידאָזיקע אָפּגעשטאנענע יידישע עקאָנאָמיק פונעמ יידישנ קאפּיטאלשוואכנ קליינ־ און מיטל־בירגערטומ מיטנ שטענדיקנ ארויסקוקנ אפ עפּעס א „נעס", א „מויפעס" איז אינ דער ערשטער העלפט 19־טנ י"ה געווענ דער הויפּט־באזיס פונעמ כאסידיזמ. דערפונ נעמט זיך די פאַרביטערטקײַט, מיט וועלכער די מאסקילימ, די אידעאָלאָגנ פונ אופקומענדיקנ יידישנ בירגערטומ, זײַנענ ארויסגעטראָטנ קעגנ די דערמאָנטע עקאָנאָמישע קאטעגאָריעס און קעגנ זייער אידעאָלאָגישנ איבערבוי — דעמ כאסידיזמ.

———

עס איז אינטערעסאנט פעסטצושטעלנ, אז פונקט אזוי ווי די מאסקילימ האָבנ זיך אינ זייער קאמפ קעגנ דעם יידישנ שמוגל און קעגנ דעם כאסידיזמ פאַרייניקט מיט די אינטערעסנ פונ דער מעלוכע און פונ דער גרויסבורזשואזיע, האָט דער כסידישער שמוגל און אויך דער כאסידיזמ געפונענ אנ אונטערשטיצונג און הילף פונ אזא זײַט, אפ וועלכער מע וואָלט זיך אינ פלוג ניט געקענט ריכטנ, — פונ א באשטימטנ טייל (געוויינלעך פוילישע) אדליקע. פאַר דערדאָזיקער פאַרבינדונג צווישנ די רעבעס, פּעקלמאכערס און (פוילישע) פּריצימ זײַנענ געווענ געוויסע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע סיבעס.

יידל פּעקלמאכער דערציילט דעם שפּיצעניצער רעבנ, אז „א פּאָרעצ, וואָס האָט זײַנע גיטער ארומ מע... (מעדזשיבעזש? — א. י.), נעמט זיך אונטער פאַר פינפ הונדערט קערבלעך אינ זײַנ גרויסער קארעטע מיט נאָך א בריטשקע— קלאָמערשט ווי: א סראָרע פּאָרט, גייט נאָך די קיך — מיך אָפּצופירנ (מיט די פּעקלעך — א. י.) ביז אפנ אָרט". דאָס איז ניט געווענ קיינ צופעליקער אויספאל. יידל פּעקלמאכער דערציילט וועגנ דעם, ווי וועגנ א דורכויס פאַר־

שפּרייטער שטייגערישער דערשייַנונג: „ס'איז דאָ נאָך פּריצים, וואָס לייגן אפילו איַין געלט פֿאַר אכריַיעס, נאָר דערפֿאַר מוז מען זיי צוויי מאָל אזויפֿיל געבן. מיַינער איז מושווע געוואָרן אָן געלט אייַנלייגן, דעריבער בעט איך אייַך, רעבע, האָט אים אויך אינזינען". אכוץ דעם אומיטלבאַרן נוצן, וואָס א טייל פּריצים האָבן געצויגן פֿון דער פּעקלמאכערייַ, שטאמט זייער גענויגטקייַט צו אונטערשטיצן דעם שמוגל — פֿון דעם קאמפּ, וואָס די אדליקע האָבן געפֿירט ארום דער פֿראגע פֿון צאָל־פּאָליטיק. די צאָל־פּאָליטיק פֿון דער מעלוכע, באזונדערס דער טאריף־געזעץ פֿון 1822 יאָר, איז אויסן געווען צו באשיצן די יונגע רוסישע אינדוסטריע. די אגראַריער זייַנען אָבער פֿאַראינטערעסירט געווען אומגעשטערט און אָן צאָל־אָפּצאָלן צו פֿירן א פֿרייַען האנדל מיט אויסלאנד: ארויסצופֿירן אפֿן אויסלענדישן מארק זייערע רייַכע לאנדווירטשאפֿטלעכע פּראָדוקטן און ארייַנצובאקומען פֿונדאָרט פֿאַר ביליקע פּרייַזן אויסלענדישע געברויך־אויסארבעטונגען און לוקסוס־ארטיקלען. די אונטערשטיצונג פֿון שמוגל האָט מיטגעהאָלפֿן ארונטערצורייַסן דידאָזיקע פֿאַר זיי פּייַנטלעכע טאריף־פּאָליטיק. פֿאַר די פּוילישע פּריצים אין די מיַירעווידיקע גרענעץ־געגנטן האָט אכוצדעם די פּעקלמאכערייַ ארום די 30־ער יאָרן, אין דער צייַט פֿון פּוילישן אופֿשטאנד, געדינט ווי א פּאסיקער פֿאַרבינדונגס־מיטל מיט די אָנפֿירער פֿון דער אופֿשטאנד־באוועגונג אף יענער זייַט גרענעץ און אין דער עמיגראציע. די פּעקלמאכער פֿלעגן אָפּט ארייַנ־ און צוריק־פֿירן פֿון איין זייַט גרענעץ אף דער צווייטער די געהיים־קאָרעספּאָנדענץ פֿון די פּוילישע „מיאטעזשניקעס" [1].

צום כאסידיזם ביכלאל האָבן זיך גראָד די פּריצים פֿונעם מיַירעוו־קאנט זייער אָפּט באצויגן מער ווי טאָלעראנט. זיי האָבן געקוקט אף די צאדיקישע „הויפֿן", ווי אף א מיטל צו פֿארגרעסערן די האכנאָסעס פֿון זייערע גיטער. אינעם ארייַנפֿיר־קאַפּיטל צום „שטערנטיכל" כאראקטעריזירט אקסענפֿעלד די באציִונג פֿון די פּריצים צו די צאדיקישע „הויפֿן": „יעדער פּאָרעץ סטארעט זיך, אז א גוטער־ייִד, א כסידישער רעבע זאָל וווינען בא אים אין שטאָט, ווייַל דורך דעם וואָס ייִדן פֿאָרן צו אים, לייזט מען פֿאַר ביר און פֿאַר מעד. דאָס אלץ געהער צום פּאָרעץ, האָט ער מער האכנאָסע". צום אָנהייב 19־טן י"ה איז די כסידישע באוועגונג געוואָרן דעצענטראליזירט. סע בילדן זיך אויס א גאנצע ריי קלענערע צאדיקישע דינאסטיעס. קימאט יעדע שטאָט האָט זיך איר אייגענעם רעבעיִשן „הויף", וואָס פֿארשפּרייט זייַן „הערשאפֿט" איבער די ארומיקע שטעטלעך און דאָרף־ייִשווים. די כסידים

1) אינעם קיִעווער צענטראלן היסטאָרישן ארכיוו געפֿינען זיך אינעם געהיימען אָפּטייל פֿונעם גענעראל־גובערנאטערס פֿאָנד אייניקע איניאָנים (פֿאַר 1833 יאָר, איניען נ. 35 און 137, פֿאַר 1835 יאָר נ. 19) וועגן פּוילישע פּריצים (טארנאָווסקי א. אנד.), וואָס האָבן דורך ייִדיש'ע פּעקלמאכערס איבערגעשיקט קיין אויסלאנד זייער געהיימע קאָרעספּאָנדענץ.

פארכאפן, באזונדערס אין דאָרעם־מײַרעוודיקן קאנט, אלע שטעלעס פון דער קאָהאָלשער אינסטיטוציע. דער רעבעישער „הויף" ווערט א צענטער, וועלכן ס׳זײַנען אונטערגעוואָרפן אלע ארומיקע שטעט, שטעטלעך און יישובים. אָן דעם רעבנס האסקאָמע האָט מען ניט געקענט צונעמען קיין ראָוו, דײַען, שויכעט, כאזן א. א. וו. דידאָזיקע אויבערמאכט פונעם כסידישן רעבן האָט דער פּאָרעץ פון דער שטאָט, ווו ס׳האָט זיך געפונען דער רעבעישער „הויף", זייער גוט פארשטאנען אפ פארשידענע אויפאנים אויסצונוצן, אין דער ערשטער ריי אָבער — אפ צו שאפן פונעם „הויף" א גוטן אָפּזאצ־אָרט פאר דער פראָדוקציע פון זײַנע גוראלניעס און ברויזן. אין די מאכלויקעסן און רײַסענישן, וואָס פלעגן פּאָרקומען אין די ערשטע יאָרצענדליקער פון 19־טן יאָרהונדערט צווישן שכײנישע צאדיקישע דינאסטיעס, האָבן הינטער די רעליגיעז־מיסטישע קאוואָנעס, אין וועלכע דער קאמפּ איז אײַנגעהילט געוואָרן, זייער אָפט געשטעקט ניט בלויז די געשעפטלעכע קאָנקורענצ פון די רעבעישע „הויפן" גופע, נאָר אויך די קאָנקורענצ פון די שטאָט־„סראָרעס", די שטאָט־פריצים, וואָס האָבן אויסגענוצט די רעבעישע „הויפן" צוליב זייערע עקאָנאָמישע אינטערעסן.

———

סײַ צוליב דער פּאָליטישער קאָמפּראָמיטאציע, וואָס דער שמוגל האָט געבראכט דעם גאנצן יידישן בירגערטום, סײַ צוליב די אינטערעסן פון א קלענערער גרופּע יידישע אינדוסטריעלער, וואָס הייבן זיך אָן צו באווײַזן[1], סײַ צוליב די אינטערעסן פון באשטימטע גרופּעס מיטלבירגערטום, וועמעס עקאָנאָמישע אינטערסן זײַנען געווען פארבונדן מיט דער עקאָנאָמיק פון דער בורזשואזיע, וואָס האָט עקספּאָרטירט רויע סכוירעס און אימפּאָרטירט אויסגעארבעטע ארטיקלען — האָבן די מאסקילים מיט א שטארקן אימפעט געמוזט ארויסטרעטן קעגן דער שמוגלערײַ. פארשידענע מאסקילים האָבן דאָס געטון אפ א פארשידענעם אויפן. פון אקסענפעלדס „גענארטע וועלט" ווערן מיר געוויר, אז ס׳זײַנען געווען „מאסקילים", וואָס האָבן זיך פּראקטיש, אלס גרענעצ־אינספּעקטאָרן, פארנומען מיט דער באקעמפונג פון שמוגל. יעהוישוע שענפעלדן — לויט אלע סימאָנים: א היסטאָריש־ווירקלעכער פארשוין, — וואָס דער „מיניסטער האָט אים טאקע אומיסנע פון פּעטערבארג געשיקט ער זאָל אפ די ערטער אכטונג געבן", שילדערט אקסענפעלד אלס א מאסקיל. יידל פּעקלמאכער זאָגט וועגן אים, „אז ער איז א מעשונענער כאָרעצ און קומט ארויס פון לײַט, נאָר, מ׳שטיינס געזאָגט, א הולטײַ — א פּאכעד! און גאָלט די באָרד, און גייט אָנגעטון דײַטשעריש. ווי דער שטייגער איז, זאָגן די ווילע יונגען, די אפּיקאָרסים (די מאסקילים—

1) זע מײַן אויבנדערמאנטע ארבעט „יידישע ארבעט און ייד. קאפּיטאל א. וו. וו.

א. י.) אפ אימ: שענפעלד איז אנ ערלעכער מאנ. (ער לאכט) כא־כא־כא, פלוצימ גאָר אנ ערלעכער מאנ — דעמ ווייַב! באשער ער נעמט קיינ געלט נישט. אדעראבע, הולטייַ איינער, נעמ יאָ געלט — אונ זייַ בעסער אנ ערלעכער ייִד (א פרומער — א. י.)". דער טאמאָזשנע־אינספעקטער אונ מאסקיל שענפעלד — אונ דער כאָסיד ייִדל פעקלמאכער זייַנענ צוויי ראדיקאל־אנטקעגנגעזעצטע טיפּנ פונ מיטל־בירגערטומ, וואָס האָבנ אינ אויג דורכויס אנטקעגנגעזעצטע עקאָנאָמישע אינטערעסנ. אקסענפעלד שטייט דורכויס אפ דער זייַט פונ די שענפעלדס, וואָס דריקנ אויס די פּראָגרעסיווע טענדענצנ פונ דער עקאָנאָמיק, אונ איז א פארביטערטער באקעמפער פונ די ייִדל פעקלמאכערס, וואָס באמיִענ זיכ מיט אלערליי שווינדלערייַענ אונ קאָרופּציעס אָפּהיטנ באשטימטע אָפּגע־שטאַנענע פארקריפּלטע עקאָנאָמישע פאָרמעס. אינ דער קריטיק ציט אקסענ־פעלד אויכ אריַינ די קאָרומפּירטע מעלוכישע באאמטע. זי שטעלט זיכ ניט אָפּ פאר די „כריצישע" סעקרעטארלעכ אונ פאר די פּריצימ, וואָס העלפנ די פעקלמאכערס אינ זייערע געשעפטנ. דער מאסקילישער בילדונג־פאנאטיקער אונ נאָטאריוס אקסענפעלד גיט דערבייַ אינ דער זייַט א קלאפּ דער אמערא־צעס פונ די פארשידענע קאנצעליארישע שרייַבערס, וואָס קענענ אפילע א נאָמענ ניט פינקטלעכ נאָכשרייַבנ, כאָטש זיי ארבעטנ אינ א מיניסטערישער קאנצעליאריע אינ פּעטערבורג [1]).

דער קאמפּ צווישנ האסקאָלע אונ כאסידיזמ איז צו יענער צייַט געפירט געוואָרנ מיט גרויסער שארפקייַט אונ פארביטערטקייַט — פונקט אזוי שארפ, ווי עס איז אָנגעגאנגענ דער קאמפּ צווישנ די צוויי דערמאנטע עקאָנאָמישע גרופּעס. אויב די פעקלמאכערייַ אונ א ריי אנדערע עקאָנאָמישע באשעפטי־קונגענ, לעמאָשל, האָבנ געשטערט דער ייִדישער בורזשואזיִע אינ איר גרויס־הענדלערישער אונ אינדוסטריִעלער טעטיקייַט — האָט די באקעמפונג פונ שמוגל אונ פונ די איבעריקע דערמאָנטע באשעפטיקונגענ אונטערגעגראָבנ דעמ עצעמ־באשטאנד פונעמ ייִדישנ קליינעמ אונ מיטל־האנדל.ביידע קעמפנ־דיקע צדאָדימ אונ זייערע מיטהעלפערס האָבנ זיכ טאקע דעריבער אינ זייער קאמפּ ניט אָפּגעשטעלט פאר קיינ שומ מיטלענ. פארנ מאסקיל לעווינזאָנ איז „א גרויסע מיצווע א פעקלמאכער מויסער צו זייַנ צו מאלכעס, מע זאָל מיט אימ פּאָסטופּייַענ פּאָ זאקאָנו, ווייַל ער איז אנ אויכער־ייִסראָעל אונ איז גוירעמ קלאל־ייִסראָעל פיל שלעכטס". „איבערגעבנ דעמ מאלכעס" איז געווענ דער סאמע שארפסטער אונ אָדיִאָזער רעפּרעסיווער מיטל אינ דער ייִדישער סוויווע. פונדעסטוועגנ רעקאָמענדירט לעווינזאָנ גראָד אזא מאָסמיטל בענעגייע די שמוגלערס. אקסענפעלד סימפּאטיזירט מיט יעהוישוע שענפעלדנ, וואָס דארפ דאָסדאָזיקע מאָסמיטל פּראקטיש אויספירנ. די מאסקילימ באקעמפנ די כסידימ

---

[1]) זע „אָנמערקונגענ אונ עקסקורסיעס".

מיט אלערליי מיטלען — מיט פראָיעקטן צו דער רעגירונג, מיט „מעסירעס״ און מיט דער הילף פון ליטעראַטור (פאמפלעטן, סאטירעס, קינסטלערישע ווערק א. ד. גל.). אזוי, לעמאָשל, לייגט לעווינזאָן פאָר דער מעלוכע אין א מעמאָראנדום (פון יאָר 1833), אז די צענזור זאָל איבערקוקן אלע יידישע ספאָרים, וועלכע געפינען זיך אין אומגאנג און זאָל איבערלאָזן בלויז די נוצלעכע פון זיי, און די שעדלעכע זאָלן ווערן פארניכטעט. ווי לעווינזאָן האָט שפעטער אליין דערקלערט אין א בריוו [1]) איז ער מיט זיין פראָיעקט אויסן געווען בלויז די שעדלעכע כסידישע ספאָרים, וועלכע זיינען דעמאָלט געווען פארשפרייט צווישן יידן, באזונדערס אין פאָדאָליע און וואָלין. פריער מיט עטלעכע יאָר (1822) האָט ער צוגעשטעלט דעם קרוין־פרינצ קאָנסטאנטין פאוולאָוויטש א שריפט „וועגן די נייע סעקטעס בא יידן״, ד. ה. וועגן דער כסידישער סעקטע מיט איר גאנצער שעדלעכקייט פאר דער וויל־אייננאָרדענונג פון יידן [2]).

אָבער אויך די כסידים שווייגן ניט. זיי פארפאָלגן יעדן „אפיקוירעס״, ד. ה. יעדן מאסקיל [3]). באזונדערס האָבן זיי שטארק גערוידעפט די הילפלאָזע קליינשטעטלדיקע מאסקילים [4]). עס פלעג דערגיין ביז צום צעשיידן יונגע פאָר־פאָלקן, ביז צווינגען די „אפיקאָרסים״ צו געטן זיך מיט די ווייבער און ביז פארטרייבן זיי פון שטאָט [5]). עס זיינען אויך באוווּסט פאלן פון מאָרד [6]).

---

[1]) זע „בית האוצר״, ז. 297.

[2]) זע „י. העסענס ארטיקל „Смена общественных течений״ אין „Пережитое״ ב. III.

[3]) זע „די געגנאַרטע וועלט״, זז. 247 און 250, ווי אזוי יידל פעקלמאכער און דער גוטער-יידרעדן וועגן דעם „אכבעראָש״ און „הולטיי״ שענפעלד, וועלכער „איזבאוועט״ יידן געלט און אז ס׳איז א מיצווע אים אריינזעצן אין טפיסע. וועגן א צווייטן אזא מין „הולטיי״ דערציילט ער: „איך און מיינ שוטעפ האָבן אים גוט געבונדן און טאקע מיט זיין פאטשיילע צוגעבונדן דאָס מויל, ער זאָל ניט קענען שרייען. דאָס פערד מיטן זאָטל האָב איך העט אין וועלדל אריינגעפירט און האָב עס צוגעבונדן צו א בוים און דעם מעכוטן האָב איך אין בויד אריינגעלייגט און האָב א פאָר געגעבן אקעגן א האלבע מייל. דאָרט האָב איך דעם כאָסן אנידערגעלייגט אפן שניי אָן א זייט פונעם וועג״.

[4]) זע ב. נאטאנזאָנס אריינפיר צו דער „פאפירענער בריק אָדער די העפקער־וועלט״—„לעבנס־באַשרייבונג״ פון רי״בל, ז. 19—20 וועגן דעם רויבערשן באנאכטיקן אָנפאל פון קרעמעניצער כסידים אפ לעווינזאָנס הויז מיטן ציל אָפצורויבן בא אים זיינע מאנוסקריפטן. זע אויך „ספר הזכרונות״ פון ב. נאטאנזאָן, ווארשע, 1894, ז. 28.

[5]) זע א. ב. גאָטלאָבערס „זכרונות ימי נעורי,״ „הבקר אור״, תרמ״ב, חוברת ה־ו. זע אויך, וואָס לייב שפיצעניצער זאָגט אין דער „געגנאַרטער וועלט״ וועגן נאכמען בראָדערס שטיפ־יינגל, וואָס לייענט „דעם דעסערס (מוישע מענדעלסאָנס—א. י.) טאנאכ״—„א שטאָט זאָל דאָס דערלאָזן, א יונגערמאן זאָל אזעלכע ספרי־חצונים לייענען. רחמנא יצילנו! אזא יונגנמאן דארף מען רוידעפ זיין, פון דער שטאָט ארויסטרייבן״.

[6]) לעמאָשל, דאָס פארסאמען דעם מאסקילישן לעמבערגער ראבינער אווראָם קאָן (1848) דורכ די כסידים. די פארשידענע דערמאָרדונגען פון „מאָסרים״ (אין איינעם אזא איניען איז געווען פארמישט אויך דער באוווּסטער רוזשינער רעבע, ייסראָעל פרידמאן, און האָט צוליב דעם אין יאָר 1838 געמוזט אנטלויפן קיין אויסלאנד) זיינען געוויינטלעכ געווען דער ענטפער פון די כסידישע שמוגלערס צו די, וואָס האָבן זיי, לויט לעווינזאָנס אייצע, „מויסער געווען צו מאלכעס״.

די כסידים האָבן זיך באמיט צו מאכן פאר אומעגלעך דאָס אָפּדרוקן פונ מאסקילישע ספאָרים. אויך די אָפּגעדרוקטע האסקאָלע־ספאָרים פלעגן ווערן גערוידעפט דורך די כסידים [1]. אפילע אזא אומשולדיקן האסקאָלע־סייפער, ווי לעווינזאָנס „תעודה בישראל", וואָס איז אינגאנצן געבויט אפ טוירע און טאלמוד, „האָבן די פאנאטיקער אינ פיל ערטער געברענט און פארניכטעט" [2]. ווי מיר ווייסן שוינ פונ די פריִער־דערמאָנטע מאטעריִאלן, וואָס ווערן גע־בראכט בא ש. גינזבורגן און ש. באָראָוואָי, דארפן מיר אויך אינ דעם פאקט, וואָס אקסענפעלדס ווערק זייִנען צום גרעסטן טייל ביכלאל ניט און צום קלענסטן טייל זייער שפעט דערשינענ — אייַנזען די ווירקונג פונ די כסידישע רעדיפעס קעגן דער האסקאָלע [3].

---

אינעם סעקטאנטישן כאסידיזם האָט די יידישע בירגערלעכע אופקלערונג, די האסקאָלע, געזען אַן אסאך מער געפערלעכן קעגנער, איידער אינ דער אָפיציִעלער ראבאָנישער רעליגיע. צו יענער צייַט איז שוינ לאנג געווען אָפּגע־שאפט די אינסטיטוציע פונ לאנד־ראבאָנים מיט זייער אווטאָריטעטער מאכט איבער גאנצע קרייַזן (גלילים). די האשפּאָע פונ די ראבאָנים איז שוינ חײַט ניט געווען אזוי גרויס, ווי אינ דער צייַט פונ דער א. ג. אווטאָנאָמיע. די בירגערלעכע אופקלערונג וויל דאָך נאָך בלויז אייַנגרענעצן די צו גרויסע עקאָנאָמיש־סאָציִאלע מאכט־פּרעטענזיעס פונ דער קירכע און פונ די קירכ־לעכע פאָרשטייער. אכוצדעם אָבער האָט די האסקאָלע, לויט איר אינעווייניקסטן סאָציִאלן מעהוס, געהאט א באשטימטע נאָענטקייַט־באציִונג צום ראבּיניזם. ווי די האסקאָלע, אזוי איז אויך דער ראביניזם — אינ אַן אנדער טקופע און בא גאָר אנדערע באדינגונגען — געווען די „אידעאָלאָגיע" פונעם העכערן בירגער־טום. עס איז ניט קיינ צופאל, וואָס דאָס ערשטע קרייַזל „ערעווּ־מאסקילים" צום סאָף 18־טנ י״ה איז באשטאנענ קימאט בלויז פונ ראבאָנים און טאל־מודיסטנ (יעהודע לייב מארגוליס, באָרעכ שיק, מענאשע איליער א. א.), וועלכע

[1]) זע דעמ ערשטנ בריוו אינ יאָסעפ פערלס „מגלה טמירין", ווו זעליק לעטינשפּחער שרייַבט צו זייַנוויל ווערכיוועקער וועגנ א בוכ „א טרייפ־פּאָסל", א צוגעשיקטנ פונעם קאָרדאָנ, וואָס עמעצער האָט דאָרט אָפּגעדרוקט „אקעגנ די גוטע־יידנ און אקעגנ אונדזערע לייַט", אז מע „זאָל היסנ אונדזערע לייַט (די כסידימ—א. י.) זאָלנ עס אויסקויפנ און פארברענענ צו אלדע שוארצע יאָר, עס זאָל זייַנ נאָמענ ניט געדראכט ווערנ אפ דער וועלט". זע אויכ גאָטלאָבער אינ „הבקר אור", 1879, חוברת ששית: „כי מי ממשכילי בני ישראל המעטים בארצנו אז ערב לבו לגשת אל בית הדפוס לתת לספרו מהלכים ?"

[2]) זע ב. נאטאנזאָנס דערמאָנטנ אריַינפיר, ז. 8.

[3]) פונקט אזוי ווי אינ דעמ פאקט, אז דער גרעסטער אָדער א גרויסער טייל פונ לעווינזאָנס ווערק האָט ניט געקאָנט דערשייַנענ בא זייַנ לעבנ. אויכ עטינגער האָט פאר זייַנ לעבנ ניט געקענט דרוקנ זייַנע ווערק, און סאָפּקאָלסאָפ האָט זיכ „סערקעלע" געמוזט דרוקנ אינ יאָהאניסבורג.

האָבן זיך גרופּירט אַרום דעם באַוווּסטן טאַלמודיסט און קאַפּיטאַליסט יעהושוע ציטלין און זײַנע אפילו געווען פאַרבונדן מיט דעם גרעסטן ראַבאָנישן אויטאָריטעט פון יענער צײַט, מיט עליָאָהו פון ווילנע.

עס איז דעריבער פאַרשטענדלעך, וואָס אפילו א היפּשע צײַט שפּעטער, אין די 20—30־ער יאָרן פונעם 19־טן י״ה האָט דער „באַגרינדער״ און אָנערקענטער טעאָרעטיקער פון דער רוסיש־יידישער האסקאָלע, לעווינזאָן, געבויט זײַן מאַסקילישע לערע דורכויס ניט אין קעגנזאַץ צו דער אָפיציעלער רעליגיע, צו טוירע און טאַלמוד. פאַרקערט, ער האָט די אָפיציעלע רעליגיע גענומען אין א געוויסער מאָס אלס אויסגאַנגס־פונקט פאַר זײַנע רעפאָרם־פּלענער. אין דער „קלאַסישער צײַט״ פון דער רוסיש־יידישער האסקאָלע איז איר געזעלשאַפטלעכער קעגנער געווען דער כאַסידיזם. קעגן דעם ראַבּיניזם איז זי גאָרניט אַרויסגעטראָטן, אָדער זייער זעלטן. באַם ראָוו מאַסקילים פון יענער צײַט, ווי לעמאָשל, בא לעווינזאָנען, אָדער אַקסענפעלדן, באַמערקן מיר אפילו א באַשטימטע פּיעטעט און סימפּאַטיע צו די מיסנאַגדישע ראַבאָנים און לאַמדאָנים. אין די ערשטע יאָרן פונעם 19־טן י״ה האָט דער כאַסידיזם, באַזונדערס אין דאָרעם־מײַרעווודיקן קאַנט, מיט זיך פאַרגעשטעלט דעם צו־מיינסטן אָרגאַניזירטן און צענטראַליזירטן געזעלשאַפטלעכן קויעך אין דער יידישער סוויווע. דער כסידישער רעבע איז געווען דער העכסטער אויטאָ־ריטעט ניט בלויז אין רעליגיעזע און געזעלשאַפטלעכע איניאָנים. זײַן אויטאָ־ריטעט האָט זיך אַרײַנגעמישט אפילו אין פּריוואַטע איניאָנים, אין די עקאָנאָמישע באַשעפטיקונגען און אפילו מישפּאָכע־איניאָנים (שידוכים, געטן א. ד. גל.).

די האסקאָלע האָט זיך בא די מינדסטע פּרוּוון פון איר רעפאָרמאַטאָריש־אויפקלערערישער פּראָגרעסיוו־בירגערלעכער טעטיקײַט אַף יעדן טריט געמוזט אָנשטויסן אַף דער געשלאָסענער באַקעמפונג און פּאַראַליזירנדיקער ווירקונג פונעם כאַסידיזם, וואָס איז געווען פאַרינטערעסירט אין דער קאָנסער־ווירונג פונעם אָפּגעשטאַנענעם פאַרקריפּלטן מיטל־ און קליין־האַנדל, קרעטש־מערײַ א. א. וו. דאָס האָט געמאַכט דעם כאַסידיזם פאַרן געפערלעכסטן סוינע פון דער האסקאָלע, פאַר א פיל מער געפערלעכן קעגנער, איידער דער ראַבּיניזם [1]). דער כאַסידיזם האָט לויט זײַן טראַדיציע און סאָציאַלן פּאָן

1) עס איז אינטערעסאַנט פעסטצושטעלן, אז אַזאַ מאַסקיל, ווי לעווינזאָן, האַלט די אָפיציעלע פאָרשטייער פון ראַבּיניזם, די ראַבאָנים, מאַגידים א. א. וו., פאַר קעגנערס פון שמוגל און פון שווינדלערײַען אינעם קליינעם האַנדל: „... זייער מוסער באַשטייט אין דעם, אז מע זאָל ניט באַטריגן איינער דעם אַנדערן, זאָלן האָבן א גערעכטע וואָג און מאָס, זאָלן קאָשער פאַרדינען א קערבל ... זיי זאָלן ניט פּעקלען קיין סכוירע פון אויסלאַנד״. („די העפקער־וועלט״, צווייטע אָפּטײלונג, „וואָס סע טוט זיך אַף יענער וועלט״, וואַרשע, 1894, ז. 49).

פארמאָגט, קלאָמערשט, מער וועלטלעכ־רעאלע „דעמאָקראטישע״ שטריכנ, כאָטש טאקע ביז גאָר פארקריפלטע, איידער דער אָפיציעלער ראבינינזם, ניט געקוקט דערופ, וואָס זײַנע מויכיכים, מאגידים אונ באלדארשער האָבנ געפריידיקט א זייער אבסטראקטנ אסקעטיש־פרומלעכנ מוסער קעגנ די גחירים אונ זייערע אוולעס בענעגייע די אָרעמע. אזוי ארום האָט דער כאסידיזם בעסער געקענט קאָנקורירנ מיט די בירגערלעכ־„דעמאָקראטישע״ טענדענצנ פונ דער אופקלערונג, וואָס האָט אינ דידאָזיקע געגנטנ, צוליב דער אָפגעשטאנענער עקאָנאָמיק פונעמ ייִדישנ קליינ־ אונ מיטל־האנדל, באזונדערס שווער געמוזט קעמפנ. דער כאסידיזמ איז איבער זײַנ פרימיטיווקײַט אונ סעקטאנטישער אנטשלאָסנקײַט פארביסענער איידער דער ראבינינזמ ארויסגעטראָטנ קעגנ יעדנ מינדסטנ פרווו ארויסצוגיינ פונ רעליגיעזנ גדער. מיטנ אָפיציעלנ ראבינינזם האָט מענ זיכ גרינגער געקענט צונויפרעדנ וועגנ „בילדונג״, לעמאָשל, אָפיציעלע רעליגיעז־קירכלעכע אינסטיטוציעס פאסנ זיכ גרינגער צו צו באשטימטע צײַט־פאָדערונגענ, דערלאָזנ גרינגער צו א פארבינדונג צווישנ „וויסנשאפט אונ רעליגיע״, איידער אָפגעשטאנענע אונ פארביסענע סעקטאנטישע באהעגונגענ. דאָס וויכטיקסטע אָבער איז: דער כאסידיזמ האָט געזעלשאפטלעכ אָרגאניזירט אונ ארויסגעדריקט גראָד אזעלכע עקאָנאָמישע אונ סאָציאלע גרופעס, וואָס האָבנ זיכ צוליב זייערע עקזיסטענצ־אינטערעסנ געמוזט אָנ אנ ערעכ ענערגישער אנטקעגנשטעלנ צו דער האסקאָלע, איידער דער ראבינינזם. אינ דער ערשטער ריי האָט דעריבער די האסקאָלע געמוזט אָנווענדנ אלע אירע קויכעס אפ צו באקעמפנ מיט אלע מיטלענ אונ אפ צו פארניכטנ דעמ כאסידיזם אונ זײַנע אָנפירער: דורכ דער „אינעווייניקסטער״ אופקלערונג פונ די מאסנ מיט דער הילפ פונ פארשידנערליי זשאנרענ סאטירישער ליטעראטור (אפ העברעיִש — פאראָדיעס אינעמ סטיל פונ כאסידיזמ אונ טעאָרעטיש־אופקלערערישע ביכער; אפ ייִדיש — אופקלערערישע פאָלקסטימלעכע כויזעק־לידער, טעאטער־שטיק א. ד. גל.) — אונ דורכ אופדעקנ פאר די מעלוכישע אינסטאנצנ די געפערלעכע שעדלעכקײַט פונ דער כסידישער סעקטע.

דער מאסקיל ייִסראָעל שטשופאק, וואָס האָט אינ דער „געגנארטער וועלט״ די פונקציע צו דעמאסקירנ די שווינדלערישקײַט אונ באטריגערײַ פונעמ רעבנ לייב שפיצעניצער אונ וואָס טוט עס דערעכ־קלאל אפ א גענוג גוטמוטיק־אָפשפעטערישנ אונ אפילע אביסל אָפנארערישנ אויפנ, ווײַזט אינ איינ אָרט פלוצימ די ציינ אונ גיט אזוי ארום אָנצוהערנ, אז דער קאמפ פונ אזא מאסקיל איז לאכלוטנ ניט געבליבנ אינ די גרענעצנ פונ אידילישער שטיפערישקײַט אונ פונ כויזעק אונ אָפשפאָט, ווי סע קומט אויס לויטנ סיוזשעט פונ דערדאָזיקער פיעסע. אינ א באשטימטער סיטואציע דראָעט ער די כסידימ: „גאָט זאָל אײַכ, אלע כסידימ, אָפהיטנ פונ אזעלכע, ווי איכ בינ. פאר מיר מוזט איר אײַכ היטנ, ווי פאר פײַער. וואָרעמ, אז איכ שיק

אוועק נאָר איינ בויגנ פאפיר אָנגעשריבנ אפּ מאָסקוויטעריש, וווהינ איכ וויס, וועט מענ אלע אײַערע כסידישע רעבעס שיקנ ניט קיינ ערעצ־ייִסראָעל, ניינ, נאָר אהינ, פונוואנענ די שטרײַמלעכ קומענ ארויס, עפּשער ווייסט איר נישט — איכ מיינ אפּנ סיביר" [1].

———

אקסענפעלדס אנטיכסידישע ווערק באקומענ איבער דער היסטאָרישקײַט פונ א גאנצער ריי געשילדערטע פיגורנ ניט בלויז א סטאם אָפּלאכערישנ, נאָר אויכ א געזעלשאפטלעכ־פּאמפלעטיסטישנ כאראקטער. אָנרופנדיק די כסידישע „העלדנ" באמ ווירקלעכנ נאָמענ, אָדער געבנדיק וועגנ די ווירקלעכע נעמענ זייער דײַטלעכע אָנצוהערענישנ, האָט ער אזוי ארומ געוואָלט פארשטארקנ די ווירקונג פונ זײַנ קריטיק אונ דעמאסקירונג. לעהייפּעכ צו אסאכ אנדערע מאסקילימ, וואָס האָבנ געוויינלעכ קריטיקירט כסידימ אונ רעבעס ביכלאל אונ ניט אָנגערופנ דערבײַ קיינ באשטימטע קאָנקרעטע פיגורנ — האָט ער דערמיט געוואָלט ווײַזנ, אז ער שטעלט זיכ ניט אָפּ פאר קיינעמ ניט פונ די אָנערקענטע כסידישע אווטאָריטעטנ אונ האָט פאר זיי קיינ מוירע ניט. אזוי ארומ געהערנ טאקע זײַנע ווערק צו די סאמע שארפסטע קאמפּס־מיטלענ קעגנ כאסידיזמ.

עס איז דעריבער ניט קיינ וווּנדער, וואָס די ייִדישע דרוקערײַענ האָבנ אזוי שארפ אונ אײַנגעשפּארט זיכ אָפּגעזאָגט צו דרוקנ זײַנע ווערק. אקסענפעלד זשאלעוועט ניט די צאדיקישע פּערזענלעכקײַטנ פונ זײַנ צײַט אונ אויכ פונ אביסל א פריערדיקער צײַט. ער רוקט זיי אונ זייערע מײַסימ אומבעראכמאָנעסדיק אונ מיט גאָרניט צוגעדעקט ארויס אינ דער העלער שײַנ פונ זײַנ סאטירע. אינ „קאפּצנ־אוישער־שפּיל" שילדערט ער דעמ באוווּסטנ כסידישנ צאדיק פונ זײַנ צײַט, מאָטעלע טשערנאָבילער (1770—1837), אונ באווײַזט אימ בא זײַנ שווינדלעריש־בארײַסערישער ארבעט. אינ איינ אָרט ווערט אימ קימאט אליינ ניט ניכע די גרעלקײַט פונ זײַנ בילד אונ ער האלט פאר נייטיק אינ א העאָרע זיכ פארופנ אפּ איידעס פונ די צײַט־כאוויירימ, וואָס האָבנ דעמ־דאָזיקנ צאדיק געקענט, אפּ צו באווײַזנ די היסטאָרישע אווטענטישקײַט פונ זײַנ שילדערונג [2]. אינ „שטערנטיכל" ווערנ ארויסגעפירט, אָדער דירעכ־אגעוו

1) זע „די גענארטע וועלט", ז. 312. זע אויכ „קאפּצנ־אוישער־שפּיל", 2־טער אקט, צווייטע סצענע, ווו ליפּע דער שווארצער גיט איבער דעמ רעבנ מאָטעלע טשערנאָבילער, אז דער מאסקיל ארג באל־מאכשאָווע וויל בעטנ דעמ פּאָרעצ מע זאָל נעמענ דעמ רעבנ „באנאכט אונ אָפּשיקנ אינ דער גובערניע ארײַנ פאר א מאָשעניק".

2) קאפּצנ־אוישער־שפּיל", אָדעס, 1868. ז. 62, העאָרע: „ווער עס האָט געקענט רעב מאָטעלע טשערנאָבילער מיט זײַנ בארײַסנ, וועט מיר איידעס זאָגנ, אז דאָס איז טאָמיד געווענ זײַנ מאָדע. כסידימ האָבנ אפילע געזאָגט „ער איז א פּליאה", נאָר מיסטאָמע האָט מענ אימ פונויבנ געהייסנ אונ ער האָט נאָכ א „טויווע געטונ דער וועלט דערמיט". זע אויכ א. ב. גאָט־לאָבער אינ „הבקר אור", תרמ״א, חוברת א׳: „רעב מאָטעלע האָט איבערגעשטײַגט אלע רעבעס, וואָס

דערמאָנט עטלעכע צאדיקישע אווטאָריטעטן פון אביסל א פריערדיקער צײַט, אמאָל מיטן גאנצן נאָמען, אמאָל מיט זייער דיטלעכע אָנצוהערענישן. ווען ער מיינט (באָרעכ פון מעדזשיבעזש, ייסראָעל בעש״ט׳ס אייניקל, 1810—1750, אווראָם יעהוישוע־העשל פון אפטע, געשט. 1823, לייב פון שפּאָלע, דער א. ג. „שפּאָלער זיידע״). אין „ערשטן יידישן רעקרוט״ דערמאָנט אקסענ־פעלד א צאדיק א „געלט־נייזער״, וועמעס פערזאָן מיר קענען ניט מער אידענטיפיצירן, וואָס האָט אָבער זיכער געמוזט זײַן באוווּסט אקסענפעלדס צײַטמענטשן. אין דער „געגנארטער וועלט״ דערמאָנט אקסענפעלד די גנייווישע האסקאָמע צו שווינדלערייַען, וואָס דער ערשטער טעאָרעטיקער פון בעשטישן כאסידיזם, יאנקעוו־יאָסעפ פון פּאָלאָנע (געשטאָרבן ארום 1782) האָט געגעבן זײַנע כסידישע אָנהענגער [1]), און שילדערט אויספירלעכ א קליינעם צאדיקל פון זײַן צײַט, מינאסטאמ אויכ אן אווטענטישע פיגור, א לייב שפּיצעניצער, וואָס ווערט כאראקטעריזירט אינעם פארשוינען־צעטל ווי א „כסידישער רעבע פון די ניט גרויסע מעפורסאָמים, נאָר אין זײַן ווינקל איז ער א שארפער גוטער־ייד, א באל־מויפעס״ [2]).

אָבער פונעם גאנצן סיוזשעט אין דער „געגנארטער וועלט״ ווערט קלאָר, אז מיט דערדאָזיקער פּיעסע האָט זיכ אקסענפעלד פארמאָסטן ניט בלויז אפ די קליינינקע רעבעלעכ, די לייב שפּיצעניצערס, נאָר אפ דעם העכסטן היס־טאָרישן אווטאָריטעט פון כאסידיזם, אפ זײַן באגרינדער, ייסראָעל באלשעם. אין דער האקדאָמע צו דער „געגנארטער וועלט״ — אין דער האקדאָמע מערקט ער געוויינלעכ אָן די הויפּט־טענדענץ פון דער פּיעסע — לייענען מיר:

„... אונדז יידן איז דאָס באלשעמערײַ נאָכ מער בושע,
ווי קומען מיר צו גלויבן אין אזא נישט, אין אזא כאָלעמ״.

די פיגור פונעם גרויסן זנאכער אגאפּאָן אגאפּאָנאָוויטש וואָדקין, די גאנצע מײַסע מיטן בריוו, וואָס די אלטע באבעצי, די מאכשייפע קומט מיט אימ צו פליען פון דער וואלאכײַ, און דורכ וועלכן דער געוועזענער אָפּיצער, דער אלטער שיקער אגאפּאָן אגאפּאָנאָוויטש באקומט „א שעמ אין דער

זײַנען געווען פאר אים און פון זײַן צײַט מיט זײַן געלט־גיריקײַט״. אגעוו: אויב מע זאָל ניט האלטן, אז דידאָזיקע העאָרע האָט אקסענפעלד צוגעשריבן אין א שפּעטערדיקער צײַט, וואָלט מען פון איר געקאָנט דרינגען, אז „קאפּצן־אוישער־שפּיל״ איז געשריבן געוואָרן נאָכ 1837, ווײַל אקסענפעלד רעדט דאָ אין דער העאָרע וועגן מאָטעלע טשערנאָבילער ווי וועגן א געשטאָרבענעם. דערדאָזיקער מאָטעלע איז אָבער געשטאָרבן אין יאָר 1837.

1) זע „געגנארטע וועלט״, ז. 247.

2) עס דארפ פעסטגעשטעלט ווערן, אז אין אקסענפעלדס ווערק, לעפּאָכעס אין די, וואָס האָבן זיכ אָפּגעהיט, ווערט אינערגעץ ניט ארויסגעפירט און ניט דערמאָנט דער באוווּסטער רעבע נאכמען בראצלאווער און זײַן טאלמיד נאָסן גוטהערצ, כאָטש גראָד דידאָזיקע צווי רעבעס האָט אקסענפעלד באזונדערס גוט געקענט, ווײַל ער איז אין זײַן יוגנט געווען א כאָסיד פון דעמ צאדיק נאכמען און א כאווער פון זײַן טאלמיד נאָסן, און כאָטש נאכמען בראצלאווער איז ראַפּקע יאָ ארויסגעטרעטן קעגן דער האסקאָלע (אין „מעשה חכם ותם״).

גאנצער וועלט ארום און ארום פאר א גרויסנ זנאכער" און נאָך אים ביערושע זײַנ מעשאָרעס און פלימעניק פּאָמא — איז א דײַטלעכע פאראָדיע אפ דער בארימטער לעגענדע וועגנ די הײליקע קסאָווים מיט די אומדערהערטע סוידעס, וואָס אײנער, אָדאָם, האָט געפונענ אינ א הײל און וואָס זײַנענ דער־נאָך אריבער צו ייִסראָעל, דעם באגרינדער פונ כאסידיזמ און אים געמאכט פאר דעם גרויסנ באלשעמ [1]. אפ דעמדאָזיקנ פאראָדיסטישנ כאראקטער פונ דער וואָדקינ־פיגור מאכט אונדז אקסענפעלד גופע אופמערקזאמ אינ א העאָרע אונטערנ טעקסט (זײַט 312): „ווי מע האָט דערנאָך געוויר געוואָרנ, איז פּאָמא פונ די שטיקלעכ פאפיר דערנאָך געוועזנ ארום שאריווקע א זנא־כער, אזוי ווי דער באלשעמ איז געוואָרנ, ווי כסידימ דערציילנ, פונ קסאָווים — א באלשעמ. א טײל זאָגנ גאָר, אז פּאָמא האָט דאָס ריטל אויכ אופגעהויבנ, ווי עס שטײט אינעמ „שבחי בעש"ט [2].

---

דערדאָזיקער פארביטערטער קאמפ צווישנ האסקאָלע און כאסידיזמ האָט זיכ געצויגנ אומגעוויינלעכ לאנג, גאנצע יאָרצענדליקער, אזוי אומגעוויינלעכ לאנג ווי עס האָט געדויערט די אנטוויקלונג און דער אופקלער־קאמפ פונ בירגערטום אינ רוסלאנד ביכלאל און אינ דער ייִדישער סוויווע ביפראט — דער קאמפ פאר אנ אנטוויקלטנ פראָדוקציע־אופנ, פאר אנ אנטוויקלטער עקאָנאָמיק און פאר א בירגערלעכנ סאָציאַלנ סיידער. א לאנגע צײַט האָט די האס־קאָלע, נים געקוקט דערופ, וואָס זי האָט זיכ געשטיצט אפ דער פראָגרעסיווער עקאָנאָמישער אנטוויקלונג פונ לאנד ביכלאל און פונעמ ייִדישנ לעבנ ביפראט, נים בלויז ניט געוווּנענ דעם קאמפ. אָפט זײַנענ די מאסקילימ, פונקט אזוי ווי אנ אנדער מאָל די כסידימ, געווענ די לײַדנדיקע (לעווינזאָנ, אקסענפעלד, עטינגער א. אנד.). אכוץ דער ניט־גלײַכקײַט פונ די קויכעס, אכוץ דעם, וואָס די מאסקילימ האָבנ אינ דער ערשטער העלפט 19־טנ יאָרהונדערט מיט זיכ נאָך ניט פאָרגעשטעלט קײנ אָרגאניזירטע גרופע, נאָר זײַנענ ווי „פאלמענ אינ דער מידבער" געווענ צעוואָרפנ אײנציקווײַז איבער פארשידענע שטעט [3], בעיס די כסידימ האָבנ מיט זיכ פאָרגעשטעלט אנ אָרגאניזירטנ און פעסט־צונויפ־

---

[1]) זע „שבחי בעש"ט", הרובישאָוו, 1817, זז. 2 און 8. זע אויכ י. פערלס האקראָמע צו „מגלה טמירין".

[2]) פארשטײט זיכ: אכוץ דער פאראָדיסטישער קאוואָנע, פארבינדט דער אופקלערער אקסענ־פעלד מיט די צוויי פיגורנ אגאפאָנ און פּאָמא אויכ דעם מיינ דורכצופירנ אנ אנאלאָגיע צווישנ דעם „נים־אָפיציעלנ" ייִדישנ און דעם „ניט־אָפיציעלנ" פויעריש־קריסטלעכנ אָבערגלויבנ. ער וויל ווײַזנ אי, אז ניט בלויז צווישנ ייִדנ הערשט אָבערגלויבנ און אָפגעשטאנענקײַט, אי אז דער ייִדישער אָבערגלויבנ איז ניט מער ווערט, ווי דער פויעריש־קריסטלעכער.

[3]) זע א. ב. גאָטלאָבער: „הגזרה והבניה" אינ „הבקר אור", תרל"ט, חוברת ג.

געשמאָלצענעם געזעלשאַפטלעכן קויעך — דאַרף מען זוכן אַ דערקלערונג צו דערדאָזיקער דערשײַנונג אויך אין דער צו־שטאַרקער אינערציע פֿון דער אַלטער פֿריציש־פֿעאָדאַלער עקאָנאָמיק, וואָס האָט אין משך קימאַט פֿונעם גרעסטן טייל 19־טן יאָרהונדערט זיך מער ווייניקער אײַנגעהיט, און מיט וועלכער ס׳זײַנען געווען פֿאַרבונדן געוויסע פֿאַרקריפּלטע ספּעציפֿיש־ייִדישע עקאָנאָמישע באַשעפֿטיקונגען. דערמיט דערקלערט זיך טאַקע, פֿאַרוואָס דער כאַסידיזם האָט איבערגעלעבט עטלעכע אופֿבלי־פּעריאָדן אין משך פֿונעם 19־טן יאָרהונדערט.— בלויז אין די לעצטע יאָרצענדליקער פֿון פֿאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט ווערט דער כאַסידיזם אין די נײַע עקאָנאָמישע באַדינגונגען ענדגילטיק געבראָכן — אָבער שוין ניט דורך דער האַסקאָלע, וועלכע ווערט דעמאָלט צוזאַמען מיטן כאַסידיזם אָפּגעשאַרט פֿונעם טאָג־סיידער, נאָר פֿון גאָר אַנדערע עקאָנאָמישע און געזעלשאַפֿטלעכע קויכעס.

א. יודיצקי

Полное собраніе сочиненій

# И. АКСЕНФЕЛЬДА

---

Книжка четвертая

---

# Сокровище или обманчивый Свѣтъ

Драмматическія сцены

---

ОДЕССА

в типографіи М. Белинсона

1870

---

דערדאָזיקער טיטל-טעקסט געפינט זיך אפן פערטן הילע-זײַטל.

# י. אקסענפעלדס
## זעמטלעכע ווערקע

דאָס פערטע ביכל

# דער אויצער אָדער די גענארטע וועלט

(דראמאטישע סצענענ)

אָדעסא
דרוק פונ מ. א. ביילינסאָנ
תר"ל [1]

[1]) אפ דער צווייטער זײַט פונ צווייטנ שאר-בלאט איז אָפּגעדרוקט די צענזור־דערלויבעניש :
Дозволено цензурою Одесса 23 декабря 1869 г.

## נאכדרוק אָדער איבערזעצנ אפ אנדערע שפראכ[נ] איזט פארבאָטנ [1]

1) רידאַקציע באמערקונג געפינט זיך אפן צווייטן זייטל פון צווייטן שאר-בלאט.

# עטלעכע ווערטער צו די לעזער[1]

יעדנ, וואָס לייענט די פּראָסטע ייִדישע ספּאָרימלעכ, איז אוואדע באקאנט דער נאָמענ אקסענפעלד, וואָס האָט זיכ קונה־שם־געווענ מיט זייַנע באקאנטע דרייַ ביכלעכ, וואָס זענענ נישט לאנג פונ אימ ארויסגעקומענ: דער ערשטער ייִדישער רעקרוט, מאנ אונ ווייַב — שוועסטער אונ ברודער, אונ באזונדערס דורכ דעמ שטערנטיכל. פונ דעמ אייגענעמ מעכאבער איז איבערגעבליבנ מאנוסקריפּטע (כתבֿ־יד) אנערעכ פונ דרייַ הונדערט דרוקבויגנ, וואָס ער האָט זיי פאר זייַנ טויט אינ פאריז אינ דעמ יאָר 1866 איבערגעלאָזט בעמאטאָנע איינעמ פונ זייַנע בעסטע פרייַנט, ה׳ ל. מורעניש אינ אָדעסא.

אינ די אלע שריפטנ, וואָס זענענ איבערגעבליבנ פונ דעמ מעכאבער, אונ וואָס מיר נעמענ זיכ איצט אונטער ארויסצוגעבנ אפ דער וועלט, זעט מענ ערשט, וואָס פאר א קינסטלער דער מעכאבער איז געווענ, אז ער האָט קימאט ניט זייַנ גלייַכנ, ניט אינ דעמ לאָשנ, וואָס איז ריינ את פראָסט, אזוי ווי אלע ייִדנ רעדנ, אונ ניט אינ דער קונסט אָפּצושילדערנ אונ צו באשרייַבנ אלצדינג אקוראט, אזוי ווי סע שטייט אונ גייט.

באזונדערס פארדינט דער מעכאבער געלויבט צו ווערנ פאר דער גוטער קאוואָנע אונ פאר דעמ איידלענ צוועק, וואָס זעענ זיכ ארויס אינ אלע זייַנע שריפטנ. ער האָט זיכ קיינמאָל ניט געראדעוועט צו באשרייַבנ אויסגעטראכטע באָווע־מייַסעס, וואָס האָבנ זיכ קיינמאָל ניט געטראָפנ אונ קענענ זיכ גאָרניט טרעפנ, כאָטש אזוינע מייַסעס געפעלנ אפילע אסאכ מענטשנ, נאָר דער מעכאבער האָט גוט געוווּסט, אז קיינ יעשועס קענ פונ זיי ניט ארויסקומענ. ער האָט פארשטאנענ, אז אזוינע מייַסעס קענענ גאָר קיינ שום פּעולע ניט ברענגענ דעמ לעזער. דעריבער האָט ער זיכ געסטארעט, טאָמיד צו שרייַבנ נאָר פונ דעמ נאטירלעכנ לעבנ. אינ זייַנע טעאטער־שטיק זעענ מיר מייַסעס, וואָס האָבנ זיכ בעעמעס געטראָפנ, אָדער וואָס קענענ זיכ טרעפנ בא ייִדנ. אינ אלע זייַנע ערציילונגענ אונד ראָמאנענ באגעגענענ מיר מענטשנ, וואָס האָבנ ווירקלעכ געלעבט, אָדער וואָס געפינענ זיכ נאָכ אצינד אונטער ייִדנ.

[1]) דאָס פאָרוואָרט פונ די ארויסגעבער צו דער ערשטער אויסגאבע (1870).

אומעטום זעען מיר, ווי דער מעכאבער לאכט אויס די אַלע נארישע אָבער־גלויבישע זאכן אָדער מינהאָגים, וואָס האָבן זיך מייעסוויַז צוגעקלעפּט מיט דער ציַיט צום ייִדישן פאָלק. אומעטום זעען מיר, ווי ער גיט צו פארשטיין אַלע פעלער און שלעכטע מידעס, וואָס האָבן זיך בא ייִדן מיט דער ציַיט איַינגעקאָרעניעט.

מיר זעען אויך אין אַלע זיַינע שריפטן, ווי ער האָט זיך געסטארעט די ייִדן צו דערמאנענ, זיי זאָלן זיך בעסער נעמען צו אַן ערלעכער ארבעט, און אוועקוואַרפן דעם מיִעסן שאכער־וואָכער־פאקטער־שענקער־האנדל, — וואָס דורך דעם איז דער ייִד מעווזע־מעוואזע געוואָרן און איז געקרוינט געוואָרן מיט אזוינע זיסע צונעמען בא זיַינע קריסטלעכע מיטבירגער.

אקסענפעלדן מעג מען אויך נאָכזאָגן דעם שבח, אז ער איז קימאט דער איינציקער, וואָס רעדט צו ייִדישע עלטערן אפּ אזא לאָשן, וואָס אַלע זאָלן אים פארשטיין, און באוויַיזט זיי, ווי נייטיק עס איז, קינדער א גרינטלעכע און רעגלמעסיקע ערציִונג צו געבן, באזונדערס די לאנדעס־שפּראכע צו ערלערנען, וויַיל דאָס איז דער איינציקער וועג, וואָס קען דאָס ייִדישע פאָלק אין רוס־לאנד פירן צו אכדעס — זיי זאָלן אופהערן זיַין שטיפקינדער און זאָלן זיך פאריייניקן מיט אַלע זייערע מיטבירגער.

נאָך דעם אַלעם, וואָס מיר האָבן דאָ ארויסגעזאָגט, פארשפּאָרן מיר שוין צו באוויַיזן, נישט נאָר ווי נוצלעך, נאָר ווי נייטיק עס איז די אַלע קסאָווים ארויסצוגעבן. דאָס וועט פארשטיין יעדער, וואָס וויל נאָר דעם עמעס פאר־שטיין. — קעדיי אָבער די זאך ווי אמגיכסטן אויסצופירן, זעען מיר מושווע געוואָרן מיט ה׳ ל. מורעניש, וואָס אים געהערן די קסאָווים, און האָבן דער־וויַיל זיך גענומען אָפּצודרוקן א טייל פון די שריפטן, און מיר וועלן זיך אויך סטארען זיי צו פארקויפן צו די ביליקסטע מעקאָכים.

מיר באנוצן די געלעגנהיַיט צו דאנקען אַלע די יעניגען, וואָס האָבן אונדז מיט־געהאָלפן מיט געלט און מי, און האָפן, אז אויך אַלע אנדערע, וואָס ווינטשן גוטס זייער פאָלק, וועלן זיך ניט אָפּזאָגן, מיט געלט מיטצוהעלפן צו דער זאך, קעדיי מיר זאָלן אימשטאנד זיַין בעקאָרעוו אי״ה ארויסצוגעבן אַלע קסאָווים, ווי אויך די גרעסערע ראָמאנען, צום ביַישפּיל: ליב פרידלאנד (12 טייל), מיכל דער אויזערקעס (6 טייל), עלקע די כוואטקע (6 טייל), די שפּיגעס (4 טייל), סייפער־כסידים (2 טייל) א. דגל.

מיר מאכן דאמיט באקאנט, אז די אַלע, וואָס וועלן אונדז אָנשיקן געלט צו דיזעם צוועק, וועלן באקומען געדרוקטע ביכער בראָשירט, פּאָסט־פריַי צו פאָלגנדע פריַיזן:

דער, וואָס וועט אָנשיקן נישט ווייניקער פון צען רובל, וועט באקומען פון די ספאָרים, וואָס ווערן איצט שוין געדרוקט, דעהיַינע: די גענארטע וועלט, קאפּצן־אוישער־שפּיל, בערדיטשעווער יאריד, מא־

צ ע ס־ב א ק נ, לויט צוויי און א האלבער קאָפּיקע דעם דרוקבויגן, דאָס הייסט, א סייפערל פון זיבן ביז אכט בויגן וועט קאָסטן נישט מער, ווי פון זיבעצן און א האלבער ביז צוואנציק קאָפּיקעס. און דער, וואָס וועט שיקן ניט ווייניקער פון פינף רובל, וועט באקומען ביכער לויט דריי קאָפּיקעס דעם בויגן.

אויך דאָס זענען מיר מודיע, אז מיר זענען איבערייַנגעקומען מיט איינ היזיגעס האנדלס־הויז, ה׳ י י צ כ אָ ק ק אָ פּ ע ל מ א נ: И. Копельман в Одессе, אז אלע געלטער, וואָס וועט אונדז אייַנגעשיקט ווערן, זאָלן אייַנפליסן אין זייַן קאָמפּטואר; און דורך דער בוכהאנדלונג פון אלמאָנע ג ר ע נ י צ, וואָס עקזיסטירט אונטער דער גאראנטיע פון ה׳ ק אָ פּ ע ל מ א נ, וועט יעדער באקומען זייַנע ספאָרים, און אלע באשטעלונגען וועלן פּינקטלעך אויסגעפאָלגט ווערן.

די ארויסגעבער

דעסא, דעם 6 פעברואר

# די געגנארטע וועלט

אלע קלוגע אומעס וווּנדערן זיך אף פארצײַטן,
ווי האָט מען געקאָנט גלויבן, אז קישעף זאָל עפּעס באטײַטן:

צו גלויבן אין רוכעס, אין שיידים, אין לייצים און אין זנאכערס,
אין באשווערער, אויצרעס־נעמער און אין קישעפמאכערס.

נאָר זיי האָבן כאָטשע אזעלכע ליגן ביערושע.
אָבער אונדז ייִדן איז דאָס באלשעמערײַ נאָך מער בושע:

ווי קומען מיר צו גלויבן אין אזא נישט, אין אזא כאָלעם,
אין אזעלכע לא־היה־ולא־נברא־זאכן, פון הבלי־הבלים?

אונדז ייִדן האָט גאָט באָרוכ־הו אליין א טוירע געגעבן,
און האָט אין דער טוירע בעפיירעש אונדז ארויסגעשריבן,

מיר זאָלן ניט גלויבן אין קישעף און אין רוכעס.—
ייִדן, די הייליקע טוירע איז דאָך אונדזער גאנצער ייִכעס.

ווי קומען מיר ייִדן צו דער נארישער סכוירע?
צו גלויבן אין אזעלעכס, וואָס איז ווידער דער טוירע?

פון די ליגן קומט קיינמאָל קיין עמעס ניט ארויס,
שווינדלערס, ליגנערס נאָר, מאכן די זאכן גרויס.

אָט צום אָפנארן קומט עס זיי גוט צונוץ,
עמעצן ארופצופירן אף א פוץ.
אזוי ווי איר זעט פון שאריוזקע און פון שפּיצעניץ.

מיט דעם נאָמען „געגנארטע וועלט", ווי מיר דאכט,
האָט שוין איינער אינעם קאָרדאָן א טעאטער געמאכט.

איך ווייס ניט, אויב יענץ איז בעמעס א געגנארטע וועלט,
דאָס דאָ איז אן עמעסע מײַסע גאָרניט פארשטעלט.

ס׳איז אָבער טאָמיד נאָר א סיידער־האמײַסע, וואָס געפעלט,
דעריבער האָב איך עס קעסיידער אינ נײַנ כאלאָקים געשטעלט.

אינ שפּיצעניץ איז אלץ עמעס, אונ אינ שאריווקע—אקוראט,
אלץ, אזוי ווי ס׳איז באשריבנ, נאָר דערציילט גלאט.

די מײַסע האָט זיך דאָרט געטראָפנ פאר זעקס אונ פערציק יאָר *),
ווילט איר געוואָר ווערנ, טוט, כלעבנ, אהינ א פאָר.

---

*) הײַנט איז שנת התר״ב אינ אָדעסא.

## די נעמען פון די מענטשן, וואָס קערן דאָ צו דער מײַסע

**ר׳ לייב שפּיצעניצער**: א כסידישער רעבע, פון די ניט גרויסע מעפורסאָמים, נאָר אין זײַן ווינקל איז ער א שארפער גוטער־ייִד, א באַל־מויפעס, און וווינט אין דעם שטעטל **שפּיצעניץ**.

**צאלי**: זײַן מעקורעוו. א כאָסיד פון נעמעראָוו, א הולאק, א יונגערמאַן פון זעקס און דרײַסיק יאָר, און טויג פאר א בײַשפּילער.

**ראָכל**: צאליס טאָכטער, א יונג ווײַבל פון א יאָר אכצן, זייער קלוג, נאָר ניט שיין. מען מומלט אף איר שטארק.

**ייִדל פּעקלמאכער**: פון מעזשיביזש, א יונגערמאַן, וואָס זײַן מאַסע־מאַטן איז סכוירע צו פּעקלען.

**ר׳ שויעל אָסטרער**: א באַטאָגטער ייִד פון ארום אָסטרע, וואָס האַנדלט מיט געהילצ קיין דאַנציק.

**ר׳ נויעכ**: א פּראָסטער רענדאַר, וואָס האַלט מילן ארום שפּיצעניצ.

**ר׳ בעני**: א דײַען אין שאריווקע. א זאָקן, א לאַמדן. ער איז א שארכן צומאָל אויך. ניט זייער קלוג, נאָר זייער פרום.

**מאַני דער רײַכער**: דער גרעסטער אוישער אין שאריווקע. ער האַנדלט מיטן פּאָרעצ פון דער שטאָט. ער האָט א גרויס אײַנפאָר־הויז. אכוץ דעם האַלט ער א פּאָסטשטאָווע סטאַנציע אין א דאָרף, א מײַל פון דער שטאָט.

**גיסי**: מאַני דעם רײַכנס ווײַב. גאַנצ קלוג, נאָר אביסל טויבלעך. זי איז ראָכלס מומע.

**פּעסי**: מאַניס מיט גיסיס א טעכטערל פון זעכצן יאָר. זייער, זייער שיין, און א קלוג ווײַבל דערצו.

**יעכיעליק**: פּעסיס מאַן. ערשט דרײַצן יאָר אלט. לערנט נאָך אין כיידער. זייער מיִעס און ניט קלוג.

**אגאפאָן אגאפאָנאָוויטש וואָדקין**: א געוועזענער אָפיציר. אצינדערט זייער אלט און אָרעם, און א גרויסער שיקער. ער איז דאָ א שרײַבער בא מאַני דעם רײַכן, אף דער פּאָסטשטאָווער סטאַנציע.

**פּאָמא**: וואָדקינס פלימעניק. ער לערנט זיך בא דעם פעטער לייענען און שרײַבן, און איז א יעמשטשיק.

י ִי ס ר ָא ע ל ש ט ש ו פ א ק: א יונגער יונג פונ צוואנציק י ָאר. א ש ט ש ָא ג י ל, און ק ָאנ זייער וויל שרײַבנ מ ָאסקוויטעריש. א דורכגעטריבענער קלוגער יונג. ער איז ד ָא א שאפער אפ דער סטאנציע.

ב ע ר ל י ָא ס ע מ: אנ אלטער י ִיד, א קרעטשמער, וו ָאס האלט די שלאכ ָאווע קרעטשמע פונ דעמ ד ָארפ, ווו די סטאנציע איז. א גרויסער ָארעמאנ. א שוו ָאגער מאני דעמ רײַכנס.

ט ר ײַ נ ע: בערל י ָאסעמס ווײַב, מאני דעמ רײַכנס א שוועסטער. א בעריע א י ִידענע.

ע פ ע ס: אזוי הויכ ווי צוויי מענטשנ גרויס, און אז עס וויל, ווערט עס קליינ.

אכוצ: י ִידנ און ווײַבער, י ִינגלעכ און מיידלעכ, יעמשטשיקעס, א פ ָאטשטא־לי ָאנ, אנ אלטע באביצע, א בעטלערנ, א שאמעס און א סט ָאר ָאזש.

ד ָאס טוט זיכ אינ שטעטל ש פ י צ ע נ י צ און אפ דער פ ָא ט ש ט ָא ו ע ס ט א נ צ י ע, אינ שטעטל ש א ר י ו ו ק ע און אינ דער ש ל א כ ָא ו ע ר ק ר ע ט ש מ ע.

---

## ערשטע סצענע

### 1. אינ שפּיצעניצ בא דעמ כסידישנ רעבנ ר׳ לייב שפּיצעניצער. רויש־כוידעש ניסנ.

(אינ דער מיטנ געסל, נאָענט פונעמ בעסמעדרעש איז א גרויסע נייַע שטוב: אינ שפּיצעניצ הייסט א הויז — שטוב. דער דאכ איז פונ שטרוי, נאָר ארומ מיט א שורע שינדלען. א טיר גייט אינ דער גאס אריַינ. מיר עפענענ די טיר אונ קומענ אריַינ אינעווייניק: א גרויסע שטוב מיט וויַיסע ווענט ארומ. דאָ שטייט א לאנגער טיש געגרייט, ארומ דעמ טיש זיצנ אָרכימ. אינ שטוב שטייענ היימישע שפּיצעניצער יִידנ. אויוונאָנ זיצט ר׳ לייב, דער גוטער-יִיד, — א הויכער, א גראָבער מיט א רויטער גראָבער באָרד, אונ פייעס רויטע, לאנגע, גליַיכע, אָנגעטאָנ אינ א חיַיסער זופיצע, אינ א וויַיסער יארמיקע, א באמוועלע געארבעט, נאָר פארשוויצט. פאר אימ אפנ טיש ליגט א זויהער אָפנ. מיט איינ עלנבויגנ האלט ער זיכ אונטער דעמ קאָפּ, אונ מיט דער אנדערער האנט מאכט ער אלע מאָל א קולעק אונ קרעכצט דערביַי אונ קנייטשט זיכ. די אויגנ מאכט ער צו צומאָל, אונ מיטאמאָל גלאָצט ער אינ זויהער אריַינ, דערביַי נעמט ער מיט דער גאנצער האנט עסנ פונעמ טעלער אונ לייגט אינ מויל אריַינ. אלע אָרכימ אונ די היימישע יִידנ, וואָס שטייענ אינ שטוב אונ ארומ דעמ טיש, קוקנ אפ ר׳ לייבנ. צאלי דער נעמעראָווער לויפט ארומ דעמ טיש אונ סוידעט זיכ טאָ מיט דעמ אוירעכ, טאָ מיט יענעמ, אונ איז משמש ר׳ לייבנ, אימ צו דערלאנגענ עסנ אונ טרינקענ. א טיר, וואָס גייט אינ אנדערע כאדאָרימ אריַינ, איז אָפנ. דאָרטנ שטייענ וויַיבער אונ קוקנ אויכ צומ טיש. צווישנ די וויַיבער זעט מענ ראָכל, צאליס טאָכטער, א נידריק וויַיבל, ניט שיינ, נאָר כענעוודיק, מאָדנע געשלייערט, אָנ א שטערנטיכל, אונטערגעבונדנ דאָס מויל מיט א רויט טשימבערל. אינ שטוב איז שטיל, נאָר א געשושקעריַי.)

**צאלי.** (א קליינער, א שווארצער, מיט א שווארצ בערדל, אינ אנ אלטנ קאפּטנ מיט א טערקישנ גארטל שלאבעריק צוגעגארטלט, מיט אנ אלטנ ספּאָדעק אונ פּאנטאָפל; די פּאָלעס פאר־שטעקט, זעט מענ ארויס ליַיוונטענע צעריסענע פלודערנ. ער נעמט צו פונ א יִינגלס הענט עטלעכע פּאָסטעוויצעס מעד אונ צעשטעלט אפ דעמ טיש. אינ איטלעכנ פּאָסטעוויצ שווימט ארומ א גלאָז. דערנאָכ שטרעקט ער אויס די הענט, ווו די ארבל באָמבלענ זיכ, איבער די אָרכימס קעפּ אונ כאפּט א שטיק פיש אראָפּ פונ א פילעמיסעק אונ עסט. דערביַי טאקע זאָגט ער:) פּאָסעט איז פּאָסעט, געוואסנ האָב איכ מיכ, אונ סודעס־ראָס־כוידעס איז א מיצווע צו עסנ, פּאָסעט. אונ דערצו ראָס־כוידעס ניסנ, אונ דערצו, פּאָסעט, בא אזא

צאדיק סודעס ראָס־כוידעס, אוביפראַט איך בין, לוי־אלייכעם, פּאָסעט, זייער
הונגעריק, מעסונע, מעסונע הונגעריק. טו איך מיר, פּאָסעט איז פּאָסעט, א כאַפּ
א סטיק פיס אונ עש, אונ גאָרניסט. (ער עסט מיטביידע הענט.)

אלע. (שמייכלענ) זייער גלײַך. צאלי איז גערעכט. זייער גלײַך. (אלע קוקנ
אפ צאלינ.)

צאלי. (האָט גיך אופגעגעסנ דאָס שטיק פיש.) עפּסער וועל איך, פּאָסעט איז
פּאָסעט, א בישל מאסקע אויך טרינקענ. מיילע בראָמפּנ האָב איך סוינ געטרונ־
קענ פאר די פיס צוויי מאָל, פּאָסעט, ביכדיי נאָך די פיס יויצע צו זײַנ. הא,
נאָר מעד וועל איך, פּאָסעט, איניינעמ פּאָסעט, פארזוכנ אונ טאקע טרינקענ.

ר׳ לייב שפּיצעניצער. (הייבט אופ דעמ קאָפּ מיט א פריילעכקײַט.) זאָג נאָר,
צאלי, מיילע פיש כאַפּנ איז געוויינטלעכ, אנדערע כאַפּנ פיש פונ א טײַכ, דו
כאַפּסט פונ א טיש,—אלצ אבי געכאַפּט, נאָר אָבער מעד כאַפּט מענ נישט. נאָך
מעד מוז מענ שיקנ.

אלע. זייער וויל. אָט דאָס איז געזאָגט! (מע לאכט) כא־כא־כא, זייער
וויל געזאָגט, ניט ווי דו, צאלי, זאָגסט דײַנע אויסגעוועפּטע ווערטלעכ. דער
רעבע איז גערעכט. מעד כאַפּט מענ נישט, נאָך מעד מוז מענ שיקנ, מעד
כאַפּט מענ נישט, נאָך מעד מוז מענ שיקנ.

צאלי. אָבער, אז איך וועל, פּאָסעט, ווײַזנ דאָש יינגל, וואָש איך האָב גע־
סיקט נאָך מעד אונ, פּאָסעט, אָט דער מעד, וואָש סטייט אפנ טיס, האָט דאָש
יינגל געבראכט פונ מײַנ סיקעכצ, מעג איך דאָך, פּאָסעט, אוואדע טרינקענ, הא?
(ער כאַפּט א פּאָסטעוויצ מעד פונעמ טיש אונ טרינקט פונעמ פּאָסטעוויצ אָנ א גלעזל. ער הערט
אופ אינ מיטנ צו טרינקענ. ער האלט אָבער דעמ פּאָסטעוויצ מיט ביידע הענט בא זיכ.) קודסא
בריך־הוא. ס׳איז דאָך, פּאָסעט, גאָר דײַנ מעד, אונ מעד איז אפ לאָסנ־קוידעס
דבס. דבס מאכט: „דאָ באמ ספּיצעניצער“. (ער טרינקט ווײַטער.)

אלע. אוי, שיבעניק, צאלי, אזוי וויל, אונ מיניה־וביה. כידעשדיק געזאָגט,
נו, צאלי, נו, צאלי!

ר׳ לייב שפּיצעניצער! צאלי, לעמאנעשעמ טרינק פּאוואָלי. דבש זאָל
ניט מאכנ: „דו ביסט שיקער“.

אלע. (פארוווּנדערט) אָט דאָס איז שוינ א רועכ־האקוידעש, א רועכ־האקוי־
דעש, פּאָשעט.

צאלי. רעבע, האָט גאָר קיינ מוירע ניסט, איך האלט סוינ, פּאָסעט, חײַס,
פּאָסעט באמ [דנאָ], צוריק־דבס מאכט: „סוינ באמ דנאָ“.

אלע. אָווא, וויל, צאלי, עס גייט אימ הײַנט, דעמ שיבעניק.

ר׳ לייב שפּיצעניצער. איך זאָג אָבער צוריק־דבש מאכט: „שיק
ברענגענ דבש“.

אלע. עמעס, כידעש, פײַנ, וויל אונ טאקע רעכט, נאָר צאלי זאָל געבנ געלט.
ער וועט ווידער זאָגנ, אז ער שיקט דאָס יינגל נאָך מעד, איז ער שוינ פּאָטער.

ר' לייב שפּיצעניצער. (מאַכט ווידער אַן ערנסט פּנים און טוט אַ שטאַרקן גלאָז מיט אַ בראָנפן, און הייבט אָן צו זאָגן מיט היסלאָוועס.) געננג, גענוג גלײַכע־ווערטלעך, לאָמיר בעסער שמועסן אַן עמעס וואָרט און טאַקע פונעם „דבש". האַ... האַ... האַ... (ער קרעכצט) דבש איז בגימטריא ש"ו: ראָשע־טײוועס שקר וכזב, דאָס איז דער שוירעש פון דער סטרא־אחרא... דעריבער... דעריבער, פאַרשטייט איר... פאַרשטייט איר... מוז דער גוטער־ייִד, מוז דער צאַדיק זען אַרויסצוציִען די נצוצות הקדושים פונעם דבש, קעדיי די סטרא־אחרא זאָל קיין קויעך ניט האָבן. און פון דער ש"ו זאָל ווערן ראָשע־טײוועס „ש'מע ו'היה אם שומע", ווי דער באַלשעם, זיכרוינע ליווראָכע, האָט געזאָגט: „אַוו־ראָם אָווינו האָט געמאַכט פון גויִים ייִדן, און איך מאַך פון ייִדן—ייִדן". אַמאָל, אַז ער איז, זיכרוינע ליווראָכע, בײַז געוואָרן אויף זײַנע לײַט, האָט ער זיי געזאָגט: איר מיינט, אַז מיט פּאָסטעלעס קומט מען אין גאַניידן אַרײַן? ניין, מען מוז גוט, גוט האָרעווען, טאַקע מיט עסן און מיט טרינקען שטאַרק האָרעווען, ביז מען זאָל קומען צו דער בחינה „צדיק מושל": מען זאָל ממשלה האָבן איבער דער סטרא־אחרא, בײַ איר אַרויסצושלעפּן די נצוצות הקדושים. דערנצמאָל ווערט ערשט „ב'יראת אלהים", דאָס מיינט מען: ב' יראת, צוויי מאָל יראה, יראה פנימית און יראה חיצונית... האַ... האַ... האַ... (ער בלײַבט ליגן מיטן קאָפּ אויף בײדע קולעקעס אויפן זויהער און בראָמט עטלעכע מינוט. אַלע גייען גאָר אויס און פאַרגלייסן מיט די אויגן. און אַרום און אַרום איז אַ זיפצערײַ און אַ געקרעכצערײַ. מיטאַמאָל כאַפּט ער זיך אויף און גלאָצט ווידער אַרום און אַרום און טוט מיטאַמאָל אַ זאָג.) לאָז מען גיכער געבן עסן, מאַכט קיין שיִעס ניט. די אָרכים דאַרפן עפּשער אָוועקצופאָרן. צאַלי, ריר דיך, ריר דיך, צאַלי!

צאַלי. (גייט צו צו די ווײַבער.) נו, סוינ, נו, סוינ. פּאָסעט איז פּאָסעט, גיט גיכער עסן. אַז דער רעבע זאָגט גיכער, מוז מען, פּאָסעט, אינדערגיך געבן די לאָקסן מיט יויך, און זאַרעז טאַקע דאָש פלייס. אָט גיי איך אַליין צום פּריפּעציק און וועל אַליין נעמען. (ער שאַסטעט זיך אַרײַן מיט די ווײַבער אין קיך־שטיבל און קומט באַלד צוריק מיט אַ גרויסער שיסל יויך מיט לאָקשן, און שטעלט אַנידער אויפן טיש. טײַקעף גייט ער צוריק אין קיך־שטיבל אַרײַן, און ברענגט דרײַ טעלער מיט פלייש.) עסט, עסט, ראַבוישים, מאַכט קיין סיִעס ניסט. פּאָסעט איז פּאָסעט, כאַפּט, איך וועל אויך כאַפּן ציסן אײַך. אײַ, ס'איז ניסט קיין פּיס, אויף לאָקסן זאָגט מען כאַפּן, איאָ, מען זאָגט: כאַפּן, ווי הייסע לאָקסן?—און דערבײַ איז דאָ אַ געבראָטנש.

ר' לייב שפּיצעניצער. וווּ איז דאָ אַ געבראָטנס, צאַלי? נאָכוואָס נאַרסטו דעם אוילעם?

צאַלי. איך זאָג ניט דאָ איז דאָ אַ געבראָטנש, איך זאָג דערבײַ, בײַם סאָכן, מיינ איך, בײַ ר' אוורעמלען דעם רענדאַר. (ער כאַפּט און עסט פונעם טיש.)

אלע. (לאַכן) כאַ־כאַ־כאַ, ער דרייט זיך אויס טאָמיד און בלײַבט גערעכט. (זיי עסן גיך און טרינקען מער גיך און מען בענטשט גיך. אַלע גייען אַפּיר פונעם טיש. ר' לייב

גייט אריַין אינ א זייַט־שטיבעלע, צאלי שטעלט זיכ בא דעם טירל, איינציקוויַיז אריַינצולאָזנ די אָרכים.)

צ א ל י. (מיט א געלעכטערל צו די אָרכים.) דאָ סטיי איכ אויוונאָנ אונ זאָג, פּאָסעט, ניסט קיינ טוירע אונ וועל פאָרט מאכנ געלט. פּאָסעט איז פּאָסעט, וויַיל איכ בינ א גרוישער ניצרעכ. אז א ייִד האָט מיכ אנומלט א פרעג געטאָנ: ר׳ קאָרעוו, וואָש דארפט איר? האָב איכ פּאָסעט געזאָגט: איכ דארפ דריַיצנ גילדנ א וואָכ אונ האָב, מעסונע, גאָרניסט קיינ פארנאָשע, כלעבנ. נו, איינציקוויַיז וועל איכ אריַינלאָזנ. אנו, ר׳ ייִדל פּעקלמאכער... (ייִדל פּעקלמאכער גייט אריַינ אינעם זייַט־שטיבעלע.)

## 2. טאקע דאָ טייקעפ אינעווייניק, אינעם זייַטנ־שטיבעלע בא ר׳ לייב שפּיצעניצער.

(אינעווייניק איז דאָס זייַטנ־שטיבעלע מיט איינ פענצטער. בא דעם פענצטער שטייט א טישל מיט נאָר איינ בענקל, געבעט מיט א קישעלע, דערופ זיצט ר׳ לייב שפּיצעניצער. בא א וואנט שטייט א בעטל מיט ציצנ בעטגעוואנט פארבעט. אפ דער אנדערער וואנט הענגענ דעם רעבנס זופּעצלעכ אונ טולעפּלעכ. ר׳ לייב זיצט באמ טישל, פאר אימ ליגנ קוויטלעכ אונ דעמ ר״יס סידער, דערביַי א זויהער אָפנ. ער גלאָצט אפ די קוויטלעכ אונ קרעכצט אונ קנייטשט זיכ אונ קוקט ווידער אינ זויהער אריַינ אונ ברומט.

ייִדל פּעקלמאכער, אָנגעטאָנ אינ א נייַעמ גוטנ קאפּטנ מיט א זייַדענעמ גארטל, אינ א גוט סויבלענ לאפּנמיצל, א יונגערמאנ מיט א קליינ בערדעלע, שטייט אונ שווייַגט עטלעכע מינוט אונ קוקט אפ ר׳ לייבנ. דערנאָכ טוט ער זיכ איינגאנבנ א קראצ מיט א [הוסט] (היס), קערט זיכ ר׳ לייב אומ מיטנ פּאָנעמ צו ייִדלענ.)

י י ִ ד ל פּ ע ק ל מ א כ ע ר. (מיט אזעס אביסל.) יענצ מאָל, רעבע, איז עס געראָטנ, איכ בינ באָרוכ־האשעמ בעשאלווע אריבער, גאָר מיטנ קנאק. נאָר שוינ וויַיט אפ דעם שליאכ איז עפּעס א הולטיַי רייַטנדיק אונדז אָנגעפאלנ מיטנ גרויסנ געשריי: „סטאָי״ — ווי דער שטייגער איז — „וואָס פירט איר, אוואדע א פּעקל? ס ט אָ י, אָט וועלנ אָנקומענ מייַנע קאזאקנ, פארנעמ איכ אייַכ״. זאָג איכ צו מייַנ שוטעפ: שווייַג נאָר, עס וועט רעכט זייַנ. מאָלט אייַכ, רעבע, מייַנ שוטעפ איז נאָכ ניט געניט אינ די זאכנ, האָט ער ניבע זיכ געוואָלט ווי דערשרעקנ. זאָג איכ צו דעם הולטיַי, גאָר מיט גוטנ: קומט אראָפּ פונעמ פערד וועלנ מיר מושווע ווערנ. מייַנ באָכער איז אראָפּגעקראָכנ פונעמ פערד, אונ איכ מיט מייַנ שוטעפ האָבנ אימ גוט געבונדנ, אונ טאקע מיט זייַנ פאטשיילע צוגעבונדנ דאָס מויל, ער זאָל ניט קאָנענ שרייַענ. דאָס פערד מיטנ זאָטל האָב איכ העט אינ וועלדל אריַינגעפירט אונ האָב עס צוגעבונדנ צו א בוימ, אונ דעם מעכוטנ האָב איכ אינ בויד אריַינגעלייגט, אונ האָב א פאָר געגעבנ אקעגנ א האלבע מייַל. דאָרטנ האָב איכ דעם כאָסנ אנידערגעלייגט אפ דעם שניי אינ א זייַט

פונעם וועג, און בין גיך אוועקגעפאָרן. מער האָבן מיר קיין שום מכשול, באָרוך־האשעם, ניט געהאט.

ר' לייב שפּיצעניצער. א ייִד, ראכמאָנע יאצילײנו, איז עס געווען דער מאָסער? (ער קרעכצט) א ייִד, א הולטײַ, ראכמאָנע יאצילײנו?

ייִדל פּעקלמאכער. מײַן שוטעף אפילע האָט געמיינט, אז דאָס איז געווען דער רעכטער יעהושוע שענפעלד, דער אכבעראָש, וואָס דער מיניסטער האָט אים טאקע אומיסנע פון פּעטערבארג געשיקט, ער זאָל אפ די ערטער אכטונג געבן,—א מעשונענער כאָריצ, און קומט ארויס פון לײַט, נאָר, מישטיינס געזאָגט, א הולטײַ, א פאכעד, און גאָלט די באָרד, און גייט אָנגעטאָן דײַטשע־ריש. ווי דער שטייגער איז, זאָגן די ווילדע יונגען, די אפּיקאָרסים, אפ אים: שענפעלד איז אן ערלעכער מאן. (ער לאכט) כא־כא־כא... פּלוצים גאָר אן ער־לעכער מאן—דעם ווײַב, באשער ער נעמט קיין געלט נישט. אדעראבע, הולטײַ איינער, נעם יאָ געלט און זײַ בעסער אן ערלעכער ייִד.

ר' לייב שפּיצעניצער. איר דערציילט דאָך, אז ער איז אראָפּגע־קראָכן מיט אײַך מושווע צו ווערן.

ייִדל פּעקלמאכער. דעריבער האָב איך געזאָגט מײַן שוטעף, אז ער איז זיך טויע, ס'איז אוודע ניט שענפעלד. כוץ דעם איז אויך געדרונגען, אז ס'איז ניט געווען שענפעלד, וואָרן שענפעלד ליגט אין דער טפיסע אָנגעטאָן אין גרויסע קייטן, כאָטשע ער איז א גרויסער כאָריצ.

ר' לייב שפּיצעניצער. אָט זייער כריצעס איז אויך נאָר פון בחינת אחוריים דקדישא. דעריבער זײַנען די רעשאָיִם נאָר קלוג מיטן מויל, אפ געלט־האָבן האָבן זיי קיין סייכל ניט. דעריבער רופט מען זיי „אָרעמע באלע־אוויירעס". דער ר' יאנקעוו־יאָסעפ, זיכרוינע ליוורעכע, דער וואָס האָט געמאכט דאָס סייפער צפנת פענח און דאָס סייפער תולדות יעקב יוסף, אז ער איז געווען נעמעראָווער ראָוו, דענצמאָל האָבן אלע ייִדן פון נעמעראָוו און פון אנדערע שטעט אלע מיטאמאָל אָנגעזעצט די דײַטשן אין ברעסלע און אין פראנקפאָרט. האָט מען אים, דעם צאדיק, געפרעגט: רעבע, אלץ מוז דאָך שטיין אין דער טוירע, נו, זאָגט־זשע ווו שטייט עס, אז מען זאָל אָנזעצן דעם דײַטש? האָט ער, זיכרוינע ליווראָכע, ווי א גרויסער מויעך, מניה־וביה געענטפערט: יאָ, עס שטייט אין דער געמאָרע, אז דאָוויד האמיילעך האָט געזאָגט צו די זקני־ישראל: „לכו פשטו ידיכם בגדוד", — ב'ג'ד'ד' מאכט: „ב'אגראָב ד'עם ד'ײַטש".

ייִדל פּעקלמאכער. (פארווונדערט) אָווא, אָווא, וויל! כלעבן, רעבע, מען קער טאקע צופאָרן צו אײַך. אָט וויסט מען ערשט, וואָס מען מעג טאָן. פאר דעם גוטן וואָרט וויל איך אײַך, רעבע, אויך עפּעס דערציילן, וואָס איר וועט האנאָע האָבן, און איר וועט הערן, פארוואָס דער שענפעלד זיצט אין קייטן.

ר׳ לייב שפּיצעניצער. איך האָב אייך פאַרגעסן צו פרעגן, וויאַזוי מען האָט אים גענומען? איר זאָגט דאָך, אַז דער מיניסטער האָט אים געשיקט, נו, ווי זעצט מען אײַן אַזוינעם?

ייִדל פּעקלמאַכער. איר זענט, רעבע, טאַקע גערעכט, אַז די יאָלדן זענען ניט קלוג אײַנגאַנצן ווי מען דאַרף. דער שענפעלד איז גראָד אָנגעקומען הײַנטיקן ווינטער קיין וואָלאָטשיסק שפּעט באַנאַכט, און באַטאָג האָט מען געהאַט אָפּגעשמועסט מיט דעם אָקרוזשנע נאַטשאַלניק, וואָס האָט צו זאָגן איבער אַלע קאַמערן, און מיט אַלע טשלענעס, האַלבע נאַכט זאָל מען אַריבער־לאָזן פון יענער זײַט דרײַסיק שליטן מיט סכוירע, מען זאָל זיי געבן צו טויזנט רובל פאַר איטלעכן שליטן. זיי האָבן צישן זיך אײַנגעטיילט, און דער גאָראָד־ניטשע האָט אויך גענומען אַ כײַלעק. דער הולטײַ האָט דאָס דערשנאַפּט, און האָט גענומען אַפּ דער גאָספּידע דעם באַלעבאָס אײדעמס קאַפּטן מיטן מיצל, ווי יענער האָט געשלאָפן, און האָט זיך אָנגעטאָן, מען זאָל אים ניט דערקענען. אַזוי האָט ער זיך אַרײַנגעמישט צישן די סאָחרים מיט אַ לאַמטערן אין דער האַנט, ווי אַלע זענען געגאַנגען דאָ בײַ דער ראָגאַטקע מיט לאַמטערנס, אַרי־בערצופירן די שליטנס מיט סכוירע. פאַרשטייט זיך, אַז פיר פערד זענען קוים געגאַנגען, אַזוי איז געווען אָנגעלאָדנעוועט סכוירע אַפּ איטלעכן שליטן. מײַן שענפעלד האָט געהאַט בײַ זיך גרייטע קוויטלעך אָנגעשריבענע, האָט ער איט־לעכן פון די סאָחרים אַרײַנגעשטופּט אין דער האַנט אַרײַן אַ ייִדיש קוויטעלע, און די טשלענעס — אַפּ מאָסקוויטעריש געשריבן.

ר׳ לייב שפּיצעניצער. וואָס פאַראַ קוויטלעך, לעמאָשל?

ייִדל פּעקלמאַכער. פּראָסטע, ס׳איז נאָר געשטאַנען אויפגעשריבן „שענפעלד איז דאָ, און ער טאַקע גיט דאָס אײַך די קוויטלעך פון זײַן האַנט אין אײַערע הענט אַרײַן". ווער האָט דאָ צײַט געהאַט צו לייענען? גאָרנישט, מען האָט די סכוירע אַריבערגעפירט ווי מען דאַרף, און דער גוטער שענפעלד איז זיך צוריק געגאַנגען אַפּ זײַן גאָספּידע און האָט זיך געלייגט שלאָפן. ניט דער באַלעבאָס, ניט דער אײדעם האָבן געוווּסט, אַז ער איז האַלבע נאַכט ערגעץ געגאַנגען.

ר׳ לייב שפּיצעניצער. נו, איז עפּשער, כאָלילע, דורך דעם כאַסווע־שאָלעם אַן עפּוש געוואָרן?

ייִדל פּעקלמאַכער. כאָלילע. ערשט, אַז איטלעכער איז אַהיים געגאַנ־גען, און האָבן אַ טייל איבערגעלייענט די קוויטלעך, איז געוואָרן אַ גרויסע טרעוואָגע, אַ פּאַכעד. אַלע זײַנען טאַקע מעשונע דערשראָקן געוואָרן. וואָס טוט מען דאָ?

ר׳ לייב שפּיצעניצער. נו, וואָס האָבן זיי זיך פאַר אַן אייצע גע־געבן, לעמאָשל?

ייִדל פּעקלמאכער. זיי האָבן זיך טאקע נישט געוווּסט, וואָס פאר אן אייצע צו געבן. נאָר א סעקרעטאר פון דער פּאָליציע האָט געזאָגט: גיט מיר צוויי טויזנט רובל, גיב איך א ווילע אייצע, און נעם מיך אונטער, אַלץ זאָל גאָר קאָשער ווערן. רעבע, איר מעגט צוהערן א כריצעס פון כאָכ־מעס־יאָוון. אז מען האָט אים אנידערגעלייגט די צוויי טויזנט רובל, באנאכט טאקע, האָט ער געהייסן, אַלע זאָלן אהיים גיין און גאָרניט אין זין האָבן אפילע.

ר׳ לייב שפּיצעניצער. (טוט א זיפץ) קודשא בריך־הוא שיקט אמאָל א ישועה אָדער א רעפוע דורך א פּראָסטן רויפע, אָדער דורך א טאָטער, וואָס שפּרעכט אָפּ. דאָס איז אַלץ דער סטרא־אחרא׳ס מייַסע. אז די סטרא־אחרא כאפּט זיך אריַין אין די צנורות פונעם עולם־העשיה, דענצמאָל... (ער קרעכצט) אוי איז מיר, דענצ־מאָל, אז דינים זענען שורה אפ ייִדן, ווערט די סטרא־אחרא, ראכמאָנע יאצילינו, נתחזק. מוזן זיך צאדיקים פּאָרען, אויוון־ארום ממתיק־זיַין די דינים, און צנורות צו עפענען. נו, וואָס האָט געטאָן דאָס סעקרעטארל, לעמאָשל?

ייִדל פּעקלמאכער. אז איך זאָג אייַך, רעבע, ס׳איז א כריצעס, טאקע א פּאכעד פון א כריצעס. דאָס סעקרעטארל האָט באנאכט נאָך געשיקט דע־סיאטניקעס פון דער פּאָליציע, זיי זאָלן ארום דעם שענפעלדס גאָספּידע היטן, ער זאָל באנאכט נישט קאָנען אוועקפּאָרן. און אז ס׳איז טאָג געוואָרן, איז א דעסיאטניק, קלאָמערשט ווי טאָמיד, געקומען פרעגן, אויב ס׳איז דאָ פרעמדע אָרכים, און אויב זיי האָבן פּאשפּאָרטן. „ווער איז דער פּאָרעץ דאָ? עפּשער אויך אן אוירעך?״—פרעגט דער דעסיאטניק אפ שענפעלדן. ענטפערט דאָך דער באַלעבאָס: „ניין, דאָס איז א ייִד און הייסט האר שענפעלד״. טוט שוין דער דעסיאטניק א גיי צו נעענטער און שמועסט אפ זיַין קאָל: „א בילעט האָט איר?״ מיַין שענפעלד רייַבט זיך די אויגן פונעם שלאָף און טוט א וויַיז דאָס גרויסע פּאפּיר פונעם מיניסטער. זאָגט דער דעסיאטניק: „אָדער גיט דאָס פּאפּיר אהער, אָדער, אז איר ווילט מיר ניט געבן, זייט־זשע מויכל, קומט מיט מיר אין דער פּאָליציע אריַין, וועט איר דאָרטן א וויַיז געבן, און וועט אייַך צוריק גיין, מיַין האר״.

ר׳ לייב שפּיצעניצער. נו, האָט ער אים געגעבן דאָס פּאפּיר, און דער דעסיאטניק איז מיטן פּאפּיר אנטלאָפן געוואָרן מינאסטאם?

ייִדל פּעקלמאכער. דאָס טאָר מען ניט טאָן, און דערצו וואָלט דאָך ניט געוועזן קיין כריצעס. ניין, דער שענפעלד איז אליין געגאנגען מיטן פּאַ־פּיר אין דער פּאָליציע אריַין, מיט א גרויסער האָזע, און א פּאָר דעסיאטניקעס האָבן אים באַלייט. ער איז אריַינגעקומען מיט גרויס כוצפע אין דער פּאָליציע אריַין, נאָר דאָרטן איז נאָך ניט געוועזן דער פּאָליציי־מייַסטער, הייסט אים דער סעקרעטאר — טאקע דער רעכטער באָכער — וואַרטן ביז דער אָדן וועט

קומען, און נעמט צו בא שענפעלדן דאָס גוטע פאפיר, דאָס גרויסע, און טראָגט עס אריַין אינעווייניק אריַין, ווו דער אָדלער שטייט, און מאכט צו די טיר. מייַן שענפעלד שטייט אין געהאקטע ווונדן דריַי שאָ דורכאנאנד.

ר' לייב שפיצעניצער. האָט ער צייַט געהאט מהרהר־בתשובה צו זייַן אפ דעם, וואָס ער האָט ייִדן, נעבעך, געלט איזבאוועט, הא... און אפ דעם, וואָס ער גאָלט די באָרד?

ייִדל פעקלמאכער. וואָס טויג אייַך דאָס? בעסער האָט דאָס סעקרע־טארל דאָ געמאכט א מעלאָכעלע מיט דעם פאפיר, אז ס'איז געבליבן א פאפיר טאקע, און פאָרט ניט קיין פאפיר — אזוי איז א כאָכמעס־יאָוון, — און מען זאָל שענפעלדן מוזן אלפי זאקאָן טייקעף אייַנזעצן.

ר' לייב שפיצעניצער. וויאזוי, לעמאָשל?

ייִדל פעקלמאכער. דאָס סעקרעטארל האָט אין דעם מיניסטערס פאפיר אויסגעקריצט דעם נאָמען און דעם נומער, און האָט אפ דעם געקריצטן אָרט טאקע צוריק אָנגעשריבן דאָס אייגענע, וואָס פריִער איז געשטאנען גע־שריבן, טאקע דעם נאָמען מיט דעם נומער צוריק, און האָט דאָס פאפיר אנידערגעלייגט דאָרטן, ווו דער פאָליציי־מייַסטער זיצט, אינײנעם מיט אלע אנדערע פאפירן. ערשט אז דער גאָראָדניטשע, צי דער פאָליציי־מייַסטער, איז געקומען צו גיין, נעמט ער קלאָמערשט קעסיידער אלע פאפירן לייענען, און שענפעלדס גרויסע פאפיר אויך, און רופט אריַין דעם באָכער מיטן גרויסן געשריי: „הע, ווער איז עס דאָרטן, וואָס האָט א פאפיר פונעם מיניסטער, זאָל אריַינקומען". שענפעלד קומט אריַין, ווי א ווויַלער יונג, מיט כיישעק: „איך בין שענפעלד, דאָס איז מייַן פאפיר". זאָגט דער גאָראָדניטשע צום סע־קרעטאר: „אנו, לייען נאָר וואָס פאר א שארפ פאפיר דער האָט דאָ פונעם מיניסטער, מען זאָל אים אומעטום פון אלע פאָליציעס און פון די פאָלקן אפילע נעבן הילף, אז ער וועט דארפן אָפהיטן, מען זאָל ניט אריַינפירן קיין טרייפע סכוירעס אין דער מעדינע אריַין". נעמט דאָס גוטע סעקרעטארל און לייענט הויך. אלע שרייַבערס פון דער פעדערשטער שטוב הערן און שטעלן זיך ארום.

ר' לייב שפיצעניצער. נו, איז דאָך ווידער גוט פאר אים, ווי הייסט ער?

ייִדל פעקלמאכער. הערט־זשע, רעבע. דאָס כריצעס־סעקרעטארל טוט קלאָמערשט אומגערן א קוק אפ דעם פאפיר און זאָגט פאוואָליטשקע: „עפעס איז דאָ געקריצט דער נאָמען און דער נומער". דער גאָראָדניטשע נעמט דאָס פאפיר אקעגן דעם פענצטער, קוקן אלע שרייַבערס אפילע אויך צום פאפיר. נו, טוט ער שוין א הויכן זאָג: „יאָ, ס'איז געקריצט, יאָ, ס'איז געקריצט. עפשער איז דאָס עפעס א מעלאָכע געמאכט געוואָרן? עפשער איז עס גאָרניט דייַן פאפיר, עפשער האָסטו עמעצן באגאנוועט, וואָס האָט

געהאט דאָס פּאפּיר, אָדער עפּשער געהארגעט? זאָג, וואָרינ איכ קאָנ אזא זאכ ניט שוויַיגנ, דערופּ איז עס א פּאָליציע אונ איכ בינ א פּאָליציי־מיַיסטער. דאָ מוז דער עמעס ארויסקומענ. זיַי דיכ מוידע, וואָרינ אז ניט, האָב איכ קייטנ אונ לאָז דיכ איַינזעצנ. זיַי דיכ מוידע"‚—אונ גיט אימ א גרויסנ פּאטש דערוויַיל.

ר' לייב שפּיצעניצער. איכ פארשטיי נאָכ ניט אינגאנצנ, וואָס דאָ שטעקט. איכ האָב ליב צו הערנ פונ איטלעכנ אוירעכ זיַינ מיַיסע, ביז איכ ווער קלאָר. דעריבער האָב איכ א יעדיִע אינ אלע אסאָקימ, כאָטשע איכ האנדל ניט. נו, ר' יידל.

יידל פּעקלמאכער. פארשטייט איר, רעבע, דאָ מוז מענ קלאָמערשט בלייַבנ פארנ מיניסטער אויכ גערעכט. א פּאָליציע איז טאקע מעכויעוו בא אזא זאכ, אז דער נאָמענ איז געקריצט, צו מאכנ א פּיירעש, טאָמער, לע־מאָשל, איז דאָס פּאפּיר עמעצנ אנדערש געגעבנ געוואָרנ פונעמ מיניסטער אונ דו, ש... האָסט יענעמ געהארגעט, אונ האָסט יענעמס נאָמענ אויסגעקריצט אונ דיַינ נאָמענ אריַינגעשריבנ. עס קאָנ זיכ אמאָל טרעפנ אזעלעכס, נו, איז די פּאָליציע מעכויעוו כוישעד צו זיַינ. זי מוז בא אזא כשאד איַינזעצנ, ביז מע קלערט נאָכ. דאָס רופט מענ סליעדעווענ. אונ דו, טאָמער־רויצייעכ, מוזט דערוויַיל זיצנ אינ קייטנ. פארשטייט איר, רעבע, דאָס כריצעס?

ר' לייב שפּיצעניצער. נו, וויאזוי ווער מענ דאָ דערגיינ דעמ עמעס, לעמאָשל?

יידל פּעקלמאכער. האָט מיר ניט פאריבל, רעבע, וואָס טויג דאָ עמעס? מע וויל נאָר דעמ באָכער דערוויַיל איַינלייגנ ביד שליש, אינ דער טפּיסע, ער זאָל ניט קאָנענ אויסזאָגנ, וואָס דאָ האָט זיכ געטאָנ באַנאכט. אונ דער גאָראָדניטשע האָט דאָ א גרויסנ געשריי געגעבנ:—„לאָז מענ דעמ דאָ נעמענ אָנטאָנ קייטנ אונ איַינזעצנ, ביז די פּאָליציע וועט זיכ אָנפרעגנ בא דעמ גובערנאטער, אונ דער גובערנאטער בא דעמ מיניסטער, טאקע מיט דעמ געקריצטנ פּאפּיר, אויב ס'איז געגעבנ געוואָרנ איינעמ שענפעלד, צי אנ אנדערנ. דערוויַיל מוז מענ סליעדעווענ, אזוי ווי דער דינ איז, אויב מע וועט ניט געפינענ ערגעצ א הוירעג, אָדער איינעמ, וואָס מע האָט בא אימ דאָס פּאפּיר אוועקגעגאנוועט.— פארשטייט איר, רעבע, אז דאָס כריצעס איז א פּאכעד פונ א כריצעס. וואָרעמ דער מיניסטער קאָנ דאָ מיינענ, אז טאקע בא אימ, בעשאס מע האָט געשריבנ דאָס פּאפּיר, האָט מענ געקריצט, וויַיל דאָס ראָוו קאָנענ די שריַיבערס א נאָמענ ניט גוט נאָכשריַיבנ, זענענ זיי זיכ טויע, אונ דער נומער איז אויכ אמאָל איבערגעקריצט. דאָס וועט אָבער דויערנ אוואדע פיר כאדאָשימ ביז פונ פּעטערבארג וועט קומענ די טשוווע פונעמ מיניסטער. דערוויַיל זיצט דער באָכער בכבלי ברזל. איאָ א כריצעס?

ר' לייב שפּיצעניצער. (קרעכצט) פונוואנעט, מיינט איר, קומט צו אומעס־אוילעמ סייכל? דאָס איז נאָר פונ דער חכמה־עליונה, וואָס דער ס״מ

איז יונק דורכ דעמ קויעכ, וואָס ייִדן גיבן אריַין אינ דער קליפּע אריַין, מיט דעמ, וואָס ייִדן לערנען חכמות חצוניות, גוייִשע לעשוינעס אונ לייענען די ביכעלעכ — (קרעכצט) אוי איז מיר! — ווי דער זויהער־האקאָדעש טיַיטשט: זה לעומת זה עשה אלהים... זאָגט־זשע, ר׳ ייִדל, איר האָט היַינט פאר פיל געלט סכוירע?

ייִדל פּעקלמאכער. פאר אכט טויזנט קערבלעכ סכוירע מוז איכ אָפּפירן ביז קיינ ט[ולטשינ]. איכ האָב אפילע א פּאָרעצ, וואָס האָט זיַינע גיטער ארומ מע[זשעריטש]. נעמט ער זיכ אונטער פאר פינפ הונדערט קערבלעכ, אינ זיַינ גרויסער קארעטע מיט נאָכ א בריטשקע — קלאָמערשט ווי: א סראָרע פּאָרט, גייט נאָכ די קיכ — מיר אָפּצופירן ביז אפנ אָרט. נאָר איַיכ בעט איכ פּאָרט, רעבע, אינ זינ צו האָבנ, וואָרינ אינ ט[ולטשינ] אליינ ביז מע גיט אָפּ די קרעמער די סכוירע, איז נאָכ אביסל סאקאָנעוואטע. (ער לייגט אנידער צענ רויטע רענדלעכ אפנ טישל מיט א קוויטל.) רעבע, איר געדענקט דאָכ אפילע מיַינ נאָמען, ייִדל בענ טשארנע, מע רופט מיכ אפילע אינ מע[זשעריטש] ייִדל טשארנעס, נאָר א קוויטל איז בעסער, וועט איר מיכ בעסער אינ זינ האָבנ. איר ווייסט דאָכ, אז איכ פארלאָז מיכ נאָר אפּ איַיכ, נאָר אפּ איַיכ.

ר׳ לייב שפּיצעניצער. היַינטיקס מאָל איז נאָכ מער סאקאָנע, מוז מענ בעטנ דעמ אייבערשטנ, איר זאָלט בעשאָלעמ איַיער מאסע־מאטנ אויספירנ. (ער קנייטשט זיכ) איר זאָלט איַיער מאסע־מאטנ אויספירנ...

ייִדל פּעקלמאכער. (אביסל דערשראָקנ) עפּעס זאָגט איר, רעבע, פונ סאקאָנע, כאָלילע, נאָכ מער סאקאָנע, כאסוועשאָלעמ?

ר׳ לייב שפּיצעניצער. (קוקט אפּ די צענ רענדלעכ אונ אפּ ייִדל פּעקלמאכער עטלעכע מאָל היִנ אונ אהער.) איר, ר׳ ייִדל, זענט דאָכ אנ ערלעכער ייִד מיט סייכל, אונ זענט דעריבער בא מיר כאָשעוו, ארומ איַיכ מוז מענ האָרעווענ, אז דער פּאָרעצ זאָל כאסוועשאָלעמ ניט זאָגנ פלוצימ, מע האָט בא אימ אוועקגענומענ די סכוירע. נו, וואָס וועט איר אימ קאָנענ טאָנ דערנאָכ? מוז מענ דאָכ טאקע שטארק האָרעווענ.

ייִדל פּעקלמאכער. (שטייט א פּאָר מינוט פארטראכט אונ איז זיכ מעיאשעוו אונ טוט די האנט אינ קעשענע אריַינ, נעמט ארויס אונ לייגט נאָכ צו צענ רענדלעכ.) איר זענט גערעכט, רעבע, ס׳איז דאָ נאָכ פּריצימ, וואָס לייגנ אפילע איַינ געלט פאר אכרייַעס, נאָר דערפאר מוז מענ זיי צוויי מאָל אזויפיל געבנ. מיַינער איז מושווע געוואָרנ אָנ געלט־איַינלייגנ. דעריבער בעט איכ איַיכ, רעבע, האָט אימ אויכ אינ זינ.

ר׳ לייב שפּיצעניצער. ווי הייסט איַיער פּאָרעצ, לעמאָשל? אונ זיַינ מוטערס נאָמענ מוז מענ אויכ געוואָר ווערנ. זאָרגט איַיכ ניט, ר׳ ייִדל, אינ זינ האָבנ מוז מענ איַיכ שטארק. זאָרגט איַיכ נישט, ר׳ ייִדל, פּאָרט בעזספעטשנע,

זאָרגט אײַך נישט. (ער נעמט זײַן קוויטל אין דער האַנט אַרײַן און קרעכצט דעריבער. דער־נאָך ליגט ער׳ס אַוועק מיט אַ פֿרײלעכן פּנים.) זאָרגט אײַך ניט, ר׳ ייִדל!

ייִדל פּעקלמאַכער. דערווײַל געזעגן איך מיך מיט אײַך, רעבע, און בענטשט מיך אָפּ, וועל איך באַלד טאַקע אַוועקפֿאָרן. מײַן פֿור שטייט אײַנגעשפּאַנט, איך וועל אײַך שוין שיקן דורך איין שליח־מיוחד דעם נאָמען פֿונעם פֿאָרעץ און פֿון זײַן מוטער. דאָס בריוועלע, וואָס דער שאַליִעך וועט אײַך ברענגען, וועט גאָר ליידיק זײַן, נאָר די צוויי נעמען וועלן זײַן אויפֿגע־שריבן. איאָ רעכט, איבער פֿעלד, האַ? (ער בייגט אָן דעם קאָפּ.)

ר׳ לייב שפּיצעניצער. (לייגט אַרויף זײַנע ביידע הענט אויף ייִדלס קאָפּ און קנייטשט זיך און ברומט, וואַרפֿט דעם קאָפּ, און גיט אַלעמאָל אַ יעכץ.) ייִדל בען טשאַרנע, האַ... האַ... האַ... (דערנאָך שטרעקט ער אויס די האַנט.) פֿאָרט־זשע געזונט, און זאָרעז זאָלט איר טאַקע אַוועקפֿאָרן, זאָרעז ווי איר וועט אײַך אָפּגעזעגענען מיט דער רעבעצן, פֿאָרט אַוועק.

ייִדל פּעקלמאַכער. איך שטויס מיך שוין, רעבע, אַז איר הייסט טייקעף אַוועקפֿאָרן. דאַרף איך שוין פֿריילעך אַוועקפֿאָרן, וועט אַלץ באָרוך־הוא גוט גיין. זײַט־זשע געזונט. איך גיי מיך נאָר מיט דער רעבעצן געזעגענען און פֿאָר שוין. (ער גייט אַרויס פֿונעם שטיבל, און גיט צאַלינג אויך אַ רויט רענדל. פֿריילעך גייט ער צו פֿונדאָרטן צום קיך־שטיבל־טיר, און באַגעגנט —)

ראָכל. (זי רעדט זייער געשווינד, אין איין אָטעם, וואַרפֿט מיטן קאָפּ און ווינקט מיט די אויגן, און מאַכט מיט די הענט, ווי איינע, וואָס מאַכט כיינ.) זאָגט־זשע, ר׳ ייִדל, ווער האָט דאָ בעסער אָפּגענאַרט: צי איר דעם רעבן, צי דער רעבע אײַך? איר גייט אַוודאי צו דער רעבעצן. זי איז ניטאָ, זי איז אַוועקגעגאַנגען. עפּעס אַ פֿריי־צעלע פֿאָרט דורך, זאָגן די ווײַבער, זי וואַרפֿט זייער גוט קאָרטן, איז זי אַהינ געגאַנגען זיך לאָזן קאָרטן וואַרפֿן. ווייסט איר, ר׳ ייִדל, אַז פֿאַר אײַער רענדל, וואָס איר האָט מיר פֿאַרטאָג געגעבן, וויל דער כאַלפֿן נאָר זעכצן גילדן מיר נאָר געבן. ער זאָגט, ס׳איז אַ קל, ווי איר. נאָך וואָס האָט איר דאָ מײַן טאַטן, דעם כאָסידינע, געגעבן געלט? אַ מאַקע וואָלט איך אים געגעבן, אַפֿילע ניט אַ גראָשן. עפּשער דערפֿאַר, וואָס ער האָט מיך געשלעפּט פֿון נעמעראָוו אַהער און האַלט מיך דאָ שוין פֿינעף טעג? גיט אַהער אַן אַנדער רענדל. דעם רעבן פֿאַר זײַנע ליגן האָט איר אַוואַדע געגעבן גוטע רענדלעך, און מיר, נעבעך, אַ קל. דער טאַטע וויל מיך אַוועקפֿירן קיין שאַריווקע צו דער מומע גיסי, מאַני דעם רײַכנס ווײַב, אָפּ פֿייסעכ. איאָ, טשאַקענדיק? איך פֿאָר. נישטקאָשע, די גאַנצע וועלט איז איין שטאָט. דאָרטן זענען אויך דאָ גוטע־ברידער, פּעקל־מאַכערס, איאָ?

ייִדל פּעקלמאַכער. (קוקט זיך אַרום, אויב עמעצער הערט ניט.) מעשוגענע פֿלוידערקע, שווײַג אַביסל, און זאָג מיר וואָס טוסטו דאָ? איך האָב פֿאַרטאָג אין דער אײַלעניש דיך פֿאַרגעסן צו פֿרעגן, ווי קומסטו אַהער פֿלוצים גאָר?

ר אָ כ ל. וואָרעמ איכ ווייס? זאָל מײַנ טאטנ אזוי וויסנ גוטס! ער זאָגט, דער רעבע וועט מיט מיר שמועסנ, וועט ער אפּ מיר דערקענענ אוויירעס (זי לאכט) כא־כא־כא... אוואדע וועל איכ פאר אימ אויסזאָגנ, אזוי ווי איר האָט אימ געזאָגט פונ הײַנט פארטאָג. א גאלעכ איז ער, וואָס? איכ וועל דעמ רעבנ מיטנ טאטנ אײנײנעמ ארײַנארנ אינ א זאק ארײַנ. וואָס טויגנ מיר די פּוצנ? אָט גיט אהער אנ אנדער רענדל, אָדער לייגט מיר צו דרײַ גילדנ. (זי טוט יידל פּעקלמאכער א גלעט איבערנ בערדל.) א גוטער בראטאָניו, דעמ רעבנ האָט איר געגעבנ גוטע רענדלעכ, אונ מיר א באנעמענס.

יידל פּעקלמאכער. נאר איינער, ווו האָסטו געזעענ בא א פּעקל־מאכער גוטע רענדלעכ? דעמ רעבנ האָב איכ געגעבנ נאָכ ערגערע, ער קאָנ באשטיינ. אינ נעמעראָוו האָב איכ גראָד געהאט עטלעכע גוטע רענדלעכ, נו, האָב איכ דיר אויכ א גוט רענדל אוועקגעגעבנ. איכ וועל זײַנ נאָכ פּייסעכ אינ שטעטל שאריוקע, וועל איכ דיר דערלייגנ. דאָרטנ איז דאָ א ווײַבעלע, פּעסי, מאני דעמ רײַכנס טעכטערל, איז זי אסאכ שענער פונ דיר. שיינ, א פּאכעד פונ שיינ, נאָר...

ר אָ כ ל. נו, זענט איר מיט איר א לײַבלעכער קאָרעוו? געשעדיקט זאָלט איר ווערנ, ר' יידל!

יידל פּעקלמאכער. יענע איז אָבער אנ אקשנ. לאמ אונ לאמ, אונ לאמ, סײַדנ אז דו וועסט זי דאָרטנ אויסלערנענ, זי זאָל ניט זײַנ קיינ אקשנ.

ר אָ כ ל. אז איר זאָלט הײַנט ניט אוועקפאָרנ, וואָלט איכ אײַכ דערציילט, וואָס איכ וועל דאָ שמועסנ מיט דעמ רעבנ. אָט, נאָכ די צוויי יידנ, זאָגט דער טאטע, וועל איכ צו אימ ארײַנ. ער וויל, לעמאָשל, בא מיר עפּעס דער־קלערנ, אונ מײַנ טאטע, דער כאָסידינע, מיינט, אז וויבאלד דער רעבע וועט זאָגנ דערנאָכ, ראָכל איז א פרומ ווײַבל, מעג ער שוינ פאר א געוויס גיינ אינ שול ארײַנ שווערנ, אז איכ בינ פרומ. (זי שטעלט ארויס די צונג.) איכ מוז דאָ מיט דעמ רעבנ א שמועס טאָנ מיט א פרומער האווײַע, אונ קלאָמערשט א ווייג געבנ. (זי מאכט נאָכ מיט א וויינענדיק קאָל, וויאזוי זי וועט שמועסנ מיט ר' לייב שפּיצעניצער.) רעבע, ווייס איכ פונ עפּעס? (זי טוט א לאכ) כא־כא־כא, זאָגט־זשע, ר' יידל, זאָל איכ אויסזאָגנ אפּ אײַכ? א מאקע אימ! (זי דערזעט די רעבעצנ מיט ווײַבער קומענ אָנ צוגיינ, טוט זי זיכ א רוק אוועק פונ יידל פּעקלמאכער אונ מאכט א פרומ פּאָנעמ.) רעבעצנ, דער פרעמדער אוירעכ פרעגט דאָ אפּ אײַכ. (יידל גייט צו צו דער רעבעצנ אונ גיט איר געלט אונ געזעגנט זיכ אונ גייט אוועק.)

צ א ל י. (בעשאס ראָכל האָט דאָרטנ בא יענעמ קיכ־שטיבל געשמועסט מיט יידל פּעקלמא־כער, שטייט ער בא דעמ טירל פונעמ זײַטנ־שטיבל, זינט יידל פּעקלמאכער איז ארויסגעגאנגענ, אונ זאָגט צומ אוירעכ ר' נויעכ דעמ רענדאר מיט א האווײַע.) אז ר' יידל איז שוינ ארויש, מעגט איר, ר' נויעכ, פּאָסעט איז פּאָסעט, ארײַנגיינ. איר זענט דאָכ עלטער, פּאָסעט, פונ ר' סויעלנ. איאָ, ר' סויעל? (ער לאָזט ארײַנ ר' נויעכנ אונ מאכט צו דאָס טירל.)

ר׳ לייב שפּיצעניצער. (מאַכט צו דעם זויהער און טוט אַ קרעכץ.) איך געדענק, ר׳ נויעך, איר דאַרפט, נעבעך, וואַסער, וואַסער דאַרפט איר גענייטיק צו אײַערע מילן, [זיי] זאָלן מאָלן.

ר׳ נויעך. (אַ הויכער שוואַרצער ייִד מיט אַ גראָבער שוואַרצער באָרד, מיט צווײ לאַנגע פּייעס גלײַכע, אָנגעטאָן אין אַן אַלטן קאַפּטן מיט אַ סטראָקע און אַן אַלט פּיקסל לאַפּנמיצל. די הענט הענגען אַראָפּ, אין איין האַנט האַלט ער אין אַ טיכעלע געלט אײַנגעבונדן.) סטײַטש, רעבע, עפּעס אַ קאַטאָוועס? זעקס אַלאָפּים גיב איך ניביליצקען פֿאַר די מילן, עפּעס אַ קאַטאָוועס? דאָס קליינע מילכל דראַפּעט אַביסל, דאָס קליינע מילכל, און די גרויסע מיל שטייט פֿאַרפֿרוירן, די גרויסע מיל. רעבע, אַז איר וועט מיר ניט דאָ העלפֿן, רעבע, קומט מיר בעדיל־האַדאַל צו ווערן, קומט מיר. און דאָ נאָך פּייסעך רוקט אָן די ראַטע, נאָך פּייסעך. פֿאַר כאַגאָעס איז טאָמיד דאָס רעכטע מאָלעכץ, פֿאַר כאַגאָעס. פֿון די פּרעסט איז די מיל פֿאַרקאָוועט, פֿון די פּרעסט. (ער נעמט אַרויס פֿונעם טיכל דרײַ קערבלעך און לייגט אַנידער אויפֿן טישל.) רעבע, לאָזן די פּרעסט אופֿהערן, אָבער זאָרעז טאַקע, רעבע!

ר׳ לייב שפּיצעניצער. (טוט אַ קוק אויף די דרײַ קערבלעך.) אײַער קוויטל ליגט דאָ בײַ מיר, און איך בעט דעם אייבערשטן: וואַסער, וואַסער, פֿון רעבנויעכס וועגן וואַסער. נו, וועט מוזן טייקעף וואַסער זײַן. צו וואָס טויגן די פּרעסט? ר׳ נויעך וויל, נעבעך, פּאַרנאָסע, און איך וויל טאַקע בעפּיירעש, דער פּאָרעץ זאָל אײַך געבן אַ האַנאָכע, אַ שטאַרקע האַנאָכע, פֿאַרוואָס די מיל איז אַזוי לאַנג געשטאַנען פֿאַרפֿרוירן. מעהייכעטייסע, אַזאַ סראָרע מוז געבן אַ האַנאָכע. איר האָט דאָך, נעבעך, העזייקעס געהאַט. האַ, אַז ער איז אַ סראָרע, מוז ער אונדז פֿאָלגן: לב שרים ומלכים ביד השם. ער מוז, ער מוז אײַך געבן אַ האַנאָכע פֿאַר דעם קוואַרטל. איך וויל אַנדערש ניט, איך וויל אַנדערש ניט!

ר׳ נויעך. (נעמט אַרויס פֿונעם טיכעלע נאָך דרײַ קערבלעך און לייגט אַנידער.) רעבע, אַז איר וועט אײַך אַ פּאָרע געבן מיט דער האַנאָכע דערצו, אַז איר וועט אײַך אַ פּאָרע געבן, וועט גוט זײַן, אַוואַדע טאַקע גוט זײַן. ניביליצקי איז אַ פּסיאַקרעוו, ניביליצקי. רעבע, נאָר איר קאָנט אים איבערקערן, רעבע. איר, רעבע, האָט מיך שוין מעכײַע געווען, איר, רעבע. אַ קאָרעץ ווייצן־מעל וועל איך די וואָך אַרײַנשיקן, אַ קאָרעץ ווייצן־מעל. (ער בייגט אָן דעם קאָפּ צו בענטשן.) שטאַרק, רעבע, בענטשט מיך, שטאַרק, וואָרין דער ניביליצקי איז אַ גרויסער פּסיאַקרעוו, דער ניביליצקי.

ר׳ לייב שפּיצעניצער. (בענטשט ר׳ נויעכן און ברומט און קרעכצט אַ פּאָר מינוטן אַזוי.) מעהייכעטייסע, אַלע ערלעכע ייִדן דאַרפֿן נעבעך ראַכמים. נו, מעהייכעטייסע, דאַכט זיך, בײַ אונדז איז אויסגעגאַנגען בראָמפֿן, פּרעגט, זײַט־זשע מויכל, צאַלין אָדער די רעבעצן.

ר׳ נ ו י ע כ. ווי פאלט איר אויס, רעבע, ווי פאלט איר אויס? היַינט האָב איך ערשט געבראכט א באריל̄קעל̄ע, היַינט, מיט גוטן שאם־בראָמפּן, נאָך הע־ כער פון שאם, מיט גוטן בראָמפּן. (ער שטרעקט אויס די האנט.) זיַיט־זשע געזונט, רעבע, זיַיט־זשע געזונט, איך פאָר אוועק, איך. (ר׳ נויעכ גייט ארויס פונעם שטיבל̄ פריי̄לעכ און שטופּט צאלין געל̄ט אין דער האנט ארײַן.) זיַיט געזונט, ר׳ צאל̄י, דערמאנט דאָ דעם רעבן מיקויעכ דעם, וואָס ער האָט מיר צוגעזאָגט, דערמאנט אים. (צאל̄י טוט א שאָקל̄ מיטן קאָפּ. ר׳ נויעכ גייט פון דער שטוב ארויס.)

צ א ל̄ י. (מיט א געל̄עכטערל און מיט א כניפּע.) ר׳ סויעל̄, זעט איר, פּאָסעט איז פּאָסעט, כאָצע איך דארף אל̄יין מעסונע־מעסונע צום רעבן, איך בין סוינ, פּאָ־ סעט, דאָ פינעפ טאָג מיט מיַינ טאָכטער, פּאָסעט, א מעסונע א גענייטיקן ניטע־ רעס, נאָר אזא נאָגיד ווי ר׳ סויעל̄ איז דאָ, איז מיַינ דערעכערעצ, פריִער אריַינצול̄אָזן, פּאָסעט. גייט אריַין, ר׳ סויעל̄. (ער ל̄אָזט אריַין ר׳ סויעל̄ אָסטרער מיט כיינ און מאכט צו דאָס טירל̄.)

ר׳ ש ו י ע ל̄. (שטייט א פּאָר מינוט און זעט ווי ר׳ ל̄ייב שפּיצעניצער פּאָרעט זיכ מיט די קוויטל̄עכ און ברומט און קרעכצט איבער זיי. ער ל̄ייגט אנידער זיַין קוויטל̄.) ארום אונדז, רעבע, איז אפיל̄ע אויכ דאָ גוטע־ייִדן, נאָר מע זאָגט, איר, רעבע, זענט א בעריע צו די זאכן מער פון אל̄ע, בין איך אהער אראָפּגעפאָרן אומיסנע. ס׳איז מיר זייער ענגל̄עכ, רעבע, און איך קאָן איַיכ גאָרניט דערזאָגן, אז איך דארפ האָבן מיַינע געהיל̄צן ארויסצופירן פון די וועל̄דער, אז דער פראָסט מיטן שניי זאָל̄ן האל̄טן ביז איבער פייסעכ, דעריבער בעט איך נאָר איַיכ.

ר׳ ל̄ י י ב ש פּ י צ ע נ י צ ע ר. ווייס איך, וואָס די וועל̄ט ל̄ייגט זיכ אפ מיר? איך האָב שוינ קיין קויעכ ניט. וואָס, מיינט איר, טו איך? גל̄אט איך פעסטע מיכ פארן אייבערשטן. פארוואָס, ריבוינע שעל̄ אויל̄עם, זאָל̄ דעם ייִדן, נעבעכ, ניט גוט זיַין? נו, הערט קודשא בריך־הוא, און האָט ראכמאָנעס אפ מיַינ פעסטען. וואָס איז איַיער זאכ, ל̄עמאָשל̄, ר׳ שויעל̄ בען גיטל̄?

ר׳ ש ו י ע ל̄. מינאסטאם איז די וועל̄ט נישט מעשוגע, ל̄אָז זיַין פעסטען, אבי מע פויעל̄ט דעם ניטערעס. הא, מיַינ מאסע־מאטן איז — ווי ארום אונדז האָבן אנדערע סאָכרים אויכ דעם האנדל̄ — בא פריצים אָפּצוקויפן וועל̄דער. דארפ איך זייער גענייטיק פון מיַינ וואלד ארויספירן מיַינ האָל̄צ, קעדיי איך זאָל̄׳ס זארעז נאָכ פייסעכ קאָנען מיטן וואסער אוועקשיקן קיין דאנציק, וועל̄ איך מיכ עפשער קאָנען אויסדרייען פון כויוועס. אז דער שניי מיטן פראָסט וועט איבער פייסעכ האל̄טן, קאָן מען מיט של̄יטנס ארויסשל̄עפן די געהיל̄צן פונעם וואלד ביז צום ברעג פונעם וואסער. כאסוועשאָל̄עם, אז עס וועט א ל̄אָז טאָן דער שניי, בל̄יַיב איך ל̄יגן שוינ ביז איבעראיאָר, איז, כאָל̄יל̄ע, אן עק פון מיר. איך האָב (ער רעדט מיט א וויינענדיק קאָל̄) אָן איַינהאָרע זעקס קינדערל̄עכ, רעבע, און באל̄ע־כויוועס וועל̄ן צוטרעטן, בין איך פארביַי. איַי, איַי, רעבע, נאָכ אפ צוויי וואָכן פרעסט, איר זאָל̄ט מיר פויעל̄ן, קאָן איך פאר דריַיסיק

טויזנט קערבלעך סכוירע מאכן באַם ברעג. דרינען איז מײַנס אפילע ווייניק, נאָר לײַטנס געלט. וואָלט איך אלע די מײַלער פארשטאָפּט מיט אזא סכוירע באַם ברעג. אז ניט, כאָלילע, איז גאָר אן עק פון מיר. ווער שמועסט מײַנס איז אוואדע דערטרונקען, נאָר פרעמדס וועט אויך ניט בלײַבן. (ער נעמט ארויס פון די פלורערן־קעשענע זעקס רענדלעך און ציילט אפן טישל.) רעבע, אָט דאָ באַווײַזט א מויפעס.

ר׳ לייב שפּיצעניצער. (טוט א קוק אף די זעקס רענדלעך און אף ר׳ שויעל אָסטרער און טוט א קרעכץ.) פארוואָס זאָלן ייִדן, נעבעך, העזייקעס לײַדן, ראַכ־מאָנע יאַציליינו? א ייִד קאָן נעבעך צעבראָכן ווערן, פאר דרײַסיק טויזנט קערבלעך איז א גוזמע אָן אײַנהאָרע, איין גאנץ יאָר צו האלטן, איז טאקע אן אוולע. קודשא בריך־הוא וועט אף מיר ראַכמאָנעס האָבן, דער שניי מיט די פרעסט זאָלן האלטן, הא, וואָרעם אכוץ וועט מען אײַך באגאנווענען. אין וואלד איז דאָך העפקער קימאַט את מעמוז מרבה בהוצאה זײַן, האלטן א גאנץ יאָר סטאָרעזשעס. טאקע.

ר׳ שויעל. א כידעש, כלעבן, ווי איר, רעבע, זענט אזוי קלאָר אין אלע מאַסע־מאַטנס, ס׳איז טאקע דעריבער א דיל־האדאל, אז מע בלײַבט ליגן. (ער נעמט ארויס נאָך זעקס רענדלעך און ציילט צו צו יענע זעקס און טוט א קרעכץ.) אוי, אוי איז מיר. נו, רעבע, איר זענט ווערט אסאך מער פאר דעם מויפעס, נאָר ס׳איז מיר אצינדערט זייער ענגלעך. דערפאר וועל איך פון דאנציק אײַך ברענגען גאָר די ווילע מאַטאָנע. בענטשט מיך, רעבע, דאָס הארץ זאָגט מיר, אז איר וועט נאָר וועלן, וועט איר דאָס שטיקל אויספירן. איאָ, רעבע? (ער בייגט אָן דעם קאָפּ.)

ר׳ לייב שפּיצעניצער. (לייגט ארויף ביידע הענט און קרעכצט, ברומט עטלעכע מינוטן, דערנאָך זאָגט ער מיט א פריילעכקײַט.) האָט איר א גוטע פור? הילט אײַך נאָר גוט אײַן, איר זאָלט ניט פארפרוירן ווערן אפן וועג. ס׳איז מעכוּיעח זייער גרויסע קעלטן צו זײַן. פאָרט געזונט, ר׳ שויעל, פאָרט געזונט.

ר׳ שויעל. רעבע, איר זענט מיך טאקע מעכײַע מיט די ווערטער. אָבער א שארפע מאַטאָנע, ווי אײַך שטייט אָן, וועל איך אײַך אימירצעשעם ברענ־גען, רעבע, פון דאנציק, פאר די פרעסט, באָדײַ איך זאָל אביסל דערפרוירן ווערן אפן וועג. זײַט־זשע געזונט. (ער לויפט ארויס פונעם שטיבל גיך, און גיט צאלין גאָרניסט פאר אײַלעניש. צאלי לויפט אים נאָך, דערווײַל גייט ארײַן אין שטיבל—)

ראָכל. (זי גייט צו, וווּ ר׳ לייב שפּיצעניצער זיצט און גלאָצט אין זויהער ארײַן.) רע־בע, איר זענט דאָך אוואדע א צאדיק, א גרויסער גוטער־ייִד, (ער הייבט אוף די אויגן) און קליגער פון אלע. איך בעט אײַך, זאָגט מיר, וואָס וויל מײַן טאטע האָבן פון מיר? (זי הייבט אָן מיט א וויינענדיק קאָל.) איינס דער אייבערשטער חייסט דעם עמעס, און גאָט באָרוך־הו איז מײַן איידעס, אז איך האָב שוין קיין קויעך נישט אויסצושטיין די כארפּעס און בושעס פון מײַן אייגענעם טאטן.

גיי איך ערגעץ, קום איך ערגעץ? מײַן פוס, כאַסוועשאַלעם, קומט ניט ארויס פון דער שטוב, גלאט, אז ער דערזעט מיך אָנטאָן, אָט זארעז בין איך בא אים דערפאר א הולטײַקע. נאָר איר קאָנט אים אויסשטראָפן, וואָרינ אז ניט, וועל איך די ערד קילן. א צײַט אָן א צײַט, כאָלילע, קומט מיר אין דער ערד ארײַן צו גיין. מיר נעמט זיך ניט קיין עסן ניט, און ניט קיין טרינקען. אָט לאָז די רעבעצן, זאָל לעבן, זאָגן. אין די קעלטן האָט ער מיך אהער געפירט, איך בין שיר איבערגעפרוירן געוואָרן. רעבע, האָט ראכמאָנעס אף מײַנע יונגע יאָרן. פאר וואָס, פאר וועג טרײַבט ער מיך אין דער ערד ארײַן?

ר׳ לייב שפּיצעניצער. (טוט א געשריי.) צאלי, צאלי, ווו איז ער, דער שויטע? צאלי! (ראָכל שטעלט ארויס די צונג אין א זײַט.)

צאלי. (קומט צו לויפן פארסאפּעט אין שטיבל ארײַן.) אָט בין איך, איר האָט גערופן, רעבע? (ער דערזעט ראָכלען דאָ שטיין.) אזוי סוינ גאָר, דו בישט סוינ אָן מיר אליינ ארײַנגעגאנגען, פּאָסעט, אין סטיבל ארײַן, צי דער רעבע האָט דיך גערופן?

ר׳ לייב שפּיצעניצער. שויטע, וואָס ווילסטו האָבן פון דײַן טאָכ־טער — ווי הייסט זי... (ער זוכט צישן די קוויטלעך) ראָכל באס עסטער? (ער גלאָצט אפן קוויטל און ברומט. דערנאָך גלאָצט ער אף ראָכלען. זי לאָזט אראָפּ די אויגן און מאכט א פרום וויינענדיק פּאָנעם.) שויטע, זי איז א צנוע, א קאָשער ווײַבל. גיי, דו שויטע, קריג דיך ניט מיט איר. הערסטו, שויטע, איך זאָג דיר, זי איז א קאָשער ווײַבל, אן ערלעכע יידענע, פארשטייסטו, שויטע? זידל זי ניט, איך זאָג דיר, זי איז א גאנצ קאָשער ווײַבל, אן ערלעכע יידענע. עס זי ניט, איך הייס ניט, וואָס האָסטו צו איר? זי איז אן אישע קשיירע, אן ערלעכע יידענע.

צאלי. (הייבט אופ ביידע הענט.) געלויבט איז דער אייבערשטער! אז איר, רעבע, זאָגט, אז זי איז ערלעך, וועל איך זי, פּאָסעט איז פּאָסעט, בעסום־אויפן ניט זידלען. כאָלילע, אז איר היישט ניסט. ווי זאָגט איר, רעבע, זאָל איך זי אָפּפירן קיינ סאריוווקע? מאני דער רײַכער איז מײַן סוואָגער, פּאָסעט, א מעסונענער אויסער, וועט זי דאָרטן קאָנען גיכער א סידעך טון. זי איז דאָך א גרוסע, און קיין געלט האָט זי ניט א גראָסן. מאני איז א מעסונע־נער אויסער, פּאָסעט איז פּאָסעט, און האָט נאָר איין איינציק קינד, וואָש ער האָט כאשענע געמאכט. הא, ווי זאָגט איר, רעבע?

ר׳ לייב שפּיצעניצער. שאריוווקע איז דאָך מײַן ווינקל, מוז איך דאָך נאָך פייסעך אהין פאָרן, כאָטשע איך וואָלט מיך געדאַרפט אָפּרוען. איך האָב גאָר קיינ קויעך ניט. נאָר די וועלט לאָזט מיך ניט, איך וויים ניט וואָס מע וויל פון מיר. וואָס לייגט מען זיך אף מיר? איך בין גאָר קיינ גוטער־ייד ניט, איך בין א פּראָסטער באלעבאָס. וואָז האָבן זיי דערזעען אף מיר, וואָס לייגט זיך די גאנצע וועלט אף מיר? וואָס שטייסטו, ווײַבל? גיי, דער טאטע וועט דיך שוינ ניט זידלען. הערסטו, צאלי? זי איז א קאָשער ווײַבל, אן ערלעכע יידענע, זאָג איך דיר.

צאלי. רעבע, זי וויל זיך בענצן, פֿאָסעט, ניסטקאָסע, ראָכל, בויג אָן דעם קאָפּ.

ראָכל. (בייגט אָן דעם קאָפּ.) בענטשט מיך, רעבע, אַז איך וועל אַמאָל האָבן געלט, וועל איך אײַך אוואדע אָפּשיקן וויפֿל מײַן פּידיען טרעפֿט אָן, און אַז איר וועט מיך בענטשן, איז צו גאָט א האָפֿענונג, איך זאָל אַמאָל אויפֿגערעכט ווערן.

ר' לייב שפּיצעניצער. מעהייכעטייסע, מאני איז אַן אוישער־גאָדל. ער וועט פֿון מיר האָבן דברים רעים, אַז ער וועט איר ניט געבן א מייע אדומים כאָטשע, זי זאָל א רעכטן נאָגיד קאָנען נעמען פֿאַר א מאַן, ווי אַן ערלעכן ייִדנס טאָכטער, אַן ערלעך ווײַבל שטייט אָן. (ער בענטשט ראָכלען און ברומט און קרעכצט.) איקער־שאָכאכטי, צאלי, פֿאַרוואָס האָט זי זיך געגעט מיטן מאַן, לעמאָשל?

צאלי. זי האָט געהאַט א מאַן, נאָכמען דעם בראָדערס א סטיפּ־ייִנגל. פֿאָסעט איז פֿאָסעט, האָט זיך טכילעס גערדאכט, א כיידער־ייִנגל, אַן ערלעך קינד, דערנאָך ערסט האָב איך געוואָר געוואָרן, פֿאָסעט, ער לייענט די גויעסע ביכלעך, (ער שפּײַט אויס) טפֿו, זאָל ער ווערן! און דערצו לייענט ער דעם דער־סערס טאנאך, ראַכמאָנע יאַצילײנו. ווי ראָכל האָט עס מיר מוידיע געווען, האָב איך סוין, פֿאָסעט, געזאָגט מײַן ווײַב, אַז עס וועט מוזן זײַן א פּריסה. נאָך איידער איך בין אָפּ ראָסעסאָנע אהער געפֿאָרן, האָבן זיך סוין דאָס פֿאָר־פֿאָלק סטאַרק געקלויצעט, פֿאָסעט, נאָר איך האָב מיך ניט געוואָלט מיסן, פֿאָסעט. אום ראָסעסאָנע האָבן די אַפּיקאָרסים מיט דער סוויגער געמאכט א בילבל, פֿאָסעט (ער שפּײַט אויס) — טפֿו, זאָלן זיי ווערן! — ס'איז א בוסע צו דערציילן, עפּעס פֿון א מעסאָרעס א הולטײַ, א יונגאַץ. איז זי נעבעך אַהיים געלאָפֿן צו דער מוטער. האָט מײַן ווײַב טייקעף נאָך ראָסעסאָנע, אָן מיר אַפֿילע, אָפּגעגעט דאָס פֿאָר־פֿאָלק, פֿאָסעט. הײַנט קרענקען זיי אַלע, פֿאָסעט, בא נאָכמען דעם בראָדער. א קליין קינד איז זאַרעז געסטאָרבן בא זיי. מע האָט אַפֿילע גע־סיקט דעם מעלאַמעד צו מיר מיך מפֿייס זײַן, האָט סוין מײַן ווײַב ניט דערלאָזט.

ר' לייב שפּיצעניצער. ר' יעשײַעלע דיניוויצער האָט געזאָגט, אַז אין נעמעראָוו ליגט דער קאָפּ פֿונעם ס"ם. הײַנט איז שוין רעכט. א שטאָט זאָל דאָס דערלאָזן, א יונגערמאַן זאָל אַזעלכע ספֿרי־חיצונים לייענען, ראַכ־מאָנע יאַצילײנו. אַזא יונגנמאַן דאַרף מען רוידעף זײַן, פֿון דער שטאָט אַרויסטרײַבן. נאָר אין נעמעראָוו, נאָר אין נעמעראָוו קאָן זיך דאָס טרעפֿן. פֿאַרוואָס טרעפֿט זיך דאָס ניט, ראַכמאָנע יאַצילײנו, ערגעץ אַנדערש?

צאלי. איך האָב בעדייע, רעבע, גאָר אַרויס קיין סאַריוווקע, אַז איר וועט הייסן. סאַריוווקע איז, פֿאָסעט, אַן ערלעכע שטאָט. ביפֿראַט איר האָט דאָך א

מאגידעש־בריוו פון סאריוועקע. הא, מײַן סוואָגער מאני איז א מעסונענער אויסער אין סאריוועקע.

ראָכל. גאנצע נעכט פלעגט ער צו זיצן ראק איבער די ביכלעך, און האָט גערעדט אף אלע גוטע־יידן. האָב איך׳ס ניט געקאָנט אויסלײַדן את האָב מיך דערפאר אלץ געקריגט מיט אים. האָבן זיי מיך אלץ גערופן די כאָסידקע, און האָבן אף מיר טאָג און נאכט אויסגעטראכט בילבולים. האָב איך שוין געדאנקט גאָט, אז איך בין זייער פאָטער געוואָרן.

ר׳ לייב שפיצעניצער. דו האָסט רעכט געטון. צאלי, פאָר מיט איר קיין שאריוועקע. יאָ, איך הייס. (צאלי מיט ראָכלען גייען אוועק.)

## 3. נאָך פייסעך, אין דעם דאָרף א מײַל פון שאריוועקע, אף דער פאָטשטאָווע סטאנציע.

(מע זעט פונוויַטנס א דאָרף. אף דעם שליאך אין א ווינקל נעבן א וואלד איז א קרעטשמע. אקעגניבער דער קרעטשמע, נאָר ווייַט א האלבן ווערסט דערפון, איז די פאָטשטאָווע סטאנציע. דאָ איז א לאנגע שאָפע צוגעדעקט מיט שטרוי. אינדרויסן שטייען עטלעכע וועגעלעך, יעמשטשיקעס גייען ארום, א טייל באָרוועס אין פיסטערנע כאלאטן, א טייל אין קערטקעס, אָפגעקויפטע מאָנדירן פון סאָלדאטן. אלע זינגען. אקעגן דער לאנגער שאָפע איז א שטוב. אינעווייניק איז שטוב, אז מען קומט ארײַן, הענגען אף א וואנט גלאָקן און בײַטשן און טאָוולעך איבערגעצויגן מיט גלאָז, דרונטער איז געשריבן אף בויגנס פאפיר די מינהאָגים און די דינים, וואָס קערן צו א פאָטשטאָווע סטאנציע. א טיש שטייט נעבן דעם איינעם פענצטער. אף דעם טיש ליגן ביכער פון פאפיר, צום פארשרײַבן די פאָראָזנעס, און נאָך איין בוך, צום פארשרײַבן די אוקאזן פון דער גובערניע, און א בוך צוגעכאסמעט צום טיש, צו פארשרײַבן, אז עמעצער האָט זיך צו באקלאָגן אף דער סטאנציע, מיקויעך אן עכוב פון פערד ניט־געבן. טינט און פעדערס מיט אנדערע שרײַב־געצײַג. נעבן דעם טיש זיצט יִסראָעל שטשופאק, א שיינער יונגערמאן מיט געקרײַזלטע פייעלעך, מיט א שיין רויט פאטשיילעכן צוגעבונדן דעם האלדז, אין א בלאָ־קיטײַנעם כאלאט, אין שיינע שטיוולעך קאָזלאָווע, אין א ריינער סאמעטענער יארמיקע. ער שרײַבט עפעס און איז פארטראכט. צומאָל קוקט ער ארויס דורך דעם פענצטער. אף א טאָפטשאן, וואָס שטייט בא א וואנט, ליגט אגאפאָן אגאפאָנאָוויטש וואָדקין און שלאָפט, כאָטשע ס׳איז נאָך פאר ווארעמעס, נאָר ער איז שיקער. ער איז אָנגעטון אין א צעריסענעם פיסטערנעם כאלאט, און פיס מיט צעריסענע שטיוול שטעקן ארויס. דער קאָפ, דער גראָבער, מיטן אָפענעם מויל, מיט דער רויטער נאָז, און די פארוואקסענע לאנגע ניט־געגאָלטע באָרד הענגט אראָפ פונעם טאָפטשאן. דער פארקאָרטשעטער האלדז איז אָפן, און דאָס העמד אף אים איז קויטיק. איבער דעם טאָפטשאן הענגט זײַן אלטער אָפיצירסקע מונדיר מיט א רויטן קאָלנער און א היטעלע מיט א רויטן פאס, דערבײַ אן אלטע שפאגע (דעגען) ארײַנגעשטעקט אין א שייד פון לעדער, וואָס איז צעריסן און איז געוויקלט ארום מיט פיל פאָדעם, אז עס זאָל זיך האלטן. קומט ארײַן צוגיינ—)

פּ אָ מ א. (א יונגער יונג אין סאָלדאַטסקע, צעריסענע, לאַנגע, לײַװונטענע, מיט לאַנגע שורעס קנעפּלעך, פּלודערן; די פיס באָרװעס, נאָר דאָס אונטערגעניי, אָפּגעטרעטענע פון שטיװל, אױף די באָר־װעסע פיס. [אין] א יאַמטשיצקע[ר], אַלטע[ר], געװענטענע[ר], קערטקע, אָן א היטל. ער האַלט א גרויסן שװאַרץ־פאַרכאַסמעטן ברױו אין דער האַנט אַרונטער, מע זאָל ניט קאָנען רעכט זען. מע זעט, אַז ער איז דאָ געניײטיק געקומען צו לויפן און איז פאַרסאַפּעט. ער רעדט אױף מאָסקװיטעריש, און אַלץ װערט דאָ מאָסקװיטעריש געשמועסט, נאָר מיר שרײַבן׳ס אױף ייִדיש.) װאָס זאָל איך טון? דער פעטער רוט זיך אָפּ (— דאָס הייסט אױף רוסיש, אײדל געזאָגט: — ער שלאָפט), זאָל איך אים װעקן? האָב איך מוירע, ער װעט זיך בייזערן און עפּשער שלאָגן. זאָל איך אים ניט װעקן? ס׳איז אָבער זייער, זייער געניײטיק. ס׳איז מיטן לעבן. (מיט א װיינענדיק קאָל גיט ער זיך א זעץ אין קאָפּ אַרײַן.) ביטער איז מיר! מײַן קאָפּ, װאָס זאָל איך דאָ טון?

ייִ ס ר אָ ע ל ש ט ש ו פּ א ק. אנו, װײַז נאָר, װאָס איז׳ס פאַר א געניײטיק פאַפיר, װײַז נאָר מיר. עפּשער איז׳ס אזא זאַך, װאָס קער צו מיר?

פּ אָ מ א. (כאַפּט דעם ברױו צװישן די פיס אַרײַן.) איך טאָר קײנעם ניט װײַזן, איך ציטער נאָך איצטער פאַר שרעקן איבער דעם ברױו, און מוז עס זאַרעז אָפּגעבן, נאָר דעם פעטער, נאָר אים אַלײן. ביטער איז מיר, װאָס טוט מען דאָ? איך מוז, איך מוז אים אױפװעקן. גײ דיר אַרױס, שטשופּאַק, ס׳איז א סאָד, א גרױסער סאָד. (ער גײט צו מיט ציטערן װעקן װאָדקינען.) פעטער, אַגאַפּאָן אַגאַ־פּאָנאָװיטש, פעטער, גיכער שטײט אױף, א ברױו א געניײטיקער, זייער א געניײטיקער ברױו!

װ אָ ד ק י נ. (פונעם שלאָף רעדט ער פאַרדומפּן און מאַכט מיט דער האַנט.) װראָש, װראָש, נעכטן האָב איך אָפּגעגעבן, אָפּגעגעבן. סוקין סין, װראָש. (ער האַלט צו די אױגן און מאַכט מיט א פוס א שאָקל.) בערקאָ, גיב נאָך א האַלבע קװאָרט. שעלמאַ ייִד, סוקין סין, בערקאָ, נאָך דאָס מאָל א האַלבע קװאָרט. סוקין סין! (ער הוסט און שלאָפט װײַטער.)

פּ אָ מ א. (מיט א װיינענדיק קאָל) װאָס זאָל איך טון, אומגליקלעכער מענטש? מיטן לעבן, אינעם לעבן גײט׳ס, איך מוז, איך מוז אים אָפּגעבן דעם ברױו זאַרעז. (ער גײט מיט א שרעק צו צו װאָדקינען.) פעטער, אַגאַפּאָן אַגאַפּאָנאָװיטש, נו שױנ, ביטער איז מיר, דער ברױו איז מיטן לעבן געניײטיק, נו שױן!

װ אָ ד ק י נ. (מיינט, מע גיט אים בראָנפן.) גיב, בערטשיכע איז טאַקע א גוטע, גיב שױן א האַלבע קװאָרט, גוט. (ער שטרעקט אױס די האַנט.) גיב, סריײַנע איז טאַקע א גוטע, ניט װי דו, בערקאָ. נו, װוּ איז די האַלבע קװאָרט? (ער עפנט די אױגן און טוט א שפּײַ.) פו!

פּ אָ מ א. פעטער, שעלט מיך ניט און שלאָגט מיך ניט, װאָס איך האָב אײַך אױפגעװעקט. ס׳איז זייער, זייער געניײטיק, מיטן לעבן געניײטיק. (ער טוט אים א װײַז דעם גרויסן ברױו מיט דער שװאַרצער כסימע.) דאָס מוז איך מיטן לעבן נאָר אײַך, פעטער, אָפּגעבן, און זאַרעז, נאָר הייסט זאַרעז שטשופּאַקן אַרױסגײן.

ס'איז א גענייטיקער סעקרעט, מיטן לעבן, דאָ זארעז טאקע זאָל ער ארויס־גיין. איך ציטער פאר גרויס שרעקעניש.

**וואָדקינ.** (זעצט זיך אוף און זוכט ארויס פון צישן שטרוי א צעבראָכענע אַלטע ברילן מיט קייטלעך, צוגעבונדן מיט א שנירל, און טוט אָן אפ דער נאָז. נעמט דעם גרויסן בריוו פון פּאַמען.) היי, שטשופּאק, גיי ארויס אפ א מינוט. (ער נעמט אן עק פונעם כאלאט און ווישט אויס דאָס מויל, די אויגן און די ברילן.) נו, גיי ארויס, זאָג איך, מייַנע סעקרעטן דארפסטו ניט וויסן. גיי, זאָג איך. (יִיסראָעל שטשופּאק גייט ארויס. פּאָמא פארקייטלט די טיר. וואָדקין לייענט פונויבן, וואָס אפן בריוו שטייט און וווּנדערט זיך.) הא, וואָס באַ־טייַט דאָס? עפּעס זייער א גרויסע כסימע, דערבייַ באשמירט מיט בלוט און אופגעשריבן אפ סלאָוויאניש. סוקינ סין, פּאָמא, ווו האָסטו גענומען דעם בריוו, הא?

**פּאָמא.** (מיט א שרעקנדיק קאָל.) איך בין געגאנגען אין דער קרעטשמע אריַין, שטשופּאק האָט מיר געהייסן אהיים שלעפּן מאטוויי דעם גרויסן. בא דעם וועלדל איז ארויסגעשפּרונגען א זייער אַלטע איינגעבויגענע גויע, מיט א ווילדן געשריי אפ מיר צוגעלאָפן, צעלאָזט די גראָע האָר פונעם קאָפּ, און גלאָצט מיט די אויגן, אז איך האָב געציטערט פאר דערשרעקעניש. זי טוט א גרויסן לאך און זאָגט צו מיר: דו הייסט פּאָמא? פרעג איך זי: נו, וואָס איז, אז איך הייס פּאָמא, פונוואנען קענסטו מיך? האָט זי נאָך ווילדער אָנ־געהויבן צו לאכן: סטייַטש, איך בין אַלט דרייַ טויזנט יאָר און בין ערשט נעכטן געוועזן אין וואָלעכייַ, האָב איך געמוזט אהער, אהער אומיסנע, אומיסנע אהער געמוזט קומען צו פליִען, אָפּצוגעבן דייַן פעטער אגאפאָן אגאכאָנאָוויטש וואָדקינען דעם גענייטיקן גרויסן בריוו. אז דו וועסט אים ניט זארעז אָפּגעבן אין זייַנע הענט אריַין, וועסטו מעשוגע ווערן אין דרייַ טאָג ארום, און דער פעטער וועט שטארבן. דעריבער איז די כסימע שווארץ און מיט בלוט. לויף, לויף געשווינד, גיכער, זארעז, גיב אים אָפּ דעם גענייטיקן, מיטן לעבן גענייַ־טיקן בריוו, נאָר בעסאָד, עס זאָל קיינער ניט וויסן, וואָרין וויבאלד עמעצער וועט געוואָר ווערן, וועט דיר דאָס לאָשן אָפּגענומען ווערן. הערסטו, פּאָמא, לויף, און איך פלי צוריק קיין וואָלעכייַ.— ווי זי האָט דאָס אויסגערעדט, איז זי מיט א שפּרונג אין וועלדל אריַין פארשוווּנדן געוואָרן. (ער הייבט אָן צו וויינען.) פעטער, ווייַל עפּשער שטשופּאק האָט געזעען בא מיר אין דער האנט דעם בריוו, וועל איך שטום ווערן?

**וואָדקינ.** (שטייט אוף פונעם טאָפּטשאן, עפנט דעם בריוו און וויל שלאָגן פּאָמען.) סו־קינ סין, נאָך וואָס האָסטו אזוי געהאלטן, ער זאָל זען, סוקינ סין?

**פּאָמא.** שלאָגט מיך בעסער, אבי איך זאָל ניט שטום ווערן. (ער חיינט.)

**וואָדקינ.** שטיל, שטיל, סוקינ סין, שווייַג! (ער לייענט דעם געעפנטן בריוו.)

„דו, אגאפאָן, דו פרומער אגאפאָן, ביסט אַלט איינ און זיבעציק יאָר מיט דרייַ כאדאָשים, מיט פינעף טאָג, דיר זאָגט מען בעסאָד, נאָר דיר...“ (ער סוס זיך

אבייזער.) איך בין אן אָפיציר, מיך צו רופן „דו“, מיך? מיר זאָגט מען נישט: „דו, אגאפאָן“, איך בין א שטאבס־קאפיטאן.

**פ אָ מ א.** פעטער, אינעם גרויסן שווארצן פסאלטער, וואָס איר לייענט מיט מיר זונטיק, איז דאָך אויך סלאָוויאניש, און דאָרט שטייט אלץ „דו“, צו גאָט אפילע. עפשער איז דאָס אויך פונעם פסאלטער?

**וו אָ ד ק י ן.** אָט, פאָמא, דו ביסט טאקע קלוג. (ער נעמט ווייַטער לייענען דעם בריוו, פאלט ארויס א קליינ ר י ט ל פונ אינעווייניק. פאָמא בייגט זיך אָנ און הייבט עס אופ.) „ווייַל דו, אגאפאָן, ביסט א פרומער און א קלוגער אלטער מאן, ווייסטו, וויאזוי א סאָד צו האלטן, שיקט מען דיר דאָ דאָס ר ע כ ט ע קליינע ריטל, באשמירט מיט צ א ר ס א ל א מ אָ נ ס בלוט פונ זייַנ מינדסטן פינגער“. (ער טוט א געשריי מיט קאעס.) ווו איז דאָס ריטל? ווו איז דאָס ריטל? סוקינ סינ, פאָמא, דו האָסט עס אוואדע ארויסגעגאנווועט דאָס ריטל. זאָג, איך הארגע דיך אפ טויט, זאָג, סוקינ סינ!

**פ אָ מ א.** (גיט וואָדקינען צוריק דאָס ריטל מיט א ציטערניש.) ס'איז ארויסגעפאלן, אז איר האָט געעפנט דעם בריוו, פעטער, האָב איכ'ס אופגעהויבן. איך האָב גאָרניט געוווסט, אז דאָס איז פונעם צאר סאלאמאָן.

**וו אָ ד ק י נ.** (נעמט דאָס ריטל און קוקט עס אָן פונ אלע זייַטן דורך דער בריל.) עמעס, טאקע באשמירט מיט בלוט פונ דעם צאר סאלאמאָן. אָט דאָס איז א זאך. אָט דאָס איז א טייַערע זאך. ווער ווייסט צו וואָס דאָס קומט צונוץ. איך מוז ווייַטער לייענען. (ער לייענט) „דאָס ריטל ווערסטו, אגאפאָן, אופהענגען בא דיר אפ דייַנ האלדז, און דערמיט ווערסטו ווערן א ק א ל ד אָ נ, א זנאכער. אלע קראנקע, וואָס דארפן געזונט ווערן, ווערסטו קאָנען היילן, אלע אויצרעס, וואָס מען קאָן נעמען, וועלן דורך דיר געהויבן ווערן, און דו ווערסט באקומען א שעם אין דער גאנצער וועלט ארום און פאר א גרויסן זנאכער. נאָר דיר, אגאפאָן, נאָר דיר, אגאפאָנס זונ, וואָדקינ, האָט מען געהייסן זייַנ דער ג ר ו י ס ע ר ז נ א כ ע ר. זייַ קלוג, און באגיי דיך קלוג, בעסאָד צו האלטן, און פונ דעם געלט, וואָס מע וועט דיר געבן פונ הייַנטיקן טאָג אָן פאר דעם זנאכערייַ, זאָלסטו דיר נעמען א צענט כיילעק — דו ווערסט דערפונ גענוג געלט האָבן — און נייַנ כאלאָקים זאָלסטו אלע דריטע נאכט טראָגן צו דעם עק וועלדל, און זאָלסט ארייַנלייגן אין דעם קעסטל, וואָס דאָרט וועט שטיינ. און דערנאָך זאָלסטו אנטלויפן און ניט צוריקקוקן, אז דו ווילסט לעבן. ווערסטו נאָר איינ מאָל אפילע פארפעלן א קאָפּיקע נאָר, ניט ארייַנצולייגן אינעם קעסטל ארייַנ, וועט דיר אָפּגענומען ווערן הענט און פיס און דאָס לאָשן, דערנאָך וועסטו שטארבן. אמינ!“

**פ אָ מ א.** (ציטערט) פעטער, איך ציטער פאר דערשרעקעניש, איך ציטער.

**וו אָ ד ק י נ.** (פריילעך) נאר איינער, בא מיר איז עס גאָרניט. איך בינ געווען אינ מילכאָמעס, בא טערקן אינ פלען, בא דייַטשן און בא שוועדן. מיט שווערדן, מיט ביקסן און מיט הארמאטעס האָב איך געהאט צו טון, און

האָב ניט מוירע געהאַט, דעריבער שיקט מען נאָר מיר, נאָר מיר, אגאפאָן אגאפאָנס זון וואָדקין, ווײַל מען ווייסט, אז איך האָב פארן רוֹעך אפילע ניט מוירע. (ער כאפט אראָפ די שפאגע.) איך בין ניט אומזיסט געוועזן אָפיציר, נאָר מיך האָט מען אויסגעקליבן.

פּאָמא. ווער איז געכאסמעט אפ דעם גרויסן בריוו, פעטער?

וואָדקין. (הענגט צוריק אוף די שפאגע און גייט צו צום פענצטער, און קוקט אין דעם בריוו ארײַן.) גאָר קיינער ניט געכאסמעט. עס שטייען נאָר צוויי אויסיִעס: I. III. דערבײַ איז אופגעמאָלט אזוי ווי א קולעק און א פינגער שטעקט ארויס. און נאָך איז אופגעמאָלט אזוי ווי א קאָפּ און די צונג שטעקט ארויס.

פּאָמא. פעטער, איר האָט דאָך שוין דאָס ריטל און איר זענט דאָך שוין דער גרעסטער זנאכער פון דער וועלט. נו, וואָס באַטײַטן די אויסיעס און די אופגעמאָלטע זאכן?

וואָדקין. נאר פּאָמא, איך האָב דאָך נאָך ניט אופגעהאנגען דאָס ריטל אפן האלדז. גיכער גיב אהער א לאנגן פאָדעם אָדער א שנירל. (ער נעמט דאָס ריטל און קושט עס.) מײַן ליב ריטעלע, נאָר צו מיר האָט מען דיך געשיקט. איך וועל דיך ערלעך האלטן, איך וועל דײַנע נײַנע כאלאָקים ארײַנלייגן אין דײַן קעסטעלע ארײַן בא דעם וועלדל. איך, דער גרויסער זנאכער אגאפאָן, איך רופ דיך „דו", ווײַל דו האָסט מיך גערופן „דו", כאָטשע דו ביסט באשמירט מיט צאר סאלאמאָנס בלוט. צאר סאלאמאָן איז דאָך נאָר א ייִד געוועזן, כאָטשע ער איז געוועזן איבער אלע רוכעס א צאר, איז ער פּאָרט נאָר א ייִד געוועזן, און איך בין א שטאבס־קאפיטאן, אן אָפיציר. פארשטייסטו מיך, מײַן ליב ריטעלע? (ער קושט דאָס ריטעלע דרײַ מאָל, און פּאָמא האָט אים געגעבן א פאָדעם. ער בינדט דאָס ריטעלע מיט דעם פאָדעם און הענגט זיך עס אפן האלדז אוף, אונטערן העמד.) שוין, פּאָמאַ.

פּאָמא. פעטער, אצינדערט קוקט אומיסנע ארײַן אינעם גרויסן בריוו ארײַן, ווי מאכן די צוויי אויסיעס, און וואָס באַטײַטן די אופגעמאָלטע זאכן?

וואָדקין. (פריילעך) זעסטו, פּאָמא, אצינדערט זע איך שוין גאָר אנדערש, און ווייס אלץ. (ער שווײַגט א פּאָר מינוטן.) די צוויי אויסיעס I. III. מאכן: יא שאָלאָמאָן. דאָס וואָס איז אופגעמאָלט א קולעק, באַטײַט, אז איך, אגאפאָן, אגאפאָנאָוויטשס זון, וואָדקין, בין געוועזן א סאָלדאט, דעריבער האָט מען נאָר מיר געשיקט דאָס ריטל. איאָ, דו האָסט געציטערט? איך ציטער נישט, און בין פריילעך, איך, דער זנאכער אגאפאָן, פארשטייסטו, פּאָמא, אז נאָר איך? און דער קאָפּ מיט דער צונג באַטײַט, אז מען זאָל דאָס האלטן בעסאָד. (ער ווײַזט מיט זײַן פינגער אפ זײַן מויל.) מאכ דו, פּאָמא, אויך אזוי, דו זאָלסט קיינעם ניט זאָגן. אז דו וועסט אויסזאָגן כאָטשע איין וואָרט, וועסטו פארלירן די צונג און וועסט שטום ווערן. נו, איאָ, איך ווייס אלץ?

פּאָמאַ. (פרייִלעך.) יאָ יאָ, הײַנט פאַרשטיי איך, און אָט לייג איך אַ פינגער אויף מײַן מויל. (ער לייגט זײַן פינגער אויף זײַן מויל.) איך וועל ניט אַ וואָרט, ניט אַ האַלב וואָרט אַפילו, קיינעם ניט זאָגן. און איך וועל אײַך, פּעטער, אַלץ פאָלגן, אײַך, דעם גרעסטן זנאַכער פון דער וועלט. דאָס מעג מען דאָך אויסזאָגן פאַר אַלע, איאָ, פּעטער, אַז נאָר איר זענט דער גרעסטער זנאַכער, האַ? איאָ, דאָס מעג מען זאָגן?

וואָדקין. (עפנט דאָס פענצטער, און רופט צו אַלע יעמשטשיקעס, וואָס שטייען פאַר דער שאָפע מיט ייִסראָעל שטשופאַק.) אַלע, אַלע, קומט אַהער! איר זאָלט מיך שוין ניט רופן פּראָסטע אַגאַפּאָן אַגאַפּאָנאָוויטש, נאָר אַגאַפּאָן אַגאַפּאָנאָוויטש דער גרויסער זנאַכער. הערט און שווײַגט, איך בין דער גרעסטער זנאַכער אויף דער וועלט, איך קאָן אַלע קראַנקע היילן, איך ווייס אַלץ, וואָס קיינער ווייסט ניט, הערט איר? (צו ייִסראָעל שטשופאַק.) דו אַנטלײַ מיר צוואַנציק גראָשן צו שיקן נאָך אַ קוואָרט בראָמפן, נאָר זאַרעז.

ייִסראָעל שטשופּאַק. (נעמט אַרויס פון דער קעשענע און גיט וואָדקינען צוואַנציק גראָשן.) עפּשער וועל איך אויך באַדאַרפן עפּעס צו וויסן, האָב איך געמאַכט אַ פּעטשאַטעק.

פּאָמאַ. (רוימט עפּעס אײַן וואָדקינען אין אויער אַרײַן.) וויפל איז נײַן כאַלאָקים?

וואָדקין. נאַר פּאָמאַ, אַלע דרײַ טאָג, האָסטו פאַרגעסן? (ער נעמט די צוואַנציק גראָשן און גיט אַ יעמשטשיק.) גיכער לויף צו בערקען, דעם סוקינס סין, און נעם אַ קוואָרט בראָמפן. זאָג אים, דעם סוקינס סין, איך וועל שוין האָבן גענוג געלט, וועל איך אַלץ פאַר מעזומענע קויפן, און דעם כויוו אויך באַצאָלן, דעם סוקינס סין. אַזוי הייסט דער גרויסער זנאַכער אים זאָגן, דער אַגאַפּאָן אַגאַפּאָנאָוויטש, דער גרעסטער זנאַכער פון דער וועלט. (דער יעמשטשיק מיט נאָך צוויי לויפן אין קרעטשמע אַרײַן. פּאָמאַ גייט אַרויס צו די יעמשטשיקעס.)

אַלע. פּאָמאַ, איאָ, דער פּעטער האָט עס געמוזט קריגן פונעם שוואַרצן גרויסן בוך, וואָס ער קוקט אַלץ אַרײַן דרינען, דאָס, וואָס ער רופט פּסאַלטער. נאָר דערפון האָט ער אָנגעהויבן האָבן צו טון מיט די רעכטע. איאָ, מאַטוויי, דאָ אין דער שאָפע זענען דאָ צוויי פערד, וואָס דער רעכטער רײַט אויף זיי אַרום אַ גאַנצע נאַכט, אינדערפרי זענען זיי אָפּגעגאָסן מיט שווייס.

פּאָמאַ. יענע וואָך איז דורכגעפאָרן אַ פראַנצויז, אַ דאָקטער, האָב איך אים אויף דעם וועג דערציילט פון די צוויי פערד, האָט ער געלאַכט פון מיר און האָט געזאָגט: דאָס איז גאָרנישט. ער גלויבט גאָרנישט אין רוכעס. ער זאָגט, ס'איז גאָרניטאָ קיין רוכעס אויף דער וועלט. האָב איך געזען, אַז ער איז אַ נאַר, ער פאַרשטייט גאָרניט, אַפילו רעדן רוסיש קאָן ער ניט רעכט, איינער האָט אים געשאָלטן אין טאַטן און אין מאַמען אַרײַן, האָט ער מיך געפרעגט: „וואָס זאָגט ער? וואָס זאָגט ער?" האָב איך געלאַכט פון אים.

איאָ, ער איז א נאר? לאָמיר זען, וואָס דער פעטער טוט. אָט טראָגט מען דעם בראָמפן אריין. (מען זעט, די יעמשטשיקעס טראָגן צו דעם בראָמפן, און וואָדקין נעמט דורך דעם פענצטער און טרינקט פון דער פלאַש.)

אלע. (גייען צו צום פענצטער.) לאָמיר זען, וואָס דער גרויסער זנאכער טוט.

וואָדקין. (האַלט די פלאַש אין דער האַנט, שוין האַלב אויסגעטרונקען, און טאַנצט.) יאָ, יאָ, נאָר איך, נאָר איך בין דער גרויסער זנאכער. (ער טרינקט נאָך און נאָך, שטעלט אוועק די פלאַש און טאַנצט ביז ער פאַלט אנידער אין מיטן שטוב.)

אלע. (פאַרווונדערט) שרעקלעך, שרעקלעך! ווער ווייסט, ווען ער וועט זיך אופכאַפּן, עפשער ביז די הענער וועלן קרייען, האַלבע נאַכט, וועלן די רוכעס ארויס פון אים.

יִסראָעל שטשופּאַק. אפילע באַטאָג, אז די הענער וועלן קרייען, קאָן ער זיך אופכאַפּן. אָט אין א פּאָר שאָ וועלן די הענער קרייען, אָט דאָ וועלן אָנהייבן פון אלע שטעט מענטשן, און פון אלע דערפער, צום זנאכער צו קומען צו פאָרן, רייַך, גאַנץ רייַך וועט אגאַפאָן, דער גרויסער זנאכער, ווערן, און פּאָמאַ אויך.

אלע. (מיט א פריילעך געשריי.) פּאָמאַ מוז קויפן מאָהאָריטש, מאָהאָריטש, יאָ, מאָהאָריטש. קומט אין קרעטשמע אריין. שטשופּאַק וועט דאָ זיין, ער טרינקט דאָך בלויז ניט קיין בראָמפן. (זיי גייען מיט פּאָמען אין קרעטשמע אריין. יִסראָעל שטשופּאַק בלייַבט דאָ.)

## 4. דעם אנדערן טאָג דערוף, אין שאַריוווקע, אַף דער פריזבע בא מאַני דעם רייַכן.

(אין עק פון עם רינג איז דאָס גרעסטע אייַנפאָר־הויז, מאַני דעם רייַכנס. דער דאַך איז מיט שטרוי, נאָר ארום מיט איין שורע שינדלען. דיביידע טויערן שטייען אָפן, און אַף דעם פידאשעק פאַר דער שטוב איז א פריזבע, אָפגעשמירט מיט געלער ליים. דאָ זיצט גיסי, מאַני דעם רייַכנס ווייַב, און ארבעט א זאָק. זי גייט אָנגעטון אין א בלאָ־גרידיטירנער וויסט, באַלייגט מיט געלע טאַשמעלעך, אין אַן אלט בלאָ־גרידיטירן ברוסטוך, און א ציצן קלייד. א שלייער, פראָסט, מיט א וויַיסער פאַטשיילע צוגעפלעטשט, אין א שטערנטיכל מיט קיליצעס, און אין א ווייַס פאַרטעך. נעבן איר זיצט ראָכל, צאַליס טאָכטער, אזוי אָנגעטון ווי אין שפּיצעניצ, און נעבן ראָכלען זיצט פּעסי און דרייט באַמוול אַף א ווערעטענע. זייער א שיין הויך איידל ווייַבעלע, געשלייערט מיט דער מאָדע, מיט א נייַע שטערנטיכל, אין א קאָניק מיט א גויבל. א רויט וויסטעלע מיט א ברוסטיכל, באַלייגט מיט א שלייטשקעלע, א ציצן קליידל, און א פאַרטעכל. ראָכל מיט פּעסין סוידען זיך און לאַכן אלעמאָל.)

פּעסי. נישטקאָשע, ראָכל, דו מעגסט אביסל העכער שמועסן, די מאַמע דערהערט ניט א ביסל. איי, קאָן ער דיר שרייַבן אַף מאָסקוויטעריש, בעסער פון אלע שרייַבערס. אנומלט האָט ער פון א פּאָרעץ פאַר אָנשרייַבן נאָר איין

בויגנ פאפיר דאָ אינ שטוב א כאפ געטונ צענ ווײַסע גילדנ, אונ דער פאַרעצ איז גאָר טאַקע שיר די קאפּאָרע געוואָרנ, אונ האָט אימ געלויבט פארנ סאטנ אונ פאר אלע. דו מיינסט, ווײַל ער גייט אלצ אינ דעמ כאלאט האָט ער ניט קיינ קאפטנ, גאָר דעמ ווילנ קאפטנ, אונ א שאבעסדיקע, גאָר די ווילע נײַע זופּיצע? אז ער טוט זיכ שאבעס אָנ, שײַנט ער דיר. אונ זײַנע ווערטלעכ, אז ער הייבט אָנ צו זאָגנ, קאטשעט מענ זיכ פאר געלעכטער. כלעבנ, איכ וואָלט געזאָגט, דו זאָלסט אימ נעמענ.

ר אָ כ ל. בא־בא־בא... אנומלט האָב איכ מיט אימ א שמועס געטונ, ער זאָל זיכ שטויסנ. אײַ מײַנ טאטע, דער כאָסידינע? וואָס פרעג איכ גאָר אפ אימ. ווערט ער מיכ אינ עמעס צוקלאָגנ צו ר׳ לייב שפּיצעניצער. אויכ מיר א זאכ! איכ לאכ מיכ אויס פונ אימ אונ ... אימ אָנ.

ג י ס י. (דערהערט דאָס אונטערשטע וואָרט.) אונדזער האָנ? ניינ, ס׳איז ניט אונדזער האָנ, אונדזערער איז א ראבער האָנ, אונ דער האָנ איז א געלער.

פ ע ס י. (קנײַפּט ראָכלענ, אונ ראָכל זי, ביידע שטיקנ זיכ פאר לאכנ.) ראָכל איז מעשוגע, ווייס איכ וואָס זי זאָגט?

ר אָ כ ל. (הויכ צו גיסינ.) מומע, איר זענט אײַכ טויע. איכ האָב געזאָגט, אז ר׳ לייב שפּיצעניצער וועט הי זײַנ, וועט ער זיצנ בא אײַכ אויבנאָנ, האָט איר געמיינט, איכ זאָג, ס׳איז אונדזער האָנ. (זי קנײַפּט פעסינ) איאָ, אויסגעדרייט?

ג י ס י. מײַנ פעסיניו זאָל מיר אזעלכע זינ האָבנ! (זי פארהוסט זיכ.)

ר אָ כ ל. ווי שטשופאק איז, נאָר מיט אביסל מער געלט.

ג י ס י. (דערהערט דאָס אונטערשטע וואָרט.) אויב ער וועט הי מאכנ געלט? דערופ איז דאָכ שאריוועקע א שטאָט, אכוצ פונ די רענדארעס פונ ארומ. האָט איר געהערט, קינדער, אז אונדזער אלטער שרײַבער פונ דער סטאנציע איז געוואָרנ א זנאכער, א קישעפמאכער? דאכט זיכ, גאָר א מארנע גוי, דערציילט מענ עפּעס גאָר ווונדער פונ אימ. ער דערקענט זארעז, ווי מע קומט צו אימ, וואָס דער מענטש דארפ האָבנ, אונ נעמט נאָר א גילדנ פאר ארומשטרײַכנ דרײַ מאָל, איז עס ווי מיט דער האנט אוועקגענומענ. איכ וואָלט געגערנ, עמעצער זאָל קומענ פונ דער סטאנציע, מע זאָל רעכט געוואָר ווערנ. בא אונדז אינ נײַ־קאָסינטינ איז אמאָל געוועזנ א פראָסטער פּאָווער, א זנאכער, איכ בינ, פראַוודע, נאָכ א קינד געוועזנ, ס׳איז שוינ עפּשער דרײַסיק יאָר דרינענ. פלעגנ ייִדנ אונ פריצימ, לעהאוודל, פאָרנ צו אימ, ווי אפ א פלאָשטש. איר זענט נאָכ יונגע קינדער, פונ וואנענ זאָלט איר וויסנ? אָט איז גאָר אנ אלטער שרײַבער א קישעפמאכער.

פ ע ס י. (צו ראָכלענ) נו, וואָס האָט ער דיר געזאָגט, אז דו האָסט אימ געגעבנ אָנצוהערנ? זאָג שוינ, ראָכל, איכ מוז עס וויסנ.

ר אָ כ ל. אז דו וועסט מיר שענקענ דאָס שיינע נאָדל־טעשל, וואָס ער האָט דיר אנומלט געבראכט. ס׳איז מיר אײַנגעבאקנ אינ הארצנ, דאָס

נאָדל־טעשל, אז דו וועסט מיר עס שענקען, וועל איך דיר זאָגן. דאָס האָט ער ערגעץ געמוזט דערטאפּן בא א גרויסער פּריצע. נו, שענקסט דאָס מיר, פּעסיניו?

פּ ע ס י. איך האָב עס אים גאָר אָפּגעגעבן צוריק. דער טאטע האָט דער־ציילט, אז ער האָט געזען, ווי די שאבילײַנשטשעכע האָט עס אים געשענקט פאר א פּויליש בריוועלע, וואָס ער האָט איר געשריבן, און זאָגט, ס'איז ווערט עפּשער א רויט רענדל. נו, אז דער טאטע וועט וועט עס דערזען בא מיר, וואָס וועט ער זאָגן? דעריבער האָב איך עס אים אָפּגעגעבן צוריק. פרעג דיר אים, אז דו גלויבסט מיר נישט. נו, זאָג שוין פּאָרט.

ר אָ כ ל. ער האָט געזאָגט, ער איז א קויהען, און איך בין, מישטיינס־געזאָגט, א גרושע, טאָר ער מיך ניט נעמען. איך האָב קיין מוירע ניט. איך וועל אים בעטן, ער זאָל'ס מיר שענקען. זאָג נאָר, פּעסי, איז עס עמעס, אז א שרעטעלע טראָגט באנאכט דײַן טאטן געלט? איך בין דאָך שוין דאָ פון פאר פּייסעך אָן, און האָב ניט געזען קיין שרעטעלע. דו מוזט דאָך וויסן?

פּ ע ס י. ווייס איך וואָס באם טאטן אין קאסטן טוט זיך? וואָס טויג עס מיר, וואָס קומט מיר דערפון ארויס? (זי זאָגט דאָס אונטערשטע וואָרט מיט א זיפץ.)

ג י ס י. (דערהערט דאָס אונטערשטע וואָרט.) איר מיינט, דער אלטער שרײַבער וועט ארויס פון אונדז, וועל איך מיך זייער זאָרגן? וועט ייִסראָעל שטשופּאק זײַן אף זײַן אָרט, לעהאוודל, קאָן ער טויזנט מאָל בעסער שרײַבן פונעם אלטן שיקער. און שאבעס די פּאָדראָזנעס צו פארשרײַבן, וועט פּאָמא אויך קאָנען פארשרײַבן. ייִסראָעל שטשופּאק זאָל ניט זײַן קיין לופטיקער יונג, וואָלט ער אין גאָלד געגאנגען. ער קומט ארויס פון א גאנץ שיינער מישפּאָכע, און האָט ניט געוואָלט זיצן און לערנען, ווי דײַן יעכיִעליק מוטשעט זיך אין כיידער א גאנץ גייענדיקן טאָג. ער האָט ליב פערדלעך און גוייִשע ביכלעך און פּאטשיילעכער, אָבער א בעריע איז ער צום אלעם אין דער וועלט. פּריצים קאנײַען דאָך גאָר נאָך אים. (מע זעט י ע כ יִ ע ל י ק נ אָנקומען צו גיין פונעם כיידער. זייער א קליין שווארץ מענטשעלע, מיט צוויי לאנגע גלײַכע פּייעס, אָנגעטון אין א שווארץ קאפּטעלע מיט א סטראָקע, אין א גאנץ הויכן נײַעם ספּאָדעק. צעכראסטעט די פּאָלעס פונעם קאפּטן, זעט מען לײַוונטענע פּלודערן. די געלע בענדלעך שלעפּן זיך נאָך, און די זאָקן הענגען ביז צו די פּאנטאָפל.)

ר אָ כ ל. נו, פּעסי, זעסטו, אז מען דערמאָנט א מאלעך קומט א גאלעך צו גיין.

ג י ס י. (דערהערט דאָס אונטערשטע וואָרט.) פּעסי, אוואדע מוזטו גיין אים געבן עסן, ער קומט, נעבעך, פון כיידער פארשמאכט.

פּ ע ס י. (טוט א זיפץ.) גיי דו, ראָכל, איך בעט דיך, איך וויל דאָ זיצן.

ר אָ כ ל. (לאכט) כא־כא־כא... האָסטו ניט מוירע, פּעסי, איך זאָל דיר דעם מאנ ניט אָפּרעדן? (זי טוט יעכיִעליקן א קניפּ אין דער באק ארײַן.) איאָ, יעכיִעליק,

איכ האלט מיט דיר? איכ זאָל האָבנ א פאטשיילע, וואָלט איכ דיר, נעבעכ, די נאָז אָפגעווישט, וואָלט דיר ליכטיק געוואָרנ אינ די אויגנ. קוידעמ־לאקאָל, נעמ דו, בינד דיר צו די בענדלעכ פונ די פלודערנ, וועט זיכ בעסער האלטנ. (זי לאכט) כא־כא־כא... איאָ, יעכיעליק, דו וועסט דיכ בעסער קאָנענ בא דער קרייז אָנהאלטנ, דו זאָלסט ניט פאלנ. אנו, פרווו, קאָנסטו דיכ בא דער קרייז אָנהאלטנ? (יעכיעליק נעמט זיכ אָנ בא דער קרייז.)

ג י ס י. (האָט געהערט דאָס אונטערשטע וואָרט.) אוואדע האָט מענ אימ באהאלטנ קרעפלעכ פונעמ ווארעמעס, וועט ער זיכ ניט דארפנ וואשנ. גיי, ראָכל, גיב אימ, רוק ארויס פונעמ אויוונ [וואו ס׳]שטייענ די קרעפלעכ.

י ע כ י ע ל י ק. (צו גיסינ) שוויגער, שוויגער, האָט איר געהערט? אינ בעס־מעדרעש אונ בא מיר אינ כיידער האָט מענ דערציילט, אז ס׳איז דאָ באמ שוועער עפעס אנ אלטער גוי, א שרייבער, איז ער א גוטער־ייִד געוואָרנ אונ באוויַזט מאָפסימ, כלעבנ. (פעסי זיצט טרויעריק אונ דרייט די באמול.)

ר אָ כ ל. (לאָזט ארויס א הויכנ געלעכטער.) כא־כא־כא... לאכט כאָטשע. מומע, הערט איר, וואָס יעכיעליק זאָגט? (הויכ) אייער אלטער שרייבער, דער גוי, איז געוואָרנ א גוטער־ייִד. כא־כא־כא... כא־כא־כא... (זי קאטשעט זיכ פאר געלעכטער.)

י ע כ י ע ל י ק. שוויגער, וואָס לאכט זי? אז ער באוויַזט מאָפסימ, איז ער דאָכ א גוטער־ייִד.

ג י ס י. מיינ קינד, דו ווייסט נישט. א גוי איז א זנאכער, א קישעפ־מאכער, כאָטשע ער טוט פעולעס אונ וווּנדערדיקע זאכנ. אונ א גוטער־ייִד איז א צאדיק, א ייִד. גיי בעסער עסנ די קרעפלעכ, אונ אז דו ווילסט דיכ וואשנ, וועט ראָכל דיר געבנ פריש ברויט מיט סמעטענע. ראָכל, וואָס שטיקסטו דיכ אינ איינ שטיק? אונ אז יעכיעליק ווייסט דאָס ניט? אקעגנ קאָנ ער לערנענ, גוט לערנענ. איאָ, יעכיעליק?

י ע כ י ע ל י ק. מיינ רעבע זאָגט, אז א יונג ווייבל איז אזוי ווי א ציג, איאָ, שוויגער?

ר אָ כ ל. (לאכט) כא־כא־כא... פעסי, שפיי אימ אָנ אינ פּאָנעמ אריינ, מענ זאָל אימ קיינ איינהאָרע ניט געבנ. כאָטשע ער איז א קליינינטשקער, איז ער א גרויסער כאָכעמ, אָנ איינהאָרע. קוק אימ נאָר אָנ, די שיינע צורע, אנ אוויירע א התמ ארויסצוטרייבנ. קומ, וועסטו זענ, איאָ א ציג גיט מילעכ? אונ איכ וועל דיר געבנ סמעטענע אונ גרייטע קרעפלעכ, נאָר מיט מיר זאָלסטו האלטנ, ווייל איכ האָב דיכ ליב. (זי נעמט ארומ יעכיעליקנ מיט א האנט ארומ דעמ האלדז אונ גייט מיט אימ אינ שטוב ארייַנ.)

פ ע ס י. (מיט א זיפצ) האלט דיר אימ, איכ טרעט דיר אימ אָפ מיט קיני־אונ־מיס־מיני. פארשטופ אימ דאָרטנ דאָס מויל אונ קומ אהער ארויס, ראָכל, קומ ארויס אהער.

ג י ס י. (דערהערט דאָס אונטערשטע וואָרט.) וואָס זאָגסטו, ער זאָל וואַרטן אַפּן שווער? דער טאַטע איז געפֿאָרן אינ הויף אַרײַן, הײַנט איז פֿירשע, האָט ער צו טון מיט דעם אַקאָמין, ווער ווייסט ווען ער וועט אַהײם קומען. (מען זעט פֿון ווײַטן אַ טראָיקע לויפֿט מיט אַ גלעקל און ייִסראָעל שטשופּאַק זיצט מיט אַ פּאָטשטאַליאָן אויף אַ לעדערנעם טשעמאָדאַן. אַ יעמשטשיק טרײַבט אָן. ייִסראָעל שטשופּאַק הייסט צופֿאָרן צום אײַנפֿאָר־הויז, דערנאָך שפּרינגט ער אַראָפּ.) גוט, וואָס דו ביסט געקומען, וועסטו אונדז זאָגן, וואָס טוט זיך דאָרטן מיט דעם אַלטן שרײַבער. עפּעס זאָגט מען, ער איז זייער אַ גרויסער זנאַכער געוואָרן. (ראָכל מיט יעכיִעליקן קומען אַרויס.)

ייִסראָעל שטשופּאַק. צום אַלעם ערשטן נאָט אײַך דרײַ גראָשן און גיט דעם פּאָטשטאַליאָן אַ טרונק בראָמפֿן, דערנאָך וועל איך אײַך דערציילן.

פּעסי. (אַביסל דערשראָקן) קום מיט מיר אין שטוב אַרײַן, וועל איך אָנגיסן אַ גלעזל בראָמפֿן. (הויך) מאַמע, וואַרט אַביסל, וועט ער דערציילן אַלע זאָלן הערן, איאָ? (אַלע בלײַבן אויף דער פּריזבע זיצן, פּעסי מיט שטשופּאַקן גייען אַרײַן אין שטוב אַרײַן, מען הערט אַ קוש. באַלד אָבער קומען פּעסי מיט שטשופּאַקן אַרויס, מיטן גלעזל בראָמפֿן. דער פּאָטשטאַליאָן שפּרינגט אַראָפּ און טרינקט אויס דעם בראָמפֿן.)

ראָכל. (אין דער זײַט צו פּעסין.) דו מיינסט, איך האָב ניט געהערט? מיר קומט אַ כיילעק.

יעכיִעליק. וואָס, אַ כיילעק אין די דרײַ גראָשן? דאָס איז דאָך דער שוויגערס בראָמפֿן.

ייִסראָעל שטשופּאַק. (טוט אַ קוק אויף פּעסין און אויף יעכיִעליקן, און דערנאָך צוריק.) ראָכל, צוריקצווועגס וועל איך אײַך אָפּגעבן אײַער כיילעק. איך האָב טאַקע מיט אײַך פֿון עפּעס גוטס צו שמועסן, אַזעלעכס, וואָס ס'איז מיר אײַנגעפֿאַלן, אָבער טאַקע עפּעס קלוגס. (הויך) גיסי, איר ווייסט גאָרנישט, בײַ אונדז אויף דער סטאַנציע טוט זיך אויף טיש און אויף בענק, און אַפֿילע אויף די קליינע בענקלעך. דער אַלטער אַגאַפּאָן אַגאַפּאָנאָוויטש באַווײַזט זאַכן, וואָס ס'איז אַ מוירע צו הערן און צו זען. האַלבע נאַכט, אַז קיינער זעט ניט, ווערט ער גאָר אָן אַפּיר, אָן אַ קאָפּ לויפֿט ער אַרום ביז צום ציילעם־וועג, און האַלט דעם קאָפּ אָפּגעהאַקטערהייט אונטערן אָרעם. אַזוי לויפֿט ער און פֿליט אַרום, ביז ער פֿליט צוריק אַרײַן דורכן קוימען אַרײַן. אינדערפֿרי געפֿינט מען אים גאָר ווי ניט ער, גלײַך ווי אַלע מענטשן ליגט ער אויף זײַן טאָפּטשאַן. נאָר בײַנאַכט לויפֿט ער אַרום אָן אַ קאָפּ.

יעכיִעליק. אוי, אַ פּאַכעד, אָן אַ קאָפּ אַרויסצולויפֿן, און אַרומצולויפֿן ביז אין טאָג אַרײַן! זאָגט־זשע, וואָס נאָך באַווײַזט ער פֿאַר גוטע־ייִדישקײַט מיט מאָפּסים?

ראָכל. (צעלאַכט זיך) כאַ־כאַ־כאַ... דערציילט אים די גוט־ייִדישקײַט פֿונעם אַלטן גוי.

יִסְרָאֵל שטשופאק. לעמאשל, דו זאָלסט צו אים אריַינקומען, וואָלט ער זארעז דערקענט, אז מען האָט דיך היַינט געשמיסן אין כיידער, און אויב דיַינע רעבעצן וועט נאָך שוועס געלעגן ווערן. ציַינדערט מוז איך די פּאָטשט אָפּפירן, צוריקצוועגס וועל איך איַיך נאָך דערציילן גוזמעס זאכן. (ער זעצט זיך אויף און פאָרט אוועק מיט דעם פּאָטשטאַליאָן.) און דו, יעכיעליק, וועסט דערוויַיל קליגער ווערן, איאָ?

יעכיעליק. (צו גיסין הויך) הערט איר, שוויגער, ס׳איז טאקע אן עמעס, טאקע א גוט־יידישקיַיט, א מויפעס: מיַין רעבעצן זאָגט טאקע, אז נאָך שוועס וועט זי געלעגן ווערן. וואָס לאכט ראָכל? כלעבן, מיַין רעבעצן זאָגט אזוי.

ראָכל. (קיַיכט פאר געלעכטער.) זאָג, יעכיעליק, איז דאָס אנדערע אויך עמעס? האָט מען דיך געשמיסן היַינט אין כיידער? איך וועל דיַין רעבן דערפאר די באָרד אויסריַיסן.

יעכיעליק. היַינט איז דאָך נישט דאָנערשטיק. איך וועל בעסער גאָר אריַינגיין אין שטוב אריַין עסן די קרעפּלעך. לאכט, לאכט, נישטקאָשע, קרעפּלעך איז גוט. (ער גייט אין שטוב אריַין, גיסי גייט אים נאָך.)

פּעסי. זאָג, ראָכל, וואָס האָט ער געמיינט, וואָס ער וועט אונדז עפּעס קלוגס זאָגן?

ראָכל. כלעבן, אזא מאן ווי דיַינער איז גוט פאר א שאלעש־סודעס־קוילעטש אים צו נוצן אין פריידן. דו ווייסט, וואָס איך מיין, שטויסטו דיך, פּעסי?

פּעסי. לאָז מיך גאָט אָפּהיטן אזוי צו מיינען, ווי דו מיינסט. גוט איז דיר צו לאכן, און רייצט דיך נאָך מיט מיר, שיטסט מיר זאלץ אף די ווונדן. (זי וויינט) מיך האָט מען באגראָבן לעבעדיקערהייט, און די מאמע קאָכעט זיך אין דעם פּאסקודניק, אין דעם נאר, וואָס איך קאָן ניט קוקן אף אים און אף זיַין פּאסקודנע פּאָנעם.

ראָכל. דער טאטע דיַינער איז דאָך א קלוגער ייִד, וואָלט איך אים טאקע געזאָגט. נארעניו, פארוואָס וויינסטו? דער טאטע האָט דיך ליב, דו ביסט א באסיעכידע, זאָגט מען פראָסטע: טאטע, איך וויל אים ניט, איך האָב אים פיַינט. וועט ער טאקע הייסן, דו זאָלסט דיך געטן מיט אים. אָך איז מיר, אזא ווילע גרושעלע, אזא שיינע וויַיבעלע מיט אסאך געלט, וועסטו נעמען א מאן, דעם גרעסטן אוישער און דעם גרעסטן בעריע. ווער וועט ניט נעמען א שיינע וויַיבעלע, א קלוג וויַיבעלע און א ריַיך וויַיבעלע דערצו? אזא גרויס שטיק גאָלד זאָל איך האָבן, וואָס פאר א ווילן, טשאקענדיקן מאן דו וועסט האָבן. א שיינע, יונג, ריַיך גרושעלע...

פּעסי. (טוט ווי א ציטער) א גרושע, אז מען געט זיך, איז מען א גרושע, זאָגסטו? שא, דער טאטע גייט. (מען זעט, פון א זיַיט קומט מאני דער ריַיכער

צו גיין. א קליינער גראָבער ייִד אין א נײַעם איילן־קיטײַנעם קאפטן, מיט א סטראָקע, א גוטן גארטל, און א גוטן קאפעליוש און [מיט] א הויכן יאמשאָוועגעם שטעקן.)

מאני. (גייט צו צו פעסינ.) וואָס וויינסטו, מײַן לעבן, פעסיניו, טאָכטעראָניו, וואָס וויינסטו? האָט דיר די מאמע עפּעס געטון, וועט זי פון מיר האָבן א סאָפּ. זאָג, פעסיניו, דעם טאטן מוזטו זאָגן.

ראָכל. זי וויינט גאָר עפּעס אנדערש, ווײַל יעכיִעליק רעדט נארישקײַט מיינט זי, דעריבער מוז זי וויינען. (זי צעלאכט זיך) כא־כא־כא... יעכיִעליק האָט געזאָגט: אין כיידער בא אים האָט מען דערציילט, אז דער אלטער שרײַבער, דער אָפיציר אגאפאָן אגאפאָנאָוויטש, איז געוואָרן א גוטער־ייִד, א באל־מויפעס. האָט מען דאָ אביסל געלאכט פון דעם נארישקײַט, און פון נאָך נארישקײַט, מיינט זי, אז זי מוז זארעז דעריבער וויינען. איך זאָג איר טאקע, וואָס האָט דאָס צו דיר? (ווי זי רעדט, קומט ארויס פון דער שטוב גיסי מיט יעכיִעליקן.)

יעכיִעליק. (שטרעקט אויס די האנט און גיט מאני דעם רײַכן.) שאָלעם־אלייכעם, שווער.

מאני. פארוואָס גיסטו מיר שאָלעם־אלייכעם, דו נאריש ייִנגעלע?

יעכיִעליק. די שוויגער האָט געזאָגט, איר זענט אוועקגעפאָרן אין הויף ארײַן.

מאני. (ציט אוף די פלייצעס.) דאָס איז דײַן שידעך, גיסי, דאָס האָסטו דיר אָפּגעקליבן. טאקע נאָר דו האָסט דיר דאָס אָפּגעקליבן.

גיסי. (דערהערט דאָס אונטערשטע וואָרט.) די שפּענער האָט מען אופגעקליבן, ווי דען? און אפן בוידעם אויסגעשיט, דערוף בין איך א באלעבאָסטע, באָרוך־האשעם. ייִסראָעל שטשופאק איז דאָ געוועזן מיט דער פּאָטשט.

מאני. נו, וואָס האָט ער דאָ דערציילט פון אונדזער שרײַבער, פונעם גרויסן זנאכער? אין הויף שמועסט מען דאָך נאָר דערפון. זיי דערציילן ווילדע מײַסעס פון אים. עפּעס אלע שלאפע, קרומע, בלינדע, און כוילע־נויפלס ווערן אין איין מינוט געזונט. איך האָב געמוזט צוזאָגן אין הויף, איך זאָל זיי טייקעף ברענגען א קלאָרע יעדיִע, וואָס דאָרטן טוט זיך. נו, וואָס האָט דאָ שטשופאק דערציילט? גיכער, וואָרין איך מוז זארעז צוריק פאָרן אין הויף ארײַן, דעריבער האָב איך דאָס פערד און וועגעלע געהייסן שטיין בלײַבן בא דעם אונטער־טויער. פעסיניו, דערצייל מיר בעסער, וואָס שטשופאק האָט דאָ פונעם שרײַבער געזאָגט. וויין ניט, נארעניו.

פעסי. (וויינענדיק) לאָז דיר די מאמע דערציילן, אָדער ראָכל. מיר איז ביטער אָן דערציילעכץ אויך.

מאני. (גייט צו און גלעט פעסינ.) וויין ניט, טאָכטעראָניו. נו, ראָכל, דערצייל דו מיר, דו קאָנסט גוט דערציילן, כלעבן.

ראָכל. ער האָט ניט צײַט געהאט פיל זאכן צו דערציילן, ער האָט געדארפט די פּאָטשט אָפּפירן, האָט ער געזאָגט, צוריקצווועגס וועט ער

ערשט אַלצדינג דערציילן. (הויך צו גיסין) איאָ, מומע, שטשופּאַק האָט נאָר אַביסל דערציילט.

גיסי. ער האָט געזאָגט, אַז פּלוצים כאַפּט דער אַלטער שרײַבער זיך אַרויס פון דער סטאַנציע און לויפט אַרום איבערן דאָרף אָן אַ קאָפּ, און האָט צו טון טאַקע מיט די רעכטע, אַז ס׳איז אַ מוירע, אַ פּאַכעד.

מאַני. קישעף איז קיין קאַטאָוועס ניט. אַז שטשופּאַק וועט דאָ צוריק קומען, הייסט אים וואַרטן אויף מיר. איך מוז זאַרעז צוריק פאָרן אין הויף אַרײַן, זיי וואַרטן דאָרטן אויף מיר, דער אַקאָמינ האָט אָנגעזאָגט, איך זאָל די מינוט אַהין קומען. קענסטו אַ פּאָרעץ? עס וועט מיט אים וואַרפן, ער וועט נאָך דעריבער בערויגעז ווערן, און איך האָב נאָך דעם יענעראַלנע קוויט בײַ אים ניט אַרויסגענומען. (באַם אוועקגיין) קום, יעכיעליק, גיי בעסער אין כיידער אַרײַן, זיץ ניט אינדערהיים, וועט פאַר דיר כעשעווער זײַן.

יעכיעליק. וואָס האָב איך צו טון אין כיידער? דער רעבע איז געגאַנגען די קו אָפּנעמען פון דער זימיוויליע, האָט ער געהייסן די לייעניש ערשט מאָרגן לייענען. וויל איך דאָ זײַן און הערן פון שטשופּאַקן מיקויעך דעם שרײַבער, דעם אַלטן, וואָס איז געוואָרן אַ גוטער־ייִד, אַ באַל־מויפעס.

מאַני. (שמייכלט) טאַקע דעריבער גיי דיר אין כיידער אַרײַן, דערנאָך וועט מען דיר אַלצדינג דערציילן. קום שוין, זאָג איך. (ער גייט אַוועק.)

יעכיעליק. (אינעם אוועקגיין) איאָ, ראָכל, איר וועט מיר דערציילן, אַז איך וועל אַהיים קומען? דערפאַר וועל איך אײַך ברענגען לעקעך פונעם קריש־מע־לייענען. דער בעסמעדרעש־שאַמעס מאַכט מאָרגן אַ בריס, זאָגט ער, דעם נאָגידס איידעם וועט ער געבן אַ גרויס שטיק לעקעך. לעקעך איז זיס. (ער גיט ראָכלען אַ גלעט.) דאָס גאַנצע שטיק לעקעך נישט, נאָר האַלב. איאָ? (ער גייט אַוועק.)

פּעסי. (פריילעכער) ראָכל, וואָס האָט ער געקאָנט מיינען דערמיט, אַז ער האָט געזאָגט, איך וועל אײַך זאָגן עפּעס קלוגס און עפּעס גוטס?

גיסי. ראָכל, קום מיט מיר, זי פּעסטעט דער טאַטעניו און לאָזט זי ניט אַ האַנט אין קאַלט וואַסער אַרײַנטון. קום דו מיט מיר, וועלן מיר אין אונטער־שטיבל אויסקוועטשן דעם האָניק, וועט זײַן מער צו ברײַען, און באַרוויצע וועט אויך זײַן, וועט מען מאָרגן טאַקע קאָכן. (זי גייט אַוועק מיט ראָכלען. אין אַ פּאָר מינוט שפּעטער, ווי פּעסי זיצט אַליין אויף דער פּריזבע, קומט אָן צו פאָרן צוריק מיט דער ליידיקער טראָיקע, אָן אַ גלעקל, ייִסראָעל שטשופּאַק. ער שפּרינגט אַראָפּ און האַלט ניסלעך אײַנגעבונדן אין אַ פאַטשיילע.)

ייִסראָעל שטשופּאַק. (ווײַזט דעם יעמשטשיק, ער זאָל היגטערן אונטער־טויער אָדער אין אַ זײַט זיך אָנידערשטעלן מיט דער טראָיקע. דער יעמשטשיק פאָלגט. ער גייט צו צו פּעסין און בינדט אויף די פאַטשיילע, שיט איר אין פאָדעלעק אַרײַן די ניסלעך.) איאָ, איך האָב גוט געטאָן, וואָס איך האָב אָפּגעבונדן דאָס גלעקל, קעדיי מען זאָל ניט

זאַרעז ארויסלויפן פון דער שטוב, אז מען וועט הערן א גלעקל, טאָמער זיצסטו דאָ אליין? גלײַך ווי איך וואָלט א נאָווי געווען. זאָג, פעסיניו, פארוואָס האָסטו פארוויינטע אויגן, הא?

פ ע ס י. דו פרעגסט נאָך? מיר איז ביטער און פינצטער פון דעם פאסקודנע נאר. (זי וויינט) און דו פרעגסט נאָך, עפּעס ווי אומיסנע. ראָכל לאכט פון מיר, און דו פרעגסט נאָך צו מײַן ביטערניש.

י י ִס ר אָ ע ל ש ט ש ו פ א ק. איך האָב דיר געזאָגט אהינצו פאָרנדיק, אז איך האָב עפּעס קלוגס אויסגעטראכט, טאקע נאָר אזעלעכס, אז דו וועסט דיך מוזן געטן. און טאקע א גוטן אָנשטעל מוז מען דאָ מאכן, אז אלע ראבאָנים וועלן הייסן נאָר געטן. נאָר דערצו מוז מען דאָ ראָכלען האָבן, זי טויג צו מײַנע זאכן, צו אָנשטעלן, זי איז א האלבער מארשעלעק און נאָך עפּעס דערצו. איך האָב, נעבעך, לאנג, לאנג געטראכט, ביז איך האָב מיר דאָ אויסגעטראכט. און עס וועט געראָטן, אוואדע געראָטן, דו וועסט דיך באלד און גיך, דיר־נישט — מיר־נישט, א געט טון.

פ ע ס י. (קוקט זיך ארום, אויב עמעצער הערט ניט.) שא, רעד ניט הויך. זאָג נאָר מיר דעם עמעס, דו האָסט געזאָגט ראָכלען, אז דו ביסט א קויהען? זאָג שוין.

י י ִס ר אָ ע ל ש ט ש ו פ א ק. זי האָט מיך געמוטשעט, איך זאָל זי נעמען, האָב איך אירער פאָטער ניט געקאָנט ווערן, מוז מען זיך אָן אייצע געבן, האָב איך איר פירגעזאָגט א ליגן, אז איך בין א קויהען. ווי קאָן איך זײַן א קויהען, אז מײַן טאטע איז ניט קיין קויהען, אפילע ניט קיין לייווי, נאָר טאקע א פּראָסטער סאָלדאט? נאָר איך בעט דיך, דו זאָלסט איר גאָרניט זאָגן א וואָרט, לאָז זי מיינען ס׳איז עמעס, אז איך בין א קויהען, בין איך אירער פאָטער. זי איז א פארשײַטע, א גאנצע פארשײַטע באָכערטע, כאָטשע זי איז א כאָסידס א טאָכטער. מיר דארפן זי צום אָנשטעל, מוז מען מיט איר זײַן גוט. פארשטייסטו מיך, פעסיניו? (ער זעט, גיסי מיט ראָכלען קומען ארויס פונעם טויער, טוט ער זיך א רוק אוועק פון פעסין און בלײַבט פונדערווײַטנס שטיין, גלײַך ווי ער איז ערשט אָנגעקומען, און טרעסעט זיך אָפּ פונעם שטויב.)

ג י ס י. מײַן מאן האָט אָנגעזאָגט, אז דו זאָלסט ווארטן אף אים, ער דארף דיך האָבן געניייטיק. ראָכל, דו ביסט שוין מיד געוואָרן, נו, גיי איך מיר אליין דערקוועטשן דעם איבעריקן האָניק. בארוויצע האָסטו ליב צו עסן, און קוועטשן ווילסטו ניט. (זי גייט אוועק אין שטוב ארײַן.)

ר אָ כ ל. (גייט צו און נעמט פון פעסיס פאָדעלעק ניסלעך, און קנאקט, און ווײַזט מיטן פינגער אף דער נאָז צו יי ִסראָעל שטשופאק.) אזוי שוין, דאָס זאָל זײַן מײַן כיילעק, אכבעראָש איינער? מיר קומט דאָך א כיילעק, ווייסטו אין וואָס? (זי לאכט) כא־כא־כא... ווי יעכיעליק זאָגט, מיר קומט א כיילעק אין די דרײַ גראָשן פונעם בראָמפן. אוי, איז דאָס א נאר, א כויזעק, א פּעטעך, א דורינ, א גוט שטיקל געצײַג. איך האָב, כלעבן, ראכמאָנעס אף פעסיניון.

**יִסראָעל שטשופּאַק.** שווײַגט גאָר שטיל, ראָכל, און הערט צו, וואָס איך האָב דאָ אײַך צוגעזאָגט עפּעס גוטס צו זאָגן. איך האָב מיר עפּעס אויס־געטראַכט, אַז דאָ וועט מוזן זײַן אַ געט, און זי וועט, נעבעך, פּאָטער ווערן דעם דורין, טאַקע באַלד. (ער סוידעט זיך מיט ראָכלען און מיט פּעסין עטלעכע מינוט, מען הערט ניט אַ וואָרט, מאַכט מיט די הענט און לאַכט אַלע מאָל און סוידעט זיך ווײַטער.) נאָר ראָכל מוז דאָ מיט סייכל מאַכן, אַזוי ווי אַ קלוגע שטייט אָן. באַטאָג מוזט איר אים נאָר קאָסקען און ליב האָבן. דאָ וועט זײַן אַ קאָמעדיע, אָבער טאַקע אַ ווילדע קאָמעדיע. (ער סוידעט זיך מיט ביידע און לאַכט.) כאַ־כאַ־כאַ...

**ראָכל.** (לאָזט ארויס אַ געלעכטער.) זייער ווויל, כאַ־כאַ־כאַ, מיר קומט דאָס צונוץ אין מײַן קרעמל אַרײַן. זאָרגט אײַך ניט, איך וועל שוין אַזוי טון אַלץ ווי מען דאַרף. עטלעכע ניסלעך מוז איך פון זײַנעטוועגן באַהאַלטן, און דערצו האָט ער מיך דאָ ערשט געבעטן, אַז ער וועט אַהיים קומען זאָל איך אים דערציילן אַלץ, וואָס איך וועל פון אײַך הערן מיקויעך דעם אַלטן גוי, וואָס איז אַ גוטער־ייִד, אַ באַל־מויפעס. (זי לאַכט) כאַ־כאַ־כאַ, כאַ־כאַ־כאַ... אָ, צו אַזעלכע זאַכן טויג איך בעסער פון אַלע. מיטן ווײַב שעמט ער זיך. (זי שפּעט און קרימט נאָך.) „איך שעם מיך צו שמועסן מיטן ווײַב". מיט מיר שעמט ער זיך ניט, כאַ־כאַ־כאַ, כאַ־כאַ־כאַ... אָבער אַזוי קלוג אויסצוטראַכטן, קאָן נאָר אַזאַ ווילער יִסראָעל שטשופּאַק. (זי קלאַפּט אָן יִסראָעל שטשופּאַקן אינעם שטערן.) אַ קאָפּ פול מיט סייכל, און אַ קויהען דערצו.

**יִסראָעל שטשופּאַק.** צוויי קלוגע ווײַבעלעך פאַרשטייען שוין ווי מען דאַרף אַזאַ שטיקעלע אָנשטעל מאַכן. ביפּראַט ראָכל, אַז זי וויל נאָר, סייכל איז דאָ גענוג. דערצו איז גראָד אַצינד די בעסטע צײַט. אין אַ פּאָר טאָג וועט דאָ אָנקומען דער ר' לייב שפּיצעניצער און וועט אוואדע דאָ בײַ אײַך אײַנ־שטיין. דער וועט בלויז בײַ ר' מאַנין וועלן אַ כאַפּ טאָן די עטלעכע רענדלעך, וועט ער דאָ געשווינד עקן, גאָר ווויל, גוט־ייִדישלעך געגעט און פּאָטער געוואָרן. דעם טאַטן וועל איך שוין אונטערהודיען, איך און נאָך עטלעכע מענטשן, וואָס איך וועל באַשטעלן דערצו.

**פּעסי.** (פריילעך און לעבעדיק) אָט, אַז דאָס וועט געראָטן, וועט ראָכל בײַ מיר ווערן זײַן אַ מיליאָן רענדלעך. קלוג איז זי, און וועט דאָס גוט אַת מיט סייכל אויספירן, מיטן קנאַק. איאָ, ראָכל? (זי קושט ראָכלען.)

**ראָכל.** נאַרעניו, דו זאָלסט געוועזן זען, ווי איך האָב מיט ר' לייב שפּי־צעניצער בײַ אים אין זײַן שטיבל געטײַנעט, און האָב מיר אָנגעטון אַ פרום פּאָנעם און מיט אַ וויינענדיק קאָל גערעדט, אַז ער האָט געמיינט, ס'איז טוירעס־לאָקשן. דו זאָלסט געוועזן שטיין דערבײַ, וואָלסטו געמיינט, ס'איז גאָרניט ראָכל. איך האָב אי אים און מײַן טאַטן אַרײַנגענאַרט אין זאַק אַרײַן. (זי לאַכט) כאַ־כאַ־כאַ, כאַ־כאַ־כאַ... איך מוז אַליין לאַכן, ווי דער ליגנער האָט אַפּ מיר געזאָגט: „זי איז אַ קאָשער ווײַבל, אַ צנוע, אַן ערלעכע ייִדענע". כאַ־כאַ־כאַ...

**פּעסי.** איך האָב נאָר מוירע, זי זאָל ניט אָנהייבן צו לאַכן אימיטן דרינען. כאָטשע ס'איז עמעס, אז דאָס טויג איר גאנץ גוט צו איר קרעמל, אז דער רעבע זאָל זען, וואָס פאר א קאָשער ווײַבל זי איז. נאָר לעמאנעשעם האַלט דיך איַין, לאַך ניט.

**אלע.** (לאַכן) דאָ וועט זײַן א קאָמעדיע, אז מען וועט עס מעגן פארשרײַבן, כא־כא־כא... (אלע בלײַבן דאָ שטיין און לאַכן. מיר גייען אוועק.)

## 5. אין דריַ טאָג שפּעטער, אין שאריוּוקע, בא ר' מאני דעם רײַכן. פאר ווארעמעס.

(דאָ אינעווייניק, בא מאני דעם רײַכן אין דער גרויסער שטוב, הענגט א מעשענער הענגלײַכטער, און די ווענט זענען מיט קילעמעס ארומגעהאנגען. לאנגע געזימסן אונטער דער סטעליע ארום און ארום אויסגעשטעלט מיט צינערנע טעלער און קופּערנע פאנען. בא איין וואנט איז א שענק־טישל מיט שענק־קיילים. א לאנגער טיש מיט א פיר־באנק. בא די ווענט זענען אויך לאנגע הילצערנע בענק, אלץ גאנץ ריין אָפּגעריבן. די ערד איז אויסגעשמירט מיט געלער ליים. פון דער שטוב זעט מען עטלעכע אלקערלעך, פון געוואשענע ברעטער די ווענטלעך און די טירלעך. די שטוב איז פול מיט יידן און ווײַבער, א טייל מיט קינדער אף די הענט, מיידלעך איבערגעדעקט מיט פאטשיילעס איבער די קעפּ. בא א טירל פונעם ערשטן אלקערל שטייט **צאלי,** נעבן אים שטייט ר' **בערל יאָסעם,** א הויכער מאָגערער שווארצער ייד, זייער אָרעם אָנגעטון. נעבן אים שאסטעט זיך, ווי א היימישע, אָן א יופּע, זײַן ווײַב **טרײַנע,** ייִנגער אביסל פון בערל יאָסעם. א נידעריקע גראָבע יידענע, אויך אָרעם אָנגעטון. מען הערט אין שטוב ר' לייב שפּיצעניצער, זײַן קרעכצן און ברומען, און מע הערט געלט קלינגען פונעם אלקערל ארויס.)

**צאלי.** (הויך צו בערל יאָסעם.) פּאַסעט אָן איַינהאָרע, סאריוּוקע איז טאקע א גרוישע סטאָט, פּאָסעט, דעריבער זענען זיי גרוישע אזוס־פּעניםער, פּאָסעט. סטײַץ, אים צו געבן ווײַס געלט? א האָזע, פּאָסעט. איין מאָל אין יאָר האָבן זיי די זכיַע אזא צאדיק זאָל צו זיי, פּאָסעט, אראָפּפאָרן, נו, קראנק זענען זיי צו געבן רענדלעך? ווארסיליוּוקע איז דאָך גאָר א פּושטקע, האָט ער בא זיי אפילע, פּאָסעט, ניסט געוואָלט א סאבעס האלטן, און האָט פּאָרט ארויסגעפירט פּערטשיק רויטע רענדלעך, מײַן פאנינקאָ. וואָס וועט טון סאריוּוקע, אז ער וועט זיך דערבייזערן און וועט, פּאָסעט, אוועקפאָרן? איז פאר זיי א בוסע, און עס וועט זיי גאָר כויסעך ווערן אין זייערע נעסאָמעס, פּאָסעט. א מאראָכע, וואָס אונדזער מאני דארף אים האָבן מיקויעך דער טאָכטערס געט. האַלט ער אים אוף, פּאָסעט, מוז ער סוין בלײַבן איבער סאבעס, פּאָסעט. איר מיינט, איך זאָרג מיך פאר אים? לאַכלוטן ניסט א טראָפּן, כאָלילע. אָט בעט מען אים, ער זאָל אראָפּפאָרן צום ניעפּער־צו, אין יענעם ווינקל ארײַן, פּאָסעט. און אהיים אין סטוב ארײַן ברענגט מען, באָרוך־האשעם, פּידיוינעס צו הונדערט

רויטע רענדלעך מיטאמאָל אויך. נאָר ער טרײַבט פון זיך אונ סרײַט: „איך האָב קיין קויעך ניט, איך האָב געגוג צו האָרעווענ מיט מײַנ ווינקל‟. נו, זענענ די סאריוווקער אזוינע אזוינס־פּעגימער אונ מיינען, דאָס איז עפּעס א קאטאָוועסל אונ זענענ אזא גרוישנ צאדיק, פּאָסעט, מעוויײַעס מיט ווײַס געלט. סעמענ זאָלנ זיי זיך, אײַערע סאריוווקער. (ער שווײַגט א פּאָר מינוט. גייענ ארויס ייִדנ אונ ווײַבער מיט קינדער פונעם אלקערל, דערנאָך, אינ א פּאָר מינוט, קומט ארײַנ אינ שטוב ארײַנ פונעם אלקערל —)

ר׳ לייב שפּיצעניצער. (צעכראסטעט, א גרויסנ טשימביר אפּ דעם אקסל ארופּגעוואָרפנ ווי א פּאטשיילע, די אויגנ פארגלייזט, מיט א ראכמאָנעס־פּאָנעם.) וואָס וויל מענ פונ מיר? איך בינ א פּראָסטער ייִד, ווי אלע ייִדנ. מענ לאָזט מיך ניט דאוונענ, מענ לאָזט מיך ניט דינענ דעמ אייבערשטנ, מענ לאָזט מיך ניט אינ זינ האָבנ דעם קלאל ייִדנ. איטלעכער וויל דאפּקע גאָר, נאָר אים זאָל איך אינ זינ האָבנ. גלויבט מיר, איטלעכער פונ אײַך איז מיר אײַנגעבאקנ אינ הארצנ. ייִדנ דארפנ ראכמימ, דארפנ כעסעד, ביפּראט אינ ספירע־צײַט. קודשא בריך־הוא ווייסט דעמ עמעס אונ וועט אונדז מיט כּללות ישראל געבנ בני, חיי ומזונא. דארפנ ייִדנ זיך קערנ צום אייבערשטנ, מענ זאָל אזעלכע מיִעסע מײַסעס (ער קוקט אפּ מאני דעם רײַכנ) ווי דאָ, ראכמאָנע יאציליינו, האָט זיך גע־טראָפנ, כאָלילע ניט מער טרעפנ. (ער קרעכצט) אוי, גייט אײַך, גייט אײַך, ראבויסים. איך האָב הײַנט ניט צײַט מיך מיט אײַך צו פּאָרענ. (אלע גייענ אוועק. בערל יאָסעמ טוט א שלעפּ דאָס ווײַב טרײַנענ, זי זוכט א יופּע אונ טוט זיך אָנ, ביידע גייענ אויך אוועק. מאני דער רײַכער גייט אויך אוועק פונ דער שטוב אינעמ דריטנ אלקערל ארײַנ.)

צאלי. (צו ר׳ לייב שפּיצעניצער.) עפּסער זאָל איך ארײַנרופנ מאנינ, הא? (ער גייט אינ יענעמ אלקערל ארײַנ אונ קומט צוריק מיט מאני דעם רײַכנ.) אָט איז מײַנ סוואָגער, רעבע.

מאני. (ברעכט די הענט) רעבע, מײַנ פּעסיניו איז זייער שלאפּ, זי חערט אלעמאָל שלאפער אונ שלאפער, אונ זאָגט טאקע, אז ביז זי וועט ניט האָבנ דעם געט, איז זי אויס מענטש. מײַנ ווײַב אונ צאליס טאָכטער ויצנ את ווייגענ איבער איר. (מיט א וויינענדיק קאָל) מײַנ איינ־איינציק קינד, מײַנ באס־יעכידע, רעבע. עפּעס א קאטאָוועס, בא מיר אינ שטוב זאָל אזא קליינ ייִנגל, אזא שייגעצ, אזא הולטײַ וועלנ מעטאמע זײַנ מײַנ שטוב. אינעמ גאנצנ שידעך איז נאָר מײַנ ווײַב שולדיק געוועזנ, זי האָט זיך אײַנגערעדט, אזא קליינ ייִנגעלע, א גוט קינד, וועט זײַנ פרום אונ גוט. נו, האָט זי הײַנט פאר דאָס איריקע, זי וועט, כאָלילע, אויך קראנק ווערנ. סטײַטש, בא מיר אינ שטוב זאָל זיך דאָס טרעפנ! (ער טוט א זיפצ.) אז איך בינ איר קאָפּ נאָכגעגאנגענ, איז מיר די גרעסטע כארפּע נאָכ.

גיסי. (קומט ארײַנ צו לויפנ פונעם אלקערל.) דו מעגסט מיך הארגענענ אפילע צו טויט, ביסטו גערעכט. נאָר זאָגט איר, רעבע־לעבנ, ווער האָט זיך געזאָלט

ריכטנ אפ אזא קלײנעמ צוציק? איך האָב מיך גיכער א פּעגירע אפ אים גע־ריכט. אונדזער מאראָכע איז, אז דער רעבע איז גראָד אָנגעקומענ, וועט דער שײגעצ מוזנ געט געבנ. מיר איז אינ שטאָט די בושע זײער גרויס, די גאנצע שטאָט איז אופ דערמיט. אַלע זאָגנ, אזא שײגעצ דארפ מענ אינ קונע ארײַנ־שטעלנ, אָפּגעטנ אונ פונ דער שטאָט ארויסטרײַבנ. מײַנ מאזל איז נאָך, אז פּעסיניו זאָגט, זי שעמט זיך ניט צו געטנ. איך האָב איר געגעבנ א רײַז מיט יויך, האָב איך איר אָפּגעקאָכט פונ א יונג טײַבעלע, אונ אביסל אײַנגעמאכצ, האָט זי געגומענ, מישטײנס־געזאָגט, נאָר אפ די ליפּנ.

צ א ל י. די מאראָכע איז בעסער, פּאָסעט, אז ראָכל איז א קאָסער ווײַבל. דער סקאָצ האָט זיך אײַנגערעדט, העפּקער די וועלט, פּאָסעט, ראכמאָנע יאצי־לײנו! ס'איז נאָך ניט העפּקער, נײנ, ס'איז נאָך ניט העפּקער די וועלט.

ג י ס י. (הערט דאָס אונטערשטע וואָרט.) די וועלט מאָג זיך זאָגנ וואָס זי וויל, אבי מײַנ קינד איז ערלעך אונ מײַנ שוועסטערס קינד איז ערלעך. נו, צאלי, בעט אויך דעמ רעבנ. דאָס קינד, פּעסיניו, איז נעבעך טויט־קראנק, לאָז מענ קײנ שיִעס ניט מאכנ. (ר' לײב שפּיצעניצער גײט ארײַנ אינ אלקערל ארײַנ צו זיך.)

צ א ל י. (טוט א ווונק אונ א ווײַז מיט דער האנט, זײ זאָלנ נאָכגײנ. דערווײַל קומט ר' לײב שפּיצעניצער צוריק מיט א זויהער אינ דער האנט, זעצט זיך אויבנאָנ אפ א בענקל באמ טיש). פּאָסעט איז פּאָסעט, אז אײַער מאזל איז אזוי גרויס, אז דער רעבע איז אײַך צוליב הי, וועט איר טאקע באלד, פּאָסעט, פּאָטער ווערנ פונ דער צאָרע. לעמאָסל, איר זאָלט דארפנ ערסט סיקנ אראָפּברענגענ זײ אהער קײנ סאריווקע, וואָלט אײַך געדארפט, פּאָסעט, קאָסטנ אוואדע א מײע אדומים, פּאָסעט. נו, האָט איר דאָך דאָ א פופציק רענדלעך מעיאטער געוועזנ, הא, דעמ רעבנ וועט איר נאָר פופציק רענדלעך געבנ.

ג י ס י. (דערהערט דאָס אונטערשטע וואָרט.) אימ נאָך געלט געבנ? א מאקע! אזא יימאך־שעמוניק, אזא הולטײַ, אזא שײגעצ זאָל וועלנ מײַנ שטוב מעסאמע זײַנ. איר קאָנט דאָס שווײַגנ, רעבע?

ר' ל י י ב ש פּ י צ ע נ י צ ע ר. (ברומט אינ זויהער ארײַנ אונ קרעכצט אונ קנײטשט זיך עטלעכע מינוט. אַלע שטײענ שטיל. מיטאמאָל טוט ער א זאָג.) איך האָב מעשונענע יעסו־רימ פונ איר שלאפקײַט. ס'איז אפילע מיט א דערעכ־האטעווע, א יונג ווײַבל, א קאָשערס, נעמט זיך נעבעך צומ הארצנ. (ער קרעכצט) אוי, א ראכמאָנעס נעבעך, א ראכמאָנעס. (מיט קאעס) בא מיר, אינ מײַנ ווינקל זאָל זיך אזעלעכס טרעפנ, ראכמאָנע יאצילײנו! קודשא בריך־הוא ווײסט דעמ עמעס, אז שאריווקע האָב איך טאָמיד שטארק אינ זינ. (ער פארטראכט זיך אפ א פּאָר מינוטנ. מאני דער רײַכער אונ גיסי זײַנ ווײַב קוקנ אפ אימ, דערנאָך טוט ער א זאָג.) נו, צאלי, לאָז מענ שיקנ נאָך דעמ דײַענ, אונ דעמ קלײנעמ אויך ברענגענ אהער. מימאָ־נעפּשעך, מוז מענ דאָך מאכנ אנ עק, ראכמאָנע יאצילײנו, מענ טאָר ניט מעגנ זײַנ.

**צאלי.** (גייט אינ א זייַט אריַינ מיט מאנינ אונ גיסינ.) איר זעט דאָכ, אז ער האָט אייַכ גוט אינ זינ, ווי א טאטע טאקע, פאָסעט. איר זענט גרוישע באַר־מאַ־זאָלעס, פאָסעט. אז ער איז דאָ, האָט איר פאר פעסיניוס שלאָפ־זייַנ לאכלוטנ גאָרניסט איבערצוטראכטנ. אונ אָט טיק איכ, פאָסעט, נאָכ דעמ דייַענ, אונ דעמ סקאָצ אויכ ברענגענ אהער. (ער גייט צו צו דער טיר, וואָס עפנט זיכ אינ דער גאס אריַינ. שטייענ דאָרטנ אינדרויסנ יידנ אונ ווייַבער, ייִנגלעכ אונ מיידלעכ, טוט ער א געשריי.) גייט, זאָגט דעמ דייַענ, אז דער רעבע האָט געהייסנ, ער זאָל זארעז קומענ אהער, אונ דעמ סייגעצ יעכיִעליקנ זאָל מענ אויכ ברענגענ אהער, זארעז טאקע. (מענ זעט, אז עטלעכע לויפנ אוועק. קומט אריַינ בערל יאָסעמ מיט טרייַנעג.)

**בערל יאָסעמ.** אבי איכ האָב מיר געפּאָרעט אפ דער כאסענע אומזיסט. דער שייגעצ האָט דיכ גענוג געקאָסט, מאני, איכ זאָל דאָס מייַנ אייגנס האָבנ כאָטשע וואָס די כאסענע האָט דיכ געקאָסט, וואָלט איכ נישט געהאט צו זאָרגנ. הייַנט גיי ווייס.

**טרייַנע.** איכ זאָל כאָטשע א צענט כיילעק האָבנ, וואָלט פאר מיר אויכ גענוג געוועזנ. די קלעזמער אליינ האָבנ געמאכט עפשער זעקס רענדלעכ. אזא שקאָצ זאָל אָנארבעטנ אזא קאלעבילעק. גיסי, וואָס טוט פעסיניו? פריִער איז זי געוועזנ אינ איינ פייַער: „מומעניו, האלט מיכ צו״, זאָגט זי, נעבעכ, ווי עמעצער האָט מוירע פאר א גאזלענ. ליובא מאָיא, ווייַזט זי אלצ אפנ הארצנ, „אָט דאָ, אָס דאָ, מומעניו, אָט דאָ״. אזא יונג קינד, סערדצע מאָיא, דארפ צו זייַנ אינ אזא קאלעבילעק. גיסי, האָסטו איר געגעבנ אביסל בערעק־אייַנגעמאכצ? פארוואָס האָט מענ ניט געשיקט (הויכ צו גיסינ) נאָכנ זנאכער? ס'איז דאָכ צו אימ אזא פאָרערייַ פונ דער גאנצער וועלט. ער מאכט שטיקער גאָלד, ער מאכט שטיקער גאָלד.

**גיסי.** יאָ, פעסיניו וויל אָבער ניט וויסנ פונ אימ, זי זאָגט, דער רעבע, זאָל לעבנ, נאָר דער רעבע וועט מיר העלפנ. אָט איז דאָכ דער פאָטער דאָ. וואָס ער האָט זי געבעטנ, — ניינ אונ ניינ, נאָר דער רעבע.

**בערל יאָסעמ.** איר זאָלט זענ, וואָס דאָרטנ טוט זיכ בא דעמ זנאכער, ער נעמט נאָר א גילדנ קלאָמערשט פאר אָפּשטרייַכנ, אקעגנ שטרייַכט ער דריי מאָל אינ טאָג איטלעכנ, אונ דערצו לייגט מענ אנידער א רענדל, נעמט ער אויכ צו. ער טוט אָבער גרויסע פעולעס. דער גוי וועט גיכ אונ באלד רייַכ ווערנ, אונ איז א געהענעמניק, ער הייסט אלע אייַנשטיינ נאָר אינ דאָרפ, אינ די גוייִשע שטיבלעכ, ניט אינ קרעטשמע.

**מאני.** דו ביסט טאקע א שלימעזאלניק, בערל. פאלט מענ אונטער אזא גוי, אונ מענ שענקט אימ א מאטאָנע, וואָלט ער געהייסנ בא דיר אייַנשטיינ.

**טרייַנע.** גוט איז דיר, ברודער־לעבנ, צו זאָגנ. איכ בינ שוינ געוועזנ בא אימ אונ האָב אימ געשענקט א האלב שטיקל לייַוונט, זאָגט ער, אז אימ קומט ניט אויס, ער זאָל לאָזנ אינ קרעטשמע אייַנשטיינ, דער רועכ ווייסט אימ!

איך האָב אים געוואָלט פרעגן פּאַרוואָס, האָט מיר פּאָמאַ אַ מוירע געמאַכט, מיט אים ניט צו זאַטשעפּען, כאָלילע. איאָ, דו שווײַגסט? (מען זעט דורך דער טיר, אַז צו דער שטוב־צו אַהער לויפן ייִדן און ווײַבער, ייִנגלעך און מיידלעך. צישן זיי גייט דער דײַען ר׳ בעני. אַ קליין ייִדעלע, אַ דאַרס, מיט אַ לאַנגער שפּיצעדיקער גראָער באָרד, מיט לאַנגע גראָע פּייעס, אָנגעטון אין אַן אַלטן קאַפּטן מיט אַן אַלטן ספּאָדעק, מיט אַ הויכן אַלטן יאַמשעמינעווע שטעקן. די אַרבל פונעם קאַפּטן זענען צוגעהעקלט, און אַלץ אַף אים איז זויבער, נאָר אָרעם. ניט ווײַט הינטער אים גייט יעכיִעליק, מיט אַ קוויטיק האַנטעך איינ האַנט צוגעבונדן, און דער שאַמעס האַלט אָן דעם עק פונעם האַנטעך און גייט נעבן אים. אַלע דרײַ, דער דײַען, יעכיִעליק און דער שאַמעס קומען אין שטוב אַרײַן. צאַלי גייט צו און מאַכט צו די טיר מיטן קייטל. ר׳ לייב שפּיצעניצער גייט צו זיך אין אַלקער אַרײַן. מען הערט אים דאָרטן ברומען און קרעכצן עטלעכע מינוט. אַלע שטייען אין שטוב, נאָר דער דײַען ר׳ בעני זיצט אַף דער פּיר־באַנק. דערנאָך קומט ר׳ לייב שפּיצעניצער ווידער אין שטוב אַרײַן, דער דײַען שטייט אויף פאַר אים און זעצט זיך צוריק. ר׳ לייב זעצט זיך אויך אַנידער אויבנאָן.)

ר׳ בעני. (ווײַזט אַף יעכיִעליקן) מע זאָל קאָנען שאָלעם מאַכן, וואָלט אַפילע רעכט געווען. ער האָט מיר געוואָלט דערציילן עפּעס, האָב איך איין צאַד ניט געוואָלט אויסהערן אָן דעם אַנדערן צאַד.

מאַני. (מיט אַ בייזער) האָט מיר ניט פאַריבל, ר׳ בעני, אַ זאַך, וואָס איז מיטן לעבן געשפּילט. מײַן טאָכטער איז מעסוקן שלאָף, נעבעך, פון דער בושע, פון דער כאַרפּע איז זי שלאָף געוואָרן. אַזאַ שקאָץ זאָל שוין זײַן אַזאַ הולטײַ. וואָס וועט ער ערשט אויסוואַקסן, דער אייבערשטער זאָל מעשאַמער־אומאַצל זײַן? מײַן שטוב מעטאַמע צו זײַן? אַזאַ הולטײַ איז ווערט מע זאָל אים אָנלערנען. זענט איר אַ פרומער און שמועסט פון שאָלעם־מאַכן. איר, ר׳ בעני, זענט שוין אויסגעוועפּט געוואָרן אַף דער עלטער, און פאַרגעסט, אַז איר שמועסט מיט אַ נאָגיד. באַ אײַך איז גאָר גלײַך אַ שנײַדער מיט אַ נאָגיד. אַז מײַן טאָכטער זאָל כאַסוועשאָלעם אַפילע וועלן ווינען מיט דעם אַכבעראָש, שטייט מיר עס עפּשער ניט אָן, אַזאַ שקאָץ פאַר אַן איידעם צו האָבן, אַזאַ הולטײַ.

יעכיִעליק. (טוט אַ שפּרונג פון זײַן אָרט צו צום אוילעם.) איר זענט אַליין אַ הולטײַ, איר האָט מיטן אַקאָמינ געטרונקענע ווײַן אום פורים אַפילע. יאָ, יאָ, איך וועל עס אײַך טאַקע דערווײַזן. איר זענט אַליין אַ הולטײַ.

טרײַנע. (מיט אַ געשריי) תרבות! שייגעץ מיטן צעריסענעם סטאָן! אַזאַ אַן אַזעס־פּאָנעם נאָך דערצו. לאַנג לעבן זאָל ראָכל, וואָס זי האָט אים, אַז ער איז געקראָכן צו איר באַנאַכט, צעריסן דעם סטאָן. ער וואָלט נאָך אַ האָזע געהאַט צו לייקענען, דער הולטײַ. (זי טוט אַ שפּײַ אַף יעכיִעליקן.) טפו זאָלסטו ווערן, אַזעס־מעכוצעפּ־פּאָנעם! אַזאַ פּימפּעריק, אַזאַ קליינער שקאָץ זאָל נאָך אַ האָזע האָבן אַזאַ גרויסן נאָגיד צו זידלען, דערפאַר, וואָס מע זאָגט אים דעם עמעס. הײַנט קומט אַרויס דעם גויס ווערטל: „זאַ פּראַוודו ביוט". בערל, דו ביסט דאָך אַ מאַנצביל, קאָנסט אים ניט דערלאַנגען אַ פּאַטש, אַז ער זידלט מײַן ברודער, דער שקאָץ, דער הולטײַ?

**יעכיעליק.** (שרייַט הויך מיט א האָזע.) ס'איז א ליגן, ס'איז א ליגן, איך בין גאָרניט געקראָכן, איך האָב מיך ניט געהאַט ווו צו לייגן שלאָפן, פּעסי האָט מיך אוועקגעטריבן, האָב איך ראָכלען געוואָלט פרעגן, ווו איך זאָל מיך לייגן שלאָפן. ראָכל איז טאָמיד מיט מיר גוט, און איז ניט בערויגעז מיט מיר, זי גיט מיר ניסלעך, האָב איך זי געוואָלט פרעגן, יאָ, יאָ, ווו איך זאָל מיך לייגן שלאָפן.

**גיסי.** א, דו הולטייַ איינער! קוקט אים נאָר אָן, דעם הולטייַ, דעם ליגנער, דעם שקאָץ דעם אויסגעריטענעם. פאַרוואָס האָסטו דיך ניט געלייגט אפ דייַנ געלעגער, אפ דעם קאסטנ? ס'איז דאָך נעבנ בעט. (זי ווייַזט אפנ קאסטנ).

**יעכיעליק.** יאָ, אבי זי זאָגט. דער שווער האָט אָבער דעם שליסל פונעם קאסטנ באהאלטנ.

**אלע.** (לאָזנ ארויס א גרויס געלעכטער.) כא־כא־כא, כא־כא־כא... א קלוגער טערעצ, א קלוגער טערעצ. דער שווער האָט דעם שליסל באהאלטנ, כא־כא־כא, א קלוגער יונג.

**ר' לייב שפּיצעניצער.** (פאַרגלייזט מיט די אויגנ און זאָגט צו ר' בעני דייַענ.) דאָס איז דער כח הטומאה, כח הסטרא אחרא, ראכמאָנע־ליצלאָנ. עזות איז בחינת חטא: העיז איש רשע. ער זאָל סייכל האָבנ, וואָלט ער בעסער טשוווע געטונ אפ חטאת נעורים. (ער קרעכצט) אוי, אינ מייַנ ווינקל זאָל זיך אזעלעכס טרעפנ, זאָל זיך אזעלעכס טרעפנ! קודשא בריך־הוּא, איך בינ עס מקבל באהבה. (ער פאַרטראַכט זיך א פאָר מינוט, און ברומט און קנייטשט זיך, דערנאָך טוט ער מיטאמאָל א זאָג צו ר' בעני דייַענ.) נו, נעמט אייַך צום געט. פירט אים צום בעסדינ און זייַט דאָרטנ מעסאדער דעם געט. זי איז, נעבעך, שלאָפ, אנ איידל ווייַבל, נעבעך, א קאטאָוועס, אזא אגמעס־נעפעש?

**יעכיעליק.** אז דער רעבע וועט מיר צוזאָגנ, אז איך זאָל כאסענע האָבנ מיט א בעסער ווייַב, וועל איך מיך געטנ. וואָס טויג זי מיר, אז זי איז בערויגעז מיט מיר? און אז איך זאָל טאקע גיינ אינעם טאלעס,—נו, געט איך מיך, איאָ, ר' בעני?

**ר' בעני.** (ציט אופ מיט די פּלייצעס.) אז דאָס ווייַבל איז שלאָפ, וועט מענ מוזנ מאכנ א שליח להולכה. דער שאָליעך זאָל מויסר זייַנ דעם געט דאָ אינ דער היים.

**ר' לייב שפּיצעניצער.** (פאַרגלייזט די אויגנ.) ר' בעני, זאָגט דעם קליינעם דאָרטנ מוסער פאַרנ געט. ער זאָל כאָטשע מהרהר בתשובה זייַנ, מעהייכעטייסע, א ייִד קענ זיך א בראָך געבנ צום אייבערשטנ, און וועט אָנהייבנ צו פאָרנ צו גוטע־ייִדנ, צו גרויסע גוטע־ייִדנ, קאָנ ער א טיקנ האָבנ און וועט כאסענע האָבנ. דאָוויד האמיילעך זאָגט: „כחצים ביד גבור״, מאכט דער זויהער האַ־קאָדויש: הדא הוא דכתיב „איזה גבור הכובש את יצרו״. דער אייבערשטער וועט ראכמאָנעס האָבנ אפ מיר, אז אינ מייַנ ווינקל זאָל מענ אזעלכע מייַסעס, ראכמאָנע־ליצלאָנ, ניט הערנ. מאכט קיינ שיִעס ניט, גיי, קליינער, מיטנ

דײַען אונ פּאָלג, וואָס מע וועט דיר זאָגנ, מאַכ קיינ שׂימעס ניט, הערסטו? איכ הייס. (ער גייט צוריק אינ זײַנ אַלקערל אַרײַנ)

**צאַלי.** הערשטו, יעכיעליק, דו האָשט נאָכ א גרוישע זכיה, אז אזא צאַדיק, אזא גרוישער גוטער־ייד זאָגט דיר מוסער, זע, זאָלשט טסוווע טונ, אונ דעם טאַלעס נעמ דיר. (ער דערלאַנגט אראָפּ פונעמ טשוואָק דעם טפילים־זאק אונ גיט יעכיעליקנ. דער ווערט גאָר אינ איינ סימכע.) נו, גיי־זע אונ פּאָלג וואָס אזא גרוישער צאַדיק הייסט דיר, סקאָצ איינער.

**מאַני.** (נעמט ארויס געלט פונ די פּלודערנ־קעשענע אונ גיט ר׳ בעני דײַענ.) נאט, ר׳ בעני, אפ הויצאָעס־האָגעט, איכ מוז דאָכ שוינ אויסשטיינ, נאָר מאַכט קיינ שׂימעס ניט. (ר׳ בעני, יעכיעליק מיטנ שאמעס גייענ אוועק.)

## 6. מיט דרײַ כאַדאָשימ שפּעטער, אינ דער שליאַכאָווע קרעטשמע בײַ בערל יאָסעמ.

(תחלת־הלילה איז אינ דער לאַנגער גרויסער קרעטשמע געגרייט צו טיש א האַלבער טיש מיט א גראָב טישטעכ. אינ מיטנ טיש שטייט א מעשענער דרײַ־רערע־דיקער לײַכטער אונ א דינ ליכטל ברענט דרינענ. אויבנאָנ זיצט בערל יאָסעמ נאָר אינעמ פּיסטרענעמ ארבע־קאַנפעס. אפ דער באַנק בײַ דער אַנדערער וואַנט נעבנ בערל יאָסעמ זיצט צאַלי דער נעמעראָווער. נאָכ אימ זיצט ר׳ גויעכ דער רענדאַר, וואָס האַלט מילנ ארומ שפּיצעניצ. פונפאָרנט פאַרנ טיש שטייט א לאַנגע פיר־באַנק. אינ עק באַנק, צומ אויבנאָנ־צו, זיצט טרײַנע, בערל יאָסעמס ווײַב. זי זיצט ניט א גאַנצע מינוט אפ איינ אָרט, נאָר זי גייט אַלע מאָל אוועק צומ אויווונ, ברענגט עסנ, כאַפּט א לעפל עסנ אונ לויפט ווידער צומ אויווונ אָדער צומ שענק. אימיטנ מישט זי זיכ ארײַנ צו דעמ, וואָס מענ שמועסט בײַם טיש. דאָ קומט פונ דרויסנ ארײַנ אנ אָרעמער ייד, אָפּגעריסנ אונ זייער מיט א פּינצטער, א פאַרביטערט פּאָנעם. דער אָרעמער ייד איז יידל פעקלמאַכער.)

**יידל פּעקלמאַכער.** (אפ א ראַכמאָנעסדיק קאָל אונ מיט שטילע ווערטער.) יידנ, האָט ראַכמאָנעס אפ אנ אָרעמענ יידנ. איכ בינ, כלעבנ, ערשט געוועזנ אנ אוישער, בינ איכ דורכ אנ אומגליק בעדיל־האַדאַל געוואָרנ מיטאַמאָל, אונ א באַל־כויוו דערצו, אונ טאָר ניט אהיימ קומענ צו ווײַב אונ קינדער, אונ האָב מוירע, מענ זאָל מיכ ניט אוועקשיקנ קיינ סיביר. אָט שלעפּ איכ מיכ פּונ איינ דאָרפ צומ אַנדערנ, אי דאָס האָב איכ מוירע, מענ זאָל מיכ ניט דער־קענענ באַטאָג, גיי איכ נאָר באַנאַכט, נעבעכ. האָט ראַכמאָנעס, יידנ, איכ האָב א גאַנצנ טאָג אפּילע א שטיקל ברויט ניט געגעסנ. אינ ניביליוווקע זיצט עפּעס א ייד אינ קרעטשמע, וואָס גיט קיינ יידנ ניט צו עסנ.

**טרײַנע.** גייט וואַשט אײַכ, וועט איר אויכ עסנ, ר׳ קאָרעח. (זי לייגט נאָכ א לעפל צומ טיש.) א מאַראָכע, וואָס איר זענט נאָכ גוט אָנגעקומענ צו דער וועטשערע. (יידל פּעקלמאַכער וואַשט די הענט אונ ווישט אָפּ אינ דער פּאָלע פונעמ צערי־סענעמ קאַפּטנ.) גייט, זײַט מויכל, ארונטער אונ זעצט אײַכ נעבנ יענע יידנ.

ייִדל פעקלמאכער. (גייט ארונטער הינטערן טיש און דערקענט צאלין, ברומט ער איידער ער מאכט האמויצע, ווי מען טאָר ניט אויסרעדן. מאכט האמויצע, דערנאָך רעדט ער.) מײַלע, דעם ייִדן דאָ נעבן מיר קען איך אביסל. (ער קײַט די האמויצע זייער געשמאַק.) הים, הים, אָבער אײַך, ר' צאלי, ר' צאלי, איר האָט מיך ניט דערקענט, גאָר לאכלוטן ניט דערקענט? פארשווארצט בין איך געוואָרן.

צאלי. (קוקט גאָרניט צו ייִדל פעקלמאכער.) ווער בישטו, עפּסער א נעמעראָווער, פאָסעט, הא? קען איך אלע נעמעראָווער אָרעמעלײַט בעסום־אויפן ניסט.

ייִדל פעקלמאכער. איך בין גאָרנישט קיין נעמעראָווער, און איר, ר' צאלי, קענט מיך גאנץ גוט. ווי לאנג איז גאָר, אז מיר האָבן זיך געזען? ערשט הײַנטיקן פאר־פייסעך טאקע. (ער עסט ווי א הונגעריקער.)

ר' נויעך (קוקט זיך צו שטארק.) פאר פייסעך, דאכט מיך, האָב איך אײַך געזען, פאר פייסעך, הא, טאקע באם רעבן, טאקע אין שפּיצעניץ. מא־שמייכעם? אין שפּיצעניץ.

ייִדל פעקלמאכער. ר' צאלי, איר האָט ניט דערקענט, מיך, ייִדל פעקלמאכער פון מעזשיבעזש? טאקע איך בין עס, טאקע ייִדל. מײַן אומגליק איז געווען אין טולטשין, איז מען ארײַנגעפאלן דאָרטן, ווו איך בין אײַנגעשטאנען מיטן פייגער, האָט מען די סכוירע צוגענומען. און איך האָב נאָך א מאזל געהאט, אז איך האָב מיך טייקעף געפאקט כאָטשע מיטן לעבן נאקעט פונעם בעט ארויס, האָב איך א פלייטע געמאכט אין איין העמד, מעכילע. אָט האָבן שוין ייִדן ראכמאָנעס געהאט און האָבן מיר געשענקט דאָס צעריסענע קאפּטאניקל און א פּאָר שקראבעס. (ער וויינט) אזוי בין איך דעם פערטן כוידעש נאווענאד. ווו איך טאָג, דאָרטן נעכטיק איך ניט, וואָרין, אז מען זאָל מיך דערטאפּן, איז מײַן לעבן ניט ווערט א גראָשן. וואָס עס טוט זיך אינדערהיים מיט מײַן ווײַב און קינדער, ווייס איך ניט. די באלע־כויוועס האָבן זי געמוזט אָפּרײַסן דאָס צירונג, און עפּשער אלץ אוועקגענומען בא איר, אפילע דאָס בעטגעוואנט. זי איז געווען די גאנצע איישעס־כאיעל, איז זי אומעטום געכאסמעט. איך וואָלט געגערן זארעז געשטאָרבן. אָט לעב איך דאפקע אפ צאָרעס און אפ לײַדן. וואָס מײַן ביטערער סאָף וועט זײַן, ווייס איך ניט. אָט, בידעווען. וואָס טוט איר הי... (ער עסט) ר' צאלי?

צאלי. נעמעראָוו איז אָפּגעברענט געוואָרן, פאָסעט, דאָ ספּענטע, די גאנצע סטאָט איז, פאָסעט, אויסגעקויקלט געוואָרן דעם אנדערן טאָג סוועס, איז מײַן סטוב אויך פארברענט געוואָרן, וויל איך גאָר ארויס קיין סאריוועקע. מאני דער רײַכער איז מיט מיר א סוואָגער, מײַן ווײַב און זײַן ווײַב זײַנען, פאָסעט, צוויי שוועסטער. ער איז אזא גרוישער אויסער — עפּעש א ניטערעש בא אים, מיר צו בויען א סטוב, און טאקע צו מאכן א סטייגער פארנאָשע? מײַן חײַב איז א מוירעדיקע איישעס־כאיעל. אז דער ר' נויעך איז גראָד געפאָרן מיט

זײַן פערד און װעגעלע אהער, האָב איך מיך בא אים אופגעכאפּט. (ער עסט װײַטער) קודסא בריך־הוא ברענט די װעלט!

בערל יאָסעם. זאָגט־זשע, איז די שול אויך פאַרברענט געװאָרן? אין נעמעראָװ איז געװעזן אַ שײנע שול, אַן אַלטע שײנע שול. איך בין דאָך דרײַ יאָר געזעסן אין נעמעראָװ מיט מײַן ערשט װײַב, אװאדע בין איך דענצמאָל געװעזן אַ דאַרדעקע־מעלאַמעד. איך געדענק נאָך, צװײ הײַזער זענען געװעזן, העט אַרופּ, װי הײַנט געדענק איך — ס'איז שױן, מײַן פאַנינקאָ, דרינען, האַ, אַ יאָר דרײַסיק... װאָס לײַג איך, שױן מער, פּשיטע, יאָ, אַ יאָר דרײַסיק, אױב ניט מער, געדענק איך —, אַז באָרוך גראַניװערס שטוב, און יעקל קאָמערעװערס שטוב האָבן געהאַט פונעם באַלשעם, פון ר' ייִסראָעל באַלשעם, עפּעס שײמעס, װאָס ער האָט זײ געגעבן אײַנצובױערן אינעם סװאָלעק, דער־מיט האָבן זײ ניט מוירע פאַר קײן שום סרײפע. פאַר מיר נאָך האָט מען זײ געװאָלט געבן פאַר די צװײ שטובן צװײ מאָל אַזױ פיל, װיפל זײ זענען װערט געװעזן. צו ק"ן [הונדערט פופציק] אַדומים, דאַכט זיך, אַזױ װי עס װאָלט ערשט נעכטן געװעזן, נאָר זײ האָבן בעשום־אױפן ניט געװאָלט נעמען. נו, זענען די צװײ שטובן דאָך אװאדע געבליבן, האַ? (ער עסט.)

טרײַנע. איך זאָל האָבן געלט, װאָלט איך נאָר אַזאַ שטוב געקױפט, װאָס ברענט ניט. אין די שטעט, אַז עס קומט דער זומער, ציטערן זײ אַלץ פאַר סרײפעס. נו, װאָלט איך מיר נאָר אַזאַ שטוב, װאָס ברענט ניט, געקױפט. װוּ נעמט מען נאָר געלט?

צאַלי. דער באַלסעם האָט געגעבן די סײמעס, האָבן זײ טאַקע גע־האָלפן פאַר די קלײנע סרײפעס, פּאַסעט. אָבער פאַר אַזאַ גזײרע, װי ס'איז געװעזן סװועס, איז דאָך אפילע די סוף און דאָס בעסמעדרעס אויך פאַר־ברענט געװאָרן, זאָלן סטובן בלײַבן סטײן? איז עש גאָר געמאָלט? (ער עסט) פּאַסעט, אַ גזײרע, אַ גזור מן השמים, פּאַסעט (ער עסט).

בערל יאָסעם. (פאַרבײַסט די ליפּן.) אָװאַ, אַזאַ שול, אַזאַ שײנע שול, אַזאַ װוּילע שול, מיט אַזעלכע װוּילע געמעלעכצן! אָװאַ, דער געשניצטער אָרנקוידעש, — נאָר אין שאַריגראָד איז דאָ אַזאַ געשניצטער אָרנקוידעש, מיט אַלערלײ כײַעס און פױגלען, — און דער לעװױאָסן איז געװעזן אױפגע־מאָלט. אָװאַ, אַזאַ געשניצטער אָרנקוידעש איז ניטאָ אין דער גאַנצער װעלט ניט. אָװאַ! (ער עסט דערבײַ.)

ייִדל פּעקלמאַכער. איז כאָטשע ניט מיר אַלײן שלעכט, איז דער גאַנצער װעלט שלעכט, װי איך הער. זאָגט־זשע, ר' צאַלי, איז אײַער טאָכטער טאַקע פון פאַר פײסעך אָן אין שאַריװקע בא אײַער שװאָגער טאַקע? (ער קערט זיך צו ר' נױעכן.) און איר, ר' נױעך, דאַכט זיך, װאָס טוט איר הי, ר' נױעך? גוט, אַז מען טרעפט באַקאַנטע לײַט.

ר׳ נויעכ. איכ פֿאָר אפֿ הילף צו א זונ, איכ. ר׳ צאלי ווייסט, אז איכ בינ הײַנט אויכ א נעבעכ, ר׳ צאלי ווייסט. דערצו, לוי־אלייכעם, דארפֿ איכ דאָ צום זנאכער. מײַנ ווײַבֿ קרענקט שוינ א צײַט, פֿירנ קאָנ מענ זי ניס, אָט, טאָמער וועט ער עפּעס הייסנ טונ. זאָגט־זשע, באלעבאָס, וואָס הערט זיכ דאָ מיט אײַער זנאכער, זאָגט־זשע, באלעבאָס? איז עס עמעס, וואָס מענ זאָגט, ער באווײַזט גרויסע זאכנ, איז עס עמעס? א גאנצנ וועג באגעגנט מענ פֿאָרנ פּריצים אונ ייִדנ, זיי קאָנענ זיכ ניט אָפּלויבנ, א גאנצנ וועג באגעגנט מענ. וואָס, וואָס איז דאָס פֿאָרט, וואָס?

בערל יאָסעמ. וואָס זאָל זײַנ? א קליפּע איז א קליפּע. מיר ווייסנ דאָכ דעמ אָנהייבֿ אפֿילע. ערשט הײַנטיקנ נאָכ־פּייסעכ האָט ער׳ס דערטאפּט. צווייִ פֿינגער האָט ער שוינ לאנג פֿארקרימטע, בא אימ בלײַבֿ עס. די יעמשטשיקעס זאָגנ, אז ער פֿלעג האלבֿע נאכט ארומצוגיינ אפֿנ צווינטער צישנ די פֿעגאָרימ איינער אליינ, אונ האָט עס געוואָלט דערטאפּנ. האָט ער׳ס דערטאפּט, דאָס רעכטע פּעפּערל. שטיקער גאָלד מאכט ער. זיי זאָגנ אפֿילע, ער טיילט זיכ מיטנ רועכ. איכ וויל באנאכט ניט שמועסנ דערפֿונ. (ער שפּײַט אויס אונטער זיכ.) טפֿו! ער וווינט שוינ ווי א סראָרע, גאָר אינ א באזונדער הויפֿל, דאָ אינ דאָרפֿ. ער וויל שוינ קיינ שרײַבער ניט זײַנ.

טרײַנע. א נויט איז אימ. יענער האָט שוינ עפּשער זעקס טויזנט גילדנ גרייט געלט, אונ שטרײַכט ווײַטער. ער וועט אָנשיטנ פּעסער מיט געלט.

בערל יאָסעמ. זאָגט־זשע, ר׳ נויעכ, וואָס איז אײַער פּארנאָסע? ארומ אײַכ איז עפּשער די וועלט ניט אזוי געשלאָגנ, ווי ארומ הי, הא?

ר׳ נויעכ. אָט ווי וועמענ. איכ זיצ הײַנט גאָר נאבערקע, איכ. איכ זיצ הײַנט אָנ א שום פּארנאָסע, זיצ איכ. דער פּסיאקרעוו, דער פֿאָרעצ מײַנער, דער פּסיאקרעוו! איכ האָבֿ בא אימ זעקס יאָר געהאלטנ די מילנ, איכ, האָט זיכ דער פּסיאקרעוו דערבייזערט, האָט ער זיכ, ווײַל איכ האָבֿ מיכ אײַנגעשפּארט, איכ, א האנאָכע זאָל ער מיר געבנ פֿאר דעמ שטארקנ ווינטער, א האנאָכע זאָל ער מיר געבנ. די מילנ זענענ דאָכ געשטאנענ פֿארפֿרוירנ, די מילנ. האָט ער מיכ גאָר ארויסגעוואָרפֿנ, האָט ער מיכ. ראטע האָבֿ איכ אימ געמוזט צאָלנ, ראטע, אונ מיכ האָט ער ארויסגעוואָרפֿנ, מיכ. ווארפֿנ זאָל עס אימ, אז דער זנאכער אפֿילע זאָל אימ ניט קאָנענ העלפֿנ, דער זנאכער. פֿאָר איכ׳ס דאָ צומ זונ, פֿאָר איכ, טאָמער וועט ער מיר עפּעס געבנ, טאָמער, איכ זאָל מיר קאָנענ מיט עפּעס די הענט צעפֿירנ, איכ. שלעכט אָנ פּארנאָסע, שלעכט. אלע ייִדנ איז נעבעכ אצינד שלעכט, אלע ייִדנ. נו, בענטשט, ר׳ צאלי, בענטשט. (אלע גיסנ זיכ אָפּ די הענט אונטערנ טיש.)

בערל יאָסעמ. אָט, זאָגט איר אײַכ. אָט, וואָס גייט אָפּ מײַנ שוואָגער מאני דעמ רײַכנ? אביסל האָט זיכ אימ געהאט טכילעס־זומער פֿארקאָלויצעט מיטנ איידעמ, האָט ער אימ אָפּגעגעט, אונ טוט הײַנט מיט דער טאָכטער

א ווילנ שיזעכ, מיט א האָלצ־הענדלער ר׳ שויעל, איינער פונ בא אָסטרע. ווי זאָגט דער גוי א שפּרעכוואָרט: „באָהאטאָמו דיטע קאָלישעט״. האָט גראָד געדארפט פאר פייסעכ דער ר׳ שויעל ווערנ אנ אלמענ, אונ איבערמאָרגנ איז די כופּע. אז דאָס מאזל שפּילט... (א סטאָראָזש ברענגט אריַינ שטרוי אונ ווארפט אנידער אינ מיטנ שטוב.)

**יידל פעקלמאכער.** יענע נאכט האָבנ אינ יענער קרעטשמע, אינ ניבי־ליווקע, האָבנ יידנ פונ אָסטרע גענעכטיקט, האָבנ זיי צישנ זיכ געשמועסט, אז דער ר׳ שויעל איז ניט לאנג דאָ געוועזנ א געזונטער אוישער, נאָר אצינדערט שטייט ער זייער שמאָל, טאקע גאָר ענגלעכ, ווייל ער איז געבליבנ ליגנ מיט זייַנ געהילצ אינ די וועלדער אפ א גאנצ יאָר. אונ א באל־כויוו איז מענ בא אזא מאסע־מאטנ, איז אימ גאָרניט גוט געוועזנ, טאקע גאָרניט גוט. איז עס אימ געראָטנ, וואָס דאָס ווייַב האָט אימ דאָ א שטארב געטאָנ, טוט ער א כאפּ בא ר׳ מאניִנ מיט דער טאָכטער א שיינעמ נאדנ, אונ ריכט זיכ בא ר׳ מאניִנ צו אנטלייַענ א צוויי טויזנט רענדלעכ, ער זאָל זיכ קאָנענ אויסדריייענ. (א יעמשטשיק קומט נאָכ בראָמפנ, אונ הייסט גיכ געבנ, וואָריִנ די פּאָטשט פירט מענ אוועק. טרייַנע גיט בראָמפנ.)

**טרייַנע.** א גרויסער ניטערעס דאָ איז מייַנ ברודער צוויי טויזנט רענדלעכ. (זי טוט א שפּיַי) טפו! אונ אז דער ר׳ שויעל האָט הייַנט אפילע ניט קיינ געלט, אָבער אנ אוישער איז ער. וואָלט איכ דאָס מייַנ אייגנס געהאט, וואָס מייַנ ברודער האָט נאָר דער געט געקאָסט, וואָלט איכ גאָר אפילע ניט געהאט צו זאָרגנ.

**בערל יאָסעמ.** איכ וויל גאָרניט אזוי פיל, האלב וואָלט פאר מיר הייַנט אויכ גענוג געוועזנ. איכ וואָלט קוידעמ־לאקאָל געהאט ראטע צו צאָלנ. (ער זיפצט) אוי איז מיר, וואָס קומט מיר ארויס פונ מאניס אשירעס? אָט בעסער לאָמיר ניט ברענענ אומזיסט קיינ ליכט, בענטשט, ראבויסימ. (צאלי בענטשט מעזומענ, אלע בענטשנ אָפּ.) ר׳ נויעכ מיטנ אנדערנ יידנ, לייגט אייַכ דאָ אפ דעמ שטרוי, וואָס דער סטאָראָזש האָט אריַינגעבראכט, טאקע נעבנ טיש לייגט אייַכ. אונ איר, ר׳ צאלי, ווו וועט איר אייַכ בעטנ? טרייַנע, בעט זיי ערגעצ.

**צאלי.** ווייסט איר וואָש, לאָז מיכ דער שטאָראָזש אָפּפירנ אפ דער שטאנציע אריַינ, וועל איכ מיכ מיט דער פּאָטשט אריבערכאפּנ טאקע באנאכט קיינ סאריוווקע. (ער נעמט זייַנ טפילנ־זאק אונטערנ אָרעמ אונ קושט די מעזוזע. אינעמ אוועקגייענ, זאָגט ער.) זייַט געזונט, א סיינעמ דאנק פאר דער וועצערע. זייַט געזונט, ר׳ נויעכ, זייַט געזונט, ר׳ יידל. סטאָריזש, כאָדי נא מענע.

**אלע.** (לאכנ) פאָרט געזונט, ר׳ צאלי. אוי, רעדט ער גויִיש! (אלע לייגנ זיכ שלאָפנ. מענ פארלעשט דאָס ליכט.)

# ז. דעם אייגענעם באנאכט, ארום האלבע נאכט, אינדרויסן און אינעווייניק אין דער שלאכאָווע קרעטשמע בא בערלען.

*(די שלאכאָווע קרעטשמע האָט א פענצטער בא דעם בעט, וווּ בערל יאָסעם שלאָפט און טרייַנע זייַן ווייַב. נעבן טיש די וואנט איז אפּ א פּידאשעק, וווּ דער טיר איז. דאָרטן איז אויך א פענצטער און דערבייַ א טיר. נעבן דער טיר שלאָפן דאָ אפּ דער ערד ר׳ נויעך און ייִדל פּעקלמאכער. די טויערן און די טיר איז צוגעמאכט, און ס׳איז פינצטער. אין דרויסן בא דעם פענצטער, וואָס בא בערל יאָסעמס בעט, שטייט עפּעס, גרויס ווי צוויי מענטשן הויך, גאָר פארהילט אין שווארצן, מען זעט ניט קיין קאָפּ. אין מיטן אפּ דעם שווארצן איז געגארטלט מיט ווייַסן אפּ א גאנצן הויכן שטעקן, איז ווי א ווייַסע פאָן. דער שטעקן איז אייַנגעשטעקט אינעם ווייַסן גארטל, דערבייַ, צום ווייַסן גארטל, איז צוגעבונדן א הילצערנער גלאָק, אזוי ווי מען הענגט אוף אמאָל אן אָקס אין דער טשערעדע אפּן האלדז, קעדיי מען זאָל הערן. דאָס רופט מען קאלאט.)*

**עפּעס.** (מיט א ווילד גראָב קאָל.) בערל, בערל! טרייַנע, טרייַנע! נאָר אייַך איז באשערט, נאָר אייַך! דיר, בערל, מיט דיר, טרייַנע. שטייט אוף, קומט ארויס צום אויצער. דער אויצער איז אייַך באשערט, נאָר אייַך, גיכער, גיכער! דער אויצער ברענט, און איר, נאָר איר, וועט נעמען דעם אויצער. בערל, בערל, טרייַנע, טרייַנע, שטייט אוף, קומט ארויס! (דאָס עפּעס שווייַגט שטיל, הערט מען פון אינעווייניק:)

**בערל יאָסעם.** טרייַנע, צי דו שלאָפסט? הערסטו, אן אויצער ברענט. ריר דיך גיכער, טרייַנע, גאָר שטילערהייט, לאָמיר ארויסגיין, שא!

**טרייַנע.** (מיט א פלאטעריק קאָל) אויבער איך הער? מען רופט דאָך אי בערל, אי טרייַנע,—די פרעמדע ייִדן זאָלן ניט דערהערן. מיך דאכט, מען רופט ווידער. שא, שטיל, נעם שלאָג אוף פייַער, און שטילערהייט, גיכער, און צינד אָן דאָס ליכט, בערל, נאָר מיט סייכל, די ייִדן זאָלן ניט דערהערן. שא.

**עפּעס.** (קוויטשעט אפּ א דינ קאָל) בערל, בערל, דו זאמסט דיך! טרייַנע, טרייַנע, דו זאמסט דיך! באלד וועלן די הענער קרייען. איך קאָן ניט וואַרטן. גיכער, קומט ביידע ארויס צום אויצער, אייַך איז באשערט!

**בערל יאָסעם.** (פון אינעווייניק) דער סטאָראָזש, דער פּסיאיאָכע, איז ניט צוריקגעקומען, דער רועך ווייסט אים, וווּ ער האָט געלייגט דאָס פייַער־געצייַג. קום, טרייַנע, וועלן מיר אין דער פינצטער ארויסגיין, נאָר אין דער שטיל, שא. איך נעם אפּ מיר די ציצעס, האָב איך קיין מוירע ניט, און דו האלט דיך אָן אינעם ארבע־קאנפעס, טרייַנע. נאָר שטילערהייט, די ייִדן זאָלן ניט דערהערן. קער איבער א פאנטאָפל, טאָמער וועט מען דארפן ארייַנווארפן אינעם אויצער, ער זאָל זיך לאָזן נעמען. שא, די ייִדן זאָלן ניט דערהערן.

**טרייַנע.** (פון אינעווייניק מיט א צאפלדיק קאָל.) בערל, וווּ ביסטו? איך האָב אפּ מיר ארופגעכאפּט דאָס קלייד, און אבי איך גיי ניט באָרהאפּטיק, האָב איך אין דער פינצטער געכאפּט דייַן ספּאָדעק. באנאכט, ווער זעט עס. גיב מיר דעם

עק פון דײַן ארבע־קאנפעס, לאָמיך מיך אָנהאלטן. גיכער קום ארויס. שא, די ייִדן זאָלן ניט דערהערן.

**בערל יאָסעם.** (פון אינעווייניק. קוים וואָס מען הערט.) נו, נעם אָן א ציצע, און דעם פאנטאָפּל גיב מיר אין דער האנט ארײַן, טאָמער דארף מען ארײַנוואַרפן, גיכער.

**טרײַנע.** (פון אינעווייניק מיט א שפּעט־לאָשן.) אוואדע, פּשיטע, האָב איך מיר אָנגעגרייט. פארוואָס נאָך דיר דעם פאנטאָפּל, איך קאָן אַליין אויך ווארפן צום אויצער דעם פאנטאָפּל. (זי מיט בערל יאָסעם גייען שטילערהייט, עפענען די טיר און גייען ארויס. בעשאס זיי זענען ארויסגעגאנגען, שמועסן ר׳ נויעך מיט ר׳ ייִדל פּעקל־מאכער אף זייער געלעגער.)

**ייִדל פּעקלמאכער.** (פון אינעווייניק, מיט א קוים צו הערנדיק קאָל). ר׳ נויעך, איר הערט וואָס דאָ טוט זיך? וואָס שווײַגט איר? איך גיי אויך ארויס צום אויצער. מימאָנעפשעך, איײַ, ס׳איז א שטיקל סאקאָנע? לאָז זיך מיר דאכטן, איך גיי איבער א קאמער מיט א פּעקל, ערגער קאָן מיר שוין ניט זײַן, ווי ס׳איז מיר. נו, און איר? עפּשער דארפט איר גאָרניט אזוי געניטיק דאָס געלט? כלעבן, איר האָט א רײַכן זון. ווו וווינט אײַער זון?

**ר׳ נויעך.** (פון אינעווייניק, אויך זייער שטיל.) מײַן ליבער ייִד, סטײַטש, איך דארף ניט קיין געלט, מײַן ליבער ייִד? איך בין שוין אפילע אָנגעטון, איך. נאָר מיט סייכל מוזן מיר אונדז פארקריכן אין א ווינקעלע, מוזן מיר, די קרעטשמארעס זאָלן אונדז ניט זען, די קרעטשמארעס. לאָמיר קריכן אף די בײַכער ארויס, לאָמיר קריכן. (ער און ייִדל פּעקלמאכער קריכן ארויס פון דער קרעטשמע אף די בײַכער און בלײַבן שטיל אין עק פּידאשעק ליגן. בערל יאָסעם מיטן ווײַב זענען ארויס־געגאנגען שוין פונעם פּידאשעק צו דער זײַט, ווו דאָס פענצטער איז נעבן זייער בעט, און דער־זעעןביידע דאָס עפּעס.)

**בערל און טרײַנע.** (דערשרעקן זיך ביידע און טוען א געשריי.) שמא ייִסראָעל, א גאָט געזעגנס, שמא ייִסראָעל! בערל, האלט מיך, די נעשאָמע גייט מיר אויס!

**עפּעס.** (ווערט אף העלפט קלענער און טוט א קלאַפּ מיט דעם קאלאט, דערנאָך רעדט ער אף א מעשונענער גראָבן קאָל.) שטילער, שרײַט ניט, מען זאָל אײַך, בערל מיט טרײַנען, ניט דערהערן. שרעקט אײַך נישט, דערשרעקט אײַך ניט. א, הערט ביידע, וואָס איך זאָג אײַך: אין עק דאָרף, אין דער פּוסטע שטוב ליגט אן אויצער, אײַך איז דער אויצער באשערט. מאָרגן, מאָרגן, הערסטו, בערל, הערסטו, טרײַנע. מאָרגן, האלבע נאכט זאָלט איר קומען אהין אין דער פּוסטע שטוב ארײַן, וועט איר נעמען דעם אויצער.

**בערל יאָסעם.** (מאכט זיך הארץ און עפנט די אויגן.) טרײַנע, שרעק דיך ניט, נאר, איך וויל פרעגן, ציטער ניט. (ער פרעגט) וועט זיך דער אויצער לאָזן נעמען? איאָ, טרײַנע, איך פרעג גוט? האָב קיין מוירע ניט, נאר, האלט דיך אָן אין דער ציצע.

עפּעס. (טוט א קלאַפּ מיט דעם קאלאט און רעדט אַפּ א דינ קאָל קוויטשעדיק.) יאָ, בערל, יאָ, טרײַנע, אײַך איז דער אויצער באַשערט. נאָר איר זאָלט ווײסנ: (אַפּ א גראָב קאָל) אײַך וועט מענ פריִער אינ דער פּוסטער שטוב קלאָמערשט פּרוּוונ. זאָלט איר קלוג זײַנ און זאָלט הערנ און זענ און שווײַגנ, און זאָלט אײַך ניט ארויסכאַפּנ מיט א וואָרט, כאָלילע. איר וועט זענ מענטשנ אָנגעטונ, וועט זיכ אײַך דאכטנ, דאָס איז דער, דאָס איז יענער, א באַקאַנטע[ר], א היי־מישער מענטש, זאָלט איר ווײסנ, אַז דערמיט פּרוּווט מענ אײַך נאָר. הערסטו, בערל, הערסטו, טרײַנע, הערט און זעט און שווײַגט, כאַפּט אײַך ניט ארויס מיט א שום וואָרט. דערנאָכ, אַז איר וועט בײַשטיינ די פּרוּוו, וועט איר נע־מענ דעם אויצער. נעמט מיט זעק און טאָרבעס. איכ מוז פארשווינדנ, איכ מוז גײנ אינ רו ארײַנ. (ער טוט א קלאַפּ מיט דעם קאלאט.) נו, געדענקט, וואָס איכ האָב אײַך אָנגעזאָגט. געדענק, בערל, און דו, טרײַנע: הערנ און זענ און שווײַגנ. (דאָס עפּעס ווערט ווידער אזוי הויכ ווי צוויי מענטשנ גרויס, טוט א קלאַפּ מיט דעם קאלאט און ווערט פארשווונדנ, ארונטער אונטער דער קרעטשמע ארונטער. מענ זעט מער ניט, מענ הערט מער ניט.)

בערל. (דערשראָקנ און פאָרט פריילעכ.) האָסטו געזענ, טרײַנע, ווי ס'איז גע־וואָרנ גרעסער און גרעסער ביז אינ דאכ ארײַנ? פריִער איז עס געוואָרנ קלע־נער און קלענער, גאָר ביז צו דער ערד, דערנאָכ האָט עס א שוועב געטונ און איז פארשוווּנדנ געוואָרנ. א פּאַכעד! א מאראָכע, וואָס איכ האָב מיכ ניט קיינ מינוט ניט דערשראָקנ. א ייִדענע בלײַבט א ייִדענע, זארעז כאַלעשנ. נאָר זע, טרײַנע, דו זאָלסט דיכ דאָרטנ אײַנהאלטנ, דו האָסט דאָכ א טעווע צו רעדנ, ווײַבער האָבנ נײַנ מאָס רייד, דערפאר האָב איכ נאָר מוירע פאר דיר.

טרײַנע. ווי א מעשוגענער רעדסטו עפּעס! סטײַטש, איכ וועל ניט שווײַגנ? אַז מענ זאָל מיכ אפילע האקנ און בראָקנ, וועל איכ די פּארע ניט ארויסלאָזנ. איכ וועל מיט דער פּאטשיילע מיר פארבינדנ דאָס מויל, מענ זאָל אפילע מײַנ דעכ ניט הערנ. (פריילעכ) איאָ, בערל, אַז מיר וועלנ האָבנ דעם אויצער, וועלנ מיר רײַכער זײַנ פונ מײַנ ברודער. וועלנ מיר דינגענ ארום דעם גאנצנ שליסל מיט אלע דערפער, און די סטאנציע וועלנ מיר שוינ האלטנ, ניט מאני, און די קרעטשמע טאקע אויכ. נו, אָבער א שטערנטיכל וועסטו מיר מאכנ, נאָכ א גרעסערס פונ גיסיס, און א ברוסטוכ מיט שפּאניר־גאָלד, און א מאָרענער יופּע, די גאנצ ווילע. פּארוואָס ניט, שטייט מיר עפּשער ניט אָנ, וואָס? אינ שטאָט וועלנ מיר זיכ קויפנ א שטוב, וואָס ווערט קיינמאָל ניט אָפּגעברענט. איאָ, בערל, דו האָסט דאָכ אליינ דערציילט? דיכ וועט מענ שוינ רופנ בערל דער רײַכער, ניט בערל יאָסעמ.

בערל. אָט, אָט רעדסטו שוינ אינ איינ שטיק. יענע מײַנע, אָלעוו־האַ־שאָלעם, האָט געטויגט צו אזא זאכ. (ער טוט א זיפץ.) זי האָט געקאָנט שווײַגנ א גאנצנ טאָג, און דו רעדסט אינ איינ שטיק, פאר פײַער און פאר וואסער.

צור טיבי! איך ציטער טאקע, אז דו וועסט דאָרטן באַם אויצער דיך ניט אײַנהאַלטן, וועט דער אויצער פאַרשווינדן. איך בעט דיך, געוויין דיך פון צינדערט אָן גאָרניט צו רעדן אַ גאַנצן טאָג, נאָר געשוויגן, נאָר געשוויגן, גאָרניט. צוויי פינגער אפן מויל און שטיל. לאָמיר אזוי שטילערהייט צוריק אַרײַנגיין און זיך גאָר שטיל אַנידערלייגן אפן געלעגער, די ייִדן זאָלן ניט דערהערן. שאַ, שטיל.

טרײַנע. זעסטו, בערל, איך מוז דאָס נאָר נאָך זאָגן, דערנאָך, אז דו וועסט מיך הערן איינע וואָרט אפילע אַרויסרעדן, מעגסטו מיך האַרגענען צו טויט אפילע, וועל איך דיר אַ וואָרט דערפאַר ניט רעדן. ווו איז אונדזער סייכל הינגעקומען, וואָס מיר האָבן ניט געפרעגט — נאָר יאָ, מאַכמעס שרעקעניש האָסטו פאַרגעסן, מײַן בערל דער רײַכער, און איך אויך, — אויב מע זאָל ניט עפּשער אַריבערגיין פריִער צום זנאַכער, האַ? ער איז טאקע אַ פּסיאַקרעוו, נאָר ער ווייסט דאָך פאָרט זייער פיל. איאָ, מע האָט געדאַרפט צו פרעגן?

בערל. דו ביסט טאקע אַ נאַר. אַ ייִדענע האָט לאַנגע האָר און אַ קורצן סייכל. וואָס דאַרפן מיר דעם זנאַכער בעטן, אז ס'איז צו אונדז אַליין געקומען? וואָס דאַרף מען מער, נאַר איינער. (זיי גייען אַרום פאַר דער קרעטשמע.) לאָמיר שוין ניט שלאָפן, זומער איז עס, ווי איז דאָ ניט באַלד טאָג אָקאָרשט מע זעט ניט? וועלן מיר אָפּשמועסן, וויפל זעק מען זאָל מאָרגן מיטנעמען. (ער מיט טרײַנען גייען אביסל ווײַט אוועק פון דער קרעטשמע. דערווײַל שמועסן דאָ ר' נויעך מיט ייִדל פּעקלמאַכער, אפ די בײַכער ליגנדיק.)

ייִדל פּעקלמאַכער. איך האָב גוט געהערט איטלעכס וואָרט, ר' נויעך. איך האָב האַנאָע, אז דער צאַלי איז דאָ ניט דערבײַ. מיר ביידע דאַרפן עפּשער אביסל געניייטיקער געלט האָבן פון אים. אזא כאַסידינע האָט גאָר קיינמאָל ניט צו זאָרגן. ער מאַכט אַרום דעם ר' לייב שפּיצעניצער די קאַץ. איך זאָל הײַנט האָבן דאָס, וואָס איך האָב דעם ר' לייבן אוועקגעגעבן, און אומזיסט, וואָלט איך ניט געדאַרפט קאַפּצענען. אָט גיי איך שוין דרײַ כאַדאָשים מיט נאָך אַ כוידעש עפּשער אין איין העמד און רײַס פון מיר דאָס לײַב. איך זאָל כאָטשע דאָס רענדל האָבן, וואָס איך האָב פאַר פּייסעך ערשט דעם צאַלינ געגעבן. גלויבט מיר, ר' נויעך, ס'איז גאָר לאַכלוטן אַ גענאַרערײַ. אזא רעבע זאָגט איטלעכן צו און נעמט דערפאַר די גוטע געלטן, וואָס אַרט עס אים, אז עס לאָזט זיך אויס ניט אזוי? פאַר דעם פּאָפּערעק קערט ער ניט אום ניט אַ גראָשן. אָט, עס איז נאָר אַ גענאַרערײַ.

ר' נויעך. און מײַנע דאַלעס איז אויך נאָר פון דעם ר' לייבן אַרויסגעקומען, מײַן דאַלעס. ער האָט מיר צוגעזאָגט, אז דער פּאָרעץ וועט מיר געבן אַ האַנאָכע, האָט ער מיר צוגעזאָגט, און האָט מיר געהייסן, איך זאָל מיך טאקע אײַנשפּאַרן, האָט ער מיר געהייסן. האָב איך דעריבער מיך שטאַרק אײַנגעשפּאַרט אקעגן פּאָרעץ, האָב איך מיך אײַנגעשפּאַרט, דאַפּקע אַ האַנאָכע אפ די מילן, דאַפּקע. נו, האָט ער זיך דערבייזערט, דער פּאָרעץ מײַנער, האָט

ער זיך דערבייזערט, און האָט מיך, הערט איר, מדחה געווען גאָר פּרעטש, אַרויס פון דער ארענדע, מדחה געווען. נאָר דאָס, פּראָוודע, האָט ער מיר געפּויעלט, נאָר דאָס, אַז די פּרעסט האָבן פּלוצים פאַר פּייסעך אָפּגעשלאָגן, די פּרעסט, און איך האָב געהאַט מאָלעכץ אין די מילן פאַר די כאַגאָעס, האָב איך געהאַט מאָלעכץ. ער האָט מיר טאַקע דאָס צוגעזאָגט, ער.

ייִדל פּעקלמאַכער. אָט קומט בעסער, לאָמיר זיך אַרײַנכאַפּן און צוריקלייגן אָפּ אונדזער שטרוי, ווען זיך די קרעטשמאַרעס ניט שטויסן, אַז מיר האָבן דאָ געהערט, וואָס דאָ האָט זיך געטון. (ביידע גייען אַרײַן אין קרעטשמע אַרײַן, און מען הערט, ווײַל די טיר איז אָפּן, פון אינעווייניק, וואָס דער ייִדל פּעקלמאַכער זאָגט.)

ר׳ נויעך, מיר ברענט עס ווי א פײַער, אָט דאָס, וואָס איר האָט מיר דאָ דערציילט. פּע, גאָר כאַלאָשעס. סטײַטש, דאָס איז דאָך א פּראָסטע ציגײַנערײַ. דענצמאָל, פאַר פּייסעך, זאָגט איר, האָט ר׳ לייב שפּיצעניצער אײַך צוגעזאָגט, די פּרעסט זאָלן אָפּלאָזן, איר זאָלט האָבן וואַסער אָפּ די מילן. איך גיי אויס, איך כאַלעש, עס ברענט מיך טאַקע! סטײַטש, טאַקע דענצמאָל איז דאָך געווען דער ר׳ שויעל אָסטרער, וואָס האַנדלט מיט געהילצן פון די וועלדער, האָט דאָך דער ר׳ לייב אים צוגעזאָגט, אַז די פּרעסט וועלן האַלטן ביז איבער פּייסעך אַריבער, קעדיי ער זאָל קאָנען מיט שליטן די געהילצן פון די וועלדער אַרויסשלעפּן. אָט דאָס הייסט געליגנערט אהין אי אהער. לאָמיר דאָס אוועקלייגן. אַז דאָס נאַרישקײַט גילט, וואָס טויגן די כאָכמעס? הערט איר, ר׳ נויעך, איך וועל דאָך בלויז בלײַבן דאָ א גאַנצן טאָג, ווו וועט איר זײַן, איר וועט דאָך אוועקפאָרן? אַז ניט, וועלן די קרעטשמאַרעס זיך שטויסן.

ר׳ נויעך. איך וועל זאָגן, מײַן פערד איז כוילע, קאָן איך ניט פאָרן, וועל איך זאָגן. שא, זיי גייען, שא! (בערל יאָסעם מיט טרײַבער גייען אַרײַן און מאַכן צו די טיר גאָר שטיל.)

## 8. אין דרײַ טאָג שפּעטער, אין שטעטל שאַריוווקע, בא דעם דײַען ר׳ בעני. פאַרנאַכט.

(נעבן דער שול, אין אן אונטערגעסל, איז א גאַנץ קליין שטיבעלע, זייער אַלט. דאָ וווינט ר׳ בעני דײַען. אינעווייניק איז זייער אָרעם, קאַפּצאָניש. דאָ שטייט א בעט מיט זייער אָרעם בעטגעוואַנט, דאָ איז דער אויוון, וואָס מען קאָכט, דאָ איז א שאַפּע מיט אַלטע צעריסענע ספאָרים, דאָ שטייט א טישל, מיט שטריקלעך צוגעבונדן די פיסלעך, דאָ זענען בענקלעך צעבראָכענע. און אָפּ דער וואַנט, נעבן בעט, זעט מען א דרײַרערדיקן מעשענעם לײַכטער און א קאַפּטן, דערבײַ אן איבערגעקערט שטרײַמל הענגען אָפּ טשוועקעס, און אָפּ פּלעקער, אַרײַנגעשלאָגן אין דער וואַנט. ר׳ בעני שטייט שמוינע־עסרע פון מינכע־דאַווענען. קיינער איז ניטאָ, נאָר ער אַלייִן. קומט אַרײַן—)

ר׳ שויעל אָסטרער. (ער זעט, אַז ר׳ בעני דײַען דאַוונט, וויל ער זיך אַנידערזעצן אָפּ א בענקל. פאַלט ער, ווײַל דאָס בענקל צענעמט זיך. שטייט ער אויף און פאַריכט דאָס

בענקל און זעצט זיך. דערבײַ זיפֿצט ער זייער שווער.) זאָגט־זשע, ר׳ בעני, האלט איר שוין ווײַט באַלד אויסצוגיין? זאָל איך ווארטן א גאנצן טאָג? איך ווער שיר משוגע טאקע. נו, ר׳ בעני?

ר׳ בעני. (גייט אויס שמוינע־עסרע און זאָגט נאָך דאָס איבעריקע.) זיצט אנידער, איך וועל באַלד דערדאווענען. די זון האָט זיך געזעצט. הא? (ער דאוונט ווײַטער ביז ער ענדיקט, דערנאָך זעצט ער זיך אקעגן ר׳ שויעל אָסטרער.) מײַנע איז אוועקגעגאנגען, האָט אפילע קיינער ניט א ליכט אָנצוצינדן. אײַך איז, נעבעך, סקוטשנע, ר׳ שויעל?

ר׳ שויעל אָסטרער. אײַער שאריוּוקע איז דאָך א משוגענע שטאָט. סאמע פּליאות. איך בין אָנגעקומען אהער יענע נאכט, ארום האלבע נאכט, האָב איך בא מיר געטראכט: כלעבן, טאקע, אונדזער ר׳ בעני זיצט אוודע און לערנט באנאכט. ווי איך בין ארײַנגעפאָרן אין דער גאָספּידע ארײַן, לאָז איך די פור מיט די זאכן דאָרטן און איך יאָג מיך צו אײַך געוואָר צו ווערן, אויב איר האָט ר׳ מאניס געגעבן אָנצוהערנס מיקויעך די צוויי טויזנט רענד־לעך, וואָס איך האָב אײַך געשריבן איבעם בריוועלע, ער זאָל מיר צו מײַן מאסע־מאטן אנטלײַען. נו, קום איך, און קלאַפּ אָן בא אײַך, דערוויש איך אײַער ווײַב, נעבעך, אין איינ ציטערניש, און איר זענט גאָר ניטאָ אינדערהיים. ווו איז ר׳ בעני? זי ענטפערט מיר נישט און וויינט. ווו איז פאָרט ר׳ בעני? עפשער אפ א כאסענע, עפשער אין בעסמעדרעש? איך דארף אים האָבן גע־נייטיק. ענטפערט מען מיר, מען טאָר ניט זאָגן, און וויינט און ציטערט. ווײַ־טער הייב איך מיר אופ און גיי שוין צוריק אין מײַן גאָספּידע ארײַן. אלע שלאָפן און כראָפּען, מוז איך מיך, איזלעכאָם, אויך לייגן שלאָפן. אינדערפרי־שיק איך צום מעכוטן זאָגן, אז איך בין אָנגעקומען. קומט דער באלעבאָס פון דער גאָספּידע צוריק מיט א ציטערניש, און ברעכט די הענט, פארסאפּעט, און קאָן ניט א וואָרט ארויסרעדן. וואָס איז, וואָס איז? א נײַס, א גרויס אומגליק. ר׳ מאניס באסיעכידע איז ניטאָ, מען ווייסט ניט, וואוהין זי איז הינגעקומען. א טייל זאָגן, מען האָט זי געזען גיין באָדן אין טײַך ארײַן, איז זי עפשער דערטרונקען געוואָרן, כאס־וועשאָלעם. עס טוט זיך כוישעך. א געוויין, א יעלאָלע. דער זנאכער איז שוין דאָרטן. ר׳ מאני מיטן ווײַב וויינען פאר אים, און ער זאָגט, זיי זאָלן גאָרנישט מוירע האָבן.

ר׳ בעני. (טוט א זיפֿץ) ס׳איז טאקע א גרויס ראכמאָנעס אפ פאָטער און מוטער. דער היגער טײַך דארף אלע יאָר האָבן א מענטשן. דער ראוו, זיכ־רוינע־ליווראָכע, האָט אמאָל געוואָלט מחרים זײַן דעם טײַך. אוּבּיפּראט א קאלע פאר א כאסענע איז טאקע נאָך מער סאקאָנע. אוי איז מיר, נעבעך, דער ר׳ מאני האָט מער ניט, נאָר די טאָכטער, זייער א גרויסע יפת־תואר און א כאכאָמע. אוי איז מיר!

ר׳ שויעל אָסטרער. לאָזט־זשע מיך ווייַטער אויסרעדן פון שאַריוּוקער פליאות. אז איך קום אינדערפרי פאַרביטערטערהייט ווידער צו אייַך, זאָגט איר מיר, איר קאָנט מיר ניט א וואָרט זאָגן, ביז די זון וועט אונטערגיין. איך בין שיר מעשוגע געוואָרן היינטיקן טאָג. פון אַלע זייַטן יעסורים און פליאות. איר נעמט א געפּעש אַף אייַך, ר׳ בעני. וואָס טוט זיך מיט אייַך אין דעם שאַריוּוקע?

ר׳ בעני. פון דעם, וואָס איר האָט יעסורים, האָב איך אויך יעסורים. ס׳איז אַף דעם מאַנינ מיטן ווייַב נאָך מער ראַכמאָנעס, ווי אַף אייַך. און וואָס איר ווילט דאַפקע וויסן, ווו איך בין באַנאַכט געוועזן, זאָג איך אייַך אַף מייַן וואָרט, אַז איך האָב אַפילע פאַר מייַן ווייַב ניט געטאָרט זאָגן. (מען זעט א ייִדענע, אָרעם און אַלט, קומט אַרייַנצוגיין מיט א ליכט אָנגעצונדן, און בלייַבט שטיין נעבן ר׳ בעני דרייענ.) אָט איז זי, מייַן ווייַב, טאַקע גוט, מיט א ליכט, ס׳איז שוין פינצטערלעך. היינט מעג איך אייַך ביידע אויסזאָגן. (ער פאַרהוסט זיך.)

ר׳ שויעל אָסטרער. שטעלט איר, ר׳ בעניס ווייַב, זייַט־זשע מויכל, דאָס ליכט אַרייַן אין לייַכטער, וועלן מיר ביידע צוהערן די פליאות פון שאַריוּוקע. (דעם ר׳ בעניס ווייַב שטעלט אַרייַן דאָס ברענענדיקע ליכט אינעם דרייַערעדיקן לייַכטער אַף דעם טיש און קומט צוריק הערן, וואָס ר׳ בעני דערציילט.)

ר׳ בעני. איר האָט דאָך אוואַדע געזען אינעם קב־הישר? א כידעש פון א סייפער! נאָר מיר דאַכט, ס׳איז אַף טייַטש־כומעש־לאָשן אויך שוין דאָ. מייַן ווייַב האָט עס אויך געמוזט לייענען. (ר׳ בעניס ווייַב שאָקלט מיטן קאָפּ און הערט אינ־דערגיך.) מיילע, מוזט איר דאָך געדענקען די מייַסע מיטן מויעל. אַז עס שטייט אין אַזא סייפער־האַקאָדעש, איז דאָך עס אַן עמעס. א פּאַכעד פון א מייַסע, געדענקט איר זי?

ר׳ שויעל אָסטרער. (טוט א זאָג מיט פאַרדראָסיקייַט.) וואָס טויגן מיר די מייַסעס? זאָגט אונדז בעסער מיקויעך דער זאַך.

ר׳ בעני. אַז מייַן ווייַב שווייַגט, ווייַל זי קען מיך, כאָטשע זי איז, מעכילע, אַן אישע, ווייסט זי, אַז מען טאָר מיך ניט מעוואַלבל זייַן אַפילע מיט א וואָרט. שווייַגט־זשע איר אויך, ר׳ שויעל, ביז איך וועל גאָר ענדן. זי ווייסט, אַז מען שלאָגט מיר איבער כאָטשע מיט א וואָרט, הער איך לאַכלוטן גאָר אויף צו דערציילן. דעריבער איז זי ווי א שטומע, ווייַל זי וויל הערן די מייַסע, וואָס איך דאַרף צו דערציילן. האָט קיין מוירע ניט, איך וועל אַרויסקומען אַף אונדזער זאַך. (ער גייט צו און פאַרקייטלט די טיר.)

ר׳ שויעל אָסטרער. איך זאָג אייַך שוין צו, אַז איך וועל גאָר שווייַגן, נאָר דערציילט.

ר׳ בעני. אַזוי ווי דאָרטן אינעם קב־הישר שטייט די מייַסע מיטן מויעל, אַקוראַטנע אַזוי האָט זיך נעכטן באַנאַכט בא מיר, טאַקע מיט מיר געטראָפן. (ער קוקט זיך אַרום און אַרום.) מיר האָבן אָפּגעגעסן וועטשערע, און איך האָב מיך

אביסל געוואָלֿט לײגן אפ א פּאָר שאָ איבערכאַפּן דעם שלאָפ. האָט מען מיך פלֿוצים א וועק, אָבער א שטאַרקן וועק געטון, און מע האָט מיך — ווי אינעם קב־הישר שטייט — באם נאָמען גערופן, איך זאָל מיך געשווינד אָנטון און ארויסקומען. איך בין ארויסגעקומען, איז עפּעס געשטאַנען העכער פונעם דאַך, דערנאָך איז עס קלֿענער און קלֿענער געוואָרן, און זאָגט צו מיר אפּ א הײזעריק קאָל: „קום, קום, בעני, קום, דו זאָלֿסט אלֿץ טון, וואָס מען וועט דיר הייסן, און זאָלֿסט קיין שום וואָרט אין דער זײַט ארײַן ניט ארויסלאָזן פון דײַן מויל. אלֿץ, וואָס דו וועסט זען, זאָלֿסטו וויסן, דיר מעג זיך דאַכטן, נאָר דו זאָלֿסט צוהאַלֿטן דאָס מוילֿ און שווײַגן, און טון אָדער זאָגן, וואָס מען וועט דיר הייסן. געדענקסטו די מײַסע פונעם קב־הישר? דו וועסט אויך קומען אין אזא אָרט ארײַן. וואָס דו וועסט דאָרטן טון, טאָרסטו ניט אויסזאָגן, ביז א צײַט, אז מען וועט דיר מוידיע זײַן, און ביז מאָרגנדיקן טאָג, ביז די זון וועט ניט אונטערגיין, טאָרסטו אפילֿע ניט זאָגן דאָס, וואָס מיט דיר האָט זיך געטון בא דײַן שטוב אצינדערט". הײַנט זײַט אײַך מעשײַער, ווי מיר האָט געקלֿאַפּט איין צאָן אינעם אנדערן, ווי מע האָט מיך א כאַפּ געטון, און איבער וואלד און איבער פעלֿדער האָט עס מיך געטראָגן. צי רוכעס, צי פערד, ווייס איך ניט, אלֿץ איז געוועזן מיט שווארצן פון אויבן ביז אראָפּ. אין א פערטל שאָ בין איך געוועזן העט־העט ווײַט, איבער בערג און איבער טאָלֿן האָט עס מיך געבראַכט. איך ציטער נאָך אין אלֿע גלֿידער. נאָר וואָס איך האָב דאָרטן געטון, טאָר איך ניט אויסזאָגן. פאַרטאָג האָט עס מיך ווידער א טראָג געטון צוריק איבער טאָל און איבער בערג, איבער פעלֿדער און איבער וועלֿדער און האָט מיך אנידערגעשטעלֿט נעבן מײַן שטוב. (עמעצער רײַסט די טיר פון דרויסן, אלֿע ווערן דערשראָקן. מען קלֿאַפּט: „עפנט, עפנט". מען דערקענט אינעם קאָל ווער עס קלֿאַפּט.)

צאלֿי. (פון דרויסן) עפנט, ר' בעני, איך בין עס, צאלֿי. (ר' בעניס ווײַב גייט און קייסלֿט אָפּ, צאלֿי קומט ארײַן.) סא, סא! געלֿויבט איז קודסא בריך־הוא. פעסי איז, פאָסעט, ניט דערטרונקען געוואָרן אין טײַך, כאָלֿילֿע. פאָסעט איז פאָסעט. דער זנאכער האָט טייקעף געזאָגט: סרעקט אײַך ניסט. איך בין סוין געוועזן בא אײַך, ר' סויעלֿ, זאָגן די בשורע, האָט מען געזאָגט, איר זענט דאָ בא ר' בענין, (ר' בעניס ווײַב לויפט טייקעף אוועק.) בין איך, פאָסעט, אהער געלֿאָפן. כידעס־כידוסים, פאָסעט, מײַן סוואָגער מאני האָט דעם זנאכער א גאנצע טאָג ניט אוועקגעלֿאָזט, און האָט אים געגעבן, פאָסעט, גוזמאָעס געלֿט און בראָמפן, האָט ער זיך געפּאָרעט... ש'איז אפילֿע ניט רעכט.

ר' בעני. (טוט א זאָג מיט א געמאָרע־ניגן.) בשעת הדחק שאני, זאָגט די געמאָרע.

ר' שויעלֿ אָסטרער. אבי פעסי איז דאָ, מוז דאָך דאָרטן פריילֿעך זײַן די וועלֿט, הא? איך האָב אפילֿע פארגעסן צו פרעגן, און איר, ר' בעני,

האָס אויך פאַרגעסן צו פרעגן, ווו איז זי געוועזן, הא? איאָ, מיר האָבן פאַרגעסן ביידע?

צ א ל י. פּאָסעט איז פּאָסעט, זי ווייסט אַליין, נעבעך, אויך ניסט. פּאָסעט, גיסי מײַנע סוועגערנ איז ארוישגעגאנגען דאָ פאר א האַלבע סאָ פארנ אונטערטויער, טוט זי א קוק, סטייט פּעסי און ארבעט א זאָק, פּאָסעט, אפ דעם אייגענעם אָרט, ווו זי איז נעכטן געסטאנען. פּלוצים האָט זי א גרוישן געסריי געטון און איז כאַלאָסעס געבליבן. האָט מען דערהערט אינ סטוב, זײַנען פּאָסעט אַלע ארוישגעלאָפן. עס טוט זיך דאָרטן א ווילדס. פּאָסעט, די גאנצע סטאָט איז זיך געקומען צומויפצולויפן, פּאָסעט. קומט, קומט אהינ, וועלן מיר זען, וואָס עס טוט זיך דאָרטן, הא? נו, קומט סוינ.

ר׳ ש ו י ע ל אָ ס ט ר ע ר. (אינ איינ סימכע) הא, עפשער געשיקט זיך ניט, אז איך זאָל אהינ גיינ? איר, ר׳ צאלי, האָט מיך מעכײַע געוועזן מיט דער בסורע. איר גייט אײַך אהינ, און איך וועל גיינ אפ מײַנ גאָספּידע, וועט איר, ר׳ צאלי, מיך קומען רופן, אז דער מעכוטן, ר׳ מאני, וועט הייסן רופן דעם כאָסן. הײַנט מעג איך דאָך הייסן כאָסן, אז פּעסי איז באָרוך־האשעם ניט דערטרונקען געוואָרן. הא? ווי זאָגט איר, שאדכן ר׳ בעני? איאָ, איך בינ געהערכט. הא?

צ א ל י. סטײַץ, און איך בינ דען ניסט א סאדכן? פּאָסעט איז פּאָסעט, מיר מוזט איר באַזונדער געבן סאדכאָנעס, מעסונע גאָר סאדכאָנעס, גאָר מעסונע סאדכאָנעס.

ר׳ ש ו י ע ל אָ ס ט ר ע ר. ניינ, ר׳ צאלי, א שאדכן איז געוועזן נאָר דער ר׳ בעני, אז איר וועט מיר דאָ ביידע פּויעלן מײַנ אינטערעס, ר׳ מאני זאָל מיר אנטלײַען צוויי טויזנט רענדלעך אפּ א צײַט, באַקומט איר בא מיר א גוטן ברעג, עפשער מער, ווי דאָס שאדכאָנעס. איך דארפ עס צו מײַנ מאסע־מאטן, איך וועל אים געבן א שטאר־כויוו אפילע, נאָר אצינדערט דארפ איך עס זייער־זייער געניטיק האָבן.

צ א ל י. דאָש איז באַזונדער. א גרוישער ניטערעש איז דאָ בא מײַנ סוואָגער צוויי טויזנט רענדלעך (ער גיט א שפּײַ) טפו! נאָר סאדכאָנעס, ר׳ סויעלעניו, גיט אהער טאקע. ר׳ בעני האָט דאָך זײַנ סאדכאָנעס אָפּגענומען בעסאָס סידעך, גיט־זע אהער די זעקס רענדלעך. איך בינ נאָך, מעסונע, מטיב מיט אײַך, ר׳ סויעל. איך וואָלט געדארפט אפילע מער נעמען, בא אזא אנ אויסער ווי איר זענט. איך האָב אײַך סוינ, פּאָסעט, כמה וכמה גוזמאָעס טויװעס געטון בא מײַנ סוואָגער. סאָנים האָבן אָנגעבילן, פּאָסעט, אז איר זענט גאָר ניסט קיינ אויסער און זעקש קינדער האָט איר. האָב איך אַלצ צו ניסט געמאכט, פּאָסעט, און האָב געזאָגט, האַלעוויי אפ מיר געזאָגט געוואָרן, וואָס פאר א מעסונענער אויסער איר זענט, פּאָסעט. נו, גיט־זע סוינ די זעקש רענדלעך. פּאָסעט נעמט ארויש פונ דער קעסענע און גיט.

ר׳ שויעל אָסטרער. (פארמישט און פארטראכט) אָט דאָ הערט ר׳ בעני,— אוואדע אן ערלעכער ייִד—: איך גיב אייַך דריַי רענדלעך, אָבער ערשט נאָך דער כופע, אפ מייַנע נעמאָנעס, טייקעפ נאָך דער כופע גיב איך אייַך דריַי רענדלעך, אכוץ פאר די צוויי טויזנט רענדלעך גאָר באזונדער. נו, ווי זאָגט איר, הא? איאָ, עס געשיקט זיך נישט, איך זאָל דאָ מיט אייַך אהינ גיינ, הא?

ר׳ בעני. איר זענט גערעכט, ר׳ שויעל, גייט איר אייַך אפ אייַער גאָספידע און מיר וועלנ אהינ גיינ. זעט נאָר, מייַנ ווייַב איז שוינ אהינ גע־לאָפנ, מוז איך אונטערשפארנ די טיר. און אז מענ וועט אָפרעדנ וואָס מע דארפ, מעג ר׳ צאלי — אז ער נעמט יאָ שאדכאָנעס — א שפרונג געבנ אייַך א רופ טונ. גייט־זשע איר, ראבויסימ, ארויס דורכ דער טיר, וועל איך קאָ־נענ אונטערשפארנ, און וועל ארויסקריכנ דורכנ פענצטער.

צאלי. (מיט א געלעכטער) נאָר דער גאנעוו זאָל, פאָסעט, ניט זענ, אז מע קאָנ דורכנ פענצטער ארוישקריכנ און ש׳איז ניט צוגעסטעקט דער לאָדנ.

ר׳ בעני. טאקע. שטעלט אייַך, זייַט־זשע מויכל, ארומ דעמ פענצטער, וועט איר פארשטעלנ, מע זאָל ניט זענ, אז איך קריכ ארויס דאָ ארומ. אז מע קאָנ לערנענ, קאָנ מענ זיך אנ אייצע געבנ. ס׳איז דאָכ נאָר א סייכל־זאכ. איאָ? (ר׳ שויעל אָסטרער און צאלי גייענ ארויס דורכ דער טיר, ר׳ בעני פארשפארט פונ אינעווייניק. זיי שטעלנ זיכ ארומ דעמ פענצטער. ר׳ בעני קריכט ארויס און פארמאכט דעמ לאָדנ. אלע גייענ אוועק.)

## 9. דאָ אינ דעמ אייגענעמ תחילת־הלילה, בא מאני דעמ רייַכנ אינדערהיימ.

(אינ דרויסנ איז מאני דעמ רייַכנס אייַנפאָר־הויז באלעגערט: ייִדנ און ווייַבער און מיידלעכ. די טיר, וואָס גייט אינ דער גאס אריַינ, איז צו, דער טויער אויכ. אלע קוקנ אריַינ דורכ די פענצטער. אינעווייניק איז אינ דער גרויסער שטוב א בעטל אנידערגעשטעלט, אפ דעמ בעט ליגט פעסי. ארומ איר זיצט גיסי, איר מוטער, און ראָכל. פארנ בעט שטייט מאני דער רייַכער. צומאָל גייט ער אוועק. אויבנאָנ, באמ טיש, זיצט און שלאָפט פאר שיקרעס אגאפאָנ אגאפאָנאָ־וויטש וואָדקינ. פאר אימ שטייט א פאָסטעוויצ מיט ווישניק און א פלאש מיט בראָמפנ, מיט א גלאָז דערבייַ. ער דרימלט און וואָרטשעט. דאָ קלאפנ אָנ ר׳ בעני דייַענ און צאלי. עפנט מענ זיי און מענ לאָזט זיי אריַינ. די פונ דרויסנ ווילנ זיכ אריַינשטופנ, לאָזט מאני דער רייַכער ניט. ר׳ בעני זעצט זיכ אפ א בענקל, און צאלי שטייט נעבנ אימ. ביידע קוקנ אפ פעסינ. פעסי האלט צו די אויגנ.)

מאני דער רייַכער. (צו ר׳ בעני דייַענ) פארשטייט איר מיכ, ר׳ בעני, דער אלטער (ער ווייַזט אפ וואָדקינענ אויוונאָנ־צו), ווי איר קוקט אימ אָנ, דעמ שיקער, איז ער א גרויסער בעריע אינ זייַנ זאכ. ער האָט פונעמ אָנהייב אָנ געזאָגט: „מאני, דו זאָלסט דיכ ניט זאָרגנ, האָב קיינ מוירע נישט. די וועלט

זאָל זיך איבערקערן, זי מוז, זי מוז זײַן, דײַן טאָכטער". ער קאָסט מיך געגוג, און דערצו איז ער דאָך בא מיר געוועזן צוויי יאָר א שרײַבער. קאָן ער ניט פארגעסן דאָס זאַלץ און ברויט. דערצייל, פעסיניו, נאָכאמאָל, ווי די מײַסע איז געוועזן. איך זאָג אײַך, די האָר גייען קאפויר פאר פאכעד.

ג י ס י. (דערהערט דאָס אונטערשטע וואָרט.) ניין, זי האָט שוין קיין שום פאכעד ניט. איאָ, ניין, פעסיניו? גאָט איז מיט דיר און בא דיר. מײַן מאטאָנע האָט מיר גאָט אָפגעגעבן צוריק. (זי קושט פעסין.) איאָ, דו האָסט שוין ניט קיין פאכעד? אבי ער זאָגט. (זי פארבײַסט די ליפּן צו מאני דעם רײַכן.) איאָ, דו שרעקסט דיך שוין ניט?

ר אָ כ ל. פעסיניו, איך בעט דיך, דערצייל. מײַן טאטע האָט נאָך ניט געהערט, ער איז אוועקגעלאָפן ר׳ שויעלן זאָגן די בסורע, און דער דײַען ר׳ בעני אויך ניט. זיי זענען ערשט ביידע געקומען צוגיין אומיסנע. מיר האָבן דאָ אלע געהאט א פינצטערע נאכט יענע נאכט, און א ביטערן טאָג א גאנצן טאָג. מעגן מיר זיך היינט פרייען, ביפראט ר׳ שויעל איז אויך הי פון נעכטן אָן. דערצייל, איך בעט דיך.

פ ע ס י (צוהאלטנדיק די אויגן) וואָרין איך ווייס? (זי קרעכצט) אוי, ציַשן טאָג און נאכט האָט עס מיך א כאפּ געטון פונעם בערגל מיסט אונטערן טויער. אוי, ווי א וויכער האָט עס מיך געטראָגן איבער וועלדער און איבער פעלדער.

ר׳ ב ע נ י. (שאָקלט מיטן קאָפּ און ווײַזט ארום צום אוירונאָן, ווו דער זנאכער זיצט.)

אָט זינט די מײַסע האָט זיך דאָ ארום שאריווקע ארײַנגעכאפּט מיט כשפים און מיט כחות הטומאה, טוט זיך און פּלאָנטעט זיך אלץ אזוינע זאכן, באַוווינעסיינו האָראבים. (ער זיפצט און גייט צו צו דער מעזוזע און גיט א קוש.)

מ א נ י ד ע ר ר ײַ כ ע ר. פעסיניו, דו האָסט דאָך אונדז דערציילט פריִער, מיט די שווארצע דײַטשלעך אין קאפּעלושלעך, און ווי עס האָט געוואָיעט — א פאכעד?

פ ע ס י. (קרעכצט און האלט אלץ צו די אויגן.) אוי, אוי, קאָן איך מיר גאָר אָנגעדענקען איטלעכס פּיצעלע? עס האָט מיך געטראָגן ווי א וויכער, ביז איך געקומען, אוי, אין אזעלכע פּאלאצן ארײַן. דערנאָך איז פון די סראָרעס און פון די פּאלאצן געוואָרן גאָרנישט. וואָס דאָרטן האָט זיך געטון, טאָר איך ניט אויסזאָגן. נאָר פּלוצים האָב איך באקומען א בענקעניש, א נודעניש אהיים און אהיים, אז עס האָט מיך געצויגן און געצויגן, ביז איך טו א קוק, בין איך אינדערהיים טאקע. נו, וואָס ווילסטו נאָך? מיך ציט עס באם הארצן, אוי!

מ א נ י ד ע ר ר ײַ כ ע ר. דאָס איז שוין זײַן מעלאָכע געוועזן. (ער ווײַזט ארום צו וואָדקינען.) אָט דאכט זיך אײַך, ער פּאָפט? ניין, אזוי א גאנצן טאָג טרינקט ער און דרימלט, אָבער ער טוט דאָס זײַניקע. ער האָט אלץ געזאָגט: „מאני, ניבאָיס", דאָס איז: מאני, האָב גאָר קיין מוירע ניט, מען מוז דיר דײַן טאָכטער צוריק אנידערשטעלן, צוריק ברענגען.

גיסי. (הערט דאָס אונטערשטע וואָרט.) וואָס נאָך זאָל מען אים ברענגען? ער האָט נאָך א האַלבן פּאָסטעוויץ ווישניק. הײַנט דאַרף איך אים אַף טיסטיציע קאַפּאָרעס, אבי מײַן קינד איז מיר ווידער געשענקט געוואָרן, מײַן מאַטאָנגע פונ גאָט בּאָרוך־הו, (זי קושט פּעסינ) מײַן פּעסיניו.

מאַני דער רײַכער. (מיט קאַעס) קענט איר א ייִדענע? זי וואָלט אים שוינ געגעבן ארויסגעשטופּט. זי פאַרגעסט, אז מ'זנ טאָר אזא מענטשנ ניט מרגז זײַנ, כאָלילע. איך בעט דיך, פּעסיניו, דערצייל ווײַטער.

פּעסי. (קרעכצט אונ האַלט אַלץ צו די אויגנ.) אוי, נו וואָס פרעגסטו מיך ווידער? האָט עס מיך געצויגנ צו אײַך אהיים. נו, וואָס נאָך, אוי?

גיסי. זאָג נאָר, פּעסיניו, נעשאָמעניו, האָסטו דאָרטנ נאָר ניט עפּעס גע־טרונקענ, כאָלילע, אָדער געגעסנ, כאָלילע? דו האָסט דאָך פריִער געזאָגט, אז ס'איז געווענ טישנ געגרייט מיט אַלערליי מאַכאָלים, אונ קאַפּעליעס האָבנ געשפּילט. האָסטו, כאָלילע, אָנגערירט, הא?

פּעסי. (קרעכצט אונ האַלט אַלץ צו די אויגנ.) אוי, לאָזט מיך צורו, איך בינ מיד, איך וויל שלאָפנ. (זי מאַכט ווי אייגער כראָפּעט אונ שלאָפט.)

מאַני דער רײַכער. ווי זאָגט איר, ר' בעני? עפּשער טאָר מען זי ניט לאָזנ אנטשלאָפנ ווערנ בא אזא מײַסע? מען מוז דעם זנאַכער פרעגנ. עפּשער איז עס א סאַקאָנע, כאַסוועשאָלעם, הא? (ער גייט צו צום זנאַכער אונ וועקט אים.) אגאַפאָנ אגאַפאָנאָוויטש, גאָספּאָדינ זנאַכער! — מען טאָר אים אנדערש ניט רופנ די צײַטנ, וואָרינ ער בייזערט זיך, אז מען רופט אים פּראָסטע, ווי אמאָל. גיסי, ראָכל, לאָזט זי דאָרט ניט שלאָפנ, ביז איך וועל אים פרעגנ. (ער טאָרעט דעם זנאַכער שטאַרק באַם ארבל.) גאָספּאָדינ זנאַכער, מעג מענ... איר מיינט, ער פּאָפּט? ניינ, בא אים איז עס אזוי א גאַנצנ טאָג, ער האָט זײַנס אינ זינ. (ער וועקט אים אונ טאָרעט אים.) גאָספּאָדינ זנאַכער, מעג מען זי לאָזנ שלאָפנ? זי זאָגט, זי איז זייער מיד אונ שלעפעריק. גאָספּאָדינ זנאַכער, מעג מען לאָזנ שלאָפנ מײַנ טאָכטער? הא?

אגאַפאָנ אגאַפאָנאָוויטש וואָדקינ. (כאַפּט זיך אוף פונעם שלאָף, אונ נעמט אָנ מיטנ גלאָז פונעם פּאָסטעוויץ ווישניק, אונ טרינקט אונ רעדט ווי א שיקער, קוים וואָס מען פאַרשטייט אים.) גאָר ניט, גאָר קיינ מוירע ניט. ניבאָיס, מאַני. איך, אגאַפאָנ דער זנאַכער, זאָג דיר, מאַני, דו זאָלסט קיינ מוירע ניט האָבנ. נו, מאַני, (ער שטרעקט אויס די האַנט, מען זאָל אים געלט ארײַנלייגנ) גיב, גיב אהער געלט. (ער טרינקט ווישניק.) גוטער ווישניק. נו, מאַני, גיב געלט. (ער ברומט אונ וואָרטשעט, שפּאַרט זיך אָנ בא דער וואַנט אונ דרימלט.)

צאַלי. נו, וואָש זאָגט ער, דער זנאַכער? איך פאַרשטיי ניסט קיינ גויִס, דערצו רעדט ער עפּעס גאָרניט סאַרפּ. הא, זאָל זי סלאָפנ?

מאַני דער רײַכער. אז ער הייסט ניט קיינ מוירע האָבנ, מעג מען זי לאָזנ שלאָפנ.

ר׳ ב ע נ י. נו, ר׳ צאַלי, לויפֿט־זשע צו ר׳ שויעלן, איר האָט דאָך אים צו־געזאָגט מוידיִע צו זײַן. הא, ווי זאָגט איר, ר׳ מאַני? זאָל מען עפּשער רופֿן ר׳ שויעלן? זיי האָבן, נעבעך, צאַר געהאַט א גאַנצן טאָג, גרויס צאַר. לע־סאַטע דאַרפֿן זיי א האַלוואָע צוויי טויזנט רענדלעך. גייט־זשע, ר׳ צאַלי, און איך וועל דאָ א שמועס טון מיט ר׳ מאַנין. — אײַ, צוויי טויזנט רענדלעך. בײַ אײַך, ר׳ מאַני, איז עס א דבר קטן, באַלף מחילות, צוויי טויזנט רענדלעך... בײַ אײַך. און ר׳ שויעל דאַרף עס אנטלײַען נאָר אויף א צײַט. הא, ווי זאָגט איר, ר׳ מאַני? עפּשער, אַז זי וועט זיך איבערשלאָפֿן, וועלן מיר שטעלן די כופּע, הא? גייט ר׳ צאַלי, ברענגט זיי אהער. (צאַלי לויפֿט אַוועק.)

פּ ע ס י. (עפֿנט די אויגן, קוקט אויף ר׳ בעני דײַען און אויף איר פֿאָטער.) טאַטעניו, לאָז דער פֿעטער צאַלי ניט גיין, לאָז ער ניט גיין, לאָז מען וואַרטן אביסל.

ר אָ כ ל. פּעסיניו, מײַן טאַטע איז שוין אַוועקגעגאַנגען. וואָס אַרט עס דיך, פּעסיניו, וואָס מיינסטו? עפּשער געשיקט זיך נישט פֿאַר דער וועלט? נישטקאָשע, אַז דער דײַען ר׳ בעני זאָגט ס׳איז נישטקאָשע, איז דאָך מינאַסטאַם נישטקאָשע, איאָ?

מ א נ י ד ע ר ר ײַ כ ע ר. (טוט זיך א בייזער.) האָט מיר ניט פֿאַריבל, ר׳ בעני, איר שמועסט פֿון צוויי טויזנט רענדלעך עפּעס ווי פֿון צוויי גראָשן. איר זענט אײַך טויִע אינעם ניגון. איר זאָגט אײַך אַוועק אונטער דער נאָז, „אײַ, צוויי טויזנט רענדלעך". דערבײַ דאַרף מען גאָר אן אַנדערן ניגון מאַכן, מיט א ביטער הויך געשריי: „אײַ! צוויי טויזנט רענדלעך, ווו נעמט מען זיי"?" און דער כאָסידינע איז שוין געלאָפֿן, אפֿילע ניט געוואַרט, ביז איך וועל זאָגן, צי זאָל ער גיין, צי נישט. איך האָב דאָס גאָר מעשונע פֿײַנט, טאַקע מעשונע פֿײַנט. א דײַען מיט א כאָסיד שמועסן זיך אויף פֿון צוויי טויזנט רענדלעך, ווי פֿון א שאַלעש־סודעס־קוילעטש. און דער ר׳ שויעל, האָט אפּאָנעם, מיינט נאָר בײַ מיר געלט צו צאַפּן. דאָס געפֿעלט מיר לאַכלוטן גאָרנישט. (אינדערעם קומט אַרײַנצוגיין ר׳ צאַלי מיט ר׳ שויעל אָסטרער.)

ר׳ ש ו י ע ל אָ ס ט ר ע ר. (מיט א גאַנץ הויך סאַלצאָווע שטעקעלע באַשלאָגן מיט זיל־בער אין איין האַנט, אין דער אַנדערער האַנט האַלט ער א פֿאַטשיילע. א ליולקע ציבוכל מיט א קרום מישטיקל שטעקט פֿון דער קעשענע דורכן גאַרטל. מיט א פֿריילעך קאָל:) א גוטער נאָווגט אײַך. (ער שטעלט אַוועק דאָס סאַלצאָווע שטעקעלע און שטרעקט אויס די האַנט צו מאַני דעם רײַכן, ווי ער גיט אים שאָלעם־אַלייכעם.) אַלייכעם־שאָלעם, געלויבט איז זײַן ליבער נאָמען, אַז מע זעט באָרוך־האַשעם אַלע מיט געזונט. (ער טוט א קוק צו פּעסין, זי האַלט צו די אויגן.) כלעבן, איך האָב געהאַט ווילדע יעסורים פֿון דער מײַסע דאָ. כלעבן, אַז מע פֿאָרט אַרויס, מאָלט אײַך, פֿון דער היים, כלעבן, און מע מיינט אָט קומט מען צוריק מיט געלט, כלעבן, אביסל פֿונעם נאָדן און אַזוי פֿון א האַלוואָע, מאָלט אײַך, אויף א קורצער צײַט, כלעבן. — איך דאַרף גראָד א פּאָר טויזנט רענדלעך, גראָד צו מײַן מאַסע־מאַטן אַצינדערט, עפּעס

א ניטעריס בא אײַך, אזא נאָגיד, אָן אײַנהאָרע, ווי איר זענט? — נו, פּלוצים גאָר, כלעבן, מאָלט אײַך, אזא... *(ער וויל ווײַטער רעדן, שלאָגט אים איבער די רייד —)*

גיסי. *(זי ברענגט א בענקל און שטעלט עס באם טיש.)* זעצט אײַך אנידער, ר׳ שויעל, באם טיש. ר׳ בעני, קומט, זײַט־זשע מויכל, אויך צום טיש. מאני, גיי מיט זיי אויך צום טיש שמועסן, דאָס קינד וויל נעבעך שלאָפן, זי איז נעבעך זייער מיד. ליובא מאָיא, סערצע מאָיא, זי איז, ליובא מאָיא, ווי גע־הארגעט. ס׳איז געווען א כעסעד פונעם אייבערשטן, אז זי איז מיר — מײַנע ביינער זאָל זי איבערלעבן, פּעסיניו — באם לעבן געבליבן. ראָכל, שטעל אנידער לעקעך און בראָמפן דעם אוילעם, נאָר האָרעמע ניט מיטן קאסטן, פּעסיניון זאָלסטו ניט אופוועקן. *(אלע גייען צו צום טיש און זעצן זיך ארום.)*

ראָכל. *(ברענגט אפּ א צינערנעם טעלער געשלאָגענעם לעקעך און א פלעשל מיט בראָמפן מיט א קעלישעק, און שטעלט אפּ דעם טיש.)* זי שלאָפט ניט, נאָר זי האלט אזוי צו די אויגן, און איז אלץ זייער אומרויִק. מיך דאכט, פעטער, מען זאָל זי גאָר צורו לאָזן הײַנטיקע נאכט. וואָס איז דאָ געוועגדט מיט א טאָג שפּעטער, הא?

ר׳ שויעל אָסטרער. *(אביסל אומעטיק)* טא, נאָר איר, מעכוטן, אז איר זאָלט מיר געבן די צוויי טויזנט רענדלעך — איך וויל אפילע טייקעף געבן א שטאר־כויוו — וואָלט איך טייקעף מײַן מענטשן מיטן געלט אוועקגעשיקט אהיים, און איך בלײַב דאָ אפילע א פּאָר טאָג ווארטן. איאָ, ר׳ צאלי, מיר האָבן אזוי אפילע אפּ דעם וועג גייענדיק אהער, כלעבן, אזוי אָפּגעשמועסט מיט אײַער שוואָגער.

צאלי. *(מיט א כסידישן קנייטש)* פּאָסעט איז פּאָסעט, בא דיר, מאני, איז עפּעש א סארפער ניטערעס צוויי טויזנט רענדלעך? און ר׳ סויעל דארף עס, מעסונע, מעסונע געגייטיק צו זייער מאסע־מאטן, פּאָסעט. גיב דו זיי דאָש געלט, וועלן זיי אהיים דאָש אוועקסיקן, און זייער מענטשן ארוישפּראווען, און מיר וועלן ספּעטער א בישל הוליען. דו מוזט אונדז מאכן א סארפע כא־שענע, און צו ר׳ לייבן סיקן, געסמאק סיקן אפּ א פּידיען. נו, וועלן מיר א הוליע געבן, פּאָ נאסעמו. *(ער גיסט אָן בראָמפן אין קעלישעק ארײַן און גיט ר׳ בענין.)* נו, ר׳ בעני, הייבט אָן.

ר׳ בעני. *(נעמט פריִער א שטיקל לעקעך און מאכט א בראָכע און עסט, דערנאָך מאכט ער א בראָכע אפּ דעם בראָמפן.)* נו, לעכאיעם, ר׳ מאני, נו, האָט אײַך ר׳ שויעל אליין געזאָגט. קנייטשט אײַך ניט און גיט זיי דאָס געלט. מימאָגעפשעך, ס׳איז דאָך שוין דאָס אײַעריקע, הא? וואָס פּעסטעט איר אײַך דאָ?

צאלי. ווער ווייסט, ווי לאנג איר, ר׳ בעני, וועט דאָ האלטן דעם קעליסעק, פּאָסעט איז פּאָסעט, איך וועל נעמען דאָש גלאָז, פּאָסעט. *(ער גרייכט ארופּ צום גלאָז, וואָס שטייט נעבן וואָדקינען און שלאָגט אָן אין דער פלאש ארײַן, כאפּט ער זיך אופּ ווי אן אָפּגעבריטער.)*

וואָדקין. (ער רעדט שוין ניט שטאַרק פֿאַרדומפּן.) מאַני, ניבאָיס, האָב גאָר קיין מוירע ניט, מאַני, דײַן טאָכטער וועט קומען אַהיים. אַז איך, דער זנאַכער אַגאַפּאָן, זאָג דיר, זי וועט קומען, האָב דו, מאַני, גאָר ניט מוירע. (ער שטרעקט אויס איין האַנט, מען זאָל אים געלט געבן, און די אַנדערע האַנט צו דער פֿלאַש בראָנפֿן צו טרינקען. פֿאַלט די פֿלאַש אַראָפּ און ווערט צעבראָכן.) נו, מאַני, גיב געלט. אַז דו וועסט ניט געבן קיין געלט, וועט דײַן טאָכטער ניט קומען. מאַני, הערסטו, מאַני? (מען הערט קלאַפּן אין דער טיר פֿון דרויסן. שטאַרק קלאַפּט מען.)

מאַני דער רײַכער. (מיט קאַס.) נאָך דאָס גייט אָפּ צו די אַלע נאַרישקײַט פֿון אײַך אַלע דאָ. אַז מען קלאַפּט אַזוי שטאַרק, וועט מען פּעסיניון, נעבעך, אוואַדע אופֿוועקן. (ער גייט צו צו דער טיר און עפֿנט. קומט דאָ אַרײַן ר׳ נויעך, דער וואָס האַלט מילן אַרום שפּיצעניץ, שיין יאָנטעוודיק אָנגעטון, מיט יידל פּעקלמאַכער, בערל יאָסעמ און טרײַנע. מיט זיי ייִסראָעל שטשופּאַק, אָנגעטון גאָר טשאַקענדיק, און וואָדקינס פּלימעניק פּאָמאַ אויך. מאַני דער רײַכער ווערט דאָ דערשראָקן, טוט ער אַ געשריי:) וואָס איז דאָס? זע נאָר, גיסי, עפּעס פּלוצים גאָר, טרײַנע מיט בערלען. ווי קומט איר אַהער? (אויף גויִיש) און דו, פּאָמאַ, ווי קומסטו אַהער? (אויף ייִדיש) ווער זענען די פֿרעמדע ייִדן? שאָלעם־אַלייכעם! קוק נאָר אָן, און דו עפּעס גאָר טשאַקענדיק, ייִסראָעל שטשופּאַק, קוק נאָר אָן! (אויף דעם געשריי קומען צו גיין ר׳ בעני, צאַלי און ר׳ שויעל אָסטרער, גיסי און ראָכל אויך. און פּעסי שפּרינגט אַראָפּ פֿונעם בעט, לויפֿט צו צו ייִסראָעל שטשופּאַק.)

פּעסי. וואָס האָסטו דיך נאָך אַזוי לאַנג געזאַמט? איך האַר און האַר און זע דו קומסט ניט, קוים מיט לייד — (זי נעמט אָן ייִסראָעל שטשופּאַק בײַ דער האַנט) — אַז איך האָב דיך דערלעבט צו זען. (אַלע פֿאַרוווּנדערן זיך.)

מאַני דער רײַכער. (קאָן קוים רעדן) פּעסיניו, וואָס איז דאָס פֿאַר אַ שמועס?

אַלע. (אויף ייִדיש און וואָדקין אויף רוסיש.) וואָס טוט זיך דאָ? עס מוז דאָך עפּעס זײַן? האַ, וואָס באַטײַט דאָס, האַ, וואָס באַטײַט דאָס, האַ?

גיסי. (גייט צו צו פּעסין און רײַסט זי מיט געוואַלד אַוועק.) פּעסיניו, וואָס טוסטו, ביסטו פֿונעם זינען? ראָכל, העלף מיר, זי אַוועקצורײַסן און צוריק לייגן אויפֿן בעט. פֿינצטער איז מיר! זי איז פֿונעם זינען, וויי איז דער מאַמען.

פּעסי. (גאָר פֿריילעך, נאָר אַביסל פֿאַרשעמט.) מאַמעניו, שרעק דיך ניט, און דו, טאַטעניו, זאָלסט דיך גאָרנישט שרעקן. איך זאָג ניט, ווי דער שיקער (זי ווײַזט אויף דעם זנאַכער:) „מאַני, ניבאָיס, גיב געלט״. איך בין גאַנץ בײַם זינען. וואַרט אַביסל, וועט אײַך ייִסראָעל דערציילן, וועט איר אַלץ וויסן. דערצייל, ייִסראָעל, נו שוין, לאָמיך ניט אַ פּאָנעם האָבן, ווי אַ שלעכטע.

ייִסראָעל שטשופּאַק. גאָר ניט מעשוגע, בײַם גאַנצן סייכל, און כאַסוועשאָלעם ניט שלעכט, ניין. (צו מאַני דעם רײַכן) זעט איר דעם אַלטן ייִדן? (ער ווײַזט אויף ר׳ נויעך פֿון די מילן.) דאָס איז מײַן טאַטע, אַ פּראָסטער ייִד, נאָר

טאָמיד אַנ ערלעכער ייִד, אפילע טאָמיד אַנ אוישער געוועזנ, איר האָט אײַך מיט אימ ניט צו שעמענ פאר א מעכוטנ, בעשום־אויפנ האָט איר זיך מיט אימ ניט צו שעמענ.

מ א נ י. (מיט א פארוואונדערט קאָל.) וואָס מיינסטו דערמיט, איך פארשטיי ניט, וואָס, הא?

י יִ ס ר אָ ע ל ש ט ש ו פ א ק. אונ מיט דעמ ר' נויעכס זונ האָט איר אײַך אויך ניט צו שעמענ, ניט צו שעמענ פאר אַנ איידעמ. פעסי מעג זײַנ מײַנ, יאָ! איך זאָג עס טאקע גאנצ ערנסט פאר אלע: פעסי מעג זײַנ מײַנ ווײַב.

מ א נ י. נו, ביסטו הײַנט מעשוגע. דו רעדסט הײַנט, ייִסראָעל, דו ווייסט אליינ ניט וואָס דו רעדסט, ייִסראָעל.

י יִ ס ר אָ ע ל ש ט ש ו פ א ק. גאָר לאַבּלוט: ניט מעשוגע. (ער נעמט ארויס אינ פינעפ פאפירלעכ אײַנגעפאקט, אינ איטלעכנ פאפירל קײַלעכדיק, אונ גיט מאני דעמ רײַכנ.) דאָ זענענ פינעפ הונדערט רענדלעכ, רויטע רענדלעכ. איך בינ עפשער דעריבער אײַך ניט אָנגעשטאַנענ פאר אַ איידעמ, ווײַל איר האָט געמיינט, איך האָב נישט קיינ געלט. א מענטש בינ איך, באָרוכ־האשעמ, קיינ קאליקע בינ איך ניט, געלויבט צו גאָט. וואָס גייט אײַך אָפּ אינ מיר, ר' מאני? — (הויכ) גיסי, וואָס גייט אײַך אָפּ אינ מיר פאר אַנ איידעמ?

ר אָ כ ל. (מיט א דריי מיטנ קאָפּ.) סטײַטש, איר זענט דאָך א קויהענ, אונ פעסי איז דאָך א גרושע, ווי טאָרט איר זי נעמענ? איאָ, מענ טאָר ניט, ר' בעני?

י יִ ס ר אָ ע ל ש ט ש ו פ א ק. מײַנ טאטע איז קיינמאָל ניט געוועזנ קיינ קויהענ, ווי קאָנ איך זײַנ א קויהענ? ראָכל, איר ווייסט דאָך, אז ס'איז א גענארטע וועלט. ווארט אביסל, וועט איר נאָך מער הערנ פונ דער גע־נארטער וועלט. אצינדערט שווײַגט, איך האָב נאָך צו זאָגנ אונ צו זאָגנ פאר אלע, אונ איר זאָלט צוהערנ, וועט אײַך נישט קאָשע זײַנ.

ר אָ כ ל. נו, שטויס איך מיך שוינ אָפּנ איבעריקנ אונ וועל טאקע גאָר שווײַגנ.

י יִ ס ר אָ ע ל ש ט ש ו פ א ק. נו, וואָס שווײַגט איר, ר' מאני, מײַנ ליבער שווער, אונ איר, מײַנ ליבע שוויגער גיסי, וואָס שווײַגט איר, שווער אונ שוויגער?

א ל ע. (פארבליפט) גאָר עפּעס נײַס, גאָר אנדערע מײַסעס. אזוי גאָר, גאָר נײַס, עפּעס נײַס גאָר, אזוי גאָר!

מ א נ י ד ע ר ר ײַ כ ע ר. דו רופסט מיך שווער, נאָך איידער איך הייס, נאָך איידער דו האָסט כאסענע געהאט. הערסטו, גיסי, וואָס איך פרעג אימ? שוינ גאָר אָנ כאסענע רופט ער אונדז שווער אונ שוויגער פלוצימ. חארט אָקאָרשט, ייִסראָעל.

יִסראָעל שטשופאק. ווי איר ווייסט, בין איך קיינמאָל קיין נאר ניט געווען. נו, וואָלט איך אזא נארישקייט געזאָגט? אָט דער ר׳ בעני האָט אונדז געגעבן כופע־קדושן, אָט דער ר׳ בעני דייַען, ווי איר קוקט אים אָן.

ר׳ בעני. (זייער דערשראָקן) איך, איך? ס׳איז א ליגן. איך פּלוצים? לא היה, איך?

יִסראָעל שטשופאק. (לאָזט ארויס א גרויס געלעכטער.) כא־כא־כא... ווייַטער די געַארטע וועלט, כא־כא־כא. האָב איך אייַך ניט געטאסקעט די נעכטיקע נאכט אפּ א טראָיקע אין דאָרף אריין און איר האָט אונדז ביידע געגעבן כופע־קדושן? נאָר איר, ר׳ בעני, האָט געמיינט, מיר זענען שיידים, רוכעס, ווייַל איך האָב מיך אזוי פארשטעלט, איר זאָלט מיך ניט דערקענען, כא־כא־כא, די גענארטע וועלט, ווייַטער און ווייַטער די גענארטע וועלט, איאָ, ר׳ בעני?

ר׳ בעני. (מיט א שמייכעלע) נו, אצינדערט שטויס איך מיך שוין. איר זענט עס געווען פארשטעלט קלאָמערש ווי א ווילדס? אזוי, דאָס זענט איר׳ס געווען? כידושים!

יִסראָעל שטשופאק. (ער זוכט צישן אוילעם און דערזעט —) און ר׳ בערל מיט טרייַנען, (ער גייט צו צו זיי) איאָ, איר זענט געווען דערבייַ, ווי איך האָב נעכטן כאסענע געהאט מיט פּעסינ ארום האלבע נאכט? א פעטער מיט א מומע, ווי דען?

בערל מיט טרייַנען. מיר, מיר? וואָס, ווער? מיר, פּלוצים מיר, פּלוצים גאָר?

מאני דער רייַכער. איך וווּנדער מיך טאקע, סטייַטש, בערל מיט טרייַנען וועלן זייַן אָן מייַן וויסן? מייַן אייגענע שוועסטער און מייַן שוואָגער, כאָלילע, אָן מייַן וויסן?

יִסראָעל שטשופאק. בייזערט אייַך ניט אפּ זיי אומזיסט. דאָ איז ווייַטער די גענארטע וועלט. זיי זענען, נעבעך, געגאנגען אין דער פּוסטע שטוב אריין נעמען אן אויצער, דערמיט האָב איך זיי פארנארט אין דער שטוב אריין, ווו מייַן כופע איז געווען. כא־כא־כא... אז איר ווילט הערן, ראבויסים, א קאָמעדיע פון דער גענארטער וועלט, וועל איך דערציילן, חעט אלץ גאָר רעכט זייַן, און ר׳ בער מיט טרייַנען מוזן זייַן צום ערשטן.

טרייַנע. ברודער מאני, לאָז ער דערציילן עפּעס א סימען. איך ווייס דאָך מיט בערלען, וואָס עס האָט זיך געטון. נאָר לאָמיר אומיסנע הערן.

יִסראָעל שטשופאק. אלע נאראָנים מיינען, אז אן אויצער קער צו רוכעס, צו שיידים. ווייסט איר פארוואָס? ווייַל זיי זענען פּראָסטע נאראָנים. אויצרעס זענען פון די מענטשן, וואָס האָבן זייער געלט פארגראָבן אין דער ערד אריין. נו, אז עמעצער גראָבט גראָד אפּ דעם אָרט און געפינט דאָס גאָלד, הייסט, ער האָט געפונען אן אויצער. ר׳ מאני, פרעגט ר׳ בענין: אפּ

לאָשנקוידעש הייסט דאָס וואָרט אויצער — א באהאלטעניש, פון טוווע אזוי־גוט ווי א באהאלטעניש פון געלט.

ר׳ בעני. (שאָקלט מיטן קאָפּ.) יאָ, אוואדע. איך האָב האנאָע. ער איז קיין אמאָרעץ ניט.

ר׳ נויעכ. סטייטש, ער האָט וויל געלערנט. איך האָב געצאָלט גענוג מיין בלוט מעלאמדים, נאָר ער האָט ניט געוואָלט, דער קאפּאָרעניק, זיצנ און לערנען. אויב ער קאָנ?

ייִסראָעל שטשופּאק. אז די געגארטע וועלט מיינט אָבער, אז רוכעס און שיידים היטנ אויצרעס, האָב איך האלבע נאכט, אייערנעכטנ, מיר אָנגעטונ אפ צוויי גרויסע הויכע שטעקנס, וואָס איך האָב צו מיינע אקסלענ צוגע־בונדנ, פון אויוונ א שווארצע אָפּינטשע, אימיטנ מיט א ווייס האנטעכ, ווי א גארטל. און נאָכ א שטעקנ מיט א טישטעכ האָב איך געמאכט פאר א פּאָנ. דערצו — כא־כא־כא, לאכט, ראבויסימ, אלע,—איך האָב א קאלאט, וואָס מענ הענגט אפ א קו אָדער אנ אָקס אינ דער טשערעדע, האָב איך צוגע־טשעפּעט צום גארטל. נו, ווי מיינט איר, אז איך האָב געוואָלט מיט די הויכע שטעקנס, בינ איך הויכ געוועזנ ווי צוויי מענטשנ גרויס. אָבער אראָפּ מיט די שטעקנס, בינ איך ווידער קליינ געוואָרנ. איאָ, טרייִנע, איאָ, ר׳ בער, איאָ, ר׳ בעני, האָב איך אייַכ גוט געמאכט צום נאר? כא־כא־כא. אמאָל מיט א גראָב קאָל, אמאָל מיט גאָר א קוויטשעדיק קאָל.

ר׳ בעני. נו, אצינדערט שטויס איך מיכ. מיילע, זענט איר׳ס געוועזנ. איכ שטויס מיכ שוינ.

אלע. (לאכנ, נאָר ר׳ שויעל אָסטרער זיצט פארפינצטערט.) כא־כא־כא, שיינ גע־שטויסנ, אז דער קאפּאָרעניק זאָגט אליינ אלץ אויס. דאָס הייסט זיכ גוט געשטויסנ.

ייִסראָעל שטשופּאק. וואַרט נאָכ, ראבויסימ, איר וועט ערשט שפּע־טער בעסער לאכנ. פארשטייט איר, מענ מוז נאָר וויסנ, איטלעכנ מיט וואָס אָפּצונארנ אינ דער געגארטער וועלט. לעמאָשל, דער ר׳ בעני איז א פרומער ייִד, און האָט אוואדע אריינגעקוקט אינעם סייפער קב־הישר, נו, האָט ער גע־זענ דאָרטנ א געדרוקטנ ליגנ פונ שיידימ, רוכעס, וואָס האָבנ א מויעל ארויס־געפירט אינ זייער אָרט אריינ, און ער האָט דאָרטנ געזונגענ וכרת. איאָ, ר׳ בעני? ווי טאָר א ייִד גלויבנ אל־פּי־האטוירע אינ רוכעס? דערופ איז דאָכ אזא לאו ווי אלע לאונ? הא, נאָר די געגארטע וועלט גלויבט אלץ. דערי־בער — כא־כא־כא, לאכט־זשע, ראבויסימ — האָב איך דעמ ר׳ בענינ גע־טאסקעט ווי א רועכ פארשטעלט, ער זאָל שיידימ געבנ כופּע־קדושנ.

אלע. (לאכנ און האלטנ זיכ בא די זייטנ.) און ר׳ בעני דייִענ האָט געגעבנ שיידימ כופּע־קדושנ? כא־כא־כא, כא־כא־כא... נו, ווייִטער, נו, וויִיטער.

ייִסראָעל שטשופאק. וואָס זענענ זיי נעבעכ שולדיק, אז זיי האָבנ געזוענ אקוראט אזא מײַסע אינעם קב־הישר? אײַ ס׳איז דאָרטנ אויכ א ליגנ אונ דערווידער די טוירע? איינ פרומער ייִד זעט א מוסער־סייפער, כאָטשע עס שטייט דרינענ ליגנ אויכ, פאלט ער גאָרנישט דערופ, אויסצוקלויבנ וואָס עמעס איז אונ וואָס ליגנ איז. כאָלילע! א סייפער האקאָדעש, מיינט ער, איז אלצ עמעס, וואָס שטייט דאָרט. דעריבער האָב איכ דאָס געוווּסט אונ האָב זיי בעשאס־מײַסע דערמאָנט אינעם קב־הישר׳ס מײַסע. איאָ, ר׳ בעני, געדענקט איר נאָכ?

ר׳ בעני. הײַנט שטויס איכ מיכ שוינ, אז איר האָט עס אומיסנע אזוי געטונ.

ייִסראָעל שטשופאק. אָבער ר׳ בערל מיט טרײַנענ האָט מענ גע־דארפט פירזאָגנ גאָר אנ אנדערע זאכ. זיי דארפנ נעבעכ זייער גענייטיק געלט האָבנ, אונ פונ אויצרעס מיט רוכעס הערט מענ אינ קרעטשמעס גענוג ליגנ דערציילנ. האָב איכ זיי זייער זאכ פירגעזאָגט. (ער מאכט נאָכ מיטנ גראָבנ קאָל, ווי אזוי ער האָט זיי האלבע נאכט ארויסגערופנ.) „בערל, בערל, טרײַנע, טרײַנע, אײַכ איז באשערט, אנ אויצער ברענט״, אונ דערצו א שאָקל געטונ מיטנ קאלאט. איאָ? כא־כא־כא... איר זאָלט געוועזנ זענ, ווי די מומע טרײַנע איז נעבעכ ארויס־געקומענ אָנגעטונ אינ ר׳ בערס ספאָדעק, נאקעט, נאָר אינ איינ קלייד. מיט דער האנט האָט זי זיכ אָנגעהאלטנ אינ ר׳ בערס ציצע, כא־כא־כא, אונ אינ דער אנדערער האנט .א פאנטאָפל, ארײַנצוּוואַרפנ אינעם אויצער ארײַנ, כא־כא... אהינ אינ דער פוסטער שטוב האָב איכ זיי ביידע געהייסנ קומענ אפ דער אנדערער האלבער נאכט, דאָרטנ נעמענ דעמ אויצער.

בערל יאָסעמ. אכבעראָש איינער! הײַנט שטויס איכ מיכ, וואָס דו האָסט אלצ אָנגעזאָגט, מיר זאָלנ לעמאנעשעמ שווײַגנ. כאָטשע מיר וועלנ זענ באקאנטע מענטשנ, איז עס נאָר קלאָמערשט, מע וויל אונדז פרווונ, האָט ער אונדז פירגעזאָגט. אָ, אכבעראָש איינער, דורכגעטריבענער ייִסראָעל. מיר האָבנ געזוענ א כופע אונ ר׳ בעני דײַענ אונ, דאכט זיכ, פעסי אונ ייִסראָעל שטשו־פאק. טרײַנע האָט געוואָלט נאָר ארויסרעדנ: פעסיניו, האָב איכ זי א טאָרע געטונ: „ס׳איז נאָר קלאָמערשט, רוק ארופ די פאטשיילע פארנ מויל, כאפ דיכ ניט ארויס מיט א וואָרט, ס׳איז דאָכ די פרווו״. אוי, אכבעראָש איינער, אזוי צום נאר צו מאכנ אלע, אכבעראָש איינער.

ייִסראָעל שטשופאק. די געגנארטע וועלט לאָזט זיכ נאָכ ניט אויס, איר וועט נאָכ עפּעס בעסערס הערנ. אָט מײַנ טאטע נעבעכ מיט דעמ ייִדנ דאָ, ר׳ ייִדל פעקלמאכער, האָבנ געגעכטיקט די נאכט בא אײַכ, ר׳ בער, אינ קרעטשמע. כא־כא־כא, לאָזנ זיי אײַכ אויכ עפּעס דערציילנ.

ר׳ נויעכ. איכ האָב געהאט א בריוול, איכ, אינ דער היים, איכ זאָל קומענ קיינ שאריוועקע, זאָל איכ קומענ, נאָר איכ זאָל ניט זאָגנ, ווהינ איכ

פּאָר, זאָל איך ניט זאָגן, און ווי מײַן זון הייסט, מײַן זון. האָב איך מיט דעם ייִדן געגעכטיקט באַ ר׳ בערן יענע נאַכט, מיט דעם ייִדן. האָבן מיר די גאַנצע זאַך אונטערגעהערט, מיר. זענען מיר נעבעך געלעגן אַף די בײַכער, מיר, און האָבן אויך געוואָלט נעמען אַ כיילעק אינעם אויצער, האָבן מיר געוואָלט. דעריבער זענען מיר געבליבן אַ גאַנצן טאָג וואַרטן, דעריבער. אַף דער אַנדערער האַלבער נאַכט זענען מיר אויך צו דער פּוסטע שטוב נאָכ־געגאַנגען, די אַנדערע האַלבע נאַכט. זענען מיר געוועזן אַף דער כאַסענע בײַדע, זענען מיר געוועזן, כאַ־כאַ־כאַ...

טרײַנע. איך מוז אויך לאַכן, אַז איך דערמאַן זיך, איך האָב אַ טאָרע געטון בערלען: בערל, ס׳איז דאָך אונדזערע אָרכים. האָט ער מיר אַ מאַך געטון מיט דער האַנט: שאַ! ס׳איז נאָר קלאָמערשט, ס׳איז די פּרווו! כאַ־כאַ־כאַ... נו, דאָס הייסט די גאַנצע וועלט אָפּגענאַרט, כאַ־כאַ־כאַ.

אלטע. כאַ־כאַ־כאַ, אַ קאָמעדיע, כלעבן, אַזוי אָרום און אָפּצונאַרן! נאָר ער זאָגט דאָך, עפּעס בעסערס וועלן מיר הערן?

ייִסראָעל שטשופּאַק. די גענאַרטע וועלט האָט ליגן מיט גענאַרערײַ ליבער פון אַלצדינג, און איך האָב אויך אַרײַנגענאַרט אין דער גענאַרטער וועלט אַרײַן. נאָר אָט די פּעסיניו האָב איך ניט גענאַרט. זי האָב איך עמעס־דיק ליב, יאָ, ליבער ווי מיך אַליין, איך שווער אײַך באַ גאָט, אַז נאָר זי האָב איך ליבער פון מיך אַליין. זי ווייסט דאָס.

גיסי. (מיט אַ געלעכטערל) איך וועל שוין אויך אַזוי זאָגן ווי ר׳ בעני און ווי ר׳ בערל. (מען זעט ווי ר׳ שויעל אָסטרער וואָלט געגערן געהערט דעם סאָף, און איז זייער פינצטער פאַרדראָסיק, און ווערט בייז און כאַפּט זיך אַרויס פון דער שטוב, אָן דעם שטעקעלע אַפּילע.) נו, שטויס איך מיך, אַז דו, פּעסיניו, האָסט אונדז אויך אָפּגענאַרט. מאַני, זי איז גאָרניט געפלויגן אַף קיין וויכער. האַ, אַ גענאַרטע וועלט!

פּעסי. (האָט געזען, ווי ר׳ שויעל איז אַוועקגעגאַנגען, מעג זי רעדן.) אַ ברײרע האָב איך געהאַט, אַז איך זע נאָך דעם געט פון יענעם שלאַק, — דערפון וועל איך אײַך אַמאָל אין פריידן דערציילן. (זי טוט אַ קוק צו ראָכלען) — נו, נאָך יענעם שלאַק פון גאָט, אַז איך בין פּאָטער געוואָרן, טוט איר מיט מיר אַ שידעך מיט אַ ייִדן, וואָס איך קען אים ניט, מיט אַ ייִדן, וואָס האָט זעקס קינדער, וואָס דאַרף נאָר נעמען דעם טאַטנס געלט, ניט מיך. נאָר ר׳ בעני, זאָל לעבן, האָט געזאָגט, ס׳איז אַ לײַטישער, אַ נעגידישער שידעך, האָב איך דאָך געמוזט. זאָגט־זשע, וואָס גייט אָפּ מײַן ייִסראָעלן? ער איז אַ מענטש, אַ בעריע, אַ קלוגער מענטש, אַ מענטש, וואָס קאָן אַ ווײַב פּאַרנאָסע געבן טאָמיד, אַ מענטש, וואָס קאָן וויל שרײַבן — און האָט מיך טאַקע ליב, ניט דעם טאַטנס געלט, טאַקע נאָר פּעסין. האָב איך אים גענומען פאַר אַ מאַן.

ייִסראָעל שטשופּאַק. (נעמט אַרויס געלט פון דער קעשענע און גיט בערל יאָסעם.) באַט אײַך, ר׳ בערל מיט טרײַנען, צוואַנציק רענדלעך, הײַנט—מײַן פּעטער און

מייַן מומע. א קלייִנער אויצער פאר אייַער דערשרעקעניש באַנאכט און פאר נאָך עפּעס, וואָס איר וועט שפּעטער הערן פאַרוואָס. און טאַקע דערפאַר, וואָס פּאָמא האָט אייַך הייַנט אפּדערנאכט נעבעך אָפּגענאַרט. איך האָב אים געהייסן אייַך זאָגן: „ר׳ מאני האָט אייַך באַפוילן, איר זאָלט טייקעף מיט אים פאָרן אהער". נעמט, וועט איר האָבן ראַטע צו צאָלן. (זיי נעמען מיט סימכע דאָס געלט.)

מ א נ י. זעט נאָר, ראַבויסים, איך וויל אויך זען. (ער נעמט ארויס די פּינקעפּ פּאַפּירלעך, וואָס ייִסראָעל שטשופּאַק האָט אים געגעבן.) אַז ס׳איז נאָר אַ גענאַרטע וועלט, עפּשער זענען די רענדלעך גאָר ליטשמאַנעס, הא? (ער עפנט די פּאַפּירלעך, בערל מיט טרייַנע קוקן זיך אויך צו.) ניין, ס׳איז רויטע רענדלעך, האָלענדערשע, גוטע. זאָג הייַנט, ייִסראָעל, ווו האָסטו גענומען אַזויפיל געלט, הא? (פּאָמא סוידעט זיך מיט בערל יאָסעם, און דער אַלטער זנאַכער שטייט אויסצומעלקן, פאַרשטייט דאָ גאָרניט, וואָס דאָ טוט זיך.) ווו האָט זיך צו דיר גענומען אַזויפיל געלט, ייִסראָעל?

ייִ ס ר אָ ע ל ש ט ש ו פּ א ק. לאָז אייַך נאָך מער קאָשע זייַן. מייַן טאַטן האָב איך אויך געגעבן הונדערט רויטע רענדלעך, און האָב נאָך אַכוץ אויך עפּעס. דעם פאַראַרעמטן ר׳ ייִדל פּעקלמאַכער האָב איך אויך עפּעס געגעבן פאר די גוטע זאַכן, וואָס ער האָט מיר דערציילט פון יענער גענאַרטער וועלט, וואָס הייסט גוטע־ייִדן מיט מאָפּסים, ווי אייַער ר׳ לייב שפּיצעניצער.

א ל ע. נו, איז דאָך טאַקע נאָך מער קאָשע, ווו האָסטו גענומען אַזא באַרג מיט געלט און געלט, עפּעס אַ גאַנצ אשירעס, הא?

מ א נ י. באַ מיר האָסטו, באָרוך־האשעם, ניט געגאַנוועט, איך ווייס און קאָן איידעס זאָגן פאר גאָט באָרוך־הו און פאר לייַט, אַז דו האָסט נעמאָנעס. ווו האָסטו געלט, אַזויפיל געלט גענומען אף אַמאָל? פּלוצים אשירעסן?

ייִ ס ר אָ ע ל ש ט ש ו פּ א ק. (לאָזט ארויס אַ גרויסן געלעכטער.) כאַ־כאַ־כאַ, אָט דאָ וועט איר ערשט הערן פון דער גענאַרטער וועלט. פריִער לאָזט מיך מיט דעם אַלטן זנאַכער אף מאָסקוויטעריש אַ שמועס טון. איר וועט אַלע הערן. איך וועל אומיסנע פּראָסט גויִיש מיט אים שמועסן, קעדיי איר, ר׳ בעני, זאָלט אויך פאַרשטיין. קוקט אים נעבעך אָן, ווי ער שטייט און ווייסט גאָרניט אַ וואָרט, וואָס מיר האָבן ביז אהער דאָ געשמועסט, גאָרניט, ער שטייט און קוקט ווי אַ בעהיימע. פון מייַן שמועס מיט אים וועט איר דאָ אַסאַך זאַכן געוואָר ווערן. איך קאָן מיך ניט אייַנהאַלטן, איך זאָל ניט לאַכן, כאַ־כאַ־כאַ...

מ א נ י. וואָס איז דאָס פאר אַ טערעץ אף דער קאשע, ווו האָסטו אַזוי־ פיל געלט פּלוצים גענומען? האָסטו געפונען אַן אויצער, וואָס עמעצער האָט באַהאַלטן?

ייִ ס ר אָ ע ל ש ט ש ו פּ א ק. טאַקע דאָ, ווען איר וועט גאָר שווייַגן און צוהערן, וועט איר שוין האָבן אַ טערעץ אף אייַער קאשע אויך, דערבייַ די גאַנצע קאָמעדיע פון דער גענאַרטער וועלט אינגאַנצן. און די ביידע, פּאָמא

מיטן פעטער, וועלן זײַנע אונדזערע מארשעלקעס אפ דער כאסענע. איך בעט אײַך, הערט נאָר גוט צו, וועט איר אײַך גוט אָנלאכן. לאָזט מיך אָנהייבן פון אגאפאָן אגאפאָנאָוויטשן.

וואָדקין. (דערהערט דאָ זײַן נאָמען, טוט ער א געשריי מיט כיין.) איאָ, איר פלוי־דערט אפ ייִדיש און ציילט רענדלעך, אָבער מיך מוזט איר טאקע בעטן, מיך, דעם זנאכער אגאפאָן, איך זאָל, מאני, דיר דײַנע טאָכטער צוריקברענגען. אהא, זעסטו, מאני, גיב געלט. (ער שטרעקט אויס די האנט.) רענדלעך גיב אהער, און איך, דער זנאכער אגאפאָן, זאָג דיר: ניבאָיס, מאני, ניבאָיס. נו, גיב רענדלעך, גיב. אײַער פלוידערן וועט גאָרניט העלפן.

אלע. (לאָזן ארויס א געלעכטער.) כא־כא־כא, כא־כא־כא, א גוטער זנאכער, א א גוטער זנאכער, כא־כא־כא... (וואָדקין פארוואונדערט זיך זייער, וואָס מען לאכט.)

וואָדקין. (גייט צו צו פאָמען.) וואָס לאכן דאָס די ייִדן? גיכער זאָג מיר, וואָס לאכן זיי? (מיט קאעס) סוקין סין, זאָג שוין גיכער. (ער וויל פאָמען שלאָגן, פאָמא כאפט זיך אוועק.) זאָג, שטשופאק, וואָס טוסטו דאָ, וואָס איז דאָס פאר א ייִדענע נעבן דיר? זאָג מיר, איך, דער זנאכער אגאפאָן, הייס דיר מיר צו זאָגן. הערסטו, שטשופאק, קענסטו דעם זנאכער? (ער זעט שטשופאק לאכט און ענטפערט אים ניט, גייט ער צו פאָמען.) סוקין סין, זארעז זאָלסטו מיר זאָגן.

פאָמא. ווייס איך אפ ייִדיש וואָס זיי שמועסן? שטשופאק האָט מיר גע־הייסן ברענגען בערקאָ מיטן ווײַב פון דער קרעטשמע, האָב איך זיי גע־בראכט. אן אנדערער יעמשטשיק האָט געוואָלט פאָרן מיט זיי, האָט שטשופאק ניט געהייסן, נאָר מיר. ער זאָגט, ער דארף מיך דאָ געניישיק האָבן. איך האָב פארגעסן אײַך עפעס צו זאָגן. (מיט גרויס פלאטערניש רוימט ער וואָדקינען אײַן אין אויער ארײַן, וואָדקין בלײַבט אויך דערשראָקן שטיין און נעמט פאָמען אפ א זײַט.)

ייִסראָעל שטשופאק. אגאפאָן אגאפאָנאָוויטש, איך בעט דיך, קום אהער נעענטער מיט פאָמען. (וואָדקין מיט פאָמען קומען צו ביידע נאָענט.) זעסטו דאָס יונגע שיינע ווײַבעלע? די איז מאניס טאָכטער און מײַן ווײַב. איאָ, דו ווייסט נעבעך גאָרנישט? נאָר איך וויל אײַך עפעס שענערס און בעסערס נאָך זאָגן, וועלן אלע הערן און זיך נאָך מער פארוואונדערן. (וואָדקין שטאַרקעט פאָמען, און פאָמא קוקט צו וואָדקינען אין די אויגן ארײַן.) אגאפאָן אגאפאָנאָוויטש, דאָ שטייט דײַן פאָמא אויך, איך וויל אײַך ביידע פרעגן, פונוואנען איז וואָדקין געוואָרן פלוצים א זנאכער? איך וויל אליין ענטפערן, ווײַל איך קאָן ענטפערן. וואָרין נאָר איך האָב געמאכט דעם אָנשטעל. איך האָב פאר דרײַ כאדאָשים אָנגעשטעלט אן אלטע באביצע, א בעטלערן, און האָב איר געגעבן צען גראָשן, זי זאָל באם וועלדל אָפגעבן דיר, פאָמא, א גרויסן בריוו, סלאָוויאניש גע־שריבן, דו, פאָמא, זאָלסט דעם בריוו אָפגעבן דעם פעטער. איך האָב אפילע בא מיר די קאָפּיע פונעם בריוו. (ער נעמט ארויס פון דער קעשענע א פאפיר, און ווײַזט עס וואָדקינען.) איאָ, אקוראט אזוי? נעם ארויס די בריוו און לייען. איאָ,

א ריטל איז געלעגן אינעם בריוו, וואָס דו זאָלסט עס טראָגן אפן האלדז? (ער לאכט) כא־כא־כא, פון א פראָסטן בעזעם האָב איך אריינגעלייגט א ריטל. לאכט, ראבויסים, כאָטשע, העלפט מיר לאכן. איך שטיי אפילע געכאסמעט אונטן אין דעם בריוו. זע, זע רעכט: צוויי אויסיעס .I. III, דאָס איז מיין נאָמען „ייִסראָעל שטשופאק“. נו, לאכט, ראבויסים. (וואָדקין ווערט פינצטער און ביטער.)

אלע. כא־כא־כא... האָט איר געהערט אזא גענארטע וועלט? כא־כא־כא, סטייטש, סאמע גענארעכצ. און די גענארטע וועלט האָט שוין נאָכדערציילט ווונדער און זאכן פון דעם גרויסן זנאכער. גאָלד, שטיקער גאָלד האָט ער געמאכט.

ייִסראָעל שטשופאק. (אפ גוייִש צו ייִדל פעקלמאכער.) גייט, רופט ארײַן די אלטע באביצע, די בעטלערן, זי איז נעבעך צופוס אהער געקומען, זי שטייט אוואדע דאָ בא דעם טויער. א גילדן האָב איך איר צוגעזאָגט. (ייִדל פעקלמאכער גייט ארויס פון דער טיר.) נו, אגאפאָן אגאפאָנאָוויטש, איאָ, אויבן איז געשטאנען אופגעמאָלט: א קאָפּ שטעלט ארויס א צונג, דאָס באטײַט, אז איינער מיט א קלוגן קאָפּ האָט אפ א געלעכטער די גענארטע וועלט, דעם אָנשטעל, מיט דיר געמאכט.

אלע. (לאכן) כא־כא־כא, אָט דאָס הייסט גוט די וועלט צום נאר געמאכט. כלעבן, א קאָמעדיע טאקע, די גענארטע וועלט אזוי צום נאר מאכן.

ייִסראָעל שטשופאק. מע דארף די נאראָנים ניט צום נאר מאכן, זיי זענען שוין נאראָנים, נאָר מען דארף זיי געבן גענארערײַ, פאר וואָס זיי זאָלן געלט געבן. א קלוגער גלויבט ניט אין די אלע גענארערײַ, ניט אין קישעף־מאכערס, ניט אין רוכעס, ניט אין אויצרעס פון שיידים, ניט אין די ליגנערס, כסידישע רעבעס, גוטע־ייִדן און זייערע צאדיקים. (ער עפנט די טיר, קומט ארײַן ייִדל פעקלמאכער מיט אן אלטער באביצע, א בעטלערן, די גראָע האָר צעבאָרשטן, און נייגט זיך צו ייִסראָעל שטשופאק ביז אין דער ערד ארײַן.) נא דיר, אלטע באביצע, א גילדן, וואָס איך האָב דיר צוגעזאָגט. דו ביסט דאָך טאקע פון דעם דאָרף, ווו די סטאנציע איז. נו, האָסטו א גילדן, און מעגסט דיר צוריק גיין. פאָמא, האָסטו זי דערקענט, די אלטע? איאָ, זי האָט דיר אָפּגעגעבן דעם גרויסן בריוו? גיכער האָט מען זי פון דער וואָלעכײַ קלאָמערשט געשיקט, נאָר דעם גרויסן זנאכער דעם בריוו אָפּצוגעבן, כא־כא־כא ... איאָ, פאָמא, זאָג, ווײַל זי איז נאָך דאָ. נישט־קאָשע, דו מעגסט אויך לאכן.

פאָמא. איך האָב טאקע אײַנגערוימט דאָ דעם פעטער, אז די באביצע האָב איך געזען אין דאָרף בעטלען און זי האָט געלאכט מיר אין די אויגן ארײַן.

אלע. (לאכן) אזוי אָפּצונארן, כא־כא־כא, כא־כא־כא, אזוי ווויל.

מאני דער רײַכער. (נעמט ארום ייִסראָעל שטשופאק און קושט אים.) אוי, שיבעניק, כא־כא־כא... עס האָט קיינער ניט צו לאכן, כא־כא־כא, עמעס, דאָס איז די גענארטע וועלט. נאָר דו ביסט קלוג, דיך מעג פעסיניו ליב האָבן, איך

האָב דיך אויך ליב. זי האָט מינאַסטאַמ געוווּסט פון דײַנע קלוגע אָנשטעלן. הא, פּעסיניו, זאָג? (פּעסי שאָקלט מיטן קאָפּ.) ניט יענע נאַראָנים, וואָס האָבן געוואָלט בא מיר נעמען נאָר דאָס געלט, ניט די טאָכטער. גיסי, וואָס שווײַגסטו?

גיסי. (גייט צו און קושט פּעסין, און נעמט אַרום ביידע, ייִסראָעל שטשופּאַק מיט פּעסין מיט גרויס סימכע.) רעכט געטון, צוויי קלוגע יונגע־לײַט האָבן די אַלטע אָפּגע־נאַרט. זאָג מיר, ווי טראַכט מען זיך אויס אַזעלכע קלוגע אָנשטעלן? כלעבן, זיי האָבן זיך ביידע בעסערע שידוכים אויסגעקליבן, ווי איך דעם קליינעם פּימפּעריק, און ווי דו, מאַני, דעם ייִדן מיט די זעקס קינדער. דו ביסט דאָך שוין מײַן איידעם, ייִסראָעל, ווי טראַכט מען זיך אויס אַזעלכע זאַכן?

ר' נויעך. מעכעטענעסטע, מעכוטן, נאָך אַז ער איז אַ קליין ייִנגל גע־ווען, האָט ער דעם מעלאַמעד מיט די בעלפערס אַרופגעפירט אַף אַזעלכע פּוצן, אַבי ניט צו לערנען, אַז ער איז אַ קליין ייִנגל געווען. דעם מעלאַ־מעדס נײַע קו האָט ער אָפּגעבונדן, איז זי אַנטלאָפן געוואָרן, האָט דער מע־לאַמעד געמוזט אַף צוויי טאָג גיין זי זוכן, די נײַע קו. און דעם בעלפער האָט ער פירגעזאָגט, די קאַלע רופט אים אַרויס, דעם בעלפער, איז ער אַהין געגאַנגען צו איר פרעגן, וואָס זי האָט אים גערופן, איז ער אַהין געגאַנגען. אַמאָל האָט ער האַלבע נאַכט אום ווינטער, אַמאָל, אַז איך האָב נאָך געוווינט אין שפּיצעניצ, איך, דעם מעלאַמעד אופגעוועקט, הערט איר, דעם מעלאַמעד. וואָס? ר' שאַמשן דער נאָגיד הייסט אים קומען טייקעף צו דער קאַלאָדע, ר' שאַמשן, אַ סאָד־זאַך, אַ געניײטיקס, מוז ער אים זאָגן, אַ סאָד־זאַך. דעם ר' שאַמשענען האָט ער אויך אופגעוועקט, ר' שאַמשענען, דער באַמיטליוווע מעלאַמעד דאַרף אים זייער געניײטיק, עפּעס אַ סאָד זאָגן טייקעף, דער באַמיטלעווע מעלאַמעד. נו, זענען זיך ביידע צומויפגעקומען מיט לאַמטערנס צו דעם קלאָץ, זענען זיך ביידע צומויפגעקומען. דער פרעגט, וואָס דאַרפט איר מיר אַזוי געניײטיק צו זאָגן, פרעגט דער, און דער אַנדערער פרעגט אויך דאָס, פרעגט ער. דער נאָגיד גיט אַ פּאַטש דעם מעלאַמעד, דער נאָגיד. דאָ איז אין דער גאַנצער שטאָט געווען אַ גאַנצ יאָר צו לאַכן, אין דער גאַנצער שטאָט.

אַלע (לאַכן) כאַ־כאַ־כאַ ... און דאָס איז אַלצ זײַנע אָנשטעלן געווען.

מאַני דער רײַכער. (קאַטשעט זיך פאַר געלעכטער און קושט ייִסראָעל שטשופּאַק.) נאָר אַלצ קלוגע מײַסעס פון דיר, איך האָב האַנאָע. נאָר מײַן קאַשע בלײַבט אַלצ מיקויעך דעם געלט. ווו האָסטו דעם אויצער גענומען? די גענאַרטע וועלט גיט ניט קיין רענדלעך, איאָ, ראַבויסים? און איך וויל, אַז מיקויעך דעם געלט זאָל קיין סאָד ניט זײַן, מען זאָל וויסן. (ר' שויעל אָסטרער קומט צוריק, זוכן קלאָ־מערשט זײַן שטעקעלע.) אַלע זאָלן וויסן, ווו מײַן איידעם האָט גענומען געלט.

ייִסראָעל שטשופּאַק. טאַקע פון דער גענאַרטער וועלט האָב איך געלט באַקומען. און איר מיינט, די וועלט וועט דורך דעם, וואָס איך וועל דאָ אויסזאָגן, עפּעס קליגער ווערן? ניין, כלעבן, הערט צו וואָס איך וועל דאָ

נאָך עפּעס פּרעגן אַפֿ גוייִש דעם געוועזענעם זנאַכער. אַגאַפּאַנאָוויטש, דעם כײלעק פֿון דעם געלט, וואָס מען האָט דיר געגעבן פֿאַר דעם זנאַכער, האָסטו ערלעך אַלע מאָל בײַ דעם ווערדל אַרײַנגעלייגט אינעם קעסטעלע, וואָס איז געשטאַנען מיט אַ שלאָס? איאָ, דו האָסט מוירע געהאַט, ווײַל אין דעם בריוו איז געשטאַנען, בעיִם דו וועסט ניט אַקוראַטנע אָפּטראָגן אַהין ערלעך דעם כײלעק, וועסטו שטאַרבן, איאָ?

פּ אָ מ אַ. יאָ, איך האָב אַליין אַלעמאָל דערמאַנט דעם פֿעטער, אַז ער האָט ערלעך נײַן כאַלאָקים אָפּגעגעבן דעם קעסטעלע, נאָר איין כײלעק האָט ער זיך גענומען. וועט דער פֿעטער ניט שטאַרבן, איאָ, שטשופּאַק?

וו אָ ד ק י ן. (לויפֿט צו און וויל שלאָגן פּאָמען.) דו נאַר, דו נאַר! הײַנט טוט דאָך מיר באַנק, וואָס איך האָב אַזויפֿיל געלט אומזיסט אַוועקגעגעבן. בעסער וואָלט איך עס געהאַט הײַנט, וואָלט איך מיר געקאָנט אַ דאָרף קויפֿן. נאַר, דו הערסט דאָך, נאַר, אַז דאָס איז געוועזן שטשופּאַקס אָנשטעל. האָט ער דאָך צוגענומען אַלעמאָל דאָס קעסטעלע מיטן געלט, דעריבער האָט ער אַזוי פֿיל רענדלעך, אַזויפֿיל געלט, אַזויפֿיל געלט. (ער טוט זיך אַ זעץ אין קאָפּ אַרײַן, און נעמט אַרויס מיט אַ ריס פֿונעם בוזעם דאָס ריטל און טוט עס אַ וואָרף.) איך זאָל האָבן דאָס געלט, ווייס איך שוין, וואָס איך וואָלט אָצינדערט געטון. (ער נעמט אַרויס דעם גרויסן בריוו פֿונעם בוזעם און צערײַסט אַפֿ שטיקלעך, וואַרפֿט אין מיטן שטוב מיט קאַעס. פּאָמאַ קריכט אַרום און זאַמלט צונויף די שטיקלעך *). נו, גיי איך גאָר אין מאָ־נעסטער אַרײַן, און וועל ווערן אַ מאָנאַך. געלט אַביסל האָב איך, נאָר יענץ געלט, די נײַן כאַלאָקים טוען מיר באַנק. אָט דער נאַר, פּאָמאַ, האָט מיך גע־טריבן אַלעמאָל אָפּצוטראָגן דאָס געלט. (ער נעמט מיט פּאָמען און גייט אַוועק.)

י יִ ס ר אָ ע ל ש ט ש ו פּ אַ ק. (לאַכט) כאַ־כאַ־כאַ, פֿאַרוואָס לאַכט איר ניט? דער זאָגט נישט, אַז דורך מיר האָט ער זײַן כײלעק אומזיסט אַזויפֿיל געלט הײַנט. ער האָט אַוואַדע פֿון גאָרנישט געוווּסט, פֿונוואַנען ס'איז אים גע־קומען. טוט אים באַנק אַפֿ מײַנע נײַן כאַלאָקים, וואָס מײַן קעסטעלע האָט גענומען, כאַ־כאַ־כאַ.

ר' ש ו י ע ל אָ ס ט ר ע ר. (מיט אַ פֿאַרביטערט לאָשן) קוידעם־לאַקאָל איז דאָך דאָס געלט, וואָס דער ר' יִסראָעל האָט זײַן אייגנס, אויסגענאַרט געלט, פּראָסטע אויסגענאַרט, פֿע!

י יִ ס ר אָ ע ל ש ט ש ו פּ אַ ק. איר האָט נעבעך אויך געוואָלט אויסנאַרן בײַ דעם ר' מאַניס צוויי טויזנט רענדלעך, נאָר דער ר' מאַני האָט ניט געגעבן, ס'איז אײַך נעבעך ניט געראָטן. מיר איז עס יאָ געראָטן, ווייסט איר פֿאַרוואָס?

---

*) ווי מען האָט דערנאָך געוואָר געוואָרן, איז פּאָמאַ פֿון די שטיקלעך פּאַפּיר דערנאָך גע־וועזן אַרום שאַריוטקע אַ ז נ אַ כ ע ר, אַזוי ווי דער באַלשעם איז געוואָרן, ווי כסידים דערציילן, פֿון קסאָווים — אַ באַלשעם. אַ טייל זאָגן גאָר, אַז פּאָמאַ האָט דאָס ריטל אויך אויפֿגעהויבן, ווי עס שטייט אינעם שבחי בעש"ט.

סאָמיד מוז דער נארער קליגער זײַן פֿונ דעמ געגנארטן. אָט האָט דער ר׳ לײבּ שפּיצעניצער — איאָ איך ווײס? — בּא אײַך פאַר פּײסעך אויסגענארט אקעגנ א צוואנציק רענדלעך, דאכט מיר, אונ האָט אײַך אײַנגערעדט, ער קאָנ אײַנהאלטנ די פּרעסט איבּער פּײסעך אריבּער, איר זאָלט אײַער געהילץ קאָנענ אפ שליטנ ארויספירנ פונ די וועלדער. אונ בּא מײַנ טאטנ האָט ער אויסגענארט געלט, טאקע די אײגענע שאָ, אז די פּרעסט זאָלנ נאָכלאָזנ, זײַנע מילנ זאָלנ האָבּנ וואסער. כא־כא־כא, טאקע די געגנארטע וועלט וויל סאָמיד גענארט זײַנ, נאָר כאָטשע קלוג מוז מענ דערצו זײַנ, אָבּער ניט איר, ר׳ שויעל.

צ א ל י. (מיט א קאַעס אונ מיט א געשרײַ.) איך האָבּ דיר סוינ גענוג געסוויגנ, תּרבּוש! אפ גוטע־ייִדנ רעדנ אונ רעדנ! דו מײנשט, ווײַל דו בּישט דעמ גרוישנ אויסערס אײדעמ, נו, בּילשטו אפ גוטע־ייִדנ. מיר, כשידים, קאָנענ, פּאָסעט איז פּאָסעט, אזוינעמ ארײַנכאפּנ אינ סמעדרעש ארײַנ אונ אָנסמײַסנ פּאָ נאסעמו, פארסטײסטו מיך?

י י ִ ס ר אָ ע ל ש ט ש ו פּ א ק. (לאכט) כא־כא־כא ... בּא מיר אינ דער פּאָטשטאָווע סטאנציע איז דאָ גרײטע קאנטשיקעס, אז איך הײס עמעצנ אָפּשמײַסנ איז עמעס. אָבּער אײַערע לײַט מוזנ ערשט גאנוועננ א בּעזעמל אינ בּאָד. נאָר גאָט זאָל אײַך אלע כסידימ אָפּהיטנ פונ אזעלעכנ, ווי איך בּינ. פאר מיר מוזט איר אײַך היטנ, ווי פאר פײַער. וואָרינ אז איך שיק אוועק נאָר אײנ בּויגנ פּאפּיר, אָנגעשריבּנ אפ מאָסקוויטעריש, ווואהינ איך ווײס, וועט מענ אלע אײַערע כסידישע רעבּעס שיקנ ניט קײנ ערעצ־ייִסראָעל, נײנ, נאָר אהינ, פונוואנענ די שטרײַמלעך קומענ ארויס. עפּשער ווײסט איר ניט? איך מײנ אפנ סימבּיר. את די כסידימ וועלנ אלײנ נאָכלויפנ, כא־כא־כא... איאָ?

ר׳ ש ו י ע ל אָ ס ט ר ע ר. (נעמט זײַנ שטעקעלע אונ רעדט מיט גרויס אגמעס־נעפעש.) חי עס האָט אפּאָנעמ, האָבּ איך דאָ גאָרניט וואָס צו טונ, ר׳ בּעני. אונ עפּשער בּינ איך גאָר אינגאנצנ איבּעריק, ווועל איך מיר אהײמ פאָרנ. נאָר קוידעמ־לאקאָל גיט איר, ר׳ צאלי, מיר אָפּ צוריק מײַנע דרײַ רענדלעך, וואָס איר האָט בּא מיר אויסגענארט, אײדער איך בּינ אהער געגאנגענ. איר האָט מיר פירגעזאָגט: (ער קרימט זיך נאָך, ווי צאלי רעדט מיטנ כסידישנ מאַך מיט די הענט) „סוינ, סוינ, פּאָסעט איז פּאָסעט, מײַנ סוואָגער מאני אנטלײַט אײַך אפ דער מינוט צווײ טויזנט רענדלעך, זארעז גײט נעמט, איך, בּאָרוכ־האשעמ, האָבּ עש געפּויעלט״. דאָס איז, ווי עס ווײַזט זיך, בּאָרוכ־האשעמ, גאָר ליגנ, אקוראט ווי ר׳ לײבּס האוואָכע, אז ער גיט מיר פּרעסט מיט שנײ איבּער פּײסעך אריבּער. נאָר ווי זאָגט ער: „יענער איז כאָטשע א קלוגער״, אָבּער א י ר זאָלט קליגער זײַנ פונ מיר, וויל איך ניט. בּא מיר איז הײַנט דרײַ רענדלעך געלט. גיט אָפּ, גיט אָפּ, אונ האלט מיך ניט אויף.

מ א נ י ד ע ר ר ײַ כ ע ר. שעמ דיך, צאלי, זארעז גיבּ אָפּ, טאקע זארעז גיבּ צוריק די דרײַ רענדלעך. אונ מײַנ אײדעמ זאָלסטו ניט סטראשענ מיט

שמײַסן, דאָס וויל איך בעשום־אויפן נים. און אפילע דאָס וואָרט „תרבות" צו זאָגן ייִסראָעלן איידער ער איז געוועזן מײַן איידעם, איז אויך א כסידיש אזעס־פּאָנעמשאפּט. כוץ וואָס ער האָט ניט מוירע פאר טויזנט אזעלכע שליי־מעזאלניקעס, ווי דו ביסט. גיב אָפּ דעם ייִדן די דרײַ רענדלעך, זארעז.

צ א ל י. (נעמט ארויס דרײַ רענדלעך און גיט אָפּ דעם ר׳ שויעל אָסטרער, און גייט צו צום טיש, כאפּט א קעלישעק מיט בראָמפּן און טרינקט אביסל, דערבײַ טוט ער א געשריי.) לעכאיעם, סוואָגער מאני, לעכאיעם, גיסי שוועגערן, לעכאיעם, ר׳ בעני, לעכאיעם, בערל, און לעכאיעם, טרײַנע, לעכאיעם, כאָשן־קאלע, לעכאיעם, ר׳ סויעל, לעכאיעם, מעכוטסן ר׳ נויעך. עצבות — פּע! (ער טרינקט אויס דעם קעלישעק בראָמפּן און הייבט אָן צו טאנצן.) פּע עצבות, פּע עצבות, נאָר פריילעך, נאָר פריילעך! (ער טאנצט כסידעס.)

ר׳ שויעל אָסטרער. (געזעגנט זיך פון ווײַטן מיט אלע.) זײַט געזונט, זײַט אײַך אלע געזונט. גוט איז אים צו טאנצן, אז ער האָט קיין געהילץ אין די וועלדער ליגן אפּ א גאנצ יאָר, און איז עפּשער קיינעם ניט שולדיק א גראָשן. מיט דרײַ רענדלעך, ווי אָן דרײַ רענדלעך. (ער טוט א זיפץ, קושט די מעזוזע און גייט אוועק.)

בערל יאָסעם. (גייט צו צום טיש און טרינקט א קעלישעק בראָמפּן, דערבײַ זאָגט ער:) לעכאיעם, כאָסן־קאלע, לעכאיעם, מעכוטאָנים, לעכאיעם, ר׳ ייִדל פּעקל־מאכער. אין אײַך האָט מען נעבעך פארגעסן?

מאני דער רײַכער. מײַן איידעם ייִסראָעל האָט ניט פארגעסן אין זיי. (ער נעמט ארויס געלט פון דער קעשענע און גיט ייִדל פּעקלמאכער.) נאט אײַך, איך פארגעס אויך ניט אין אײַך. האָט אפּאָנעם, אז דאָס פּעקלען איז אויך א גענארטע וועלט. א פּאָר מאָל גערעט עס, דערנאָך נעמט דער קייסער אָפּ מיט אמאָל. פאָלגט מיך, ווארפט אוועק די זאכן, כלעבן.

ר׳ בעני. ס׳איז דאָך לעוילעם טאקע א פּראָסטע גענייווע אל־פּי דין־טוירע, וואָרין בא אונדז ייִדן איז „דינא דמלכותא דינא", דאָס וואָס דער קייסער האָט ניט געהייסן טון, איז אזוי אָסור, ווי דאָס, וואָס גאָט האָט אונדז אין דער טוירע געאסערט. דאָס מוז גאָר גלײַך הייליק זײַן בא אונדז ייִדן. איאָ, איר האָט אפּ א גאנעוו קיין ראכמאָנעס נישט, און מען זאָגט: „האָט ער ניט געזאָלט גאנווענען, — א מיצווע!" זאָג איך, אפּ א פּעקל־מאכער זאָל מען אויך אזוי זאָגן. ער איז א פּראָסטע גאנעוו בעפּיירעש, אסור לרחם. ס׳איז נאָר א כארפּע, א בושע פאר ייִדן, אז אמעראצים רעדן זיך אײַן, פּעקלען מעג מען. פּע, אסור, טרייף!

ייִסראָעל שטשופּאק. לאנג לעבן זאָלט איר, ר׳ בעני, דערפאר וואָס איר שטראָפט אים אויס, אזוי זאָל מען טאָמיד אין אלע שולן דארשענען.

ייִדל פּעקלמאכער. דאָס הער איך דאָס ערשטע מאָל פון אן ערלעכן ייִדן, א לאמדן, א דײַען, אז מען טאָר ניט פּעקלען. די כסידישע גוטע־ייִדן

נעמענ דאָך אפ פידיוינעס, די פעקלעך זאָלנ בעשאָלעמ אריבערגייִנ, אונ מענ רופט זיי צאַדיקימ. אָט מייַנ דאלעס הייַנט איז געקומענ פונ א פידיענ, וואָס איך האָב פאר פייסעך געגעבנ דעמ ר' לייב שפּיצעניצער, אונ ער האָט מיר צוגעזאָגט, איך וועל בעשאָלעמ אריבער.

צאלי. (מיט קאעס) סעמט אייַך, ליגנער, דער רעבע נייט קיינעמ ניסט. אז עמעצער גיט אימ געלט, נעמט ער, פּאָסעט איז פּאָסעט, מענ בעט אימ.

ייִסראָעל שטשופּאק. איר זענט גערעכט. די געגארטע וועלט טראָגט אליינ געלט פאר ליגנ אונ פאר נארישקייַט, אבי זיי האָבנ עפּעס צו גלויבנ. א זנאכער, א קישעפּמאכער, אָדער א גוטער־ייִד, א באל־מויפעס, מיינענ זיי, דער וועט זיי איבערקערנ דאָס מאזל, דער וועט פויעלנ בא די רוכעס, אונ דער איז כאָשעוו בא גאָט, אז ער קאָנ אלצ פויעלנ, גאָט זאָל אנדערש טונ, ווי ער וויל. דערפאר גיבנ די נאראָנימ געלט. נאָר דער כילעק איז, אז דאָ זענענ די נאראָנימ אליינ נאראָנימ. לעמאָשל, זיי זענ, א שיקער, אנ אלטנ, אונ סאמע ליגנ, זאָגנ זיי זיך אליינ איינער דעמ אנדערנ ליגנ מיט מאָפּסימ פונ דעמ שיקער, ליגנער, זנאכער, דערפאר דארפנ זיי שטראָפ צאָלנ. כא־כא־כא, האָבנ זיי דאָ גוט געצאָלט, אי מיר, אי דעמ אלטנ שיקער פאר זייער נארישקייַט.

ייִדל פּעקלמאכער. נו, זאָגט־זשע שוינ דאָס איבעריקע, ס'איז דאָך שוינ געקומענ צו רייד, מעגט איר שוינ אויסלאָזנ גאָר. איך שטויס מיך, וואָס איר וועט זאָגנ.

ייִסראָעל שטשופּאק. טאקע, טאקע, דאָס איבעריקע, מעג זיך אפילע ר' צאלי דאָ בייזערנ. אָט די גוטע־ייִדנ, די כסידישע, נארנ פּראָסטע אָפּ ייִדנ, וואָס מיינענ, אז דער איז א צאַדיק, וועט ער קיינ ליגנ ניט פּירזאָגנ. א כארפּע, א בושע! די ביטערע צאַדיקימ מאכנ אזעלעכע אָנשטעלנ אונ אזעלעכע פרומע האוויַיעס קלאָמערשט, אז דורך דעמ, יאָ, דורך דעמ, נארנ זיי אויס געלט בא ייִדנ. ר' בערל, פעטער ר' בערל, אונ איר, מומע טרייַנע, איר האָט מיר דערציילט, נישטקאָשע, ס'איז עמעס. שעמט אייַך ניט, זאָגט!

צאלי. (מיט קאעס) וואָש, וואָש? פּאָסעט איז פּאָסעט, איר מעגט זאָגנ. וואָש, וואָש?

ייִסראָעל שטשופּאק. איך וועל אייַך זאָגנ פאר זיי, נאָר איך בעט, ר' בענ', הערט צו. דער ר' לייב איז דאָ אייַנגעשטאנענ נאָך פייסעך, אינ דעמ אלקערל פונ ברעטלעך אונ [וואָס איז] אויבנ אָפּנ איז געוועזנ ר' לייב אונ דער ר' צאלי. פעטער צאלי איז געשטאנענ באמ טירל פאר א בייַשפּילער דעמ רעבנס. איר, ר' צאלי, האָט דעמ פעטער ר' בערל גאנצ הויך געזאָגט, אומיסנע, אז אלע אינ שטוב זאָלנ הערנ, אונ דער ר' לייב אינעמ ·אלקערל האָט אויך גוט געהערט. איר האָט געזאָגט, אז שאריוועקער ייִדנ זענענ אזעס־פּענימער, וואָס זיי גיבנ אזא גרויסנ צאַדיק ווייַס געלט, קראנק זענענ זיי רענדלעך צו ברענגענ? כא־כא־כא, אונ דער רעבע האָט עס גוט געהערט, אונ

איז מיט כיינ, מיט דער האווײַע ארײַנגעקומענ און האָט מיטנ קלאָמערשט פרומענ פּאָנעם, מיט די כסידישע האווײַעס, ארויסגעטריבנ דעמ גאנצנ אוילעמ טאקע. איאָ, ר׳ בּעני, כאלאָשעס, איאָ, נאריש געגארט? מאָלט אײַך, אז ר׳ בּערל מיט טרײַנענ האָבּנ שוינ ניט געקאָנט דערלײַדנ און זײַנענ אוועקגעגאנגענ.

צ א ל י. (מיט קאעס) דו קאָנסט נאָכ רעדנ, אז דו האָסט געמאכט געלט פונ אנ אָנסטעל, פּאָסעט, מיטנ אלטנ סיקער, הא?

י יִ ס ר אָ ע ל ש ט ש ו פּ א ק. איכ האָבּ שוינ געענטפערט פריִער, אז איכ האָבּ געמאכט געלט מיט סייכל פונ נאראָנים, ווי א קאָמעדיע מענ מאכט און מענ נעמט דערפאר געלט, ווער עס גייט זענ, צאָלט. איכ רופ מיר דאָס געלט — שטראָפּ־געלט, וואָס נאראָנימ גיבּנ אינ דער גענארטער וועלט. ר׳ לייבּ מאכט דעמ אָנשטעל אבּיסל צו נאריש, מענטשנ אומיסנע צו שלעפּנ: גיבּ געלט! איכ מוז נאָכ ענטפערנ דער שוויגער. שטיי נאָכ אבּיסל, פּעסיניו, נעבּנ מיר. די שוויגער האָט געפרעגט: ווי טראכט מענ זיכ אויס צו מאכנ אנ אלטנ שיקער פאר א זנאכער, פאר א בּאל־מויפעס? איאָ שוויגער, איר פּרעגט דאָס?

ר אָ כ ל. (לאָזט ארויס א געלעכטער.) כא־כא־כא, כא־כא־כא, האָט ניט פאריבּל, פּעטער, איכ האָבּ מיכ ארויסגעכאפּט מיט א געלעכטער. (זי בּייגט זי צו צו פּעסינ און שטיקט זיכ.) איכ האָבּ מיכ דערמאנט, אז יעכיעליק האָט געזאָגט, כא־כא־כא ...: דער אלטער גוי איז געוואָרנ א גוטער־ייִד, א בּאל־מויפעס... כא־כא־כא...

ג י ס י. טאקע, טאקע, געדענקסטו, מאני? (זי לייגט ארופ בּיידע הענט אפ פּעסינ און יִיסראָעל שטשופּאק.) איכ זאָל נאָכ אזוי דערלעבּנ גדולע אינ זיי, אז ער האָט עטלעכע מאָל אזוי געזאָגט, כאָטשע איכ האָבּ אימ געגעבּנ צו פארשטיינ מיט גוטנ, אז א גוי איז ניט קיינ גוטער־ייִד, נאָר א זנאכער.

ר׳ נ ו י ע כ. (צומ אוילעמ.) איטלעכער נאר איז א האלבּער נאָווי, איטלעכער נאר. ער האָט געוווּסט, אז דרינענ שטעקט א ייִדישער קאָפּ, האָט ער געוווּסט. (ער ווײַזט אפּ יִיסראָעלנ.) דער ייִדישער קאָפּ האָט געשטעקט אינעמ זנאכער, דער ייִדישער קאָפּ. עק, מײַנ זונ, ס׳איז זומער־נאכט, עק, מײַנ זונ, די נאכט וועט אוועקגיינ, די נאכט, און די נארישע וועלט, אָדער די גענארטע וועלט בּלײַבּט די נארישע וועלט. ענטפער דער שוויגער, ענטפער.

ג י ס י. יאָ, איכ וויל מײַנס ניט שענקענ. ווי אזוי פאלט מענ אויס צוטראכטנ אזעלכע זאכנ מיט אָנשטעלנ? ווי אזוי, ווי אזוי?

י יִ ס ר אָ ע ל ש ט ש ו פּ א ק. שוויגער, איר האָט פארגעסנ, אז מענ זיצט אינ א דאָרפ גאנצע טעג קימאט ליידיק און מענ האָט א קאָפּ, וואָס קאָנ ניט ליידיק גיינ. דערצו האָבּ איכ אָט די פּעסיניו זייער ליבּ געהאט, כאס־ וועשאָלעמ, ניט הולטײַסקע ליבּ געהאט, נאָר עמעס און ערלעכ ליבּ געהאט. ראכמאָנעס אפּ איר, נעבּעכ, האָבּ איכ אויכ געהאט, ווי אזוי איר האָט זי פאר־ שלייערט ניט ווי מענ דארפ, ניט ווי איר הארצ האָט געוואָלט. האָבּ איכ געוווּסט, אז מיר גייט נאָר אָפּ געלט, וועל איכ אי איר טונ די גרויסע

טויווע, אי מיר. בא אזא זאך טראכט מען עפּעס אויס, אז געלט זאָל זײַן, און נאראָנימס שטראָף־געלט האלט איך בא מיר ניט פאר קיין אווייִרע. נו, האָט מיר גאָט באָרוך־הו און מײַן ביסל סייכל געהאָלפן, אז די פּעסיניו איז מײַן ווײַב, און איר, שוויגער, און איר, שווער, זענט באָרוך־האשעם אויך מאסקים. איז טאקע מאזלטאָוו פונעם גאנצן הארצן. איאָ, שוויגער, איר ווייסט שוין.

אלע. טאקע, קלוג זאָל מען זײַן, און גאָט באָרוך־הו שיקט ארײַן דעם סייכל, טאקע מאזלטאָוו, מאזלטאָוו, קלוג זאָל מען זײַן.

צאלי. איך בין בערויגעז אף דיר, ייִסראָעל, וואָס דו רעדסט אף גוטע־ייִדן, טאקע, פּאָסעט, זייער בערויגעז. אכוץ וועל איך פרעגן א קאסע: מע מוז דאָך פּאָסעט פאר דיר מוירע האָבן, אָט וועשטו עפּעס, פּאָסעט, אויסטראכטן, בא מײַן סוואָגער מאני דאָש גרוישע אסירעס אוישצונארן מיט אן אָנסטעל, דערנאָך וועשטו זאָגן א ווערטעלע: די געגארטע וועלט, פּאָסעט, הא?

מאני דער רײַכער. (קוקט זיך ארום און ארום, טוט א רײַב דעם שטערן, און לויפט צו, קושט פּעסינ און ייִסראָעל שטשופאק.) דאָ איז קיין פרעמדער נישטאָ, נאָר היימישע. ר׳ בעני דײַען איז אויך קימאט א היימישער, און מײַנע קינדער, זאָלן לעבן, זײַנען באָרוך־האשעם קלוג און גוט. וויל איך דיר, צאלי, ענטפערן פאר ייִסראָעלן א טערעץ אף דײַן נארישער קאשע, צאלי. חײַל דו ביסט טאָמיד א קאפּצן, מיינסטו, אז איך האָב מיליִאָנען מײַן אייגנס, ווי אלע קאפּצאָנים מיינען אף אן אוישער, דעריבער האָט איר געזאָגט צוויי טויזנט רענדלעך איז בא מיר א שפּײַ, איאָ? ניין, ראבויסים, דאָ איז אויך די געגארטע וועלט. געלויבט איז צו גאָט, אז איך האָב עפּשער צוויי טויזנט רענדלעך מײַן אייגנס, איך קאָן מיר מײַן מאסע־מאטן פירן און דארף ניט אנטלײַען. איך דאנק און לויב גאָט, אז ער האָט מיר באשערט אן איידעם, וואָס איז קליגער פון אײַך, ער ווייסט וויפל איך האָב מײַן אייגנס. ער איז אליין געלט און קוקט ניט ארויס אף מײַן געלט. מײַן טאָכטער האָט ער געוואָלט פאר א ווײַב, מאזלטאָוו, גוט, איך גיב זי דיר בתום לב. איאָ, איך האָב דיר, ייִסראָעל, פארשפּאָרט א טשוווע, און האָב דיר צוגעגעבן א שטיק צו דער געגארטער וועלט? לעב דו, מײַן פּעסיניו, מיט דײַן מאן אין אוישער און אין קאָוועד. לאָמיר זיך פרייען אלע. גיסי, הייס אָנצאפּן ווישניק און גרייט צום טיש, און איר, ר׳ בעני, מאכט שיווע־בראָכעס. (ער גיט ר׳ בעניג געלט.) נאט, ר׳ בעני, קומט לאָמיר זיך פרייען און גאָט דאנקען, ווי מען באדארף.

ייִסראָעל שטשופאק. (גייט צו צו ר׳ בעניג און גיט אים אויך געלט.) נאט, ר׳ בעני, אײַך פאר אײַער כופּע־קדושן און פאר אײַער דערשרעקעניש. די צען רענדלעך ליגן בא מיר פון נעכטן אָן אין א באזונדער פּאפּירל, טאקע נאָר פון אײַערטוועגן. ס׳איז ניט קיין ליטשמאנעס, זעט, דאָס איז גוטע

רענדלעך. הײַנט קום, פּעסיניו, לאָמיר זיצן בּאַם טיש ווי כאָסן־קאַלע צו שיווע־בּראָכעס. קום, טאַטע, זעץ דיך. אַלע זאָלן זיצן און זיך פרייען.

ר׳ בּ ע נ י. (קנײטשט זיך אַביסל.) מיילע, דאַכט זיך, אַלץ איז רעכט. נײַן, ר׳ מאַני, האָט מיר ניט פאַריבּל, איך האָבּ נאָך אַ בּאַקאָשע צו אײַך, אַז איר וועט מיך פאָלגן, זעץ איך מיך צום טיש. בּאַ אונדז שטייט: „לא תאכלו על הדם", דאָס איז אַף ייִדיש פראָסט, מען טאָר ניט עסן, אַז יענעם רינט נעבּעך בּלוט פונעם האַרצן. לעמאָשל, דער ר׳ שויעל אָסטרער האָט הויצאָעס געהאַט אַהער צוויי מאָל, אַכוץ, וואָס מען האָט אים מעוויײַעש געוועזן, האָט ער אַ העזעק און די הויצאָעס בּעכינעם. דאָס איז בּאַ מיר „על הדם". אַ סימען, אַז איך מיין דאָס ערנסט און בּעעמעס, אָט גיבּ איך אים צוריק זײַנע זעקס רענדלעך, וואָס ער האָט מיר געגעבּן שאַדכאָנעס בּעשאַס שידעך. נו, וואָס זאָגט איר דאָ דערצו, מאַני?

מ אַ נ י ד ע ר ר ײַ כ ע ר. איר זענט גערעכט, ר׳ בּעני, און זאָגט ווי אַן ערלעכן ייִדן שטייט אָן. איך פאַרלאָז מיך אַף אײַך, איר זאָלט דערבּײַ זײַן. איך וויל אים מאָרגן מירצעהאַשעם מפּייס־זײַן, און זײַנע הויצאָעס אומקערן.

י ִ ס ר אָ ע ל ש ט ש ו פּ אַ ק. איך זאָג נאָך עפּעס. „על הדם" הייסט בּאַ מיר ר׳ צאַלי אויך, אַז ער האָט געמוזט צוריק געבּן די דרײַ רענדלעך, נעבּעך. נאַט, פּעטער (ער גיט צאַלין געלט) צאַלי, אײַך זעקס רענדלעך. נו, זענט איר אויך שוין ניט בּערויגעז, נאָר פריילעך. פּע עצבות, איאָ?

ר׳ בּ ע נ י. (שטרעקט אויס בּיידע הענט אַף כאָסן־קאַלע.) דער אייבּערשטער זאָל געבּן, דער זיוועג זאָל עולה־יפה זײַן. מאַזלטאָוו, מאַזלטאָוו!

אַ ל ע. (טוען אַ געשריי.) מאַזלטאָוו, מאַזלטאָוו. איר זאָלט אײַך עלטערן אין אוישער און אין קאָוועד. אָמיין!

ג ע ע ק ט

# אָנמערקונגענ אונ עקסקורסיעס

פונ מ. וויינער

## צו זײַט 6.

עס איז נייטיק פעסטצושטעלנ, אז אכוץ דעמ טיפּ פונ „גוויריש־שטאדלאָנישנ מאסקיל״, וואָס איז נאָר אינ זעלטענע פאלנ ארויסגעטראָטנ ליטעראריש, אונ אכוץ דעמ אייגנטלעכנ מאסקילישנ טעאָרעטיקער אונ ליטעראטאָר איז נאָכ פאראנ געווענ אנ אנדערע קאטעגאָריע „מאסקילימ״, צו וועלכער עס געהער דער זייער ווייניק געבילדעטער קליינשטעטלדיקער „אפּיקוירעס״, וואָס האָט עפּעס געהערט קלינגענ אונ ווייס ניט וואָס. זײַנ „האסקאָלע״ שטאמט פונ גאָר צווייפלהאפטיקע קוואלנ, אינ בעסטנ פאל פונ מענדעלסאָנס „ביאור״, פונ „מורה נבוכימ״ אָדער גאָר פונ „ספר הברית״ א. א. וו. דער ווייניק באוווסטזיניקער אָפּגעשטאנענער שטעטלשער בונטאר איז אופגערודערט געוואָרנ פונ א ווײַטנ אָפּהילכ אונ ווייס ניט ווי אזוי דאָס אויסטײַטשנ אונ רעאליזירנ. דער פּארוואלגערטער „בראָדער״ אָדער זײַנ טאלמיד רעאליזירט אמאָל זײַנ „האסקאָלע״ דורכ קליינע אפּווײַכונגענ פונ דער רעליגיעזער פּראקטיק אונ לעבנס־שטייגער, דורכ אומקלאָרע טײַנעס, דורכ שטילנ כויזעק אפ קאָהאָל (אינ שפּאָט־לידלעכ) אונ אמאָל דורכ א מעסירע. צו דערדאָזיקער קאטעגאָריע „מאסקילימ״ געהערנ מענטשנ פונ פארשידענע שיכטנ אונ באשעפטיקונגענ: דער קליינער אָנגעשטעלטער באמ „אָטקופּשטשיק״ אונ באמ דיליזשאנס, דער שרײַב־לערער, דער לערער פונ טאנאכ אונ דיקדעק, דער בוכהאלטער, באדכאָנימ, „בראָדער זינגער״, שרײַבערס אינ וואלד־געשעפטנ. אמאָל געהערנ צו דערדאָזיקער „שטייגערישער״ קאטעגאָריע מאסקילימ—פאָרשטייערס פונ סאָציאַל אביסל א העכערער גרופּע, אזוי לעמאָשל, צ ײַ ט וו ײַ ל י ק דער באוווסטער טיפּ פונ א זײַדענעמ איידעמ אפּ קעסט, א מושלעמ, איידער ער באשליסט אונ אנטלויפט פונ זײַנ ווײַב קעדיי זיכ לערנענ „בילדונג״. אמאָל ווידער דאפקע פאָרשטייער פונ אסאכ נידעריקערע שיכטנ, ווי לעמאָשל, מער אנטוויקלטע בעלפערס; מאָסרימ אפ קאָהאָל (וואָס לעבנ דערפונ, שמאדנ זיכ לעסאָפ, אָדער ווערנ אמאָל פונ קאָהאָל געבראכט אינ טפיסע אָדער גאָר דערהארגעט); טיפּנ פונ דעקלאסירטער „ערעוו־אינטעליגענצ״, וואָס שטייענ מיט איינ פוס אינ דער אונטערוועלט, ווי נאכמענ דער גרויסער, וועלכער קאָנ אויכ „לערנענ אונ שרײַבנ״ אונ שפּעט פונ קאָהאָלס־לײַט אינ זײַנע לידלעכ.

דאָס זײַנענ ניט קיינ ליטעראטנ, ניט קיינ געזעלשאפטלעכע טוערס, אָבער א באשטימטער אומקלאָרער בונטארישער פערמענט. דאָס זײַנענ די עמבריִאָנעלע נידעריקסטע טיפּנ פונ דער קומענדיקער בירגערלעכער „אינטעליגענצ״. די אינ סאָציִאלנ זינענ העכסטע קאטעגאָריע „מאסקילימ״, די אופגעקלערטע רײַכע קאפּיטאליסטנ, האָבנ דורכ דער צווייטער קאטעגאָריע,—די ליטעראטנ אונ טעאָרעטיקער—אומיטלבאר אידעאָלאָגיש געווירקט אפ דער דריטער קאטעגאָריע, אפ די ווייניק אנטוויקלטע שטעטלשע „אפּיקאָרסימ״, וואָס האָבנ דאָסדאָזיקע שליכעס געדארפט דירעקט צוטראָגנ צו די מאסנ, מיט וועלכע זיי זײַנענ געווענ נעענטער פארבונדנ, איידער אלע איבעריקע מאסקילימ. זיי זײַנענ געווענ א וויכטיקער קאנאל, דורכ וועלכנ די האסקאָלע איז געגאנגענ אינ דער מאסע ארײַנ. בעלי־סאָפּעק האָט דידאָזיקע קאטעגאָריע „מאסקילימ״ געהאט א וויכטיקע האשפּאָע אפנ שאפנ, גאנג אונ אנטוויקלונג פונעמ יִידישנ פאָלקסליד אינעמ 19 יאָרהונדערט, באזונדערס דאָרט, ווו דאָס פאָלקסליד ווײַזט געזעלשאפטלעכע אָדער גאָר מאסקילישע שטריכנ. ניט אומזיסט ווערט נאכמענ דער גרויסער („דער ערשטער יִידישער רעקרוט״) נעבנ ארנ באל־מאכשאָווע (אינ

„קאפצנ־אוישער־שפיל״) אוועקגעשטעלט ווי א זינגער און מיט־פארפאסער פונ פאָלקסליד־ארטיקע קופּלעטנ. די לידער פונ גאָטלאָבער, בערל בראָדער א. א. וו., וואָס זײַנענ שטארק פאָפּולער געוועג צווישנ די מאסנ, האָבנ דעם פאָלקסליד (און דער שאפונג פונעם בּאדכעג) געגעבּנ א באשטימטע ריכטונג. עס איז ניט קיינ צופאל, וואָס דער „פאָלקסטימלעכער״ מאיאסעניק נאכמענ פארשפּרייט און מאכט פּאָפּולער דעם אופגעקלערטנ ארנס ליד צווישנ די שוסטער־שנײַדער־און קירזשנער־יונגעג — צווישנ דער אייגנטלעכער פּובּליקע פונעם פאָלקסליד. אנ אויספאָר־שונג וועגנ דער אומיטלבארער ווירקונג פונ דער האסקאָלע און פונ דער מאסקילישער שאפונג אפּנ יידישנ פאָלקסליד אינ 19 יאָרהונדערט וועט בּעלי־סאָפעק ברענגענ איבּעראשנדיקע רעזולטאטנ.—

דידאָזיקע קאטעגאָריע „מאסקילים״ איז געווענ דער ערשטער, דערווײַל נאָכ ווייניק געראָ־טענער רעאלער רעזולטאט פונעם בּירגערטומס שטרעבּנ „צו באפרײַענ די בּילדונג״, ד. ה. זיכ צו פארשאפנ ניט בּלויז ארבּעטס־הענט, נאָר אויכ אנ אינטעליגענצ, וואָס זאָל איר העלפנ פארהאלטנ און אָרגאניזירנ דעם גרויסהאנדל און די אינדוסטריע־ארבּעט.

## צו זײַט 7.

אינ דער האסקאָלע־ליטעראטור בּיכלאל געפינענ מיר זייער זעלטנ און נאָר אינ ווײַטע אָנצוהערענישנ אנ אויסדרוק פונ פּראָטעסט קעגנ דעם פעאָדאליזם. דאָס דערקלערט זיכ ערשטנס דורכ דער באזונדערס געדריקטער סיטואציע פונ דער יידישער אופקלערונג אינ רוסלאנד, צום־טייל אָבּער אויכ דערמיט, וואָס די יידישע בורזשואזיע איז פאָרט נאָכ דערווײַל עקאָנאָמיש ענגער געווענ פארבּונדנ מיטנ פּאָרעצ איידער אינ אלגעמיינעם די ניט־יידישע. די אומיטלבּארע טײַנע פונ דער יידישער בּורזשואזיע צום אדל האָט, אינ בּעסטנ פאל, געטראָגנ דעם שטייגערישנ כאראקטער פונ „באליידיקטער ווערדע״. דאָס אָנהויבּנדיקע זעלבּסטבּאוווסטזײַנ פונעם בּורזשוא האָט שארפער דערפילט די באליידיקנדיקע ביטלדיקע באציִונג פונעם פּאָרעצ איידער אנ עקאָנאָ־מישע קעגנזעצלעכקײַט, וואָס האָט זיכ אינ דער יידישער סוויווע ערשט אָנגעהויבּנ ארויסצואנט־וויקלענ. דער יידישער בּירגער באטאָנט ד ע ר ו וו ײַ ל בּענעגייע דעם פּ אָ ר ע צ פריִער פאר אלצ קלאָמערשט „שטייגערישע״ עמאנציפּאציע. מיטנ ניט־יידישנ בּירגער וויל ער זײַנ אינגאנצנ גלײַכ, אויכ עקאָנאָמיש, פונעם פּאָרעצ פארלאנגט ער קלאָמערשט „מענטשלעכע באהאנדלונג״, ד. ה. די פארבּרייטערונג און הויבּונג פונ זײַנ סאָציִאלנ פּרעסטיזש, וואָס דארפ אים מעמיילע צו־העלפנ צו זײַנ „סאָציִאלער עמאנציפּאציע״.

אנ אָפּקלאנג פונ דידאָזיקע טײַנעס, וואָס דער יידישער בּירגער האָט דעמאָלט צום פּאָרעצ, הערנ מיר בא אקסענפעלדנ אינ „שטערנטיכל״ (קאפּ. 8). ער דערקלערט די שלעכטע אופירונג פונעם פּאָרעצ בּענעגייע יידנ צומטייל דורכ דער נידעריקער שטייגעריש־געזעלשאפטלעכער מאדרייגע פונעם יידישנ בּירגער, מיט וועלכנ דער פּאָרעצ האָט צו טונ, אָבּער א היפּשנ טייל פונ דער שולד ווארפט ער טאקע אפּנ פּאָרעצ (כאָטש ער מאכט א כילעק צווישנ גוטע און שלעכטע, פּוילישע און רוסישע פּריצים):

„פארוואָס די זאכ איז אזוי? מאָג דער טאמ זײַנ, ווײַל א פּוילישער פּאָרעצ איז לערעָוו (מע קאָנ ניט זאָגנ א ל ע פּריצים, ס׳איז דאָ עטלעכע בעסערע אויכ) מיט גרויס גאדלעס אָנגע־שפּיגעוועט, נאָר ע ר איז בא זיכ א מענטש אפּ דער וועלט, דער פּאָווער איז בא אים גלײַכ מיט א פערד, מיט אנ אָקס, אָדער מיט א קו. פּאָווערנ זענענ באשאפנ געוואָרנ פונעם פּאָרעצס ארבּעט וועגנ; יידנ זענענ דאָכ ניט זײַנע אוואָדים, האלט ער זיי פאר קיילים, און זענענ אויכ נאָר פונעם פּאָרעצס וועגנ דאָ אפּ דער וועלט. טאקע, וועג דער פּאָרעצ דארפ דעם רײַכנ יידנס לאסקע, ער זאָל אים געלט אנטלײַענ, איז ער בא אים ווי דער שוסטער, א ש ו ס ט ע ר, ניט מער. מכל־שכן, זײַנ קרעטשמער און דער קרעמער, דער ייִד, איז בא דעם באל־גײַווע־פּאָרעצ מעוווּזע ערגער ווי א גאסנ־הונט. ער שפּעט פונ אים, ער מאכט פונ אים כויזעק, ער

שלאָגט אים, ער פּאַטשט אים, ווען ער האָט כײשעק, זידלען און שעלטן איז פּראָסט א מינהעג. „זשיד שעלמא, זשיד הונצוואָט“, הײסט אזוי ווי ר׳ קאָרעוו. א פּאַקטער, וואָס דרײט זיך ארום א פּוילישן פּאָרעץ, הערט פון אים נאָך גרעבערע ווערטער: פּיעס, פּאָביעגני, נאָ, זאראז! א צבא דער פּײע אָדער בא דער באָרד איז א קאַטאָוועסל, און אז ער צאָלט אים פּאַר דער טערכע, טוט ער דעם גילדן א וואָרף אַף דער ערד: „נא, מאש, הונצוואָט!“ אזעלעכס צו קאָנען דערלײַדן מוז מען טאַקע זײַן גאָר א נידעריקער מענטש, א שיקער, א הולטײַ“.

פון די פּריצים טײלט אקסענפעלד אויס די רוסישע צום גוטן: „אונדזערע רוסישע סראָרעס זענען גאָר אנדערע מענטשן, דאָס פּויליש־ביטערע אָנגעבלאָזענע גאַדלעס, די פּוילישע גײַווע איז באַם רוס ניטאָ. א רוס, אז ער קען זיך מיטן ייִדן און האָט מיט אים עטלעכע מאָל צו טון, רופט ער אים „בראַט“ אָדער „בראַטיעץ“. אפילע דעם פּאַקטער, אז ער דינט אים געטרײַ, האָט ער אים ליב (יאָ, יאָ, טאַקע פּראָסט ליב). ווער שמועסט, אז ער ווערט באַקאַנט דורך מאַסעמאַטן מיט א ייִדישן סויכער א צײַט לאַנג, ווערט דער גרעסטער רוס דעם ייִדנס גוטער פרײַנט (יאָ, יאָ, א גוטער פרײַנט)“. אקסענפעלד שטרײַכט דאָ אונטער דורך איבערכאַזערונגען, אשטײגער, ווי ער וואָלט געדאַרפט איבערצײַגן ווען אַן איניען, וואָס איז טאַקע שטאַרק אין סאָפעק. דער אויפן ווי דער רוסישער פּאָרעץ האָט זיך דערמאָלט באַצויגן אפילע צום רוסישן בירגערלעכן סויכער איז דאָך באַוווּסט. דער כילעק צווישן א פּוילישן און רוסישן פעאָדאַל האָט דאָ געקאָנט באַשטײן נאָר אין א ניואַנס. אקסענפעלד וויל עפּשער דורך זײַן אקעגנשטעלן דעם רוסישן פּאָרעץ — וואָס האָט, אגעוו, זעלטן און ווײניק געהאַט צו טון מיט ייִדן, — צום פּוילישן, באַרעכטיקן דעם „דרײסטן“, „געוואַגטן“ אָנגריף. אכוצדעם שפּילט דאָ א ראָל דער גרעסערער עקאָנאָמישער אָנציִונגס־קויעך פון א פאַרבינדונג מיטן רוסישן פעאָדאַלן קאַפּיטאַל אײדער מיטן פּוילישן.

אין זײַנע פּיעסעס שילדערט אקסענפעלד געוויינלעך די באַציִונג צווישן דעם פּוילישן פּאָרעץ און די ייִדיש־בירגערלעכע „פּאָזיטיווע“ פיגורן, ווי העכסט פרײַנטשאַפטלעכע. דאָס שפּיגלט אָפּ גיכער פּאַר אלץ אקסענפעלדס ווונטש, און ניט דיווירקלעכקײַט. די קעגנזעצלעכקײַט צווישן דעם בירגערטום, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן צו אנטוויקלען, און דעם פעאָדאַליזם איז געווען גענוג גרויס, אז מע זאָל זי קאָנען ארײַנשטעלן אינעם גערער פון די דעמאָלטיקע אלגעמײנע קעגנזאַצן צווישן בורזשואזיִע און פעאָדאַליזם. ביכלאַל אָבער דאַרף באַטאָנט ווערן, אז די ייִדישע בירגערלעכע אופקלערונג, די אײגנטלעכע האַסקאָלע, איז ניט געקוקט אַף באַשטימטע גענוג אײַנגעהאַלטענע פּראָטעסטן, קײנמאָל ניט דערגאַנגען ביז צו קעמפערישער רעוואָליוציאָנערישקײַט קעגן פעאָדאַלן קלאַס.

## צו זײַט 17.

וועגן דער שטאַרקער פאַרשפּרײטונג פון דער שמוגלערײַ אַף בײדע זײַטן גרענעץ צו דער צײַט, ווען אקסענפעלד האָט געשריבן זײַן „געגנאַרטע וועלט“ און וועגן דעם גרויסן ריזיקע־עפעקט בא דעמדראָזיקן „געשעפט“, לײענען מיר בא דיקן אין א דערצײלונג, וואָס שפּילט זיך אָפּ אין דער אײגענער צײַט: „... אין יענע צײַטן (פאַרגל. דאָרט ז. 8), אין וועלכער דער מיסכער פון קאָנטערבאַנד איז געווען זײער גרויס, וואר עס גאַנץ געוויינלעך, דאָס יונגע־לײַט פלעגן אין בראָר אין א קורצע צײַט ווערן זײער תקיף אין מעמד... דאָך אָבער איז באַוויזן שוין פון דער פּראַקטיק, דאָס ניט אײנער פון יענע, וואָס ערלויבן זיך צו האַנדלען מיט דיזער פאַרבאָטענע וואַרע, זײַען געשטאָרבן רײַך. אלפּי ראָוו ווערט מען דורך דיזעם מיסכער אלײן אויך באַגראָבן, און מען באַגראָבט דער צו נאָך דאָס פאָריגע ביסעלע, וואָס מע האָט נאָך פריִער געהאַט“ („דער אנטלאָפענער רעקרוט“, ווילנע, 1872, ז. 21). פאַרגל. אויך „די געגנאַרטע וועלט“ (זע ז. 313): „האָט א פּאָנעם, אז דאָס פּעקלען איז אויך א געגנאַרטע וועלט. א פּאָר מאָל געראָט עס, דערנאָך נעמט דער קײסער אָפּ מיטאַמאָל...“

## צו זײַט 18.

די באַגרענעצונג פון ווױנ־רעכט אינ די גרענעצ־קאַנטנ איז אינ אַ היפּשער מאָס געווענ אַ קאַמפּסמיטל קעגנ דער ייִדישער קאָנטראַבאַנדע. אָנגעהויבנ האָבנ זיך דידאָזיקע באַגרענעצונגענ 1812 אינ דער וואָלינער גובערניע, 1825 זײַנעג זיי פאַרבּרייטערט געוואָרנ אַפּ אַלע גובערניעס (אַכוצ שטעט אונ שטעטלעך), 1832 אויך פאַרנ בעסאַראַבישנ גרענעצ־קאַנט (אַכוצ פּאָר באַזיצערס פונ הײַזער, מילנ אונ קרעטשמעס), 1843 — אַפּ אַ ל ע ייִדנ אָנ אויסנאַמ אונ אויך פונ שטעט אונ שטעטלעך. די מאַסקילימ טרעטנ אַרויס מיט אַ שאַרפער פּראָפּאַגאַנדע קעגנ דער קאָנטראַבאַנדע. זע, לעמאָשל: לעווינזאָנ: „די העפקער־וועלט", אויסג. וואַרשע 1902, ז. 31, אונ „די העפקער־וועלט" צווייטע אָפּטײלונג, דאָרטנ, ז. 49. אַקסענפעלד („די גענאַרטע וועלט", ז. 313) פאַרורטײלט די קאָנטראַבאַנדע, פונקט אַזוי ווי לעווינזאָנ, דורך די ווערטער פונ אַ רעליגיעזער אווטאָריטעט (דורך בעניע דײַענ). דערמיט ווילנ אַקסענפעלד אונ לעווינזאָנ אַקעגנשטעלנ צו דער אווטאָריטעט פונ די רעבעס, וואָס אונטערשטיצנ די קאָנטראַבאַנדע, — די אווטאָריטעט פונ דער „רעגולערער" גײַסטלעכקײַט: פונ ראַבאָנימ אונ דאַיאָנימ, וואָס זײַנענ קעגנ דער קאָנטראַבאַנדע.

אַפּ אַקסענפעלדס שטעלונג צו דערדאָזיקער פראַגע אונ בכלל אַפּ דער אויספאָרמירונג פונ זײַנ געזעלשאַפטלעכער אידעאָלאָגיע האָט בעלי־סאָפעק געווירקט דער פאַקט, וואָס ער האָט געלעבט אונ געשאַפנ אינ אָדעס, ווו אַנ אַנטוויקלטער אויסלאַנד־האַנדל איז געווענ באַדײַטנדיק קאָנצענטרירט אינ די הענט פונ ייִדישע קאַפּיטאַליסטנ. דער נאָטאַריוּס אַקסענפעלד איז דאָך געקומענ אינ באַריר מיט דידאָזיקע קרײַזנ אונ איז עפּשער עקאָנאָמיש אינ אַ געוויסער מאָס פונ זיי געווענ אָפּהענגיק.

עס וואָלט אָבער געפירט צו לאַכלוטנ פאַלשע אויספירנ, ווענ מיר זאָלנ גראָד אינ דערדאָזיקער אָדעסער גרויסבורזשואַזער סוויווע זוכנ אַקסענפעלדס סאָציאַלע באַזיס. זײַנ אידעאָלאָגיע האָט ג ע מ ו ז ט באַווירקט ווערנ פונ דערדאָזיקער סוויווע, אונ ניט בלויז דערפאַר, ווײַל ער האָט געלעבט אינ איר אומיטלבאַרנ ווירקונגס־קרײַז, — דאָס הייסט אָבער ווײַט נ י ט, אַז די־דאָזיקע סוויווע האָט אימ געגעבנ די סאָציאַלע באַזיס, אַז זײַנ אידעאָלאָגיע רעפּרעזענטירט די ייִדישע אָדעסער גרויסבורזשואַזיע. אַקסענפעלד האָט ניט געשריבנ וועגנ דער גרויסבורזשואַזיע, ניט פאַר אירעטוועגנ (אַלס פּובליקומ) אונ ניט דעריקער צוליב אירעטוועגנ, כאָטש זײַנ אידעאָלאָגיע איז אינ אַ טייל פראַטימ אָפּטמאָל געוונג שטאַרק אַרונטערגעפאַלנ אונטער איר אינטערעסנ־דרוק. (אויספירלעכער וועגנ אַקסענפעלדנ אינ צוזאַמענהאַנג מיט דער אָדעסער סוויווע — אינ די ווײַטערדיקע בענדער.)

## צו זײַט 93.

### I

די ליטעראַרישע טראַדיציעס פאַרנ ס י ו ז ש ע ט אינ „ערשטנ ייִדישנ רעקרוט", וואָס איז דאָך געבויט אַפּ ספּעציפיש־רוסלענדישע שטייגער־פאַקטנ, דאַרפ מענ זוכנ אינ ערשטער ריי אינ דער ר ו ס י ש ע ר ליטעראַטור. עס האָט זיך אָבער וואָס שײַעך דעמ ס י ו ז ש ע ט דערווײַל נאָך ניט אײַנגעגעבנ אימ דאָרט אַרויסצוגעפינענ.

אַנדערש וואָס שײַעך דער ט ע מ ע פונ „ערשטנ ייִדישנ רעקרוט". אַ רוסישע פּיעסע, וואָס איז געבויט אַפּ דער רעקרוטשינע־טעמע, איז גראָד יאָ באַוווסט. זי הייסט: „Великодушие или Рекрутской Наборъ". Драма в трехъ действияхъ פונ ניקאָלײַ איליִנ (1773—1823).

די ערשטע אויסגאבע איז דערשינען אין מאָסקווע 1804, די צווייטע 1) — אין פעטערבורג 1807. די פיעסע איז צום ערשטן מאָל אופגעפירט געוואָרן אין פעטערבורג און זי האָט זיך א לענגערע צײַט געהאלטן אין רעפערטואר פון די מאָסקווער, פעטערבורגער און פראָווינציעלע טעאטערן. לויט די ידיעות פון א. אי. וואָלף 2) האָט זיך אילינס דראמע „לאנג געהאלטן אפ דער בינע און מע האָט זי געשפילט נאָך אין די דרײַסיקער יאָרן״. ס. ט. אקסאקאָוו דערציילט אין זײַנע „ליטערארישע און טעאטראלישע זיכרוינעס״, אז די פיעסע איז געווען נישט אָן מײַלעס און זי האָט געהאט א זייער גרויסן דערפאָלג. אראפאָוו, איינער פון די פריִיקע היסטאָריקער פון רוסישן טעאטער, שרײַבט וועגן דערדאָזיקער פיעסע: „זי איז זייער געפעלן צוליב דער פראָסטער און פולקום נאטירלעכער אנטוויקלונג פונעם סיוזשעט. דידאָזיקע פיעסע געהער צו דער צאָל פאָלקסטימלעכע דראמעס״ 3). דער דערפאָלג פון אילינס פיעסע איז געווען אזוי גרויס, אז לויט דער מעסוירע האָט זיך פון איר אָנגעהויבן דאָס ארויסרופן די מעכאברים אפ דער רוסישער בינע. אילין איז געווען זייער פאָפולער מיט זײַנע דראמאטישע ווערק (מערסטנטייל איבערזעצונגען און איבערארבעטונגען פון פרעמדע שפראכן). באזונדערס זײַנען געווען פאָפולער זײַנע צוויי אָריגינעלע פיעסעס, די אָנגערופענע וועגן רעקרוטשינע און Лиза, или торжество благодарности. פראָפ. ווארנעקע (אין זײַן טעאטער־געשיכטע) כאראקטעריזירט אילינס פיעסע, ווי איינע פון די פילצאָליקע רוסישע נאָכמא־כונגען קאָצעבוס צו יענער צײַט. (וועגן דעם גרויסן באטײַט פונעם קאָצעבו־טעאטער פארן רוסישן טעאטער אין יענער צײַט איז דאָ נישט נייטיק אויספירלעכער צו שרײַבן. די דײַטלעכע ווירקונג פונעם קאָצעבו־טעאטער אפ אקסענפעלדן און עטינגערן וועט אויספירלעכער באהאנדלט ווערן אין די ווײַטערדיקע בענדער פון דערדאָזיקער אויסגאבע.)

עס איז שווער צו זאָגן, ווי ווײַט אקסענפעלדס פיעסע האָט א באציִונג צו אילינס פיעסע און ווי ווײַט דאָס געהער צום קאפיטל „האשפּאָעס און אנאלאָגיעס״. סיוזשעט, סאָציִאלע און ספּעציפיש־שטייגערישע אטמאָספער זײַנען איןביידע פיעסעס פארשידענע (דאָ קליינשטעטלדיקע יִידן — דאָרט דאָרפישע פויערים).

די אינהאלטלעכע אנאלאָגיע באגרענעצט זיך בלויז אפ דעם פאקט, וואָס די סיוזשעטן פון ביידע פיעסעס בויען זיך אפ דער רעקרוטשינע־טעמע, אפ מיסברויכן באם נאבאָר מיצאד די טאקיפים בענעגייע אן אָרעמען איינציקן זון, אפן סאנטי־מענטאלן איידלמוט פון באשטימטע העלדן. אין אילינס פיעסע ווערט, אגעוו, אונטער־געשטראָכן דער גרויסמוט, די נאטירלעכקײַט און אנדערע מײַלעס פונעם פויערישן שטאנד, אפ וועלכן עס האלט זיך די גאנצע מעלוכע. צוגלײַך רעדט זיך דאָ וועגן דעם קייזערס שטענדיקע כאסאָדים צו זײַנע אונטערטאנען. — בא אילינען איז דער גרונט־טאָן די „רעהאביליטאציע״ פונעם פויערישן שטאנד מיט דער הילף פון סאנטימענטאלישקײַט. אקסענפעלדס פיעסע איז אויך סאנטימענטאל, זי וויל אויך אין א געוויסער מאָס רעהאביליטירן — דעם דעקלאסירטן לומפּ אין דער יִידישער סוויווע. נאָר בלויז אזוי ווײַט דערגייט זײַן פאָלקיסטישקײַט. אקסענ־פעלדס פיעסע איז אָבער פיל רײַכער און סאָציִאל קאָמפּליצירטער.

וואָס שײַעך זשאנר און סטיל איז די אנאלאָגיע אסאך ברייטער און אינטערעסאנטער. ביידע פיעסעס פארייניקט דער א. ג. „פלאמאנדישער״ (שטייגערדיקער, זשאנרישער) נוסעך. אין דעם צוזאמענהאנג איז כאראקטעריסטיש, וואָס די רעצענזיעס פון יענער צײַט פארגלײַכן אילינען מיט דעם פלאמישן מאָלער טעניער. טעניערס נאָמען פלעג נישט איינמאָל אופשווימען,

1) פון וועלכער עס איז פאראן אן עקזעמפליאר אין דער מאָסקווער לענינישער ביב־ליאָטעק.

2) זעט Хроника петербург. театровъ, ч. I, Спб. 1877, 4

3) זעט Лѣтопись русскаго театра. Составилъ Пименъ Араповъ, Спб., 1861, 165

ווען מע האָט דעמאָלט און אויך אַביסל שפּעטער גערעדט וועגן אַ געוויסן רעאַליסטיש־שטייגער־דיקן גאַנג אין דער רוסישער ליטעראַטור. ווי אַפן „רוסישן טעניער״ אין דער ליטעראַטור פּלעגן מען אָנווײַזן אַפן נאַריעזשניי 1) אָדער אַפן א. איזמאַילאָוון א. א. וו. מיר האָבן דאָ אַ גאַנצע רעאַ־ליסטיש־שטייגערדיקע שיטע אין דער רוסישער ליטעראַטור אין די ערשטע צענדליקער פון 19־טן יאָרהונדערט און ווײַטער, — און צו דערדאָזיקער שיטע שליסט זיך אָן (אַן אַנדערע פראַגע איז ווי ווײַט דירעקט אָדער אומדירעקט) אויך אַקסענפעלד 1). אין אַזאַ מעגלעכן צוזאַמענהאַנג ליגט דער איקער באַטײַט פון אילינס פּיעסע פאַר דער אויספאָרשונג פון אַקסענ־פעלדס „ערשטן ייִדישן רעקרוט״ און זײַנע איבעריקע פּיעסעס — ניט געקוקט אַף די דירעקטע און זיכערע האַשפּאָעס פון דײַטשן טעאַטער (ברעסלע, אָדעס) און פון דער דײַטשער דריט־ראַנ־גיקער טעאַטער־ליטעראַטור (קאָצעבו).

און טאַקע צוליב דעם מעגלעכן צוזאַמענהאַנג איז קעדײַ צו באַטראַכטן די אָפּרופן פון צײַט־מענטשן אַף אילינס פּיעסע, זיי קאָנען אין אַסאַך פּראָטים זײַן אָנרעגנדיק פאַר דער באַ־טראַכטונג פון אַקסענפעלדס שאַפן.

ביז גאָר אינטערעסאַנט איז אַ קריטישער אָפּרוף וועגן אילינס פּיעסע פון וול. וואַסיליע־וויטש איזמאַילאָוו, דעם אַרויסגעבער פונעם זשורנאַל „Патриот״ (און ניט, ווי וואַרנעקע מיינט אַלפּי־טאָעס, פון אַלעקסיי יעפימאָוויטש איזמאַילאָוו, וואָס געהער אין אַ געוויסער מאָס צו דער־זעלבער ריכטונג ווי אילין גופע און ווערט, ווי ער, פאַרגליכן צו טעניערן): „דער הויפּט־כיסאָרן פון ה׳ אילין איז ביז איצט געווען דאָס, וואָס ער האָט אַרויסגעפירט אַף דער סצענע אַזעלכע מענטשן, וואָס פאַרנעמען דעם לעצטן אָרט אין דער געזעלשאַפט, מענטשן, וועמעס געדאַנקען, געפילן און זייער שפּראַך גופע זײַנען געננוג באַגרענעצט און דעריבער קאָנען אונדז זייערע איניאָנים ניט דינען ניט ווי אַ מוסער און ניט ווי אַ מוסטער״ („Патриот״, 1804, מײַ, זײַט 233). דער מעכאַבער אייצעט אילינען: „.... צו שעפּן מאָדעלן פון דעם געזעלשאַפט־לעכן קרײַז, וווּ ס׳געפינען זיך מער אינטערעסאַנטע פיזיאָגנאָמיעס, מער פאַרשידנאַרטיקע ליידנ־שאַפטן, מער געגנשטאַנדן, וואָס פאַרדינען, אַז דער מאָלער זאָל זיך מיט זיי באַשעפטיקנ־דאָרט, זײַט 239).

איזמאַילאָווס אַרויסטרעטונג קעגן אילינען האָט, אַגעוו, אַרויסגערופן דעם באַוווּסטן דיערזשאַ־ווינס אומצופרידנקײַט. ער שרײַבט אין אַ בריוו: „...איך לויב לאַכלוטן ניט ה׳ איזמאַילאָוון, וואָס ער איז אַזוי אָנגעפאַלן ... אַף אילינען, אַף אַ יונגן מענטשן, מיט גאַנץ היפּשע באַגאַבונגען״ 2).

אַן אַנדערער אָפּרוף אַף אילינס פּיעסע, אונטערגעשריבן מיטן איניציאַל A. (אין „Драматический Вѣстникъ״, СПБ 1808, № 8, 66—65 זז.) איז ניט ווייניקער אינטערעסאַנט. מיר וועלן דאָ ברענגען עטלעכע ציטאַטעס: „... דידאָזיקע דראַמע קאָן, לויט אונדזער מיינונג, פאַרנעמען אַזאַ אָרט אין דער ליטעראַטור ווי די בילדער טעניערס אין דער מאָלערײַ. דאָס ד אָ ר פ י ש ע ל ע ב ן, אָדער, פּראָסט גערעדט, דער פויערישער שטייגער ווערט אין איר פאָר־געשטעלט אַזוי לעבעדיק, אַזוי נאַטירלעך, אַז די פאַנטאַזיע פונעם צוקוקער פאַרטראָגט אים ניט־ווילנדיק אין דאָרף אַרײַן. די האַנדלונג איז פּראָסט, אירע מאָטיוון זײַנען גענומען פון דערווירקלעכער אויפירונג, דער גאַנג אירער איז גענומען פון די ווירקלעכע זײַטן; דער שמועס, די געפילן זײַנען דורכויס צוגעפּאַסט צו די האַנדלענדיקע פיגורן ... אינעם „Рекрутский Набор״ זײַנען אַלע ראָלעס געמאַכט פונעם אַוטער... מיט אַ באַצווינגענדיקער וואָרהאַפטיקײַט. אַלץ אין דערדאָזיקער דראַמע באַווײַזט, אַז דער אַוטער איז דורכויס באַקענט מיט די אויפירונגען, שמועסן, מיטן שטייגער טראַכטן, מיט די געפילן און זיטן פון רוסישן פאָלק״ 3). —

1) זע אויבן ז. 54 און ז. 67.

2) זײַט 154 ,Сочинения Державина, изд. Цент. Акад. Наук, т. VI, Спб., 1871

3) דידאָזיקע עקסקורסיע וועגן אילינס פּיעסע איז אינגאַנצן צונויפגעשטעלט לויט כ׳ א. גורשטיינס מאַטעריאַלן.

## II

יאָסעפ וויזנערס ניט פאַרעפנטלעכטע העברעיִשע טראַגעדיע אפ דער רעקרוטשינע־טעמע: „קול בוכים“ איז אָנגעשריבן געוואָרן ניט קיין סאַך שפּעטער נאָך 1828; יערנפאַלס עטלעכע יאָר פריִער ווי אַקסענפעלדס „דער ערשטער ייִדישער רעקרוט“. וועגן א מעגלעכער באַציִונג צווישן איין פּיעסע און דער אַנדערער לאָזט זיך גאָרנישט זאָגן, ווײַל דער ניט־געדרוקטער קסאַוו־יאַד איז פאַרלוירן געגאַנגען, און מיר ווייסן וועגן אים בלויז פון א נאָטיץ גאָטלאָבערס. ס. צינבערגס באַהויפּטונג (אין VII בר. „Драма в евр. литературе“, „Евр. Энциклоп“.), אַז אין דערדאָזיקער פּיעסע פונעם מאַסקיל יאָסעפ וויזנער דאַרפ מען זען „דעם ערשטן פּרווו אָנצושרײַבן א העב־רעיִשע ש ט י י ג ע ר י ש ע (מײַן קורסיוו—מ. וו.) דראַמע פון צײַטמעסיקן לעבן“, איז ניט גענוגנדיק באַגרינדעט. אין גאָטלאָבערס יעדיִע רעדט זיך בלויז דערפון, אַז די ט ע מ ע פון דער פּיעסע איז געווען די רעקרוטשינע, דאָס הייסט אָבער נאָך ווײַט ניט, אַז די פּיעסע איז געווען א ש ט י י־ג ע ר י ש ע. פונעם טיטל („קול בוכים“) קאָן מען דאָס אַמווייניקסטן דרינגען. עס איז דורכויס אומוואַרשײַנלעך, אַז סאָפ 30־ער יאָרן האָט געזאָלט און געקאָנט געשריבן ווערן אפ העברעיִש א שטײגערישע פּיעסע. גיכער פאַר אַלץ איז דאָס געווען א „פּסעוודאָקלאַסישע“ קינע מיט אַלע־גאָרישע ראָלעס, געהאַלטן אינעם ביבלישן טאָן פון דער מאַסקילישער העברעיִשער מעליצע אין יענער צײַט.

די יעדיִעס, וואָס א. ב. גאָטלאָבער ברענגט וועגן דעמדאָזיקן, מינאַסטאַם ערשטן, ליטעראַ־ראַרישן ווערק מיט דער טעמע „רעקרוטשינע בא ייִדן“ און וועגן איר מעכאַבער, זײַנען גענוג אינטערעסאַנט, אַז עס זאָל זיך לוינען זיי דאָ אינגאַנצן צו ציטירן:

„בספר הזכרונות ההוא בא גם זכרון החכם אשר היה לי לעינים, והוא הר״ר יוסף וויזנער, בן עיר מולדתי (נפטר בשנת תר״ט ... בן חמשים ושתי שנים) האיש ההוא היה כבד פה וערל שפתים, ועכ״ז הוצק חן בשפתותיו הערלות, והיה נוטפות מור ומפיו הכבד כידודי אש התמלטו בדברו את מקשיבי דבריו ילדי שעשועיו (כי אהב מאד את בני הנעורים וגם הילדים אשר ראה בם כשרונות טובים, ויגל אזנם למוסר השכל). החכם הנכבד הזה, אשר לא היה לו זכרון עד היום בשום ספר או מ״ע לבני ישראל, היה סופר מהיר בשפת קדשנו וידיעתו בלשונות החיות היתה גדולה, כי מלבד שפות רוסיא ופולניא, שתי השפות אשר התהלכו אז בארץ והשתמשו בערבוביא, ידע על נכון שפת אשכנז וצרפת. גם שפת רומי (לאטיין) לא היתה זרה לו. גם לעט סופרים שלח ידו, מבלי תקוה שיפוצו דבריו בין אחיו, כי מי ממשכילי בני ישראל המעטים בארצנו אז ערב לבו לגשת אל בית הדפוס לתת לספרו מהלכים? — והיה כאשר החלו בשנת 1828 (תקפ״ח) לצבוא צבא מישראל בארצנו, ויהיו הימים האלה ימי יגון ואבל כבד לכל היהודים יושבי הארץ, אשר לא הסכינו עוד לצאת לצבא, ומי שלא ראה בעיניו את המספר מר והאבל אשר היה אז בישראל לא ראה צרה ויגון מימיו [1]). ויכתוב יוסף אז מחזה־אבל (טרויער־שפיל) אשר קרא בשם „קול בוכים“. הספר הקטן הזה היה יכול להיות גם היום למופת לכותבים בשפת עברי, אבל הזמן הבולע הכל בלע גם בכורה זאת בעודה בכף, אבד זכר הספר ההוא ואיננו!“ (א. ב. גאָטלאָ־בער, „הגזרה והבניה,“ „הבקר אור“, 1879, חוברת ששית, זז. 975 — 976.)

---

1) פון דידאָזיקע באַמערקונגען, וועלכע מע קאָן באַציִען אפ א כ א ר א ק ט ע ר י ז י ר ו נ ג פון וויזנערס פּיעסע, לאָזט זיך ניט דרינגען, אַז זי האָט געזאָלט באַהאַנדלען אָדער אפילע נאָר אָנרירן אכוץ דעם „נאַציִאָנאַלן“ אומגליק אויך נאָך ס אָ צ י ִ א ל ע מאָמענטן, ווי לעמאָשל, לעווינ־זאָן אין דער „העפקער־וועלט“. פאַר גאָטלאָבערן גופע איז כאַראַקטעריסטיש, אַז דעריקער „אומגליק“ פונעם געזעץ באַשטייט ד אָ פאַר אים אינעם פאַקט, וואָס די ייִדן זײַנען נאָך דעמאָלט ניט „צוגעוווינט געווען“ צו דינען אין מיליטער. —

## III

עס איז איצט ניט מער מעגלעכ קלאָר פעסטצושטעלנ, ווי וואָלפ קאמראשס פיעסע מיט דער דעקרוטשינע־טעמע האָט אייגנטלעכ געהייסנ: „קאָהאָל אינ שטעטל״, ווי זי ווערט אָנגערופנ אינ די רוסישע צענזור־ אונ אמטלעכע דאָקומענטנ, „דאָס קאָהאָל־שטיבל אָדער מענדעלע פאָל־נימאצ״, ווי ב. נאטאנזאָנ רופט זי אָנ, אָדער די „אלמאָנע״, ווי ס׳קומט אויס לויט די זיכרוינעס פונ א צרשויערנ, וואָס האָט די פיעסע געזענ אופגעפירט 1). עס זעט אויס, אז איינע אונ די־זעלבע פיעסע ווערט אָנגערופנ אינ פארשידענע קוואלנ מיט פארשידענע נעמענ — גאָרניט קיינ כידעש בא א ניט־געדרוקטער זאכ! אפ רוסיש איז עפשער באקוועמער געווענ איבערצוזעצנ דעמ טיטל, וואָס נאטאנזאָנ ברענגט — ווארשײַנלעכ דער אווטענטישער — אפ אזא אופנ ווי מיר געפינענ אימ אינ די רוסישע דאָקומענטנ: Кагаль в местечке.

וואָלפ קאמראש (געב. 1832) האָט אלס טאלמיד פונ דער זשיטאָמירער ראבינער־שול אינ יאָר 1854 אָנגעשריבנ דידאָזיקע רעקרוטשינע־פיעסע, וואָס איז לויט נ. שטיפ אינעמ זעלבנ יאָר דורכ טאלמידימ פונ דער זשיטאָמירער ראבינער־שול אופגעפירט געוואָרנ אינ בערדיטשעוו. עס איז אינטערעסאנט, אז ב. נאטאנזאָנ זעט א צוזאמענהאנג צווישנ דערדאָזיקער פיעסע קאמראשס אונ אקסענפעלדס שאפנ. „... דער וווּנדערלעכער שרײַבער, וואָס שרײַבט אינעמ גײַסט פונעמ האמוינ, ר׳ ייִסראָעל אקסענפעלד ז״ל, וואָס זײַנ גלײַכנ איז זעלטנ צו טרעפנ, ווי לעמאָשל, דער וווּנדער־לעכער שרײַבער קאמראש, וואָס אסאכ פונ אונזער פאָלק ווייסנ וועגנ אימ צוליב דער קאָמעדיע, וואָס איז ארויס פונ זײַנ פענ מיטנ נאָמענ „דאָס קאָהאָל־שטיבל״ אָדער ר׳ מענדעלע פאלנימאצ 2)״. דאָס קאָנ באטײַטנ, אז די צײַט־מענטשנ האָבנ געזענ אינ קאמראשס פיעסע ווירקונגענ פונ אקסענפעלדס שאפנ.

וועגנ דעמ אינהאלט פונ דער פיעסע באקומענ מיר א פאָרשטעלונג פונעמ צענזאָר פיאָדאָ־ראָווס א באריכט צומ קוראטאָר פונ קיִעווער לערנ־ראיאָנ אינ יאָר 1855.

„דער הויפט־ אונ אינערלעכער צוועק פונ דער דראמע אפ ייִדיש־דײַטש אונטערנ נאָמענ „קאָהאָל אינ שטעטל״ איז צו ווײַזנ פונ דער סצענע אראָפ דעמ קאָהאָל אונ די באפולמעכטיקטע פונ די ייִדישע געזעלשאפטנ, אז זיי גיבנ אומגעזעצלעכ אָפ פאר רעקרוטנ קינדער פונ אָרעמע עלטערנ אונ יעסוימימ אונ היטנ דערבײַ ניט אָפ די אײַנגעשטעלטע ריי, אונ דאָס אלצ מיט דער קאוואָנע צו באשיצנ יענע ייִדנ, וועלכע האָבנ א וואָג אינ דער געזעלשאפט לויט זייער רײַכקײַט, אָפשטאמ אָדער לויט די געזעלשאפטלעכע פאָסטנס, וואָס זיי פארנעמענ.

גענומענ אינ באטראכט, אז:

1) קעדיי מיט דערפאָלג אויסצופילנ די פליכטנ, וואָס די רעגירונג האָט אפ זיי ארופגע־לייגט, דארפנ דער קאָהאָל אונ די באפולמעכטיקטע כאָטש ביז א געוויסנ גראד געווינענ דעמ צוטרוי פונ ייִדנ. ארויסשטעלנ אנ איינצלנעמ, צופעליקנ עפשער, מיסבערויכ פונ דעמ אָדער יענעמ קאָהאָל אלס אלגעמיינעמ אונ גרונט־קלאל פאר דער טעטיקײַט פונ יעטווידער „קאָהאָל אינ שטעטל״ — וואָלט געהייסנ ארונטערײַסנ דעמ קרעדיט פונעמ דאָזיקנ אנשטאלט אינ די אויגנ פונ דער געזעלשאפט, אונ אינ דערזעלבער צײַט ארופוואָרפנ א שאָטנ פונ ניט־אופריכטיקײַט אונ פונ ניט־ווילגעניגטקײַט צו ייִדנ — אפ די עצעמ פאראָרדנונגענ פונ דער רעגירונג, אפ וועלכע ס׳באזירט זיכ די מאכט פונעמ קאָהאָל אונ פונ זײַנע באפולמעכטיקטע;

2) אז אינעמ גאנצנ גאנג פונ דער פיעסע ווערט די רעקרוטנ־פליכט אונ דער מיליטער־דינסט פאָרגעשטעלט ווי דער גרעסטער אומגליק פאר ייִדנ אפילע אינ רעליגיעזנ זינענ (3 אקט,

---

1) פארגלײַכ וועגנ דעמ די ארבעטנ פונ: נ. שטיפ, אינ „טעאטער־בוכ, זאמלונג צומ פופציק־יאָריקנ יובילײ פונעמ ייִדישנ טעאטער״, קיִעוו, 1927 זז, 21 — 38; א. יודיצקי, אינ „שריפטנ פונ דער קאטעדרע פאר ייִדישער קולטור בא דער אלוקראיִנישער אקאדעמיע פונ וויסנשאפטנ״, קיִעוו, 1928, ב. ו, זז. 331—336; נ. שטיפ אינ „טעאליט״ 1924, נומ. 5; י. שאצקי, אינ „ייִדיש טעאטער״, 1927, זז. 277—288; י. שאצקי, אינ „ארכיוו פאר דער געשיכטע פונ ייִדישנ טעאטער אונ דראמע״, ווילנע — ניו־יאָרק, 1930, בד. ו, זז. 476—477.

2) ציטירט פונ יודיצקיס דערמאָנטנ ארטיקל, ז. 331.

7 סצענע). ס׳דערגייט דערצו, אז א ייִד, וועלכן מע גיט אָפּ פאר א רעקרוט, ווערט אָנגערופן ניט אנדערש ווי „א שאָף, וואָס מע פירט צו דער שכיטע״ (2 אקט, 7 סצענע);

3) אז די גאנצע געזעגעניש פון דער מוטער מיטן זון־רעקרוט, מיטן כאלאָשעס־פאלן, יאָ־מערלעכע געשרייען און ביטערע טרערן (דאָרטן) — קאָנען זייער ניט־גינסטיק ווירקן אויף די ייִדישע צושויער, וועלכע באגרייפן ניט גענוג די נייטיקייט פון דערדאָזיקער געזעלשאפטלעכער פליכט; און,

4) אז העיוס דער אוועטער האלט פאר דער מאכטיקסטער טרייב־קראפט פון דער היינט־צייטיקער געזעלשאפט — דאָס געלט (דאָרטן, 5 סצענע), טראכט ער פּאָשעט אויס א בילבול אויף דער אָרטיקער נאטשאלסטווע, אז זי פארגעסט אירע פליכטן און שטעלט זיך קלאָמערשט ניט אָפּ פאר קיין שום קאָרבן צו ברענגען דעמדאָזיקן אָפּגאָט פון גאָלד און אייגננוץ (דאָרטן, 4 סצענע);

גענומען דאָס אלץ אין באטראכט, רעכן איך, אז די דראמע „קאָהאָל אין שטעטל״ קאָן בעשומויפן ניט דערלויבט ווערן פאר דער סצענע, ס׳דארף אפילע פארווערט ווערן זי צו לייענען [1]״.

דידאָזיקע יעדיִעס וועגן דעם אינהאלט פון דער פּיעסע קאָנען דערגאנצט ווערן מיט דעם, וואָס י. שאצקי ברענגט לויט ד״ר ווייסענבערגס אינפאָרמאציע, אז אין דער פּיעסע „ווערט גע־שילדערט, ווי די קעהילע־רעדלפירער שעמען זיך נישט אָפּצונעמען בא אן אָרעמער אומגליק־ליכער אלמאָנע איר בעניאָכיד, קעדיי אָפּצוגעבן אים פאר א סאָלדאט אָנשטאָט אן אויסגע־פּיעשטשעטן „בנאָק״ פון א קלאל־טוער, א דריי־קאָפּ [2]״.

עס איז דעריבער ניט קיין וווּנדער, אז דער גענעראל־גובערנאטער האָט ניט בלויז פארווערט צו שפּילן די פּיעסע, נאָר די פּיעסע אינגאנצן ביכלאל, און האָט אויך געהאלטן פאר נייטיק צו דערקלערן „אז די באגריפן וועגן פערזענלעכע און געזעלשאפטלעכע באציִונגען, וואָס קאמראש האָט אויסגעדריקט אין זיין דראמע, באווייזן ניט, אז ער זאָל האָבן געקראָגן אין זיין בילדונג א „גוטע ריכטונג״. מ׳דארף אופמערקזאם מאכן דעם אינספעקטאָר (פון דער ראבינער־שול) אייכנבוימען, אז ער זאָל אכטונג געבן אויף קאמראשן אין אלע פּראָטים, און זאָל אים געבן „ריכטיקע באגריפן וועגן די זאכן, וואָס ער (קאמראש) האָט וועגן זיי געשריבן״ [3].

פון דעם אלעם דארף מען דרינגען, אז אין קאמראשס פארלוירנגעגאנגענער פּיעסע איז געקומען צום אויסדרוק דער שארפסטער ס אָ צ י א ל ע ר פּראָטעסט, אז זי איז אויסגעהאלטן אין א סאָציִאל־שארפערן טאָן איידער דאָס ראָוו איבעריקע האסקאָלע־ווערק פון יענעם פּעריִאָד וועגן דערדאָזיקער טעמע, וועלכע האָבן זיך יאָ אָפּגעהיט. דערדאָזיקער פאקט איז דאָך מינא־סטאם די סיבע, פארוואָס די פּיעסע איז אינגאנצן פארלוירן געגאנגען. — צי האָט זיך קאמראש דערוועגט ארויסצוטרעטן קעגן דעם רעקרוטן־ און קאנטאָניסטן־געזעץ גופע לאָזט זיך פון די יעדיִעס, וואָס מיר האָבן, שווערלעך זאָגן. ס׳איז לעכאָלאפּאָכעס נישט זייער ווארשיינלעך.

## צו זייט 95.

קיין פּינקטלעכע דאטירונג פון יענע ווערק, בא וועלכע אקסענפעלד האָט ניט אָנגעוויזן זייער אנטשטייונגס־צייט, האָט זיך אונדז דערווייל ניט איינגעגעבן דורכצופירן. דעריבער קאָנען מיר נאָך ניט אופשטעלן קיין כראָנאָלאָגישע אנטוויקלונגס־ליניע אין אקסענפעלדס שאפן.

די אנטשטייונגס־צייט פון „ערשטן ייִדישן רעקרוט״ קאָנען מיר ניט אָנגעבן מיט דורכוי־סיקער זיכערקייט. מיר רעכענען אָבער, אז ווארשיינלעך איז דאָס ווערק אָנגעשריבן געוואָרן אין יאָר 1834 אָדער אָנהייב 1835.

---

[1] זע א. יודיצקי, דאָרטן, ז. 335—336.

[2] זע י. שאצקי: „ייִדיש טעאטער״, 1927, ז. 286.

[3] זע נ. שטיף: „טעאטער־בוך״, ז. 23.

אין „ערשטן יידישן רעקרוט" (זז. 159 — 160) רעדט זיך וועגן א „כאסענע־בעהאַלטע" און וועגן כאסענע־באגרענעצונגען. אזעלכע פאניקעס איבער געזעץ־פראָיעקטן וועגן כאסענע־באגרענעצונגען האָבן זיך אסאך מאָל איבערגעכאזערט. אויך אינעם יאָר 1828, אין דער צייט פונעם ערשטן נאבאָר, איז פאָרגעקומען אזא „כאסענע־בעהאַלטע". דערדאָזיקער דעטאַל אין אקסענפעלדס פיעסע איז, הייסט עס, היסטאָריש ריכטיק. דאָס געזעץ וועגן כאסענע־באגרענעצונגען איז אָבער פאקטיש ערשט ארויסגעקומען אינעם רעגולאמענט פאר יידן פון 13 אפּריל 1835. עס איז דעמאָלט פארווערט געוואָרן כאסענע צו האָבן מענער, וואָס זיינען יינגער פון 18 יאָר, און פרויען, וואָס זיינען יינגער פון 16 יאָר. וועגן דעמדאָזיקן געזעץ־פראָיעקט האָבן זיך שוין געטראָגן קלאנגען אינעם יאָר 1834. דאָס האָט ארויסגערופן א „כאסענע־בעהאַלטע". עלטערן האָבן זיך צוגעיילט „כאסענע־מאכן" קליינע קינדער (פון 10—15 יאָר) — איידער דאָס געזעץ וועט ארויסקומען, ווייל לויט דער רעליגיעזער טראדיציע האָט מען געדארפט כאסענע האָבן אין א יינגערן עלטער איידער ווי דאָס געזעץ האָט געזאָלט באשטימען לויט די קלאנגען: מענער ניט פריער ווי צו 20, פרויען ניט יינגער ווי צו 18 יאָר. אכוצדעם האָט מען אזוי ארום געוואָלט פארזיכערן די יינגלעך קעגן דער רעקרוטן־פליכט. די „בעהאַלטע" האָט זיך ערשט בארויקט נאָכדעם ווי דאָס געזעץ איז ארויסגעקומען אין יאָר 1835, ווען ס׳איז קלאָר געוואָרן, אז די עלטער־נאָרם איז א נידעריקערע ווי מע האָט געמיינט (ניט 20 און 18, נאָר 18 און 16), און אז כאסענע־האָבן פארזיכערט ניט קעגן רעקרוטן־פליכט.

די פיעסע איז געשריבן געוואָרן, ווי ס׳זעט אויס פון דער אָנגעמערקטער שטעלע (זז. 159—160), אין דער צייט פון אזא כאסענע־פאניק. 1828 קומט פאר דער אנטשטייונג פון דער פיעסע ניט אין באטראכט. ערשטנס, ווייזט זי א צו גענויע באקאנטשאפט מיט דער פראקטיק און מאכינאציעס בא די „נאבאָרן", וואָס האָבן זיך אויסגעארבעט ערשט אין פארלויף פון עטלעכע יאָרן. עס רעדט זיך שוין אין דער פיעסע פון א „לאָווטשע", אן אמט, וואָס האָט אין ערשטן יאָר אונטער דעם טיטל נאָך ניט געקאָנט פאראן זיין. צווייטנס, רעדט זיך אין דער פיעסע וועגן דעם, אז א געזעץ־פראָיעקט אויך פאר כאסענע־באגרענעצונגען איז שוין אין יענער צייט באהאנדלט געוואָרן אין די צייטונגען. דאָס קאָן נאָר האָבן א שייכעס צו א צייט קורץ פארן ארויסקומען פון רעגולאמענט אין יאָר 1835.

די „כאסענע־בעהאַלטע" האָט זיך געצויגן פון 1834—1835. פון זז. 159—160 איז צו זען, אז אקסענפעלד ווייסט נאָך ניט פינקטלעך, ווי דאָס געזעץ וועט אויסזען: 20 און 18 יאָר אָדער 18 און 16 יאָר. ער זאָגט בעפיירעש: „דער אוקאז איז אָבער נאָך ניט ארויסגעקומען, און עפשער וועט מען דערינען עפעס אנדערש מאכן מיט די יאָרן, עפשער 16 און 18 יאָר". דאָס געזעץ ווערט שוין אָבער באהאנדלט אין דער צייטונג, ווו עס רעדט זיך וועגן א כאסענע־עלטער פון 20 און 18 יאָר און ווו דער אוילעם ווערט אופגעקלערט וועגן דער נייטיקייט פון אזא געזעץ. „וואָלטן זיי עפעס געוווסט פון רוסיש אָדער אן אנדער לאָשן לייענען, איז אין די צייטונג קלאָר צו זען, אז דאָס וואָס זיי האלטן פאר א גזיירע איז פארקערט א כעסעד פונעם קייסער יר״ה, אז דער קייסער הייסט א מיידל פון 18 יאָר און א יינגל פון 20 יאָר זאָל[ן] ניט טאָרן כאסענע האָבן, מוז מען אים ניט הארציק דאנקען דערפאר?" (ז. 160). עס זיינען אָבער, זעט אויס, אויך געווען פאָרשלאגן אין דער צייטונג וועגן 18 און 16 יאָר: „יידן זענען נעבעך אָרעם און מאכן דאפקע כאסענע צו 13 יאָר, טאָר מען דאָס? דעריבער איז דאָס א כעסעד, דער קייזער הייסט, אז דאפקע 18 יאָר און 20 יאָר, אָדער דאָס מיידל 16 יאָר ... און דער מאנסביל 18 יאָר אָדער מער" (ז. 160). פון דעם אלעם איז יערנפאלס קלאָר, אז אקסענפעלד ווייסט נאָך ניט פינקטלעך די עלטער־נאָרם, ד. ה., אז ער האָט די פיעסע געשריבן פארן 13־טן אפּריל 1835. ווייטער איז קלאָר, אז בעיס אקסענפעלד האָט די פיעסע געשריבן, האָט [עס] שוין געהאלטן נאָענט צום ארויסקומען פונעם געזעץ, וואָס איז שוין ארומגערעדט געוואָרן אין דער צייטונג — דאָס האָט ניט געקענט געשען פריער ווי 1834. הייסט דאָס, אז אקסענפעלד

האָט אויסגעמאָלט די אנאלאָגישע כאסענע־פאניק פונ 1827—1828 לויט די פאקטנ פונ 1834—1835.

דעריבער נעמענ מיר אָנ, אז „דער ערשטער ייִדישער רעקרוט“ איז לויט א באשטימטער ווארשיַינלעכקיַיט אָנגעשריבנ געוואָרנ 1834 אָדער אָנהייב 1835.

## צו זיַיט 98 אונ 127.

מיר האָבנ בעלי־סאָפעק וויַיט ניט אויסגעשעפט די ביבליִאָגראפיע פונ בעלעטריסטישע ווערק, וואָס באהאנדלענ די רעקרוטשינע־טעמע אינ דער ייִדישער, העברעיִשער אונ רוסיש־ייִדישער ליטעראטור פונ יענער ציַיט. דאָס איז אויכ ניט געווענ אונדזער קאוואָנע. פאר אונדז איז דאָ וויכטיק געווענ פעסטצושטעלנ אונ צו פארגליַיכנ די שטעלונג צו דער רעקרוטשינע־פראָבלעמ בא ייִדישע שריַיבער מיט פארשידענע קלאסנ־אינטערעסנ אונ פונ פארשידענע ציַיטנ — צוליב אונדזערע געזעלשאפטלעכ־געשיכטלעכע אויספירנ. דאָ וועלנ מיר בלויז נאָכ צוגעבנ, אז א. מ. דיק האָט אכוצ זיַינע זיכרוינעס „דער ערשטער נאבאָר א. א. וו.“, אָנגעשריבנ אויכ א דערציילונג, וואָס איז געווידמעט דער רעקרוטשינע־טעמע: „דער אנטלאָפענער רעקרוטל“, ווילנע תר״לב (1872, דרוק־דערלויבעניש פונ דער צענזור אווגוסט 1871). עס איז כאראקטעריסטיש, אז אויכ אינ דערדאָזיקער דערציילונג, — פונקט אזוי ווי אינ באָגראָווס „Пойманник“, אינ גאָרדאָנס „העצמות היבשות“, אינ מענדעלעס „ווינשפינגערל“—ווערט שוינ די טעמע באהאנדלט מיט אנעקדאָטישער געמיטלעכקיַיט אונ זי באקומט א גליקלעכנ סאָפ, כאָטש די דערציילונג הייבט זיכ אָנ מיט העכסט טראגישע טענער: „... דער אוקאז האָט דערלויבט צו נעמענ קינדער נאָר וואָס זיַינענ שוינ אלט צו צוועלפ־דריַיצנ יאָר, אונ אונדזערע אָבציסטווינע ליַיט האָבנ אָפגעגעבנ קינדער פונ 6—7 יאָר, דער צו נאָכ גאנצ ניִעזאקאָננע, דענ עס ווארענ אָפגעגעבנ פיל יעסוימים, בענ־יעכידים פונ אָרעמע שוואכע עלטערנ, דאָס עס וואר ניט נאָכ אמאָל ווער עס זאָל קלאָגנ אונ ווער עס זאָל ריכטנ. אונ דיזע קליינע אָפגעגעבענע געשעפפע (באשעפעניש) פלעגנ צו פאר־שמאכטנ אונ פארגיינ אפ די לאנגע וויַיטע רײַזנ אונ מארשרוטנ נאָכ די וויַיטע רוסישע גובער־ניעס פונ קומער אונ פונ קעלט. איינע זינדע, וואָס מיר ייִדנ וועלנ זיכ ניט קענענ פונ איר ריינ־וואשנ...“ אונ אינ א העאָרע: „די זינדע בליַיבט געצייכנט אויפ אימער“ (ז. 5). וועגנ די צוויי הונדערט ייִדישע קינדער־רעקרוטנ, וואָס האָבנ זיכ געפונענ אינ דער קאזארמע איניינעמ מיט זיַינ „העלד“, זאָגט דיק, אז זיי זיַינענ געווענ „אלע דורכויס פונ אָרעמענ אונ עלנדנ שטאנד אלפי־ראָוו יעסוימים אָדער ייִשעווישע [דאָרפישע—מ. וו.] קינדער“ (ז. 13).

אונ דאָ איז אויכ קעדיַי צו דערמאָנענ, אז נ. ס. ליעסקאָוו האָט אינ זיַינ מעמוארנאַרטיקער דערציילונג „Овцебыкъ“ (געשריבנ אינ יאָר 1862) געגעבנ אנ אופטרייסלענדיקע שילדערונג פונ אזא פארטיע ייִדישע קליינע ייִנגלעכ־רעקרוטנ אפנ עטאפ [1].

---

די ליקווידאציע פונ די לעצטע רעשטלעכ רעקרוטשינע דורכ דעמ געזעצ וועגנ אלגעמיינער מיליטער־פליכט פונ 1874 יאָר האָט זיכ אפ אנ אייגנארטיק־געמישטנ אויפנ אָפגעשפיגלט אינעמ ייִדישנ פאָלקסליד. אינ א גרויסער קסאוו־יאדישער, נאָכ ניט פארעפנטלעכער אונ ניט־באשרי־בענער זאמלונג ייִדישע פאָלקסלידער, קופלעטנ אונ ליטעראַרישע לידער [2]) פונעמ מאסקיל אונ שריַיב־לערער ב. סאפאָזשניקאָוו אינ זשיטאָמיר (די דאטעס פונ די פארשריַיבונגענ ציִענ זיכ פונ 1860 ביז 1890, ד. ה., אז דידאָזיקע זאמלונג איז די ערשטע פונ דעמ מינ) געפינענ

---

1) ז. Полное собр. соч. Н. С. Лѣскова, т. VI, Спб. 1897, 261—263, 270

2) די זאמלונג געפינט זיכ אינ פריוואטנ באזיצ. פונקט ווי באמ רעקרוטשינע־ליד, וואָס מיר ברענגענ אפ ז. 96—97, איז אויכ דאָ דער פארשרייַבער פונ פאָלקסלידער (אונ בלויז נאָר דער פארשריַיבער?) — א שריַיב־לערער.

מיר א גאנצע רײ פאָלקסלידער און קופּלעטן פון ארום 1874 אפ דערדאָזיקער טעמע [1]. געװײנ־לעך קלאָגט זיך דער פאָלקסזינגער, אז איצט מוז שױן יעדער אָן אױסנאם צו אײן און צװאנציק יאָר גײן „צום זשערעב״:

...אױ, װײנט־זשע ייִדן פאר דעם בױרע
אפ היַנטיקער שלעכטער צאט [2],
אױ, עס איז דאָך א ביטערע גזירע,
א ז י ע ד ע ר ק י נ ד מוז זיַן א סאָלדאט...

דערביַ װערן אמאָל װאריִרט די אלטע קינעדיקע קלאָגן פון די פּריִאָם־לידער, װידער־שפּרוכיק דורכגעמישט מיט פאטריִאָטישער לאָיאלקיַט, און אמאָל אפילע פלוצים — מיט הומאָר־פולן כױזעק און שאָדנ־פרײד אפ כסידים, װאָס פלעגן זיך פריִער אױסדרײען פון רעקרוטשינע. אָבער די אופּריכטיק טראגישע טענער פון די אמאָליקע לידער פעלן דאָ אינגאנצן. אזעלכע סטראָפעס װי:

...שריַט צו גאָט ייִדן אלע
מיט א גרױס געשרײ,
פרעגט אים נאָר אײן שאלע [3],
פארװאָס קומט אונדז אזױ ?..

געהערן גיכער צום אָבליגאטאָרישן טראפארעט פון סקארבאָװן נוסעך. כאראקטעריסטישער פאר דער צײַט זײַנען אזױנע סטראָפעס:

אך, מענטשן, קוקט איַך נאָר אום
און באטראכט די ניַע צײַט,
איַך װײַזט אױס, אז עס איז קרום,
װאָס ס׳גײען אװעק יונגע לײַט.

מ׳קען טאקע ניט רײדן,
אז עס איז בעסער פון פריִער,
עס טוט געװיס לײדן
אָנצוקוקן דעם גראָבן מונדיר.

אָבער דאָך מיט דער צײַט —
קען איך מײַנע לײַט,
אז זײ װעלן פארגעסן געשװינד.

---

1) פארגלײַך גינזבורג־מארעק די נומערן 333—345, װאָס האָבן אױך אלס טעמע די „אײן־און־צװאנציקער״, ד. ה. די אלגעמײנע פליכט צו גײן צום „זשערעב״ פאר יעדן, װאָס װערט אלט אײן און צװאנציק יאָר. ביכלאל דארף מען פעסטשטעלן, אז די לידער פון אונדזער זאמלונג זײַנען אסאך װײניקער פעסימיסטיש און יאָמערנדיק אײדער די נאָר־װאָס דערמאנטע בא גינזבורג-מארעק. ס׳זעט אױס, אז אונדזערע לידער זײַנען עלטער. אין פארגלײַך מיט דער רעקרוטשינע, פון װעלכע עס זײַנען נאָך 1856 נאָך געבליבן היפשע רעשטלעך, האָט די א ל ג ע מ ײ נ ע מיליטער-פליכט ניט געקאָנט מאכן קײן באזונדערס שװערן אײַנדרוק, ביפראט אפ די אָרעמערע שיכטן. די סאנטימענטאל־מעלאנכאָלישע לידער בא גינזבורג־מארעק שטאמען מינאסטאם פון א שפּעטערדיקער צײַט, װען מע האָט שױן אינגאנצן פארגעסן די אלטע רעקרוטשינע.

2) צײַט.

3) שײַלע.

עס וועט זײַן נאָר א שאנד
בא אונדז אין רוסלאנד,
ווער ס׳האָט ניט דעם קייזער געדינט...

און דער סאָף פונעם ליד:

וואָס קען טון דער כאָסיד, א יונגערמאַן,
אים איז שוין שלעכט גאָר,
אז ער וועט ניט קענען באַם רעבן זאַן 1)
איינמאָל אין יאָר.

הײַנט ווי קאָן מען טון גאָטס געבאָט,
אפילע דאַוונען קען מען אויך ניט —
גאַנץ פרי דאַרף מען זײַן אפן סמאָט(ר).

. . . . . . . . . . . . . . . .

נאָר אז דער כאָסיד וועט קומען אַהיים,
וועט ער די מיצווע זײַן מעקײַעם.
ער וועט זיך טייקעף דערמאָנען אין דעם:
ער האָט שוין לאַנג ניט געכאַפּט קיין שירײַעם.

ער וועט פאַרקאַטשען די פּאָלעס
און וועט לויפן צום רעבנס טיש,
דאָרט וועט ער שוין באַקומען אָלעס
א שטיקל קוגל מיט א גרויסער שטיק פיש.

---

די אָרעמע מאַסן האָבן אוודאי ניט געקאָנט אָפּ ערנסט באַדויערן, וואָס ס׳זײַנען אָפּגעשאַפט געוואָרן די לעצטע רעשטלעך רעקרוטשינע און וואָס אַלע אָן אויסנאַם דאַרפן טראָגן דיזעלבע מיליטער־פליכט. א. מ. דיק צעגיסט זיך (1871) אין פּאַטריאָטישער דאַנקבאַרקײַט און זינגט א הימן אַלעקסאַנדער דעם וו־טן, וואָס האָט 1856 אָפּגעשאַפט די רעקרוטשינע. דיק איז באַזונדערס צופרידן דערפון, וואָס בענעגייע די „נאַבאָרן זײַען מיר גלײַך געשטעלט מיט אַלע אַנדערע מיט־בירגער פון דיזעם לאַנדע, אזוי ווײַט, דאָס עס איז ערלויבט צו גיין איינער פאַר דעם אַנדערן פאַר איין אָכאָטניק, א קריסט פאַר א ייִדן, א ייִד פאַר א קריסט״ 2). עס איז אָבער קלאָר, אז די מאַסן זײַנען גאָרניט אזוי שטאַרק צופרידן געווען פון דערדראָזיקער „גלײַכשטעלונג ייִדן מיט קריסטן״, דערפון, וואָס אויך ייִדן האָבן שוין געמעגט שטעלן „אָכאָטניקעס״. וואָרעם אינעמעסן האָט זיך קיינמאָל ניט געטראָפן, אז ייִדן זײַנען געגאַנגען פאַר קריסטן, אָדער קריסטן פאַר ייִדן, עס איז אָבער געווען א נאָרמאַלע שטייגער־דערשײַנונג, אז אין די יאָרן צווישן 1856 און 1874 זײַנען געוויינלעך אָ ר ע מ ע ייִדן געגאַנגען אַלס „אָכאָטניקעס״ פאַר פאַרמעגלעכע ייִדן. אויב דיראָזיקע אינסטיטוציע איז אין יאָר 1874 (לעפּאָכעס געזעצלעך) באַטל געוואָרן, האָבן דאָס די ברייטע מאַסן אוודאי ניט באַדויערט. פאַרקערט, זיי האָבן זיך געפרייט, וואָס
„נאָכאָסניקעס וועלן שוין פאַר אײַך ניט גיין...״

1) זײַן.
2) א. מ. דיק: „דער אַנטלאָפענער רעקרוטל״.

דער אנאָנימער קופּלעט, פון וועלכן מיר נעמען דידאַקטישע שורע, איז פאַר אונדז ביז גאָר אינטערעסאנט, ווײַל אין אים קומט שאַרף צום אויסדרוק די טיפּישע און עכטע שטימונג פונעם ברייטן אָרעמערן האַמוין בענגייע דער ענדערונג אינעם איניען מיליטער־פליכט. עס ווערט דאָ דײַטלעך אַרויסגעזאָגט אַזאַ שאַרפער קלאַסנסינעדיקער נעקאָמע־געפיל צו די סאַקיפּיש־גווירישע אונטערדריקער, ווי מיר געפינען דאָס זעלטן אין דער ליטעראַטור און פאָלקסליד פון יענער צײַט. עס איז זייער פאַרשטענדלעך, אַז אין אַזאַ ליד וועלן מיר ניט הערן קיין שום טײַנעס וועגן דער ענדערונג, גיכער פאַרקערט. דאָס דאַרף פאַר אונדז, אַגעוו, דינען ווי אַ שטיקל אָנצוהערעניש, אַז אויך אינעם פאָלקסליד טאָרן מיר ניט זוכן דעם אויסדרוק פון אַ ײַנ־הײַטלעכע קלאַסן־אינטערעסן, אַז אויך די פאָלקסלידער און דער פאָלקלאָר ביכלאַל דאַרף און מוז אין דעם פּראַט פּינקטלעכער דיפערענצירט ווערן.

מיר ברענגען דאָ דעם גאַנצן קופּלעט (פון דער אויבנדערמאָנטער קסאַוו־יאַדישער זאַמלונג):

נעגידישע קינדער, הערט אויף צו שטיפן,
איר שפּילט שוין ניט קיין גרויסע ראָלע,
אָט באַלד וועט מען אײַך צום זשערעב רופן,
סאָלדאַטן וועט איר שוין זײַן אָלע.

פערוווע־גילדע־קופּצעס — אויס מעיוכאָסים,
דוואָריאַנעס האָבן שוין אויך קיין ווערט;
גלײַך מיט דעם געמיינעם, בידנעם יאָסעם
וועט איר גיין אויך, אויב אײַך איז באַשערט.

נאָכאָטניקעס וועלן שוין פאַר אײַך ניט גיין,
איר וועט שוין קיין קאַפּאָרעס ניט שלאָגן,
די קאַפּאָרעס וועט איר שוין זײַן אַליין,
איר מעגט אַוואַדע וויינען און קלאָגן.

מיר וועלן שוין זײַן מיט אײַך מעכוטאָנים,
טאַקע גאָר גיך און באַלד,
פון אײַך, נעגידים, פון אונדז, קאַפּצאָנים,
וועט מען שוין הערן אײן געוואַלד.

ביז אַהער האָט איר ניט געוווּסט פון קיין צאָרע,
פון קיין אַגמעס־נעפעש, פון קיין לייד,
אַז דער קאַפּצן איז נעבעך געווען די קאַפּאָרע,
איז בײַ אײַך אין שטוב געווען אַ פרייד.

ווען ער איז נעבעך געזעסן פאַרשפּאַרט
אין סבאָרניע, אין פינצטערן גרוב,
האָט דאָס אײַך אפילו ניט געהאַרט,
איר זענט געזעסן רויִק אין שטוב.

און אַז מ׳האָט אים געפירט צום פּריִזאָם
ווי אַן אָקס צו דער שכיטע,
ער האָט פאַרגאָסן טרערן אַ יאָם,
עס איז געווען אַ צאָרע אַ גוטע.

אָבער איר האָט דאָס ניט געפילט,
עס האָט אײַך ניט באַרירט,
וואָס איר האָט ליב, וואָס איר ווילט,
האָט איר בא זיך אויסגעפירט.

זינד האָט מען אײַך באַטראַכט,
וויאַזוי איר זאָלט צו אונדזער הארץ קומען,
די וויסטע פינצטערע נאַכט
איז שוין אפּ אײַך אויך געקומען.

וויסט און פינצטער איז אײַער טאָסג,
אַז ער הערט דערפון שמועסן,
איר וועט שוין אויך זײַנ׳ סאָלדאַטן,
איר וועט אויך דעם טאַם וויסן.

א נעגידיש קינד, א פּערוועך־גילדער־קופּעצ,
וואָס איז אַזוי איידל געצויגן,
ער ווייסט ניט זינט ער לעבט פון קיין זעצ,
ער איז אין קאָפּ די אויגן.

צינד וועט ער פליִען ווי א פיקס 1)
צו דער אוטשעניע אַלע טאָג,
און וועט מוזן גיין מיט דעם ביקס —
אוואַדע איז צו זײַן מאַזל א גרויסער קלאָג.

ער האָט ניט געוווסט פון קיין צאָרעס,
ער איז קיינמאָל ניט איבערגעשראָקן.
ער איז גאָר געווינט, אַז דער מעשאָרעס
זאָל אים אַראָפּציִען די זאָקן.

הײַנט וועט דאָס איידעלע קינד
מוזן גיין מיט אַלע קאַפּצאָנים,
דאָס האָבן טאַקע אײַערע זינד
אײַך אָנגעמאַכט, אַפּאָנים.

איר האָט טאָמיד געלעבט בעהאַרכאָווע,
איר האָט ניט געוווסט פון קיין צאָרעס,
דעם אָרעמאַן ניט געגעבן קיין נעדאָווּעס,
איר האָט ניט געהאַט קיין שום ראַכמאָנעס.

צינד וועט איר שוין קלאָגן און וויינען,
וואָס איר האָט געזשאַלעוועט אײַער ביסל מינצ,
מ׳וועט אײַך שוין ניט מער שוינען,
איר וועט גיין באַגלײַך מיט אונדז.

1) פוקס.

פון דעם קעסל וועט איר עסן
גלײַך מיט אַלע לײַט —
לעמאַנעשעם איר זאָלט ניט פאַרגעסן,
אַז עס גייט אַפּ אײַך אַ גוטע צײַט.

איך וויל פון אײַך ניט שפּעטן,
איך שרײַב אײַך ניט קיין גאַס־שמועסן,
לייענט, זײַט מוחל, די גאַזעטן,
וועט איר שוין דעם עמעס וויסן.

איך זאָג אײַך דעם עמעס אַרויס,
אַז איך האָב אין אײַך אַ נעקאָמע:
ערשטנס, וועט איר ניט זײַן בא זיך אַזוי גרויס,
צווייטנס, איז צרת רבים חצי נחמה.

ע נ ד ע

## צו זײַט 131.

דעם אומגעווייגלעכ שאַרפֿן העברעיִשן פּאַמפֿלעט „תולדות פלוני אלמוני הכזבי" (וואָס ענדיקט זיך מיט דעם יִדישן ליד „פּורים־שפּיל אויסגערופֿן אין שול") האָט לעווינזאָן געשריבן אין יאָר 1851, אַפּ איינעם אַ קאַהאָלסמאַן, אַ צוואַקישן האַלבן מאַסקיל און האַלבן כאָסיד 1).
דער פּאַמפֿלעט איז ביִאָגראַפֿיש אויפֿגעבויט, געשריבן אין גרעלע רעאַליסטישע פֿאַרבן, און ברענגט וואָס שײַעכ שטייגער ביז־גאָר טיפּישן און דערפֿאַר אינטערעסאַנטן מאַטעריאַל. לעווינזאָן דערציילט דאָ עטלעכע שטייגערישע פּראַקטיקעס, שילדערט דעם קלאַסן־כאַראַקטער פֿון דער רעקרוטשינע און נעמט דערצו שטעלונג אַפּ אַזאַ אויפֿן, אַז ס'איז קעדײַ דידאָזיקע ערטער אויספֿירלעכער צו ציטירן. באַזונדערס, ווײַל דערדאָזיקער געזעלשאַפֿטלעכער דאָקומענט שטאַמט נאָכ פֿון דער רעקרוטשינע־צײַט, — און ווײַל דובנאָוו און אַנדערע בירגערלעכע היסטאָריקער, וואָס דערמאָנען בא דער רעקרוטשינע־טעמע די פֿאַרשידנסטע קוואַלן, צווישן אַנדערע אַפילע קאָטיקס „זיכרוינעס", שווײַגן דאָ אינגאַנצן וועגן דעמדאָזיקן פּאַמפֿלעט לעווינזאָנס.

דעם פֿאַרשוין פֿון זײַן פּאַמפֿלעט, דעם שפּעטערדיקן כאַפּער מענאַכעם שילדערט לעווינזאָן אַלס אַ מענטש, וואָס האָט זיך אין דער יוגנט פֿאַרנומען מיט גאָר אַ טונקעלער פּראָפֿעסיע (שפּיִאָנאַזש אָדער פֿאַלשמינצערײַ ? זע דאָס אָנצוהערעניש „ילקוט רי"בל, 1878, ז. 9), און דערנאָכ מיט קאָנטראַבאַנדע און ענלעכע געשעפֿטן. מיט דער צײַט האָט זיך מענאַכעם דערשלאָגן דורכ פֿאַרשידענע רויבערישע ספּעקוליאַציעס צו אַ פֿאַרמעגן און איז געוואָרן אַ בעקאָוועדער כאַפּער און אַ קאַהאָלסמאַן.

„אָ, ווער וועט קאָנען אויסדערציילן דאָס גאַנצע אומרעכט און דאָס שלעכטקײַט, וואָס איז געטאָן געוואָרן אין זײַן הויז אינעם איניען רעקרוטן. אַפּ יעדן שריט און טריט איז געבראָכן געוואָרן די גערעכטיקײַט און דער עמעס, דאָס געזעץ פֿון דער טוירע און די גוטע געזעצן פֿון דער רעגירונג זײַנען צעטראָטן געוואָרן מיט די פֿיס. לעמאָשל: איינ מישפּאָכע פֿון

1) „וזה כעשרים וארבע שנים מאת אשר יצאה הפקודה לקבל גם מבני ישראל לאנשי חייל" („ילקוט רי"בל", וואַרשאַ, 1878, ז. 10), ד. ה. אַז דער פּאַמפֿלעט איז געשריבן געוואָרן אין יאָר 1851. אין אַ העאָרע, דאָרט, ווערט געבראַכט אין קלאַמערן: „(ברוך המקום, ברוך הוא, שפטרנו היום מכל אלה.)". דידאָזיקע באַמערקונג שטאַמט, פֿאַרשטייט זיך, פֿון אַ שפּעטערדיקער צײַט (פֿון נאָכ 1856), פֿון לעווינזאָנס אָדער גאָר פֿון נאַטאַנזאָנס האַנט. לויט ד. מאַגיד („Евр. Старина", בד. VI, 1913, זז. 494—495, העאָרע) איז דער פּאַמפֿלעט געשריבן געוואָרן אַפּ דעם באַוווסטן מענדל לאַנדעסבערג.

אג אוישער [1] איז צעטיילט געוואָרנ אפ עטלעכע קליינע מישפּאָכעס, קעדיי זי צו באפרייַענ פונ דער פליכט, אונ עטלעכע פאמיליעס פונ אָרעמע מענטשנ האָט מענ צונויפגענומענ אלס א *ײנ* מישפּאָכע, קעדיי פונ איר צו מאכנ א *ײנ גרויסע* פאמיליע אונ זי פארפליכטנ צו געבנ א רעקרוט. ווענ אג אוישער האָט געהאט עטלעכע דערוואקסענע זינ, האָט מענ אימ צוגעגעבנ אנ אָרעמענ, א פרעמדנ, וואָס האָט געהאט א קליינ אונ שוואכ יינגל — אונ אמאָל איז דאָס קינד נאָכ דערצו אלט געווענ ערשט 8—9 יאָר, — האָט מענ דאָסדאָזיקע קינד פונעמ אָרעמענ אָפּגעגעבנ פאר די זעקס זינ פונעמ אוישער. מע האָט צונויפגערופנ צוועלפ מעלאמדימ פונ דער שטאָט, אָדער אָרעמע באלעבאטימ, אונ מע האָט זיי באפוילנ, זיי זאָלנ שווערנ אינ שול פארנ אָרנקוידעש מיט דער סייפער־טוירע אינ דער האנט, אז דערדאָזיקער אָרעמאנ איז פונעמ אוישערס קרויווימ אונ פונ איינ מישפּאָכע, אונ אז דאָסדאָזיקע קינד איז שוינ אלט געוואָרנ צוועלפ יאָר [2]. אונ אמאָל האָט מענ געדארפט שווערנ אפ פארקערט, אז דערדאָזיקער זונ פונעמ אָרעמאנ, כאָטש ער איז שוינ, לעמאָשל, אלט געווענ 36 יאָר, איז נאָכ ניט אריבער די 24, וואָרעמ קינדער ייִנגער ווי 12 יאָר, אונ מענער עלטער ווי 24 יאָר זייַנענ ניט אָנגענומענ געוואָרנ אינ רעקרוטנ [3]—. אונ נאָכ אונ נאָכ האָט מענ געדארפט שווערנ פאלשע שוועס יעדע רעגע אונ איטלעכע שאָ (פארגל. „די העפקער־וועלט“, ווארשע 1902, ז. 35 — מ. וו.). אונ ווענ אזא מעלאמעד אָדער אזא [אָרעמער] באלעבאָס וואָלט זיכ אָפּגעזאָגט צו שווערנ, אָדער וואָלט געוואָלט אויסזאָגנ דעמ עמעס, וואָלט ער זיכ אריַינגעבראכט אינ א סאקאָנע מע זאָל אימ רוידעפנ ביז צו פארניכטונג, מיט אלע מינע רעדיפעס, אונ אז מע זאָל זייַנ זונ נעמענ פאר א רעקרוט, אָדער לעפּאָכעס — אויב ס׳וועט ניט מעגלעכ זייַנ, ווייַל די מעלוכע וועט אימ בעשומויפנ ניט צונעמענ — מע זאָל דעמדאָזיקנ ארעסטירנ צווישנ די רעקרוטנ אונ אימ האלטנ עטלעכע כאדאָשימ, אכוצדעמ אָבער נאָכ אנדערע רעדיפעס אינ געלטזאכנ א, א. וו.“ (ז. 11).

לעווינזאָנ דערציילט, אז אינ דער צייַט פונ נאבאָר האָבנ אפילע די מער פארמעגלעכע מוירע געהאט פאר די כאפּערס אונ זיי געגעבנ געלט. אָבער אינעמ שטייגער־בילד, וואָס ער מאָלט פונעמ כאפּערס שטוב בעייסנ נאבאָר, געפינענ מיר בלויז אָרעמעלייַט: „אונ אז דער דרייער האָט געזענ, אז דאָסדאָזיקע געשעפט פונ די כאפּערס איז גוט, אשטייגער, ווי ס׳וואָלט געשאפנ געוואָרנ פונ שיישעס־יעמיי־בערייִשיס נאָר פאר זייַנעטוועגנ, האָט ער אוועקגעלייגט אלע אנדערע געשעפטנ, אונ האָט

[1] „אוישער“ דארפ דאָ פארשטאנענ ווערנ רעלאטיוו. „גילדעניקעס“ זענענ סייַווי פרייַ געווענ פונ מיליטער־פליכט.

[2] פארגל. וואָס נ. ס. ליעסקאָוו דערציילט אינ „Некуда“ (געשריבנ אינ יאָר 1864) וועגנ דער ביִאָגראפיע פונ זייַנ פיגור נאפטאָלע סאָלאָווייטשיק פונ בערדיטשעוו:

„... а девяти (лет) сдан в рекруты, под видом двенадцатилетнего, на основании присяжного свидетельства двенадцати добросовестных евреев, утверждавших за полкарбованца, что мальчику уже сполна минуло двенадцать лет, и он может поступить в рекруты за свое чадолюбивое общество“. (Полное собр. соч. Н. С. Лескова, СПБ. 1897 т. VI, стр. 402—403.

[3] די פאקטנ, וואָס לעווינזאָנ באשרייַבט דאָ, זייַנענ ניט געבליבנ קיינ סאָד פאר דער מעלוכע. (זע דעמ באריכט פונעמ ווילנער גובערנאטער פארנ יאָר 1850, בא קאָראָבקאָוו, „Евр. рекр. etc.“ אינ „Евр. стар.“ 1913 ז. 237). גאָר צו האמעטנע רויבערייַענ פלעגנ זיכ אמאָל, כאָטש טאקע זעלטנ, ענדיקנ מיט א בייזנ פראָצעס פאר די כאפּערס. לעווינזאָנ דערציילט („תולדות etc“ ז. 14): „... אונ די צענ באלעבאטימ, וואָס זייַנענ אויסגעקליבנ געוואָרנ אינעמ איניענ פונ די רעקרוטנ, האָט אָט־אָ דער פאסקודניאק געגעבנ שלעכטע אייצעס אונ האָט אויסגעזויגנ פונ דער קאָהאָלשער קאסע געלט אפ הוי־צאָעס, ביז עס זייַנענ אריַינגעפאלנ עטלעכע פונ דידאָזיקע לייַט אינ דער נעצ אריַינ, א טייל פונ זיי זייַנענ געשטאָרבנ אינ טפיסע אונ האָבנ מוירדע געווענ אפ זייערע זינד, וואָס זיי האָבנ געזינדיקט קעגנ די געזעצנ פונ קייזער — אונ דאָס אלצ צוליב דער אייצע פונ דעמ דרייער“... דאָ ווערט, ווי ס׳זעט אויס, געגעבנ אנ אָנצוהערעניש אפ א פראָוואָקאציע פונ דעמ „מענאכעמ דעמ דרייער“, וואָס איז אלײנ געבליבנ ניט־באשטראָפט, פונקט, ווי געוויינלעכ אלע אנדערע כאפּערס אונ קאָהאָלסלייַט.

ניט גערוט, אונ האָט צוגעטראכט פארשידענע אינטריגעס אונ האָט צוגעגאנוועט דאָס הארצ פונעמ האמוינ (וואָס איז זייער באשעפטיקט מיט צאָרעס, מיסכער אונ מעלאָכע), ביז ער האָט זיכ ארײַנגעדרייט אינ דער סאמע מיט פונ דעמ געשעפט, אונ האָט גענומענ אפ זיכ צו טראָגנ די גאנצע לאסט אונ מי. אויכ זײַנ הויז, אינ וועלכנ ער האָט געוווינט, האָט ער אינגאנצנ איבערגעלאָזט צו דעמ צוועק פונ דידאָזיקע אָנזאמלונגענ. זײַט דעמאָלט איז זײַנ הויז ברייט אָפנ, סע טומלט אונ ווימלט דאָרט פונ אסאכ מענטשנ, ווײַבער אונ קינדער פונ דער אָרעמשאפט, וואָס שרײַענ געוואלד—אונ זייער געשריי גייט אזש ביז צומ הימל. דאָ יאָמערט א קינד ביטערלעכ, אונ דאָרט שפרייט אויס א פרוי די הענט, דאָ כאלעשט אנ אלטיטשקע, אונ דאָרט פאלט אנ אכציק־יעריקער זאָקנ צו דער ערד, פארכליפעט זיכ אינ געוויינ. אָבער פארנ אויער פונ דעמדאָזיקנ אויבערכאפער איז דאָס קאָל פונ געוויינ—מוזיק. ער גייט זיכ ארומ אינ שטוב ארופ אונ אראָפּ אונ לאכט אָדער סווישטשעט צו זײַנע פייגעלעכ, אָדער זיצט זיכ מיט זײַנע זינ אונ מיט זײַנ הויזגעזינד צו טיש, צו מיטאָג־ אָדער אָוונט־ברויט... וואָרעמ ער איז אנ אכזער, וואָס זײַנ גלײַכנ איז גאָר ניטאָ, אונ קיינמאָל ניט האָט ער ניט געטרייסט א מענטשנ, וואָס וויינט פאר אימ, נאָר דאָס איז זײַנ שטייגער צו פארמערנ נאָכ יעסורימ, אונ וויי־צו־טונ מיט ווערטער, ביטערע ווי ווערמוט, צו פארגיסנ מענטשנס בלוט מיט הארטע בייזע זידלערײַענ" (זז. 110—1).

פאר יעדערנ, וואָס איז באקאנט מיט דער ליטעראטור אפ דערדאָזיקער טעמע, איז קלאָר, אז דאָ ווערט געמאָלט א דורכויס טיפיש אונ ניט צופעליק־אינדיווידועל שטייגער־בילד. זעלטנ אָבער געפינענ מיר אזוי ש ט א ר ק באטאָנט דעמ ק ל א ס נ־כאראקטער פונ די אוולעס אונ רויבערײַענ.

קעדיי צו כאראקטעריזירנ לעווינזאָנס פאָרשטעלונג וועגנ דער ראָל אונ באציִונג פונ דער מעלוכע צו דידאָזיקע שאנד־טאטנ איז קעדײַ צו ציטירנ אזא פאקט, וואָס ער דערציילט: „אנומלט איז אזא מישפעט (וועגנ אנ אומגערעכט אָפּגעגעבענעמ רעקרוט פונ דער אָרעמשאפט — מ. וו.) געקומענ פארנ ווילנ טײַערנ הער, דעמ קלוגנ אונ גערעכטנ היגנ גובערנאטער, האָט ער עפנטלעכ געזאָגט צו א פרוי, בא וועלכער מע האָט צוגענומענ א זונ מיט אומרעכט, ווײַל ער איז עלטער געווענ ווי דרײַסיק יאָר: — „איכ ווייס, אז דער עמעס איז מיט דיר, דו אומגליקלעכע פרוי, אָבער וואָס זאָל איכ טונ, אז צוועלפ הינט פונ אײַערע לײַט האָבנ געשווירנ פאר גאָט, אז דײַנ זונ איז אלט 24 יאָר? זאָל גאָט זענ אונ מישפעטנ, אונ איכ אונ דער רוסישער טרוינ זענענ ריינ". מיט דעמדאָזיקנ צוואקישנ פילאטוס־שפרוכ איז לעווינזאָנ דורכויס מאסקימ אונ דאָס איז טאקע אויכ זײַנ אייגענע (זע דאָרט, ז. 12) מיינונג.

## צו די זײַטנ 139 אונ 141, 159—160.

ארנ קלוגער גיט די דערקלערונג פאר דעמ וואָרט „רעדוקציע" (ז.160): „נאָכ פאר פוילנ האָט דער פוילישער סענאט געוואָלט מאכנ פאר ייִדנ די אייגענע גזיירע, אז דאָס מיידל [צו] אכצנ אונ דאָס ייִנגל [צו] צוואנציק יאָר זאָל מעגנ כאסענע האָבנ, האָבנ די נאראָנימ אָנגענומענ די טאקאָנע פאר א ביטערער גזיירע אונ מע האָט געשווינד, געשווינד קליינע פיצעלעכ קינדער פונ אכט יאָר כאסענע געמאכט. דאָס הייסט „רעדוקציע". געמיינט זײַנענ מיט דעמ וואָרט די געזעצלעכע מאָסמיטלענ, וואָס פירנ צו א פארמינערונג פונ דער צאָל ייִדישע כאסענעס, ד. ה. פונ דער ייִדישער באפעלקערונג.

אינעמ „רעפאָרמ־פראָיעקט פאר ייִדנ", וואָס די באזונדערע „דעפוטאציע" האָט 1891 פאָרגעלייגט דעמ פוילישנ סיימ, לייענענ מיר 1): „מיר באשטימענ, אז אפ אײַנצוגייענ א כאסענע־פארבינדונג איז נייטיק, אז די מענער זאָלנ אלט זײַנ ניט ווייניקער ווי פולע 18 אונ די פרויענ ניט ווייניקער ווי פולע פערצנ יאָר". אויב מיט די ווערטער „נאָכ פאר פוילנ" איז געמיינט דער־

1) ארטיקל 8, זײַט 432, Władisław Smoleński: Ostatni rok sejmu wielkiego, Kraków, 1896

דאָזיקער „רעפאָרם־פּראָיעקט״, און דאָס זעט אויס צום וואַרשײַנלעכסטן, זײַנען די צאָלן אין אַרנ קלוגערס רערקלערונג ניט אינגאַנצן פּינקטלעך.

אין א. הירשאָוויטשעס „רעפאָרם־פּראָיעקט אָפּ צו פאַרבעסערן דעם שטייגער פון די ייִדן, וואָס וווינען אין דער פּוילישער מעלוכע״, וואָס ער האָט פאָרגעלייגט דעם קעניג און דעם סיים, לייענען מיר א גענויערע מאָטיווירונג פאַר אזא כאַסענע־באַגרענעצונג (דאָרט, זײַט 450, פּונקט 7): „אין קיין שום לאַנד אַכוץ אין פּוילן פירט זיך ניט, אז ייִדן זאָלן זייערע קינדער צו יונג כאַסענע מאַכן, און דאָס אָפּ אזא שטייגער, אז די עלטערן קומען דורך צווישן זיך און מאַכן אָפּ: איין צאַד זאָגט צו צו געבן נאַדן און די גאַנצע אויסשטייער, און דער צווייטער צאַד זאָגט צו צו געבן קליידער און פאַרשידענע מאַטאָנעס; לויט דעם אָפּמאַך שרײַבן זיי טנאָים מיטן באַדינג, אז ערשט נאָכדעם, ווי די קינדער וועלן אויסוואַקסן, וועלן זיי זיי דאָס געבן, דערווײַל ווערן די עלטערנ יאָרדים אָדער זיי באַנקראָטירן אינגאַנצן, די קינדער גרייטן זיי ניט צו צו קיין שום פּאַרנאָסע, אַרבעט אָדער האַנדל, לאָזן זיי ניט לערנען, און אז זיי וואַקסן אויס, האָבן זיי ניט, ניט קיין קליידער, ניט די צוגעזאָגטע מאַטאָנעס, ניט דעם נאַדן לויטן אָפּמאַך, ניט קיין גוטע דערציִונג, הייבן זיי זיך אָן צווישן זיך קריגן און פון דעם קומט אַרויס צעשיידונגען און געטן, און אָפּט טרעפט זיך, אז אַן אומפאַרשטאַנדיקער וואַרפט אַוועק זײַן פרוי, גייט וואַנדערנדיק אין דער וועלט אַרײַן, ווו די אויגן פירן, און פאַרנעמט זיך מיט שלעפערײַ, ווײַל עפּעס אַנדערש האָט ער זיך ניט געלערנט. דעריבער הענגט טאַקע אַסאַך אָפּ פון דער קינדער־דערציִונג, וואָרעם אויב די קינדער ווערן פון יונגערהייט אָן צוגעוויגט צו אַרבעט, וויסנשאַפט, צו מעלאָכעס אָדער האַנדל, וועלן זיי שפּעטער שטענדיק ווערן גוטע אײַנוווינער, אָבער זיי כאַסענע מאַכן געהער זיך ניט פריִער איידער דער מאַצנביל וועט ניט האָבן מינדסטנס אַכצן און דאָס מיידל פופצן יאָר; אין דעם עלטער איז שוין דער פאַרשטאַנד א בעסערער און זיי קאָנען זיך שוין אַליין באַמיִען וועגן א שטיקל ברויט און קאָנען שוין אַליין פאַרדינען; בעייס איצט פאַרלאָזן זיך די קינדער נאָר אָפּ די עלטערן, האָבנדיק צוגעזאָגטע קעסט ביז צו עטלעכע יאָר, און צוליב דעם גרייטן זיי זיך צו גאָרנישט, וואַקסן און ווערן ניט־טויגלעך צו גאָרנישט״.

די כאַסענע־נאָרמירונג ווערט דאָ מאָטיווירט אַלס א געזעצ לעטויוועס די ייִדן; סײַ אַלס אַן עקאָנאָמישע, סײַ אַלס א דערציִערישע רעפאָרמע. ביכלאַל אָבער געהער די כאַסענע־נאָרמירונג צו די עלטערע מײַרעוו־אייראָפּעיִשע באַגרענעצונגס־ און „רעדוקציע״־מיטלען קעגן דער ייִדישער באַפעלקערונג. די נאָרמירונג איז דאָרט דעריקער פאָרגעקומען דורך אָפּצאָלן און איז געווען געווענדט דעריקער קעגן דעם אָרעמערן טייל ייִדן. אין פּוילן האָט נאָך די סיים־קאָנסטיטוציע פון 1775 געפּרוּווט גאָרמירן די צאָל ייִדישע כאַסענעס. הירשאָוויטש, א פאָרשטייער פון ייִדישן האַנדלס־קאַפּיטאַל, שליסט זיך אָן צו דער מיינונג, אז ס׳איז נייטיק די כאַסענעס צו באַגרענעצן, און זײַט דעמאָלט איז דערדאָזיקער פּונקט אַרײַן אויך אין דער פּראָגראַמע פון דער האַסקאָלע. א פּאָליטישער און עקאָנאָמישער אינטערעס פון דער מעלוכע האָט זיך דאָ ‎באַגעגנט, ווי זייער אָפּט, מיט די אינטערעסן פון דער ייִדישער בורזשואַזיִע.

זײַט אָנהייב 19־טן יאָרהונדערט באַגעגענען מיר אין דער ייִדישער האַסקאָלע־ליטעראַטור פון פּוילן־רוסלאַנד זייער אָפּט די פּראָפּאַגאַנדע קעגן יונגע כאַסענעס. אין דער אַנאָנימער „די געגאַרטע וועלט״ (צווייטער יאָרצענדליק פונעם 19־טן יאָרהונדערט) לייענען מיר: „זעט נאָר, וואָס פאַר אַן אומרעכט דאָס איז, קליינערהייט שרײַבט זיך דער כאָסן אונטער אָפּ א קסובע „את תהא יתבת בביתי ומתזנת מנכסי״, ער ווייסט גישט, וואָס ער שרײַבט זיך אונטער, וואָס ער איז זיך מעכײַעוו און דערנאָך ווערט ער נעבעך פאַרשוואַרצט און ווייסט גישט פאַרוואָס. ווי ווייסט א קינד אײַנצוברענגען? קיינער וויל זיך אָבער ניט די רײַע נעמען פון די טויזנט און טויזנט אומגליקלעכע מענטשן, און אַלע טאָג זעט מען יונגע כאַסענעס און זענען נעבעך אומגליקלעך כל ימי חייהם״. דער אויספיר איז, אז כאַסענע האָבן דאַרף מען ניט פריִער ווי צו אַכצן יאָר: „וואָרין א מענטש צו אַכצן יאָר, איטלעכער אין זײַן שטייגער, איז שוין באַם סייכל זיך גוט

אונטערצוגאַרטלען, אַ װײַב צו נעמען, קינדער צו האָבן און זײ מעפּאַרנעס צו זײַן [1]". דאָסזעלבע איז אַקסענפעלד אויסן צו זאָגן דאָרט, װוּ ער לאָזט אַרענען מים זײַן װײַב שמועסן װעגן דעררדאָזיקער טעמע [2]: „ייִדן זענען נעבעך אָרעם און מאַכן דאַפקע כאַסענע צו דרײַצן יאָר. טאָר מען דאָס ?".

---

עס איז, אַגעװ, אינטערעסאַנט פעסטצושטעלן, אַז הירשאָװיטש, דער ערשטער ייִדישער „פּראָזשעקטאָר" אין פּױלן ־ רוסלאַנד, װאָס האָט דערלאַנגט דירעקט צו דער מעלוכעס אַן אויספירלעכן און אַלזײַטיקן רעפאָרם ־ פּראָיעקט, האָט פאָרויסגעכאַפּט ניט בלויז באַשטימטע געזעצלעכע מאָסמיטלען פון דער רוסישער מעלוכע, נאָר אויך אַ גאַנצע רײ „אײַזערנע" פּראָגראַם־פּונקטן פון דער רוסישער האַסקאָלע. זײַנע רעפאָרם־פאָרשלאַגן זײַנען װײַט ניט געװען אָריגינעל און נײַ, זײ זײַנען איבערגענומען געװאָרן סײַ פון מײַרעװ־אײראָפּעיִשע געזעצגעבונגען, סײַ פון עלטערע פּױלישע רעפאָרם־פּראָיעקטן, און דעריקער פון אַזעלכע, װאָס האָבן, אַלציינס װי ריכטיק און גערעכט זײַ זײַנען אָפּט אין כּאָך געװען — לאַכלוטן ניט געהאַט אין אויג די „טױװע פון די ייִדן", ד. ה. פון „אַלע ייִדן". די פאָרשטײער פון ייִדישן האַנדלס־קאַפּיטאַל האָבן, װאָס מער באַװוּסטזיניקער זײ זײַנען געװאָרן, געמוזט איבערנעמען אַ טײל פון יענע עלטערע געזעצפּונקטן װעגן און קעגן „ייִדן", װאָס זײַנען אַרויסגערוקט געװאָרן אַסאַך פריִער פונעם ניט־ייִדישן און אַנטי־ייִדישן סאָכרישן (און „מעשטשאַנישן") שטאָט־בירגערטום אָדער פון זײערע אַדליקע „רעפּרעזענטאַנטן", װי למאָשל: כאַסענע־נאָרמירונג, עקאָנאָמישע קלאַסיפיצירונג פון דער ייִדישער באַפעלקערונג (שפּעטער: „ראַזבאָרן", „ראַזריאַדן": די אײַנטײלונג אין „נוצלעכע" און „אומנוצלעכע" ייִדן), די פּראָדוקטיװיזאַציע פון די אָרעמשאַפט־מאַסן לויט די אינטערעסן פון דער בורזשואַזיִע, קלײדער־רעפאָרם א. א. װ. אַכוץ דעם האָבן זײ זיך געמוזט אומקוקן און זוכן אָנשטאָט דער ראַדיקאַלער „ליקװידאַציע" און אָנשטאָט די „רעדוקציע"־מיטלען — אַנדערע װעגן: „פּראָדוקטיװיזאַציע און פּראָלעטאַריזאַציע לויט די אינטערעסן פון בורזשואַזן קלאַס. די ייִדישע בורזשואַס האָבן דידאָזיקע רעפאָרם־פּונקטן צומטײל אָפּסנײַ אונטערגערוקט דער מעלוכע, און צומטײל פון איר איבערגענומען, װײַל די אינטערעסן זײַנען זיך דאָ צונויפגעקומען. די אידעאָלאָגישע געהילפן פון דער בורזשואַזיִע אין דער ייִדישער סװיװע האָבן אין אַ באַשטימטער צײַט געמוזט „אַנטדעקן", אױנעמען אָבער, איבערנעמען דידאָזיקע פּראָגראַם־פּונקטן פון דער בורזשואַזיִע, און זײ פּראָפּאַגירן צװישן די מאַסן.

װעגן דער כאַסענע־נאָרמירונג אין הירשאָװיטשעס מעמאָראַנדום האָבן מיר שוין גערעדט. דער ערשטער פון זײַנע רעפאָרם־פאָרשלאַגן באַהאַנדלט דאָס צופירן די ייִדישע אָרעמקײַט צו מעלאָכע; דער צװײטער — צו פעלד־ און ערד־אַרבעט; דער דריטער — די קלײדער־רעפאָרם; דער פערטער — די מיסבראויכן פון ראַבאָנים (רעבײִם ?); דער פינפטער — די קאָהאָלישע מיסבראויכן; דער זעקסטער — קאָהאָלישע רעפאָרמעס: אײַנאָרדענונג פון שפּיטאָלן, דעפּאָפּעריזאַציע דורך צוציִונג פון די לומפּן צו אַרבעטן אַף גרעבליעס, בריקן, װעגן, קאַנאַלן א. א. װ.

הירשאָװיטש הײבט שטענדיק אַרויס זײַן מעלאָכיש־בירגערלעכע לאָיאַלקײַט און פרום־ייִדישלעכע פאַראינטערעסירטקײַט. אומעטום, אין אַלע זײַנע אַרגומענטאַציעס זעט זיך אָבער דײַטלעך אַרויס דער קלאָר־באַװוּסטזיניקער און צילשטרעבנדיקער אינטערעס פונעם האַנדלס־קאַפּיטאַל. מיר װעלן דאָ ציטירן עטלעכע פון זײַנע מאָטיװירונגען.

װ ע ג ן מ ע ל אָ כ ע: „... אַז די ייִדן זאָלן טון אַלע מעלאָכעס, אַזוי אַרום װעלן זײ האָבן זײער גענוגנדיק אויסקומעניש, און דאָס לאַנד — אַ נוץ פון זײערע פאַרשידענע האַנטװערק. דאָס װאָלט געפירט דערצו, אַז די מעלאָכעס און די פאַרשידענע קונסטפאַרטיקײַטן װאָלטן זיך פאַר־

---

1) „דיא גנאַרטי װעלט", אויסגאַבע לעמבערג 1863, זז. נ"ה — נ"ו.

2) זע „דער ערשטער ייִדישער רעקרוט", ז. 160.

פאָלקומט און ס׳וואָלט ניט מער נייטיק געווען אויסצושרײַבן אַסאַך זאַכן פון אויסלאַנד און זיי אַרײַנצופירן מיט באַדײַטנדיקע הויצאָעס, *זאַכן*, *וואָס מע וואָלט גאַנץ גוט געקאָנט אויסאַרבעטן אין פוילן*, און דאָס געלט, וואָס גייט אַרויס קיין אויסלאַנד פאַר דיראָזיקע זאַכן, וואָלט געקאָנט פאַרבלײַבן אינעם לאַנד.... אַסאַך איצטיקע ליידיקגייערס וואָלטן זיך געמוזט נעמען פאַר אַ באַשטימטער פּראָפעסיע, אַזעלכע מענטשן, וואָס אָפּלאָזנדיק די הענט טוען זיי גאָר נישט און פאַלן אַלס אָל אַפ די קעהילעס און אַפ יִדישע פאַמיליעס, וואָס מוזן זיי, די ניט-טויגלעכע צו גאָרנישט, אומזיסט דערנערן“ (פּונקט 1, זז. 447—448).

*וועגן פעלד־אַרבעט*: „... פאַראַן אין אוקראַיִנע ניט ווייניק פּוסטע סטעפּעס און ערטערווײַז אויך אין פוילן בראָך־פעלדער, ניט באַאַרבעטע, וואָס אויב מע זאָל זיי צעטיילן צווישן יִדן פאַר באַאַרבעטן, וואָלטן זיי געבראַכט דעם לאַנד אַ נוץ און די באַזעציקונג פון די פאַרלאָזענע ערטער וואָלט זיך פאַרמערט. נעכעמיע קאַפּ. 9, פּערז. 33 זאָגט: „ווער ס׳באַאַרבעט זײַן ערד, ווערט זאַט פון ברויט, אָבער ווער ס׳מאַכט נאָך די פּוסטעפּאַסניקעס, איז אַ נאַר“. פאַרוואָס זאָלן יִדן ניט צולייגן אַ האַנט צו פעלד אַרבעטן, פון וועלכע עס קומט אַרויס אַזויפיל גוטס? די פּייִרעס פון דער ערד מאַכן רײַך דאָס לאַנד און איר גערעטעניש מאַכט גליקלעך זײַנע באַוווינער, וואָרעם ניט בלויז עס דערנערט מיט די אַרויסבאַקומענע פּייִרעס, נאָר איז אויך אַ *קוואַל פון יעדן האַנדל* (מײַנע קורסיוו—מ. וו.)“. (פּונקט. 2, ז. 844)

*וועגן צוציִונג פון דער אָרעמשאַפט צו ערדאַרבעט, מעליאָריזאַציע*, *וועגבוי* א. אַז וו. אָנשטאָט אונטערצושטיצן די שלעפּערס און אָרעמשאַפט דורך נעדאָווּעס און העקדיישים לייגט הירשאָוויטש פאָר (אַכוץ קאָלאָניזאַציע), אַז „... די באַדײַטנדיקע גרונט־ און קרײַז־באַזיצער, וואָס פירן אײַן אָרדענונג אין זייערע גיטער, זאָלן זיי (די יִדישע אָרעמשאַפט, שלעפּערס א. א. וו.—מ. וו.) באַנוצן באַם אויספּירן גרעבליעס, בריקן, פאַריכטן שליאַכן, באַם אויסטריקענען זומפּן, באַם גראָבן קאַנאַלן, ריוועס, באַם אויסראָמען די שטראָמען פון אָנגעזאַמלטע שטערונגען, אַזוי אַרום וועט דאָס לאַנד האָבן אַ נוץ און זיי—אַן אַרבעט און דערנערונג; וואָרעם די טויזנטער אָרעמע, וואָס פאַרמערן זיך אַלץ מער, דאַרפן האָבן אַ לײַטישע פאַרזאָרגונג, ריכטיקער: מע דאַרף געפינען אַ מיטל וויאַזוי זיי קאָנען ווערן נוצלעך דעם לאַנד, צולייגנדיק אַ האַנט צום אַלגעמיינעם וווּל. עס איז אָבער נייטיק, אַז מע זאָל זיי באַשטימען זיכערע און גערעכטע באַצאָלונג, פון וועלכער זיי זאָלן האָבן אַ געהעריק אויסקומעניש, אַזוי ווי ס׳איז איצט אײַנגעפירט אין פראַנקרײַך פאַר די אָרעמע־לײַט, וואָס אַרבעטן אַרום שליאַכן און קאַנאַלן, וואָרעם אַנדערש קאָן מען זיי פאַר אומזיסט דערצו ניט יאָגן“ (אין פּונקט 6, זז. 449—450). פּונקט 26 (ז. 446) פונעם „רעגולאַמענט פאַר דער יִדישער באַפעלקערונג אינעם גאַנצן פּוילישן פאָלק“, וואָס די „ספּעציעל באַשטימטע דעפּוטאַציע“ האָט צוגעשטעלט דעם סיים, פּרוּווט סטימולירן די אָרעמשאַפט צו דעראָזיקער אַרבעט דורך באַפרײַונג פון אַלע שטײַערן.

*וועגן קליידער־רעפאָרם*: „... די מענטשלעכע שטאַנדן און קאָנדיציעס טיילן זיך געוויינלעך אויס אין אָנשטענדיקע לענדער לויט זייער אָנטאָן און קליידער, און יעדער פּרוּוו אַרויסצוגיין פון די גרענעצן ווערט פאַרהאַלטן דורכן געזעץ. די קליידונג פון אונדז וואַנדערערס, פון אונדז יִדן, זאָל זײַן באַצייכנט מיט אַ באַשטימטער באַגרענעצונג, אַז זי זאָל ניט אַרויסגיין איבער דער מאָס פון אונדזער שטאַנד. צו וואָס טויגן די אַטלאַסן, גראָדעטורן, סאַמעטן, אין וועלכע די יִדן סטראָיען זיך, אָדער די קעסטלעכע זאַכן, פּערלען, טײַערע שטיינער, שטערנטיכלעך, אין וועלכע עס צירן זיך די יִדישע פרויען? אָט-אָ דאָסדאָזיקע באַרימערישע אַרויסשטעלן אויסנווייניקן פּוץ רויִנירט זייער פאַרמעגן, ברענגט זיי צו לעצטער נויט און צווינגט זיי אופּצונעמען כּיוּועס—און *פון דאַנען שטאַמען באַנקראָטן* (מײַנע קורסיוו—מ. וו.). דאָס געלט, וואָס מע גיט אויס אַפ פּוצקליידער, וואָס ליגן אומזיסט אינעם קאַסטן, וואָלט געקאָנט בעסער באַנוצט ווערן *אַפ נוצלעכן האַנדל אָדער אַפ טויטן קאַפּיטאַל* (מײַנע קורסיוו—מ. וו.), וואָס מאַכט שטענדיק אָרעם. דער לוקסוס פון זיך פּוצן ברענגט זיי דערצו, אַז זיי זאָלן

ניט באמערקן, ווי די גאָלדענע קייטלעך זײַנען די סיבע, אז מע טוט זיי לעסאָפּ אָן קלינגענ־דיקע אײַזערנע קייטן. טוך, קאמלאָט און קיטײַ (אינלענדישע סכוירעס — מ. וו.) זאָל זײַן זייער אָנטון, גוטע מידעס, ערלעכקײַט, פּעיִקײַט, שפּאָרעוודיקײַט און גוטע ווירטשאפטלעכקײַט וועט זײַן זייער צירונג, זייער מײַלע און זייער ניט־פארענדערלעכער באשטענדיקער גליק. דאָס וועט זיי פארשאפן ג ע נ ו ג נ ד י ק ן  ק ר ע ד י ט, ע ר ל ע כ נ  ה א נ ד ל, א ו נ  ש ט ע נ ד י ק  ג ע נ ו ג נ ־ד י ק ע  פ א ר נ אָ ס ע  ד ו ר כ  ל ו י ב ו ו ע ר ד י ק ע ר  א ר ב ע ט" (מײַן קורסיוו — מ. ח.). (פונקט 3, ז. 448). —

אקסענפעלדס אײַנגעשפארטער אָפּשפּאָט פון דער יִדישער קליידונג באזירט זיך, ווי מיר זעען, אפ אן אלטן געדאנק, פונקט אזוי ווי די ארויסטרעטונגען פון אנדערע מאסקילים אין דעם פראט און ווי דער פארבאָט פאר יִדישע קליידונג, וואָס די רוסישע מעלוכע האָט שפּעטער (אין יאָר 1850) ארויס־געלאָזט. די ארויסטרעטונגען פון די אלטע יִדישע מוסער־שרײַבער 1) און די ראבאָנישע באשלוסן קעגן דעם לוקסוס אין דער יִדישער קליידונג, פונקט אזוי ווי די עלטערע מײַרעוו־אייראָפּעיִשע מעלו־כיש־געזעצלעכע נאָרמירונגען אין דעם פראט האָבן אכוץ די עקאָנאָמישע מאָטיוון געהאט אין אויך אויך די קאָנקורענץ־סיכסוכים צווישן צוויי עטניש, אָבער ניט עקאָנאָמיש אָפּגעגרענעצטע טיילן פון דער שטאָטישער בירגערלעכער באפעלקערונג — און האָבן דאָ אמאָל געדארפט מילדערן דורך קליידער־מימיקרי די פארשידענע רײַבונגען. צום סאָף 19־טן אָנהייב 20־טן יאָרהונדערט אין פוילן־רוסלאנד, ווען די באוווסטזיניק ווערנדיקע יִדישע בורזשואזיִע הייבט שוין אליין אָן איבערנעמען די פּאָזיציִעס און פרינציפּן פון שטאָטישן בירגערטום, שווימט באזונדערס שטארק ארויס דער עקאָנאָמישער מאָטיוו. און דאָ איז כאראקטעריסטיש, אז דער „רעגולאמענ", וואָס איז צונויפגעשטעלט דעריקער פון פוילישע אדליקע מעלוכע־מענטשן, רוקט ארויס דעם מאָטיוו פון שטייגערישער פארײנהײַטלעכונג פון יִדן מיט די אנטשפרעכנדיקע ניט־יִדישע מאסן, א מאָטיוו, וועלכן הירשאָוויטש דערמאנט ביכלאל ניט. דערדאָזיקער רעגולאמענ, וואָס איז ביכלאל גענומען פאר יענער צײַט א זעלטענע דערשײַנונג פון ליבעראליזם בענעגייע יִדן, באטאָנט דעם אינטערעס פון דער מעלוכע אין דער שטייגערישער פארײנהײַטלעכונג פון יִדישן און ניט־יִדישן בירגערטום און וויל בלויז אָפּהיטן באשטימטע שטייגערישע פריווילעגיעס פונעם אדל, — טאקע דערפאר ווײַל יִדן באקומען א גאנצע ריי נײַע רעכט. די עקאָנאָמישע מאָטיוון הירשאָוויטשעס געפינען מיר דאָ בלויז אין א אָנצו־הערעניש. הירשאָוויטש לייגט פאָר בלויז א ב א ג ר ע נ ע צ ו נ ג פון ל ו ק ס ו ס, דער רעגולאמענ אָבער לייגט פאָר דאָס אָפּשאפן די ספּעציפישע יִדישע קליידונג ביכלאל (ז. 432): „קעדיי דער כילעק אין אָנטון פון יִדן און דער איבעריקער באפעלקערונג, וואָס שלאָגט צו שטארק אין די אויגן, זאָל ווערן אָפּגעשאפט, צוליב די יִדנס אייגענער טויווע וועגן, ווערט באשלאָסן, אז פונעם טאָג, ווען דאָסדאָזיקע געזעץ וועט ווערן גילטיק ביז אין פינף יאָר ארום פאר מענער, און ביז צען יאָר ארום פאר פרויען, זאָלן יִדן, וואָס וועלן נאָך דעמאָלט ניט אלט זײַן קיין 55 יאָר, זיך ניט מער ווײַזן אינעם אָנטון, וואָס זיי האָבן ביז איצט באנוצט, נאָר זיי זאָלן דארפן זײַן אָנגעטאָן ווי ס'איז אײַנגעפירט אינעם לאנד צווישן פארשידענע קלאסן, אזוי וואָס שײַעך דעם שניט און אזוי וואָס שײַעך די קאָלירן פון זייערע קליידער. אין דעם פראט, פונקט ווי אינעם באנוצן אלע

---

1) דער „רעליגיעזער" געברויכער־אסקעטיזם פון די פוריטאנישע סעקטעס אין די צײַטן פון די פריִיקע בירגערלעכע רעוואָליוציִאָנערע באוועגונגען (לעמאָשל, אין 17 יאָרה. אין ענגלאנד) איז געוויינלעך אופגעקומען, ווען ס'איז דעם בירגער באזונדערס דײַטלעך געקומען צום באוווסטזײַן דער באטײַט פון געלט, אלס קאפיטאל. געלט דארף ווערן קאפיטאל, און קאפיטאל דארף געבוירן ווײַטערדיקן קאפיטאל, געלט ט אָ ר  מ ע נ  נ י ט  צעווארפן אפ „טויטע הויצאָעס. דעמאָלט ווערט דער לוקסוס א געזעלשאפטלעכע (לויטן דעמאָלטיקן אויסדרוקס־אויפן „א רעליגיעזע") ז י נ ד. דאָס אייגענע באטײַטן אויך די ארויסטרעטונגען פון די עלטערע יִדישע מוסער־שרײַבער קעגן לוקסוס בא יִדן. די האסקאָלע האָט, אלס א בירגערלעכע אידעאָלאָגיע, געמוזט אופשטעלן דעמזעלבן פרינציפּ. זי האָט בלויז ארויסגעוואָרפן פון אירע מאָטיווירונגען דעם רעליגיעזן בײַ־טאם און האָט ארגומענטירט מיט דײַטלעכערע עקאָנאָמיש־געזעלשאפטלעכע מאָטיוון.

באדערפענישנ, דארפנ די ייִדנ אפנ פינקטלעכסטנ אויפנ ארונטערפאלנ אזוי אונטער די אלטע געזעצנ, ווי אונטער די געזעצנ, וואָס זייַנענ פאר אונדז, דעמ קיניגס, מעלוכע־צייַט ארויסגעקומענ אונ וואָס האמעוועגנ דעמ לוקסוס אינעמ לאנד...“ דער פאקט, וואָס דירעאָזיקע, ניט געזעצלעכ געוואָרענע פונקטנ פונעמ „רעגולאמענ“ אונ פונעמ „רעפאָרמ-פראָיעקט“ זייַנענ דערנאָכ מיט אנ ענלעכער אָדער אביסל אנ אנדערער מאָטיווירונג איבערגענומענ געוואָרנ פונ דער האסקאָלע־פראָגראמ (פונקט אזוי ווי פארשידענע אנדערע, אמאָל אלס „אנטיסעמיטיש“ אונ „גזיירעס“ פארשריגענע מעלוכישע געזעצנ), באווייַזט אנ איבעריק מאָל, אז אזוי באלד די ייִדישע בורזשואַזיע האָט אָנגעהויבנ מער קלאסנמעסיק באוווסטזיניק צו ווערנ, האָט זי אינ אסאכ פראָטימ, אויב זיי האָבנ נאָכ צו יענער צייַט געהאט אנ אקטועלע גילטיקייַט (מיט אויסנאמ פונ אזעלכע מאָסמיטלענ ווי, לעמאָשל, די באגרענעצונגענ פונ דער ייִדישער מעלאָכע דורכ מעסטשאנישע מעלאָכע־צעכנ א. ד״גל.), געמוזט אָנקומענ בענעגייע דער אייגענער „נאציע“ צו יענע אויכפירנ, וועלכע דאָס ניט־ייִדישע שטאָט־בירגערטומ האָט דאָ אָפט מיט אסאכ, אסאכ צייַטנ פריִער שוינ געהאט געמאכט.

## צו זייַט 142.

די שיינע ליטעראטור פונ דער מייַרעוודיקער בירגערלעכער אויפקלערונג האָט זיכ פונ אָנהייב אָנ באשעפטיקט מיט דעמ שטייגערישנ פראָבלעמ פונ ניט־פאסיקע כאסענעס, פונקט אזוי ווי מיט דעמ פראָבלעמ פונ קינדער־דערציִונג, אונ אינ א באשטימטנ צוזאמענהאנג מיט אימ. שוינ אינ א היפשנ טייל פונ מאָליערס פיעסעס געפינענ מיר דעמ מאָטיוו וועגנ מיידלעכ, וועלכע די עלטערנ ווילנ אומגערעכט אונ מיט געוואלד כאסענע מאכנ פאר מענער, וואָס זיי האָבנ ניט ליב, אונ וואָס טויגנ ניט. די אינטריגע אנטוויקלט זיכ דאָרט געוויינלעכ מיטנ זיג פונ דער „ליבע“ אונ פונ „פערזענלעכנ ווערט“. די קאנוועס פאר דערדאָזיקער אינטריגע געפינענ מיר שוינ אינ אסאכ עלטערע סצענאריעס פאר איטאליענישע קאָמעדיעס, פונ דאָרט האָט זיי מאָליער גענומענ אונ צוגעפאסט צו די שטייגער־פאקטנ פונ זייַנ צייַט. דאָס אנטוויקלטע שטאָט־בירגערטומ, באזונדערס די אינטעליגענצ זייַנע, אינטערעסירט זיכ זייַט דער צייַט, ווענ זי האָט אָנגעהויבנ נעמענ אינ די הענט די ליטעראטור, זייַט דער רענעסאנס, מיט דערדאָזיקער פראגע. זייַט דער פארשטארקונג פונ בירגערטומ אינ 17־אונ 18־טנ יאָרהונדערט באקומט די פראגע אלצ מער וויכטיקייַט.

די אויפקלערערישע ליטעראטור אינ ייִדיש, באזונדערס די דראמאטישע ליטעראטור זייַט האָלפזאָנ, עטינגער, אקסענפעלד, גאָטלאָבער ביז די פאבילע לויט דערדאָזיקער אויפקלערערישער אינטריגע. דער „פאטריארכאלישער“ אונ פרימיטיוו־„מיזרעכדיקער“ שטייגער, וואָס איז אינ פראַט פונ „כאסענע־מאכנ“ געבליבנ פארשפרייט צווישנ ייִדנ אינ יענער צייַט, — א רעזולטאט פונ אנטשפרעכנדיק אָפּגעשטאנענע עקאָנאָמישע אונ סאָציאלע באדינגונגענ — האָט געשטויסנ די האסקאָלע זיכ באשעפטיקנ מיט דערדאָזיקער פראגע. זי האָט לויט דער אויפקלערערישער טראדיציע אקעגנגעשטעלט צו דער עקאָנאָמישער (רייַכקייַט) אונ סאָציאלער (ייִכעס) אָפּשאצונג אירע נייַע שאצונגס־מאָסנ: ליבע אונ פערזענלעכער ווערט. דערדאָזיקער קאָרעקטיוו אינ דער שאצונג האָט אָבער געקאָנט פארווירקלעכט ווערנ נאָר ווענ די אנטשיידונג איז ארויסגענומענ געוואָרנ פונעמ אויסשליסלעכנ רעשוס פונ די אָפּגעשטאנענע עלטערנ אונ איז מער אָדער ווייניקער איבערגעגעבנ געוואָרנ אינ רעשוס פונ די פארינטערעסירטע גופע, פונ די זינ אונ טעכטער. לויט די דעמאָלטיקע עקאָנאָמישע אונ סאָציאל־שטייגערישע באדינגונגענ איז דאָס אָפט ניט מעגלעכ געווענ סייַדנ דורכ א שפיצל אָדער אָפּנאַרערייַ. („רעכט געטונ, צוויי קלוגע יונגע־לייַט האָבנ די אלטע אָפּגענארט“ — „די געגנארטע וועלט“, ז. 310). לויט דידאָזיקע שטייגערישע פאקטנ בויענ זיכ טאקע די פאבולעס אויכ פונ די דעמאָלטיקע ייִדישע אויפקלערערישע פיעסעס.

וועגנ אָט־אָ דעמ שטייגערישנ פראָבלעמ זאָגט זיכ, אגעוו, אקסענפעלד ארויס אפ אביסל א נאיִוונ אויפנ אינ א בריוו צו גאָטלאָבערנ (זע ווייַטער, זז. 350—351).

## צו זײַט 223 און 251.

די ערשטע צוויי ווערטער פון שורע 6 (פון אונטן) ז. 251: „דאָס ראָוו“ זײַנען אינעם עקזעמפּליאַר פונעם לעונינגראַדער אזיִאַטישן מוזיי קונציק באַקלעפּט מיט אַ שמאָלינקן פּאַסיקל פּאַפּיר, אַף וועלכן עס שטייט אָנשטאָט „דאָס ראָוו“—„אמאָל“ (ז. 21 שורע, 21). אינעם עקזעמפּליאַר פון דער קיִעווער צענטראַלער מעלוכע־ביבליִאָטעק אפּן נאָמען פון מ. ווינטשעווסקי זײַנען די צוויי ווערטער ניט פאַרקלעפּט און מיר לייענען דאָרט: „דאָס ראָוו“. דער לעונינגראַדער עקזעמפּליאַר שטאַמט מינאַ־סטאַם פון „פּליכט־עקזעמפּליאַרן“. מעגלעך, אַז דאָס באַקלעפּן איז אַ רעזולטאַט פון „זעלבסט־צענזור“; די אַרויסגעבער האָבן זיך אַליין געכאַפּט, אָדער דער צענזאָר האָט זיי נאָכן אָפּדרוקן דערויף אָנגעוויזן, אַז אַקסענפעלד האָט זיך דאָ דערלויבט אַ צו גרויסע „פריַיקייט“, צו זאָגן וועגן מעלוכישע שרײַבערס, טשינאָווניקעס, אַז זיי קאָנען „דאָס ראָוו“ ניט קיין נאָמען „גוט נאָכשרײַב“י האָט מען „דאָס ראָוו“ וויכער געמאַכט דורך „אמאָל“.— זע די פאַקסימילע.

## צו זײַט 243.

דאָס קעפּל „ערשטע סצענע“ ברענגען מיר פונקט אזוי ווי אין דער אָדעסער אויסגאַבע, ווו די סצענע ווערט נאָך אכוצדעם נומערירט (מיט דער ציפער 1./. באַ די ווײַטערדיקע סצענעס פעלן אין דער אָדעסער אויסגאַבע די קעפּלעך, און די סצענעס ווערן בלויז נומערירט מיט ציפערן. אונדזער אויסגאַבע גייט אין דעם פּראַט נאָך דער דרוק־פּאָרלאַגע. סצענע 4 איז אין דער פאָרלאַגע אלפי־טאָעס נומערירט מיט 3, סצענע 5—מיט 4, סצענע 6 — מיט 5, סצענע 7—מיט 6, סצענע 8—מיט 7, דערנאָך קומט פּלוצים נאָך סצענע 7—סצענע 9, די לעצטע. אין אונדזער אויסגאַבע האָבן מיר דידאָזיקע טאָוסים פאַריכט.

## צו זײַט 293—294, 304—305.

„ק ב ה י ש ר“ („די ריכטיקע מאָס“), אַן אומגעווײנלעך אָבערגלויביש און פינצטער קאַבאַליסטיש מוסער־בוך, וואָס האָט, באַזונדערס מיט זײַנע פאַרקריפּלט־ווילדע, טיפּ־מיטלאַלטערלעכע וווּנדער־מײַסעס, ניט ווייניק מיטגעווירקט צו פאַרנאַרישן און צו פאַרטונקלען די פאַנטאַזיע פון די ברייטע מאַסן. דאָסדאָזיקע בוך—זײַן מעכאַבער האָט געהייסן צווי־הירש קיידאַנאָווער, און ס׳איז צום ערשטן מאָל דערשינען העברעיִש און יִדיש אין יאָר 1705/6 — איז באַזונדערס פּאָפּולער געווען צווישן פרויען און דעם ברייטערן עולעם. די מײַסע, אַף וועלכער דער לײַכט־גלױביקער דײַען פאַרופּט זיך: וועגן אַ גרויסן אוישער, אַ מויעל, וואָס שיידים, פאַרשטעלטע פאַר מענטשן, האָבן פאַרנאַרט אַף אַ בריס אין זייער פאַרוואָרפענעם וויב־אָרט אין די מידבאָריעס, ווערט דערציילט אין פּרק כ״ה ז. 111 (אויסג. זשיטאָמיר, 1865).

# עטלעכע בריוו אקסענפעלדס

צו אקסענפעלדס ביאָגראפיע, און באזונדערס וועגן זיין פערזענלעכער באציִונג צו די מאסקילישע שרייבער פון זיין צייט, פארמאָגן מיר זייער ווייניק מאטעריאלן. מיר וועלן דאָ ברענגען פיר ביז איצט ניט־פארעפנטלעכטע בריוו, דריי צו גאָטלאָבערן און איין בריוו צו ש. פעדערן. אכוץ דעם דרוקן מיר דאָ דעם העבּרעיִש געשריבענעם „צוואָע־בריוו״ צו גאָטלאָבערן איינעם מיטן „רייסטער״ פון זיינע ניט־געדרוקטע ווערק. מיר האלטן אָבער פאר נייטיק פריִער צו געבן דעם באוווּסטן בריוו, וואָס אקסענפעלד האָט געשריבן צו לעווינזאָנען צוויי יאָר פארן אָנשרייבן „די גענארטע וועלט״ (געדרוקט אין „ספר הזכרונות״, ארויסג. פון ד. ב. נאטאנזאָן, ווארשע, 1894, זז. 51—52). דערדאָזיקער בריוו ווייזט אונדז אקסענפעלדס באציִונג צו דעם „פאָטער פון דער האסקאָלע״ אין רוסלאנד, צו י. ב. לעווינזאָנען, און ווארפט א באשטימטע שיין אף אקסענפעלדס אידעאָלאָגיע.

.1

## בריוו צו י. ב. לעווינזאָן.

לריב״ל מהחכם ישראל אקסענפעלד מאדעססא (משנת ת״ר).

שמח לבי בקראי ספרך בית יהודה מלא חכמה ודעת, ספר תועלת רב לבני ישראל, נטע שעשועים ההוא ערוך לחברה „עם יעקב״ לדעת מקור דתם ואיכות תורותיה על סדר נכון, והכל מפורש בלשון צח ונקי ינעם להקורא; ועל סבלת המחסור וחולי הגוף אשר יהלמוך זה כמה, רק בזאת אנחמך אשר נתנך ה׳ למופת לבני עמך. הן זה חלקם מעת הורד עדים מעליהם, העם חכם ונבון הזה מרעת זאבים טורפים קשי פנים וחזקי לב שונאי אדם הנמצאים בין רשעי ארץ, עם לא רוחמה יקראו, בסרבים וסלונים יגדפו אותם, במדה אחת מודדים את כל אשר בשם ישראל יכונה, תודה לאל אשר המלכים והשרים בחמלתם וחסדם לא יאמינו לכל דבריהם, והיה כצדיק כרשע מעותד למחית[ם](ה). אבל אנחנו אף כי נקלונו בעיניהם, ידענו כי מוכשרים והגונים אנחנו לכל עשיה לחכמה ולתושיה, כאחד מהם, ונפליגו מהם בזאת אשר לא נקוטנו בעינינו. וזאת תמיד לנגד עינינו הוראת החכם הרמב״ם ז״ל על מאמר התלמוד: „צדיקים יושבים ועטרותיהם בראשיהם״, על ראשיהם לא נאמר אלא בראשיהם, כי העטרה ההיא היא בהראש ממש. היינו לפי גבהות ההשגה אשר ישיגו אלה הצדיקים, וכיתרון האור מן החשך יתרון החכמה. וכזה גם עתה מופת עמי קשור ואסור אתה בעבותות עוני זה כמה שנים, ולבך נכאב, ראה תראה שועלים מחבלים כרם חמד ישראל, בספרי הבליהם המלאים סכלות ובערות, הן המה ימלאו אמתחותיהם כסף, בשבר אשר הם שוברים את שם ושארית העם, ושמוע תשמע אחרי גוך גדופות כסילים המתחסדים, ישננו לשונם לחרף כל תולדותיך פרי עמלך בתורה וחכמה מוסר ודרך ארץ, ובאפס עוזר ותומך אתה לא שניתה את טעמך. והוספת חכמה מכל אשר לפנים, ואף כי רפה ידך, לא כהתה רוחך, וממקור חכמתך תשאב לנו מים חיים של תורה, ונקוה אשר כן תרבה וכן תוסיף, ואוצרך הטוב לנו תפתח, בספרים חדשים אשר עוד תוציא לאור, יען כי עטרתך בראשך, לא כסף ולא זהב יערכו עמלך ומפעלך,

רק שכרך אתך. אתה ידעת התועלת הגדולה ורב טוב אשר אתה עושה לבני ישראל עמך, ולבבך יבין ועיניך הרואות מחסורים אשר יחסר להם. המה לא ידעו מעלות החכמה, ואתה עלית והשגת. ואך דבר אחד אשאלך מענין הזה המדובר בו בספרך בית יהודה בפרק ס״א: מה ליראה ואהבה אל האמונה באחדות הבורא? האם לא ידענו גדולים ושלמים קדושי עליון אשר חיו קדם קבלת התורה, אמונתם היתה חזקה באל כל יכול יוצר ובורא הכל, ובכל זאת יראה ואהבה לא נגע ללבבם. איש כמוך אשר בחריפות שכלך ורוחב דעתך עמלת זה כבר לתת טעם לשבח בכל הנאמר בתורה, אף כי נראו כהפכיים, חמול נא וחקור דבר מיראה ואהבה מה היא? ואיך ישאל אלוה מאיש כדברים האלה? הורנו נא להחיות רוחי כי לא אוכל לה. הורני למדני והבינני בטוב טעם ודעת.

איבערגעזעצט אפּ ייִדיש:

צו ר׳ י. ב. לעווינזאָן פֿונעם געלערנטן ייִסראָעל אקסענפעלד פֿון אָדעס (פֿון יאָר ת״ר—1840).

מײַן הארץ האָט זיך דערפרייט, ווען איך האָב געלייענט אײַער בוך „בית יהודה״, וואָס איז פֿול מיט געלערנטקײַט און וויסן, א בוך, וואָס ברענגט אסאך נוץ פֿאר ייִדן, א שפּאציר־גאָרטן, צוגעגרייט צום פֿארגעניגן פֿון דער ייִדישער געזעלשאפט, אפּ געוווּיר צו ווערן דעם קוואל פֿון זייער רעליגיע און דעם אייכעס פֿון אירע לערעס לויט א ריכטיקן סיידער, און אלץ איז דערקלערט אין א קלאָרער ריינער שפּראך, וואָס איז אָנגענעמ פֿארן לייענער. און וואָס שײַעך דעם אָל פֿון דאכקעס און פֿון שלאפקײַט, וואָס דערשלאָגן אײַך שוין אזוי לאנג, קאָן איך אײַך טרייסטן דערמיט, אז גאָט האָט אײַך באשטימט פֿאר א מוסטער צו די קינדער פֿון אײַער פֿאָלק. דאָס איז דאָך זייער גוירל פֿון זינט ס׳איז אראָפּגענומען געוואָרן פֿון זיי זייער צירונג. דאָס דאָזיקע קלוגע און פֿארשטאנדיקע פֿאָלק איז א פּיטער פֿאר פּרעכע און הארט־הארציקע מענטשנפּײַנס, וואָס געפֿינען זיך צווישן די רעשאָים פֿון דער וועלט,—זיי רופֿן די ייִדן א פֿאָלק, וואָס מע דארף אפּ אים קיין ראכמאָנעס ניט האָבן, זיי זידלען זיי מיט שטעכענישן און דערנער, מיט אײַן און דערזעלבער מאָס מעסטן זיי יעדערן, וואָס רופֿט זיך אָן מיטן נאָמען ייִד (א דאנק צו גאָט, וואָס די קעניגן און פֿירסטן מיט זייער ראכמאָנעס און גנאָד גלויבן ניט אלע זייערע ווערטער!), אזוי אז סײַ דער גערעכטער סײַ דער זינדיקער האָבן פֿון זיי אלציינס אויסצושטיין.

אָבער מיר, כאָטש מיר זײַנען מינדער אין זייערע אויגן ווייסן מיר, אז מיר טויגן און זײַנען פֿונקט אזוי פֿעיִק צו יעדער שאפֿונג, קונסטפֿארטיקײַט און נוצלעכער טוונג ווי יעדער פֿון זיי און מיר צייכענען זיך פֿון זיי אויס דערמיט, וואָס מיר ווערן ניט איבערדריסיק. און שטענדיק האלטן מיר זיך פֿאר די אויגן דאָס, וואָס דער געלערנטער ראמבאם האָט אונדז אָנגעוויזן וועגן דעם שפּרוך פֿונעם טאלמוד: „צדיקים יושבים ועטרותיהם בראשיהם״, עס שטייט ניט אפּ זייערע קעפּ, נאָר אין זייערע קעפּ, וואָרעם דידאָזיקע קרוין, וועגן וועלכער עס רעדט זיך, איז אינעם קאָפּ מאמעש, דאָס איז אָן אָנצוהערעניש אפּ די הויכקײַט פֿונעם באנעם, מיט וועלכן עס זײַנען פֿעיִק צו באנעמען דידאָזיקע גערעכטע, און ווי די מײַלע פֿונעם ליכט אקעגן דער פֿינצטערניש אזוי איז די מײַלע פֿון וויסן. און טאקע אויך איצט זענט איר, מוסטער פֿון מײַן פֿאָלק, געקניפּט און געבונדן דורך קייטן פֿון אָרעמקײַט זינט אזויפֿיל צײַטן, און אײַער הארץ ווייטיקט, ווען איר זעט ווי די פּיקסלעך פֿארוויסטן דעם גלוסטיקן ווײַנגאָרטן מיט זייערע פּוסטע ביכער, וואָס זײַנען פֿול מיט טיפּשעס און נארישקײַטן, זיי טאקע שטאָפּן זיך אָן די קעשענעס מיט געלט דורך דעם בראָך, וואָס זיי צעברעכן (אָדער „דורך דער דערקלערונג, וואָס זיי דערקלערן״: וואָרטשפּיל לויט צוויי טײַטשן—מ. וו.) די לעצטע רעשטלעך פֿונעם פֿאָלק. און איר האָט אויסצושטיין נאָכגעוואָרפֿענע זידלערײַען פֿון די טיפּשים, וואָס מאכן א פּרומאקישן אָנשטעל, שלײַפֿן זיך די צונג צו שענדן אײַער גאנצע שאפֿונג, די פּרוכטן פֿון אײַער מי אין דער טוירע און וויסנשאפֿט, אין מאָראל און לײַטישקײַט. און כאָטש איר האָט ניט קיין העלפֿער און אָנשפּאר, האָט איר פֿאָרט ניט געביטן אײַער שטייגער און איר האָט פֿארמערט דאָס וויסן מער פֿאר אלץ, וואָס פֿריִער איז געווען. און כאָטש אײַער האגט איז שוואך גע־

וואָרן, איז אײַער גײַסט ניט געוואָרן מוטנע, און פון דעם קוואַל פון אײַער קלוגשאַפט שעפּט איר אונדז לעבעדיק וואַסער פון דער לערע. מיר האָפן, אַז אַזוי טאַקע וועט איר נאָך מער פאַרמערן, און אײַער גוטן אוצר וועט איר אונדז עפענען — מיט גוטע ביכער, וואָס איר וועט נאָך אַרויסברענגען, וואָרעם אײַער קרוין איז אין אײַער קאָפּ, קיין שום זילבער און גאָלד קאָנען ניט אָפּוועגן אײַער מי און אופטו, און דער לוין אײַערער איז טאַקע אין אײַך גופא. איר ווייסט ווויל דעם גרויסן נוץ און דאָס פיל גוטס, וואָס איר טוט ייִדן אײַער פאָלק, און אײַער הארץ פאַרשטייט זיך אײַערע אויגן זעען די מאַנגלען, וואָס סע פעלן זיי. זיי ווייסן ניט די וויכטיקייט פון וויסן, און איר האָט דאָס דערגרייכט און עס באַנומען. אָבער איין זאַך וויל איך אײַך פרעגן וועגן אַ איניען, וואָס איר באַהאַנדלט אין אײַער בוך „בית יהודה״ קאַפּ. 61: וואָס פאַר אַ שײַכעס האָט „פּאָרכטיקײַט״ און „ליבשאַפט״ צום גלויבן אין דער איינציקייט פונעם באַשעפער? צי ווייסן מיר דען ניט וועגן גרויסע און פולקומע לײַט, היילִיקע פון העכסטן, וואָס האָבן געלעבט פאַרן אָנעמען די תּורה, זייער גלויבן איז שטאַרק געווען אין גאָט, וואָס קאָן אַלץ און וואָס באַשאַפט אַלץ — און פאָרט האָט „פּאָרכטיקײַט״ און „ליבשאַפט״ ניט אָנגערירט זייער האַרץ? איר, וואָס פאַרנעמט זיך שוין אַזוי לאַנג דערמיט, צו באַזיניקן מיט אײַער שאַרפן סייכל און ברייטן וויסן אַלץ, וואָס סע שטייט אין דער תּורה, כאָטש עס זעט אַמאָל אויס ווי ווידערשפּרוכן — טוט מיר צוליב און פאָרשט אויס דעם איניען פון „פּאָרכטיקײַט״ און „ליבשאַפט״ וואָס איז דאָס אַזוינס? און ווי קאָן אַ גאָט פון אַ מענטשן פאַרלאַנגען אַזעלכע זאַכן? לערנט מיך און דערקוויקט מײַן גײַסט, וואָרעם איך קאָן מיך ניט בײַקומען. לערנט מיך און גיט צו פאַרשטיין לויט אײַער פײַנעם שטייגער.

---

פאַרשידענע פּרומלעכע מאָמענטן אין טאָן און אינהאַלט פון דעמדאָזיקן בריוו אַקסענפעלדס דאַרפן בעלי־ספק פאַרעכנט ווערן אַפּן כעשבן פון דער שטאַרק קאָנווענציאָנעלער העברעיִשער מעליצע. אַקסענפעלד האָט זיך דאָ עפּשער אַכוצדעם אויך אין אַ געוויסער מאָס צוגעפּאַסט צום אַדרעסאַט, צו לעווינזאָנען. פונדעסטוועגן קאָן מען פון דעמדאָזיקן בריוו אַרויסנעמען, אַז אַקסענפעלד איז, פּונקט אַזוי ווי די גרעסטע מערהײַט מאַסקילים, דורכויס ניט געווען אַנטירעליגיעז און אַפילע ניט אַרעליגיעז. אַקסענפעלד באַטאָנט דעם ווערט פון לעווינזאָנס בוך פון איין זײַט אַלס אַפּאָלאָגיע קעגן די קריסטלעכע אָנגריפן אַפּ דער ייִדישער רעליגיע, פון דער אַנדערער זײַט אָבער אַלס קאַמפּ־מיטל קעגן דעם ייִדישן אָבערגלויבן, קעגן דעם כאַסידיזם. דער קאַמפּ פון די מאַסקילים קעגן כאַסידיזם, צוואַקס און פּרומאַקעס, האָט, פּונקט אַזוי ווי די מערהײַט אַרויסטרעטונגען פון די אייראָפּעיִשע אויפקלערערישע בעלעטריסטן און פּאָעטן קעגן דער קירכע, אײַנגאַנצן גענומען, ניט באַטײַט אַ קאַמפּ קעגן דער רעליגיע ביכלאַל, נאָר בלויז קעגן די „איבערגעטריבענע״ סאָציִאַלע און עקאָנאָמישע פּרעטענזיעס פון דער רעליגיעס באַלעבאַטים, וואָס האָבן געדאַרפט אײַנגעגרענעצט ווערן אַזוי ווײַט זיי האָבן געקאָנט שטערן דער אַנטוויקלונג פון דער בורזשואַזער באַוועגונג. לעווינזאָן כרעט פּונקט אַזוי אַרויס קעגן „מינות״ ווי קעגן כאַסידיזם („זע ילקוט רי״בל״ ז. 73). ער האַלט, אַז „אמונה היתרה (אָבערגלויבע) והאמונה החסרה (אומגלויבע) נראות לנו כצרות זו לזו; אמנם אחיות תאומות הנה״; ד. ה. אָבערגלויבן און אומגלויבן זעען אויס ווי קאָנקורענטן, אינעמעסן אָבער זײַנען זיי גאָר צווילינגען״ (ילקוט רי״בל ז, 155). נאַטאַנזאָן ברענגט אין זײַן „ספר הזכרונות״ גענוג באַווײַזנדיקן מאַטעריאַל פאַר זײַן באַהויפּטונג, אַז „חקי תורתנו יקרים בעיני רי״בל והיתה לו שטנה כבושה לאלה אשר הרהיבו בנפשם עוז להסיג גבול עולם אשר גבלו אבותינו הראשונים״ (דאָרטן ז. 52). ד. ה., אַז לעווינזאָן, דער פאַרביטערטער און פאַרביסענער קעמפער קעגן כאַסידיזם, איז פּונקט אַזוי בייז און פאַרביסן אַרויסגעטראָטן קעגן יעדן פּרווו, זאָל זײַן אַפילע בלויז פון רעפאָרמירן די רעליגיע, אויב דאָס האָט אָנגערירט באַשטימטע אירע

„גרונט-זײַלנ" (לעמאָשל, קעגנ פאַרבײַטנ שאַבעס אַפ זונטיק א. א. װ.). שטרענג גענומענ איז דער מאַסקיל לעװינזאָנ סײַ װאָס שײַעכ דער רעליגיעזער „טעאָריע", סײַ װאָס שײַעכ דער רעליגיעזער „פּראַקסיס" געשטאַנענ אַפ א דורכױס קאָנסערװאַטיװנ שטאַנדפּונקט, אונ איז ניט װײַטער אַװעקגעגאַנגענ װי באַשטימטע יִדישע „הומאַניסטנ" פונ פריִערדיקע יאָרהונדערטער אונ אפילע פונ מיטלעלטער (לעמאָשל, װי מױשע מײַמאָנ א. א.), װאָס האָבנ די רעליגיע בלױז געװאָלט „לײַטערנ" פונ די „צוגעטשעפּעטע אָבערגלױבנס", אַזױ װײַט זײ האָבנ געשטערט דער אַנטװיקלונג פונ מיטלעלטערלעכנ אָדער נײַצײַטיקנ שטאָטבירגערטומ. אינ באַשטימטע פּראָטימ (װאָס שײַעכ זײַנ באַציִונג צו קאַבאָלע, דעמאָנאָלאָגיע, זײַנ אױטאָריטעט־גלױבנ א. דג"ל.) איז ער אפילע אינ פאַרגלײַכ מיט א טײל מאַסקילימ פונ זײַנ צײַט געװענ גענוג אָפּגעשטאַנענ.

אַקסענפעלדס קוק אַפ רעליגיע איז אָנ ספק ניט געװענ גאָר קײנ סאַך פרײַער, װי לעװינזאָנס. די באַציִונג פונ די מאַסקילימ צו רעליגיע איז דיקטירט געװאָרנ פונ דער סיטואַציע אינ דער בירגערלעכער באַװעגונג צװישנ יִדנ אינ יענער צײַט אונ אינ יענעמ קאַנט. די בורזשואַזע באַװעגונג אונ די בורזשואַזע געזעלשאַפט אַלס אַזעלכע װיל ניט אונ קאָנ זיכ ניט באַגײנ אָנ רעליגיע. די „עמאַנסיפּאַציע" קענ דאָ אינ בעסטנ פאַל — אַכוצ זעלטענע אױסנאַמעס — דערגײנ ביז צו א „געלײַטערטנ דעיִזמ", ד. ה. אינ טאָכ גענומענ ביז צומ אַרומגרענעצנ אונ אָפּשאַפנ יענע עלעמענטנ, װאָס שטערנ צו בױלעט דעמ גאַנג פונ דער בירגערלעכער געזעלשאַפטלעכער אַנטװיקלונג, פונ איר װיסנשאַפט א. א. װ. דער דעיִזמ איז אָבער זײער זעלטנ אַרױסגעטראָטנ אַלס לערע פאַר די מאַסנ, געװײנלעכ אָבער נאָר אַלס „סאָד" פאַר יעכידימ פונ דער העכסטער בירגערלעכער אינטעליגענצ. פאַר די מאַסנ האָט מענ נאָר בלױז דיסקרעדיטירט די קלױמערשט בלױז „צוגעטשעפּעטע, פאַלשע, אומנוציקע אונ אומריכטיקע אָבערגלױבנס", אונ די אױסנוצערישע צװואַקעס, ניט אָבער דעמ אײגנטלעכנ טאָכ פונעמ „געלײַטערטנ גלױבנ". ריכטיק באַנעמענ אױכ אינ דעמ פּראָט די מעכאַברימ פונ דער האַקדאָמע צו דער „גענאַרטער װעלט" אַקסענפעלדס קאַװאָנע: „אומעטומ זעענ מיר, װי דער מעכאַבער לאַכט אױס די אַלע נאַרישע אָבערגלױבישע זאַכנ אָדער מינהאָגימ, װאָס האָבנ זיכ מײעסװײַז צוגעקלעפּט מיט דער צײַט צומ יִדישנ פאָלק — אומעטומ זעענ מיר, װי ער גײט צו פאַרשטײנ אַלע פעלער אונ שלעכטע מידעס, װאָס האָבנ זיכ בא יִדנ מיט דער צײַט אײַנגעקאָרעניִעט" (זע אױבנ, ז. 237). די רעליגיע גופע, סײַ אינ איר „טעאָרעטישנ", סײַ אינ איר פּראַקטישנ טײל טשעפּעט אַקסענפעלד אינ ערגעצ ניט, פאַרקערט, ער באַציט זיכ צו איר מיט אָפּשײַ.

פונ דעמדאָזיקנ בריװ באַמערקנ מיר אָבער א באַשטימטע שטרעבונג אַקסענפעלדס, לעפּאָכעס פאַר זײַנ אײגענער פּערזאָנ גופע, צו א מער אַבסטראַקטנ אונ מער געלײַטערטנ „דעיִזמ". אַזױ, לעמאָשל, שטערנ דעמ אַביסל „פרײַערנ" אַקסענפעלדנ די צו האַמעטנע אַנטראָפּאָמאָרפע רעליגיעזע פּאָדערונגענ: גאָט „ליב צו האָבנ" אונ זיכ פאַר אימ צו „פאָרכטנ", װעלכע דער מאַסקיל לעװינזאָנ כאַזערט איבער נאָכ „די אַלטע" אינ זײַנ אױפקלער־בוכ „בית־יהודה". אַקסענפעלדנ קומט אױס, אַז עס איז גענוג דער בלױזער „גלױבנ" אינ גאָט. די שורעס אינעמ בריװ װעגנ דעמ איניענ הערנ זיכ װי א שטרעבנ צומ טיפּישנ אױפקלערערישנ דעיִזמ. איבער דער מעליצעדיקײט פונעמ סטיל װערט ניט קלאָר, צי איז די רעליגיעזע „געװיסנס־אומרו", װעגנ װעלכער דידאָזיקע שורעס דערצײלנ, טאַקע אופריכטיק געמײנט. מעגלעכ, אַז אַקסענפעלד האָט דאָ געהאַט א פעסטנ שטאַנדפּונקט, אונ װעלנדיק אַרױסרופנ אונ געװױר־װערנ לעװינזאָנס א ײ ג נ ט ל ע כ ע איבערצײַגונג — בא טאָכ־פראַגנ פונ דער רעליגיע פלעגנ די מאַסקילימ זײַנ זײער פּאָרזיכטיק, פּאַכדאָניש אונ אַמאָל טאַקע אױכ כיטרע — האָט ער דעמ סטיל אונ טאָנ פונ זײַנ פראַגע צוגעפּאַסט צו א באַשטימטנ שטײגער אונ נוסעכ, קעדײ דער אַדרעסאַט זאָל זיכ ניט איבערשרעקנ.

דער טאָנ פונעמ בריװ באַװײַזט, אַז אַקסענפעלד האָט זיכ צו לעװינזאָנענ, װאָס איז געװענ ייִנגער פונ אימ מיט א יאָר, באַצױגנ װי א טאַלמיד צו דער אָנערקענטער אונ אָנסאָפּעקריקער אױטאָריטעט פונ א לערער אונ פירער. אינ דעמ צוזאַמענהאַנג דאַרפ מענ ניט פאַרגעסנ, אַז לע־

ווינזאָן האָט נאָך אין יאָר 1832 ארויסגעלאָזט זײַנע צוויי אנטיכסידישע פאמפלעטן: „דברי צדיקים“ (סאטיריש־פאראָדיסטישע דרײַ בריוו און א שמועס פון כסידים וועגן דעם בוך „מגלה טמירין“) און „עמק רפאים“ (דער העברעיִשער אָריגינאַל פון דער יִדיש־איבערגעזעצטער סאטירע „די העפקער וועלט, צווייטע אָפטײלונג, וואָס סע טוט זיך אף יענער וועלט“; אין דער ווארשעווער אויסג. 1902 זז. 41—61), וואָס האָבן אײנײנעם מיט אנדערע ענלעכע ווערק בעלי־טאָפעק געהאט א ווירקונג אף אקסענפעלדס אנטיכסידישער ליטעראַרישער טעטיקײַט. לעווינזאָן האָט זיך זײַט דעמאָלט פאר זײַן קאמפ קעגן כאסידיזם ניט מער אומגעקערט צום פאראָדיסטישן זשאנר אף העברעיִשער שפראך (תולדות פלוני אלמוני הכזבי“ און „אותו ואת בנו“ זײַנען ניט קײן אנטיכסידישע ווערק), ער האָט, אפּאָנעם, אײַנגעזעען, אז דידאָזיקע פאראָדיעס דערגרייכן ניט זייער צוועק. צוליב זייער סובטילקײַט און פײַנקײַט זײַנען זיי ניט צוטריטלעך און פארשטענדלעך דער ברייטערער כסידישער מאסע, די מער „געלערנטע“ כסידים אָבער ווערן דורך אזעלכע ווערק בלויז גערייצט און פארשטארקט אין זייער אקשאָנעסדיקן אָבערגלויבן. ער פאָלגט קימאט אינגאנצן דער אייצע, וואָס עס גיט אים א פרײַנט זײַנער, דער מאסקיל בעריש בלומענפעלד, אז ער זאָל זיך מער ניט אָפּגעבן מיט דעמדאָזיקן אויסזיכטלאָזן קאמף 1). אלס רעזולטאט פון די נעגאטיווע דערפארונגען, וואָס שײַעך דער ווירקזאמקײַט פון העברעיִש־געשריבענע פאראָדיעס דארף באטראכט ווערן זײַן פרווו ארויסצוטרעטן מיט זײַן געזעלשאפטקריטיק אין יִדישער שפראך („די העפקער־וועלט“). דעם קאמף קעגן כאסידיזם נעמט אופּ אפסנײַ, מיט נײַע מיטלען, מיט א פארשטארקטן אקשאָנעס, פארביסענעם אימפעט און טאקע שוין אויסשליסלעך אין יִדישער שפראך זײַן „טאלמיד“ אקסענפעלד.

אקסענפעלדס בריוו צו לעווינזאָנען איז, ווי ס'איז קלאָר צו זעען, אן ענטפער אף א בריוו לעווינזאָנס („ועל סבלת המחסור וחלי הגוף אשר יהלמוך“ א.א.וו.“), וואָס איז מינאסטאמ אויך געווען אן ענטפער אף אקסענפעלדס א בריוו. דער אינטימער כאראקטער פונעם בריוו ווײַזט, אז דאָ גייט ניט סטאם וועגן די געוויינלעכע מאסקיליש־מעליצישע העפלעכקײַטן, נאָר אז אקסענפעלד איז געשטאנען אין אָפטע בריוולעכע באציִונגען מיט לעווינזאָנען. דאָס ווערט, אגעוו, באשטעטיקט פון וו. טוגענהאָלדס פראגע צו לעווינזאָנען (1840): „... שטעהען זיא ניכט, ליבער פרײַנד, מיט העררען אקסענפעלד אין אָדעססא אין קאָרעספאָנדענץ? פאָן בערלין אויס האָט מאן בייא מיר אויף זײַן ספר חסידים אויף מעהרערע דוטצענד עקסעמפלארע בעשטעללונגען געמאכט... א. א. וו.“ („ספר הזכרונות“ זז. 57—58).

---

1) ב. בלומענפעלד שרײַבט לעווינזאָנען אין יאָר 1832 וועגן די צוויי דערמאָנטע סאטירעס־פאראָדיעס: „... אָבער דעם עמעס וועל איך אײַך זאָגן, אז אלע כס־דימ פון דער וועלט אינײנעם זײַנען נימ ווערט, אז איר זאָלט פארברענגען אײַער טײַערע צײַט אף זייערע נארישקײַטן. א צוועקלאָזע מילכאָמע פירן מיר דאָ מיט זיי און מיר וועלן זיי ניט בײַקומען. זיי פארמערן און פרוכפּערן זיך זייער און זייער, און דער גאנצער גרויסער האמוין אינײנעם מיט די שוואכקעפּיקע, ווײַבער און קינדער זײַנען געכאפּט אין זייער נעץ, און ס'איז אײַנגעוואָרצלט דערדאָזיקער גלויבן אין זייער הארצ. מיר אָבער זײַנען קליין אין צאָל און די וואָפן, וואָס מיר פארמאָגן, זײַנען פארשטאנדיקע און גוט באטראכטע ווערטער, וועלכע זיי קענען ניט באנעמען, ווײַל זיי וויסן ניט און פארשטייען ניט און זייער הארצ איז אײַנגעשפּארט מיט טעמפּקײַט. איך האלט, אז ווען ס'זאָלן אַפילע קומען אלע ווינטן פון דער וועלט, וועלן זיי זיי ניט א ריר טון פונעם אָרט. אדרעראבע, דורך דעם וועלן זיי זיך נאָך שטארקן און פארמערן זייער קראפט און מאכט. אָבער וואָס דארף איך אײַך וועגן דעם ברייט שרײַבן? איך האָב אײַך געזאָגט מײַן מיינונג, און איר טוט, ווי איר פארשטייט“. (ד. ב. נאטאנזאָן, „ספר הזכרונות“ 1894, ז. 28.)

.2

## בריוו צו א. גאָטלאָבער.

ב"ה יום א׳ כ"ה אייר תרי"ט אָדעססא.

מודע לבינה חכם וסופר מהיר הערר גאָטלאָבער!

ספר נתן לי ספר הגלוי „ענף עץ עבות" מלא חן ושכל טוב לא יערכנה (!) זהב וכסף. אך שויתי לנגדי תמיד מעמדי. ואת שני רובל קרעדיטנע בילעטען יקבל באהבה מאת אוהבו ומכבד[ו].

ישראל אקסענפעלד

אפ דער אנדערער זײַט איז אָנגעשריבן מיט אקסענפעלדס האַנט דער אדרעס:

Господину Готлоберу, здѣсь.

איבערגעזעצט אפ יִידיש:

זונטיק דעם 25־טן איִער 1859, אָדעס.

דעם פרײַנט פון וויסנשאפטן, דעם געלערנטן און פעיִקן שרײַבער הער גאָטלאָבער!

איך האָב באַקומען אײַער בוך „ענף עץ עבות", וואָס איז פול מיט כיין און גוטן פארשטאנד. דאָס בוך האָט ניט קיין שאַץ אין גאָלד און אין זילבער. עס ברענגט מיר אָבער פאר די אויגן מײַן לאגע. די צוויי רובל קרעדיטנע בילעטן בעט איך פרײַנטלעך אָנצונעמען פון אײַער פרײַנט און פארערער

יִיסראָעל אקסענפעלד.

דאָס בריוול איז א דאנק פאר א בוך („ענף עץ עבות", געדרוקט 1858), וואָס גאָטלאָבער האָט אים איבערגעגעבן. אקסענפעלד קען זיך דאָ ניט אײַנהאלטן ארויסצוזאָגן בא דער געלעגנהייט זײַן פארביטערטקייט, וואָס ניט געקוקט אפ אלע זײַנע לאנגיאָריקע באַמיִונגען ווערן טאקע אלעמענס ווערק געדרוקט, נאָר זײַנע אייגענע ניט („א ך ש ו י ת י ל נ ג ד י ת מ י ד מ ע מ ד י", ד. ה. גאָטלאָבערס נײַ בוך דערמאָנט אקסענפעלדן, אז זײַנע אייגענע ביכער ליגן נאָך אלץ אומגעדרוקטע).

.3

## בריוו צו א. ב. גאָטלאָבער [1])

אָדעססא, 5 יענר 860.

י ד י ד י ק י ר ל י!

אשם אשמתי מפני הכבוד באשר אחרתי להשיב על מכתבו רצוף אהבה מן 12 נאוועמבר שנה העברה עד כה. אך איש כמוהו היודע ערך עסקי אדעססא ובפרט נאָטאריוס לפני שנה חדשה לא ימצא עון בזה:

ועתה באתי לתת לו תודה על השתתפו בצרת חליי בקיץ העבור (!) ועל גיל חייתי מחליי, ויותר מזה תשואות חן חן לו מאשתי הישרה רעכילע תחי' וממני על הבשורה טובה מארשת בתו הבתולה

1) די בריוו נג׳ 2, 3 און 4 פארעפנטלעכן מיר דאָ צום ערשטן מאָל. די אָריגינאלן פון די בריוו 3 און 4 האָבן מיר צו פארדאנקען כ׳ י. צינבערגן אין לענינגראד, וואָס האָט זיי געשענקט דעם אינסטיטוט פאר יִידישער קולטור בא דער אלוקראיִנישער אקאדעמיע פון וויסנשאפטן.

לאיש, איש כאות נפשך ונפש הבתולה : למזל טוב סלה : שמחנו אשר במקרה טהור הכירו זה את זה ובאותות אהבה נקשרו לעד ולעולם : כן כן דרך ישר באדם, ולא דרך עצב הנהוג במדינות רוסיע בין אחינו בית ישראל ; לשדך הבנות ישקדו רק על זכות אבות ורצון המשפחה, והנער כהנערה העתידים לעמוד בברית עולם ברית אהבה ואחוה וריעת (!) לזאת יקרא א י ש ה ולזה בעל נ ע ו ר י ה, המה כבלי מרע יחשבו, את פיהם לא ישאלו ורצונם לא יבקשו : ע״כ היא (!) לא תצלח !

אלהים עמך גבר חיל ! הוא יסעדך וימלא ידך לגמור החתונה במעודה (!) : קח נא את ברכתי וברכת אשתי היקרה, ברכות מלבות באות גם ברוך תהי״.

ברכת לעד ממני

ישראל אקסענפעלד :

אפ דער אנדערער זײַט שטײט דער אדרעס :

Господину Абрамъ Беру Готлоберу въ Старомъ Константиновѣ.

איבערגעזעצט אפ יִדיש :

אָדעס, 5 יאנוואר 1860.

טײַערער פרײַנט !

איך בין שולדיק פאר אײַך, וואָס איך האָב ביז הײַנט געזאמט מיט מײַן ענטפער אפ אײַער ליבן בריוו פון 12 נאָיאבער פונעם פארגאנגענעם יאָר. אָבער א מענטש ווי איר, וואָס ווייסט דעם שטייגער פון די אָדעסער געשעפטן און ביפראט פון א נאָטאריוס פאר נײַ־יאָר, וועט דערין קיין זינד ניט געפינען.

און איצט וויל איך אײַך אײַך דאנקען פאר אײַער מיטגעפיל בא מײַן קרענק פארגאנגענעם פרי־לינג און בא מײַן געזונט ווערן פון דער קרענק. און מער נאָך גאָר א הארצלעכן דאנק אײַך פון מײַן טײַערער פרוי רעכעלע, זאָל לעבן, און פון מיר פאר דער גוטער בסורע וועגן דעם, אז אײַער טאָכטער איז א קאלע געוואָרן פאר א מאן, וואָס איז אײַך און אײַער טאָכטער צום הארצן. מאזלטאָח אײַך ! סע פרייט מיך, וואָס דאָס פאָרפאָלק האָט זיך באקענט אפ א לײַטישן שטייגער און זיי האָבן זיך ליב באקומען אפ שטענדיק און אייביק. אזוי טאקע איז אָרנטלעך בא לײַטן און ניט לויטן פריקרען שטייגער, וואָס איז אײַנגעפירט אין די רוסישע קאנטן צווישן אונדזערע יִדן ; זיי באמיִען זיך אויסצוגעבן די טעכטער לויטן זכוס פון די עלטערן און לויטן ווילן פון דער מישפאָכע, דאָס יִנגל אָבער און דאָס מיידל, וואָס דארפן דאָך אײַנגיין אן אייביקן בונד, בונד פון ליבשאפט, ברודערשאפט און פרײַנטשאפט — זי וועט מען אָנרופן פ ר ו י און אים דעם מ א ן פ ו ן א י ר י ו נ ג ש א פ ט — אָט־אָ זיי ווערן באטראכט, ווי זיי וואָלטן גאָר קיין פארשטאנד ניט געהאט, זייער דייע פרעגט מען ניט, זייער ווילן ווערט מען ניט געוויר. דעריבער סאקע געראָט דאָס ניט.

גאָט מיט אײַך, איר מוטיקער מענטש ! ער זאָל אײַך העלפן, אז עס זאָל זיך אײַך אײַנגעבן אויסצופירן די כאסענע צו דער צײַט. נעמט צו מײַן ווונטש און דעם ווונטש פון מײַן טײַערער פרוי, ווונטשן, וואָס קומען פון הארצן, און זײַט מיר טאקע געבענטשט.

א גרוס אײַך פון

יִסראָעל אקסענפעלד

.4

## בריװ צו א. ב. גאָטלאָבער.

בבוקר יום א׳ 17 מאיי, אָדעססא

אחר ברכת השחר! אבקשהו לבוא היום אלי, ואם לא ימצאני, הנה אשתי הישרה יודעת מה להודיעו ל מ ע נ ו, ובזה אני בא למקום מנוחתו, אבל גם היום לא זכיתי לראותו, ולכן הנחתי אלה הדברים ביד משרת בית האורחים למסור לידו. מכבדו ומקירו (!)

ישראל אקסענפעלד

אפ דער אנדערער זײַט שטײט אָנגעשריבן דער אדרעס:

Господину Готлоберу, З д ѣ с ь ,Herrn Gotlober, Hier, № 27

איבערגעזעצט אפ ייִדיש:

אינדערפרי זונטיק, 17 מײַ, אָדעס. (אָן א יאָר)

א גוט מאָרגן אײַך! איך בעט אײַך ארײַנקומען הײַנט צו מיר, און אויב איר װעט מיך ניט טרעפן, װעט שוין מײַן װײַלע פרוי װיסן, װאָס זי זאָל אײַך צו װיסן טון פון אײַערטװעגן. איך בין ארײַנגעקומען אין אײַער אָפּשטעל־אָרט, אָבער אויך הײַנט האָב איך ניט געהאַט דאָס פארגעניגן אײַך צו זען, דעריבער האָב איך איבערגעלאָזט דידאָזיקע װערטער באַם מעשאָרעס פון האָטעל ער זאָל זיי אײַך איבערגעבן.

אײַער פארערער און הויך־שאצער

ייִסראָעל אקסענפעלד

.5

## בריװ צו א. ב. גאָטלאָבער.

ידיד יקיר לי!

והיה כי תמצא איש בעל יכולות אשר יתרצה להאמן לדבריך אודות הרוח הגדול המיעוד לבוא לאמתחתו אם יקנה ממני את כל מכתביי (כלם יחד דוקא) הרשומה פה על נייר מיחוד ליתנם להדפסה. אתה תזכה הרבים מבני עמינו ולי יהושיע, לי אשר מחסרון כיס אחר עד עתה להפיצם בישראל. עשה ותוכל! ואלהים יהי׳ בעזרך.

אוהבך ומכבדך כ״ה ישראל אקסענפעלד.

אפ דער אנדערער זײַט איז אופגעשריבן מיט אקסענפעלדס האנטשריפט: „ליקר ונכבד הערר גאָטלאָבער באדעססא״.

איבערגעזעצט אפ ייִדיש:

[אָדעס, 1862].

טײַערער פרײַנט!

עפשער װאָלט זיך אײַך אײַנגעגעבן ארויסצוגעפינען א באל־יעכוילעס, װאָס װעט זײַן גרייט אײַך צו גלויבן, אז װער ס׳װעט אָפּקויפן בא מיר אלע מײַנע שריפטן (און אומבאדינגט אלע אינײנעם), װאָס זײַנען דאָ פארצײכנט אפ א באזונדערן בלאַט, אפ איבערצוגעבן זיי אין דרוק װעט דערפון ארויסשלאָגן א גרויסן רעװעכ. איר װעט דערמיט ברענגען נוצן אסאך פון אונדזער פאָלק און אויך מיר װעט איר העלפן, װײַל איבער מאנגל אין מיטלען האָב איך ביז איצט ניט באװיזן זיי צו פארשפרייטן צװישן ייִדן. פרוּװט, און ס׳װעט זיך אײַך אײַנגעבן, און גאָט זאָל אײַך דעריןן צוהעלפן.

אײַער פרײַנט און פארערער

ייִסראָעל אקסענפעלד

דראָסראָזיקע בריוול מיט א רעשימע פון זײַנע ניט־געדרוקטע קסאָווים האָט אקסענפעלד איבער־געגעבן גאָטלאָבערן אינעם יאָר 1862 אין אָדעס. גאָטלאָבער רופט אָן דעמדראָזיקן בריוו „אקסענ־פעלדס צאוואָע“ („ייִד. פאָלקסביבל.“ ו, ז. 258). אופאלנדיק איז דאָ די גרויסע צאָל גרײַזן, באזונדערס אין דער אָרטאָגראפיע [1]. אקסענפעלד איז, ווי ס'איז צו זען פון זײַנע איבעריקע בריוו, קיינמאָל ניט געווען קיין פינקטלעכער קענער פון דער העברעיִשער שפראכ (כאָטש ער האָט גאנצ גוט באהערשט די מעליצע פונ זײַנ צײַט), אָבער אין דעם בריוול זײַנען די גרײַזן באזונדערס געדיכט.

דאָס פארצייכעניש פונ אקסענפעלדס ניט־געדרוקטע קסאָווים („פארצייכנט אפ א באזונדער בלאט“) וועלנ מיר דאָ, כאָטש עס איז שוינ לאנג פארעפנטלעכט געוואָרנ, נאָכ א מאָל ברענגענ [1]. דערדראָזיקער רייסטער איז געשריבנ ניט מיט אקסענפעלדס האנט, אכוצ דעמ ערשטנ וואָרט פונ דער לעצטער שורע: „אויף געשריבען“, וואָס אקסענפעלד האָט אייגנהאנטיק צוגעשריבנ. דער רייסטער איז עפשער געשריבנ לויט אקסענפעלדס דיקטאט דורכ איינעמ פונ זײַנע אייגענע, אָדער ער האָט געלאָזט מאכנ א קאָפּיע פונ אנ אייגנהאנטיקער אָריגינאל־רעשימע, די קאָפּיע געגעבנ גאָטלאָבערנ אונ פאר זיכ באהאלטנ די אָריגינאל־רעשימע. קעדיי מע זאָל ניט קאָנענ דערלאָזנ דעמ טאָעס, אז דער רייסטער איז קאָפּירט געוואָרנ פונ אנ עלטערער רעשימע אונ אז ס'זײַנענ בלויז נאָר געביטנ געוואָרנ די דאטע אונ אויסגעמעקט געוואָרנ די געדרוקטע ווערק („דער ערשטער ייִדישער רעקרוט“, „דאָס שטערנטיכל“),—שרײַבט דער פינקטלעכער נאָטאריוס אונטנ צו דער דאטע אייגנהאנטיק צו „אויף געשריבען“, ד. ה., אז טאקע אינ דעמדראָזיקנ טאָג איז דער גאנצער רייסטער אָנגעשריבנ געוואָרנ. דאָס באטײַט, אז די פראזע אינ די ארײַנפיר־זאצנ: „פין פאר דרײַסיק יאָהר אָן“ א. א. וו. מוז מענ אומבאדינגט צײלנ פונ 1862 אָנ. אקסענפעלד האָט אלזאָ לויט זײַנ אייגענעמ איידעס־זאָגנ אָנגעהויבנ זײַנ ליטערארישע טעטיקײַט ניט פריִער ווי 1832.

## .6

## א רייסטער

פין אלע ספרים וואָס איך דער געשוואָרינער אדוואָקאט, נאָטאריוס אקסענפעלד אינ אָדעססא האָב געמאכט אף לשון פראָסט־ יודיש (די זענין נאָך ניט געדרוקט). פינ פאר דרײַסיק יאָהר אָן, האָב איך אלע די ספרים געשריבין פין פראָסטע יודינס וועגען, די וואָס קאָנען קיין שום אנדער לשון ניט.

א טהייל ספרים זענין קאָמעדיעס, א טהייל זענין אמתה מעשהות גיט דערצעהלט, א טהייל זענין פין הילטײַעס, שווינדלערס אָפ־גירעכט, אין פין זייער שווארצין סוף, וואָס זיי האָבין געהאט: די מענשען וואָס וועלין די ספרים לעינען, לאכינדיק וועלין זיי אין איינוועגס הערין מוסר אין דרך ארץ אין טאקע אלערליי גינעטהיקע וויסענשאפטען אויך:

| № | | בלאט | עמודים |
|---|---|---|---|
| 1. דער מופת | האלט | 85 אָדער | 170 |
| 2. דוואָרניצקי | | 139 | 287 |
| 3. די קבצנתה | | 200 | 400 |
| 4. מיכל דער עוזרקיס, א יודישער זיל־בלאז. | | | |
| 6 חלקים. אלע זעקס חלקים האלטין | | 752 | 1504 |

---

1) די בריוו נג' 2 אונ 5 ברענגענ מיר לויט פינקטלעכע קאָפּיעס, וואָס כ' י. צינבערג, אינ וועמעס באזיצ זיי געפינענ זיכ, האָט פאר אונדז געמאכט. דעמ „רייסטער“ ברענגענ מיר לויטנ אָריגינאל, וואָס כ' י. צינבערג האָט אונדז צו דעמ צוועק איבערגעגעבנ. מיר דאנקענ כ' י. צינ־בערגנ פאר זײַנ פרײַנטלעכנ אנטקעגנקומענ.

| | | |
|---|---|---|
| 5. ליב פרידלאנד, אויך א יִדישער זיל־פלאז. 12 חלקים | 1056 | 2.112 |
| 6. די שפיגעס. 4 חלקים | 581 | 1.162 |
| 7. עלקע די חוואטקע | 286 | 572 |
| 8. באַרדיטשיבער יריד אנאַפרי (!) | 130 | 260 |
| 9. די רוסישע פּאַדריאַדשיקיס אין בעהמען | 70 | 140 |
| 10. דאָס איז ער׳ס טאקע | 102 | 204 |
| 11. זיא איז עס טאקע | 107 | 214 |
| 12. די שטאָט האָט א פעקילביידע קעהרין זעך אָן | 87 | 174 |
| 13. די מחלוקת | 67 | 134 |
| 14. א משולחת | 118 | 236 |
| 15. די גענארטע וועלט | 105 | 210 |
| 16. מאנ אין ווײַב, שוועסטער אין ברידער | 62 | 124 |
| 17. א רב מיט גיוואלד | 78 | 156 |
| 18. תקעות־כף איבער דעם מת | 64 | 128 |
| 19. א יור איז געפלויגען אף א קאָטשערע | 72 | |
| 20. יודילע דער יתום | 42 | 84 |
| 21. מילאָראדיוויטש איז א גרויסער מאן | 44 | 88 |
| 22. קבצן־עושר־שפיל | 66 | 132 |
| 23. פינטע | 60 | 120 |
| 24. זאכין אין אינטערעסען | 38 | 75 |
| 25. דער פריימאר | — | 235 |
| 26. דער קליגער רב | — | 120 |

אויף געשריבען יום שני ר״ח טבת [1862] תרכ״ב אָדעססא.

.7

## בריוו צו טויוויע פעדער 1)

תשובה להמחבר מר׳ ישראל אקסענפעלד.

אחי דבקה נפשי!

הגיעני אמרתך הצרופה והנני נותן תשואות חן שנחמתני, כי לא נופל אנכי מאיש ממשפחתי בית אבי. ולא הגיעני שום נחת פה רק כל ימי היותי פה כעס ומכאובים, אך כי תראה וכן תעשה,

1) אנ אָפשריפט פונ דעמדאָזיקנ בריוו פארדאנקענ מיר דעמ כ׳ ג. שטיפ, וואָס האָט זיך די קאָפּיע געמאכט אינ יאָר 1913 פונ א קסאוו־יאד מיטנ נאָמענ „שארית טוביה — היא שארית אשר השאיר לנו הזמן מכתבי יד המחבר טוביה פעדער ז״ל גוטמאן, אשר לא עלו עוד על מזבח (מכבש? — מ.וו.) הדפוס״. צונויפגעשטעלט אונ קאָפירט האָט דעמדאָזיקנ קסאוו־יאד איינער מוישע שלוימע טייטלבוימ פונ קרעמענעצ אינ יאָר 1847. איניינעמ זײַנענ עס 52 בריוו, וועגנ וועלכע דער קאָפּיסט זאָגט אײדעס: „ונגמר 52 מכתבים אשר פעל ועשה המליץ המפואר המהלל טוביה פעדער מפשיערבאָרזש בגליל קראָקאָ״. דער בריוו, וואָס מיר ברענגענ, פיגורירט אינ דעמ קסאוו־יאד אונטערנ נומ. 5.

ותחזק ותאמץ, ואל ירע לבבך כי עוד ימים לנגדנו. יבא יום הרבץ [1], יבא עול [2] החיים, חיי נעימים, עוד השמש זורחת על הארץ, עוד הככבים יהילו אורם, ואם מעט ענגים יאפילו אותם רוח בא ותטהרם, עוד תקותי ומבטחי כמאז. וכן אחי עשה גם אתה בטח. שלום לעוזרך ויהיה מברכך ברוך, ויחיל נא ברכתי על ראשם ועל זרעם עד עולם [3].

איבערגעזעצט אף יידיש:

אן ענטפער צום פּראָפעסער פון ר׳ ייִסראָעל אקסענפעלד. (אָן א דאטע)

ברודער מײַנער, נאָענטער!

ס׳איז מיר אָנגעקומען אײַער געלײַטערט וואָרט, און איך דאנק אײַך, וואָס איר האָט מיך געטרייסט, אז איך בין ניט מינדער פון יעדן אנדערן אין מײַן מישפּאָכע פון מײַן פּאָטערס הויז (געמיינט איז „די שרײַבערישע מישפּאָכע״—מ. וו.). איך האָב דאָ ניט געהאט קיין שום נאכעס, און ווײַל איך בין דאָ האָב איך געהאט בלויז צאָרן און לייד. אָבער אויב איר וועט זיך צוקוקן און אויך אזוי טון, וועט איר זיך פארשטײַפן און קרעפטיקן און ניט ארײַנפאלן אין אומעט, וואָרעם גוטע טעג זײַנען נאָך פאר אונדז. עס וועט נאָך קומען דער טאָג פון אָפּרו, עס וועט נאָך קומען די פרייד פון לעבן, פון אן אָנגענעמ לעבן. נאָך שײַנט אלץ די זון אף דער ערד, נאָך לײַכטן זיך אלץ די שטערן, און אויב אביסל וואָלקנס פארשטעלן זייער ליכט, וועט א ווינט קומען און זיי אויסלײַטערן. מײַן האָפענונג און מײַן פארלאָזונג איז נאָך אלץ ווי אמאָל. און אזוי טאקע, ברודער, האלט איר זיך אויך פעסט. א גרוס אײַערע העלפערס און ווער סע בענטשט אײַך, זאָל זײַן געבענטשט, און זאָל מײַן ווונטש קומען אף זייערע קינדערס קעפּ ביז אייביק.

---

אקסענפעלד איז געשטאנען, ווי מיר זעען פון די ווייניקע דאָקומענטן, וואָס האָבן זיך אין דעם פּראט אָפּגעהיט, אין דירעקטער פארבינדונג מיט די באוווסטע מאסקילימ פון זײַן צײַט (לע־ווינזאָן, פּעדער, טוגענהאָלד, גאָטלאָבער). אינטערעסאנט איז, אגעוו, וואָס דער „זשארגאָנישער״ שרײַבער אקסענפעלד ווערט געטרייסט פון דעם אמאָליקן פארביסענעם קעגנער פון ייִדיש, פון־עם באוווסטן העבּרעיִשן מאסקיל טויוויע פעדער, אז דערמיט, וואָס ער שרײַבט ייִדיש, איז ער „ניט מינדער פון יעדן אנדערן״ אין דער שרײַבערישער מישפּאָכע. (אזוי דערקלער איך מיר דעם־ראָזיקן זאץ אין אקסענפעלדס בריוו). דער פארבינדנדיקער מאָמענט איז געווען דער שוטפעסדיקער קאמפּ קעגן כאסידיזם.

---

לויט כ׳ שטיפס אינפאָרמאציע, שטיצט זיך אף דידאָזיקע בריוו — עס איז איצט ניט מער באוווסט ווו זיי זײַנען אהינגעקומען — א טייל ביִאָגראפישע מאטעריאלן וועגן פעדערן, וואָס ווערט גע־בראכט פון מ. טענענבוימ אינעם ארײַנפיר צו פעדערס מאסקילישער פּאראָדיע „זוהר חדש לפורים״, (געדרוקט אין „אוצר הספרות״ 3, קראָקע, תרמ״ט—נ).

1) אין דער פאָרלאגע: הרפק.

2) אין דער פאָרלאגע: עק.

3) צום סאָף פון בריוו געפינט זיך די אונטערשריפט „טוביה״. די אונטערשריפט איז אָבער אויסגעשטראָכן. קלאָר, אז דער קאָפּיסט, וואָס האָט געזאמלט פעדערס בריוו, האָט צוערשט פון געוווינטקײַט אונטערגעשריבן „טוביה״, נאָר ער, אָדער א קאָרעקטער פון די קאָפּיעס, האָט זיך גע־כאפּט, אז דאָס איז ניט פעדערס בריוו, נאָר א בריוו אקסענפעלדס צו פעדערן, דערי־בער האָט ער די אונטערשריפט אויסגעמעקט. אף דעם, אז דאָס איז אקסענפעלדס בריוו און ניט פעדערס, זאָגט דײַטלעך איידעס די אויבערשריפט: „תשובה להמחבר מר׳ ישראל אקסענפעלד״. פעדער ווערט אָנגערופן פונעם קאָפּיסט „מחבר״ („היא שארית אשר השאיר לנו הזמן מכתבי יד המחבר טוביה פעדער״), און די אויבערשריפט קען גאָר אנדערש ניט אויסגעטײַטשט ווערן, נאָר אז דער בריוו איז אן ענטפער אקסענפעלדס צו ט. פעדערן, כאָטש דערעכ קלאל ברענגט די זאמלונג בריוו פון פעדערן.

צו וועלכער צײַט דערדאָזיקער בריוו אקסענפעלדס געהער לאָזט זיך ניט פעסטשטעלן. ס׳איז אויך ניט קלאָר, וואָס אקסענפעלד מיינט מיט די ווערטער : „ולא הגיעני שום נחת פה, רק כל ימי היותי פה (ווו ?—מ. וו.) כעס ומכאובים״. לויט כ׳ שטיפס אינפאָרמאציע ווענדט זיך פעדער אין א גרויסן טייל פון זײַנע בריוו וועגן מאטעריעלער הילף צו פארשידענע מענטשן. א סך אָרע, אז ער האָט זיך אויך צו אקסענפעלדן מיט אזא באקאָשע געווענדט, אף דעם איז אן אָנצוהערעניש אין די ווערטער „שלום לעוזרך א. א. וו.״ אקסענפעלד טרייסט פעדערן פון זײַן זײַט סײַ וועגן דער שלעכטער מאטעריעלער לאגע און עפשער אויך וועגן רעדיפעס מיצאד די אָבסקוראנטן, אף וועלכע פעדער האָט זיך, אפאָנעם, באקלאָגט.

---


יודישער רעקרוט

קלאמערשט חתן כלה,

טיטלבלאט פון מענדעלעס עקזעמפּליאר (אין באזיץ פונעם מענדעלע-מוזיי אין אָדעס).

דער ערשטער

# יודישער רעקרוט

אין רוסלאנד

בשנת ה"ת"ק"פ"ו דענצמאהל איז דער אוקאז אנגעקימען:

אדער אמעשה פין

# קלאמערשט חתן כלה,

דאס האט זיך געטראפען אין דער שטאט ניבוואלע:

עס איז ניט אקאטאוויסיל, ניין אגאנצע שפיל.
דא איז דא צי לאכען. אין צי הערען זייער פיל:

די מעשה טיהט זיך צים אנהייב ביי קהל.
אין ביים גרעסטן עושר אין שטיב צוויי מאהל:
דערנאך צוויי מאהל אין אשענק שטיב.
אין אף דער גאס איז אפגעשמיעסט פין ליב:
דערעק איז ביי דער כלה גאר ניט ליסטיק.
נעדזירען נעדזיערט דאס פין שבת ביז דינסטיק:

זייט 1 פונעם לייפציקער דרוק (אין אונדזער אויסגאבע ז. 146).

## גיבזאַלער קהל זיצט ביי דעם פרנס חודש שלמה פסיאַכע אים שבת:

1) ר' שלמה פסיאַכים שטיב איז ניט ווייט פון דער שיל דיא שטיב איז אַנייע ערשט נאָך דער שריפה אויסגעבויעט אַשטרוינים ראַך, מיט פריזבים, און וויים פון דרויסין אָפּ גישמירט. אַשטיקיל װענטיל איז נאָך ניט דיקאַנטשיט. דיא פענצטער אין גאַס אַריין שטעהן אָפין. דאָ איז אין דרויסין פאַר דער שטיב כמעט דיא גאַנצע שטאָט. יודין אינ ווייבר, יינגליך אין מיידליך. אינעווייניק אין דיא שטיב אויך פיל אָן גישטיפט. אַלע זענין געבין מיט פינצטערע פנימער זעהר טרויריק. מען הערט אַלע מאָהל טאָ פון ראַנין טאָ פון ראַנין קרעכצין און אכצן אַלע קוקין צו דעם עולם וואָס זיצין אַרום דעם טיש; דער טיש איז ניט לאַנג נאָר • לעגגיכדיק צו גידעקט מיט אַפעריסין קויטיק טישטיך פיל מיט ברעקליך און מיט שאָליכץ פון גרינים קנאָבל און פון איטירקים אויזוין אָן זיצט ר' שלמה פסיאַכע, אַיור פון עטליכע און פיפציק יאָהר אַנגעלער מיט 2. לאַנגע געלע פיאות, קיין באָרד וואַקסט איהם נאָך ניט, אַקול האָט ער פון אנקיבה, אַקלייניס שטערין אַניקאָרטשיט, די באַקין זענין אויך ניקאָרטשיט נראָהע אוינין נאַרישע, אַלאַנגע נאָז אַברייט מויל, ער געהט אָן גיטירין במקום חאַלאַט, און אַיין אַלטער צעריסינר אַסאָהל גיזוען ראַצעמאַרינע זופיצע. דער אינטער שלאַק בלאָהער קיטיי זעהט מען אויסידים אַרויס, אין דער אינטער שלאַק האַלט דאָס גאַנצע מלבוש. ניט צונינאַרטילט: איין אַרבע כנפות פון וואַסער פיקע נאָר זעהר קויטיק און אַיין אַלטער פליסינר יאַרמיקע פיל מיט פעדרין ער נעמט זעך אַלץ אָן ביי דער באָרד בשעת ער שמיסט, חאָטשע ער האָט קיין באָרד ניט. נעבין איהם זיצט אינטערין טיש נאָהינט ביי דעם פענצטער דער אנדערע פרנס חודש געלוויל גיליוואַטע,

1*

זייט 3 פונעם לייפציקער דרוק (אין אונדזער אויסגאבע ז. 149).
פאָרמאט פונעם בוך: 22 × 14.5, פונעם זאַץ-שפּיגל: 16.4 × 11.
(58 זייטן אָנוץ דער הילע).

אַהיכער יוד אַין אַלטער מיט אַגרויז גראָהער באָרד אַגאַנץ לאַנגע אַשמאָלע, פּיאות

איך גרויע גראָהע גאַנץ לאַנגע, אימיטן שטערן וואָס איז זעהר גיקאָרטשיט האָט ער

אַגרויסע גילי די גילי איז רויט. אַקורצע נאָז אַגראָבע, פיל מיט טאַביקע. גראָבע

וואָנצים וואָס דעקן צי דאָס מויל, אַלאַנגן האַלז אַשוואַרצין. ער געהט אָן גיטרין

אין אַנייען עלנקיטיינים קאַפּטין מיט אַשמאָלער סטראָקע, אין זעהר אין איין אַלט

שטרייסיל. הינטין געהט אָפּ אַגאַנץ שטיק שטרייסיל. ריקט זעך אַלץ דאָס

שטרייסיל מיט דער זייט וואָס געהט אָפּ פין פאָרינט צי, דער ווערך איז גאָר צעריסין.

צי ניגאַרטילט מיט אגיפּאַרבטין גרידיטידינים גאַרטיל וואָס איז גיוועזין רויטע

גרידיטיר אינעם קריכט אָפּ די פאַרב זעהט מען אָן די-פריריקע רויטע פאַרב.

ווייטער ביי דעם טיש זיצט ר' ישראליק אָקריינער: דער איז אַקלייגער יוד

אַפּראָוואָרנע מיט אַגראָבליך בערדיל אַקליינס, גיקרייזילטע פּיאָלך קליינע גאַנץ דיינע

קרייזיליך אַסך, דאָס פּנים איז שוואַרצליך אין אַביסיל נאָר גיקאָרטשיט אינטער

גישוירין די וואָנצים, האָט אַפּנים וויא ער לאַכט. אַלאַנגע נאָז, אין שוואַרצע גרויסע

אויגין אין אַגאַנצין קיטיינים קאַפּטין אַביסיל אַצי גיגאַנגינין מיט אַברייטער סטראָקע

אָן איזידים אַזיידענים גאַרטיל אין מע זעהט אַרויס אַז דער אינטער גאַרטיל איז

אַלעדידין בייגאַרטילע. אַנייעם הויכין ספּאָדיק אַגיטין ער האַלט ביידע הענט אין

גאַרטיל, צי זייקיטין אַריין פּנחס דער רויטער, אַלע לאָזין איהם דורך, אין זעצין

איהם אַנידער אויווין אָן נעבין ר' שלמה פּסיאַכע, פּנחס איז אַטשאַגילסקי יוד, ניט

הויך ניט קליין, אַזויס פּנים אַגישטיפּילטס גיראָהע אויגין, אַגרויסע נאָז אַלאַנגע, אַברייט

מויל, דאָס בערדילע איז שפּיציכדיק רויט אין עס וואַרפט זעך דורך גראָהע האָר.

פּיאות אויך אַזוינע; אַפּנים פין 50 יאָהר, אין אַבראָנז ראַצימאָרנע קאַפּאָטע, אַשוואַרצין

זיידינים גיטין גאַרטיל, אַגיט שטרייטעל; אַנדערע יודין וואָס אַטייל זיצין ביי דעם טיש

אין אַטייל שטעהן אַרים אין צעריסנע אָדער האַלב צעריסנע קאַפּטינס אָדער זופּיצים

מיט געלע שטריימליך. די וואָס שטעהן אין שטיב קריכין אַרויף אויף די בענק אין

אויף די בענקליך אין אויף דעם בעטיל, אויף אַקעסטיל, אויף איין איבער גיקעהרטע כּטיפּע,

דאָס זענין אַלץ יחידים אין שטאָט, בעלי בתּים קרעטירס, שענקירס, חלפנים האָזין

הענדלערס, וואַקס, האָניק, אין וואָס האַנדלין מיט חלב. אין דער ענגיניש שטיפּט

זעך דורך גבריאל שד: איוד פין אַזאָהר 50 אָדער מעהר, אַגאַנץ הויכער אויגער

גיזינטער אַברייטער, אַרויט פּנים. פּר שוואָלינע רויטע אויגין גראָהע, אין זעהר

זייט 4 פונעם לייפּציקער דרוק (אין אונדזער אויסגאַבע זז. 149 - 150.)

דער ציפרהן ארויס צו העלפן, ויא פלעגט ווינען פר מיין מיטער אין פר מיין פאטער, סעהאל איהר ארויס העלפן פטיר צו ווערן. מאלט איך אז מיין אלטע טאטע האט גיזאגט, נא פנחס באוויז דא דיין קלינ שאפט העלף דעם ווייביל נעבעך, גיראד אז עס האט זיך גיטראפן די מעשה וויא דער פישיל מיט דער פאסקידנע טאכטער האבן אוועק גיגנביט ביי דעם זאטקיוועצר אורח 600 רענדליך.

**אהרן**. איך גידענק איהר האט מיר דער צעהלט אז דער אורח האט איהם גיגעבן צו באהאלטין איבר שבת דאס געלט, און ער האט דער נאך גיליייקנט.

**פנחס**. נא הייסט דען דאס ניט גינגביט, מיין טאטע פלעגט צו זאגן פאר ואס ריפט מען דאס וואס אשניידר גנביט-יוהר-ווייל ער איז מיתר דעם ווענ. וואס אפראסטע גנב מיז געהן גנבנן און דער שניידער גנביט ביי זעך אין דער היים. (אהרן אין פערילע לאכין), דא ביי דער מעשה, איז דער פישיל ארים גיגאנגן גאר וויא ניקאכט, ביי זעך איז ער שוין גיוועזן איין עושר מיט די 600 רענדליך, די פאסקידנע טאכטער אויך, ווארין זיי האבן ביי זעך מהסתם אפ גישמיסט אשבועה אפ צו שווערן, און אפילו אז דער רב האט גיהייסן פאסטין און נעכטיקן אין שיל אידער מענעהט שווערין, האבן זיי דאס גיהאלטין פר אקינדר שפיליכין, ציפרה נעביך האט דעך פון נישט ניט גיוואוסט, האט זיא אן גיהויבן מיט איהם צישמיסין, מיין טאן, דער אורח איז דעך עפיס פארט נישט משוגע, אויד וועט זעך פליצים אויס טראכטין 600 רענטליך. מיין פישיל האט איהר דערלאנגט אגרויסין פאטש אינ נאך איינים אינ נאך איינים, און דער צו האט ער גישריגין ער וויל זיא דווקא גטין, זי טויג איהם נישט, ויא איז נישט קלינ, זי טויג ניט צו דער פרנסה, וויא אהין לויפט זיא, צו מיין מאמע און צו מיין טאטין, דער דיין ר' גדליה וואס אין טיטיאב, איז דעם טאטינס צו דער מאמינס אקרוב אגרויסר שוטה, און אז דער טאטע זאל איהם הייסן אין פייער אריין, וואלט ער אויך גיגאנגין מיין טאטע האט נאך דעם דיין גישיקט ער זאל אריין געהן צו פישלין- עפיס קעהר ער איהם אויך אן אויב איהר ווייסט, אז איטליכר נאר איז זעך קלינ, נאר אלע אנדרע קעהר ער אן אנאר, אינ האט איהם מכבד גיוועזין מיט אמצוה, אדער ער זאל שלום מאכין תיכף, אדער מקבל קנין זיין אף אגט. מיין פישיל און די טאכטער, דער צו, איבר נאכט זענין זיי זעך גיוועזין עשורים, האט דער פישיל באלד מקבל קנין גיוועזין, ובפרט אגט אן כתיבה, אט וועט ער נעמין אוייב אויך מיט רענדליך ווערט ער שוין נאר לויכטין. איך האב דא צו גיזעהן און צו גיהערט, די

זייט 37 פונעם לייפציקער דרוק

(אינ אונדזער אויסגאבע זז. 177 — 178).

איהם ארויס גיזאגט אזא נארישקייט ער זאל זעך געהן פר שרייבין אליין פר ארעקרוט, ראַ געהט ער דיך אוועק אף אייביק פר אסאלדאט.

חאנצי חא חא חא (זי לאכט אין האלט זעך ביי די זייטין) איך זאל נאר די מאמע ניט אויף ועקין מיט מיין גילעכטער. איך קאן מיך ניט איין האלטין פר גילעכטער, שטאטש פין פרימהלעס ועגין אז איך האב איהם גיזאגט, פרימהלע זאגט אז אויב די האסט זי ליב, וויל זיא, די זאלסט דיך געהן פר דער גאנצער שטאט פר שרייבין פר אנעקרוט, אף דער.מיניט האט ער מיך ארים גיחאפט (פרימהלע לעגט אועק דעם זאק ארבייטין זיפצט שטארק; אין אוז זייער כלייך. אין הערט זעך ניט צו) איך שעם מיך צו זאגין, אין גיט מיר אקיש, תיכף אז פרימהלע מיין פרימהלע פיין היכט, געה איך גאנץ פריה אין חתמה מיך פר אנעקרוט. אין האט מיר צו גיזאגט אז גאנץ פריה ועט ער דא פר ביי געהן מיט דער סיפליקע גרייטער הייט גיחתמהיט. אין וויל דיך נאר זעהן אין דיר זאגין גיט מארגין. (זי טיהט אקיק ארויס פינים פענצטער) זעה נאר, אט געהט ער דיא צרה, אויס גיפיצט וויא צים טאנץ אין קיקט טאקע גלייך אהער. אזא לייד אזא צרה טרעפט זעך ניט אין דער גאנצער יועלט, קיק איהם נאר אן ער מיינט די ועלט איז זיין. חא חא חא, (זי לאכט אין פר שטעלט זעך דאס מויל) קיק נאר וויא ער איז אויס גיטשאגילט וויא עפים יעכטס מישטענתיאנט קראפיווע וואקסט הויך, וויא סכותער ער איז. גאנץ טשאקינדיק אויסגיצוואנק ריא פיאליך, ועה איז דער מאמע ואס האט אזא צרה. אגיט קדישל עה נאר אט קימט ער נעהנטער, איך מיז מיר צי האלטין דאס מויל איך זאל איהם ניט לאכין אין די אויגין אריין (פרימהלע ציטערט וויא איינע וואס האט קדחת אין ריקט זעך פארט צו צים פענצטער).

פרימהלע (טיט אזיפץ) וואס זאל איך טיהן, זאל איך איהם ענטפערן ניט יאהר.

חאנצי. (לאכט אין האלט זעך צי דאס מויל) חא חא חא, ענטפר איהם קלאסירשט. (מע זעהט אינים פענצטער נחמנין געהן זעהר ניט אן גיטיהן. אויסגיצוואגין אשטעקילע אין דער איינר האנד אין דער אנדער האנד האלט ער אפאפיר, ער געהט פר דיפענצטער אין טיט אשאקיל מיט אשמחה אין אביסיל דער שראקין דעם קאפ אין זאגט ניט מארגין, פרימהלע קיקט שטארק צי איהם אין זאגט ציטיריק ניט יאהר) נא שוין ביזט די איבר גיקימין די גאנצע ואך, אין פטיר, (זי זעהט

זייט 50 פונעם לייפציקער דרוק (אינ אונדזער אויסגאבע זז. 189—190).

# ערשטע סצענע

1.

## אין שפיצניץ ביי דעם חסידישן רבין ר' ליב שפיצניצער

ראש חודש ניסן:

---

ואן דער מיטען געביל נאהענט פונים בית מדרש איז א גרויסע נייע שטיב – אין שפיצניץ הייסט א הויז שטיב – דער ראך איז פון שטרוי נאר ארום מיט א שורה שינדלין. א טיר גייט אין דער נאס אריין: מיד עפינען דיא טיר און קומען אריין אינוועניק: א גרויסע שטיב מיט נייסע ווענט ארים. דא שטייט א לאנגער טיש גינריים. ארים דעם טיש זיצין אורחים, אין שטיב שטייען היימישע שפיצניצער יודין. אויבין אן זיצט ר' ליב דער גיטער יוד. א הויכער א גראבער מיט א רויטער גראבער בארד, און פאות ריטע לאנגע גלייכע. אן גיטאהן אין א חדיסער זיפיצע, אין א ווייכער יארמיקע א באקזעלע נעארבים נאר פאר שוויצט; פאר אים אפין טיש ליגט א זוהר אפין. מיט איין עלינבויגין האלט ער זיך אינטער דעם קאפ. און מיט דער אנדערער האנט מאכט ער אלע כאהל א קיליק און קרעכצט דער ביי. און קנייטשט זיך: די אויגין מאכט ער צו צו מאהל. און מיט א מאהל גלאצט ער אק ווהר אריין, דער ביי נעמט ער מיט דער גאנצער האנט עסין פונים טעלער און לייגט אין כויל אריין; אלע אורחים און די היימישע יודין וואס שטייען אין שטיב און ארים דעם טיש קוקין אף ר' ליבין: צואלי דער נעטראבער לויפט ארים דעם טיש און כורים זיך מא מיט דעם אורח, מא מיט יענים. און איז משמש ר' ליבין. איהם צו דער לאנגין גסין און מרינקין: א טיר וואס גייט אין אנדערע חדרים אריין איז

זייט 9 פונעם אָרעסער דרוק (אינ אונדזער אויסגאבע ז. 243).
פאָרמאט פונעם בוך: 17 × 12, פונעם זאצ־שפּיגל 13 × 9. (116 זייטנ
אכוצ צוויי טיטלבלעטער אונ א הילע).

אַפּין. דאַרטן שטייען ווייבער און קוקן אויך צום טיש: צווישן די ווייבער זעהט מען רחל צאַליס טאָכטער א נידריק ווייביל גיט שיין, נאָר הנפֿריק, סאָרגע געקלייערט אין אַ קאָטערנטיכיל: אינמטער געבינדן דאָס טיל מיט אַ רויט טשימפּיריל. אין קאָפּ איז שטיל נאָר אַ געשיישקעריי:)

צאַלי: (אַ קליינער אַ שוואַרצער מיט אַ שוואַרץ בערדיל: אין איין אַלטן קאַפּטן מיט אַ טערקישן גאַרטיל שלאַבעריק צו געגאַרטילט. מיט איין אַלטן כּפּאַדיק אין פּאַנטאָפֿל. די פּאָלעס פֿאַר שטעקט. זעהט מען אַרויס לייניוואַנטענע צערסענע פּלידירן. ער נעמט צו פֿון אַ אנגילס הענט עטליכע פּאַסטעוויצעס טעלער און צישטעלט אף דעם טיש. אין אַסליכען פּאַסטעוויק שווימט אַרויס אַ גלאַז: דער נאָך שטערקט ער אויס די הענט ווייא די אַרבל באַזעבלין זיך איבער די אורהיימס קעפּ און כאַפּט אַ שטיק פיש אַראָפּ פֿון אַ פּליטסיק און עסט. דער בייא טאַקע זאָגט ער:) פּסט איז פּסט. געוואַכן דאַב איך מיך אין סעודת דאָס הודס איז אַ מצוה צו עסן פּסט. און דער צו דאָס הודס געקן. אין דער צו פּסט ביי אַזאַ צדיק כּעודת דאָס הודס. ובפֿרט איך בין לא עליכם פּסט ועדר הינגירינג מסינה מסינה הינגירינג. טיה איך מיר פּסט איז פּסט אַ כאַפּ אַ שטיק פיש און עס. און גאַר ניכט: (ער עסט מיט ביידע הענט:)

אַלע: (שפּייבלען.) ווייער גליך. צאַלי איז גירעכט. ווייער גליך. (אַלע קוקן אף צאַלין:)

צאַלי: (האַט גך אויף געגעסן דאָס שטיק פיש.) אפֿשר וועל איך פּסט איז פּסט אַבישל מסכה אויך טרינקן. מלא בראַמפֿין האָב איך שוין געטרינקן פֿאַר די פיש. 2. מאָהל פּסט: בכּבֿי נאָך די פיש יוצא צו זיין. הא. נאָר מעד וועל איך פּסט אין אייגים פּסט פֿאַר זיין. און טאַקע טרינקן:

רי לייב שפּיצניצער: (היבט אויף דעם קאָפּ מיט אַ פּרייליכקייט:) זאָג נאָר צאַלי. מילא פיש כאַפּן איז געוועהנטליך. אַנדערע כאַפּן פיש

זייט 10 פֿונעם אָדעסער דרוק (אין אונדזער אויסגאַבע זז. 243—244).

לְמָשָׁל איז דאס פּאפּיר עמיצין אנדערש געגעבן געוואָרן פֿינעם מיניסטער את רג ש... האָסט יענעם געהרגעט. את האָסט יענעמס גענומען אויס געקריצט און דיין נאָמען אריין געשריבן. עס קאָן זעך א מאָהל טרעפֿין אַזעליכס. נאָ איז די פּאָליציע מחויב חושד צו זיין, זיא טוֹ ביי אַזאַ חשד איין זעצין ביז מעקלעהרט נאָך. דאס ריפּט מען סליעדיווען. את דו טאָמיר רוצח מיזט דערווייל זיצן אין קייטן. פֿאר שטערט איהר רבי דאס תּריצות?

ר' ליב ש': נאָ וויא אַזוי ווערט מען דא דער נעהן דעם אמת למשל?

יודיל פּ"ם: האָט מיר ניט פֿאר איבל רבי, וואס טוג דא אמת. כּמעט גאר דעם בּחור דערווייל אין ליגן בּיד שליש אין ודר תּפֿיסה ער זאל ניט קאָנן אויס זאגן וואס דא האָט זעך געטאָן ביי נאכט און דער גארארטימשע האָט דא אַגרויסען געשריי געגעבן — לאז מען דעם דא געמען אָן טאָהן קייטן און איין זעצן. ביז דיא פּאָליציע ווערט זעך אָן פֿרעגין ביי דעם גובערנאטער, און דר גובערנאטער ביי דעם מיניסטער טאָקע מיט דעם געקריצטן פּאפּיר. אויב סיז געגעבן געוואָרין איינעם ט'. צוא איין אנדערין. דערווייל מיז מען סליעדיווען אַזוי וויא דער דין איז אויב מעוועט ניט געפֿינען ערגיין א הרג. אָדער איינעם וואס מעהאט ביי איהם דאס פּאפּיר אוועק גיגנבעט — פֿארשטעהט איהר רבי אז דאס תּריצות איז א פּתר פֿון א תּריצות. ווארום דר מיניסטער קאָן דא מיינען אַז טאָקע ביי איהם בטעות מעהאט געשריבן דאס פּאפּיר האָט מען געקריצט ווייל [illegible] קאָנן די שרייבערס אַנאָמין ניט גוט נאָך שרייבן. זיינן זייא זעך טועה. און דער נומער איז אויך אמאהל איבער געקריצט. דאס וועט אָבער דויערין אודאי פֿיר חדשים ביז פֿון פּעטערבּארג וועט קומען די תּשובה פֿינעם מיניסטער. דער ווייל זיצט דער בּחור בּחבלי ברזל: איזה אתריצית.

ר' ליב ש': (קרעכצט) פֿון וואַנעט מיינט איהר קומט צוא אוטמ"י ... שכל. דאס איז נאר פֿון דר חכמה עליו ה וואס דר ס"ם איז יונק דורך דעם כּוח וואס יודין גיבען אריין אין דר קליפּה אריין, מיט דעם

2.

ז. 21 פֿונעם אָדעסער דרוק (איב אונדזער אויסגאַבע זז. 251 — 252); ליטנ עקזעמפּליאר פֿונעם לענינגראדער אזיאַטישנ מוזיי (פֿארגלייך שורע 8 פֿונונטנ). זע "אַנמערקונגענ און עקסקורסיעס" ז. 344.

איך זאָל אַטאַהל אויף גירעכט ווערן .

ר' לייב ש' : מַהֵיכָא תֵּיתָא . כּאַני איז איין עושר גדול , ער וועט פון מיר האָבּין דְּבָרִים רָעִים אַז ער וועט אירר נים גיבּען אַ מֵאָה אֲדוּמִים חאַטשע , זיא זאָל אַרעכטין נִיר קאָנען נעמען פאַר אַ מאַן . וויא אַין עהרליכען יודינס מאַכטער איין עהרליך ווייבּל שטעט אָן יער בּענטשט רַהֲלֵן אונ בּרוכט אִתּ קְרֵעכְצֵט) עִיקַּר שַׁבְּתָתִי צאַלי . פאַר וואָש האָט דיא זיך גענומט סִימָן כָּאן לְמָשָׁל .

צאַלי : זיא האָט געהאַט אַמאַן נַחֲמָן דעם בּרעדירם אַ סמיף יונגיל . פּסים איז פּסים . האָט זעך תְּחִלָּת געראַכט אַ תַּחַר יונגעל איין עהרליך קינד , חר נאָך ערסט האָב איך געוואָהר געוואָרן . פּסים ער רייעגט די גריסע בּיכלעך (שר לפּיט אויש) טפּי זאָל ער ווערן . אונ דרצוא רייעגט שר דעם דעסרים תּנ"ך רַחֲמָנָא יַצִּילֵינוּ , ווי רחל האָטם מיר מודיע גיוועזן . האָב איך כוין פּסים געזאָגט מיין ווייב אַז עס וועט מוזען זיין אַפְּרִיסָה . נאָך איידער איך בּין אַף דאָס הַסָּכָה אהער געפאָהרן . האָבּן זעך סוין דאָס פאַר פּאַלג סטאַרק נעקלוצים פּסים . נאָר איך האָב מעך ניט געוואָלט סיסען פּסים . אום דאָס הַסָּכָה האָבּן דיא אַפּיקורסים מיט דער סווינגער געטאַכט אַבּילכּול פּסים (שר לפּיט אויש) טפּי זאָלן זייא ווערן . סיז אַבּיסה צו דר צעהלין , שפּים פון אַסְתֶּרֶת אַ האַלטיי אַ יוּנְגֵאץ . אים זיא נעבך אַהיים געלאָפען צו דר טוטר . האָט מיין ווייב תֵּיכֶף נאָך דאָס הַסָּכָה , אָן מיר אֲפִילוּ אָפּ נענט דאָס פאַר פּאַלג פּסים . היינט קרענקען זיי אַלע פּסים ביי נַחֲמָן דעם בּרעדער : אַקְלַיין קינד איז זאַרים געשטאַרבּן בּא זיי . מעהאַט אַפילו געסיקט דעם מְלַמֵּד צו מיר מיך מְפַיֵּיס זיין . האָט סין מיין ווייב ניט דער ראָזט .

ר' לייב ש' : ר' יְשַׁעְיָהֶלֶע דינעוויצר האָט געזאָגט . אַז אין נעמרב ליגט דער קאָפּ פינעם כ"ם . היינט איז שוין רעכט . אַ שְׁטָאט זאָל ראָש דערלאָזען אַ יונגער מאַן זאָל אַזעלכע סִפְרֵי חִיצוֹנִים לייענען רַחֲמָנָא יַצִּילֵינוּ . אַזא יונגין מאַן דאַרף מען רודף זיין , פון דר שטאָט אַרויס טרייבּען . נאָר אין נעמראָב , נאָר אין נעמראָב קאָן זעך דאָש טרעפן .



א בריוו אקסעופעלדס צו גאָטלאָבערג פון יאָר 1860. אפ דער אנדערער זייט פונעם בריוו געפינט זיך דער אדרעס:

Господину Абрамъ Беру Готлоберу в Старомъ Константиновѣ

(אין באזיצ פונ אינסטיטוט פאר יידישער קולטור).



א בריוו אקסענפעלדס צו גאָטלאָבערן (אָן א יאָר). אפ דער אנדערער זײַט פונעם בריוו געפינט זיך דער אדרעס:

Господину Готлоберу, Здѣсь, Herrn Gotlober, hier, № 27,

(אינ באזיצ פונ אינסטיטוט פאר ייִדישער קולטור).

# אינהאלט


| | זייט |
|---|---|
| צו דער אויסגאבע (פאָרוואָרט) | V |
| וועגן אקסענפעלדס פיעסעס (מ. ווינער) | 3 |
| די רעקרוטשינע און די האסקאָלע (אריינפיר צו „דער ערשטער יידישער רעקרוט" פון מ. ווינער) | 93 |
| דער ערשטער יידישער רעקרוט (טעקסט) | 146 |
| צום קאמף פון האסקאָלע קעגן כאסידיזם (אריינפיר צו „די גענארטע וועלט" פון א. יודיצקי) | 199 |
| פאָרוואָרט פון די ארויסגעבער צו דער ערשטער אויסגאבע פון „די גענארטע וועלט" | 236 |
| די גענארטע וועלט (טעקסט) | 239 |
| אָנמערקונגען און עקסקורסיעס | 321 |
| עטלעכע בריוו אקסענפעלדס | 345 |
| פאקסימיליעס | 359 |

# דרוקפעלער

| זײַט | שורע | פונויבן | פונונטן | דארף זײַן: |
|---|---|---|---|---|
| V | 9 | | נעביס | געביטן |
| VI | 11 | ווערק און פיעסעס | | ווערק |
| VII | 12 | | צוצופאסן | אָנצוווענדן |
| IX | 1 | ווייני | | ווייני־ |
| X | 2 | | צענטראלער ביבליִאָטעק | צענטראלער מעלוכע־ביב־ליִאָטעק |
| XI | 13 | פונסניי | | פונסנײַ, |
| 3 | 15 | | שואזן | זשואזן |
| 4 | 13 | | נאכמענס | נאכמענס, |
| 4 | 14 | | דינסטן | דינסטן, |
| 6 | 1 | א. א) | | א. א. ע.). |
| 11 | 4 | לעשטשינ | | לעשטשינ־ |
| 11 | 19 | דידאָזיקע פאקטן | | דידאָזיקע פאקטן. |
| 12 | 8 | | כא | כא־ |
| 24 | 1—3 | | וואָס ווערט געדרוקט אין די היסטאָרישע שריפטן פון אינסטיטוט פאר יידישער קולטור בא דער אוקראיִנישער אקאדעמיע פון וויסנשאפטן אין קיִעוו, בד. I | ארויסגעגעבן פון אינ־סטיטוט פאר יידישער קולטור בא דער אוקר. אקאד. פון וויסנשאפטן אין קיִעוו, היסט. סעקציע |
| 34 | 10 | עלשאפטלעכער | | זעלשאפטלעכער |
| 42 | 13 | דער פראָזע | | אין דער פראָזע |
| 42 | 2 | | באשטימטע געגעבענע אומשטאנדן | באשטימטע געגע־בענע אומשטאנדן |
| 54 | 3 | זײַנע צאהאָע־בריוול צו גאָטלאָבערן | | זײַנע ארײַנפיר־ווערטער צום „רייסטער״ |
| 55 | 4 | | נעוועכאָוויטש | נעוואכאָוויטש |
| 58 | 9—10 | (די רעפרסען אין נאכ־מענס ליד ווערן דאָך געזונגען | | (די באגיטיקונגען נאָך יעדן אָפזאץ פון נאכ־מענס ליד ווערן דאָך רעפרען־ארטיק געשריגן |
| 67 | 12 | „נאטור־טאלאנטן״, ווי אקסענפעלד איז | | „נאטור־טאלאנטן ווי אקסענפעלד, איז |
| 73 | 11 | שרײַבן | | שרײַבער |

| זײַט | שורה | פֿון אויבן | פֿון אונטן | דאַרף זײַן |
|---|---|---|---|---|
| 75 | 3—1 | | (צו די פּראָדוצירן־און פאַרטייל־באַדינגונגען, צו דער אנטוויקלטערער פעלקער־סוויווע א.א.וו.) | (די פּראָדוקטיוו-קרייכעס— צו די פּראָדוקטיוו־פאַרהעלטענישן, קאָמפּליצירט דורך סטירעס בענעגייע דער אנטוויקלטערער פעלקער־סוויווע א.א.וו.) |
| 79 | 1 | | קינדער״. | קינדער (ז. 191). |
| 81 | 8 | | ווי | ווי |
| 87 | 1 | | קינסטלערישן „רעאַליזם״ | קינסטלערישן רעאַליזם |
| 88 | 10 | געשטאַלטן | | געשטאַלטן. |
| 93 | 10 | | און אַסאַך | און פאַרהעלטניסמעסיק אַסאַך |
| 93 | 12—11 | | רעקרוטשינע און דאָס קאַנטאָניסטן־סיסטעם פאַרהעלטניסמעסיק | רעקרוטשינע |
| 94 | 13 | | דינען דעם מיילעך | דינען זיי דעם מיילעך |
| 100 | 13 | און דערקלערן | | און דערקלער |
| 104 | 3—2 | | פאַרגלײַך דעם טיקנ- טאָעס צו ז. 24 | |
| 108 | 16 | | עטנאָגראַפיש | עטניש |
| 117 | 2 | | „Еврейская старина“ | „Еврейская старина“ 1909, |
| 131 | 14—13 | | פאַרגלײַך דעם טיקנ טאָעס צו ז. 94 | |
| 136 | 11 | | זײַנע | זייערע |
| 138 | 3—1 | | די ייִדישע דעפּוטאַטן און קעניגלעכע „פאַקטאָרס״ (לעמאָשל אַווראָם היר- שאָוויטש) האָבן גענומען דעם ווירקטיקסטן אָנטייל | פאָרשטייער פון ייִדישן קאַפּיטאַל (לעמאָשל אַוו־ ראָם הירשאָוויטש א. א.) האָבן געהאַט א וויכטיקע האַשפּאָע |
| 139 | 4 | | 1792 | 1791 |
| 156 | 5 | ו, גיי | | נו, גיי |
| 165 | 14 | אז כ׳ | | אז ר׳ |
| 170 | 9 | | עמט | נעמט |
| 188 | 2 | | קלאָמערט | קלאָמערשט |
| 190 | 4 | אויגעטשאָגלט | | אויסגעטשאָגלט |
| 192 | 17 | צומנויפגע־ | | צומויפגע- |
| 213 | 2—1 | | פאַרגלײַך דעם טיקנ־ טאָעס צו ז. 24 | |
| 217 | 9 | (טולטשינ ? | | (טולטשינ |
| 238 | 1 | | דעסא | אָדעסא |
| 252 | 8 | מע [זשעריטש] | | מע [זשיביזש] |

| זײַט | שורה | פון אויבן | פון אונטן | דאַרף זײַן |
|---|---|---|---|---|
| 252 | 14 | מע [זשעריטש] | | מע [זשיביזש] |
| 281 | 9 | | מויסר | מוסר |
| 324 | 6 | | ערשסער | ערשטער |
| 332 | 7 | | פונ וועלכע | פונ וועלכער |
| 338 | 15 | (זז. 1—110). | | (זז. 11—10). |
| 338 | 8 | | „רעדוקציע״ | רעדוקציע. |
| 340 | 21 | | „פּראָדוקטיוויזאציע | „פּראָדוקטיוויזאציע״ |
| 345 | 11 | | ונפליגו | ונפלינו |
| 348 | 9 | | עמ | נעמ |
| 351 | 9 | | בונר | א בונר |
| 352 | 15 | האָטעל | | האָטעל, |